קנוט האַמסון

# דאָס לעצטע קאַפּיטל

(ראָמאַן)

יידיש פ. הײלפּערין

ווילנע — 1928

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

# ערשטער טייל

## 1

יאָ, מיר בלאָנדזשען אַלע איבער דער ערד. מיר וואַנדערן איבער וועגן און אומוועגן, צייטנווייז קריכן מיר, צייטנווייז גייען מיר גלייך און טרעטן איינע אויף די אַנדערע, אַזוי ווי דניאל, וואָס האָט געטראָטן אויף לייטן און איז אַליין צעטראָטן געוואָרן.

איצט איז נישט שווער צו קומען קיין טאַראַהוס, ווו ער האָט געוווינט, עס זענען אָבער געווען צייטן, ווען דאָס איז געווען געפערלעך, ווען מען האָט געמוזט אַ ביקס מיט זיך נעמען און גוט זיך אַרומקוקן. דאָס האָט געדויערט נאָר עטלעכע טעג. אָבער דעמאָלט האָט ער געהערשט אויף די בערג און האָט געשאָסן אויף לייטן. דאָס איז געווען אַמאָל, אַמאָל, מיר אַלע זענען דעמאָלט געווען ייִנגער.

לכתחילה איז טאַראַהוס געווען אַ לאַנקע אין די בערג. זי האָט געהערט צו זיין פאָטערס הויף; געווען פאַרוואָרלאָזט, לסוף פאַרוואָרפן און נאָכדעם אַ גאַנצע צייט פאַרלאָזן. זיין פאָטער האָט פאַרנאַכלעסיקט אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט, אויך דעם הויף און זיך אַליין. עס איז לייכט אַזוי צו רעדן, אָבער ער האָט געהאַט דערצו אַ גרונד. ער איז געוואָרן אָפּהענטיק, ווען זיין פרוי איז געשטאָרבן, און דער דלות איז געוואַקסן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, צוואַנציק יאָר כסדר. דעמאָלט איז ער געשטאָרבן אין גרויסער אָרעמקייט. דעם הויף האָט מען פאַרקויפט. דניאל האָט געראַטעוועט די לאַנקע און אַ פּאָר שטיק פיִ, אַהין זיך אַריבערגעקליבן און דאָרט געוווינט. ס'איז אים געפעלן געוואָרן. ער איז געווען יונג און שטאַרק, עטלעכע און צוואַנציק יאָר אַלט. אַן

אַלטע דינסטמויד פון הויף איז מיט אים אַהערגעגאַנגען אויס איבערגעגעבנקייט.

עס דערציילט זיך אַזוי שנעל, אָבער דאָס האָט געדויערט לאַנג און פיל פיין פאַרשאַפט. פאַר אַלעמען אין די אויגן האָט ער געמוזט דאָס דאָרף פאַרלאָזן און אויף דער לאַנקע אוועקוואַנדערן. אויפן נייעם אָרט האָט דניאל געהאַט שווערע אַרבעט אָפּצוטון. ער האָט געהאָרעוועט מיט חשק, געמאַכט גראָבנס, אָנגעשאָטן גרעבליעס, דורכגערייניקט דעם סאָסנע-וואַלד, אָפּגעפירט דעם טייך אין אַן אַנדער ריכטונג, און דערצו אָפּגערייניקט דעם באָדן פון אַן אומגעהויערער מאַסע שטיינער. קיינער האָט דניאלן נישט געהאַלטן פאַר אַזאַ האָרעפּאַשניק, ווייל אין הויף האָט ער קיין איבעריקס נישט געטון, אפנים דערפאַר ווייל ער האָט עס געהאַלטן פאַר אומנוצלעך. איצט, ווען ער האָט געאַרבעט אויף זיין אייגענער נחלה, האָט ער זיך אַרויסגעוויזן גאָר פון אַן אַנדער זייט, ער איז געוואָרן ווי אַ טאָג-לוינער, געוואָרן, אַזוי צו זאָגן, זיין אייגענער פאַריבאָק און געוויסנהאַפט געטון זיין אַרבעט, גלייך ער וואָלט דערצו געהאַט עפּעס אַ באַזונדערן טעם. און ער האָט דערצו ווירקלעך געהאַט אַ טעם.

ס'איז אַריבער אַ פּאָר יאָר. דניאל האָט זיך באַנוגנט מיט דעם, וואָס ער האָט געאַרבעט פלייסיק; אפשר איז ער געווען אַ ביסל שווייגעדיק, און אָפּגעלאָזן אין זיין קליידונג, אָבער אויסגעהאַלטן. מלחמה, מגפה, ערד-ציטערניש — קיין זאַך אין דער וועלט איז אים נישט אָנגעגאַנגען, ער האָט גאָרנישט געלעזן און „אפילו קיין שטיין נישט אָפּגעשטויבט, איידער ער האָט זיך אויף אים געזעצט".

אין אַ פּאָר יאָר אַרום האָט ער נאָך ערד באַקומען. מאָראַהוס איז געוואָרן אַ הויפל; טאָראַ-הויז: דאָס הויז פון די דונערן. דניאל איז נישט געווען אָפּהענגיק אויף די בערג, זיין לעבן איז אים געווען צום האַרצן. דאָ איז געווען איינזאַם, אָבער נישט פּוסט. די אויסזיכט איז געווען אַ פּראַכטפולע: מיילנווייט איבער די בערג אַרום און מיט אַ מאַסע האָלד צווישן זיי. די אַרבעט איז אים ליב געווען; ווען ער איז געווען דאָרשטיק,

איז ער געגאַנגען מיטן בלעכענעם עמער צום טייך, אויסגעשווענקט און גענומען אים מיט זיך צוריק אַ פולן. דאָ איז געווען שטיל, קיינער איז אַ הינטערגרונט פון אייביקייט-קלאַנגען. דאָס זענען געווען שיינע שטערן, נישט די גאָלדענע צאַצקעלעך, וואָס מען האָט געזען אונטן, אין דעם געפּלדיקן הויף פון זיין פאָטער, — נייִן, בלאַנקע ליכט, ווירקלעך שיינע. שטערן האָבן אין זיך עפּעס ליבעס, זיי זענען, ווי קליינע מיידלעך. ער האָט זיך נישט געפילט אַזוי אָרעם און פאַרלאָזן, ווי ער איז אין דער אמתן געווען. שוין די מאַסע שטיינער, וואָס ער האָט אויסגעגראָבן, האָבן אים אַרומגערינגלט, ווי אַן עולם מענטשן. ער האָט געהאַט אַ פּערזענלעכע שייכות צו יעדן שטיין, דאָס זענען געווען לויטער באַקאַנטע, ער האָט גובר געווען און פון דער ערד אַרויסגעצויגן. ער פלעגט אַרויס נאָך אָוונט-ברויט און אַרומגיין, זען, ווי שיין עס וואַקסט דער האַלר, און ווי די זומפּן וואַרטן, מען זאָל זיי אויסטריקענען. ווען ער וואָלט געהאַט אַזוי פיל געלט, וויפל השק, וואָלט ער געהאַלטן אַ פערד, געווים, אָבער דאָס וועט נאָך אויך זיין. דער טאָג פלעגט פאַרגיין, און דאָ איז געווען שיין.

ווען די אַלטע דינסט פלעגט אַוועק אין איר קאַמער, און די בהמות — אין שטאַל, פלעגט ער צוריק אַריין אין שטוב. די שטוב האָט אים אויפגענומען, ווי זי וואָלט יעדן אַנדערן אויפגענומען, אָבער דאָס איז געווען זיין שטוב און מער קיינעמס נישט. זי האָט אים געגעבן אַ וווינונג אין זיך, ווי עס וואָלט אים געגעבן יעדע הפקרדיקע הייל, אָבער אים איז געווען היימלעך אין איר; צוזאַמען דערמיט האָט זי אים פאַרבאָרגן אין זיך, אַזאַ שטשעלנע און אַ קליינע איז זי געווען, די ווענט — פאַרשטאָפּטע, דער דאַך — אַ נידעריקער. ווען ער פלעגט קומען פון דרויסן, ווו ס'איז אים קאַלט געוואָרן, האָט שוין געברענט אַ פייער אין אויוון. ער האָט זיך צונויפגעקאָרטשעט פון הנאה, און ער האָט עס געקאָנט טון, ווייל קיינער האָט אים נישט געזען. אין דרויסן איז געווען די איינזאַמקייט. אַ טייבל האָט געמורמלט עטלעכע טריט פאַרן הויז. ער פלעגט זיך שלאָפן לייגן אין פרידן.

אַזוי איז עס געגאַנגען אַ פּאָר יאָר, אָבער, נאַטירלעך, האָט עס ווייטער אַזוי פּשוט נישט געקאָנט גיין.

אויפן דריטן יאָר האָט ער אָנגעהויבן אָפּט באַזוכן דאָס דאָרף, באַקאַנטע און קליינע געזעלשאַפטן. אין קירכע און אויף ליציטאַציעס גיין. דאָרט אונטן האָט, אַגב, געוווינט זיין מיידל. ער איז נאָך געווען אַ יונגער בחור, אַ צו קאָביקער, ער זאָל זיין לעבן בסדר מיט געמאָסטענע טריט מאַכן; איז ער געלאָפן צו זיין מיידל. דער מהלך איז געווען נישט קיין קליינער, אָבער אויך נישט אַזאַ, וואָס מען קאָן אים נישט בייקומען. שוין קינדווייז האָבן זיי דעם וועג איינער צום אַנדערן געפונען. זי פון איר היים, ער — פון זיינער. אין וואַלד איז פול געווען מיט קליינע טייכעלעך, וועלכע זיי פלעגן אַריבערשפּרינגען, דאָ און דאָרט האָבן זיך באַגעגנט גרינע פליינדלעך, נוסבוימער מיט ניס, וועווערקעס, מוראַשניקעס און שמעקעדיקער בעז. איצט, אַז ער איז אויסגעוואַקסן, איז ער געגאַנגען איבער דער זעלביקער סטעזשקע ווי פריער, האָט זיך געפילט וויל און געזונגען אין פרייד פון די באַקאַנטע שטיינער און די מוראַשקעס און די ווינטן. אַמאָליקע צייטן איז ער געווען צעדרייט, ער פלעגט שפּרינגען לויפנדיק, גלייך ווי ער וואָלט געהאַט דורכצוגיין נאָר עטלעכע טריט, און נישט אַ האַלבע מייל. אָפטמאָל פלעגט ער זי באַגעגענען, איידער ער איז געקומען אהין; דעמאָלט פלעגן זיי זיך ביידע פאַרשעמען, וואָס זיי זענען געגאַנגען איינע די אַנדערע אַנטקעגן, און האָבן אויסגעזוכט תירוצים, וואָס האָבן גאָרנישט דערקלערט. דאָס איז באַזונדער געווען אין דער צייט נאָכן ענדיקן די שול און נאָך דער קאָנפירמאַציע. שפּעטער איז פון דעם שפּיל געוואָרן אַן ערנסט. מיט זיין פאָטערס הויף איז עס געגאַנגען באַרג אַראָפּ, און איר האָט זיך בסדר געדאַכט, אַז ס'איז נישט באַקוועם מיט אים זיך צו באַגעגענען. מען קאָן נישט זאָגן, אַז איצט זענען זיי וויניקער צופרידן געווען איינער פונם צווייטן; קיין חתן־כלה זענען זיי קיינמאָל נישט געווען, און אויך איצט נישט. נאָר גוט איז זיי געווען צוזאַמען.

איינמאָל זענען קיין טאָראַהוס געקומען צוויי פרעמדע. זיי

זענען געווען אויף יאַגד אין די בערג. איינער האָט געזאָגט, אַז ער איז אַן אַדוואָקאַט, דער אַנדערער — אַ דאָקטאָר. זיי האָבן געשמועסט מיט דניאלן און געקוקט, ווי ער אַרבעט.

ער האָט באמת אַ גאַנץ פיינעם הויפל, — האָבן זיי אים געזאָגט.

דניאל האָט געלאַכט. עס וואָלט געווען אַ גאַנץ פיינער הויף, ווען ער וואָלט געהאַט פאַשע פאַר נאָך אַ פּאָר קי. אָבער ווען ער וועט ווייטער אַרבעטן, ווי ער האָט אָנגעהויבן, וועט ער אינגיכן האָבן פאַר נאָך אַ פּאָר קי פאַשע. יאָ, דניאל האַלט עס נישט פאַר גאָר אוממעגלעך.

דניאל האָט זיי איינגעלאַדן אין שטוב אַריין, געגעבן מילך, זיי האָבן געטרונקען, אָפּגערוט און ווידער געטרונקען, די אַלטע דינסטמויד האָט באַקומען אַ צווײַ קראָנען-שטיק. אַ ברייטע האַנט. רייכע מענטשן. זיי זענען דניאלן געפעלן געוואָרן. ער האָט זיי באַגלייט און געטראָגן זייערע רוקזעק אין דאָרף אַריין.

אין וועג האָבן זיי ווייטער גערעדט וועגן טאָראַהוס און ביי אים געפרעגט, צי דאָ איז גענוג וואַלד?

— ברענהאָלץ? יאָ, פיל מער איידער גענוג.

— וואָס פאַרא טייל פון די בערג געהערט אים?

דניאל האָט באַוויזן: אַ גוטע האַלבע מייל אויף דער זייט, און ביז דער שכנישער פאַשע, ביזן צווייטן טאָראַהוס אויף דער אַנדערער זייט באַרג.

ווען זיי האָבן זיך אונטן אין דאָרף געזעגנט, האָבן די הערן געפרעגט:

— אפשר ווילסטו דיין הויפל פאַרקויפן?

דניאל האָט געענטפערט: פאַרקויפן? די הערן שפּאַסן אוודאי. דאָס זענען געווען ליבלעכע מענטשן, אָנגענעמע מענטשן.

— דאָס איז גאָר קיין שפּאַס נישט — האָט געזאָגט דער, וואָס איז געווען דער דאָקטאָר.

— פאַרקויפן? — האָט דניאל געזאָגט — אָ, ניין, זאָל עס שוין בלייבן מיינס.

זיי זענען אַוועק אין זייער וועג, און דניאל האָט זיך אומ-

געקערט אהיים. ער האט פון דעם, וואס איז געווען דער אדוואקאט, באקומען פינף קראן פארן וועג.

ניין, ווי אזוי קאן ער פארקויפן טאראהוס, זיין קליין הויפל — וואס איז דאך געווען אלץ, וואס ער האט געהאט. עס האט אים אבער געפרייט, וואס טאראהוס איז אזוי שיין, אז אנדערע ווילן עס אויך האבן. ער האט זיך געפארעט ארום די בנינים, איז געווען ארבעטזאם, אלץ פארריכט, אוועקגעלייגט א נייע אפפלוסרער אין טייכל, אויסגעמויערט א לאנגן שטיינערנעם צוים. מען קאן בשום אופן נישט זאגן, אז ער איז געווען קנאפ פלייסיק אין דער ארבעט. און אז ער וועט זיך ארופלאזן אין דארף, קאן ער, ווען ער וויל, איינלאדן צו גאסט אין די בערג צו זיך: מען וועט שוין ביי אים נישט שטארבן. אבער א מענטש פון דארף גייט אן א שיעור לאנגזאם אריבער פון זיין אלטער פארשטעלונג צו א נייער: מ'האט דניאלן נישט געקאנט מוחל זיין, וואס ער איז געווען דאס איינציקע קינד פון א גרויסן הויף, און איז אריבער צו וווינען אויף דער לאנקע. דאס איז געווען זיין גורל, פון וועלכן ער האט זיך נישט געקאנט באפרייען.

דאס מיידל האט געהייסן העלענע. קיין שיינהייט איז זי נישט געווען. אדרבא, זי האט געהאט, ווי פיל אנדערע, הערימלעך אין פנים און בלוטארעמקייט אין דער הויט. אבער חוץ דעם האט זי געהאט א פיינעם אויסזען, און זי האט אזוי שיין געהערט, ווען ער האט מיט איר גערעדט. עס איז א גרויסער אונטערשיד, צי מען הערט אייך מיט אויפמערקזאמקייט, צי נאר פון העפלעכקייט וועגן. זי איז געווען שווערלעך אין באוועגונגען, האט לאנגזאם פארשטאנען, וואס מען רעדט, און ס'האט אויסגעוויזן, ווי זי וואלט זיך שטארק אריינטראכטן אין דעם, וואס ער זאגט; דעריבער האט זי געמאכט אזא גוטן איינדרוק אויף אים. און פאר אים איז זי געווען גענוג שיין — א גאנצער תהום פון שיינקייט. ער האט געזאגט, אז ער וואלט זי וועלן האבן.

זי האט זיך וועגן דעם פארטראכט.

איצט האט ער דאך זיין אייגענע נחלה, און גארנישט קיין

שלעכטע. מיט דער צייט קאָן ער נאָך איבעריקנס צובויען נאָך א צימער.

— דו רעכנסט נישט איבגיבן פארלאָזן די לאָנקע? — האָט זי געפרעגט.

— וואָס הייסט?

— צו באַזעצן זיך דאָ, אין דאָרף?

— ניין, וואָס איך האָב, דאָס איז מיר גוט. דיר געפעלט עס נישט?

— יאָ, — האָט זי געזאָגט פארטראַכטערהייט.

זיי האָבן עטלעכע מאָל צוזישן זיך גערעדט אויף אזא אופן, און זענען צו גאָרנישט נישט געקומען. לסוף האָט ער שוין פון איר אזוי פיל ארויסבאַקומען, אז זי וועט אים אפשר נעמען. אָבער זי האָט זיך שטילינקערהייט געריבן די אויגן, עס זאָל אויסקומען, ווי זי האָט געלאָזט א טרער.

ער האָט עס, פארשטייט זיך, נישט אָנגענומען פאַר קיין אָפּזאָג. אים איז אויפן זינען אפילו נישט געקומען צו שיידן זיך מיט איר און נאָכדעם שטאַרבן אויף איר קבר און דאָסגלייכן. פאַרקערט, ער האָט געמיינט, אז ער האָט דערגרייכט, וואָס ער וויל.

מיט אייניקע וואָכן שפּעטער האָט ער העלענען באַגעגנט אונטן אין דאָרף. ער האָט זי באַגלייט אהיים און אין וועג געפרעגט, ווען קומט זי צו אים אויבן, און געמיינט האָט ער דערמיט, ווען וועלן זיי חתונה האָבן.

דאָס האָט זי נישט געוווּסט. דאָס ווענדט זיך אָן פארשידענע זאַכן.

יאָ. אָבער אויב זי געפינט, אז ער איז נישט מיאוסער און אומאַנגענעמער פאַר אַנדערע, זאָל זי זיך שוין באַשליסן און נעמען אים.

זי האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט און געשפּאַסט דערפון, וואָס ער זאָל בלומרשט זיין העסלעך און אומאַנגענעם. אויף דער פראַגע וועגן דער צייט, האָט זי גאָרנישט געזאָגט, זי האָט עס וויך, ווי איר שטייגער, אויסגעמיידט. זי האָט עס נישט געזאָגט מיט

קיין קלאָרע דיבורים, אָבער ער האָט עס געדאַרפט אַליין פאַרשטיין: זי וועט נישט גיין פון קיין הויף אין אַ פּאַשע־שטיבל. וואָס איז ער אַזוי איינגעשפּאַרט? איר גאַנצע האַלטונג פאַר דער לעצטער צייט האָט אים שוין געדאַרפט קלאָר מאַכן, אַז אויב ער וועט נישט וועלן גיין וווינען אין דאָרף, וויל זי בעסער פון אים נישט וויסן. קאָן ער עס נישט פאַרשטיין?

רעכט. אָבער אויך דאָס מאָל האָט זי געהערט זיינע רייד מיט אַ געוויסער צערטלעכקייט, און ביים געזעגענען זיך האָט אים אויסגעוויזן, אַז זי האָט צו אים אַ בלינצל געטון מיט די אויגן. אָדער אפשר האָט זי נישט געטון קיין בלינצל, נאָר לאַנגזאַם אַראָפּגעלאָזן איר בליק, אַזוי ווי דאָס שיידן זיך זאָל איר פאַרשאַפן לייד.

איז ווידער רעכט. דניאל איז צופרידן אַוועק אַהיים און אָנגעהויבן אָן עפּעס אַ באַשטימטער סיבה שטילערהייט צו זינגען.

מיט אייניקע וואָכן שפּעטער, ווען דער פרילינג האָט זיך שוין פאַרנומען, און אויף די ווערבעס האָבן זיך באַוויזן קעצעלעך, האָט דניאל דערהערט אַ מאָדנע נייעס:

— נו, איצט האָט זי שוין חתונה מיט דעם זשאַנדאַרם.

— ווער?

— דו ווייסט נישט ווער? — העלענע!

דניאל האָט עס נישט פאַרשטאַנען, נישט געקאָנט גלויבן. העלענע?

— דעם לעצטן זונטיק האָט מען אויסגערופן אין קירכע.

— העלענע? דעם לעצטן זונטיק — באמת?

— ער וועט זיך דערוואַרטן, ביז מ'וועט דעם לענסמאַן אַריבערפירן אויף אַן אַנדער אָרט, און דאַן פאַרנעמט ער זיין שטעלע. דאַן וועט העלענע אַריין אין די הויכע פענסטער, זאָג איך דיר.

— איך האָב מאַקע געוווסט, אַז איך וועל היינט הערן עפּעס נייעס, — האָט זיך דניאל געצוווּנגען צו ענטפערן — די דראָסל האָט צו מיר עפּעס אין וועג אַ געשריי געטון — האָט ער געלאַכט מיט בלאַסע ליפּן. ער איז אַוועק מיט דער סחורה, וואָס ער האָט

איינגעקויפט פאַר דער דינסט א היים, און האָט זיך פּלוצלינג צוריק אומגעקערט אין דאָרף אריין. ער איז נאָך נישט ווייט אוועק. אָבער וואָס האָט ער, אייגנטלעך, ווידער געוואָלט אונטן אין דאָרף? ער האָט עס אַליין נישט געוווּסט, ער איז שנעל גע-גאַנגען, געלאָפן, אויף אַן אויגנבליק געבליבן שטיין און ווייטער געלאָפן.

— דו האָסט עפּעס פאַרגעסן? — האָט מען אים געפרעגט, ווען ער איז ווידער געקומען.

— יאָ, — האָט ער געענטפערט.

ער האָט געטראָפן א שכן, וועלכער האָט אים איינגעלאַדן. זיי זענען אריין אין הינטערצימער ביים קרעמער און האָבן באַ-שטעלט משקה. דאָס איז געווען דניאלס א גוטער פריינט, וועל-כער האָט ער געהייסן, פון קינדהייט אָן געוווינט אין שכנות, פון איין עלטער, א יונגער בחור. זיי זענען א ביסל געזעסן, זענען נאָך אייניקע אריין, עס איז געוואָרן א קליינע געזעלשאַפט, און מען האָט גענומען שמועסן וועגן פאַרשידענע זאַכן. איינער האָט דערציילט, אַז ער קלויבט זיך איינגיבן אומבייטן די שטעלע, אַן אנדערער — אַז ער האָט זיין ברודער, וואָס וווינט אין כריסטיאַ-ניע, אַוועקצושיקן א געשאַכטן קאַ״ב. אָט אזוי — וועגן אַלערליי קליינינקייטן פון טאָג-טעגלעכן לעבן.

אַלע האָבן געקוקט אויף דניאלן; זיי האָבן געוווּסט, וואָס מיט אים האָט פּאַסירט. ס'איז געווען א באַוווּסטע זאַך, אַז הע-לענע האָט געזאָלט זיין זיינע, און איצט האָט ער זי פאַרלוירן. אַזעלכע זאַכן טרעפן — אַזוי איז שוין דאָס לעבן. זיי האָבן אויס-געמיידט אָנצורופן דעם מיידל'ס נאָמען, דערפאַר האָבן זיי אים אַרויסגעוויזן זייער מיטגעפיל דערמיט, וואָס זיי האָבן געטרונקען פאַר זיין געזונט, און גערעדט מיט אים וועגן זיין ווירטשאַפט, וועגן טאָראַהויס, וואָס ער האָט פאַרוואַנדלט אין א הויף. יאָ, ער איז שוין איינמאָל א לייט!

דניאל אַליין איז געזעסן א שווייגנדיקער און האָט זיך געלאָזן באַהאַנדלען, ווי א קראַנקער. די גינציקייט מצד די באַקאַנטע איז געווען זייער אָנגענעם. אפשר האָט ער א ביסל געמאַכט אַן אָנ-

שמעל און זיך געזיזן מער צעטראָגן, איידער ער איז אין דער אמתן געזען. אין דער ערשטער אויפרעגונג איז ער צוויי מאָל געגאַנגען הין און צוריק אויף די בערג. דערצו נאָך האָט די גו־טע משקה געווירקט און ער האָט זיך דערפילט פרייער. לסוף האָט ער מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן און ער האָט געפרעגט:

— עמעצער פון אייך איז געווען דעם לעצטן זונטיק אין דער קירך?

— יאָ, פיל זענען געווען. צוליב וואָס פרעגט ער?

— גלאַט אַזוי.

— עס זענען געווען דריי קינד־טויפונגען און איין לויה.

— און די כעלדונג וועגן דעם זשאַנדאַרמס חתונה — האָט עמעצער לסוף געמאַכט.

אַן אַנדערער האָט געוואָלט די דאָזיקע רייד פאַרגלעטן, האָט ער איבערגעריסן און געזאָגט צו דניאלן:

— איך האָב געהערט, אַז די האָסט שוין אין מאַראַהוס פּאַשע נאָך פּאַר צוויי שטיק פי. רעכנסטו נאָך אַ פערד אייך האַלטן?

אַ לאַנגע פּויזע. מען האָט ביסלעכוויז אָנגעהויבן צו רעדן פון פאַרשידענע זאַכן, פּלוצלינג האָט דניאל אַ זאָג געטון:

— צי איך וויל האַלטן אַ פערד? וואָס דאַרף איך אַ פערד? וואָס טויג מיר איצט דער גאַנצער מאַראַהוס?

ער איז איצט געזעסן מיט חברים פון דאָרף, וואָלט ער אפשר אַזוי דעם גאַנצן אָנשטעל נישט באַדאַרפט מאַכן — די יונגע בחורים זענען געווען געוויינלעכע פּויערן. אמת, זיי האָבן אים גע־וואונטשן אַלדאָס גוטס, אָבער זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, ווי קאָן עס אַ ליבע־אומגליק אָפּנעמען דעם ווערט פון דער לאַנקע, ביי דעם באַרגהויף. ער וועט זיי באַלד גאָר לאַנגווייליק ווערן מיט זיין אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ. און דניאל האָט געמוזט אָנהויבן אַ ביסל צו רעדן, כדי זיך צוצוגעבן מוט: ער וועט עס אַלץ שיקן צום טייוול! מען זאָל זיך פאַר אים היטן. געוויסע לייט מעגן זיין פאָרזיכטיקער בנוגע צו אים!

— יאָ, — האָבן די בחורים געזאָגט גלייכגילטיק — לחיים! —

האָבן זי געזאָגט און מער קיין ווען דערפון נישט געמאַכט.

נאָכדעם זענען זיי אַוועק איינער נאָך דעם אַנדערן, ווייל עס האָט זיי אָנגעהויבן ווערן לאַנגווייליק. דער, וואָס האָט דאָס געשאָכטענע קאַלב געוואָלט אָפּשיקן דורך דער באַן, האָט גע־דאַרפט רעדן מיטן קרעמער, ער זאָל אים העלפן. איז דניאל געבליבן מיט העלמערן, און זיי האָבן פאַרויכערט.

— העלמער, איך וויל אונטערצינדן אַ הויז, — זאָגט דניאל רויִקערנדיק ווייטער אַ רויִקער.

יענער געגעצט.

— מ'דאַרף נישט, — ענטפערט ער ענדלעך, טוט אַ שמייכל און אַ שאָקל מיטן קאָפּ.

— איך וועל עס טון, — זאָגט דניאל — זאָל זי אונטער זיך דערשפירן די היץ פון טרוקענעם האָלץ.

— ווייס איך! דאָס איז נאָר גערעדט.

דניאל שאָקלט מיטן קאָפּ.

חבר קומט אַ רעיון אויפן זינען. ער זאָגט: — ס'איז צו ווייט פון לענסמאַן.

— וואָס הייסט?

— דו מוזט דאָך אין אַ שעה אַרום נאָכדעם, ווי דו וועסט עס אָפּטון, מעלדן זיך ביים לענסמאַן.

— פאַרוואָס עפּעס? — פרעגט דניאל פאַראינטערעסירט.

— ווען נישט — וועט מען דיך אויפזוכן, כאַפּן און פאַר־משפּטן צום טויט.

— זאָל מען אָקאָרשט!

— ניין, עס איז באמת געפערלעך אַזאַ זאַך צו טון, צו ווייט פון לענסמאַן, — פאַרענדיקט העלמער. און פדי דעם חבר נאָך מער פון דעם אָפּצורעדן, גיט ער צו: — און חוץ דעם, מיינסטו דען, אַז זי איז אַזוי פיל ווערט? קום לאָמיר גיין.

זיי זענען צוזאַמען געגאַנגען, ביז דער וועג האָט זיך גע־שיידט, דאַן האָבן זיי זיך געזעגנט.

— הער, העלמער! — האָט דניאל פון ווייטן אַ געשריי גע־כאַן. — איך טו עס!

— אַ משוגעת! — האָט העלמער געענטפערט.

דעמאָלט איז איינער אַוועק אַהיים, און דער צווייטער — אונטערלייגן פייער אונטער אַ הויז. ניין דעם זייגער איז ער געקומען אַהין און האָט זיך געזעצט ביים ברעג פון דעם הויף, כדי צו וואַרטן, ביז עס וועט פינסטער ווערן. דאָס וועטער איז געווען ווי געווינלעך צום אָנהויב פרילינג, קעגן אָוונט איז קיל געוואָרן. אָבער די משקה האָט דניאלן אינערלעך געוואַרעמט, אַזוי, אַז ער איז נישט געפרוירן. עס איז נאָך דער רויך געגאַנגען פון אַ קוימען אויף דעם הויז, וואָס פאַר אים, אָבער קיין סימנים פון לעבן האָט מען אין הויף נישט געזען. אַלע זענען שוין אַוועק רוען. דער אָנבליק פונם הויז, אַ באַשטימט פענסטער פון אַ קאַמער, די עריינערונגען, די ווירקונג פון דער משקה האָבן גענומען שאַפן אַ ווייבע שטימונג ביי דניאלן. ער האָט זיך צעוויינט און האָפנונגסלאָז געשאָקלט מיטן קאָפּ. לסוף איז ער איינגעשלאָפן.

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ דערפרוירענער, נישט דערקענט די שוואַכע ליכטיקייט און געמיינט, אַז עס איז שוין פאַרטאָג. עס איז שוין צו שפּעט עפּעס צו טון! האָט ער געטראַכט, און איז אַוועק אַהיים. ער איז שוין אַ היפּשן שטיק אַדורכגעגאַנגען, אין פּלוצלינג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט: עס איז דאָך גאָרנישט פאַרטאָג, פאַרקערט, עס איז געווען אַרום האַלב נאַכט, גראָד די רעכטע צייט! ווען דאָס וואָלט געווען געשאַריעט אויף טאָג, וואָלטן שוין די פייגל אָנגעהויבן צו זינגען. אַזאַ נאַר איז ער געווען. אָבער איצט אַזאַ גרויסן שטיק וועג צוריקגיין! — ער האָט עס נישט געקאָנט. ער איז געווען שלאָף און מאַט.

זאָל שוין זיין אויף אַן אַנדערש מאָל.

איז גאָרנישט געוואָרן מיטן אונטערצינדן, ניין, ניין, מער גאָרנישט, ווי רייד און אָנשטעל. אָבער מען האָט וועגן דניאלן גענומען רעדן פאַר זיין פּלוידעריי. די איינוווינער פון דאָרף זענען פאַרצימערטע געוואָרן: אָט צו וואָס עס איז דערגאַנגען דער דאָזיקער דניאל, וועלכער שטאַמט פון אַ רייך הויז!

אַז ער פּלעגט איצט אַראָפּקומען אין דאָרף, האָט מען

אויף אים געקוקט אַ ביסל קרום. דניאל האָט גוט באַמערקט, אַז די אַלטע פריינטשאַפט צו אים איז פאַרשוואונדן. דעם אַמאָליקן שכנס זון העלמער איז נאָך געבליבן דער זעלביקער, ווי געווען, און האָט זיך איינגעשטעלט, וויפיל ער האָט געקאָנט, קעגן די רכילות, וואָס מען האָט אָנגעפירט אויף דניאלן, אָבער אַ דאָרפס-מאַן ענדערט זייער שווער זיין שטאַנדפּונקט און גלויבט אין דעם, וואָס איז אַמערגסטן.

איז דניאל מער געזעסן אין דערהיים, אין זיין טאָראַהוס, און געטון אַלערליי מאַנסבילשע אַרבעט. עס איז איצט געווען פריילינג, און הייל ער האָט אַלץ געמוזט טון אַליין, האָט ער געהאַט גענוג אַרבעט. און ווער וואָלט עס געגלויבט, אַז דניאל וועט אַזוי שנעל גובר זיין די ליבע-בענקשאַפט זיינע, אַזוי אַז ער האָט נישט דעם שלאָף, נישט דעם אַפּעטיט פאַרלוירן? מען קאָן נישט זאָגן, אַז זיין טרויער איז אין אָנהויב נישט שטאַרק געווען, אָבער ער האָט עס בייגעקומען. ער האָט גענומען דעם שכל צו הילף. ער האָט זיך אַ קניפּ געטון אין האַנט און דערשפּירט, אַז ער איז דער זעלביקער, וואָס געווען. „אָפּגעריסן, אַ שמעק געטון און אַוועקגעוואָרפן" — אָט איז דיר איר ליבע. און דערצו איר נאַרישע טבע — יאָרנלאַנג צו ציען אים מיט יאָ און ניין, און אָפּט מיט קושן און גלעטן, נישט רעכנענדיק, אַז דאָס איז אויף דעם גאַנצן לעבן. אָבער אַלץ איינס, ער האָט געהאַט פאַרטראַכט צוצובויען אַ צימער צו זיין שטיבל — זאָל עס צוגעבויט ווערן — ווי פאַר גאָט — עס וועט אים גאָרנישט אָפּהאַלטן. ער האָט דען נישט קיין געהילך גענוג — איין שטאָט דאָ, איין שטאָט דאָרט אין טאָראַהוסער וואַלד! די דאָזיקע בוימער זענען אים געפעלן גע-וואָרן אין די אָוונטן, איינער דאָ און איינער דאָרט, ווען ער פלעגט נאָך דער אַרבעט אַרומוואַנדערן; באַרג-סאָסנעס, וועלכע האָבן ווי לויטערער קופּער געקלונגען, ווען די האַק האָט זיי גע-טראָפן, טייער געהילץ. יאָ, דער צובוי וועט געמאַכט ווערן. דאָס איז אפשר געווען נישט קיין זאַך פון אומשטערבלעכקייט, דאָס איז געווען אַ זאַך פון ערגייץ. אפשר וועט מען מיינען, אַז ער דאַרף שוין נישט קיין גרויס הויז, וויבאַלד אַז העלענע האָט מיט

אים איבערגעריסן, — אמת טאקע, אלץ אמת, אָבער אַ הויז וועט פאַרט אויסגעבויט זיין.

אַ יונגער געזונטער בחור קאָן דאָך נישט מיט די זעענדיקע אויגן לעבן ווי אַ בלינדער. זאָל ער אפשר דאָ אין די בערג אָן אַ ציל און צוועק פאַרפוילט ווערן? שוין יאָרנלאַנג האָט ער דאָס דאָזיקע הויז געזען פאַר די אויגן: עס האָט קיינעם נישט גע־דאַרפט פאַרוווּנדערן מיט דעם שיינעם פוצעכץ, נאָר עס זאָל זיין פונקט אַזוי גרויס, ווי ס'איז נויטיק: איין גאָרן און דריי פענסטער, וואָס קוקן אַרויס אויפן דאָרף.

אין הערבסט זענען ביידע יעגער ווידער געקומען, דער אַדוואָקאַט און דער דאָקטאָר. זיי האָבן לפנים־וועגן געטראָגן ביקסן און רוקזעק, געווען אָבער אָן הינט און האָבן גאָרנישט דערשאָסן.

זיי האָבן געפרעגט ביי דניאלן, אפשר וויל ער פאַרקויפן זיין שטיבל, זיין הויפל.

— אָ, ניין, — האָט ער ווידער געענטפערט מיט אַ שמייכל.

— אויך איצט נישט?

— ניין.

— ער קאָן זאָגן, וואָס וויל ער פאַר דעם, ער מעג פאָ־דערן, וויפל ער וויל.

— ניין, ער וויל נישט.

דאָס איז דער פייער אין אים; ער איז פאַרעקשנט, — האָבן זיי מסתמא געטראַכט. דעמאָלט האָבן זיי אים גענומען רייצן דערמיט, אַז זיי וועלן די שכנישע פאַשע, דעם צווייטן טאָראַהוס, אָפּקויפן.

קעגן דעם האָט דניאל גאָרנישט געהאַט.

די אויסזיכט איז פון דאָרט פונקט אַזוי ווייט, עס איז נאָר געלעגן עטוואָס העכער אויף אַ שפיץ, נישט אויף דער זייט פון באַרג, — דאָס איז געווען די גאַנצע אומאַנגענעמע זייט פון יענעם טאָראַהוס.

— דאָס איז דען נישט אַלץ איינס? — האָט דניאל געפרעגט.

ניין, נישט אַלץ איינס פאַר דעם צוועק, צו וועלכן די הערן ווילן עס קויפן.

פּויזע.

— אָבער, — האָבן זיי געזאָגט — דאָס איז דאָך דער זעלביקער באַרג, דער מאַראַהוס־באַרג אומעטום, און אויך וואַלד אַון ף ברענהאָלץ, וואַסער, אַן אויסזיכט, אַ הויך פון פירהונדערט מעטער.

— געוויס, — האָט דניאל געזאָגט.

פּויזע.

— הייסט עס, אַז ס'וועט ביי אונז גאָרנישט אַרויסקומען?

— ניין, זאָל עס זיין, ווי ס'איז געווען.

אין עטלעכע טעג אַרום איז אָנגעקומען אַ ידיעה פון דאָרף, אַז די שכנישע לאָנקע איז טאַקע פאַ. קויפט, די צוויי הערן האָבן געזאָגט דעם אמת. זיי האָבן דאָרט געוואָלט אויסבויען אַ סאַנאַטאָריע, אַן אַנשטאַלט פאַר קראַנקע און שוואַכע. זיי זענען נישט קיין ספּעקולאַנטן, זיי זענען בעל־צדקות און מענטשנפריינד מיט גרויסע בלעגער. און ווען דניאל האָט מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער אין פעלד געגראָבן שטיינער, האָט ער פון דער זייט פון דער שכנישער לאָנקע דערהערט קלעפּ פון העק. ער איז אַוועק אין דער ריכטונג פון וואַנען די קלעפּ האָבן זיך געהערט, און געטראָפן פיר מענטשן, וועלכע האָבן דורכגעלייגט אַ וועג אויפן באַרג. דאָס זענען געווען אַלע איינוואוינער פון דאָרף. דניאל האָט זיי געקענט און אָנגעהויבן מיט זיי צו שמועסן.

יאָ, אַלץ שטימט אַזוי, ווי ער האָט געהערט. איצט וועט עס אַביסל זיין, וואָס צו זען אויף דעם מאַראַהוס־באַרג, זאָל גאָט היטן! זיי האָבן אָנגעוויזן הינטער די אַקסלען: דאָרט גראָבט מען שוין אויס דעם קעלער, און מען מויערט דעם פונדאַמענט פאַר אַן אומגעהויערן פּאַלאַץ.

דניאל האָט אָן חשק דערציילט, אַז די הערן זענען פריער ביי אים געווען, נאָר ער האָט זיי נישט געוואָלט פאַרקויפן.

אויב אַזוי, איז ער שוין אַ נאַר געווען, — האָבן די מענטשן געזאָגט. די הערן האָבן אַ פיינע מטבע באַצאָלט פאַר דער לאָנ.

קען; דערצו זענען נאָך גרויסע שטרעקעס נישט קיין געריירטע געבליבן אין די בערג.

— וואָס־זשע האָבן די הערן באַצאָלט?

די מענטשן האָבן אָנגערופן אַ סומע גאָרנישט קיין קליינע.

מילא. ווער עס האָט עס באַקומען, זאָל עס פאַרנוצן. דאָס איז העלמערס פאָטער, פון דעם שכנישן הויף. זאָל זײַן מיט גליק.

דניאל איז אַוועק אַהיים און געטראַכט וועגן דעם ענין. געווים, גרויסע ענדערונגען, אָבער וואָס־זשע וועט דערפון אַרויסקומען. האָט ער, וואָס האָט זיך נישט אונטערגעגעבן פאַר העלענעס פאַרלאַנג, — האָט ער דען געוואָלט מאָראַהוס, זײַן הויף, פאַרקויפן און פאַרלאָזן און אָן אַ דאַך צוריקקערן זיך אין דאָרף? אפנים, מאָראַהוס איז פאַר אים נישט גענוג גוט? ער וועט זיי שוין שפּעטער באַווייזן, נישקשה, ער האָט זײַנע אייגענע פּלענער.

היות ווי די משעסלער פון דאָרף האָבן אים עטלעכע מאָל בסדר צוגעזאָגט קומען אָנהייבן צו בויען, און לסוף זענען זיי נישט געקומען, האָט דניאל גענומען צוויי מענטשן פון אַן אַנדער דאָרף. ער האָט אַליין די קלעצער פריער אַרומגעהאַקט און אָפּגעהובלט. די צוויי משעסלער האָבן זיך לעבעדיק גענומען פאַר דער אַרבעט. און אין אַ פּאָר וואָכן איז עס אויסגעוואַקסן אַ נײַע שטוב מיט אַ נײַעם קעמערל, וואָס וואָלטן אים געקאָנט קלעקן אויפן גאַנצן לעבן, שיינע און ווייסע. די צוויי טירן און די דרײַ פענסטער האָבן די מענטשן געדאַרפט מאַכן בײַ זיך אין דערהיים און ווינטערצײַט אָפּפירן אויף אַ שליטן. אַלץ איז געגאַנגען, ווי ווי געשמירט. אָ, יעדע זאַך האָט געהאַט איר אײַנהאַלט און איר זינען, עס איז געגאַנגען גוט. צו זומער־צו האָט די קו זיך געקעלבט, און דעמאָלט האָט ער שוין געהאַט דרײַ שטיק פי. אַ פערדל געווים, ווען ער וועט האָבן פיר קי, וועט ער נעמען טראַכטן וועגן אַ פערד. ביז דעמאָלט איז ער אַ־יין געווען אַ גוט פערד.

אייניקע לאָנקעס האָבן אים פאַרשאַפט פיל אַרבעט, אָבער דערפאַר האָט מען פון זיי געקאָנט פיל וואַרטן. דאָס זענען גע־

ווען זומפּן, שרעקלעך פייכטע, אָבער מיט אַ באַזונדער גוטן באָדן, מען האָט זיי באַדאַרפט אויף אַ געהעריקן אופן אויסטריקענען. דניאל האָט געאַרבעט.

## II

פורן, פורן האָבן געצויגן איבער די בערג, דעם גאַנצן ווינטער נאָכאַנאַנד אַלץ קאַראַוואַנען מיט פורן, מיט טראַנספּאָרטן פאַר דעם בנין פון דער סאַנאַטאָריע. אַלע פערד פון דאָרף זענען געווען פאַרנומען, יאָ, פיל האָבן אַפילו געקויפט פערד פאַר דער אַרבעט און זיי צוריק פאַרקויפט, ווען דער ווינטער און די טראַנספּאָרטן זענען פאַרביי.

עס האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ, קוקנדיק אויף דעם געוואַלטיקן אויפטו. אָבער דאָס זענען געווען מענטשן, וועלכע האָבן גאָרניסט פאַרשטאַנען. זיי האָבן, אַפּנים, געוווסט, ווי דאַרף מען אַ פּאַלאַץ בויען? וויפל דאַרף מען האָבן באַלקנס, ברעטער, צעמענט, טשוועקעס, אַלע רערן, אַלע פאַרבן, אַלע דאַכציגל? צוויי הונדערט פענסטער האָט געהאַט בלויז דער הויפּט-בנין, און דערצו זענען נאָך געווען פינף קלענערע און גרעסערע הייזער: וויפל פורן בלויז מיט פענסטערגלאָז האָט מען דערצו געדאַרפט האָבן. גיט נאָך צו אַ פופציק אויטאָס— וויפל פורן זענען דערצו געווען נייטיק. און די איינריכטונג! דאָ זענען געווען אַלע מינים מעבל, טעפּיכער, לאָמפּן, בעטצייג, טאַפּעטן, געפעס, טויזנטער זאַכן, אַפּולע טויזנטער זאַכן. צום סוף — נערונגסמיטלען, די זענען אָנגעקומען מיט אַ נייעם קאַראַוואַן אין פעסער און אין קאַסטנס, עס זענען אָנגעקומען לעבעדיקע חיות — אַ גאַנצער שטאַל פול מיט קי, מיט שעפּסן און עופות. איצט האָבן געפעלט נאָר פּאַציענטן, און נאָך דער פייערלעכקייט פון חנוכת-הבית זענען די אויך געקומען.

וואָס האָט עס אָבער אָפּגעקאָסט, ביז דאָס אַלץ איז פאַרטיק געוואָרן, — דער פּאַלאַץ און אַלץ וואָס אין אים, די אַלע

איבעריקע הייזער, די אַזוי-גערופענע מכשירים, און די וועגן אין די טעראַסן אַרום! מען איז געבליבן פאַרוואונדערט מיט אַן אָפּענעם מויל, ווען מ'האָט וועגן די אַלע אוצרות אַ טראַכט געטון. נאָר ס'האָט אויסגעוויזן, אַז עס שפּילט דאָ גאָר קיין ראָלע נישט, די אינטערנעמונג איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אַ פעסטן פונדאַמענט: טויזנט אַקציעס צו צוויי הונדערט קראָן יעדע, מיט מזומן איינגעצאָלטן קאַפּיטאַל, מיט גענעראַל-פאַרזאַמלונגען און רעזאָלוציעס. דאָ האָט גאָרנישט געפעלט אין דער פולקאָמענער איינאָרדנונג, און ווען די גאַנצע דינערשאַפט איז שוין געווען אויפן אָרט, האָבן אויך געסט אָנגעהויבן קומען. אַלע רעדער האָבן זיך גענומען דרייען, און וואָס ווייטער אַלץ שנעלער, אָ, אַזוי שנעל, אַז זיי זענען געוואָרן בלאַנק; ווי פאַרשמאַרטע אויגן זענען זיי געוואָרן, די רעדער, — אַזוי שנעל האָבן זיי זיך געדרייט. די פויערן פלעגן קומען זונטיק פון דאָרף, קוקן אַרום און פון פאַרוואונדערונג האָבן זיי מער נישט געקאָנט ווי שטיל שטיין און גליווערן, זיי האָבן גאָרנישט פאַרשטאַנען, זייער מאַסשטאַב איז געווען צו קורץ. זיי האָבן נאָך קיינמאָל אַזעלכע שרעקלעכע פּיפּערנאָטערס נישט געזען אויף דעם דאַך פון אַ מענטשלעכער וווינונג, זיי האָבן נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזוי פיל זיילן פאַראַמאָל, און די זיילן האָבן אויף זיך געטראָגן אַ גאַלעריע ביזן סאַמע דאַך. און אויבן, סאַמע אויפן שפּיץ דאַך, האָט געשטעקט אַנטקעגן הימל אַ קליינער פלאַג-שטאַנג מיט אַ שימערירנדיקער קויל פון זילבערגלאָז. אַרום און אַרום האָבן די דאָזיקע הייזער, וואָס זענען פאַר די פויערים איינגעמלעך, געוועזן ווי אַ טרוים, די דאָזיקע גאַלעריעס, וואָס זענען געשטאַנען אויף זיילן ווי אויף נאָדלען און האָבן דערמאָנט אַ שפּילצייג פון שוועבעלעך צונויפגעשטעלט, נישט געהאַט קיין זינען, קיין כאַראַקטער. די דאָזיקע פויערים! זיי פלעגן זיך לייגן אונטן אין גראָז אויף די בייכער, קוקן און מיינען, אַז אַלץ, וואָס זיי זעען, איז נאָר אַ חלום עס איז דאָך נישט מעגלעך, אַז די דאָזיקע הייזער זאָלן אַזוי בלייבן שטיין? איז עס דען מעגלעך, אַז הייזער זאָלן אַזוי אַרויסוואַקסן פון דער ערד פאַרטיקע און שטיין, ווי גאָרנישט נישט געשען? דאָס האָט אַזוי געשטאַנען די-

אויגן. דער שטאַל האָט געהאַט אַ גרויסן קופּל איבערן דאַך, אָבער אָן אַ קלויסטערגלאָק אינעווייניק, דער שפּייכלער — אין צפון סטיל מיט אַ טורעם, אָבער אָן אַ מיטאָג-גלאָק אינעווייניק. אפשר האָט מען געהאַט די דאָזיקע גלעקער אין זינען, און זיי וועלן שפּעטער אָנקומען. אָבער שפּעטער האָט מען שוין מער גאָרנישט געבראַכט. די סומע, וועלכע מ'האָט אויסגעגעבן אויפן בנין, האָט מען געזאָגט, האָט שוין לאַנג איבערגעשטייגט די גרע־נ״ק, וואָס מען האָט פאַר אים באַשטימט. אָבער, ס'ווייזט אויס, דאָס האָט אויך קיין גרויסע ראָלע נישט געשפּילט. די סאַנאַטאָ־ריע פון טאָראַהוס האָט זיך געקאָנט ערלויבן צו צאָלן אייניקע רעבנוגען שפּעטער אַביסל.

און אַז דער עולם פון דאָרף איז געלעגן אונטן אין גראָז אויף די בייכער און האָט געגלאָצט אויף דעם שלאָס, האָט ער באַקומען דעם איינדרוק, אַזוי ווי די מענטשן, וואָס וואַנדלען אַרום די הייזער און אויף די וועגן, וואָלטן אויך געווען נאָר אויסגע־דאַרטע מענטשן. ליבער גאָט! פיל פון זיי זענען געווען ווי שאָטנס, כמעט קיינער נישט געזונט. דאָ זענען געווען מענער מיט בלאָע נעז, הגם עס איז נישט קאַלט געווען, און, פאַרקערט, עטלעכע קינדער מיט בלויזע קני, הגם עס איז שוין געווען קיל. וואָס באַטייט עס אַלץ? דאָ זענען געווען דאַמען, וועלכע האָבן היס־טעריש געקוויטשעט, ווען אַ מוראַשקע איז זיי אַרויפגעקראָכן אויפן אָרבל.

אָ, אָבער מענטשן זענען דאָ געווען באמת גענוג, קיין פּאַ־ציענטן האָבן נישט געפעלט. זיי זענען אַרומגעגאַנגען, געשמועסט, געווען אָנגעטון, אייניקע האָבן געהוסט אַזוי הויך, אַז עס האָט זיך פון ווייטן געהערט. אייניקע זענען געהען מאָגער, ווי רוחות, זיי האָבן נישט געמאָרט פיזיש אַרבעטן, נאָר געמוזט שטיל זיצן אויף דער זון, אַנדערע האָבן זיך געמאַטערט אויפן באַרג מיט עפּעס אַ מאַשינע, מיט דעם אַזוי גערופענעם „קראַפטמעסטער", כדי דאָס פיִמס פון זיך אַראָפּצוטרייבן. יעדן האָט עפּעס געפעלט, גאָט האָט יעדן פון זיי אַלע אַ קראַנקהייט איינגעטיילט. נאָר ערגער פאַר אַלעמען איז געווען די נערווענקראַנקע, וועלכע האָבן געהאַט

אלע מחלות, וואס צווישן הימל און ערד, פאר אמאל, און מען האט מיט זיי געמוזט רעדן, גלייך ווי זיי וואלטן געווען קליינע קינדער. פרוי רובען, למשל. זי איז געווען אזוי דיק, אז זי האט קוים געקאנט אין דער טיר פון איר צימער דורכגיין; זי איז אבער נישט ברוגז געווען, ווען מען האט איר דיקקייט געוואלט רעדוצירן ביז דער געווייגלעכער מאס, ווען מען האט איר, פשוט גערעדט, פארבאטן צו זיין דיק, הגם זי האט געלייקנט, אז זי איז שוין גאר באזונדער דיק; ניין, זי האט נאר געשמייכלט פריינטלעך, ווען מען האט גערעדט דערפון. ווען אבער דער דאקטאר האט געצווייפלט אין איר שלאפלאזיקייט, זיך ערלויבט א שפאס וועגן אירע נערוון, איז זי אריין אין גרימצארן, און די אויגן האבן זיך ביי איר צעפלאקערט. איינמאל האט דער דאקטאר פארבייגייענדיק געזאגט: „וונדערלעך, ווי איר האט זיך דא פארבעסערט, פרוי רובען. איר זענט שוין גאר געזונט״. פרוי רובען האט גארנישט געענטפערט, האט נאר א שפיי געטון הינטער דעם דאקטאר און איז אוועק איר וועג.

איבעריקנס, עס זענען געווען א פולע, וואס האבן אויף אים פון הינטן געשפיגן, וואס האבן דעם זעלביקן מענטשן פאראכט, און, אפנים, אז זיי האבן געהאט עפעס א גרונד דערצו. ער איז געווען א פלאדער. ער האט אלעמען געגעבן טראפנס און רפואות, הגם ער האט געדארפט וויסן, אז זיי העלפן נישט. ער האט עס געטון אויס ליבנסווירדיקייט, אויס גרייטקייט צו העלפן און אנטקעגן צו קומען די ווונשן פון זיינע פאציענטן. אבער אזוי ווי דאס איז געווען דער מענטש, וואס האט צוזאמען מיט דעם אדוואקאט ראבערטסאן די גאנצע טאראהוסער סאנאטאריע פון דעם באדן אויפגעהויבן, האט מען געקאנט דערווארטן פון זיין באנעמען זיך מער ווירדע און אויטאריטעט. אבער ניין. ער האט שוין פון וויטן צו יעדן געשריגן; גוט מארגן! און אראפגענומען דעם הוט אזוי איבערגעטריבן העפלעך, אז עס האט אויסגעזען, ווי ער וואלט די גאנצע ערד וועלן מיט זיין פלאטערנדיקער פעדער אויסקערן. און מען האט בשום אופן נישט געקאנט טראכטן, אז ער מאכט עס אן אנשטעל. ניין, דאס איז געווען לויטער פריינטלעכקייט און אכטונג. פיל פלעגן זיך שוין פריער אפקערן אן א זייט, כדי

אויסצומיידן די דאָזיקע גווּאַדיקע הערפּלעכקייט, אָבער עס האָט קיין זאַך נישט געהאָלפֿן; דער דאָקטאָר פלעגט פון הינטן נאָכ־שרייען. חוץ דעם האָט ער חשק געהאַט צו זיין שאַרפזיניק, פיין און אָנשטענדיק שפּאַסן, נאָר דאָס איז אויסגעקומען אַזוי אומבאַהאָלפן. ניין, ער איז געווען מער נישט ווי אַ ווילער פּויערשער בחור, וואָס האָט אויסגעשטודירט אויף דאָקטאָר. אָבער ער האָט בלי ספק געמיינט גוט, דערויף זאָגט עדות זיין זאָרגן וועגן די פּאַציענטן. ווער וואָלט געקאָנט זיין אַזאַ גוטהאַרציקער פריינט פאַר אַלעמען, ווי ער. אָפטמאָל פלעגט ער מגזם זיין, און זיך אַליין דערנידעריקן, כּדי עמעצן צו דינען. יאָ, אַנדערע צוליב האָט ער געקאָנט אפילו די באַדייטונג פון זיין אייגענער קאָמפּעטענץ אַלס דאָקטאָר פאַרקלענערן און זאָגן: „די אָדער יענע מחלה קאָנט איר, הער בערטעלסען, ביי אייער בילדונג און אינטעליגענץ אויסהיילן לייכטער דורך מאַסאַזש, איידער איך מיט מיינע טראָפּנס". קאָן דען אַ דאָקטאָר עטוואָס אַזוינס זאָגן, נישט פאַרלירנדיק דער־ביי? דער סוף איז געווען, אַז הער בערטעלסאָן, וועלכער האָט געגלויבט אין די טראָפּנס, האָט אויפגעהערט צו גלויבן אין דעם דאָקטאָר. דעם דאָקטאָר עיענס פעלער איז געווען, וואָס ער האָט צופיל גערעדט, ער האָט זיך נישט באַהאַלטן אין שווייגן און אין סודות. אויף אַ דאָקטאָר מוז מען קוקן מיט אַבערגלויבן, ער דאַרף געבן צו פילן, אַז ער ווייסט אַ ביסל מער, איידער די תּפילה „פאָטער אונזער". אָבער וואָס האָט דאָקטאָר עיען געגעבן צו פילן?

איינמאָל זענען פון וואַלד געקומען צו לויפן אין שטוב אַ הער מיט אַ דאַמע. דער הער איז געווען הער בערטעלסען און די דאַמע — פרײלין עלינגסען, אַ שיינע הויכגעוואַקסענע דאַמע, וועלכע האָט זיך נאָר אַ ביסל איבערגעמאַטערט ביים טעלעגראַפן־טיש. איז דאָס דאָזיקע פאָר געקומען צו לויפן און האָבן געזוכט דעם דאָקטאָר. הער בערטעלסען האָט אַ ביסל געבורטשעט: אַז מען דאַרף באמת אַמאָל האָבן דעם דאָקטאָר, קאָן מען אים נישט געפינען. הער בערטעלסען האָט זיך, אפנים, געאיילט, ער האָט

געהאַלטן דאָס נאָטיצבל אויף דער באַק, אַ ביסל געאָכצעט און אויסגעזען צערודערט.

— מסתמא האָט אים אַ מוראַשקע געביסן, — האָט עמעצער אַ זאָג געטון מיט שפּאַס.

ווען הער בערטעלסען האָט ענדלעך דעם דאָקטאָר געפונען, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז נישט קיין מוראַשקע, וואָס האָט אים געביסן, נאָר אַ הוט-נאָדל, וואָס האָט זיך אים אין באַק אַריינגעשטאָכן, — פרייליין עלענגסענס הוט-נאָדל. עס האָט אויסגעזען געפערלעך, מיט טויט-געפאַר, די באַק איז אויפגעלאָפן צוויי מאָל אַזוי הויך, ווי געווען. די פרייליין איז געווען אין פאַרצווייפלונג.

— אַך, דאָס איז בלוטפאַרגיפטונג, — האָט זי געקלאָגט.

— לאָזט אַ בליק טון! — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט. — מיט דער הוט-נאָדל, זאָגט איר? אויב אַזוי, איז עס גאָרנישט.

— ניין, דאָס איז זיכער אַ בלוטפאַרגיפטונג! — האָט די פרייליין פאַרזיכערט.

אָנשטאָט צו מאַכן אַ מיסטישע סודותדיקע דאָקטאָר-מינע און לויפן אין אַפּטייק נאָך באָר-זויערס, אַ פענדל און וואַטע, האָט זיך דער דאָקטאָר אויסגעלאַכט פון דער געשיכטע און געזאָגט צום פּאַציענט:

— גייט, הער בערטעלסען, אַראָפּ צום טייכל, און נעצט אָן די באַק מיט קאַלט וואַסער. איר קאָנט עס אָבער פונקט אַזוי גוט לאָזן ווי ס'איז. די געשווילעכץ וועט אַליין אין אַ טאָג אַרום אַריבערגיין.

דאָס האָט שוין באמת געהייסן, צופיל לייכט אָננעמען די זאַך. הער בערטעלסען איז געווען אַנטוישט: ער האָט זיך דען אומזיסט דערשראָקן? ער האָט געפרעגט:

— איז דען אינגאַנצן אויסגעשלאָסן, אַז דאָס קאָן זיין בלוט-פאַרגיפטונג, ווייבאַלד ס'איז אָנגעשוואָלן? איך מיין, דער שפּיץ פון דער נאָדל?...

— אינ־אַנצן אויסגעשלאָסן.

און דאָ האָט דעם דאָקטאָר עיען ווידער אַ שטאָך געטון

דער האָבער, און ער האָט געמוזט אַרויסברענגען זיין חיק, ער האָט געזאָגט:

— איך גלויב נישט, פריילין עלענגסען, אַז אין אייך איז פאַראַן עפּעס גיפטיקס, איר זעט נישט אַזוי אויס.

ווען ער וואָלט דאָ אַנטשוויגן געוואָרן, וואָלט עס נאָך אפשר גוט געווען, ער האָט אָבער געמוזט זיין חיק צעמישן מיט וואַסער און האָט געמאַכט די נאָדל פון דער פריילין עלענגסען פאַר אַ פייל פון אַמאָר. האָט זיך הער בערטעלסען געווענדט צו זיין דאַמע און געזאָגט:

— איך וויל דאָך פאָרט צולייגן באָר-וואַסער.

— ניין, דאָס איז נישט נויטיק, — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט. ער האָט אָנגעהויבן דעם גאַנצן פאַל צו דערקלערן: די סיבה פון דער געשווילעכץ איז דאָס פאַרהאַלטענע בלוט, אָבער דאָס בלוט געפינט זיך נאָענט אונטערן הויט. אַז מען וועט דעם לאָך אַ ביסל עפענען, וועט דאָס בלוט אַרויס, אויב אָבער דעם לאָך וועט זיך ווידער פאַרמאַכן, וועט זיך דאָס בלוט פון ס'ניי אָנזאַמלען.

— לאָזט די זאַך צורו, — האָט ער געזאָגט — דאַן וועט דאָס בלוט אַליין פון זיך צוריקגיין.

ווערטער, ווערטער, מער גאָרנישט ווי ווערטער.

— גייען מיר? — האָט הער בערטעלסען געפרעגט ביי זיין דאַמע.

און דאָ האָט שוין דער דאָקטאָר נאָך מער אָפּגעשוואַכט זיין אויטאָריטעט דערמיט, וואָס ער האָט דעם פּאָר נאָכגעשריגן:

— איר קאָנט, איבריקנס, נעמען באָרוואַסער, איר קאָנט, פון באָרוואַסער וועט ווערן בעסער.

— איז דען אַזוינס געהערט געוואָרן? — האָט הער בערטעלסען געפרעגט ביי זיין דאַמע און האָט אַ פייף געטון.

הער בערטעלסען איז געווען אומצופרידן מיט זיך און מיט דער גאַנצער געשיכטע. ער האָט גוט געהערט, ווי די אַפּלאַכער האָבן גערעדט וועגן אַ מוראַשקע, וואָס האָט אים פּלומרשט איינגעביסן. אָבער די אַפּלאַכער האָבן עס געזאָגט נאָר מחמת קנאה,

ווייל ער איז געווען א רייכער יונגערמאן פון דער האָלצהאַנדלונג „בערטעלסען עט זון”, די ערשטע פּערזאָן דאָ אין דער סאַנאַטאָריע, דער לייב, פאַר וועלכן עס איז די שענסטע דאַמע, נאַטירלעך, באַשטימט. די אָפּלאַכער האָבן שוין קענען דעם גאָר נישט געקאָנט מאַכן, אים האָט קיין זאַך נישט געקאָנט דערשרעקן. אין דער אַמתן האָבן גאָר די אָפּלאַכער דאָ געלעבט מער נישט אַ דאַנק זיינע חסדים. וואָרום זיין פירמע האָט צוגעשטעלט געהילץ פאַר דער סאַנאַטאָריע, און האָט געמוזט נעמען אַ טייל פון די אַקציעס. אין ווונק זיינער וואָלט גענוג געווען, אַז די גאַנצע סאַנאַטאָריע זאָל זיך צעפּליען. ער האָט אָבער דעם ווונק נישט געגעבן. ער איז געווען אַ מיושבדיקער מענטש.

הער בערטעלסענס שייכות צו דער סאַנאַטאָריע איז פאַר קיינעם נישט געווען קיין סוד. ער האָט עס אַליין נישט פאַרהוילן, און אין אַזאַ אָרט, ווו מען האָט נישט געהאַט וואָס אַנדערש צו טון, ווי רכילות טרייבן איינער אויפן צווייטן, איז עס געווען גוט אַלעמען באַקאַנט. נו, האָט מען דאָך געקאָנט ערוואַרטן, אַז די אָפּלאַכער די, בעל-מקנאס, זאָלן זיין דאַנקבאַר פאַר זיין קאָרעקטער איידעלער באַהאַנדלונג, אָבער ניין. „זעט נאָר, — האָבן זיי באַרעדט — וואָס האָט דער דאָזיקער בערטעלסען געהאַט צו טון אַזוי נאָענט פון דעם פריילין עלינגסענס הוטנאָדל? וואָס האָט ער געוואָלט, צום שוואַרץ-יאָר? צעדראַפּען די האַנט — יאָ, דאָס לאָזט זיך נאָך דענקען, אפשר איז איר הוט געבליבן הענגען אין וואַלד צווישן די בלעטער. אָבער אין באַק? טפו, טייוול, סאַר אַ מיאוסער יונג דאָס איז!” און ס'האָט אים נישט געהאָלפן, וואָס ער האָט געפראַנטעוועט מיט אַ שאַרפן קנייטש אין די הויזן, און ווייסע קאַמאַשן, און פאַרנומען דעם בעסטן צימער אין דער סאַנאַטאָריע, — דאָס איז אַלץ דערפאַר, וואָס זיין פאָטער איז אַ גרויסער האָלצהענדלער, אָבער ער איז מער נישט, ווי אַ פּוסטעפּאַסניק.

— דאָך איז ער פאָרט אין דער פירמע אַריינגערעכנט, — האָט זיך איינער אָנגענומען.

— און אַז יאָ? — האָבן אַנדערע געפרעגט און בייז אים אָנגעקוקט.

—איך האָב נאָר געוואָלט זאָגן, ער איז דאָך אַ שותּף אין געשעפט.

— נו, איז וואָס? — האָט מען ווידער געפרעגט — ווען דער אַלטער וועט שטאַרבן, וועלן אים מאַכן אַלע ברעטער געהערן! אָבער וואָס האָט עס צו טון מיט דער פראַגע?

דער אָבער, וואָס האָט זיך אַזוי אַנטקעגנגעשטעלט די אָפּלאַבער, האָט אפשר געהאַט זיין מיין, זיינע אייגענע כּוונות דערביי—גאָט חייסט. דאָס איז געווען אַ יונגער מאַן, וואָס האָט געשפּילט קלאַוויר, עידע, מיט דעם פאָרנאָמען סעלמער, אַלזאָ סעלמער — עידע, באמת אַ נעטער יונגערמאַן, אָבער בלאַס און דין, כּמעט אוועקצובלאָזן. ווען ער האָט זיך געזעצט צום קלאַוויר און מען האָט געזען נאָר זיין שמאָלן רוקן, האָט ער געמאַכט אַ קרענקלעכן איינדרוק. ער איז אָבער ביים קלאַוויר געווען פייער און פלאַם, און אַן אוצר פאַר די פּאַציענטן, ווען זיי פלעגן זיך אין אָוונט פאַרזאַמלען אין סאַלאָן און וועלן הערן מוזיק. פרוי רובען האָט געבעטן שפּילן טשייקאָווסקי, האָט ער געשפּילט, פרייליין ד'עספּאַר האָט געבעטן סיבעליוסן, האָט ער געשפּילט. ער איז אַלעמען גרייט געווען צו דינען, און דערפאַר האָט ער געוווינט אין דער סאַנאַטאָריע פאַר אַ העלפט פּרייז.

די דאָזיקע פרייליין ד'עספּאַר איז ערשט נישט לאַנג געקומען, זי האָט איצט געהאַט אירע פעריען. זי איז נישט געווען קיין פּאַציענטין, נאָר אַ לעבעדיקע לוסטיקע דאַמע מיט חן־גריבעלעך אין די באַקן און מיט קאַרע אויגן. וואָס האָט זי דאָ געדאַרפט? מען האָט דערציילט, אַז איר פאַמיליע האָט אַמאָל געוווּסט פון בעסערע צייטן. איצט איז זי אַראָפּ פון מצב. דאָס איז, אַפּנים, געווען אמת.

אַן איינוואַנדערער איז אַמאָל אַראָפּגעקומען אין דעם דאָזיקן לאַנד, ווו אַלדאָס פרעמדס איז מער געפעלן, איידער דאָס נאַציאָנאַלע. ער האָט מער נישט געדאַרפט, ווי זיין נאָמען אויף דער וויזיטקאַרטע, כּדי עפּעס דאָ צו ווערן. פון דעם געהיימניספולן הער ד'עספּאַר האָט מען מער גאָרנישט געוווּסט, ווי דאָס, אַז ער האָט זיך ערגעץ דורכגעשלאָגן העכסטנס אַלס לערער פון פראַנצויזיש. דורך די פראַנצויזישע לעקציעס האָט ער באַקומען,

א צוטריט אין פיינע הייזער, געוואָרן אן אָנגעזעענער מענטש, האָט גוט פארדינט, און מען האָט פאר אים רעספעקט געהאט, גאָר דערפאר וואָס ער איז געווען אן אויסלענדער. דעמאָלט האָט ער געטון א שידוך, און עס וואָלט אלץ גוט געווען, ער וואָלט אפילו אויך חתונה געהאט, אָבער קעגן דעם האָט פּראָטעסטירט זיין פרוי פון דערהיים, און ער האָט געמוזט פארשווינדן.

דאָס איז געווען דער שטאמפאָטער פון דער פאמיליע ד'עספּאר.

און די נאָרוועגישע כלה איז געבליבן זיצן מיט איר חרפה און מיט איר שווערער לאגע: זי האָט געדארפט ווערן א מוטער.

דאָס קינד איז געווען ד'עספּאר נומער צוויי, א מיידעלע; זי האָט געירשנט פון דעם פרעכטיקן פאָטער מער גאָרנישט ווי דעם שיינעם נאָמען. איר מוטער האָט זיך געמוזט אויף דריי גראד נידעריקער אראָפּלאָזן, כדי בכלל חתונה צו האָבן, אָבער דער קליינער יוליע ד'עספּאר איז געבליבן זיין נאָמען, וואָס האָט זי אויף עטלעכע שטאפל העכער אויפגעהויבן. זי זיצט אין א קאָנטאָר אין כריסטיאניע דערפאר, וואָס זי הייסט ד'עספּאר, גע־הערן אין אויכלאנד און אויסגעלערנט זיך פראנצויזיש. זי ווייסט קיין זאך באזונדער נישט, רעדט דאָס פארבלאָזע נאָרוועגיש פון דעם מיטעלן קלאס, זינגט נישט בעסער פאר אלע אנדערע, קאָן קיין שטוב ווירטשאפט נישט פירן, קיין אלטעגלעכע ארבעט נישט טון, אפילו־קיין בלוזע זיך נישט אויפנייען, אָבער זי קאָן אויף א שרייבמאשין קלאפּן און האָט פראנצויזיש געלערנט.

אָרעמע יוליע ד'עספּאר!

זי איז אָבער אזא שיינע, מיט קאָרע אויגן, א לעבעדיקע, און אפשר סטארעט זי זיך אויך אביסל אויס: צו זיין נאָך פייער־דיקער איידער זי איז, וואָרום ווי קאָן זי אנדערש ווייזן, צו וועלכער ראַסע זי געהערט? זי איז א פראנצויזין, און נישט פשוט א פראנצויזין, נאָר א פראנצויזין, וואָס שטאמט פון דרום־פראנק־רייך. און זאָל זיין, אז איר געבורט איז נישט גאָר קיין געזעצ־לעכע, על כל פנים איז זי דאָך א קינד פון דער ליבע.

גליקלעכע יוליע ד'עספּאר!

און אזוי וונדערלעך איז עס געשען: פון דעם ערשטן טאָג

אַן, וואָס זי איז געקומען אין דער סאַנאַטאָריע, האָט זי גענומען שפּילן אַן אָנגעזעענע ראָלע, פריילין עלינגסען איז שוין מער ניט געווען די איינציקע פּערל, די איינציקע פּערלהין אין דעם טאָראַהוסער קאָטוך.

פריילין ד'עספּאַר האָט געקאָנט טון אַזעלכע זאַכן, וואָס אַנדערע האָבן נישט געקאָנט. זי האָט געקאָנט ביים טיש מאַכן אַ באַמערקונג וועגן דעם סאַלאַט, אַז ער איז גאָרנישט אַזאַ, — אָ, גאָרנישט, ווי דער סאַלאַט, וואָס מען דערלאַנגט אין פראַנקרייך. ווען די דאַמען זענען געזעסן און געהערט מוזיק, האָבן זיי געלאָזן דעם פּיאַניסט אַליין אויסקלייבן, וואָס ער וויל שפּילן. זיי האָבן מוחל געווען דער פרוי רובען, ווען זי בעט, מען זאָל שפּילן טשייקאָווסקי, דערפאַר וואָס זי איז נערוועז און רייך. אָבער פריילין ד'עספּאַר האָט געבעטן, מען זאָל שפּילן סיבעליוסן, הגם זי איז געווען געזונט און אָרעם. אַ שד אַ מיידל! וואָס האָט זי געפונען אין סיבעליוסן? — וואָלט נישט בעסער געווען, מען זאָל בעטן סעלמער עידען, ער זאָל שפּילן, וואָס ער אַליין וויל? — האָט געפרעגט אַן אַלטע אומצופרידענע פריילין. יאָ, יאָ, — האָבן אַנדערע אונטערגעהאַלטן. און זיי האָבן ווייטער הויך אויפן קול רכילות געטריבן וועגן דעם. אָבער אַלע האָבן דאָך פאַרשטאַנען, פאַרוואָס פריילין ד'עספּאַר האָט געבעטן וועגן סיבעליוסן: ווייל זי איז געזעסן אויף דער סאָפע צוזאַמען מיט איר קאַוואַליער, אַ פינלענדער, אַן אַריסטאָקראַט מיט אַן אַלטן נאָמען פלעמינג, — אים האָט זי עס געוואָלט אַרויסווייזן אויפמערקזאַמקייט.

אַ שד אַ מיידל, די דאָזיקע ד'עספּאַר! נאָך מוזיק איז אייגנטלעך געווען די צייט צו גיין שלאָפן. אָבער פריילין ד'עספּאַר איז אַוועק שפּאַצירן. און געגאַנגען איז זי נישט אַליין, נאָר זי האָט מיט זיך גענומען דעם פינלענדער פלעמינג, וואָס אים איז פאַרבאָטן געווען מיט זיין ברוסטקראַנקהייט אַרומצוגיין אין דער קאַלטער אָוונטלופט. זיי זענען צוגעגאַנגען צו דעם באַראָמעטער, וואָס איז געהאָנגען אין אַ קאַסטן מיט גלעזערנע טירלעך. ווי ווייט זי קאָן זען אין דער פינסטער, באַווייזט ער אַ דריי-עק, אַ טרוקן וועטער

— יאָ, אָבער עס איז קאַלט, — האָט דער פלעמינג געזאָגט און האָט אויפגעהויבן דעם קראַגן פון מאַנטל.

די פרייליין האַלט, אַז מען דאַרף נאָר אַ ביסל שנעלער גיין. זי אַליין איז אַזוי לייכט אָנגעטון, אַז ס'איז פשוט אַ געלעכטער, און אויפן האַלז האָט זי גאָרנישט.

אָבער הער פלעמינג האָט געפרעגט, צי הענגט דאָרט נישט אין קאָרידאָר אַ פּלאַקאַט, וועלכער רעקאָמענדירט די געסט שלאָפן צו גיין צען דעם זייגער?

— יאָ, ריכטיק, דאָרט זענען דאָ פּלאַקאַטן וועגן וואָס איר ווילט.

לאַכט הער פלעמינג און זאָגט, אַז זי גייט אַזוי שנעל, אַז זי פאַרמאַטערט אים. ער האָט געאָטעמט שווער, געדריקט די האַנט צו דער ברוסט און שטיל געהוסט.

זיי האָבן זיך צוגעזעצט אָפּרוען.

— דאָס איז אויך איינע פון די זאַכן, וואָס זענען מיר פאַרבאָטן, — האָט ער דערקלערט.

— דאָס אויך?

יאָ, אַזוי שנעל צו גיין, ביז ער הויבט אָן צו הוסטן; אויך זעצן זיך רוען — דאָס איז אים אַלץ פאַרבאָטן.

— אַלץ פאַרבאָטן! — האָט זי געזאָגט ווי פאַר זיך. נאָכדעם האָט זי דערקלערט, אַז די פּ אַקאַטן הענגען נאָר פון די שלאָפלאָזע זקנים וועגן, — פאַר זיי, פאַר די יונגע זענען זיי נישט גילטיק!

זיי האָבן זיך אויפגעהויבן און זענען אוועק ווייטער. זיי זענען געגאַנגען אין דער ריכטונג צו דער טאַראַהוסער לאָנקע און האָבן געזען דניאלס הויפל מיט די קליינע הייזלעך. דאָ איז געווען אַזוי שטיל; קיין הונט, קיין רויך פון קוימען, די מענטשן האָבן שוין, אפנים, געשלאָפן, און די חיות אין שטאַל — מסתמא אויך.

— און דאָ לעבן אויך מענטשן! — האָט די פרייליין געזאָגט פול מיט מחשבות.

— יאָ, און ווער ווייסט, צי זיי לעבן דאָ נישט אפילו גליק-

לעבן? — האָט זיך הער פלעמינג געוווּנדערט.

די פריילין איז אין דער האַלבפינסטערניש אַוועק ווייטער, כדי גענויער צו זען; נישט קיין געפּאַרבטע קלעצער אין די ווענט, קיין גאַרדינען אויף די פענסטער, יעדעס הויז געדעקט מיט טאָרף. פאַרוואָס האָבן זיי נישט אויפגעהאָנגען קיין ווייסע גאַרדינען לפחות אין דעם נייעם שטיבל? דעמאָלט וואָלט עס גאָר פיין אויסגעזען מיט די דריי פענסטער. דער דאָזיקער מין מענטשן ווייסט נישט, ווי זיך געמיטלעך צו מאַכן.

— עס איז זיי שוין אויף זייער שטייגער געמיטלעך, — האָט הער פלעמינג געזאָגט — און גאָט ווייסט, אויב דאָס איז נישט דער בעסטער מין געמיטלעכקייט: די געמיטלעכקייט פון קליינע באַ־דערפענישן!

זיי האָבן צוריקגייענדיק גערעדט וועגן דעם. הער פלעמינג איז געווען רויק און מילד, אָן אילוזיעס, ווי געווייגלעך קראַנקע אין דער ערשטער סטאַדיע. שפּעטער קומען זיי צו זיך און קעמפן קעגן טויט, אָבער אין דער ערשטער סטאַדיע זענען זיי מוטלאָז און צעבראָכן פון זייער אומגליק. כדי אים פריילעכער צו מאַכן, האָט דאָס פריילין אים געבעטן דערציילן פון זיין היים, וועגן דעם גרויסן הויף אין פינלאַנד, מיט אַ שטיינערנעם פּאַלאַץ, און מיט מיילן ווייט פון פעלדער און וועלדער. אַרום האַלבע נאַכט זענען זיי געקומען אַהיים, דאָס איז געווען אַ ווייטער וועג, און הער פלע־מינג האָט אַ ביסל געהוסט. די טיר איז געווען פאַרשלאָסן, אָבער הער פלעמינג האָט שטיל אָנגעקלאַפּט מיט זיין דימענטענעם רינג אַן שויב, און מען האָט געעפנט.

אַלץ וואָלט געווען גוט, זיי וואָלטן אפילו נישט געדאַרפט די שלאָפלאָזע אַלטינקע צו באַאומרויקן, אָבער פריילין ד'עספאַר האָט געמוזט האָבן אַ בוך, וואָס איז פאַרבליבן אוודאי אין סאַלאָן, אָדער ערגעץ אַנדערש וו. זי האָט אָנגעהויבן אַרומצוואַנדלען דורך די סקריפּנדיקע טירן, געפונען איינס פון אירע ביכער, אָבער דאָס איז געווען נישט יענץ, וואָס זי האָט געזוכט, און זי איז געגאַנגען ווייטער, געפונען נאָך איינס, אָבער אויך ס'דאָזיקע איז געווען נישט, וואָס זי האָט באַדאַרפט; אַזוי אַרום האָט זי זיך געמוזט אומקערן,

און באַנוגענען מיט דעם ערשטן בוך.

אָ, די דאָזיקע ביכער, דער פרייליין ד'עספּאַרס! אומעטום, וו זי איז געזעסן און געלייענט, דאָרט לאָזט זי זיי, אויסשליסלעך פראַנצויזישע זענען זיי, ראָמאַנען, געלע העפטן, מיט ביליקן פּאַפּיר. אַלע די דאָזיקע ליטעראַרישע שמאַטעס זענען געווען דאָס וויכטיקסטע אין פרייליין ד'עספּאַרס פּעק, די ביכער האָבן זי געמאַכט שווער, זיי זענען שולדיק געווען, וואָס די קוטשערס האָבן זיך אונטערגעריסן, שלעפּנדיק די טשעמאָדאַנעס. אין יעדן בוך איז געווען פאַרשריבן דער פרייליינס נאָמען, יוליע ד'עספּאַר, כּדי קיינער זאָל קיין טעות נישט האָבן בנוגע דעם, ווער לייענט עס אין דער סאַנאַטאָריע פראַנצויזישע ביכער. אַמאָל פלעגט מען זי פרעגן איראָניש, צי לייענט זי נישט אָפּטמאָל עטלעכע ביכער פאַר אַמאָל, ווייל אַזוי פיל וואַלגערן זיך אַרום. און זי האָט געענטפערט אין איר נאָרוועגיש:

— איך רעכן, אפשר וויל עמעצער לייענען אַ פראַנצויזיש בוך — האָט ער עס.

— איך האָב נאָך אַפילו קיין צוואַנציקסטן טייל פון אונזערע נאָרוועגישע ביכער נישט איבערגעלייענט, — האָט עמעצער געענטפערט.

— ניין—נאָרוועגיש, — האָט פרייליין ד'עספּאַר געזאָגט.

דאָס איז געווען נאַריש, אָבער פיל זענען געווען באַליידיקט אויף דער פרייליין, זי איז געווען אַזוי אויסלענדיש, העכער פאַר דעם אַלעמען, וואָס אַרום איר, און פאַר די אָנגענומענע מנהגים. אַלטע מיידלעך פון גלהישע הייזער האָבן געמיינט, אַז עס איז געווען צו גלייבן אין גאָט און גיין אָנשטענדיק געקליידט צווישן מענטשן. זיי פלעגן ביינאַכט נישט אַרומגיין און סקריפּען מיט די טירן, אָבער פרייליין ד'עספּאַר האָט עס יאָ געטון. אינדערפרי האָבן זיי זיך געקלאָגט פאַרן אינספּעקטאָר, דער אינספּעקטאָר האָט געהאַט אַ שמועס מיט דער ווירטשאַפטערין, די ווירטשאַפטערין איז געגאַנגען צום דאָקטאָר. יאָ, דער דאָקטאָר איז אויך געווען פון דער זעלביקער מיינונג, אַז אַזעלכע אומאָרדנונגען טאָרן נישט דערלאָזט ווערן. ער האָט זיך, ווי געוויינלעך, לייכט באַ-

צווינגן דערצו, האָט זיך געחיצלט מיט דער אַלטער, געלויבט זיי׳ האָס, אויף קיין זאַך נישט געקוקט, האָבן זיי זיך אין טאָראַהוס גוט פּאַריכט. דער פרײַלין ד׳עספּאַר האָט ער געמאַכט אַ פּאַנאָק מיטן פינגער, זי זאָל זיך היטן און אַרויסגערופן ביי איר אַ געלעכטער. אָ, מיט איר האָט ער גאָרנישט געקאָנט מאַכן, זי האָט געהוסט, ווי מיט מאַנספּיל צו באַגיין זיך. דאַן איז ער געגאַנגען צום הער פלעמינג! — אַ ברוסט-קראַנקער וואָלט בעסער געדאַרפט די נעכט פאַרברענגען אין בעט.

— איר וואָלט גלייכער שפּאַצירן גיין ביטאָג, — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט צום הער פלעמינג.

— יאָ.

— ביטאָג, אויף דער זון.

- אַך, יאָ, אָבער צו וואָס איז דאָס אַלץ? וואָס לאָזט מען מיך אַזוי לאַנג מאַטערן זיך! — האָט הער פלעמינג געפרעגט אַ בלייכער פון דער פרימאָרגנדיקער קעלט און פון אומעטיקייט, — איר זעט מיינע נעגל — ווי בלוי זיי זענען געוואָרן.

— די נעגלך ווייס איך! ליבער וואָלט איר אַרונטערגעגאַנגען כאַפּן פּאָרעלן אין די אָזיערעס דאָרט, אויבן.

— אויפן זון קאָן מען קיין פּאָרעלן נישט כאַפּן.

— אָבער דאָך, אויף אַ פליג. פאַראַן מענטשן, וואָס כאַפּן אויף אַ פליג, דאָ פון דער לאָנקע, למשל. מיר וועלן שוין געפינען אַזעלכע גוטע ערטער. איך וועל מיט אייך מיטגיין.

— זעט איר, הער דאָקטאָר, איך האָב היינט ביינאַכט ווידער באַטראַכט מיין ברוסטקאַסטן; די לינקע זייט איז נידעריקער.

— האַהאַ! — האָט זיך דער דאָקטאָר פונאַנדערגעלאַכט. — נישטאָ קיין מענטש, וואָס ביידע זייטן פון דעם ברוסטקאַסטן זאָלן ביי אים זיין גלייך, נישטאָ אַזעלכער! ניין, נעמט זיך נאָר נישט צום האַרצן. איר שפּייט דאָך נישט מיט בלוט?

— פיל נידעריקער, — האָט הער פלעמינג איבערגעחזרט, — דערצו שוויץ איך ביי דער נאַכט.

— אָבער איר שפּייט דאָך נישט מיט בלוט?

— איך הוסט אָבער, איך האָב געהוסט היינט ביינאַכט, ווען איך בין געגאַנגען שפּאַצירן.

— זעט איר! — האָט דער דאָקטאָר אויסגעשריגן. — דאָס האָט אייך פרײַלין ד'עספּאַר צוגעגעבן אַזאַ מוט!

— ניין, ניין, איך האָב עס אַליין געוואָלט, דאָס האָב איך איר געזעלשאַפט געזוכט.

— רעכט. זוכט וויפל אייער האַרץ גלוסט, נאָר ביי טאָג.

— ווײַבאַלד איר האָט שוין דערמאָנט די פרײַלין ד'עספּאַר, — האָט הער פלעמינג געזאָגט — דאַרף איך אייך זאָגן, אַז איך בין איר זייער דאַנקבאַר, וואָס זי פאַרברענגט מיט מיר די צייט. זי איז אַזאַ פריילעכע און מוטיקע. איך פיל אין איר אַ שטיצע. מיר רעדן וועגן אַזוי פיל זאַכן, איך דערצייל איר וועגן מיין היים.

— הערט זשע, — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט, כּדי צו ענדיקן דעם שמועס — איר זאָלט זיך לייגן שלאָפן צען דעם זייגער און ווידער געזונט ווערן.

הער פלעמינג האָט איבערגעחזרט זיינע ווערטער:

— ווידער געזונט ווערן? דאָס וועל איך, הייסט עס, ווידער געזונט זיין? — און זיין שמייכל האָט אויסגעדריקט ספק.

— ווידער געזונט, — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט באַשטימט און אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, — איצט וועט איר ביי מיר באַקומען טראָפּנס צום הוסט.

אַ האָפנונג האָט זיך אָנגעצונדן אין הער פלעמינגס אויגן, זיינע ליפּן האָבן געציטערט, ווען ער האָט געפרעגט.

— איר גלויבט דאָך נישט, אַז איך וועל געזונט ווערן?

דער דאָקטאָר האָט אויף אים אויסגעשטעלט די אויגן: איר וועט נישט געזונט ווערן, איר זענט אפשר משוגע?

— דאָס וואָלט געווען צו גוט... צו גוט..!

— קומט זשע, איך וועל אייך געבן טראָפּנס.

אין הײַנט האָט הער פלעמינג אָנגעהויבן מסכּים צו זיין מיט דעם דאָקטאָרס מיינונג, אַז ער קאָן באמת אפשר זיך פאַרריכטן.

— ניין, איך שפּיר איצט באמת נישט מער מיט קיין בלוט, — האָט ער געזאָגט. — דאָס זענט איר געריכט. נאָר פונוואַנען זאָל עס שטאַמען? מיט איין חודש צוריק האָב איך געשפּיגט מיט בלוט, נישט זייער פיל, נאָר עטלעכע מאָל, אָבער מיר האָבן דאָך פיל ליטער בלוט אין זיך, וואָס זשע פאַר א באַדייטונג קאָנען האָבן עטלעכע שפּייען. און זינט איך בין אַהערגעקומען האָב איך שוין מער נישט געשפּיגט. איר מיינט, אַז עס האָט שוין גאָר אויפגעהערט?

דער דאָקטאָר האָט הער פלעמינגן אָפּגעהאַלטן, געבעטן אויסגלייכן זיך און קוקן אים אין די אויגן. דאָס איז געווען א דאָקטאָריש שפּיצל אָדער ער האָט געוואָלט מאַכן א שטאַרקן איינדרוק. פּלוצלינג האָט ער זיך פריילעך פונאַנדערגעלאַכט און געזאָגט:

— איר, מיט אייער שטאַרקן בוי פון קערפּער! א ריז, וואָס שטאַמט פון אַן אַלטער געזונטער ראַסע! איך קען נישט קיינעם, וואָס זאָל פון דער נאַטור זיין בעסער באַשאָנקען, איידער איר. מיר דאַרפן נאָר דעם שפּיץ פון דער לינקער לונג ביי אייך פּאַרציען, דעמאָלט זענט איר ווידער געזונט.

הער פלעמינג האָט געשמייכלט פון פאַרוואונדערונג און פון דאַנקבאַרקייט.

— א דאַנק, א דאַנק, — האָט ער געזאָגט.

— אָבער קיינע נאַכט-וואַנדערונגען אויף דער פייכטער לופט. געדענקט עס!

און זיי זענען אוועק נאָך די טראָפּנס.

יאָ, דאָס איז שוין געווען ריכטיק. הער פלעמינג איז געווען גוט באַשאָנקען פון דער נאַטור. אָבער, אפנים, אַז די נאַטור האָט איר וואָרט, דעם צוזאָג, וואָס זי האָט אים געגעבן, איצט געוואָלט צוריקנעמען. עס איז געווען א רחמנות צו קוקן, ווי אַזא יונגער מאַן ווערט פאַרדאַרט. דעם דאָקטאָרס טרייסט איז אים גיגאַנגען זייער צום האַרצן, ער האָט זי געדאַרפט, און ער איז דעם גאַנצן טאָג געווען אין א בעסערער שטימונג. דאָס וואָלט געווען א קונץ, ווען ער גאַרט אָפּ דעם גורל און ווערט געזונט,

באמת א קונץ. ער האָט זיך געזעצט און אָנגעשריבן א פריילעבן בריוו אַהיים: א וווּנדערלעך אָרט דער דאָזיקער טאָראַהוס אין נאָרוועגיע, קראַנקע מענטשן ווערן דאָ געזונט איינער נאָך דעם אַנדערן. אָבער דער דאָקטאָר איז אויך אַזאַ, וואָס פאַרשטייט זיך זיין זאַך. סאַר א טראָפּנס ער גיט צום הוסט! סאַר א זיכערקייט! סאַר א וויסן אין אים שטעקט — האָט ער געשריבן.

ווען הער פלעמינג האָט זיך אין אָוונט געלייגט שלאָפן, האָט אים זיין ברוסטקאַסטן אויסגעזען נאָך מער איינגעפאַלן צו זיין. פונוואַנען קומט עס? זאָל עס טאַקע עפּעס ערנסט זיין מיט דער ברוסט? ער האָט זיך באַטראַכט אין שפּיגל, האָט זיך גענוי אויסגעמאָסטן מיט די אויגן, האָט אָנגעדריקט אויף דער רעכטער זייט, כדי אויסצוגלייכן זי מיט דער לינקער, אָבער די לינקע איז געווען און געבליבן טיפער. אַזוי זיך, א קליין ביסעלע נידעריקער פאַר דעם שפּיץ לונגען, אָבער גענוג, אַז הער פלעמינג זאָל ווידער אַריינפאַלן אין אומעט. ער האָט זיך געלייגט, נאָר לאַנג נישט געקאָנט איינשלאָפן פון מחשבות. אים איז געקומען א מאָדנער רעיון אין קאָפּ, אַז פרייליין ד'עספּאַר וואָלט אים שוין אויסגעהיילט, ווען זי וואָלט געווען א דאָקטאָרין. ער האָט מיט איר חתונה געהאַט, וואָלט זי אים שוין אויסגעהיילט. זיינע געדאַנקען האָבן אים ווייטער געפירט און זענען געוואָרן, ווי געווינלעך, ווען ער פלעגט זיך אין אָוונט לייגן שלאָפן, אַלץ הייסער; זיי זענען געוואָרן געפערלעך און נישט צניעותדיק, אומדערטרעגלעך. ער האָט זיך שעה־לאַנג געדרייט, איידער ער איז איינגעשלאָפן. ווען ער האָט זיך ביינאַכט אויפגעכאַפּט, איז ער געווען נאַס פון שווייס.

דער פרימאָרגן איז געקומען. איז ער עס געווען איינער פון די, וואָס אָן לאַבן און זינגען קאָנען זיי די אויגן נישט עפענען? ניין, ניין, וואָס פאַר א גרונד האָט ער געהאַט דערצו! ער האָט פאַרנומען זיין אָרט ביים טיש צום פרישטיק אָפּהענטיק און שום אָן אַפּעטיט. ער האָט א קוק געטון אויף פרייליין ד'עספּאַרס טעלער, זי האָט נאָך נישט געגעסן. וואָס האָט ער פון איר געוואָלט? גאָרנישט. זי האָט געהערט, וואָס ער רעדט און איז פאַר-

בייגעגאַנגען נישט באַמערקנדיק אים, זי איז געווען שיין און געזונט, אַ פּראַכטפולע פרי. ווען זי איז געקומען, האָט ער זיך שוין געפילט מיד פון איר און האָט זי באַגריסט אָן חשק.

— גוט געשלאָפן? — האָט זי געפרעגט.

ער האָט נאָר אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

— מיר וועלן גיין אַביסל, — האָט זי געזאָגט.



אין דער מאָראַהוסער סאַנאַטאָריע איז אַלץ געגאַנגען מיטן געוויינלעכן וועג. אפשר נישט אַזוי אַלץ, ווי עס וואָלט באַדאַרפט, מיט גלאַנץ און פולער מוזיק און מיט גוטע רווחים, אָבער דאָס האָט מען דאָך אין אָנהויב אַפילו נישט געקאָנט דערוואַרטן, דאָס וועט שוין שפּעטער קומען. די פאַרוואַלטונג האָט געהאַט דעם בעסטן ווילן צו טון אַ גוטע זאַך. דער דאָקטאָר איז געווען האַרציק גוט, און האָט געזאָרגט וועגן אַלעמענס געזונט. די ווירטשאַפטערין איז געווען אַ דאַמע מיט דערפאַרונג אין פירן אַ הויז און אין אויפפּאַסן קראַנקע. דער אויפזעער איז געווען אַן אַלטער ים-מענטש, אַ ווילער יונג, וועלכער האָט מיט די געסט אין קאָרטן שפּילן געקאָנט און אַפילו אַ גלעזעלע אויסטרינקען, ווען ס'האָט זיך געפאָדערט צו שאַפן פריילעכקייט.

נאָכדעם איז דאָ געווען אַדוואָקאַט ראָבערטסאָן, וואָס האָט צוזאַמען מיטן דאָקטאָר אין אַלץ זיך געמישט. יאָ, ער פלעגט אָפט אַריינפאָרן קיין מאָראַהוס, אויף דער גאַנצער אַנשטאַלט השגחה געבן און די ביכער דורכקוקן, ווייל ער איז געווען דער הויפּט-פירער פון דער אַנשטאַלט. אַ גוטער קאָפּ, אַן אויסגעצייכנטער מענטש, ער האָט דער ערשטער געגריסט דער דינערשאַפט, הגם ער איז געווען דער באַלעבאָס, האָט זיך נישט געהאַלטן גרויס קעגן די געסט, זיי אָפּגעטראָטן דעם וועג און פאַר די דאַמעס אויפגעעפנט די טירן.

דעם לעצטן מאָל איז ער געקומען אין דער סאַנאַטאָריע

אין אַ פיינער געזעלשאַפט, דהיינו — מיט דעם ווייב פון אַן ענגלישן מיניסטער און מיט איר נאָרוועגישער דינסטמיידל. אַדוואָקאַט ראָבערטסאָן האָט זיך טיף פאַרנייגט, האָט צוגעגרייט אַ צימער, האָט די קעלנערס אָפּגעגעבן באַפעלן און געטון אַלץ, וואָס ער האָט געקאָנט פאַר דעם מיניסטאָרישן ווייב. זי פון איר זייט האָט אַלע אויפמערקזאַמקייטן זיינע אָנגענומען ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט און נאָכדעם געדאַנקט. זי איז געווען אַ דאַמע שוין פון רייפן עלטער, מיטן מאַן זיך צעגאַנגען, אָבער מיט נאָך נישט קיין אויסגענוצטע רעזערוון, מיט פודער אויפן פנים, אין אַן ענגן קאָרסעט און מיט אַ שמייכעלע. דער אַדוואָקאַט האָט שטאָלצירט מיט דעם דאָזיקן גאַסט, און געבעטן די ווירטשאַפטערין, זי זאָלן וועגן איר גוט זאָרגן, זי זאָל פשוט ביי דעם נאָרוועגישע דינסטמיידל, איר טאָלמאַטש, פרעגן, וואָס זי פאַרלאַנגט. מען קאָן נישט זאָגן, אַז דער לעדי זאָל עפּעס פעלן, נאָר פשוט, זי איז געווען אַ פיינע דאַמע, וועלכער עס האָט זיך געוואָלט פאַרברענגען אין די נאָרוועגישע בערג און האָט זיך, ווי מען האָט געקאָנט דרינגען לויט אירע פּעק און איר צירונג, אַזוינס טאַקע געקאָנט דערלויבן. אויף יעדן פאַל האָט אַדוואָקאַט ראָבערטסאָן אויך מיט דעם דאָקטאָר וועגן איר געשמועסט: ער זאָל וועגן איר זאָרגן, זי קאָן זיין ווי אַ מאַגנעט, וואָס וועט אין סאַנאַטאָריע צוציען פיל געסט. יאָ, דער אַדוואָקאַט איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט דעם אויפזעער אָנגעוויזן, ער זאָל אַראָפּנעמען דעם הוט און שטיין מיט אַ הוילן קאָפּ, ווען דאָס מיניסטאָרישע ווייב וועט זיך זעצן אין וואָגן. און אויפזעער סווענדסען, דער ווילער יונג, איז געווען אַמאָל אַ מאַטראָס און האָט געקענט דער „מילעדיס" שפּראַך.

— Very well! — האָט ער געזאָגט.

דערמיט האָט אַדוואָקאַט ראָבערטסאָן דאָס מאָל פאַרענדיקט.

דאָ איז סעלמער עידע, דער פּיאַניסט, צוגעגאַנגען און געבעטן די ערלויבניש צו רעדן מיט אים אַ פּאָר ווערטער, איידער ער וועט אָפּפאָרן. אָ, דער הער אַדוואָקאַט האָט גוט געוווּסט,

וואָס עידע וויל, פונדעסטוועגן האָט ער געענטפערט: בימע זייער, הער עידע!

זיי זענען אָפּגעטראָטן אַן אַ זייט, און דער פּיאַניסט האָט גענומען רעדן ברייט וועגן זיין ענין: דאָס איז געווען דאָס אַלטע לידל וועגן דעם, אַז פאַר אים איז קיין ציל נישט דאָ צו בלייבן, ער וויל און מוז אַוועקפאָרן, די טעג און די וואָכן גייען פאַרביי, און ער קאָן זיך נישט אויסקלויבן קיין פאַריז. אפשר וואָלט דער הער געשווירענער פונם אויבערגעריכט אים איצט אַן עצה געבן?

— קיין פאַריז? יאָ, איך זאָג נאָך אַמאָל; איך פאַרשטיי עס, דאָ איז דען קיינער נישטאָ אַזעלכער, צו וועמען מ'וואָלט זיך גע-קאָנט ווענדן? אָבער אין משך פון זומער וועט שוין געוויס עמע-צער קומען — אין אַזאַ אָרט, ווי דאָ, קומען רייכע לייט, זייט זיכער.

— איך האָב שוין געטראַכט וועגן הער בערטעלסען, — האָט דער פּיאַניסט געזאָגט.

— האָט איר מיט אים גערעדט?

— ניין, ס'איז נאָר געווען ביי מיר אַזאַ געדאַנק.

— יאָ. וואַרט נאָר ביז הערבסט, עס וועט זיך שוין געפינען אַן אויסוועג, איך ווייס.

און הגם דער אַדוואָקאַט האָט געהאַט אַזאַ אויסזען, ווי ער וואָלט געוווּסט פיל, נאָר ער וויל נישט אויסזאָגן, האָט אים הער עידע איבערגעריסן אומגעדולדיק:

— ניין, ביז הערבסט זענען נאָך געבליבן חדשים, און איך מוז איצט פאָרן, די צייט לויפט.

איצט? ניין, טוט עס נישט. ווייסט איר, ווער ס'איז גראָד איצט אָנגעקומען אַהער, אַן ענגלישע לעדי, אַ מיניסטערס ווייב. זעט איר? דאָס איז אַן עולם, וואָס פאַר אים לוינט צו שפּילן. זי קאָן זיך מיט אייך פאַראינטערעסירן.

— ענגלענדער קוקן נישט אויף מוזיק, — האָט הער עידע מיושבדיק געזאָגט.

— אַזוי? אַהאָ, עס וואָלט געהאַט אַ שיינעם פּנים, אויב גראָד ווען זי איז געקומען, וואָלט איר דאָ נישט זיין. אפשר זאָגט ז,

דירעקט ארויס דעם חשק צו הערן מוזיק, און איר זענט נישטאָ?

— עס זענען דאָ פאַראַן עטלעכע דאַמען, וואָס קאָנען צימבלען.

— יאָ, אָבער אויף וויפיל איך האָב פאַרשטאַנען, ווייל זי האָבן גוטע מוזיק. — הערט נאָר, — האָט דער אדוואָקאַט פּלוצלינג געזאָגט — אָפּגעמאַכט! איר פאַרבלייבט דאָ ביז הערבסט, דאַן גיט אייך איינער פון דער סאַנאַטאָריע אַ סטיפּענדיע.

— ווער? — האָט דער פּיאַניסט געפרעגט פּלוצלינג אויפגעלעבט.

דער אדוואָקאַט האָט געענטפערט:

— איך האָב עס אייך, אייגנטלעך, נישט געדאַרפט זאָגן, אָבער רעדט זיך אָקאָרשט דורך מיט הערן בערטעלסען. איר ווייסט, ווער הער בערטעלסען איז? פירמע בערטעלסען און זון, זייער אַ רייכער מענטש, האָט ליב די קונסט. גריסט אים, און זאָגט אים, אַז איר האָט מיט מיר גערעדט.

ווי האָט עס געקאָנט זיין, וואָס אדוואָקאַט ראָבערטסאָן האָט מיט דעם דאָזיקן קלאַווירשפּילער גערעדט, פּונקט ווי ער וואָלט דאָ געזען דאָס סאַמע נויטיקע דינסטמיידל? דער יונגער מאַן האָט אליין געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער איז עפּעס אַן אומגעווינלעכער, דער איינציקער, און האָט קיין גלייכן צו זיך נישט אויף דער ערד. ער האָט געקאָנט צושטיין, זיין טאָן איז געווען אומגעוויינלעך פאַמיליער, גלייך ווי מען וואָלט אים שוין פיל מאָל עפּעס צוגעזאָגט, און ער האָט עס נאָך נישט דערהאַלטן. און דער אדוואָקאַט האָט עס דערלאָזן. אויב עפּעס האָט איך דעם געשטעקט, איז עס יעדנפאַלס געבליבן נישט אויפגעקלערט, ווייל דער אדוואָקאַט איז פּלוצלינג אָפּגעגאַנגען.

אָבער גאָרנישט האָט אין דעם נישט געשטעקט. אדוואָקאַט ראָבערטסאָן האָט נאָר אַזוי גערעדט, כדי אויסצומיידן מיט עמעצן זיך צו קריגן, אפילו מיט דעם מוזיקאַנט פון דער סאַנאַטאָריע. ער האָט ערגעץ דעם דאָזיקן אומפאַרשעמטן יונג אויסגעגראָבן, און כדי אויסצומיידן אומאַנגענעמלעכקייטן, האָט ער אים איצט

פּראָטעזשירט. דער אַדוואָקאַט איז געווען דער אמתער באַלעבאָס, אַ גלאַטער, פריינטלעכער מענטש.

ווען ער האָט זיך שוין געזעצט אין וואָגן, האָט מען אים ווידעראַמאָל אַרויסגערופן, כּדי איינצואָרדנען עטלעכע זאַכן. דאָס האָט נעהאַט אַ שייכות צו דער פּאָסט פאַר די געסט: — ערשטנס מוז מען האָבן אַ שטענדיקן בריוונטרעגער מיט אַ קאַנט אַרום הוט, — און צווייטנס בנוגע צו דעם קעגל־שפּיל — דער פּייטער באָדן איז שוין געוואָרן אין גריבער, מוז מען עס ווידער אין אָרדנונג ברענגען. די געסט האָבן זיך דערויף געקלאָגט.

אָבער דערנאָך איז שוין דער אַדוואָקאַט אָפּגעפאָרן.

אין טאָראַהוס זענען ערשט געווען פון צוועלף ביז פופצן געסט, אַזוי אַז מען האָט דעם גרויסן עס־זאַל מיט די לאַנגע טישן אויף אַכציק מאַן נישט גענוצט. דאָס איז געקומען שפּעטער. די געסט האָבן געגעסן אין דאַמענסאַלאָן, אַזאַ צימער, אין וועלכן די דאַמען האָבן זיך דאָך קיינמאָל נישט געפונען, ווייל זיי איז בעסער געפעלן דאָס רויכער־צימער פאַר די מאַנסביל. זיי פלעגן בעסער זיצן דאָרטן, טרינקען זייער קאַווע, קוקן אין אַ בלאַט און אונטערהוסטן אין דעם רויך. די מילעדי, ווי מען האָט זי גערופן, האָט זיך געהאַלטן אָן אַ זייט, און אַזוי ווי זי האָט געגעסן אין אַן אַנדער צייט, נישט מיט די איבעריקע געסט, האָט מען זי ווייניק אָנגעזען. זי האָט געגעסן דעם מיטאָג — דאָס הייסט אַלזאָ „אין מיטן טאָג" — אַכט אַ זייגער אין אָוונט, טיי האָט זי געטרונקען צו יעדער צייט, וואָס זי האָט געוואָלט, און איר עסן איז באַשטאַנען פון שינקע מיט אייער און צוגעפּרעגלטן ברויט!

אַזוי האָט זיך איינער אַרום דעם אַנדערן געדרייט די דאָזיקע צוועלף ביז פופצן מענטשן פאַר דער צייט, וואָס זיי האָבן זיך דאָ אויפגעהאַלטן, האָבן גערעדט וועגן טאָגטעגלעכע זאַכן און דערציילט איינער דעם אַנדערן וועגן זייערע קראַנקהייטן: אָ, נישט אומזיסט האָבן זיי געמאַכט דעם פּרווו מיט דער באַרג־ופּט. זיי האָבן קיין אַנדער אויסוואַל נישט, זיי האָבן שוין פריער אַלץ אויסגעפּרווט, איינער האָט געליטן אויף אַ פאַרדאָרבענעם

מאָגן און האָט צו יעדן מאָל עסן גענומען פילן און זאַלצן, א צווייטער האָט געהאַט פּאַדאַגרע, א דריטער — הונדן אויפן פּנים, א פערטער האָט געשפּיגן מיט בלוט. ווען זיי זענען אַרויס אין דרויסן, האָט זיך יעדער איינציקער אויסגעשטאַט אויף זיין שטייגער: אייניקע האָבן געזאָרגט פאַר דער ברוסט, אַנדערע פאַרן רוקן, אַנדערע ווידער פאַר די פיס, די האָבן געטראָגן שאַלן, די — פעלצן, אייניקע האָבן אָנגעטון שוואַרצע פראָסט-שיידלעך איבער די אויערן, אַנדערע — בלאָע אָדער גראָע ברילן אויף די אויגן. אַלע האָבן זיך געוווערט, קיינער האָט נישט געוואָלט שטאַרבן.

אָבער דאָך האָט איינער פון זיי יאָ געוואָלט שטאַרבן. אויף אים האָט מען געדאַרפט אַביסל השגחה געבן, ווייל ער האָט געהאַט א געוויסע נייגונג צו זעלבסטמאָרד. א יונג, וואָס אָט איז ער געווען לעבהאַפט און גרייט אַלעמען צו פאַרטשעפּען, און באַלד ווידער פאַרזונקען אין שווייגן און אין מעלאַנכאָליע. דער דאָקטאָר האָט בסדר געמוזט מיט אים ערנסט רעדן. אייגנטלעך, האָט ער געדאַפט געפינען זיך אין א פּאָסיקער אַנשטאַלט, אָבער ער האָט געהאַט געלט און געקאָנט צאָלן. דער דאָקטאָר האָט, איבעריקנס, נישט געגלויבט, אַז ער זאָל זיך אַליין א מעשה אָנטון.

דער דאָזיקער מענטש האָט אין זיך גאָר קיין שיינס נישט געהאַט, ער איז נישט געווען קיין פאָלקאָמענהייט: ברייט אין די אַקסלען, אָבער מיט שוואַכע פיס; ער האָט אויסגעזען ווי א פּראָדוקט פון א שילער, א לערנייִנגל אין דעם פאַך, און פון א דינסטמיידל. זיין געלט האָט ער באַקומען בירושה. די געסט האָבן אים גערופן פּשוט „דער זעלבסטמערדער".

ווען דער דאָקטאָר האָט מיט אים גערעדט, האָט ער פון אים באַקומען פון א גראָשן רעשט. לכתחילה האָט דער דאָקטאָר געמיינט, אַז ער קאָן אים ווי אַנדערע פּאַציענטן באַהאַנדלען לייכט און מיט א וויץ, אָבער ער האָט זיך דערפון געמוזט גלייך אָפּזאָגן.

— ס'וועט זיין רעכט, — האָט דער זעלבסטמערדער געזאָגט

און אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

— וואָס וועט זיין רעכט? — האָט דער דאָקטאָר געפרעגט.

— אַזוי, איך טראַכט וועגן עפּעס; דאָס וועט מיר שוין געלינגען, אויב נישט היינט, איז מאָרגן.

— איר מיינט זעלבסטמאָרד?

— יאָ, נאַטירלעך, וועגן דעם רעדן מיר דאָך. עס וועט גיין.

דער דאָקטאָר האָט אַ שמייכל געטון און געפרעגט:

— איר מיינט, מען קאָן זיך דערצו צוגעוויינען?

דער זעלבסטמערדער האָט רויק געטראַכט, אַז דאָס איז עפּעס אַזוינס, וועגן וואָס דער דאָקטאָר האָט קיין השגה נישט.

— איך זוך אַ פּאַסיקע פאָרם דערפאַר. איך וועל דאָך מיר נישט נעמען דאָס לעבן אויף אַ פּשוטן אופן.

— דעריין זענט איר זייער גערעכט.

דער זעלבסטמערדער האָט אויף אים געוואָרפן אַ בייזן בליק.

— הערט אויף, הער דאָקטאָר! וואָס קריכט איר מיט אייער חייבערישן שכל רעדן וועגן אַזעלכע זאַכן, האָס איר פאַרשטייט נישט? דאָס איז קיין קונץ נישט אָנצוטון זיך אַ שטריק אויפן האַלז. צי האָט איר אָבער אַ טראַכט געטון, אַז דער זעלבסטמאָרד קאָן דערנידעריקן דעם מאָרד?

אויף דער דאָזיקער משונהדיקער פראַגע האָט דער דאָקטאָר נישט געענטפערט.

— זעט איר, דאָס פאַרשטייט איר נישט, אַז אַזאַ געדאַנק קאָן דעם מענטשן אָפּהאַלטן. אויפהענגען זיך — דאָס איז דאָך קיין קונץ נישט, דאָס קאָן טון יעדער, דאָס קאָנט איר אַפילו.

— ניין, איך דאַנק.

— איר האַלט עס דאָך יאָ געקאָנט טון, דערויף דאַרף מען זיך אַפילו נישט באַמיען.

— אָבער זאָגט מיר, — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט און געפרעגט רעדן מיט וואָג — איר קאָנט גאָר פון דעם דאָזיקן אומזין זיך נישט אָפּזאָגן, הער מאַגנוס? אין דעם נאַרישן טויט שטעקט

אפשר פיל מער, איידער איר מיינט. מיר, דאָקטוירים, האָבן זיך עס גענוג אָנגעזען.

דער זעלבסטמערדער האָט אויגנבליקלעך געמאָלדן: „מיר דאָקטוירים" האָבן גאָרנישט נישט געזען פון דעם, וואָס איך מיין.

— וואָס ווייסט איר, אייגנטלעך, וועגן דעם, וואָס הייסט שטאַרבן?

— ניין, — האָט דער זעלבסטמערדער געענטפערט — פון אייגענער דערפאַרונג גאָרנישט.

און ער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג מיט דער האַנט, אַ סימן, אַז דער שמועס האָט זיך געענדיקט.

עס האָט אויסגעוויזן, אַז זיין ענטפער האָט אים אַליין הנאה געטון. עס איז אויך מעגלעך, אַז זיין פּלוידערן וועגן דעם, אַז זעלבסטמאָרד איז אַן אומכּבוד פאַר דער אידעע פון מאָרד, זע־נען געווען פּוסטע דיבורים, אַן אויסרייד, כּדי זיך נישט צו הענ־גען. בכלל האָבן די רייד פון דעם זעלבסטמערדער געקלונגען נישט אויפריכטיק, ס'איז אין דעם געווען צופיל אָנשטעל. ער האָט אָבער דאָך געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ צעפּייניקטן מענטשן, זיין יונג פּנים איז געווען פון גריבלען זיך און פון ליידן פאַר־חושכט.

די פּאַציענטן האָבן נישט געהאַט וואָס צו טון. זיי איז אויסגעקומען מער נישט ווי אַרומהאַנדלען איבער דער געגנט, שטודירן די פּלאַקאַטן און די וועג־אָנווייזונגען, צוזאַמען זיצן ביי אַ גלאָז סאָדע־וואַסער מיט קאָניאַק, אָדער צו ליגן אויף דער זון אויף איינער פון די לאַנגע וועראַנדעס, און ווידער איבערקייען די רייד וועגן זייערע ווייטיקן. זיי האָבן שטענדיק געזוכט מיט געפיל איינער ביי דעם אַנדערן, און עס פלעגט נישט לאַנג דויערן, ביז זיי פלעגן די ריכטיקע מענטשן געפינען און ווערן ווי אַלטע באַקאַנטע.

— אָ, — פלעגט איינער זאָגן — ווען דער ליבער טויט באַ־פרייט מיך פון דער דאָזיקער פּאָדאַגרע!

— יאָ, פּאָדאַגרע איז נישט גוט, — האָט אַן אַנדערער גע־

קאָנט ענטפּערן — דאָס איז די ערגסטע פּלאָג, וואָס גייט אויף דער וועלט!

דאָס האָט געהאָלפן, דאָס האָט געלינדערט די ליידן, און דאַן פלעגט קומען אַ צווייטער אויף דער ריי, וועלכער האָט פאַר זיך געזוכט מיטלייד.

בכלל האָבן זיי וויניק אייגנטימלעכקייט געהאַט אין זיך. פּאַציענטן זענען אַלע מאָל גלייך. דער זעלבסטמערדער איז געווען אפשר דער אייגנאַרטיקסטער צווישן זיי. נאָך אַ מערקווירדיקע געשטאַלט איז, אגב, געווען דער, וואָס מיט די ווונדן אויפן געזיכט. זיינע ווונדן האָבן זיך ערשט נישט לאַנג באַוויזן, דאָס זענען געווען לעבער און האַרטע ביילן אויף דער הויט, וועלכע פלעגן נעצן און פאַרוואַנדלט ווערן אין ווונדן. ווען די ווונדן האָבן זיך אויף איין אָרט אויסגעהיילט, האָבן זיי צוריק זיך אויסגעשלאָגן אויף אַ צווייטן אָרט. ענדלעך האָבן זיי זיך באַוויזן אויף די אויגן, אַפילו אויף די אויג־אַפּלען, עס האָט אויסגעוויזן גלייך ווי זיין גאַנצער קערפּער וואָלט אָנגעזאַפּט זיין מיט גיפט. דער דאָזיקער מענטש איז געווען אין איין עלטער מיט דעם זעלבסטמערדער, אויך אַ יונגער, נאָך אונטער דרייסיק, און ביידע זענען זיי גע־וואָרן אַ פּאָר.

דער מענטש מיט די ווונדן איז אויך נישט געווען קיין נאַר, ער האָט זיך געקאָנט וויצלען איבער אַנדערע גענוי אַזוי גוט ווי איבער זיך אַליין און איבער זיינע ווונדן. ער איז געווען אַ זון פון אַן אַקציאָנאַטאָר, לויט ער האָט דערציילט, און עס איז אים נישט באַזונדער גוט געגאַנגען, אָבער אין סאַנאַטאָריע האָט ער געצאָלט; אין דער הינזיכט איז אַלץ געווען אין אָרד־נונג. אָפּטמאָל פלעגט ער פון פאָטער באַקומען בריוו מיט אַ צען־קראָן־שטיק אויף עקסטרע הוצאות: דאָס איז געווען באַשטימט אויף קאָרטן. איז ער דאָ אַרומגעגאַנגען, ווי אַלע אַנדערע, און האָט פאַרטיידיקט זיין לעבן מיט באַרגלויפּט און מיט דער השגחה פונם דאָקטאָר, גאַנץ נישט עלעגאַנט געקליידט אין אַ ברוינעם סוועטער און אין אַ ספּאָרטהעמדל, וואָס איז אויף דער ברוסט געווען צוזאַמענגעשנורעוועט מיט אַ שיך־בענדל; דאָס שיך־בענדל

האָט געהאַט מעשענע שפּיצן אויף די עקן. ער האָט געהייסן אַנטאָן מאָס, ער האָט באַשולדיקט דעם זעלבסטמערדער, אַז יענער טרינקט צופיל, הגם ער האָט קיינמאָל גאָר נישט געטרונקען אויסער װען-נישט-װען אַ גלאָז זעלטער מיט קאָניאַק.

— װי קאָנט איר האָפן, אַז איר װעט פּטור װערן פון אייער אידעע-פיקס, װיבאַלד אַז איר טרינקט? — האָט מאָס גע-זאָגט.

דעם זעלבסטמערדער איז געװען זייער לייכט צו צערייצן. ער האָט געענטפערט מיט כּעס, אַז ערשטנס, האָט ער קיין אידעע-פיקס נישט, צװייטנס, װיל ער פון איר נישט פּטור װערן, און דריטנס טרינקט ער נישט.

— קימערט אייך בעסער פאַר אייער שמאַרצעניש און אומ-ציכטיקייט און שװייגט, — האָט ער געזאָגט

— מיין קראַנקהייט איז נאָר אין דער הויט, און איר זענט אינעװייניק קראַנק.

— איך בין אינגאַנצן געזונט.

— אַזוי? טאָ צוליב װאָס זענט איר דאָ?

— שװייגט בעסער.

— עס מוז עפּעס נישט אין אָרדנונג זיין ביי אייך אין קאָפּ, אין מוח?

— איר האָט זיך געמעגט שעמען טיף אין האַלז אַריין! — האָט דער זעלבסטמערדער אויסגעשריען. — אייער אייגענער קאָפּ איז נישט אין אָרדנונג. קוקט זיך איין אין שפּיגל!

מאָס איז תּיכּף רויק געװאָרן. ער האָט אַראָפּגעלאָזן זיין צעבייזלטן קאָפּ אויפן טיש און געשװיגן אַ רגע — איין רגע. נאָכ-דעם איז ער צוריק געװאָרן װי געװען.

— איך האָב אַזוי צו זאָגן נאָר איין איינציקע װונד, װעלכע מען קאָן נישט אויסהיילן, און דאָס איז זי — אָט-דאָ-אָ! — האָט ער געזאָגט און באַװיזן אַ פאַרבונדענעם פינגער.

דער זעלבסטמערדער האָט אָן חשק אַ קוק געטון אויפן פינגער און אָפּגעטרונקען פון זיין גלאָז.

— דאָס איז אין אַ געוויסער מאָס מיין פֿאַראַדנע און געליבטע וווּנד.

— האַ האַ! — האָט דער זעלבסטמערדער געלאַכט.

— עס וואָלט מיר עפּעס געפֿעלט, ווען איך האָלט דעם דאָזיקן אייביקן באַנדאַזש נישט געהאַט אַרום פֿינגער. זאָל איך אים אַראָפּנעמען און באַווייזן אייך?

דער זעלבסטמערדער האָט קוים אַ קוק געטון אויפֿן שרעקלעכן באַנדאַזש און גיכער ווידער אַ טרונק געטון פֿון גלאָז.

מאָס האָט ווייטער גערעדט:

— איר ווילט זען, דאָס איז נישט קיין געוויינלעכע שמאַטע — איך האָב עס באַקומען פֿון מיין מוטער. זי האָט די גרעסטע הוצאות נישט געשוינט: דאָס איז פֿון זייד, די אָפּשטאַמונג — פֿון רויטן זייד. איצט האָט עס אַ ביסל אָפּגעבלאַקירט. אוודאי: איך בלאַקיר אָפּ, איר בלאַקירט אָפּ. איבעריקנס, זעט איר הײנט אויס גלענצנד. איר האָט, מסתמא, זייער גוט געשלאָפֿן?

די דאָזיקע קליינע אָנערקענונג האָט, אַפּנים, געמאַכט אַ גוטן איינדרוק. דער זעלבסטמערדער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: יאָ, ער איז אויסגעצייכנט געשלאָפֿן. זיי האָבן אָנגעהויבן ערנסט צו רעדן וועגן די דאָזיקע אייביקע וווּנדן. וואָס קאָן עס זיין פֿאַר אַ מין כּישוף? עס זעט אויס העסלעך, איצט גייט שוין בלוט פֿון די אויערן.

דאָ שאָקלט מאָס צו מיטן קאָפּ, אַז די אויערן בלוטן טאַקע. ער האָט זיך היינטיקע נאַכט שיר דעם קאָפּ נישט אָפּגעריסן — דאַכט זיך אים.

— באַקומט ער דען גאָר קיין שמירעכץ נישט?

— געוויס, מאָס באַקומט שמירעכץ. אָבער בכלל איז עס אַזאַ פֿאַל, ביי וועלכן דער דאָקטאָר וויל אָנווענדן די אַזוי גערופֿענע עקספּעקטאַטיוו מעטאָד. ער וויל אָפּוואַרטן. אָבער זאַלב האָט מאָס באַקומען, וואַזעלין.

— דאָס איז דאָך מערקווירדיק!

— יאָ אָבער דאָס באַווייזט, ווי אומשולדיק די גאַנצע זאַך

איז. דאָס איז לכתחילה געקומען, אפנים, דערפון, וואָס ער האָט א נאָפּ געטון אנטקעגן ווינט.

— האַ האַ! — האָט דער זעלבסטמערדער זיך פונאַנדערגע־לאַכט. — אפשר ווילט איר א גלאָז זעלטער מיט קאָניאַק?

— יאָ, א דאַנק.

אזוי האָבן זיך די דאָזיקע ביידע מענטשן אָפּט געקריגט און ווידער שלום געשלאָסן. זיי זענען קיינמאָל נישט אין פּעם געוואָרן אויף אַן אמת, און האָבן איינער אָן דעם צווייטן לאַנג נישט געקאָנט פאַרבלייבן. איגדערפרי פלעגט אנטאָן מאָס ארונ־טערגיין פון זיין צימער מיט א פּנים, וואָס האָט פאַר דער נאַכט באַזונדער שטאַרק געליטן, אָבער דאָך מיט א גוטער שטימונג, און אַז ער האָט געטראָפן דעם זעלבסטמערדער, האָט ער צו איס געזאָגט:

— נו, היינט ביינאַכט אויך דאָס נאָך נישט געטון?

— שווייגט.

— ניין, דאָס איז נישט אזוי לייכט, אויפצוהענגען זיך. פריער מוז מען קריגן א געזונטן האַקן.

זיי זענען אַרויס אויף דער וועראַנדע. דאָרט זענען שוין געזעסן עטלעכע, צווישן זיי די דאַמע, וואָס האָט שטענדיק עפּעס געדרייט צווישן די הענט. זי האָט געדרייט איר נאָזטיכל, איר האַנטוך; אַלץ, וואָס זי האָט גענומען אין די הענט האָט זי צו־נויפגעדרייט אין א פלעכט . דאָס איז געווען א שטענדיקער נער־ווועזער צושטאַנד. זי האָט אפשר גאָרנישט געטראַכט, ווי לעבער־לעך און אומנוצלעך עס איז איר אַרבעט. און ווען זי האָט קיין אַנדער זאַך אין די הענט נישט געהאַט, האָט זי זיך געבראָכן די פינגער אזוי, אַז זיי האָבן געקנאַקט.

אנטאָן מאָס האָט געזאָגט צו דעם זעלבסטמערדער:

— זאָגט דער דאַמע, זאָל זי אויפהערן.

— איך זאָל זאָגן? ניין.

— דאָס וואָלט איר אויף א רגע געהאָלפן. עס איז מיר א רחמנות אויף איר.

— טאָ גייט אַליין, — האָט דער זעלבסטמערדער געזאָגט.

די פרוי רובען איז אַרויס אויף דער וועראַנדע, האָט אויס־

געזוכט דעם ברייטסטן פּאָטעל, און זיך געזעצט. איינגאַנצן זיך אַריינגעזעצט. אין אַלזשיר איז זי געווען די גרעסטע שיינהייט. זי האָט געהאַט פיינע טונקעלע אויגן, נאָר געווען אַזוי אוממענטשלעך דיק. אירע פעטע, מאַטע פינגער האָבן אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן קיין ביינער נישט געהאַט.

— איר ווילט גיין שפּאַצירן? — האָט זי געפרעגט ביי דער דאַמע, וואָס האָט געדרייט אירע הענטשקעס.

— יאָ, ווען עס וואָלט געווען מיט וועמען. לאָמיר ביידע גיין, פרוי רובען.

— איך קאָן, צום באַדויערן, אַזוי ווייניק גיין.

— איר זענט דאָך פיל שלאַנקער געוואָרן, פרוי רובען.

— איר מיינט אַזוי? יאָ, מיר אַליין האָט זיך אויך געדאַכט, אַז איך בין אַביסל אָפּגעקומען, אָבער ווען איך האָב מיך נעכטן אָפּגעוואויגן, איז געווען פּונקט די זעלביקע וואָג, ווי פריער. מעגלעך אָבער, אַז ס'איז דערפאַר, וואָס איך בין געווען דיקער אָנגעטון און האָב שווערע שיך געטראָגן. הייסט עס, געפינט איר, פריילין, באמת, אַז איך בין דינער געוואָרן?

— גאַנץ באַשטימט. אַלע זעען עס. איך מיין, אַז איר דאַרפט אַרומגיין, פרוי רובען.

— ניין, וואָס פאַרא פּנים וועט עס האָבן. אַזאַ פרישע יונג מיידל זאָל זיך מיט מיר אַרומשלעפּן. הער אינספּעקטאָר, קומט, זייט אַזוי גוט, אַהער, — האָט פרוי רובען אַ רוף געטון.

דער אינספּעקטאָר איז צוגעגאַנגען, אַראָפּגענומען דעם הוט און געפרעגט:

— האָט איר היינט גוט געשלאָפן, גנעדיקע פרוי!

— ניין, — האָט פרוי רובען געענטפערט — היינט, ווי אַלע נאַכט.

— אפשר, אַז אייך איז גאָרנישט בעסער?

— בעסער? פונוואַנען זאָל מיר זיין בעסער? און אידמוז אייך זאָגן, אַז איך קאָן בשום אופן נישט פאַרטראָגן די שרעקלעכע אימה פון דער נאַכט. איך קאָן נישט.

— אָבער...

— ניין. היינט ביינאכט האָבן די דינסטמיידלעך אזוי גערעט אויף דעם בוידעם איבער מיין קאָפּ; מיר האָט זיך גע־דאכט, אז דאָס זענען חילדע.

— אָבער, גנעדיקע פרוי...

— איר זאָגט, אז נישט? איר לייקנט עס אַלזאָ אָפּ? איר זאָלט אָבער חיסן, אז איך קאָן יעדע רגע שטאַרבן פון דעם ליאַרם אויפן בוידעם. יאָ, איך האָב חידער נישט געקאָנט שלאָפן צוליב דעם ליאַרם אויפן בוידעם.

אָבער אויפן בוידעם, חעגן חעלכן פרוי רובען האָט גע־רעדט, האָט גאָר קיינער נישט געשלאָפן; דאָרט האָט בכלל קיי־נער נישט געחוינט. נאָר דער אינספעקטאָר האָט שוין געהאַט די דערפאַרונג, איז ער קליגער געחאָרן, און חי נאָר ער האָט באַ־קומען דאָס חאָרט, האָט ער קורץ און גוט דערקלערט, אז די דינסטמיידלעך האָבן זיך איצט אריבערגעקליבן.

— זיי האָבן זיך באמת אריבערגעקליבן? — האָט די גנעדי־קע פרוי געפרעגט.

— נעכטן, זיי חוינען איצט אין דעם פליגל, אָן־דאָרט אויבן.

— נו, איז חי זשע איצט?

דער אינספעקטאָר האָט געשחיגן.

און דאָ איז פריילין ד'עספאַר אונטערגעקומען, די שענדלע־כע פריילין ד'עספאַר, חאָס איז געחען אן אומסימפּאַטישער מענטש, און האָט צוציונגסקראַפט געהאַט בלויז פאַר מענער; יאָ, זי איז אונטערגעקומען און האָט זיך צוגעהערט צום שמועס.

— חיאַזוי האָט איר געזאָגט? — האָט זי געפרעגט צעטומלט.

פרוי רובען האָט זי אָפּגעמאָסטן מיטן בליק:

— חאָס מיינט איר?

— איך האָב נאָר געמיינט... דער הער אינספעקטאָר פאַר־שטייט אייך נישט גוט. איר האָט היינטיקע נאכט נישט געשלאָפן, בעת די דינסטמיידלעך האָבן זיך נאָך נעכטן אריבערגעקליבן?..

פרוי רובען האָט א טראַכט געטון.

— יאָ, — האָט זי געזאָגט — איז דאָס טאַקע געווען נעכטן ביינאַכט.

אָבער באַליידיקט האָט זי זיך געפילט. אַן אַנדערע וואָלט זיך אפשר פונאַנדערגעוויינט, פרוי רובען — נישט, נאָר זי איז שטאַרק רויט געוואָרן אויפן געזיכט. און דעמאָלט האָט די דאַמע, וועלכע האָט געדרייט איר הענטשקע, זיך אויפגעהויבן און איר ארויסגעהאָלפן.

— אַנטשולדיקט, — האָט זי געזאָגט — פון אייער שטול שטעקט אַרויס אַ טשוואָק, אָן וועלכן איך האָב מיר היינט צעריסן די בלוזע. אָט איז ער.

— אַ דאַנק, — האָט פרוי רובען געזאָגט — אָבער זי איז שוין איצט געקומען צו זיך און האָט נאָכגעשריגן דעם אינספּעק-טאָר: האָט איר, הייסט עס, באמת די מיידלעך געלאָזט אַרויס-קלייבן זיך?

— זיי האָבן זיך אַריבערגעקליבן. — האָט ער געענטפערט.

— ס׳איז שוין טאַקע צייט געווען!

אזוי האָט יעדער גענוג געהאַט צו טון מיט זיך, מיט זיינע צואַנגפאַרשטעלונגען, מיט זיינע איינגעבילדעטע ליידן, און מיט די אמתע קראַנקהייטן. אַך, אַלע קראַנקהייטן זענען געווען גענוג עכטע, אַלץ איז געווען יסורים, און אַלץ גלייך אומהיילבאַר. עס איז געווען אַ תמיד צוצוקוקן די דאָזיקע זאַמלונג פון צע-בראָכנקייט.

די דאַמע זיצט אַלץ און דרייט איר הענטשקע. אַנטאָן מאָס האָט, אפנים, רחמנות אויף איר און ער זאָגט:

— בשעת זי האָט גערעדט מיט פרוי רובען, האָט זי אויפ-געהערט, איצט דרייט זי ווייטער, ניין, מיט מיין אויסזען קאָן איך מיט איר נישט רעדן, אָבער איר וואָלט געקאָנט.

- נישט כדאי, — ענטפערט דער זעלבסטמערדער קורץ

ער זיצט און טראַכט און טראַכט. ביי אים איז ווידער אַ בייזע שעה. ס׳איז געבערלעך פּאָר עפּעס צו נעמען זיך, נישט כדאי מיט די הענט עפּעס צו טון, אויפצוהויבן זיך, צו רעדן.

— שווייגט, — זאָגט ער צו מאָסן.

מאָס זאָגט:

— גיט אַ קוק, װער עס גייט דאָרטן!

דער זעלבסטמערדער טוט נישט קיין קוק.

דאָס איז הער פלעמינג, דער ברוסטקראַנקער פינער, דער פאַרפוצטער, מיט דער איינגעפאַלענער ברוסט, אַרויף אויף דער װעראַנדע און האָט זיך פריינדלעך באַגריסט מיט פריילין ד׳עס־פאַר און מיט די איבעריקע. ס׳איז אַ פראַגע, צי ער האָט אַ גוטע נאַכט געהאַט, דער שאָטן אונטער זיינע אויגן איז זייער טונקל, נאָר ער האַלט זיך מונטער, שמייכלט, איז העפלעך מיט דעם פיאַניסט און לייגט אים פאָר אַ פּאַפּיראָס פון זיין טייערן פאָרטסיגאַר.

פריילין ד׳עספאַר גייט צו און דערלאַנגט אים די האַנט.

הער פלעמינג נעמט זי, רייסט אָבער נישט איבער דעם שמועס.

— גוט מאָרגן — זאָגט זי.

— גוט מאָרגן — ענטפערט ער.

הער פלעמינג האָט אַ ברוסטפעלער און ער רעגט זיך לייכט אויף; ער קען גוט די פריילין ד׳עספאַר, און דאַרף פאַר איר נישט מאַכן קיין אָנשטעל. ער רעכנט אויס אויף איר גוטסקייט, ער האָט זי אפילו אַליין געבעטן װעגן דעם. אָ, ער האָט זי נישט געװאָלט פאַרלירן, ער האָט זי זייער נויטיק געדאַרפט, זי איז געװען די איינציקע, מיט װעמען ער האָט זיך אינטערעסירט, און זי האָט זיך נישט געהאַלטן פון דער װייטן, ער האָט זי קיינמאָל נישט געדאַרפט זוכן, און דער סוף איז געװען, אַז צייטנװייז, — װי איצט, װען ער האָט געהאַט אַ פאַרװאָגלטע נאַכט, — האָט ער פון איר נישט באַהאַלטן זיין שלעכטע שטימונג. ער װאָלט איר אַלץ איינס זיין אומצופרידנהייט אַרויסגעװיזן, אַפילו װען זי װאָלט אויף דער װעראַנדע נישט געװען, װען ער איז געקומען. װאָס זי װאָלט נישט געטון, װאָלט אים אויסגעקומען קרום, װייל ער האָט געהאַט אַ ברוסטפעלער, און איז געװען נערװעז. אַ פּראַקטיקער מענטש די דאָזיקע פריילין ד׳עספאַר, — זי האָט אים צו יעדער צייט געדולדיק איבערגעטראָגן.

זיי זענען צוזאַמען אַראָפּ פון די טרעפּ און האָבן פאַרלאָזן די סאַנאַטאָריע.

— ווּהין וועלן זיי גיין? ווידער צו דניאלן, ווי כמעט יעדן טאָג? וואָס האָבן זיי דאָרט צו טון?

דאָס איז געווען הער פלעמינגס איינפאַל, אים האָט זיך געוואָלט צו דניאלן און צו זיין שטיבל, וואָס איז אַזוי קליין און פּשוט. מען האָט זיך געמוזט אָנבויגן, ווען מ'איז אַריין דורך דער טיר. און דאָרט איז געווען אַ בעט, אַ טיש, אַ פּאָר שטולן, אַן אויוועלע, אויף וועלכן מען האָט געקאָכט — די אמתע שטיינצייט.

— ביטע, אפשר ווילן די דאַמע מיט דעם הער בעסער אַריין אין דער נייער שטוב?

ניין, אַ דאַנק. דעם שווינדזיכטיקן גוטבאַזיצער איז בעסער געפעלן די דאָזיקע אַלטע שטוב.

דאָ זעצט ער זיך אויף אַ שטול און באַקומט מילך אין אַ גראָב גלאָז אָדער זויערמילך אין אַ הילצערנעם טעלער; דאָס האָט געשמעקט מיט קינדהייט און מיט פּאַרצייטנקייט. דאָס איז געפעלן געוואָרן אפילו דער דאַמע, וואָס זי איז געווען אַ שטאָטיקע, האָט געשריבן אויף אַ שרייבמאַשין און געקענט פראַנצויזיש. זיי האָבן צוזאַמען גערעדט, — דניאל מיט זיין הויזפירערין פון איין זייט, און די צוויי געסט פון דער סאַנאַטאָריע — פון דער אַנדער זייט, — דיזעלבע פּוסטע שמועסן, די געבענטשטע אומשולדיקייט, וואָס גייט פאַרביי אַלע רעטענישן פונם לעבן. דאָ זענען נישט געווען קיין פולע געדאַנקען, וואָס זאָלן זיך האָבן איבערגעקרייצט; ס'איז געווען לייכט צו רעדן וועגן ווינט, וועטער און וועגן. סאַר אַן אונטערשיד מיט דער הייַנטיקער נאַכט, ווען מ'האָט נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן צוליב די מחשבות. וווּהין גייט דער וועג פאָרויס? ערגעץ נישט. וווּהין אָבער פירט דער וועג צוריק? — אויך ערגעץ נישט.

ער באַצאָלט, ער באַצאָלט גוט פאַר די מילך און וואָלט וועלן מאַכן אַ באַשטעלונג אויף זויערמילך. די באַשטעלונג ווערט אָנגענומען גערן. ער מאַכט זיך באַליבט אין הויז מיט זיין איידעלן באַנעמען און מיט דער מטבע. זאָל ער קומען אַלע טאָג? אים איז דאָ באמת גוט.

— איך וויל אייך נישט אַרויסטרייבן, — זאָגט ער, איך

וואָלט דאָ נאָר וועלן בלייבן אַביסל אַליין, זיצן ביים טיש, עפּעס
באַטראַכטן און אפשר אָנשרייבן א בריוו אהיים. גנעדיקע פרייליין,
גיט זיי עס צו פאַרשטיין.

ער בלייבט אַליין, און גלייך ווי ער האָט זיך צו עפּעס
דערטראַכט, הייבט ער אָן אויסצוטון די זאַכן פון זיך, דערביי
וויינט ער פון סענטימענטאַלישקייט. ער איז קראַנק און שלאָפט
נישט קיין נעכט. ער איז עס, וואָס שטייט דאָ? דער געזונטער
אינסטינקט האָט אים אַוועקגעפירט פון מענטשן און פון די גרויסע
הייזער אויף צוריק, צום דאָזיקן הויל-לעבן.

דאָ שמייכלט ער, שמייכלט און וויינט. אָך גאָט, ווי שוואַך
און געפאַלן ער איז. אָבער דאָ איז די היילונג אין דער לופט
גופא פון דער שטוב. אפנים באַקטעריעס פון א פריינטלעכן מין
זיצן אין די אַלטע ווענט, גאָט ווייסט, אפשר א מיטל צום שלאָפן,
יווירונגס-שוואמען, רויטע בלוטקערפּערלעך, געזונטהייט און לעבן.

עס שטערט אים נישט, וואָס די פענסטער פונם שטיבל
האָבן נישט קיין גאַרדינען. ער לייגט זיך אין זיינע בלאָע זיידן-
וועש אַריין אין בעט אונטער דער קאָלדרע פון שעפּסן-פעל.

און פריילין ד'עספּאַר דערקלערט די באַלעבאַטים פון דעם
שטיבל, וואָס פאַרא מענטש דאָס איז: א גרויסער גראַף, פון א
שלאָס, ער קאָן פראַנצויזיש, אפילו רוסיש אויך, ער איז נאָר א
ביסל נערוועז געוואָרן, אָבער דאָס וועט אין א קורצער צייט
אַרום אַריבערגיין. איר האָט געזען דעם רינג אויף זיינע פינגער?

— ווען דו האָסט אַזאַ, דניאל, וואָלסטו שוין דיין גאַנץ
לעבן מער נישט געדאַרפט אַרבעטן!

— וואָס זשע וואָלט איך געטון? — פרעגט דניאל פאַרוווּנ-
דערט. — ניין, איך פאַרשטיי עס נישט.

די יונגע דאַמע גייט אַרויס מיט דניאלן צו דער אַרבעט
און קוקט, ווי ער מאַכט א צאָם. יאָ, דערקלערט ער, די צאָמען
זענען קיינמאָל נישט גענוג הויך און שטאַרק, אייביק האָט ער
פון זיי פאַרדרוס, די ציג קלעטערט אַריבער, די קו שפּרינגט
אַריבער און די שעפּס שפּאַרט זיך דורך. ער גיט די דאָזיקע
דערקלערונגען אין א שפּאַסהאַפטן און אַביסעלע א גאַווהדיקן טאָן.

ער ווילל באַווייזן, אַז ער קאָן אויך עפּעס; נישט אַזעלכע פיינע זאַכן ווי זי, — ניין, ניין, אָבער דאָס, וואָס ער דאַרף קאָנען, דאָס קאָן ער גרינגלעך. פון זיינע רייד קאָן מען זען, אַז אונטן אין דאָרף איז נישטאָ אַזאַ מענטש, וואָס זאָל אים נאָך עפּעס קאָנען אויסלערנען בנוגע דער באַאַרבעטונג פון דער לאָנקע. ער רעדט גערן וועגן זיין נחלה, דער טאָראַהוסער לאָנקע, וועגן די בערג אין דעם וואַלד. ער זאָגט: דאָס אַלץ אַרום איז מיינס. — אַלץ? — פרעגט זי אַ פאַרוווּנדערטע. זי פאַלט אַריין אין זיין טאָן און זאָגט: גרויסער גאָט. — גיט עס אים צו מוט, און ער רעדט הייטער. דער איינזאַמער בחור האָט טאַקע ביי זיך אין די בערג נישט קיין מענטשן, מיט וועלכע ער זאָל זיך קאָנען אָנרעדן, און ער נוצט אויס די געלעגנהייט, כדי צו געברויכן זיין צונג, ער ענטפערט גערן אויף אַלע אירע פראַגן.

דער יונגער דאַמע איז טשיקאַווע אים צו הערן. ער רעדט אַזוי אַנגענעם, חוץ דעם איז ער אַ מוטיקער. ער האָט זיך די האַנט צעקלאַפּט, און לאַכט דערפון, די פריילין געפינט קיין קאָמישע זאַך נישט אין אַ פאַרוווּנדעטן פינגער. לאַכט ער נאָך מער. וויבאַלד אַז זי אינטערעסירט זיך מיט אַזעלכע קליינקייטן, דערציילט ער איר, ווי זיין האַנט איז אַריינגעפאַלן צווישן צוויי שטיינער פון דעם צאָם און איז אין דער קלעם געוואָרן בלוי און בלוטיק. עס האָט געקאָנט זיין פיל ערגער, אָבער ער האָט פאַרהיט פון אַן אומגליק מיט דער אַנדער האַנט און מיט דער קני. אַך, אַזעלכע זאַכן פאַסירן אָפט ביי דער אַרבעט.

ער האָט זיך נישט געוואָלט אויספּיינען, דניאל, און אפשר האָט ער זיך גאָרנישט אויסגעפּיינט, נאָר ער איז געווען דאַנקבאַר, וואָס ער האָט אַ צוהערער. עס וואָלט געווים געווען אַ טעות, ווען ער מיינט, אַז זי הערט אים פון זיינעטוועגן; זי האָט עס נאַטירלעך געטון, כדי דער פאַציענט זאָל אין שטוב קאָנען בלייבן רויק זיצן. זי איז עטלעכע מאָל צוגעלאָפן צום פענסטער, אָבער זי האָט אים נישט געקאָנט זען. ווען זי האָט ענדלעך צוגעדריקט דאָס געזיכט צו דער שויב, האָט זי געפונען, אַז ער האָט זיך געלייגט אין בעט און איז אַנטשלאָפן געוואָרן. זי האָט זיך צוריק

אומגעקערט צו דניאלן און געפלוידערט מיט אים. דניאל איז געגאנגען אין א העמד און אין הויזן מיט אלטע ליינענע שלייקעס איבער די אקסלען און אין הילצערנע פאנטאפל אָן זאָקן. דאָס איז געווען אלץ, וואָס ער האָט אויף זיך געהאט. ער איז געווען אָן עקשן אין דער ארבעט, א שטיין—איז א שטיין, און ער איז פון אים נישט אפגעטראָטן דערפאר, וואָס ער איז א שווערער. פלוצלינג האָט זיך ביי אים איבערגעריסן א שלייקע. ער האָט דערויף אויך קיין אכטונג נישט געגעבן, ער האָט זי אפגעשפילעט און איינגעאָרדנט זיך מיט איין פאס. פריילין ד'עספאר האָט זיך צוגעקוקט צו דעם אלעמען, און איר איז געפעלן געוואָרן, וואָס ער פארלירט זיך קיינמאָל נישט. בארעכנט זיך, ווען מען זאָל אזא בחור גוט אויסוואשן! דער מויל איז געווען א צו גרויסער, אָבער ער האָט געהאט שיינע ציינער, די האָר אויפן קאָפּ זענען געווען געדיכטע, הגם פעטלעך און נישט ציכטיק. ווער ווייסט, אין פראק און הייסן שניפס וואָלט ער אוודאי אויסגעזען ווי א מאלפע.

די הויזפירערין איז געקומען לויט אלע סימנים שטארק מטושטש:

— ער האָט זיך געלייגט אין דיין בעט! — זאָגט זי.

דניאל קוקט אויף איר.

— אויסגעטון און געלייגט זיך! — זאָגט די אלטע דינסט.

פריילין ד'עספאר זאָגט אויך פארוואונדערט:

— אויב אזוי, איז ער זיכער זייער מיד געווען

דניאל הויבט אָן צו לאכן, אָבער די הויזפירערין בור־טשעט צו:

— אָן א ליילעך, אָן גאָרנישט!..

— דאָס מאכט נישט אויס, — זאָגט פריילין ד'עספאר — לאָזט אים, ער איז געווים טויט־מיד געווען.

די הויזפירערין גייט אוועק.

— אָבער ער וואָלט זיך דאָך געקאָנט לייגן אין דער נייער שטוב און באקומען א ליילעך. — זאָגט דניאל. — איך האָב דאָך לייג עבער אין שטוב, — גיט ער צו. ער איז נישט צעטומלט,

ערגערט זיך נישט איבער דעם, וואָס איז געשען, אָבער ער וויל דאָך געבן אָנצוהערעניש, אַז ער האָט מער ווי איין לײַלעך זײַן פֿאַרמעגן. אָ, דניאל איז נישט אָרעם. ער קען פֿ׳ן אַמאָל נאָך דעם רווינירטן הויף פֿון זײַן פֿאָטער, איצט ווייסט ער, אַז ער האָט וואָס ער האָט, און דאָס וועט אים קלעקן ביזן לעבן. אין דאָרף זענען פֿאַראַן גרעסערע הויפֿן פֿאַר זיינעם, זייער גרויסע הויפֿן, אָבער זיי זענען אײַנגעדעקט אין חובות. דניאלס לאָנקע, באַרג און וואַלד זענען פֿרײַ פֿון חובות. ער רעדט פֿרײַ און פֿרײַלעך און הערט נישט אויף צו אַרבעטן, און די פֿרײַלין האַלט אים אונטער מיט אירע פֿראַגן.

— ער האָט אוודאי אַ מיידל אין דאָרף?

— האַ-האַ! יאָ, ס׳קאָן זײַן.

— ווי זשע, מיט דער נייער שטוב האָט ער דאָך מסתמא עפּעס געהאַט אין זינען.

די דאָזיקע פֿראַגע לאָזט אים דערפֿילן רעספּעקט פֿאַר דעם פֿאַרשטאַנד פֿון דער דאַמע, און ער מיינט, אַז ער קאָן איר דערציילן אַלץ, ווי ס׳איז פֿאָרגעקומען. ניין, ער האָט נישט קיין מיידל. אָבער דאָס איז אמת, אַז ער האָט געבויט די נייע שטוב נישט אומזיסט, ווייל ער האָט אַמאָל געהאַט אַ מיידל, העלענע, די טאָכטער פֿון אַ פּויער, נאָר ס׳איז דערפֿון גאָרנישט געוואָרן. אָבער דאָס מאַכט נישט אויס. דניאל איז רויט געוואָרן. ער אַרבעט שווער און האַסטיק, — ער איז, פֿאַרשטייט זיך, אין כּעס, אָבער אַפֿילו אין דער רגע קאָן ער נישט דורכלאָזן די געלעגנהייט אויסצובאַרימען זיך מיט זײַן קאָנקורענט; דאָס איז געווען דער זשאַנדאַרם, ער רעכנט אויס אַליין צו ווערן לענסמאַן און מאַכן העלענען פֿאַר אַ גרויסע דאַמע. זי איז נישט קיין פּשוטע, אַז נישט, וואָלט ער — דניאל — וועגן איר נישט געטראַכט.

— ניין, געהיים נישט.

ער טראָגט מוטיק איבער זײַן גורל, — טראַכט פֿרײַלין ד׳עספּאַר, און אַז זי לויבט אים דערפֿאַר, טראָגט ער איבער זײַן שיקזאַל נאָך מוטיקער, ווערט חשוב בײַ זיך: אוודאי, העלענע וועט באַלד זײַן די פֿרוי פֿון דעם לענסמאַן, און ער, דניאל,

װעט דאָ אין מאראהוס יאָר־איין יאָר־אויס אָפּאַרבעטן. װאָס זשע דען, ער זאָל זיך נאַריש מאַכן און נעמען זיך צום האַרצן צו־ליב עפּעס אַ מײדל? קײנמאָל נישט. אין דאָרף איז געװען אַ בחור האָט אים אַ מײדל אָפּגעזאָגט, ער האָט עס נישט געקאָנט איבערטראָגן, ער האָט געדאַרט און געניכװעט און אין אַ פּאָר יאָר אַרום איז ער געבליבן אַ בר־מינן. דאָס האָט ער שוין גאָר־נישט געדאַרפט. ער װאָלט נאָך עד היום געקאָנט לעבן.

— געשטאָרבן?

— געװיס. אײנמאָל אין אַ שײנעם פרימאָרגן איז ער פּאַרטיק געװאָרן. — און דניאל האָט געמאַכט אַ פּנים פון אַ זקן אַ חכם, און האָט װײטער מיט פעסטקײט גערעדט. — יאָ, מען דאַרף זיך נישט אַזוי נאָענט צולאָזן צום האַרצן, אויב מען װיל לעבן אויף דער װעלט.

דאָס איז פרײלין ד'עספּאַר געפעלן געװאָרן. זי האָט גע־האַלטן, אַז דאָס איז אפשר זײן אײגענע אָנשױונג אויפן לעבן. זײנס איז עס טאַקע נישט געװען, אָבער ס'האָט נישט געשאַדט. זי האָט מיט קײנעם אונטן אין דאָרף נישט גערעדט און האָט נישט געװוסט, אַז אַפּילו אַזעלכע װערטלעך װערן דורך די דאָרפסלײט געברויכט אין שמועס.

דאָ האָט דניאל זיך געװאָלט רעװאַנזשירן און האָט פון זײן זײט געפרעגט, צי איז דער גראַף, װאָס שלאָפט דאָרט אינעװײניק, נישט איר חתן? די פרײלין האָט עס נישט אײנגאַנצן אָפּגעלײקנט. אָבער נײן, איר חתן איז ער אײגנטלעך נישט, זײ האָבן זיך ערשט געטראָפן אין דער סאַנאַטאָריע און פון דעם ערשטן טאָג אָן האַלטן זײ זיך צוזאַמען. זײ האָבן אַזױ פיל גע־מײנזאַמעס.

— נו, מסתמא װעט ער נאָך זען, — זאָגט דניאל און שאָקלט אויבמונטערנדיק מיטן קאָפּ.

און פרײלין ד'עספּאַר ענטפערט: — װאָס אַמאָל קאָן נאָך זײן, דאָס װײס איך נישט, אָבער דערװײל איז עס נאָך גאָרנישט. איבעריקנס, װאָס קאָן זײן? נײן, ס'װעט גאַרנישט נישט זײן.

אָבער דניאל האָט שוין עטלעכע מאָל אַ גענעץ געטון, אַ

סימן, אַז ער איז הונגעריק. ער טוט אַ בליק אויף דער זון און גיט צו פאַרשטיין, אַז עס איז שוין צייט צו עסן. ווען זיי זענען צוריק אין שטוב געגאַנגען, האָט דניאל געפרעגט, װי איז אין דער סאַנאַטאָריע, — מסתמא גרויסאַרטיק!

— אָ, יאָ. אמת טאַקע נישט ווי אין אויסלאַנד, אָבער...

— איך האָב געהערט, אַז אַן ענגלישע פּרינצעסין איז אָנגעקומען אין דער סאַנאַטאָריע?

פרײלין ד'עספּאַר האָט גאָרנישט קעגן דעם, צו װױנען אונטער איין דאַך מיט אַ פּרינצעסין, און ענטפערט: — יאָ, מ'זאָגט.

— יאָ, װער װאָלט עס געזאָגט, אַז פון דעם אַלטן פאַסטוך־שטיבל אויבן דאָרט זאָל װערן אַ שלאָס און אַ קעניגלעכער הויף! — זאָגט דניאל און שאָקלט מיטן קאָפּ.

און ער הויבט איר װידער אָן צו דערציילן, אַז פריער האָט מען דאָס אים אָנגעבאָטן, ער זאָל זיי פאַרקויפן זיין הויף, װעלכער איז זיי בעסער געפעלן. ער האָט נישט קיין חרטה, װאָס ער איז געװען פאַרעקשנט און האָט נישט פאַרקויפט, אָבער װיסן מעג מען, אַז פריער האָט מען פאַר דער סאַנאַטאָריע אויסגעקליבן זיין טאַראַהוס־הויפל מיטן באַרג און מיטן װאַלד. פאַרשטייט זיך, װייל דאָ איז דער פּאַסיקסטער אָרט. דאָרט אויבן אויף דער שכנישער לאָנקע טרעפן זיך אפילו באַרגפליגן און צפון־װינטן.

די הויזפירערין איז אָנגעקומען אַנטקעגן מיט דער מעלדונג, אַז דניאל װעט עסן אין דער נייער שטוב. עס איז פאַראַן קאַל־טע קאַשע, קאַלטע מילך, קאַלטע קאַרטאָפל און הערינג. זי האָט גאָרנישט נישט געקאָנט קאָכן, װייל אין דער שטוב, װו דער אויװן איז, שלאָפט נאָך דער פרעמדער.

— ער שלאָפט נאָך אַלץ?

— אויב ער שלאָפט נאָך? ער האָט זיך נאָך קיין איינציק מאָל נישט איבערגעקערט אויף דער אַנדער זייט.

דניאל לאַכט גוטמוטיק און גייט עסן זיין קאַלטן מיטאָג.

און באמת, פריילין ד'עספּאַר איז אַ זעלטענער מענטש. זי װאַרט געדולדיק די גאַנצע צייט פונם מיטאָג, און נאָך מיטאָג האָט זי װייטער דניאלן באַגלייט צו דער אַרבעט. װער אַנדערש,

חוץ א ליבענדער פרוי, קאָן אויסהאַלטן אַזאַ נסיון! ווען הער פלעטינג איז ענדלעך נאָך מיטאָג אויפגעשטאַנען, האָט אים גלייך אַנטקעגנגעשטראַלט דאָס פריילעכע געזיכט פון דער פריילין. ער האָט שמייכלענדיק אַליין אויף זיך געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט זיך אַנטשולדיקט, יאָ, גלייך ווי ער האָט גאָר קיין ווערטער דערפאַר נישט.

— האָט איר גוט געשלאָפן? — פרעגט זי.

— נו, — ענטפערט ער.

נאָכדעם דאַנקט ער דניאלן פאַר דער גאַסטפריינטלעכקייט און גיט אים אַן אַסיגנאַציע. ער איז פול מיט לויב: פון קינדהייט אָן האָט ער אַזוי גוט נישט געשלאָפן.

— קאָנט איר עס פאַרשטיין, גנעדיקע פריילין? און זאָל איך נאָך אַמאָל קומען, דניאל? נײַן, מ׳דאַרף נישט קיין לײַלעך, גאָרנישט, אַזוי ווי היינט. אַ גרויסן דאַנק.

צוריקגייענדיק האָבן זיי ווייטער גערעדט וועגן דעם דאָזיקן שלאָף. און באמת, ער איז הונגעריק! שוין יאָרן און טעג, אַז ער איז צום מיטאָג נישט געווען הונגעריק, און איצט וואָלט ער געקאָנט עסן טרוקן ברויט. דאָס איז געקומען פון שלאָפן. וויפל שעה האָט ער עס אַרום און אַרום געשלאָפן? און נישט געשוויצט, במעט גאָרנישט פייכט געוואָרן.

פריילין ד׳עספּאַר זעט, נאַטירלעך, די פּאַסן פון דער פייכטקייט, וואָס האָבן אין שלאָף געדונען פון זיינע שליפן און זענען איצט פאַרטרוקנט געוואָרן, אָבער זי זאָגט יאָ און אמן אויף זיין אויפגעראַמטקייט און גייט נאָר שנעלער, ער זאָל זיך נישט צוקילן.

— איך וועל מיך נאָך אַרויסדרייען, גנעדיקע פריילין, איך פיל, אַז איך בין שוין קרעפּטיקער. יאָ. לאָמיר זיך צוטיילן, איר זענט הונגעריק, מיר זענען ביידע הונגעריק.

זיי פאַרשפּעטיקן ביידע צו מיטאָג אין דער סאַנאַטאָריע, אָבער פריילין ד׳עספּאַר איז נישט אַזאַ דאַמע, וואָס זאָל זיך נישט קאָנען קריגן קיין מיטאָג אפילו אויב נישט צו דער צייט. זי אַליין העלפט זיך ברענגען דאָס עסן פון קיך. זיי עסן, טרינקען ווײַן דערצו, עס ווערט אַ פרייד אין האַרצן ביי דעם ברוסט-

קראַנקן מענטשן, ער גייט אָפּ, זײַנע באַקן באַקומען פאַרב, די אויגן—לעבן.

דער טאָג גייט אַריבער. אין הער פלעמינגס האַרצן לעבט נאָך אַלץ די פרייד, און נאָך מיטאָג טרינקען זיי ווידער אַ ביסל גוטן װײַן. אין אָװנט דאַכט זיך אים שוין, אַז עס קאָן גאָר קיין רייד נישט זײַן, זיי זאָלן זיך שיידן, הגם די פרײַלין באַװײַזט סימנים פון מידקייט. ניין, ער אַליין איז צו פריש און אויסגע־שלאָפן, די נאַכט װעט אויסװײַזן צו לאַנג, — וואָס זאָל מען טון? זיי זיצן צוזאַמען און רעדן וועגן דעם. אפילו דאָס אויסטון זיך װײַזט אים אויס אוממעגלעך, דאָס פונאַנדערבינדן די שנירלעך פון די שיך. זי לאַכט דערפון. זיי זיצן אין רויכערצימער אַזוי לאַנג, ביז װאַנען די לעצטע געסט גייען אַװעק שלאָפן, דעמאָלט הויבן זיי זיך אויך אויף און גייען אַרויף אויף די טרעפּ; די פרײַלין קאָן קוים די אויגן האַלטן אָפן, זיי קלעפּן זיך בײַ איר פון מידקייט.

דעמאָלט נעמט ער זי פאַרן האַנט און זי זאָגט:

— אַ גוטע נאַכט! אַ גוטע נאַכט!

ניין, דאָס נישט. ער פאַרלאַנגט, זי זאָל ווייטער גיין מיט אים, אין זײַן צימער.

דאָס װיל זי נישט.

אָבער די נאַכט וועט פאַר אים זײַן אַזוי לאַנג, אַזוי טרײַסטלאָז, פאַרװאָגלט און װיסט. און װייסט איר וואָס? ער װעט הייסן ברענגען װײַן, זיי קאָנען נאָך װײַטער זיצן בײַם װײַן.

— יאָ, אָבער נישט איצט, ניין, אַ דאַנק. איצט װיל זי נישט.

זאָל ער זי אפשר באַגלייטן אין איר צימער? זיי װאָלטן געקאָנט זיצן דאָרט, אַז נישט, װעט די נאַכט אויסװײַזן אַזוי לאַנג.

— ניין, אַ גוטע נאַכט! — זאָגט זי. — איר װעט שוין שלאָפן. אָבער איך קאָן אײַך איבעריקנס באַגלייטן און אויסטון אײַך די שטיװל.

— יאָ! אַ גרויסן דאַנק! איר זענט אַ גוטע אָן אַ שיעור.

װען זײ קומען אַרײַן אין צימער, שעפּטשען זײ בײדע מחמת פּאָרזיכטיקײט, אָבער פאַרשפּאַרן די טיר לאָזט זי אים נישט.

— נאָר דערפאַר, עס זאָל דעם דינסטמײדל נישט אײַנפאַלן אַרײַנצוקוקן, — דערקלערט ער.

— יאָ, אָבער איך מוז תּכף אַװעקגײן. זעצט זיך.

זי קניפּט אים פונאַנדער די שנירלעך פון די שיך און שטעלט זיך אויף אַ רגע אָפּ פון איבעראַשונג, — ער האָט אפשר לכתּחילה דערױף אויסגערעכנט: דער דאָזיקער אדל מאַן טראָגט זײַדענע זאָקן, און אויף װיפיל זי פאַרשטײט זיך אויף אַזעלכע זאַכן, — אַפילו זײער טײַערע זײַדענע זאָקן. און כּדי צו זיך צו קומען, באַמערקט זי גלײַכגילטיק:

— איר טראָגט צו דינע זאָקן דאָ אין די בערג.

— איר מײנט אַזױ?

— יאָ. דאָ מוז מען טראָגן װאָלענע. נו, דאָס איבעריקע קאָנט איר שױן אַלײן מאַכן.

זי הױבט זיך אויף, גײט צום טיר און פאַרשװינדט.

## IV

װען אַדװאָקאַט ראָבערטסאָן קומט אין דער סאַנאַטאָריע, האָט ער זײער פיל זאַכן אײַנצואָרדנען: דאָ מוז ער אויפמונטערן, דאָרט אַן עצה געבן. ער האָט געדאַרפט האָבן אַפּולע געדולד און גינציקײט, אָבער ער איז געװען זײער אַ ליבער מענטש, און האָט זיך קײנמאָל נישט באַנוצט מיט זײַן אױטאָריטעט.

די ערשטע, אויף װעמען ער האָט זיך נאָכגעפרעגט, איז געװען די מילעדי, און: אַ דאַנק, עס איז איר דאָ געװען גוט.

זי האָט זיך געהאַלטן מיט פאָרנעמקײט, אָן אַ זײט פון דעם עולם, געלעזן צײַטונגען, זיך געבאָדן, געמאַכט קלײנע עקס-קורסיעס מיט איר טלאָמאַטש, דעם נאָרװעגישער מײדל, איז אויפגעשטאַנען צו מיטאָגצײַט, און האָט געגעסן איר מיטאָג באַזונדער אַכט דעם זײגער אין אָװנט. אפנים איר איז דאָ געפעלן געװען.

נאָר די מילעדי האָט געוויס אויך איר פּעקעלע געהאַט צו טראָגן. זי איז טאַקע נישט קראַנק געווען, אָבער איר דינסטמיידל וואָלט געקאָנט דערציילן, ווי זי וויינט צייטנווייז, און איז באַטריבט. געוויס איז אויך אין דער מילעדים לעבן נישט אַלץ כּשורה געגאַנגען.

— איר חשבון ווערט זייער אַ גרויסער, — האָט געזאָגט די ווירטשאַפטערין.

— אַזוי? — דאָס איז אויסגעצייכנט! — האָט אַדוואָקאַט ראָבערטסאָן געענטפערט. — וואָס גרעסער, אַלץ בעסער! — האָט ער געזאָגט.

דעם ענין האָט ער געקאָנט אַנטשיידן גלייך אויפן אָרט שטייענדיק. אַנדערע זאַכן זענען געווען מער פאַרפלאָנטערט. דער דאָקטאָר האָט מיט אים גערעדט וועגן דעם זעלבסטמערדער. דער דאָזיקער זעלבסטמערדער האָט געהאַט זיינע שגעונות. צו וואָס זאָל ער נאָך אויפשטיין פון בעט? צו וואָס זאָל ער זיך אָנטון? צו וואָס עסן, רעדן, די פיס באַנוצן? פריער אָדער שפּעטער וועט ער דאָך במילא שטאַרבן! אַן אַנדערש מאָל איז ער געווען אין אַ גאַנץ גוטער לוין, און האָט אַפילו געקאָנט די קוילן קייקלען אויפן קעגלבאַן. דאָס איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט ליב געהאַט אָרדנונג און געצאָלט פאַר זיינע חשבונות.

— באמת, איך ווייס נישט, וואָס קאָנען מיר נאָך טון פאַר אים, — זאָגט דער אַדוואָקאַט.

דער דאָקטאָר ענטפערט: ניין, מער קאָנט איר גאָרנישט.

נאָר פון דער אַנדער זייט דראָט ער שטענדיק מיט זיינע נאַרישע שטיק און וויל אַ סוף מאַכן צו זיין לעבן. מען קאָן נישט וויסן, — זאָגט דער דאָקטאָר.

— צי וועט ער זיך דאָס לעבן נעמען דאָ, צי ערגעץ אַנדערשוו, — דאָס איז בעצם אַלץ איינס, אַזוי איז וויניקסטנס מיין מיינונג. אָבער דאָס וואָלט געקאָנט שאַדן דער סאַנאַטאָריע.

— ריכטיק! — ענטפערט דער דאָקטאָר. — אויב ער וועט עס אויף צו־לאָמתן טון, וועט עס אַרויסרופן אַ בהלה ביי די

געסט, און דער גאַנצער אָרט וועט צוליב דעם באַקומען אַ שלעכטן נאָמען.

— איר גלויבט טאַקע, אַז ער וועט זיך אויפהענגען?

— אפשר גראַד נישט אויפהענגען, אין דעם צווייפל איך. אָבער עס זענען פאַראַן אַנדערע מעגלעכקייטן פאַר זעלבסטמאָרד. ער טראָגט זיך אַליין אַרום מיט דעם געדאַנק, אַז ער דאַרף אויסזוכן עפּעס אַן אומגעוויינלעכן, גאַנץ באַזונדערן אופן פון טויט.

— וואָס הייסט?

— ס'איז אַ נאַרישקייט. זעלבסטמאָרד ווייזט אים אויס נידעריקער, איידער מאָרד, און דעריבער וויל ער זיין אופן פון טויט דערהויבן ביז אַ העכערער מדרגה.

— ער האָט אַזוי געזאָגט?

— אומגעפער אַזוי. ער וויל אַזאַ מין זעלבסטמאָרד, וואָס זאָל גלייך זיין צו מאָרד.

סיי דער דאָקטאָר, סיי דער אַדוואָקאַט לאַכןביידע, לאַכן פון גאַנצן האַרצן און קלוג.

— יאָ, — זאָגט דער אַדוואָקאַט — מיר מוזן ערפורכט פילן צו מאָרד, מיר מוזן זיך ד ע ר ה ו י ב ן צו מאָרד! ס'איז פיין.

זיי האָבן באַשלאָסן נאָך אַביסל צייט צו האַלטן דעם זעלטענעם פאַרשוין אין דער סאַנאַטאָריע און וואַרטן, וואָס וועט זיין.

דאַן איז געקומען די ריי פון זיין גוטן חבר אַנטאָן מאָס, מיט די קרעץ אויפן פּנים. עס איז נישט אַזוי אַנגענעם אים דאָ צו האָבן, זיין געזיכט באַפוצט נישט די וועראַנדע, נישט דאָס עסצימער. אָבער ער שאַדט קיינעם נישט, און אַנדערע געסט, אַפילו קלויבן זיך אויך צוליב אים נישט פאַרלאָזן די סאַנאַטאָריע. אינספּעקטאָר כווענדסען האַלט זייער פון אים, אַמנטצייט העלפט ער אַמאָל צו ביי אַ געלעגנהייט אין דער בוכהאַלטעריע, און ווען די געסט פאַרלאַנגען אין קאָרטן שפּילן, איז ער אויך גרייט צו נעמען אַ האַנט.

איינער נאָך דעם אַנדערן באַטראַכט מען יעדן פּאַציענט פון דער סאַנאַטאָריע, און דער אַדוואָקאַט בלייבט ווידער שטיין

ביי דער מילעדי, דעם ענגלישן מיניסטערס פרוי: זי איז געזונט. איר פעלט דאָך גאָרנישט?

אָ, יאָ. דער דאָקטאָר האָט איר געגעבן אַרסעניק און פּילן צו קרעפטיקן און פּראָשקעס צום שלאָפן. איר פּסיכיק איז נישט גאָר אין אָרדנונג. דער דאָקטאָר איז ביי איר עטלעכע מאָל געווען, און האָט באַקומען געוויסע איינדרוקן וועגן איר צושטאַנד. איינמאָל איז זי געווען צערייצט דערפון, וואָס דער בריוופטרעגער פון דער סאַנאַטאָריע איז פאַר איר געשטאַנען מיטן היטל אויפן קאָפּ. איינמאָל איז זי געווען אין כעס צוליב אַ ביסל וועש, וואָס מען האָט אויפגעהאָנגען צום טריקענען און ס'האָט זיך געזען פון איר פענסטער. נו, אַזעלכע קלייניקייטן האָבן שוין מער נישט פּאַסירט. אחוץ דעם איז די מילעדי אַ רויקער גאַסט. זי האַלט זיך פאַר זיך, גייט אַרויס און קומט מיט איר דינסטמיידל און שטערט קיינעם נישט. ווען דעם דאָקטאָר עיען איז שווער געווען מיט איר צו רעדן, האָט איר טאַלמאַטש אַרויסגעהאָלפן, און ס'איז געווען באמת גוט. דאָס נאָרוועגישע מיידל האָט איבערגעזעצט זייַנע ענטפערן פינקטלעך אויפן האָר. אין אַלגעמיין האָט די מילעדי גרעסטן טייל אַליין גערעדט. אַזוי האָט זי געזאָגט, אַז פון אַזעלכע זאַכן, ווי די וועש און די לייַלעכער, וואָס הענגען אויף דער שטריק, קאָן זי באַקומען גרויע האָר. שפּעטער האָט זי ביי אַ געלעגנהייט דערקלערט, פאַרוואָס זי ליגט ביז האַלבן טאָג אין בעט. יאָ, ווייל די שיין פון פרימאָרגן צערייצט זי, איז פאַר איר צו שאַרף, — האָט זי געזאָגט.

— יאָ, דאָס וואָלט געווען שרעקלעך! שטעלט אייך פאָר, הער דאָקטאָר, דעם פרימאָרגן נאָך אַ באַל: דער אָונט איז געווען שיין, די נאַכט ווייך און פאַרוויגנדיק, און נאָכדעם אויפכאַפּן זיך אין דערפרי פאַר דער שיין פונם טאָג!

וואָס איז שייך איר אַלגעמיינעם צושטאַנד פון געזונט, ווייסט זי אַליין גוט, אַז זי איז נישט איינגאַנצן. זי איז געווען צו פיל אָנגעשטרענגט, זי האָט אָבער אפילו אַליין נישט געמיינט, אַז זי האַלט ביים שטאַרבן. זי האָט געשמייכלט און געזאָגט: שטאַרבן — דאָס וואָלט גאָר פאַר מיר נישט געפּאַסט.

— זי האָט פאַרלאַנגט מוזיק? — האָט דער אַדוואָקאַט גע־
פרעגט.

— פאַרקערט. זי וויל קיין מוזיק נישט. נישט דאָס, זי זאָל עמעצן פאַרביטן צו מוזיצירן, נאָר ווען דער פּיאַניסט סעלמער־עידע האָט געלאָזט אָנפרעגן בײַ איר, צי וויל זי אפשר אַ באַזונדער מין מוזיק, צום בײַשפּיל פון דעם ענגלישן קאָמפּאָזיטאָר־סיוליוואַן, האָט זי געענטפערט, אַז זי וויל בכלל קיין מוזיק נישט. אויף אַזוי פיל האָט דאָ סעלמער עידע, אייגנטלעך, מער נישט וואָס צו טון, — האָט דער דאָקטאָר געענדיקט. דער דאָזיקער עידע גייט דאָ אַרום און איז זייער אומצופרידן, הגם ער צאָלט נאָר אַ האַלבן פּרייז.

— נאָך מײַן מיינונג, — האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט — איז דאָ עידע זייער נוצלעך. אויך דערמיט שטייט אונזער סאַנאַטאָריע העכער פאַר אַנדערע, וואָס מיר האָבן שטענדיקע מוזיק פאַר די געסט. איר מיינט דען נישט אַזוי?

— יאָ, — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט צושטימענדיק, — דערצו איז ער טאַקע נייטיק.

אַדוואָקאַט ראָבערטסאָן האָט אויסגעצויגן די פיס און געזאָגט:

— איך האָב שוין אין אונזערע רעקלאַמעס דערמאָנט וועגן אונזער שטענדיקן מוזיקאַנט. הײַנט וועט עס זײַן אין די צײַטונגען.

דער דאָקטאָר האָט געטון אַ שמייכל, אַ שאָקל מיטן קאָפּ, און אויסגעדריקט זײַן באַוווּנדערונג. דער אַדוואָקאַט האָט זיך נאָך באַרימט:

— מיר וועלן פון טאָראַהוס מאַכן אַ חשובן און אַ גוטן אָרט. ס'איז אינטערעסאַנט זיך דערמיט צו פאַרנעמען. נישט אמת, ס'איז אַ באַפרידיקונג, ווען מען זעט, ווי אַן אונטערנעמונג גייט פאָראויס און וואַקסט. מיר פאַלט אויס די פּראַקטישע, אייך — די וויסנשאַפטלעכע אַרבעט. ס'וועט שוין זײַן גוט!

— געוויס וועט זײַן גוט.

— אגב, האָב איך מיך דערמאָנט: איך האָב בשום אופן די־מילעדי נישט געפינען אין דעם גאָטישן קאַלענדאַר.

דער דאָקטאָר האָט געפרעגט מיט תמימות:

— נו, יאָ. איז וואָס זשע מאַכט עס אויס?

— דאָס זענט איר גערעכט, אַז ס׳מאַכט נישט אויס. אפילו קיין האָר נישט! — און דער אדוואָקאַט האָט איבער דעם ענין אויך אַנטוויקלט זיינע אויסזיכטן: יעדנפאַלס איז זי אַ פרוי פון אַ מיניסטער. ער האָט אין דער צייטונג געשריבן „פּרינצעסין". מען מוז דער מילעדים אויפהאַלטן זיך אין טאַראַהוס זען אויסצוטוצן. זי דאַרף זיך אומבאַדינגט באַצאָלן. „פּרינצעסין אַזאַ און אַזאַ מיט דער סוויטע". די צייטונגען זענען זייער פריינטלעך. ווען מען האָלט געקאָנט טון פאַר איר עפּעס אַזוינס באַזונדערס... אפשר קאָן מען פאַר איר מאַכן אַ פּויערשע חתונה מיט מחותנים, מיט פידלשפּילער און מיט מענצער אין נאַציאָנאַלער קליידונג?

דער דאָקטאָר איז מסופק, צי דאָס וועט די מילעדי אַרויסטרייבן פון צימער. זי אינטערעסירט זיך גאָרנישט מיט קיין מענטשן פון הי, מיט אונזער לאַנד

— זי רעדט קיינמאָל מיט קיינעם נישט?

— אָך, יאָ, מיט פרוי רובען. מאָדנע, דווקא מיט פרוי רובען, זי האָט די פרוי רובען אפילו איינמאָל באַזוכט אין איר צימער.

— נו, דאָס איז גאָרנישט אַזוי מאָדנע, — מיינט דער אדוואָקאַט — עס ציט זי אַהין, וווּ מען וועט פאַרשטיין איר שפּראַך, ווי זי אַליין. פרוי רובען איז אינטערנאַציאָנאַל.

— אָבער עס זענען דאָך דאָ פאַראַן אַנדערע אויך. פאַר־וואָס רעדט זי נישט צום ביישפּיל מיט דעם הער פלעמינג?

— ווער קאָן וויסן. אַ פּראָפּאָ. מיר האָבן גאָר וועגן ה׳ פלע־מינג פאַרגעסן. ער פאַרריכט זיך עפּעס?

— אייגנטלעך נישט, — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט — ער צינדט זיך אָן און פאַרלעשט זיך תּיכף ווידער. דאָס איז נישט קיין פעסטע פאַרבעסערונג. עס וואָלט זיין נישט גוט, ווען אַזאַ וויכטיקער גאַסט וואָלט זיך דאָ פאַרערגערט אין געזונט; די לופט זאָל פאַר אים אפשר זיין צו שאַרף: מעגלעך, אַז ער וועט שטאַרבן.

— אפשר פאַרלייגן אים, ער זאָל אריבערפאָרן ערגעץ אנדערש? אָבער מיט וואָס זאָל מען עס באַגרינדן? אַז דער אָרט איז דאָ פאַר אים נישט קיין פּאַסיקער? קיין סאַנאַטאָריע אין דער גאַנצער וועלט וועט נישט אָפּשיקן קיין גאַסט מחמת אַזאַ טעם. אָבער, אפשר וועט הער פלעמינג פאָרט בייקומען זיין פעלער?

דער דאָקטאָר האָט דערקלערט, אַז הער פלעמינג האָט זיך אין דער לעצטער צייט פאַרריכט. ער איז אין אַ גוטער שטימונג און זאָגט אַליין, אַז ער שלאָפט בעסער. אויך אַ מאָדנער מענטש, אָט דער הער פלעמינג. ער גייט אַלע טאָג אויף דער שכנישער לאָנקע און טרינקט דאָרט זויערמילך. ער שלאָפט דאָרט אויך אַמאָל. קורץ — די לעצטע טעג איז אים גאַנץ גוט. די ווירטשאַפטערין האָט אַפילו געלאָזט וויסן, אַז ער שטיפט מיט די מיידלעך, נו, פאַרשטייט זיך, נאָר מיט פריילין ד'עספּאַר.

— אָ, טייוול! — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט. — אויב אַזוי וועט ער שוין לעבן

זיי האָבן באַשטימט צו האַלטן אים אין דער סאַנאַטאָריע אַזוי לאַנג, ביז עס וועט זיין מעגלעך. דערווייל האָט דער אַדוואָקאַט אפילו מיט אים אַליין געשמועסט און באַקומען אַן אויסגעצייכנטן איינדרוק פון זיין גייסטיקן צושטאַנד. הער פלעמינג האָט זיך געוויצלט, אַז ער איז געוואָרן אַ שטענדיקער אַבאָנענט אויף זויערמילך אין דער שכנישער לאָנקע. דאָס ווירקט אויף אים גוט, האָט ער געזאָגט, דאָס דערפרישט אים. דאָס איינציקע, וואָס איז פעלט ביי דניאלן, איז אַ יונגע שיינע הויזפירערין.

דורכאויס הייטערקייט און לעבנסלוסטיקייט.

דאָס האָט אַזוי דערפרייט דעם אַדוואָקאַט, אַז ער האָט אויך איינגעאָרדנט דעם ענין פון סעלמער עידע, דעם פּיאַניסט. עס איז אים אָנגעקומען לייכט, ער האָט עס געמאַכט פשוט אויף זיין שטייגער.

בערטעלסען איז געקומען. ער איז געווען בלאַס פון דערביטערונג אָדער פון צאָרן — אַ שרעק, ער האָט אפילו נישט געענטפערט דעם אַדוואָקאַט אויף זיין גרוסן זיך און איז געווען גראָב דערצו.

— איך בעט אייך, איר זאָלט מיר נישט אָנשיטן קיין שנאָרערס אויף מיין קאָפּ, — האָט ער געזאָגט.

ביידע הערן זענען געווען באַקאַנטע פון כריסטיאַניע, און דער אַדוואָקאַט האָט דעריבער געמיינט, אַז ער דאַרף נישט פאַרשווייגן; און האָט געפרעגט:

— איר האָט, אַפּנים, אייער פרימאָרגנדיק גלעזל נישט באַקומען?

— וואָס גייט עס אייך אָן? — האָט בערטעלסען געענטפערט. — אָבער וואָס האָט איר קעגן מיר אויפגעהעצט אַ פאַרהונגערטן פּיאַניסט, וואָס פאָדערט ביי מיר געלט אויף אַ רייזע קיין אויסלאַנד.

— אַך, אַזוי, עידע! — האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט. — איך האָב נישט געוווסט, וואָס איר מיינט. ער איז ביי אייך געווען?

— יאָ, און ער האָט געזאָגט, אַז איר האָט אים געשיקט. אָבער איך פאַרבאָט גאַנץ פּשוט אַזעלכע באַשטעלונגען פון אייך. זאָלט איר עס וויסן.

דער אַדוואָקאַט האָט אים געענטפערט: דאָס קאָן איך גוט פאַרשטיין. דער יונגערמאַן איז אַ ביסל אַ קלעק, אַ היציקער קינסטלער, און וויל קיין רגע נישט וואַרטן. נאַטירלעך, האָב איך אים צו אייך נישט געשיקט. ער איז אַליין געקומען.

— דער יונג איז געקומען צו מיר און פרעגט פּשוט, ווי האַלט עס מיט דער סטיפּענדיע, און ווען קאָן ער זי באַקומען.

— האַהאַהאַ! — האָט זיך דער אַדוואָקאַט פונאַנדערגעלאַכט — יאָ, מען קאָן פון אים אַזוינס דערוואַרטן. איך האָב איבעריקנס אַ[illegible]טונג פאַר זיין ברענענדיקער שטרעבונג נאָך אויסלאַנד, און איך מיין, אַז איר אויך.

— יאָ, אָבער נישט אויף מיין רעכענונג, כאַפּט אים דער טייוול. — האָט בערגע־סען זיך געקאָכט. — מיר דאַכט, איר זענט ביידע אַראָפּ פון זינען. ער זאָגט, אַז איר האָט אים געשיקט.

דער אַדוואָקאַט האָט פּלוצלינג דערזען, ווי פרייליין עלינגסען דערנענטערט זיך און הינטער איר פרייליין ד'עספּאַר און הער פלעמינג. זאָגט ער:

— איך האָב אים, פאַרשטייט זיך, נישט געשיקט. אָבער ווען דער מענטש האָט מיר געזאָגט, אַז ער וויל פרוון גיין צו אייך, האָב איך אים עפּעס אַזוינס געזאָגט אומגעפער: יאָ, פרווט זיך. ס'איז נישט דאָס ערשטע מאָל, וואָס מ'ווענדט זיך צום הער בערטעלסען מיט אַזעלכע ענינים. עפּעס אַזוינס האָב איך אים אַוודאי געזאָגט.

בערטעלסען באַרויקט זיך אַ ביסל און זאָגט:

— דאָס איז דאָך אָבער אַן אומפאַרשעמטע זאַך, אַזוי צוצוּ־שטיין צו מיר.

— גוט מאָרגן, פרייליין עלינגסען! — באַגריסט דער אַדוואָ־קאַט. — מיר רעדן דאָ וועגן הער עידע.

בערטעלסען קערט זיך אום, דערזעט זי אויך, גרוסט זיך אָבער נישט. תיכף דערנאָך גייען אויך צו פרייליין ד'עספּאַר און הער פלעמינג, אַזוי אַז זיי האָבן געקאָנט זאַלבעפינפט אַנט־שיידן די מוזיק־פראַגע. דער אַדוואָקאַט שמעלט זיך וואָרעם איין פאַר עידען — צוליב איינס וואָס פאַר אַ בזיון ער האָט דערבײַ געהאַט — ער לויבט ווידער די היציקייט פון דעם יונגנמאַנס שטרעבונגען, און זאָגט, אַז ער האָט צו אים אַכטונג.

— ווי מיינט איר, פרייליין עלינגסען?

— וועגן זיינע הייסע שטרעבונגען רעד איך נישט, — רייסט אים בערטעלסען איבער — נאָר וועגן דעם אופן, ווי ער שטייט צו. וואָס גייט מיך אָן זיין סטיפּענדיע?

— נו, נו, מאַכט זיך נישט בלומרשט ערגער, ווי איר זענט אין דער אמתן, — זאָגט דער אַדוואָקאַט מיט פריינטלעכער כיט־רעקייט. — איר ווייסט זייער גוט, אַז דאָס איז נישט דאָס ערשטע מאָל, וואָס מ'ווענדט זיך צו אייך! און אויף וויפל איך ווייס, איז היינט אויך נישט דאָס ערשטע מאָל, וואָס איר קומט צו הילף אַ טאַלענט. אַנטשולדיקט מיר, איך בעט אייך, וואָס איך דערצייל אַלעמען וועגן דער דאָזיקער אייגנטימלעכקייט אייערער.

בערטעלסען ווערט גאָר אַ ווייבענקער. דער טיוולשער אַד־וואָקאַט האָט אים פאַרן שוואַכסטן אָרט דערטאַפּט און געמאַכט

פאַר עפּעס מער ווי אַ געוויינלעכן האַלצהענדלער. ער טוט בגנבה אַ בליק אויף די דערביייאיקע און לאָזט די אויגן אַראָפּ.

— ער שפּילט גרויסאַרטיק! — זאָגט וועגן סעלמער עידע פרייל'ין ד'עספּאַר. זי פאַרשטייט מוזיק אפשר ווייניקער פאַר אַלע־מען, און דעריבער רעדט זי וועגן איר מער פאַר אַנדערע. — נישט אמת? — פרעגט זי און ווענדט זיך צו פריילין עלינגסען.

— געווים. יאָ, וועגן וואָס אייגנטלעך רעדט מען?

דער אַדוואָקאַט ענטפערט: וועגן אַ רייזע קיין אויסלאַנד, גנעדיקע פריילין, וועגן אַ סטיפּענדיע פאַר עידען אין פּאַריז.

— דאָס איז נישט קיין קלייניקייט, — זאָגט בערטעלסען.

פּלוצלינג פרעגט ה' פלעמינג:

— און וואָס פאַרא סומע גייט עס?

אַלע שווייגן אַ רגע, נאָכדעם נעמט דער אַדוואָקאַט האַלב שטיל אויסרעכענען: אַ יאָר לעבן, די רייזע הין און צוריק, שכר־לימוד, קליינע הוצאות...

אָבער בערטעלסען דערפילט איצט, אַז עפּעס איז דאָ נישט גוט, אַז הער פלעמינג קאָן ביי אים פון די ציין אַרויס־נעמען דעם גוטן נאָמען פון אַ מעצענאַט, און ער זאָגט פעסט און אַנטשיידן:

— גוט, איך גיב אים די סטיפּענדיע.

אַלע קוקן אים אָן. זיין פּנים ווערט רויט, און דער אַדוואָ־קאַט קומט אים צו הילף און מורמלט.

— איך האָב עס געוווסט, יאָ, איך האָב געוווסט.

— אָבער מיט איין תנאי — ער זאָל תיכּף אַזעקפאָרן, — זאָגט בערטעלסען — ער זאָל גלייך פונדאַנען אַוועק.

— ער וויל זיכער אַליין נישט מער, ווי דאָס, — ענטפערט דער אַדוואָקאַט — אָבער פאַרוואָס?

— פאַרוואָס? איך וויל נישט, אַז דער בחור זאָל מיר נאָכ־לויפן. ניין. איך וויל נישט, ער זאָל מיך אַלע טאָג פרעגן, ווען קאָן ער באַקומען די סטיפּענדיע. דאָס איז גלייך, ווי איך וואָלט נישט זיין אימשטאַנד צו באַצאָלן. ער קאָן די סטיפּענדיע שוין

באַקומען, איך וועל אים געבן אַ טשעק.

— דאָס איז גרויסאַרטיק! אומגעוויינלעך! איך ערלויב מיר אין זיין נאָמען אייך אָפּצודאַנקען.

— לאָמיר מער וועגן דעם נישט רעדן! — פאַרענדיקט בערטעלסען. — זאָגט מיר נאָר, וויפל דאַרף ער האָבן אויף אַ יאָר לעבן אין פּאַריז.

איינער דעם אַנדערן קוקן זיי אָן, און אַלע שווייגן. פרייליין ד'עספּאַר, וואָס איז געווען אין פראַנקרייך, וויל רעדן, אָבער דער אַדוואָקאַט לייגט פאָר, אַז אַלע צוזאַמען זאָלן ערגעץ אַריינגיין און אינאיינעם די פראַגע באַטראַכטן.

אַזוי האָבן זיי טאַקע געטון. און זענען אַריין צו בערטעלסענען אין צימער, וואָס איז געווען דער בעסטער און טייערסטער אין דער גאַנצער סאַנאַטאָריע. אַ קליינער סאַלאָן מיט אַן אַלקערל; בילדער אין גאָלדראַמען אויף די ווענט, פאָרהאַנגען פאַרן אַלקער. אַ לאָמפּ פון גאָלדבראָנז איבערן טיש, גאַרדינען מיט אַפּולע פאַלדן, וואָס האָבן אָפּגעשוואַכט די ליכטיקייט, אַ טעפּיך אויף דער פאָדלאָגע, אַ דיוואַן, פּליושענע שטולן.

— ביטע, מיינע הערן און דאַמען, זעצט אייך.

בערטעלסען, דער באַזיצער פון דעם עלעגאַנטסטן צימער אין דער סאַנאַטאָריע, האָט געהייסן דערלאַנגען וויין און קיכלעך, האָט אַרויסגעוויזן אַ ברייטע האַנט בנוגע צום מוזיקאַנט און אים געוואָלט געבן אַן אָנשטענדיקע סטיפּענדיע.

— איך האָב דאָס געוווּסט, יאָ, איך האָב געוווּסט, — האָט דער ביטערער אַדוואָקאַט געזאָגט.

ווען אַלץ איז געווען פאַרטיק און דער טשעק אונטערגעשריבן, איז די געזעלשאַפט נאָך געבליבן צוזאַמען; עס האָט אויסגעוויזן, ווי די פינף מענטשן וואָלטן זיך ערשט דערקענט, מ'האָט, נאַטירלעך, גערעדט וועגן אַנדערע געסט און פּאַציענטן, און טאַקע נישט בלויז קליינינקייטן, נישט בלויז אומשולדיקע זאַכן. בערטעלסען איז געווען זייער אָפנהאַרציק אין זיינע מיינונגען וועגן דער מילעדי און דער פרוי רובען. די ביידע דאַמען זענען אים געווען, ווי אַ דאָרן אין אויג, איינע צוליב איר פאָרנעמקייט און די

צווייטע צוליב איר דיקקייט. ליבער גאָט, — זאָגט ער, וואָס איז עס פאַרא גאַנג! מיר, אַנדערע, זענען דאָך אויך מענטשן, צו וואָס זשע איז דאָ די פאַרנעמקייט און די דיקקייט. פרײַלין ד'עספּאַר איז, אפנים, געווען די איינציקע, וואָס האָט פאַרשטאַנען דעם שכל פון די רייד. זי האָט זיך צעלאַכט און אויסגעשריגן:

— דאָס איז אמת, דאָס איז אמת!

בכלל זענען זיך בערטעלסען און פרײַלין ד'עספּאַר אַלץ מער צונויפגעקומען נענטער אין זייער געשמאַק און אין זייערע סימפּאַטיעס. אויך בנוגע צו טעאַטער, שפּראַך און לעבנסשטייגער זענען זיי געווען אייניק.

מ'האָט דערלאַנגט נאָך וויין מיט קיכלעך. בערטעלסענען איז געפעלן געוואָרן דער קליינער יום טוב, און הגם דער אַדוואָקאַט און הער פלעמינג האָבן געקוקט אויף די זייגערס, זענען זיי דאָך געווען געניטיקט צו בלייבן. אַלץ מחמת דעם טעם, וואָס בערטעלסען געפינט, אַז עס איז אַנגענעם אַזוי צו זיצן.

— דאָ איז אַזוי גוט צו זיצן, — האָט אויך פרײַלין ד'עספּאַר געזאָגט און איז ווידער אַמאָל מיט בערטעלסענען געווען איינשטימיק.

די פרײַלין עלינגסען נעבעך האָט זיך אין דער דאָזיקער גרויסער איינשטימיקייט געפילט פאַר איבעריק. גאָט ווייסט, אפשר איז צווישן איר מיט בערטעלסענען עפּעס פאָרגעקומען; ווען ניט, וואָלט ער נישט געווען אַזוי שלעכט צו איר. עס האָט זיך אַלעמען געוואָרפן אין די אויגן, וואָס ער מיידט אויס צו הערן, וואָס זי רעדט, ער האָט זי איבערגעשריגן מיט זיין קול, געמאַכט צו גאָרנישט און נישט איינמאָל גערעדט איר אַנטקעגן. ניין, פרײַלין עלינגסען האָט דאָ עפּעס פאַרלוירן. הער פלעמינג האָט גענומען אויף זיך מיט איר צו פאַרברענגען, און ביי זיין געפיל פון טאַקט איז אַלץ צוגעגאַנגען פיין און נאַטירלעך. אָך, אָבער פרײַלין עלינגסען איז געווען אומרויק און אויסער זיך. פרײַלין ד'עספּאַר איז אַריבער אויף פראַנצויזיש און גענומען שמועסן מיטן האָלצהענדלער. און דאָס ווייסט שוין גאָט אַליין, וואָס זי האָט אים דאָרט געזאָגט. פרײַלין עלינגסען האָט עס

יעדנפאלס נישט פארשטאנען.

— וואס רעדן זיי דארט? — האט זי געפרעגט און כלומרשט גלייכגילטיק געשמייכלט. — וואס זענען עס פאר סודות?

הער פלעמינג האט אויך כלומרשט גלייכגילטיק געשמייכלט און געענטפערט:

— זיי איבן זיך נאר אין דער פראנצויזישער שפראך.

אבער דער טייוול האט זיך דא, אפנים, געמוזט אדיינמישן אין דעם שפיל. אויך צווישן הער פלעמינג און זיין דאמע איז, אפנים, עפעס פארגעקומען. ס'איז, אפנים, געווען א שלעכטער טאג פאר פארליבטע: די לופט איז פול געווען מיט קרענקונג און באליידיקונג. הער פלעמינג האט געקאנט מאכן דעם אנשטעל, כלומרשט ס'איז גארנישט געשען, נאר אינגאנצן פארבארגן, אז פרייליין ד'עספארס באנעמען זיך גייט אים אן, האט ער נישט געקאנט. נעבעך, פרייליין ד'עספאר! א, זי האט געהאט טעמפעראמענט, זי האט געוווסט, ווי געפעלן צו ווערן מאנסביל, זי האט געקאנט אזוי אנבויגן זיך צו דעם, וואס רעדט, אז ער זאל עפעס דערביי פילן, זי האט געקאנט נעמען בערטעלסענס הוט, וואס איז געהאנגען אויפן אנלען פון שטול, קוקן אויף אים פארטראכטערהייט און צוריק אויפהענגען, און דערמיט זאל שוין זיין מיט בערטעלסענען עפעס געמאכט, ארויסגעוויזן צו אים א צערטלעכקייט. אין דעם איז באשטאנען איר צוציונגסקראפט.

— איך קאן א ביסל לייענען פראנצויזיש. — האט פרייליין עלינגסען געזאגט, כדי זיך נישט אונטערצוגעבן. — אבער רעדן קאן איך נישט.

— נאטירלעך. קאנט איר פראנצויזיש, — האט דער אדוואקאט געזאגט — ווען נישט וואלט איר דאך קיין טעלעגראפיסטין נישט געקאנט זיין.

דא האבן זיך בערטעלסען מיט פרייליין ד'עספאר דורכגעקוקט און פונאנדערגעלאכט, און פרייליין עלינגסען האט עס דערשפירט, ווי א זעץ אין הארצן. זי האט זיי אליין געפרעגט, פון וואס האבן זיי געלאכט, ווייל זי וואלט אויך גערן מיט זיי צוזאמען געלאכט. זי האט אבער קיין ענטפער נישט באקומען. דאן האט זיך פרייליין

עלינגסען אין פאַרצווייפלונג געווענדט צו הער פלעמינג און אָנגעשעפּטשעט אים, אַז זי הויבט שוין ביסלעכווייז אָן צו בענקען נאָך דער אַרבעט ביים טיש פון דעם טעלעגראַף. זאָל ער נישט מיינען, אַז דאָס איז נישט אינטערעסאַנט, ניין, ניין, איר איז עס טער געפעלן פאַר דעם דאָזיקן פּוסטפּאַסנעם לעבן. דער טעלעגראַף — דאָס איז דער עקסטראַקט פון לעבן. זי מוז יעדן טאָג זיין אַן עדות פון דעם פרייד און לייד פון אַפּולע, אַפּולעטענטשן. אָ, דער טעלעגראַפן-טיש איז אַ קוואַל פון סודות.

— איך האָף, אַז איר ווייסט נישט צופיל שלעכטס וועגן מיר, פרײַלין, — האָט הער פלעמינג געשפּאַסט. אָבער גרייבצייטיק איז אים אַ ביסל אַריין די פאַרב אין אָפּגעוועלקטן פּנים.

— איך האָף, פון מיר אויך נישט, — האָט אַדוואָקאַט ראָבערטסאָן געשפּאַסט.

זי איז איבער דעם אַריבער; ניין, זי ווייסט וועגן אים קיין שלעכטס נישט. אָבער זיי מעגן איר גלויבן, אַז זי ווייסט אפילו זאַכן, מלוכה-סודות? פאַרשטייט זיך, נישט קיין מלוכה-סודות, אָבער — נישט אמת? עס קאָנען חוץ דעם אויך זיין ערנסטע זאַכן. עס האָט געטראָפן, אַז עס האָט איר געשווינדערט, ווען זי איז געזעסן אַלס פאַרמיטלערין, אַלס ווערקצייג צווישן איינעם פון אונזערע אַמבאַסאַדאָרן מיט דעם מיניסטעריום פון אויסערן.

ביידע הערן האָבן אָנגעשטעלט די אויערן.

— אָבער, — רעדט פרײַלין עלינגסען ווייטער — דאָס אינטערעסאַנטסטע זענען געווען אפשר די טעלעגראַמען צווישן דער פּאָליציי אין אַלע לענדער — דאָס אויסשפּירן מערדער, געלטפעלשער, שווינדלער, באַנדעס פון גנבים. דערין זענען אָפּטמאָל געווען פאַרמישט דאַמען פון דער גרויסער וועלט, אַדעליקע, פראַנצויזישע פּאָליטיקער, בענק, גיפט, פּאָליטיק.

איצט האָבן די הערן אַלע פאַרוווּנדערט. אָט-די-אָ פרײַלין עלינגסען, וואָס איז אַזוי שלאַנק און פיין אַרומגעגאַנגען אין דער סאַנאַטאָריע — זי קאָן דערציילן; אירע הענט העלפן מיט, און אירע אויגן קוקן אַראָפּ אין דער נידער, גלייך ווי זי וואָלט אירע ווערטער געצויגן פון דער טיפעניש. יאָ, — האָט זי געזאָגט — דאָס

לעבן גייט זיין גאנג, און גאָט טוט זיין השגחה נישט אָפּ דערביי. פאַראַן מענטשן, וואָס מאַכן אַ לאַנגע רייזע מיט אַ באַן־בילעט, אַנדערע מאַכן אפילו נאָך אַ לענגערן וועג מיט אַ קויל פון אַ רעוואָלווער! זי האָט דערציילט ליבע־טראַגעדיעס, גאַנצע שיקזאַלן פון מענטשן, ביי וועלכע דער טעלעגראַף איז געווען דער פאַרמיטלער און דער עדות. למשל, די געשיכטע פון די ביידע אויסלענדער מיט דעם יאַגדוואָגן.

— יאָ. זענען צוויי אויסלענדער, הייסט עס, געקומען קיין נאָרוועגיע, אַ הער מיט זיין דינער. זיי האָבן דאָ אין לאַנד געוואָלט פאַרנעמען זיך מיט געיעג. זיי האָבן מיט זיך געהאַט אַן אייגענעם יאַגדוואָגן און געוואָלט אויף אייגענעם אחריות באַרייזן פעלדער און וועלדער. מיט איניקע טעג שפּעטער אַלאַרמירט דער טעלעגראַף: זאָל מען אַכטונג געבן אויף דעם הער מיט זיין דינער, זיי געפינען זיך ערגעץ אין אַ טאָל. די אויסלענדער מיינען, אַז זיי קאָנען זיך אין אונזערע טאָלן באַהאַלטן, אַז אונזער גאַנץ לאַנד איז פאַרבאָרגן, אַז יעדער טאָל איז אַזוי פאַרשטעקט, אַז מ'קאָן אים נישט געפינען. רעכט. אָבער דער הער, דער דינער און דער וואָגן האָבן זיך געפונען אין האַלינגדאַל. אין אַ וואָך אַרום קומט אָן פון אויסלאַנד נאָך אַ הער, וואָס האָט געדאַרפט זיי ביידן נאָכשפּירן. ער האָט דערהאַלטן פון זיין לאַנד פאָלגנדע ידיעה דורך דעם טעלעגראַף: לאָזט דעם הער מיט דעם דינער לויפן, פאַרהאַלט נאָר דעם יאַגדוואָגן! אונזער פּאָליציי האָט אים געהאָלפן אין געפונען די מענטשן. אָבער דער וואָגן איז שוין נישט געווען. נו, טעלעגראַפירט דער אַמבאַסאַדאָר אַהיים: „וואָגן פאַרשוואונדן, פּאָרזיכטיק, ציגיינער אונגאַרישע געגנבעט". הייבט מען אָן צו זוכן די ציגיינער: מען געפינט זיי ביים איבערגאַנג קיין וואַלדרעס, און דער וואָגן איז אויך דאָ. יאָ, גאַנץ ריכטיק, דער וואָגן איז דאָ, אָבער די ציגיינער פאַרזיכערן, אַז זיי האָבן אים געק?פט ביי דעם הער און דעם דינער. האָט דער אַמבאַסאַדאָר אויסגעקויפט דעם וואָגן ביי די ציגיינער, און איז מודיע אַהיים, אַז דער וואָגן איז דאָ, געעפנט און אינגאַנצן פונאַנדערגענומען — אָבער אין אים איז גאָרנישט נישטאָ. דער וואָגן

איז אויסגעלײדיקט געװאָרן אײדער נאָך די ציגײנער האָבן אים באַקומען! פֿון דעם באַריכט איז געװען געדרונגען, אַז אין דעם װאָגן איז בכלל נישט געװען נישט קײן גאָלד און נישט קײן בריליאַנטן, נאָר פּאַפּירן, שטעלט אײך פֿאָר, נאָר פּאַפּירן, קלײנע װערטער שװאַרץ אויף װײס, אָבער טײערער פֿאַר אַלע אוצרות, אָן אַ שיעור װיכטיקע. ס'האָט זיך געהאַנדלט װעגן גורל פֿון אַ מענטשן, װעגן לעבן און טױט, און אָט זענען די פּאַפּירן נישטאָ!..

דאָ רײסט פֿרײלין עלינגסען איבער איר דערצײלונג און פֿרעגט:

— איר װילט װײטער הערן?

װאָס מײנט זי דערמיט? זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז זײ װילן װײטער הערן. די שפּאַנונג איז געװען פֿון העכסטן גראַד.

— נו, יאָ. אָבער װײטער איז שױן װײניק פֿאַראַן, װאָס צו דערצײלן, — זאָגט זי — דער אַמבאַסאַדאָר און די פּאָליצײ האָבן זיך געמוזט צוריק אומקערן קײן האָלינגסדאַל. פֿעלדער און װעלדער זענען אויסגענישטערט געװאָרן אָבער אומזיסט. און לסוף האָבן זײ זיך געמוזט װענדן צו דעם הער און דעם דינער, זײ זאָלן זײ זאָגן, װו זענען די פּאַפּירן פֿאַרבאָרגן, און דעמאָלט האָט מען זײ אויסגעקױפֿט.

די צוהערער זאָגן אַביסל מטושטש: דעמאָלט האָט מען די פּאַפּירן אויסגעקױפֿט? און גאָר?

— יאָ.

אַ מאָדנע ענדערונג איז פֿאָרגעקומען מיט דער פֿרײלין: זי האָט גלײך װי פֿאַרלױרן דעם פֿאָדעם פֿון דער דערצײלונג, מער איז שױן אין איר גאָרנישט געװען. פֿונװאַנען האָט זיך עס גענקאָנט נעמען?

דאַן פֿרעגט הער פּלעמינג פּאָרזיכטיק:

— אָבער פֿאַרװאָס האָט מען נישט גלײך אַרעסטירט דעם הער מיט דעם דינער?

— דאָס װײס איך נישט, — ענטפֿערט די פֿרײלין אומזיכער — אפֿשר זענען זײ געװען נאָענטע קרובים פֿון דעם, װאָס מען האָט באַגנבֿעט.

מען שװײגט.

— אָבער דער דינער? — פֿרעגט הער פּלעמינג.

די פרייליין איז ווי איינגעבראָכן. זי נעמט זיך אָבער אָן מיט מוט צו אַ גרויסן פּוח פון ווידערשטאַנד און ענטפערט: — דער דינער, יאָ. דאָס איז דאָך געווען אַ דאַמע.

דאָס האָט אַביסל געהאָלפן, און די הערן האָבן נישטווילנ־דיק אויסגעשריגן: אָך!

אָבער גלייך נאָך דעם האָבן זיי שוין ווידער נישט פאַר־שטאַנען, און יעדער שטעלט אַ באַזונדערע פראַגע: אָבער די גאַנצע געשיכטע? וואָס פאַרא זינען האָט זי? אַ יאַגדוואָגן? און פאַרוואָס האָט מען די מענטשן נישט אַרעסטירט?

פרייליין עלינגסען ווייסט עס נישט; זי זאָגט, אַז זי ווייסט עס נישט. זי ווייזט אויס, ווי זי וואָלט זיך קיין עצה נישט גע־קאָנט געבן. פּלוצלינג, דאַכט זיך, געפינט זי אַן אויסוועג און זאָגט געהיימניספול: פאַרוואָס האָט מען זיי נישט אַרעסטירט? ס'איז אפשר דערפאַר, וואָס זייער רעגירונג האָט זיי געוואָלט געבן די מעגלעכקייט צו דערשיסן זיך מיט זייערע אייגענע ביקסן.

— אַזוי. דאָס קאָן זיין.

און די הערן באַנוגענען זיך דערמיט. עס איז זיי אַ רחמנות אויף דער פרייליין, זיי ווילן זי נישט פייניקן. כדי איר צו העלפן, הויבן זיי אָן צו רעדן פון עפּעס אַנדערש. דער אַדוואָקאַט האָט פאַרפירט אַ שמועס וועגן דער מילעדי, און פרעגט דעם הער פלעמינג, צי האָט ער, אַלס אַדעליקער, אַן עקזעמפּלאַר פון דעם גאָטישן קאַלענדאַר.

פון דער דאָזיקער פראַגע איז הער פלעמינג געוואָרן אַביסל מטושטש און ער פרעגט צוריק:

— ווי? צוליב וואָס?

— צי האָט איר נישט דעם גאָטישן קאַלענדאַר? איך האָב אייך געוואָלט בעטן זיין אַזוי גוט אַ קוק טון, צי איז דאָרט פאַראַן די מילעדי. איך קאָן זי דאָרט נישט געפינען.

הער פלעמינג לאַכט מיט אַ דערלייכטערטן האַרצן און ענטפערט: — איך ווייס אפילו נישט, צי איך בין דאָרט פאַראַנ־ניין, איך האָב נישט דעם גאָטישן קאַלענדאַר.

אָבער די פרייליין זיצט נאָך, ווי ס'וואָלט גאָרנישט געשען,

און הער פלעמינג דערציילט איר וועגן דעם אָקס פון דער שכנישער לאָנקע, וועגן דניאלס אָקס. צי האָט זי אים אָפּטמאָל וואַנדערנדיק נישט אָנגעטראָפן?

— ניין.

— דאָס איז בעסער. ער איז אַ געפערלעכער, יעדנפאַלס נישט קיין אומגעפערלעכער, און ס'איז בעסער אויסצומיידן אים. יאָ, דניאל האָט שוין אַזאַ אָקס. ער איז אַן אמתער ריז, פּרעסט פאַר דריי, מיט לאַנגע הערנער, אַ בלאַנקע ברוינע פעל און אַן אומנאַטירלעך העסלעכער בליק. דניאל האָט אַליין געזאָגט, אַז ער איז אַ בייזער, און מ'טאָר זיך מיט אים נישט שפּילן.

ניין. די פרייליין האָט זיך מיט אים, דאַנקן גאָט, נישט געטראָפן, הו — עס כאַפּט זי אָן אַ שווינדער.

— אויב די חיה איז אַ סכנה פאַר די געסט פון דער סאַנאַטאָריע, וועט זי דניאל מוזן אַוועקגעבן, — האָט געזאָגט דער אַדוואָקאַט.

— ער וויל דעם אָקס האַלטן ביז הערבסט און דאַן פאַרקויפן אַ קצב, — האָט פלעמינג דערקלערט.

— איך וועל איבערשיקן אונזער שווייצאַר און גלייך אים אָפּקויפן, — באַשליסט דער אַדוואָקאַט — קיין גאַסט זאָל פאַר דער חיה נישט דאַרפן מורא האָבן, דאָס האָט קיין זינען נישט.

איצט פילט זיך אַדוואָקאַט ראָבערטסאָן אויך ווי אַ מין בעל טובה, ווי דער וווילטעטיקער פון דער גאַנצער סאַנאַטאָריע. און ווען פרייליין עלינגסען באַדאַנקט אים מיט אַ פאָר ווערטער, מיינט ער, אַז אויך ער דאַרף איר אויסדריקן אָנערקענונג. דערייבער זאָגט ער צו דער פרייליין.

— דאָס וואָס איר האָט דערציילט די זעלטענע געשיכטע מיט דעם יאַגדוואָגן — איז אַ וווּנדער, וואָס איר האָט עס נישט פאַרשריבן.

— איך? ניין.

— איר וואָלט עס געדאַרפט אָנשרייבן. איר האָט עס דער-

צײַלט שפּאַנענד און גוט. נישט אמת? — פרעגט ער בײַ הער פלעמינג.

יאָ, הער פלעמינג שאָקלט צו מיטן קאָפּ.

די פרײַלין קומט צו זיך. די דערציילונג האָט זי נאָר אַביסל אָנגעשטרענגט, און איצט האָט זי זיך ערהאָלט. ניין, ניין,— שמייכלט זי מיט אנטשולדיקונג; זי קאָן נאָר זיצן בײַם טעלעגראַפישן טיש און הערן. צו עפּעס אַנדערש טויג זי נישט. וועגן דעם, וואָס זי האָט געהערט, טראַכט זי נאָכדעם, ווען זי בלײַבט אַליין. דאָס בלײַבט נישט אָן באַדײַטונג פאַר איר, דאָס גיט איר שפּײַז פאַרן גייסט.

— און דעמאָלט פאַרשרײַבט זי עס דאָך מסתמא?

— יאָ. דאָס איז נישט אינגאַנצן אויסגעשלאָסן, — גיט זי צו —זי האָט עס, פאַרשטייט זיך, געפּרוּווט, און זי האָט אויך איינקע זאַכן אָנגעשריבענע, דאָס וויל זי שוין נישט אָפּלייקענען. אָבער פון וואַנען ווייסן עס די הערן?

— ס'איז נישט שווער צו טרעפן. אַזוי גוט דערציילט.

איז פרײַלין עלינגסען פלוצלינג געבליבן זיצן אַ גליקלעכע פון דער אָנערקענונג און פון דעם שאַרפן שכל, וואָס האָט זי פאַרשטאַנען און אָפּגעשאַצט. זי האָט אויף אַ רגע פאַרגעסן אָן די צוויי, וואָס זענען געזעסן און האָבן גערעדט פראַנצויזיש. עס איז אפילו דערגאַנגען דערצו, אַז זיי האָבן אויך גענומען הערן, וואָס זי רעדט. זי האָט פלוצלינג אַ זאָג געטון מיט אומדערוואַרטער איבערצייגונג, גלײַך ווי דאָס איז עפּעס וויכטיקס:

— ניין. וואָס בײַם טעלעגראַף איז באמת אינטערעסאַנט, דאָס זענען נישט קיין קליינע פאַרברעכנס, ווי למשל, ווען איינער נאַרט דעם צווייטן אָפּ בײַ אַ פּאַרטיע האָלץ. דאָס זענען נאַרישקייטן. אָבער ס'טרעפט אַ טאָג, ווען אויפן טיש הייבט אָן צו קלאַפּן וועגן עפּעס אַנדערש: עקסטרע. הערצאָגין סאָמוער פאַרפאַלן, אַנטלאָפן אָדער פאַרפירט.

ווידער אַ לאַנגע דערציילונג. זי ענדיקט זיך ערשט, ווען די פרײַלין פאַרפּלאָנטערט זיך ווידער און קאָן ווייטער נישט דערציילן.

אַלע האָבן געהערט. בערטעלסען און פֿרײַלין ד'עספּאַר האָבן איבערגעריסן זײער רײדן פֿראַנצײזיש. זײ האָבן אױך געהערט. דער האַלצהענדלער, הער בערטעלסען, האָט אײנמאָל אין אָנהײב איבערגעשלאָגן און דערקלערט, אַז ס'איז אױסגעשלאָסן מען זאָל עמעצן אָפּנאַרן בײ אַ פּאַרטיע האָלץ. — נײן, — האָט די פֿרײַלין געענטפֿערט און זיך אַנטשולדיקט — זי האָט עס נאָר סתם אַזױ געזאָגט, זי װאָלט געקאָנט אָנרופֿן אַן אַנדער געשעפֿט, דעם האַנדל מיט פֿערד, צום בײשפּיל. אין לױף פֿון דער דערצײלונג האָט בערטעלסען געפֿרעגט:

— איר האָט דען נישט געגעבן קײן שבועה?

— אַ שבועה?

— יאָ, צו היטן די סודות פֿון טעלעגראַף?

די פֿראַגע האָט זי אַביסל צעטומלט, זי שטאַמלט: װי? יאָ. זי האָט אונטערגעשריבן אַזאַ דערקלערונג. און זי װעט פֿאַר קײן פֿאַל אין דער װעלט איר שבועה נישט ברעכן. זי האָט עס דען געטון?

— נײן, — האָט הער פֿלעמינג געענטפֿערט.

— בכלל, — פֿאַלט אַלץ בערטעלסען אָן — פֿאַרשטײ איך די גאַנצע געשיכטע נישט. די הערצאָגין איז געװען דאָ אין נאָרװעגיע?

— דאָ?

— מיר דאַכט, איך האָב עפּעס אַזױנס געלײענט אין אַ דעדעקטיװ־ראָמאַן. אפשר האָט איר זיך איצט װעגן דעם דערמאָנט?

קעגן דעם פּראָטעסטירט פֿרײַלין עלינגסען גרײלעך, און דערבײ קומט איר אַרײן שטאַרק די רױטקײט אין געזיכט. בשום אופֿן נישט. זי האָט בכלל גאַנץ װײניק דעדעקטיװ־ראָמאַנען אױף איר לעבן געלײענט. אָבער זײ דרינגען אַרײן אין טאָגטעגלעכן לעבן. און װאָס נוגע איר שבועה, האָט זי נישט קײן נאָמען, נישט קײן אָרט נישט אָנגערופֿן. די הערצאָגין האָט געקאָנט זײן, גאָט װײסט װו. מען האָט מסתמא באַמערקט, װי זי האָט פּלוצלינג איבערגעריסן איר דערצײלונג און אָפּגעשטעלט זיך? דאָס האָט

זי געטון בכיוון, ווייל זי האָט צוליב דער שבועה ווייטער נישט געקאָנט גיין.

בערטעלסען איז געווען אומבארמהאַרציק: — מאָדנע! האָט ער געזאָגט, — אין דער געשיכטע וועגן דעם יאַגדוואָגן האָט איר נישט געקווענקלט אָנגערופן נעמען פון ערטער: כריסטיאַניע, האַלינגסדאַל...

דאָס האָט שוין פרייליין עלינגסען נישט געקאָנט אויסהאַלטן און זי האָט זיך באַגאָסן מיט טרערן. זי האָט זיך אויפגעהויבן אַוועקצוגיין, זיך צונויפגעקאָרטשעט שטיל און צעבראָכן אונטער בערטעלסענס ווערטער. זי ציטערט היסטעריש.

— אָ, ליבער גאָט! — האָט בערטעלסען אויסגעשריגן און איז צוגעלאָפן צו איר. — וואָס איז אַזוינס? ס'איז דען צוליב דעם כדאי צו וויינען? איך האָב נישט געוואָלט... נאָר דאָס איז, פאַרשטייט זיך, געווען נאַריש פון מיין זייט, דער טייוול האָט מיר פאַרן צונג געצויגן. וואָס ווייס איך וועגן אייער שבועה! דאָס דאַרפט איר וויסן, נישט איך. איך בעט אייך, גיט דערויף נישט אַכטונג, איך בעט פון גאַנצן האַרצן.

— ס'איז גאָרנישט, — כליפּעט זי — ניין, זעצט זיך, איר הערט? — ס'איז גאָרנישט. טרייסט מיך נישט. איר זענט אַ ביסל געערגערט, און אפשר אינגאַנצן, פון אייער שטאַנדפּונקט. עס איז מיר נאָר פינסטער געוואָרן אין די אויגן. איך וועל נישט שטערן, איין רגע נאָר, ס'וועט באַלד אַריבערגיין, מיר איז נאָר אַ ביסל פינסטער געוואָרן אין די אויגן.

די הערן האָבן אַזוי געמאַכט, אַז די פרייליין זאָל האָבן צייט צו באַרויקן זיך. דער אַדוואָקאַט דריקט אויס זיין באַוואונדערונג וועגן הער פלעמינגס גוטן אויסזען, ווי ער האָט זיך דערהאָלט, ווי ער איז דיקער געוואָרן. און הער פלעמינג ענטפערט: יאָ, דאַנקען גאָט. ער איז שוין באַלד גאָר געזונט, אים פעלט מער גאָרנישט, נאָר אַ כלה, העהע!

פרייליין ד'עספּאַר האָט די אומגליקלעכע סצענע מיט פרייליין עלינגסען צוגעקוקט פון ווייטן אַ ביסל, האַלב פאַרוווּנדערט, האַלב שפּאָטיש. איצט האָט זי זיך אויפגעהויבן, גייט צו

צו דער געפּייניקטער דאַמע, שעפּטשעט איר עפּעס און גלעט איר איבער די האָר. די הערן האָבן געטרונקען פון זייערע גלעזער און גענומען רעדן העכער. איידער דאָס איז געווען נויטיק, בדי ווידער אויפצוהייבן די שטימונג. דאָס איז זיי געלונגען, די דאַמען זענען ביסלעכווייז אויך צוגעשטאַנען, דער באַל איז ווייטער געגאַנגען. מען האָט דערלאַנגט נאָך משקה און צוביסן. יאָ, עס גייט גוט, דער אינצידענט צווישן בערטעלסענען מיט זיין דאַמע איז פאַרביי, ער האָט זיך צוגעזעצט נאָענט צו איר און מיט איר פאַרבראַכט. ער האָט גענומען דאָס וואָרט און געהאַלטן אַ רעדע לכבוד דער טאָראַהוסער סאַנאַטאָריע, אַדוואָקאַט ראָבערטסאָן דאַנקט דעם ווירט פונם צימער. הער פלעמינג ווערט וואָס ווייטער אַלץ לעבעדיקער, ער שפּאַרט זיך אָן אויף דעם אָנלען פון שטול, ציט די וועסט איבער דער איינגעפאַלענער ברוסט: זעט, וואָס ער קאָן איצט טון! מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט ער עס נישט געקאָנט. דאָ ווינט די געזונטהייט אַליין. ער בעט די געזעלשאַפט צוזאַמען מיט אים אָנשרייבן אַ פריידיקע טעלעגראַמע צו זיין מוטער.

שטענדיק טראַכט ער וועגן זיין היים און זיין מוטער. זיין געזיכט הויבט זיך אָן שטאַרק צו באַוועגן, מיט באַגייסטערונג. ער האָט אַ גוטע מוטער. קיינער האָט קיין אָנונג נישט, ס'אַראַ זעלטענע פרוי זי איז געווען. ווען זיי וואָלטן עס נאָר געוווסט! זיין ברוסט הויבט זיך און לאָזט זיך אַראָפּ, ווען ער זעצט זיך שרייבן די טעלעגראַמע, און די געזעלשאַפט האָט זיך אונטערגעשריבן. — אַ דאַנק! — האָט ער געזאָגט. זאָל עס זיין אַ באַווייז פאַר איר, אַז זי מעג וועגן אים רויק זיין.

איצט וואַגט ער אַפילו ווידער אָנהויבן צו רעדן מיט פרייליין עלינגסען, גלייך ווי ס'וואָלט גאָרנישט געשען. ער האָט אַפילו גלייך אָנגעהויבן צו רעדן וועגן דער הערצאָגין סאָמוער, און מאַכט דער פרייליין אַ קאָמפּלימענט פאַר איר דערציילונג. ער האָט עס געטון אַזוי אָנשטענדיק, אָן שום איבערטרייבונג.

— אַך, איך ווייס פיל מער, — האָט די פרייליין געענטפערט — איך וואָלט אַפילו געקאָנט זאָגן, וואָס עס האָט מיט

איר נאָכדעם פּאַסירט, ווען איך וואָלט געמעגט. אָבער איך מוז דאָך שווייגן. איר האָט נישט באַמערקט, אַז איך האָב געמוזט אויפהערן?

— געוויס, און איך באַזונדער אייער איינגעהאַלטנקייט, וואָס איר האָט אַזאַ שיינע געשיכטע איבערגעריסן אינמיטן.

עס דערהערט זיך אַ גערודער פון אַ וואָגן אונטן אין הויף, און בערטעלסען זאָגט אויף געלעבטער:

— איצט מוזט איר גיין באַגעגענען געסט, הער אַדוואָקאַט!

היות אָבער, ווי מען האָט אויף קיין געסט נישט געוואַרט, האָט דער אַדוואָקאַט זיך נאָר פונאַנדערגעלאַכט און איז געבליבן זיצן.

— לאַכט נישט דערפון, — האָט ער געזאָגט — איך האָב אין די ציימונגען געגעבן צו וויסן, אַז מיר האָבן דאָ אַ גראַף און אַ פּרינצעסין. דאָס וועט שוין ווירקן!

דאָ האָט עפּעס פּלוצלינג פּאַסירט: דער גראַף האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, גלייך ווי אים וואָלט זיך עפּעס גע-שטעלט אין האַלז, ער כאַפּט אַרויס דאָס נאָזטיכל און לייגט זי צו צום מויל, נאָכדעם באַטראַכט ער זי, און גלייך ווי ער וואָלט זיך אַליין נישט געטרויט אין דעם, וואָס ער זעט, הויבט ער זיך אויף, גייט צום פענסטער און טוט ווידער אַמאָל אַ קוק.

— וואָס איז? — פרעגט פרייליין ד'עספּאַר אַ דערשראָקענע.

הער פלעמינג ווישט אָפּ דאָס מויל, און לייגט דאָס נאָזטיכל אַריין אין קעשענע.

— גאָרנישט, — ענטפערט ער און זעצט זיך צוריק אויף זיין אָרט.

אָבער אַלע זעען, אַז דאָ איז עפּעס געשען, ער קאָן עס נישט פאַרהוילן. הער פלעמינג הויבט אויף זיין גלאָז און טרינקט עס אויס, זיין געזיכט איז גראָ געוואָרן.

— איר האָט דאָ אַ קליינעם פלעק, — זאָגט פרייליין ד'עס-פּאַר און ווייזט אָן מיטן פינגער.

— וווּ?

— דאָרט, ביים ווינקל מויל. אויב איר וואָלט מיר געגעבן אייער מאַשנטיבל...

— אַ דאַנק, איך קאָן אַליין.

ער הויבט זיך אויף, גייט צו צום שפּיגל און ברענגט זיך אין אָרדנונג. פרייליין ד'עספּאַר באַגלייט אים מיט די אויגן. אויך אַלע איבעריקע ווערן אויפמערקזאַמער.

ער האַלט זיך פעסט, זיין רעדן און זיינע באַוועגונגען זענען אָן האַסטיקייט, אָבער זיין געזיכט איז געוואָרן בלאַס און איינגעפאַלן. די איבעריקע פון דער געזעלשאַפט מאַכן זיך, ווי זיי באַמערקן בלומרשט נישט, אַז זיי זענען חושד דאָס ערגסטע. אָבער פרייליין ד'עספּאַר קוקט מיט דערשראָקענע אויגן אויף דעם קראַנקן מענטשן און לייגט אַפילו אַרויף, נישט טראַכטנדיק, מחמת צערטלעכקייט, די האַנט אירע אויף זיין האַנט. זייערע בליקן באַגעגענען זיך. — אַ דאַנק, — שעפּטשעט ער. אויב עס איז אויף דעם פאָדעם, וואָס איז דורכגעצויגן צווישן זיי, געוועזן אַ קניפּל, איז ער איצט פונאַנדערגעבונדן געוואָרן.

— איך לויף ברענגען דעם דאָקטאָר, — זאָגט זי.

— דעם דאָקטאָר? — האָט ער געפרעגט, און געפרואווט זיך אויסצווויזן פאַרוווּנדערט — אָבער ניין, ס'איז גאָרנישט. נאָר וויבאַלד איר זאָגט שוין אַזוי, דאַרף מען העכסטנס נאָר אַ שטיקל אייז.

— איר פילט זיך נישט גוט? — האָט דער אַדוואָקאַט געפרעגט. — גלייך וועט קומען דער דאָקטאָר.

ער הויבט זיך אויף און הייסט דעם דינסטמיידל אויפזוכן דעם דאָקטאָר.

פאַר דער צייט, וואָס זיי וואַרטן אויפן דאָקטאָר, פרוּוון זיי אַלע בלייבן רויק און פול מיט האָפנונג. הער פלעמינג וויל נישט פאַרלאָזן די געזעלשאַפט און גיין לייגן זיך אין בעט: פאַרוואָס זאָל ער עס דער ערשטער אַוועק? ער האָט נאָך איינמאָל געמוזט באַנוצן זיך מיט זיין מאַשנטיבל און אָפּווישן זיך פאַרן שפּיגל, און ער האָט עס געטון אויף דעם זעלביקן אופן רויק און פשוט, ווי דעם ערשטן מאָל. ער האָט קיינעם נישט גע

שטערט. אָבער די מונטערקייט אין בערטעלסענס צימער איז אויסגעלאָשן געוואָרן. דער יום טוב האָט זיך געענדיקט.

אינספעקטאָר סזעדענס קלאַפּט אָן, קומט אַריין און מעלדעט, אַז דער קאָנסול איז איצט דאָ אונטן, אויב דער אַדוואָקאַט וויל אים באַגריסן.

— ווער?

— קאָנסול רובען, פרוי רובענס מאַן, ער איז געקומען.

דער אַדוואָקאַט האָט גאָרנישט געוווּסט, אַז דער קאָנסול רובען דאַרף קומען. ער הייבט זיך גלייך אויף און בעט די געזעלשאַפט, מ׳זאָל אים אַנטשולדיקן. ער ווענדט זיך צו בערטעלסענען און חזרט איבער נאָך אַמאָל, וואָס ער האָט שוין פריער פאַרויסגעזאָגט: לאַכט נישט דערפון, דאָס וועט אונז ברענגען נייע געסט. אָט קומען שוין די קאָנסולן.

ווען דער אינספעקטאָר האָט גענומען אַוועקגיין, האָט אים הער פלעמינג צוריק אַ רוף געטון. אַך, הער פלעמינג זעט אויס ווי דער טויט אַליין, אָבער ער לעבט נאָך, דענקט און פילט נאָך. ער ווינקט מיט די אויגן, אָטעמט מיטן מויל, טראַכט מיטן קאָפּ. ער נעמט פונאַנדער און ציט צונויף די הענט, ווי ער וויל. ער איז נאָך נישט טויט. אָט גיט ער איבער די טעלעגראַמע צו זיין מוטער קיין פינלאַנד, און בעט אים נאָך היינט, תיכף, אָפּצושיקן זי.

זי איז שוין איצט נישט גאָר ריכטיק געווען, די דאָזיקע טעלעגראַמע. הער פלעמינג האָט שוין מיט ריינעם געוויסן מער נישט געקאָנט באַרימען זיך מיט זיין ווידער געוווּנענעם געזונט. פונדעסטוועגן האָט ער אָפּגעשיקט צו דער מוטער די דאָזיקע טעלעגראַמע. גראָד זיין געוויסן האָט אים דערצו געטריבן.

## V

פאַרשידענע זאַכן האָבן אָנגעהויבן פּאַסירן. די מענטשן האָבן זיך געטומלט איינע אַרום די אַנדערע. און נאָכדעם האָט

זיך דער טויט באַזעצט אין דער סאַנאַטאָריע. ער האָט געשלאָגן ווי ער האָט געוואָלט, נישט קוקנדיק, וועמען ער טרעפט.

הער פלעמינג האָט זיך אַרייַנגעלייגט אין בעט. לכתחילה מיט אייז אין מויל און אויף דער ברוסט, מחמת ער האָט געשפּייט מיט בלוט. ווען דאָס האָט אויפגעהערט, האָט ער זיך ווידער דערהאָלט, געזעצט זיך אין בעט, און די צייט פאַרבראַכט אין אויסלייגן פּאַסיאַנסן. פרייליין ד׳עספּאַר איז אַריבער צו דניאלן, געבראַכט אַ גרוס פון הער פלעמינגען און אָנגעזאָגט, אַז ער איז פאַרקילט און קאָן פאָרלויפיק נישט קומען עסן זיין זוויערמילך. ווי אָבער עס וועט אים בעסער ווערן, וועט ער ווידער קומען.

אויפן וועג איז פרייליין ד׳עספּאַר באַפאַלן געוואָרן פון דעם ווילדן אָקס. ער איז נאָך איר נאָכגעלאָפן מיט אַ רעווערייַ, און פרייליין ד׳עספּאַר איז אָן אָן אָטעם צוריק געקומען צולויפן אין דער סאַנאַטאָריע.

יאָ, דער אָקס איז נאָך אַלץ אַרומגעלאָפן פרייַ. די סאַנאַטאָריע האָט אים געוואָלט אָפּקויפן, אָבער דניאל האָט אפילו נישט געוואָלט הערן פון פאַרקויפן, איידער די זומערדיקע פּאַשע וועט זיך ענדיקן און דער אָקס וועט באַקומען וואָג און שמאַלץ. אַזוי איז געגאַנגען איין טאָג נאָכן אַנדערן, און קיין באַזונדערס איז נישט געשען. אַדוואָקאַט ראָבערטסאָן איז אויך צוריק אַוועקגעפאָרן צו זיין בוורא אין כריסטיאַניע. און אפילו דער אָנפאַל פונם אָקס אויף פרייליין ד׳עספּאַר האָט נישט געמאַכט קיין באַזונדערן רושם. פרייליין ד׳עספּאַר איז נישט געווען פון אַלעמען געליבט, און קיינער האָט זיך פאַר איר נישט אָנגענומען. פאַרקערט, די איבעריקע דאַמען האָבן געפונען, אַז פרייליין ד׳עספּאַר וואָלט זיך געקאָנט האַלטן אַ ביסל ווייטער פון דער פּאַשע. וואָס דאַרף זי דאָרט?

נייע געסט זענען אָנגעפאָרן. קאָנסול רובען איז געקומען, נאָך אין דעם זעלביקן טאָג — נאָך אַ פּאָר געסט. און ענדלעך איז צום סוף וואָך אָנגעקומען דורך דאָוור אַ מחנה פון אַ האַלבן טוץ מענטשן און אָפּגעשטעלט זיך אין טאָראַהוס. עס האָט אויסגעוויזן, אַז ס׳וועט גיין, ווי אַדוואָקאַט ראָבערטסאָן האָט נביאות גע-

זאָגט. די רעקלאַמע מיט דעם שטענדיקן פּיאַניסט און די חשובע געסט, אַ פּרינצעסין און אַ גראַף, ווירקט און ציט אין דער סאַנאַ־טאָריע צו מענטשן. וווּ איז דער גראַף? האָבן די דאַמען געפרעגט. און וווּ איז די פּרינצעסין? — האָבן געפרעגט גלייך די דאַמען ווי די הערן. די סאַנאַטאָריע אין די בערג איז אַריין אין דער מאָדע, דער פּאַלאַץ האָט געהאַלטן ביי איבערפולט ווערן, און וואָס וועט דערמאָלט זיין?

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין הערבסט וועט מען מוזן פּאַרטיק מאַכן נאָך צימערן, כדי צוצוגרייטן די סאַנאַטאָריע צום נעכסטן פרייאָר. צימערן זענען אפילו געווען אין אַ געניגענער צאָל, אָבער נישט אַלע פּאַרטיק, עס האָט געפעלט מעבל און אַנדערע אויסשטאַטונג, אין אַנדערע צימערן זענען קיין אויוונס נישט געווען. דערווייל האָט נאָך געקלעקט אָרט. ווייניקע געסט זענען געווען פּאַרנומענע מענטשן און האָבן קיין צייט נישט גע־האַט, אַנדערע האָט אויסגעפעלט געלט לאַנג צו פאַרבלייבן אין טאָראַהוס, און אין עטלעכע טעג, אָדער אין אַ וואָך אַרום זענען זיי אָפּגעפאָרן און פריי געמאַכט זייער אָרט פאַר אַ נייעם צופלוס פון געסט. די בעטן האָבן נאָך וואַרעמע געביטן זייערע באַזיצער.

קאָנסול רובען איז געקומען, כדי צו באַזוכן זיין פרוי. ער האָט געהערט צו די, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין צייט און נישט געקאָנט לאַנג פאַרבלייבן. שוין אין דעם ערשטן אָוונט איז ער געזעסן אין דעם צימער פון זיין פרוי און האָט אַרויס־געוויזן סימנים פון אומגעדולד. ער האָט זיין פרוי געפרעגט וועגן דער דאַמע.

— וווּ זשע איז עס די באַרימטע דאַמע? — האָט ער געזאָגט.

פרוי רובען האָט זיך אויפגעהויבן אַן אומגעווייגלעך דיקע און אַסטמאַטישע און איז צוגעגאַנגען צו דער טיר. זי איז געווען אַזוי דיק, אַז זי האָט זיך געקוליעט פון איין פוס אויף דעם צווייטן ווי אַ גאַנז. ווען זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף אַ טרעפּ, האָט זי געסאַפּעט, פּונקט ווי זי וואָלט געשטייגט אויף אַ טרעפּ.

אַרויף. זי האָט געעפנט די טיר, אַ קוק געטון אַרויפצו און צוריק די טיר פאַרמאַכט. ס'איז געווען שטיל.

— מען הערט דאָ יעדעס וואָרט, — האָט זי געוואָרנט — רעד שטילער! די דאַמע? דאָס איז נישט קיין געוויינלעכע דאַמע. זי קומט, ווען זי וויל אַליין, אָדער זי קומט גאָרנישט. רופן הייסט זי זיך נישט.

דער קאָנסול איז אומצופרידן פון די איבערגעטריבענע זאָרגן וועגן אים און פון דער גאַנצער געשיכטע.

— צו וואָס האָסטו געלאָזן אַריינשטעלן ביי זיך אַ צווייט בעט? איך קאָן דען נישט האָבן מיין אייגן צימער?

די פרוי ענטפערט: דאָס האָבן די דינסטמיידלעך געטון. איך האָב נישט געוווּסט. אפשר זענען אַלע צימערן פאַרנומען.

— נאַרישקייטן. נישטאָ מיט וואָס צו אָטעמען אין דעמדאָזיקן קעמערל. איך פרעג, וואָס וויל די דאַמע?

— וואָס וויל די דאַמע? — פרוי רובען דערקלערט די סי-טואַציע פון דער דאַמע: זי איז אַריינגעפאַלן אין אַ גרויסער פאַר-לעגנהייט, זי שלאָפט נישט קיין נעכט. אַ היימלאָזע, אַן אומגליק-לעכער מענטש, מיטן מאַן זיך געשיידט, אומעטום פרעמד...

— דאָס איז טאַקע נישט גוט! — האָט דער קאָנסול געזאָגט.

די דאַמע איז שוין עטלעכע מאָל געווען אין דעם צימער, האָט אָנגעקלאַפּט, געשמייכלט, געבעטן אַנטשולדיקונג. חוץ דעם רעדט זי מיט קיינעם נישט. ווען די דאַמע איז דאָס ערשטע מאָל געקומען, איז פרוי רובען געווען אַזוי פאַרוווּנדערט, אַז זי האָט פאַרגעסן אויפשטיין און זיך פאַרנייגן.

— פון וואַנען איז זי? — האָט דער קאָנסול געפרעגט.

— פון ענגלאַנד. ער ווייסט דען נישט? זי איז געווען לעדי, איר מאַן איז לאָרד, מיניסטער, אַ מיטגליד פון דער רעגירונג.

— אַך, אַזוי! האָב איך וועגן איר געלייענט. — אָבער דער קאָנסול האָט שוין מער קיין אַכט דערויף נישט געלייגט און נישט אַרויסגעוויזן קיין איבעריקן אינטערעס.

די פרוי האָט געמוזט רייצן זיין נייגעריקייט. זי איז צוגע-גאַנגען און האָט געזאָגט:

— וואָס וויל זי? זי איז אין אַ פאַרלעגנהייט, זי וויל געלט...

— דאָס ווילן מיר אַלע! — האָט דער קאָנסול געענטפערט.

— ס'איז שרעקלעך. זי זיצט אָן אַ גראָשן, קאָן פון ערגעץ קיין הילף נישט באַקומען.

דער קאָנסול בייגט זיך איין און קוקט אויף דער פרויס האַנט: — אַ נייער רינג? באַווייז!

די גנעדיקע פרוי האָט גראָד אין דער רגע אַ גלעט געטון די האָר מיט דער האַנט, און דער מאַן האָט אומבאַדינגט געמוזט באַמערקן דאָס פיינע צירונג-שטיק.

— אמת, אַ פּראַכטפולער רינג? — האָט זי געזאָגט. — איך האָב אים נישט געוואָלט נעמען, גאָט איז אַן עדות, איך האָב נישט געוואָלט, אָבער זי האָט מיך געצוווּנגען צו נעמען. דו האָסט חען געזען אַ שטיין מיט אַזאַ פייער?

דער קאָנסול האָט נאָר אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און געזאָגט: זי וויל, הייסט עס, נאָך עטלעכע רינגען פאַרקויפן?

די גנעדיקע פרוי ענטפערט מיט פאַרדרוס: איך האָף, אַז דו מיינסט עס מסתמא נישט ערנסט. זי וויל גאָרנישט פאַרקויפן דעם רינג; מיט אַזעלכע ענינים וואָלט זי צו אונז נישט געקומען. זי ווענדט זיך צו דיר אַלס קאָנסול, דאָס איז גאָר עפּעס אַנדערש. אַזוי ווי צו איר אייגענעם קאָנסול גיין וויל זי נישט און קאָן נישט, קומט ז' דעריבער צו דיר. ניין, זי קאָן נישט גיין צו איר אייגענעם קאָנסול. ער וועט זיך דאָך שטעלן אויף דער זייט פון איר מאַן און פון מיניסטעריום, דאָס איז דאָך קלאָר.

— זי מוז דאָך אַוודאי האָבן אַ משפּחה? און ווידער — האָט דען איר מאַן זיך גאָר אינגאַנצן אָפּגעזאָגט פון איר?

— איך ווייס נישט, צי דאָס איז ריכטיק. זי רעדט שטענדיק גוטס וועגן איר מאַן.

— נו, יאָ, אַזוי איז עס געוויינלעך.

— וואָס?

— וואָס נאָך דער שיידונג רעדט מען וועגן מאַן בעסער, — ווען מען הויבט אָן אַביסל חרטה צו האָבן.

ווידער איז פרוי רובען געקרענקט. עס איז דאָך נישט

עפּעס קיין געוויינלעכע פרוי, וועגן וועמען מען רעדט עס, נאָר א לעדי. דער קאָנסול מיינט צו אָפּט, אַז אַלע דאַמען דאַרפן זיין אַזוי ווי די שרייב-מאַשיניסטינס אין זיין קאָנטאָר. זי רעדט אַלזאָ וועגן איר מאַן גוטס, — זאָגט ווייטער פרוי רובען — ער האָט אויף א געוויסן אופן זיין חוב דערפילט, ער וויל איר אייגנטלעך איצט אויך נישט טון קיין שאָדן. ער האָט זיך נאָר פאַרעקשנט און ענטפערט נישט אויף אירע בריוו. וואָס איז עס פאַרא שטייגער! און די פאַמיליע? ביי דעם מאַנס משפחה האָט זי, אפנים, יעדע סימפּאַטיע פאַרלוירן, און זי אַליין האָט נישט קיין קרובים, וואָס זאָלן איר קאָנען העלפן.

— הייסט עס, זי איז פון נידעריקן יחוס?

פרוי רובען פאַרטיידיקט זי. וואָס הייסט פון נידעריקן יחוס אין ענגלאַנד, ווו יעדער קאָן חתונה האָבן מיט יעדן? אויב דער קעניג קאָן חתונה האָבן מיט א פּשוטער בירגערין, קאָן אויך א לאָרד חתונה האָבן מיט א שוישפּילערין.

— הייסט עס, דאָס איז זי?

— עפּעס ענלעכס דערצו. אפשר א טענצערין.

— וואָס ווייטער, אַלץ בעסער. בכן, זאָל איך איצט, אַלס קאָנסול, אינטערווענירן? דאָס קאָן איך, נאַטירלעך, נישט, דאָס איז אויסגעשלאָסן, דאָס איז נישט אין מיין מאַכט. דו און זי זענט איר ביידע גלייך נאַריש, ווען איר טראַכט וועגן דעם.

פרוי רובען פרווט אָנרירן די גאווה פון איר מאַן. ער וואָלט געדאַרפט פאַרשטיין, אַז דאָס איז פאַר אים א גרויסער כבוד, ווען מילעדי ווענדט זיך צו אים; אַזוי און נישט אַנדערש וואָלט ער עס געדאַרפט פאַרשטיין. זי האָט געמאַכט כמעט פאַר איר פאַרטרויטע, האָט זי פריינטלעך געפרעגט וועגן פאַרשידענע זאכן, כמעט געשטעלט זיך מיט זיי אויף איין גראַד. אויב קאָנסול רובען פילט אין זיין נשמה גאָרנישט נאָך אזא אויפמערקזאַמקייט, וועט זיין ווייב מוזן געפינען עפּעס אַן אַנדער וועג. אַלזאָ, — רעדט פרוי רובען ווייטער, נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף דעם מאַנס ענטפער, — דאַרף זי האָבן געלט, און זי וועט

קריגן געלט. דאָס איז זיכער. זי האָט ווערטזאַכן פון אַ קאָלאָ־
סאַלער הויך.

— אויף וואָס פאַרא סומע?

— דאָס ווענדט זיך אָן דעם, אויף וויפיל שאַצסטו אָפּ אַן
ענגלישן מיניסטער. דאָ האַנדלט זיך וועגן גוטן און שלעכטן נאָ־
מען, וועגן לעבן און טויט.

— צו אַלדי רוחות! וואָס פאַרא ווערטזאַכן האָט זי עס
אַזוינס?

— פאַפּירן, בריוו!

אויב זי׳ גנעדיקע פרוי האָט געמיינט, אַז זי וועט מאַכן אַ
שטאַרקן איינדרוק מיט דעם, האָט זי זיך געמוזט אַנטוישן: דער
קאָנסול איז נישט צעקאָכט געוואָרן, ער האָט נאָר אַ גענעץ גע־
טון. נאָר דאָס האָט ביי איר דעם מוט נישט אָפּגענומען. זי האָט
זיך פאָרגענומען דער פרעמדער דאַמע צו העלפן, און דאָס האָט
זי באַשטימט אויסצופירן. פונוואַנען האָט זיך גענומען די דאָזיקע
שטאַנדהאַפטיקייט? פרוי רובען האָט בסדר געליטן פון כראָנישער
נערוועזיטעט. זי איז דערשטיקט געוואָרן אין איר פעטס, איר וואָג
האָט איר דאָס ליידיקגיין געמאַכט נישט פאַר קיין פאַרגעניגן, נאָר
פאַר אַ שרעקלעכע לאַסט, דאָס איז אַלץ אַזוי. אָבער פרוי רובען
האָט דאָך נאָך דעם אַלעמען געקאָנט זיין אַ גוטע און אַ גרייטע
צו העלפן אַנדערע. וואָס איז איר אָנגעגאַנגען די ענגלישע לעדיק
ראַסענס־מפּאַטיע? אפשר. אָבער אין דעם פאַל איז דאָך דער
לאָרד געווען פון דער זעלביקער ראַסע און אַנטקעגן אים איז זי
גראַד אַרויסגעטראָטן!

דער קאָנסול האָט געזאָגט: — איך קאָן מיך נישט אַריינמישן
אין דעם ענין נאָר דערפאַר, וואָס דו האָסט באַקומען אַ רינג.

— ניין, — האָט די גנעדיקע פרוי געזאָגט און האָט אויך
פון איר זייט אַ גענעץ געטון. — דער רינג איז אַ קלייניקייט. דעם
ערשטן טאָג האָט ער איר פאַרשאַפט פרייד, לענגער — נישט.
אָבער צי האָט זי געקאָנט אָפּזאָגן זיך צו נעמען אים, נישט
אַרויסווייזנדיק זיך דערביי פאַר אַן אומדערצויגענע? און ווי זאָגט
מען זיך עס אָפּ צו נעמען אַ מתנה פון אַ הויכגעשטעלטער פער־

זעגלעכקייט? רינגען האָט פרוי רובען מער ווי גענוג, זי האָט פון זיי מער נישט ווי צרות, זי האָט זיי נישט וווּ אַהינצוטון. אַזוי ווי' ער, מוז זי זיי אַלע אָנטון אויף דעם קליינעם פינגערל.

— יאָ, ווייל אַלע אַנדערע פינגער זענען ביי דיר געוואָרן, ווי דער גראָבער.

די גנעדיקע פרוי האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און געענט־פערט: — ווען איך בין אַלט געווען אַכצן יאָר...

— יאָ, איך ווייס עס שוין אויף אויסווייניק, — האָט איר דער קאָנסול איבערגעריסן—אָבער דיר איז שוין נישט קיין אַכצן יאָר, נאָר צוויי מאָל מער! דו האָסט זיך אײַנגאַנצן פאַרדאָפּלט. דו האָסט זיך פאַרדאָפּלט און אפילו מער ווי פאַרדאָפּלט.

— ווען איך בין אַלט געווען אַכצן יאָר, — האָט די פרוי פאַרעקשנט דאָס אירקע פאָרגעזעצט — האָב איך געהאַט פונקט אַזעלכע דינע פינגער, ווי דיינע שרייבמאַשינסטינס.

שוין דעם צווייטן מאָל האָט זי דערמאָנט די שרייבמאַשינסטינס, און נישט סתם אין דער וועלט אַריין, נאָר אויף אַ באַשטימטן אופן, גלייך ווי דאָס וואָלט געהאַט אַ באַזונדערע באַדייטונג. און דעם צווייטן מאָל האָט עס דער קאָנסול גלייכגילטיק אויסגעהערט און געקוועטשט מיט די אַקסלען.

— די דאָזיקע פּאַפּירן, — האָט ער געזאָגט — זענען פּריוואַטע בריוו; איך בין קאָנסול, און די בריוו באַדייטן אַ סקאַנדאַל, אַרויספרעסן געלט. איך ריר מיך צו זיי נישט צו.

די גנעדיקע פרוי האָט פאַרזיכערט, אַז ווען אַ גרויסער קאָנסול וועט זיך פאָרזיכטיק באַנוצן מיט זיי, וועט דער סקאַנדאַל זיין קלענער, ווי בשעת די לעדי וועט זיך אַליין דערמיט פאַרנעמען און בלי ספק דעם מאַן אַראָפּוואַרפן פון זיין פּאָסטן.

צי האָט עס געווירקט די הגיפה פון „דעם גרויסן קאָנסול", אָדער די לאָגיק פון דער פרויס לעצטן אַרגומענט, נאָר דער קאָנסול האָט געפרעגט מיט אַזאַ אויסזען, ווי נאָר צו מאַכן אַ סוף צו דעם שמועס: — ווו זענען די פּאַפּירן?

ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט ער זיי געלייענט. ביים לייענען האָט ער אָפט געשאָקלט מיטן קאָפּ, פּלוצלינג ווי אין

גרויסער שפּאַנונג אויסגעצויגן די פּיס, געקלאַפּט מיט דער האַנט
איבערן שענקל, הויך פאַרצויגן די ברעמען: ס'האָט אים פאַראינ-
טערעסירט. יאָ, דער דאָזיקער בלוטרייכער מענטש מיטן קורצן
האַלז האָט דאָ געפונען אַלץ, וואָס ער האָט זיך געקאָנט ווינשן
בנוגע אומציכטיקע געדאַנקען און אינטימיטעטן. פאַרוואָס אַזוי
ווייניק דעליקאַטקייט, אַזוי פיל אָפּנהאַרציקע גראָבקייט אין די
בריוו? דאָס איז געווען אַ שמוץ אין וועלכן דער קאָנסול האָט זיך
אָפּגעטונקט איבערן קאָפּ. די פריערדיקע טענצערין האָט אפילו,
ווי ס'שיינט, געמוזט האָבן אומגעוויינלעכע טעמים, צוליב וועלכע
זי האָט געדולדעט די פאַרשייטקייט פון איר מאַן, נישט פאַר-
שטעקנדיק זיך די נאז פאַר דעם עיפּוש. דאָס זענען געווען
בריוו פון אינדיע און פון אַנדערע לענדער, וועגן פּאָליטיק, וועגן
עגיפּטישע אָרגיעס, פּערזענלעכע צוזאַמענשטויסן מיט דער אַדמי-
ניסטראַציע, פּריוואַטער מסחר מיט צווייפלהאַפטע סחורות, קניה
פון לאָרדטיטל, פּאָדראַדן פאַרן היל — אַלץ פּאַראַמאַל, און פון
אַלץ אַ שרעקלעכער ריח.

פרוי רובען האָט שווייגנדיק נאָכגעקוקט דעם מאַן. די בריוו
זענען וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ קירצער. עס האָט אויסגעוויזן, ווי
דער שרייבער האָט שוין מער נישט געהאַט דעם צוטרויען צו
זיין פרוי, ווי ער וואָלט אַן אַנדער פּאַרטרויטן געפונען, און די
לעצטע בריוו האָבן געהאַט רמזים אויף דער מילעדים ווידעראויפ-
געלעבטער נטיה צו טאַנצעריי און אַ נסיעה קיין שאָטלאַנד מיט
עפּעס אַ פינסטערן דירעקטאָר פון אַ פאַרגעניגן-אַנשטאַלט. די
מילעדי האָט, אַפּנים, געלייקנט, אָבער דער נעכסטער בריוו פון
דעם מאַן האָט אַנטהאַלטן די אמתע באַווייזן, און ס'האָט זיך גע-
ענדיקט מיט דער פאָדערונג זיך צו שיידן. די ביידע לעצטע
בריוו זענען געווען ענדגילטיק אַנטשיידנדיקע. ענדע.

פרוי רובען האָט באַמערקט, ווי דעם קאָנסולס אינטערעס
האָט זיך אַלץ מער אָפּגעקילט, וואָס נענטער ער איז געקומען
צום סוף. דאָ איז פאַר אים מער גאָרנישט געווען, אָבער פאַר
איר איז דאָ, אַפּנים, יאָ עפּעס געווען. דער געשיקטער לאָרד
איז אויפגעקומען מיט דער הילף פון זיין פרוי, דער טענצערין,

זי האָט אים אונטערגעשטיצט מיט דעם קליינעם פאַרמעגן, וואָס זי האָט דורך אירע טענץ, מיט אירע פיס אָנגעזאַמלט, און דורך דעם זענען זיי ביידע דערהויבן געוואָרן. אָבער וואָס איז דערפון אַרויסגעקומען?

פרוי רובען איז געזעסן פאַרזונקען אין מחשבות און זכרונות. זי האָט זיך דען געפונען אין דער זעלבער לאַגע ווי די מילעדיק אויסגעמושטירט און אויסגעסאָרטירט פון דעם מאַן. ווי זשע דען? עס וואָלט געווען צופיל אומוואַרשיינלעך, ווען זי וואָלט זיך אַזוי אויס ריינער גוטהאַרציקייט אַזוי זאָרגן וועגן אַ פרעמדער פּערזאָן, זאָל זי אפילו זיין מיט איר פון איין ראַסע. דער קאָנסול האָט קיין בייז נישט חושד געווען. ווען ער וואָלט זיך אַרומגעקוקט, וואָלטן אים געווים קשה געוואָרן דעם ווייבס אויגן, וועלכע האָבן זיך וואָס ווייטער אַלץ מער צעפלאַמט. זי איז געזעסן און האָט אים נאָכגעקוקט פון דער זייט. אירע מאַנדל-אויגן זענען געווען ווייך און לויערנדיק, וואָס האָט עדות געזאָגט, אַז אין איר פּעטן קאָפּ קומט פאָר אַ אינערלעכע אַרבעט.

— טפו! — האָט דער קאָנסול אַ קרעכץ געטון, — ס'אַ זומפּ! ווי אַלט איז זי?

— יאָ, ס'איז אַ זומפּ, — האָט זיין פרוי געענטפערט.

— איך וויל דערמיט נישט האָבן צו טון.

די גנעדיקע פרוי האָט געשוויגן.

— ווי אַלט איז זי?

— דו וואָלסט געקאָנט פון אירטוועגן עפּעס טון, ווען דו וואָלסט וועלן.

דער קאָנסול איז צעקאָכט געוואָרן.

— איך פרעג, ווי אַלט איז זי?

שדים ווייסן, וואָס איז דאָס פאַר אַ סוד!

די גנעדיקע פרוי האָט אַ שמייכל געטון קרום, — ווי אַלט איז זי? איך האָב זי נישט געפרעגט, איך ווייס אויך נישט, צי איז זי געגנוג שיין, אַז זי זאָל דיר געפעלן ווערן. אָבער דאָס איז דאָך אַלץ איינס, דיך אינטערעסירט עס דאָך נישט.

דער קאָנסול איז געוואָרן שטאַרק צערייצט: — ניין, דאָס

אינטערעסירט מיך נישט. נישט די דאַמע, נישט אירע סקאַנדאַלן אינטערעסירן מיך נישט. נאָר זאָג מיר, וואָס איז עס געווען פאַרא וואונדערלעכע אידעע דאָ אין דעם לאָך אַוועקצושטעלן נאָך אַ בעט? איך פאַרשטיי בכלל נישט, צו וואָס האָסטו מיך אַרויסגע־רופן אהער?

קיין ספק נישטאָ: די פרוי האָט פאַרפאָלגט אַ באַשטימטן ציל, און האָט געאַרבעט אויף איר אייגענעם רעכענונג, ווען נישט, וואָלט זי נישט אַזוי גערעדט. אָ, זי האָט זיך אין קאָפּ אַריינגע־נומען עפּעס אַזוינס דורכצופירן, און זי האָט ביי דער גאַנצער האַפנונגסלאָזיקייט זיך געהאַלטן פעסט פאַר איר זאַך, עס מעג זיין, וואָס עס וויל.

— צו וואָס האָסטו מיך אַהער אָפּגעשיקט? — פרעגט זי. — איך האָב דיר דען אינדערהיים געשטערט? דו שטערסט מיר נישט מיט דיין קומען.

— אַ גלייכעניש! דו האָסט דאָ אַ געשעפט? פאָסט, קאַנטאָר, אַ גרויסן פערסאָנאַל?

— ניין, איך האָב גאָרנישט, נאָר זיך אַליין. שטענדיק נאָר זיך אַליין! — און זי האָט ווייטער גערעדט בליפענדיק. — אין איינעם אַ דאָנערשטיק בין איך אַהער געקומען, און איך האָב גלייך אָנגעשריבן. איין דאָנערשטיק נאָכן צווייטן איז אַריבער, און איך האָב פון דיר קיין תשובה נישט. איך האָב ווידער געשריבן— קיין ענטפער. דאַן האָב איך טעלעגראַפירט.

— דו פאַרשטייסט עס נישט. — האָט ער געענטפערט, — אָבער איך האָב קיין צייט נישט געהאַט. גראַד איצט בין איך שטאַרק פאַרנומען. דער פערסאָנאַל האָט כסדר פעריען, די אַר־בעט מוז געטון ווערן, אַרבעט איך פאַר אַלעמען, און איך מוז דאָך האָבן צייט אויף עסן, איך מוז אויך אַביסל שלאָפן.

אַ שטיל־שווייגן.

— אָבער דו פאַרשטייסט עס נישט, — חזרט ער איבער און הויבט זיך אָן אויסצוטון.

— אַז דו זאָגסט, מסתמא איז עס ריכטיק, — ענטפערט זי.

— ס'איז ריכטיק. און איצט איז שוין שפעט. מ'דאַרף גיין

שלאָפן. ניין, אין דער געשיכטע מיט דער טענצערין וועל איך מיך נישט אריינמישן. דו פאַרשטייסט עס דאָך?

א שטיל-שווייגן.

ענדלעך זאָגט די פרוי:

— זי דאַרף נאָך באַקומען אַן ענטפער פון איר מאַן, ס'איז נאָך גישט אַלץ אַנטשיידן. זי איז שוין צו אַלט געוואָרן, כדי ווי־דער צו טאַנצן און אַלץ פון ס'ניי אָנהויבן. זי האָט נישט קיין ענטפער מכוח אַ קליין הויפל מיט הינער און קיניגלעך, וואָס זי פאַרלאַנגט פון אים. פאַרוואָס ענטפערט ער איר נישט? דער לאָרד איז איצט אַ מעכטיקער מענטש, אָבער ער שווייגט פשוט. און איר אייגענער אַדוואָקאַט איז אויך אָפּגעקילט געוואָרן. אפנים, אַז ער איז אַריבער אויף דער זייט פון דעם קעגנער. צו וועמען זשע זאָל זי זיך ווענדן?

— ס'איז מיר עפּעס איינגעפאַלן אַ געדאַנק, — זאָגט דער קאָנסול! — די בריוו זענען אָריגינעלע?

— אוודאי. פאַרוואָס דען נישט? צוליב וואָס פרעגסטו? דו מיינסט דאָך נישט, אַז די בריוו זענען געפעלשטע?

— ניין. גיי, לייג זיך דו אויך שלאָפן.

די גנעדיקע פרוי איז נאָך אַ היפּשע צייט געבליבן זיצן, נאָכדעם גייט זי צו צו איר בעט, און פאַרנעמט זיך דאָ אויך אַ היפּשע ווײַלע. אין דער צייט ליגט דער קאָנסול, קרעכצט און שליידערט זיך אום.

— דו רעכנסט היינטיקע נאַכט נישט שלאָפן?—פרעגט ער.

קיין ענטפער.

אפשר פאַרשטייט ער איצט, אַז ער איז געווען אומפריינט־לעך און ער זאָגט: — לייג זיך און פאַרלעש דעם לאָמפּ, דאַן וועלן מיר זיך באַרויקן.

— יאָ, דו וועסט זיך דאַן באַרויקן! — ענטפערט זי פלוצ־לינג שאַרף און אומדערוואַרטעט.

איצט הויבט זיך אָן אַ סצענע: דער קאָנסול איז אומרויק געוואָרן, ער האָט דערפילט עפּעס בייזס. דער ווייבס ענטפער האָט אים פאַרוואונדערט, ער קערט זיך איבער אויף דער אַנדע־

רער זייט און טוט א קוק צום ערשטן מאָל דער ווייב זיינער אין פּנים. וואָס וויל זי, צו אלדי רוחות! זי איז געשטאַנען לעבן איר בעט, איצט מאַכט זי אַ פּאָר האַסטיקע טריט צו אים. אפשר וויל זי אים זאָגן אַ פּאָר ברוגזדיקע ווערטער, וועלכע זי מוז אַראָפּרעדן פון האַרצן. און זי פאַרגעסט, אַז זי האַלט אין די הענט אַ קישן. וואָס זאָל ער וועגן דעם טראַכטן — אַ גרויס קישן אין די הענט! אין דער שיין פון לאָמפּ זעט זיך איר פּנים — אַ פאַרדאָרבענער, זי ציטערט, ווי אין היסטעריע, ווי משוגע, זי איז אויסער זיך אפּנים, ווייל זי קאָן גאָרנישט נישט זאָגן, אפילו קיין איינציקן וואָרט נישט אַרויסרעדן. דער קאָנסול טוט זיך האַסטיק אַ זעץ אין בעט, אַפּנים, נישט אַזוי אַ קוק צו טון אויף איר, ווי כּדי אָפּצוּווערן זיך פון איר. אָבער אין דעם זעלביקן אויגנבליק קומט מיט אים פּאָר אַ מאָדנע פאַרענדערונג. זיין פּנים ווערט מיטאַמאָל בלאַס און איינגעפאַלן. די הענט — געליימט. ער פאַלט שווער אַ טויטער אויף הינטער און קלאַפּט זיך אָפּ מיטן נאַקן אָן ברעג פון דעם בעט. אַזוי איז ער געבליבן ליגן.

ווי, אַ פאַרענדערונג? אַ סוף? די גנעדיקע פרוי פאַרהאַלט דעם אָטעם און בלייבט שטיין. זי דאַרף האָבן צייט, כּדי צו זיך צו קומען. זי זוכט נישט קיין שטול, זיך אַראָפּצולאָזן, זי איז נאָך אַלץ אין קאַמפּשטימונג, גלייך זי וואָלט העלן זאָגן: — אָט, זעסטו! זי האָט קיין בייז נישט געטון. אָבער דאָס געשעענע — איז גוט, דאָס איז גערעכט.

זי פאַרשטייט שוין, אַז דאָס האָט מער קיין זינען נישט, און זאָגט אָבער דעם מאַן גלייך אין פּנים: נו, זאָל שוין זיין גענוג. און ווען ער האָט זיך נישט באַוועגט און קיין שפּור פון לעבן נישט אַרויסגעוויזן, איז זי נאָר פאַרעקשנט געבליבן חי־כר'ער. פון איין אויער זיינעם פלייצט בלוט, אפשר אויך פון דעם אַנדערן, וואָס זי זעט נישט. דאַן דערמאָנט זי זיך אָן דעם דאָקטאָר און קוקט זיך אַרום אין צימער, צי איז גענוג צוגעקליבן, מען זאָל קאָנען דעם דאָקטאָר אַריינלאָזן.

— ענטפער איצט, הערסטו! — זאָגט זי הויך צום מאַן.

זי זעט, אַז זיין קאָפּ ליגט שלעכט אויפן ווענטל פון בעט.

די גאָמבע צוגעדריקט צו דער ברוסט, אָנע" זי לאָזט אים אַזוי ליגן, טראָגט דערפאַר דאָס קישן אָפּ צוריק אויף זיין אָרט, באַהאַלט דער מילעדים בריוו, וועלכע ליגן אויפן טיש, און קייקלט זיך אַרויס ווי אַן ענטל פון דער טיר צו גיין נאָכן דאָקטאָר.

---

דער ערשטער טויטפאַל אין טאָראַהויסער סאַנאַטאָריע.

ס'אַרא צופאַל! אַ מאַן קומט מיט אַ קליינער וואַליזקע, מיט אַ צייכנבערשטל און מיט וועש אין די הענט, כדי צו באַזוכן דאָס ווייב זיינס, וועלכעס ווינט אין דער סאַנאַטאָריע, פאַרבלייבט דאָרט עטלעכע שעה און שטאַרבט אַוועק!

קיין וואונדער, אויב דער פרוי הייזט עס אויס, ווי אַ ווילדער שפּאַס פון גורל, כמעט ווי אויסגעטראַכט. דער מאַן וואָלט אָבער געקאָנט זאָגן, אַז ער האָט געהאַט די פולע רעכט צו שטאַרבן: ער איז ביז טיף אין דער נאַכט געפּלאָגט געוואָרן מיט אַן ענגלישער סקאַנדאַל-געשיכטע, און עס איז אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז ער האָט זיך פאַר דעם ווייב מיט דעם קישן אין די הענט געמוזט דערשרעקן. דאָס האָט אים, אַפּנים, געזאָלט אויסווייזן געפערלעך. אים האָט זיך, אַפּנים, געדאַכט, אַז מ'וויל אים דערשטיקן, דער היסטערישער בליק פון זיין פרוי האָט אים די געדאַנקען צעמישט, — אָ, דער מענטש וואָלט געקאָנט דערווייזן, אַז ער איז נישט גלאַט אַזוי זיך פון אַ נאַטירלעכער סיבה געשטאָרבן.

פון דער צווייטער זייט האָט די פרוי געקאָנט באַווייזן, אַז דאָס איז גאָרנישט אַזוי: די קאַטאַסטראָפע איז פאַר איר געווען אַ שרעקלעכער קלאַפּ. ווען זי האָט זיך דערמאָנט, ווי זי איז געשטאַנען מיט דעם אומשולדיקן קישן אין די הענט, האָט זי נישט געקאָנט בלייבן ערנסט, דער פאַל איז געווען אַ קאָמישער, זי האָט געמוזט לאַכן. האַהאַ! אויך איז געווען קאָמיש, ווי דער מאַן האָט זיך געאיילט צוריק אַהיים, האַהאַ, שוין אויפן צווייטן טאָג, שוין אויף מאָרגן אינדערפרי, און אָנשטאָט דעם איז ער גאָר גע-

שטאָרבן. יאָ, אין לעבן איז געווען געגוג קאָמיזם, אין טויט — אויך.

דאָקטאָר עיען און דער איבעריקער פּערסאָנאַל פון דער סאַנאַטאָריע האָבן געפּרוווט דעם משונהדיקן מויטפּאַל צו פאַרטושן, אָבער דאָס איז זיי גאָרנישט געלונגען. דאָס נייעס האָט דורכגעבליצט פון איין צימער אין דעם צווייטן, און דערגרייכט אפילו צו דעם קראַנקן הער פלעמינג. ווי האָט עס געקאָנט פאָרקומען? פרײַלין ד'עספּאַר פלעגט ביי אים טעגלעך אָפּזיצן שעהנלאַנג און אַכטונג געבן, אָבער ער האָט עס, אַפּנים, געהערט דורך דער וואַנט פונם דערבייאיקן צימער, ווו עס איז אַרומגעגאַנגען אַ דאַמע, געדרייט איר טאַשנטיכל, אירע הענטשקעס, אירע פינגער, און צו זיך אַליין גערעדט הויך און פאַרצווייפלט.

הער פלעמינג האָט געזאָגט צו פרײַלין ד'עספּאַר: — איך קאָן אייך דערציילן אַ נייעס: מיט עטלעכע נעכט צוריק איז דאָ געשטאָרבן אַ גאַסט.

ער האָט עס געזאָגט רויק, ווי עפּעס נישט וויכטיקס.

פרײַלין ד'עספּאַר האָט זיך פלוצלינג אויפגעהויבן, אַראָפּגענומען דעם הוט פון קאָפּ און אויפגעהאָנגען אים. מיטן פּנים צו דער וואַנט שטייענדיק, האָט זי געענטפערט:

— אַזוי? אַ גאַסט געשטאָרבן? אפשר אַ פרוי?

— אַ פרוי? ניין, צי איז עס אָפּטמאָל נישט געווען אַ פרעמדער, אַ קאָנסול פון כריסטיאַניע?—איך ווייס נישט.—איר האָט נישט געהערט? דער, וואָס איז אָנגעקומען, ווען מיר זענען מיט עטלעכע טעג פריער געזעסן אין הער בערטעלסענס צימער.

— ניין, איך האָב גאָרנישט נישט געהערט וועגן דעם.

— אַזוי. נו, זעצט זיך, פרײַלין. היינט וויל איך זיין אומבאַזיגבאַר.

און זיי האָבן זיך גענומען פאַר זייער געווינלעכן באַזוך. פאַר אַ טיש האָט זיי געדינט אַ קאַרטאָן־דעקל, וואָס זיי האָבן אַוועקגעלייגט קווער איבער הער פלעמינגס בעט.

ער האָט גוט אַכטונג געגעבן אויף דעם שפּיל, פּינקטלעך געציילט די סומען און אַריבערגערוקט די ווייזערס אויף זיין קאַרטל.

קיין זאַך האָט נישט באַוויזן אויף צעשטרייטקייט פון די געדאַנקען. נײן. הער פלעמינג גייט עס שוין זינט עטלעכע טעג אומגעווײנלעך בעסער, ער איז שוין כמעט צוריק געזונט געוואָרן, האָט פרישן מוט געקריגן, און דער טויטפאַל האָט אים קיין האָר נישט געאַרט.

איז פרײלין ד׳עספּאַר געווען אַנטוישט, וואָס דעם קאָנסולס טויט האָט אים איבערגעלאָזן אַזוי קאַלט? צי האָט איר נישט פאַר־דראָסן, וואָס ער האָט קיין אַכט נישט געלייגט אויף איר באַזאָרגט־קייט און אויף איר טאַקטישקייט, ווען זי האָט אויפגעהאָנגען דעם הוט און גערעדט שטייענדיק מיטן פּנים צו דער וואַנט? אָ, די מענטשלעכע אומדאַנקבאַרקייט! זי האָט געפרעגט:

— עפּעס היינט, די לעצטע טעג, אַזאַ אומרויקייט אין דער סאַנאַטאָריע, נישט ריכטיק?

הער פלעמינג האָט גלייכגילטיק אַ מורמל געטון:

— דאָס איז מסתמא צוליב דעם דאָזיקן טויטפאַל.

— אוודאי צוליב דעם. און וויבאַלד איר רעדט שוין וועגן דעם, דאַרף איך אייך מודה זיין, אַז איך האָב שוין פריער גע־הערט וועגן דעם. איבעריקנס, — האָט זי זיך אַליין איבערגעריסן — אַלץ איינס, ווי האָט איר היינטיקע נאַכט געשלאָפן?

— אַ דאַנק. איך שלאָף איצט אַלע נאַכט גוט.

— יאָ, אפשר איז ער געווען אַ קאָנסול, — האָט די פרײלין געזאָגט — נאָר ער איז געשטאָרבן פון אַ שלאַג. נישט פון קיין קראַנקהייט.

— ס׳איז די זעלבע זאַך. וואַרט נאָר — פיר אונטערס!

— שטעלט אייך פאָר, ער איז געקומען, און אין דערזועל־ביקער נאַכט געשטאָרבן. איך האָב וועגן דעם נישט געוואָלט רעדן, נאָר וויבאַלד אַז איר ווייסט שוין אַליין...

— וואָס ווייס איך? — אַך, יאָ. איך האָב דעם מענטשן נישט געקענט. איר האָט אים געקענט?

— ניין. אָבער איך ווייס, ווער ער איז געווען. אַ גרויסער מענטש אין כריסטיאַניע. אַ קאָלאָסאַלער געשעפט. איך קען אייני־קע דאַמען, וואָס אַרבעטן ביי אים. יאָ, אַ שרעקלעכע זאַך!

— איר גייט מאַקע אַרויס מיט דער טויז? — פרעגט הער פלעמינג.

— ניין, אַנטשולדיקט. קאָנסול רובען איז געווען דער פרוי רובענס מאַן. איר ווייסט — די דיקע דאַמע, וואָס האָט דאָ געוווינט. איצט איז זי מיטן בר־מינן אָפּגעפאָרן.

— יאָ.

— און די מילעדי איז מיט איר צוזאַמען אַוועקגעפאָרן. איצט וועט שוין זיין אַ סוף צו די איבעריקע טיי־טרינקעניש און אָנבייסנס אין דער סאַנאַטאָריע. און איצט וועט מען ווידער קאָנען שפּילן אויפן ראָיאַל.

---

און ווירקלעך, מען האָט געשפּילט אויפן ראָיאַל, געזונגען אויף די טרעפּ, געלאַכט בלומרשט זאָרגלאָז ביים טיש, אָבער דאָס איז אַלץ געווען נישט עכט. אַ גאַנצע וואָך אפילו נאָכדעם, ווי די פרוי איז אַוועקגעפאָרן מיט דער טרומנע, האָבן נאָך די געסט אַלץ גערעדט וועגן דעם גרויסן אומגליק. דאָס איז געווען אַ באָמבע, וואָס האָט געפּלאַצט אין מיטן פון אַ מחנה שווערע מענטשן.

— דער ערשטער טויטפאַל! — האָט דער זעלבסטמערדער געזאָגט, און געשאָקלט מיטן קאָפּ, גלייך ווי ער זעט פאָראויס נאָך אַפּולע אַנדערע. דעם דאָזיקן מענטש האָט גאָרנישט געפּאַסט צו הויבן די שטימונג אין דער סאַנאַטאָריע.

קיינער פון די געסט האָט זיך, אייגנטלעך, נישט גענומען צום האַרצן, וואָס די דריי דאַמען האָבן פאַרלאָזן די סאַנאַטאָריע. אָבער, דער בונד איז דאָך אָפּגעשוואַכט געוואָרן; זיי האָבן נאָך זיך איבערגעלאָזן אַ פּוסטקייט. זיי זענען געווען זייער קאָרעקט, האָבן באַצאָלט און זענען אָפּגעפאָרן. קיינע פון זיי איז נישט אַנטלאָפן, נישט דעקנדיק די חשבונות, פון דעם מין זענען זיי נישט געווען. אפילו די מילעדי האָט באַצאָלט אירע רעכענונגען און איבערגעלאָזן טרינק־געלט פון דער ברייטער האַנט, אפשר שוין צופיל פון דער ברייטער האַנט. די מעשה איז, וואָס קאָנסול

דובען האָט זיך פֿאַרזאָרגט מיט אַן אומגעווײנלעך דיקן טײַסטער, אײדער ער איז אַרויסגעפֿאָרן פֿון דער הײם. מען האָט אים גע־פֿונען אין דער בוזימקעשענע פֿון דער זשילעטקע אויף דער לינ־קער זײַט, ווו ער האָט אים, בשעת ער האָט נאָך געלעבט, אַרומגענומען דאָס האַרץ. איצט, ווען די דאַמען האָבן זיך גע־דאַרפֿט אָפּרעכענען, איז זײַ דער טײַסטער צו נוץ געקומען. פֿרוי דובען האָט באַצאָלט פֿאַר אַלעמען. נישטאָ אַזאַ שלעכטס, וואָס זאָל פֿאַר עמעצן נישט גוט זײַן.

און אין אַ וואָך אַרום זענען ווידער אָנגעקומען אַ מאַסע נײַע געסט. זײ האָבן אָנגעפֿולט די ליידיקע צימערן, אַז עס האָט קײן אָרט נישט געקלעקט. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז דער דאָקטאָר, די ווירטשאַפֿטערין און דער אינספּעקטאָר, האָבן זיך געמוזט געגנוג ברעכן די קעפּ, כּדי צו געפֿינען אַן אויסוועג.

מען האָט דעם אינספּעקטאָר אַוועקגעשיקט אויסקוקן די פּאָזיציעס. ער איז אַרײַן אין צימער נומער 7. די פֿרײַלין איז גע־ווען אין דערהײם. ער האָט בײַ איר געפֿרעגט, צי וואָלט זי נישט זײַן אַזוי גוט און אַריבערגײן אויף אַ קורצער צײַט אין אַן אַנדער צימער?

— ווי?

— אין אַן אַנדער צימער. דאָרט איז טאַקע נישטאָ קײן אויוון, אָבער ס'איז פּונקט אַזוי ליכטיק און הײמלעך ווי דאָ. מען וועט דאָרט אַרײַנשטעלן פֿאַר איר אַ פֿעלדבעטל, זאָל ער איר אפֿשר באַווײַזן דעם דאָזיקן נײַעם צימער?

די פֿרײַלין האָט אָנגעהויבן דרײען די פֿינגער און האָט געפֿרעגט, פֿאַרוואָס זאָל זי עפּעס פֿאַרלאָזן איר צימער?

די מעשה איז, וואָס די סאַנאַטאָריע איז הײַנט נאָך מיטאָג איבערפֿולט געוואָרן, עס פֿעלן אויס צימערן. מען ווײסט נישט, וואָס זאָל מען טון.

די פֿרײַלין האָט גענומען פֿון טיש איר הענטשקע און זי אויך אָנגעהויבן צו דרײען. זי איז געוואָרן אַ ביסל בלאַס און אײַנגעפֿאַלן אין גרוּבט, און האָט אַ צעמישטע געקוקט אויפֿן אינספּעקטאָר.

— מען וואָלט עס נישט געבעטן, — האָט ער געזאָגט — עס וואָלט אפילו אויפן זינען נישט געקומען. אָבער גראד, ווען די סאַנאַטאָריע איז פול, זענען אָנגעקומען נאָך נייע מענטשן. צווישן זיי אַ פּאַסטאָר מיט זיינע צוויי זין. זיי זענען דערפרוירענע, און בעטן אַ צימער מיט אַן אויוון.

- יאָ, — האָט די פרייליין געזאָגט — יאָ־יאָ, — און האָט גע־שאָקלט מיטן קאָפּ.

מיט איר האָט מען געקאָנט דורכקומען. זי האָט נאָכגע־געבן. מען קאָן דאָך באמת נישט דערלאָזן, אַז עמעצער זאָל פרירן.

— וואָס דען, נישט אַזוי? — האָט דער אינספּעקטאָר מסכים געווען. — און די פרייליין זאָל זי זיך נאָר זיצן, ווו עס איז וואַ־רעם, למשל אין זאַל. איבעריקנס איז דער בייט נאָר אויף אַ קורצער צייט, — האָט דער אינספּעקטאָר צוגעזאָגט, הערצלעך באַדאַנקט דער פרייליין און אַוועקגעפירט זי באַווייזן דעם נייעם צימער.

געמוטיקט פון דעם, וואָס אים האָט דאָ אָפּגעגליקט, איז דער אינספּעקטאָר אַוועק ווייטער, און האָט געטראָפן דעם זעלבסט־מערדער. ער איז געזעסן אויף דער ווערענדע מיט מאָסן, — דעם מענטשן, וואָס האָט געהאַט די קרעצלעך, און צוזאַמען געפלוי־דערט. דער אינספּעקטאָר האָט אַפּטמאָל מיט די צוויי חברים געשפּילט אין קאָרטן און האָט מיט זיי געקאָנט רעדן אָן צע־רעמאָניעס.

— ער קומט מיט אַ טרויעריקער שליחות, — האָט ער אָנגע־הויבן שפּאַסנדיק. ווען ער האָט אָבער באַמערקט, אַז דער זעלבסט־מערדער איז אין אַ שלעכטער שטימונג, האָט ער אומגעביטן דעם טאָן און געפרעגט: צי וואָלטן די הערן אפשר וועלן טון אים און דער סאַנאַטאָריע אַ געפעליקייט.

ביידע הערן האָבן אים אָנגעקוקט.

— צי האָבן זיי גאָרנישט דערגעגן, מען זאָל זיי אומבייטן זייערע צימערן אויף אַ קורצער צייט.

— וואָס? ווי אַזוי?

ווען זיי האָבן באַקומען די דערקלערונג, האָט דער זעלבסט־מערדער בשום אופן נישט געוואָלט מסכים זיין. אַזאַ זאַך האָט אים גאָר אויפן זינען נישט געקאָנט קומען, אַזאַ אומפאַרשעמטהייט האָט ער נאָך קיינמאָל נישט געזען. מאָס האָט געבעטן אַ גענויערע דערקלערונג, און דער אינספּעקטאָר האָט דערציילט וועגן דריי דאַמען, דריי לערערינס, וואָס זענען אָנגעקומען היינט נאָך מיטאָג, ווען די סאַנאַטאָריע איז שוין געווען איבערפולט. איר קאָנט אייך פאָרשטעלן — דריי שיינע יונגע דאַמען, וואָס האָבן געמאַכט אַ רייזע אין די בערג, דורכגעווייטע פונם ווינט, אויסגעהונגערטע, און זיי בעטן תחנונים, מען זאָל זיי געבן אַ צימער, ווו מען קאָן אויסהייצן.

— הייסט עס אפנים, אַז איך זאָל אַריבער אין אַ צימער אָן אַן אויוון? — האָט דער זעלבסטמערדער געפרעגט מיט בלאַס־געוואָרענע ליפּן.

— נאָר אויף אַ קורצער צייט, אפשר בלויז אויף אַ פּאָר טעג. עמעצער וועט אוודאי איינגיכן אַרויספאָרן. אַ פּאַסטאָר איז אָנגעקומען מיט צוויי זין, וועלן זיי אַוועקפאָרן אפשר שוין גאָר אין אַ וואָך אַרום.

דער זעלבסטמערדער איז אַריין אין גרימצאָרן: אָט אַזוי באַגייט מען זיך עם מיט מענטשן? ער איז, אפנים, אַריינגעפאַלן אין אַ רויבערהייל, וואָס? אַזאַ חוצפה! אַזוי אָן צערעמאָניעס? אָ, דער זעלבסטמערדער האָט באַוויזן, אַז ער איז אַ מענטש, וואָס קאָן זיין שטעטל באַשטיין. — „ניין, פאַררייסט נישט אַזוי די נאָז, הער אינספּעקטאָר! — האָט ער געזאָגט. — לייגט אייך נישט קיין פייגעלעך אין בוזעם, שמעקט בעסער, וואָס טוט זיך אויף דער ערד".

— נו, נו, — האָט דער אינספּעקטאָר גוטמוטיק געלאַכט.

— דאָס איז נישט געהערט געוואָרן, — האָט דער זעלבסט־מערדער געזאָגט — אַ קורהויז, אַ סאַנאַטאָריע, וואָס וויל אים לאָזן בלאָ ווערן פון קעלט. מאַכן איינגאַנצן צו אַ מענטשן נישט ענלעך!

מאָס האָט אויך געלאַכט פון דעם זעלבסטמערדערס כעס און פון זיין משונהדיקן אויסזאַל פון ווערטער.

— וואָס נוגע מיך, — האָט ער געזאָגט — קאָן איך מיין צי־מער אָפּטרעטן.

— גאָר אַזוי! — האָט דער זעלבסטמערדער אויסגעשריגן. — אָ, איך שעם מיך צוליב אייך. איר זענט אַ ווייבע לויז! זעט איר, הער אינספּעקטאָר, ער טרעט אייך אָפּ זיין צימער, אָבער צי וועט ער מיט זיינע בלאָטערן קאָנען איבערטראָגן די קעלט?

— איך הייץ סיי ווי נישט, — האָט מאָס געענטפערט.

— אָט, דעריבער האָט איר טאַקע אַזאַ אויסזען. אפשר האָט איר עס טאַקע צוליב דער קעלט באַקומען אייער מחלה. ניין, דערווייל הייץ איך טאַקע אויך נישט, אָבער אויב מאָרגן, צי איבערמאָרגן וועט ווערן אַ פראָסט?

— האַ־האַ־האַ!

— האַ־האַ־האַ! — האָט דער זעלבסטמערדער איבערגעקרומט— טפו אויף אייך, טייוול! אַ פּרויענצימער קאָן אַזעלכע זאַכן זאָגן, פון וועלכע אַ מאַנסביל דאַרף די אויגן אַראָפּלאָזן. איר זענט אַ גאָרנישט, אַ פּרויענצימער!

— גיט די דאַמען אָפּ מיין צימער, — האָט מאָס נאָכאַמאָל איבערגעחזרט.

דער אינספּעקטאָר האָט באַדאַנקט און איז אַוועק. אַ שטילשווייגן.

— ניין, איך קאָן עס נישט פאַרגעסן! — האָט דער זעלבסט־מערדער אויסגעשריגן. — איך זאָל וואַרטן, ביז עפּעס אַ פּאַסטאָר מיט זיינע בנים וועלן אַוועקפאָרן, כדי איך זאָל צוריק באַקומען מיין צימער! נישט אייערן, נישט דעם פּאַסטאָרס, נאָר מיין אייגן צימער!

— איר האָט פאַרגעסן אין די דריי לערערינס.

— איז וואָס?

— באַרעכנט זיך, דריי שיינע יונגע דאַמען אויפן ראַנד פון טויט. איר זענט דען נישט קיין קאַוואַלער און קיין ריטער?

— ניין! — האָט דער זעלבסטמערדער אַ געשריי געטון.

— כלומרשט איר האָט נישט ערלעך פאַרדינט קיין צימער מיט אַן אויוון! וואָס ווייסן זיי די דאָזיקע לייט פון דער סאַנאַ־

טאָריע וועגן דעם? זיי האָבן אפילו נישט באַמערקט, אַז איר זענט אַהער אַראָפּגעקומען צו נעמען זיך דאָס לעבן.

— דאָס גייט אייך נישט אָן, מישט זיך נישט אין דעם. — האָט דער זעלבסטמערדער פּאַטערלעך געוואָרנט. — אויב איר מיינט, אַז אייער צושטאַנד דערלויבט אייך צו זיין אַ קאַוואַלער — איז אדרבא, וויפל דאָס האַרץ גלוסט.

אָס איז אויף אַ רגע געוואָרן צעמישט, נאָכדעם האָט ער געזאָגט:

— די מעשה דערפון איז דאָס, וואָס איר האָט, אפּנים, חרטה געהאַט. איר ווילט לעבן. איר האָט חרטה געקראָגן, ווייל איר טראַכט וועגן דער רייכער אלמנה.

— וואָס פאַר אַ רייכע אלמנה?

— פרוי רובען, פאַרשטייט זיך.

— אַך, אַזוי! פרוי רובען!

דער זעלבסטמערדער האָט אַ גענעץ געטון. ער האָט זיך געפוילט דעם חבר צו רייצן. נאָך דער אויפרודערונג איז אָנגעקומען אַ רעאַקציע. ער האָט זיך פאַרזונקען אין מחשבות.

— יאָ, דאָס וואָלט פאַר אייך אפשר טאַקע געפּאַסט, — האָט מאָס ווייטער גערעדט — אין די בעסטע יאָרן, דער פאַרנעם — פאַר צוויי, רייך, אַ גלענצנדער ענין...

— גיבער פּאַסט זי פאַר אייך. וואָס ווייסט איר וועגן איר רייכטום? שווייגט בעסער.

— דער מין איז שטענדיק רייך.

— שווייגט בעסער.

מאָס איז נאָך אַ ווײַלע געזעסן, נאָכדעם האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק. דער זעלבסטמערדער האָט אים נאָכגעקוקט און איז גלייך אַוועק נאָך אים. זיי האָבן שוין נישט געקאָנט לאַנג פאַרבלייבן איינער אָן דעם צווייטן. זיי האָבן זיך אויף די רוקנס אויסגעצויגן אויף אַ זוניקן בערגל און מער נישט גערעדט. אָ, ווי דאָס געמיינזאַמע אומגליק האָט די דאָזיקע צוויי, וואָס האָבן איבערגעליטן אַ שיפקאַטאַסטראָפע ביי דעם זעלביקן ברעג, צוגעשמידט איינעם צום צווייטן. מאָס איז אנטשלאָפן

געוואָרן. ער האָט זיך מיטן הוט פאַרדעקט דאָס פּנים, כּדי די וואונדן צו באַשיצן פון די פליגן.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז נאָך דער זעלבסטמערדער אַלץ געלעגן מיט אָפענע אויגן, אַ וואַכעדיקער. ער האָט געפרעגט:

— איר האָט געשלאָפן?

— יאָ, די זון האָט מיך געמאַכט שלעפעריק.

— דאָס איז אָפגעצערטקייט. מיר האָבן דאָ שלעכטע קעסט. בלויז קאָנסערוון. דעריבער זענען מיר כּסדר פאַרשלאָפן.

— איך האָב עס גאָרנישט באַמערקט. — האָט מאַס געענט־פערט. — מען גיט אונז דאָ קאָנסערוון?

— פאַרוואָס באַקומען מיר נישט סוף כּל סוף דעם אָקס? — האָט דער זעלבסטמערדער פלוצלינג אַ פרעג געטון. — איך וואָלט עס וועלן וויסן. מען האָט אונז דען נישט צוגעזאָגט צו קויפן אַן אָקס?

— פרעגט ביי דעם אינספּעקטאָר.

דער זעלבסטמערדער האָט שפּאָטיש אַ פייף געטון.

— דעם אינספּעקטאָר! ניין. קומט, מירן גיין גלייך צו דעם דאָקטאָר.

אָבער מאַס האָט נישט געוואָלט, ער האָט נישט געקאָנט, בשום אופן נישט געקאָנט.

— דאָס איז ווידער פון שוואַכקייט און שלעכטער השגחה. איך ווער פון טאָג צו טאָג אַלץ שוואַכער. מען קאָן דאָ בשום אופן נישט לעבן.

— איר קלויבט זיך אַוועקפאָרן?

— אַוועקפאָרן? גאָר אַזוי? פאַרוואָס פרעגט איר עס? איך פאָר נישט אַוועק. איר זאָלט עס אפילו נישט דאַכטן, גיכער וועט דער אינספּעקטאָר פּלאַצן, איידער ער וועט מיך אויסהאָבן, מעג ער אַפילו קומען מיט צוויי פּאַסטאָרן. איך וועל זיי באַוויזן!

ער האָט דערפילט אַ שרעקלעכן צאָרן קעגן דעם פּאַסטאָר, וואָס האָט ביי אים געוואָלט אָפּנעמען זיין צימער.

נישט בעסער געווען איז עס אויך אין אָוונט צום טיש,

ווען דער פּאַסטאָר מיט זיינע צוויי יינגלעך האָבן אַ דאַנק דער איראָניע פון גורל, אָדער דעם אינספּעקטאָרס נקמה, זיך אויסגע־זעצט דווקא לעבן דעם זעלבסטמערדער. דער פּאַסטאָר האָט זיך פאַרבייגט פאַר זיין שכן, און דער זעלבסטמערדער האָט זיך פאַר־נייגט עטוואָס, פאַרנייגט אָן אַ שיעור קאַרג און עקאָנאָמיש.

דער פּרעמדער האָט געזאָגט אַ פּאָר ווערטער. דער זעלבסט־מערדער האָט נישט געענטפערט, אָבער מאָס, וואָס איז געזעסן בײַ אים פון דער צווייטער זייט, האָט געענטפערט הויך און פריינטלעך.

דער פּרעמדער האָט אָנגערופן זיין נאָמען: אָליווער. דער זעלבסטמערדער האָט זיך עס נישט גענומען צום הארצן, און האָט אים גערופן יענסען.

— יענסען? — האָט דער פּרעמדער איבערגעפּרעגט.

— יאָ, אפשר דאַרף מען עס אַרויסרעדן ניקאָלאַיסען?

דעם פּרעמדנס געזיכט איז געוואָרן שטאַר פון פאַרשטאַנדי־לאָזיקייט. ער האָט גענומען עסן.

— גוט וואָס מיר האָבן איצט, ווער עס זאָל אונז העלפן די קאָנסערוון אויפצועסן. — האָט דער זעלבסטמערדער צו אים געזאָגט.

דער פּרעמדער האָט נישט געענטפערט און מוטיק זיך גע־נומען פאַר די פלײשקנײדלעך. ער איז געווען הונגעריק.

דער זעלבסטמערדער האָט געפּרעגט:

— איר זענט געקומען איבער די בערג, הער פּאַסטאָר?

דער פּרעמדער האָט אים אָנגעקוקט:

— איר מיינט עס מיך? איך בין נישט קיין פּאַסטאָר, איך בין אַ שולדירעקטאָר.

דער זעלבסטמערדער איז צעמישט געוואָרן: אַ שולדירעקטאָר?

דער פּרעמדער האָט אַרויסגענומען זיין וויזיטקאַרטע און דערלאַנגט. דער זעלבסטמערדער האָט איבערגעלייענט: פראַנק אָליווער דאָקטאָר פילאָזאָפיע, שולדירעקטאָר.

— אַנטשולדיקט, — האָט דער זעלבסטמערדער געזאָגט, אַ

באזיגטער, — דאס האט אייך דער נארישער אינספעקטאר געמאכט פאר א פאסטאר.

דאס האט אבער קיין ענדערונג נישט געמאכט. דער זעלבסטמערדער האט איינמאל דערפילט א כעס צו דעם דאזיקן פרעמדן און ער האט דעם כעס אריבערגעטראגן פון דעם פאסטאר אויפן אינספעקטאר. דאס איז דאך פארט געווען דער זעלביקער מענטש, וואס האט אים געוואלט לאזן אן אן אפדאך; און פאר דער צייט, וואס דער דירעקטאר האט זיך אויפגעהאלטן אין טאראהוס, האט דער זעלבסטמערדער געהאט געגוג גוטע געלעגנהייט ארויסצווייזן אים זיין שנאה. חוץ דעם האט דער ארעמער דירעקטאר אליווער נעבעך קיין בייז נישט געטון. עס איז נישט פיל געווען וואס צו זאגן נישט וועגן אים, נישט קעגן אים. די געלערנטקייט און די נישט-רייכקייט האבן אים מאגער געמאכט, דער מאנטל איז געהאנגען אויף זיינע אקסלען, ווי אויף א הענגער, ער האט געהאט ווייניק האר אויפן קאפ און אין בארד, און דאס ביסל, וואס ער האט געהאט, איז געווען גרוי — און אויך אינגאנצן איז ער גראָ געווען. אבער דאס איז נישט אלץ, וואס מען קאן וועגן אים זאגן. ער האט, אפנים, געהאט אינערלעכע ווערדע, וואס האט געמאכט, ער זאָל האלטן דעם קאפ הויך אויפגעהויבן. ער האט זיך נישט באהאלטן. עס איז געווען עפעס א מין טרייהארציקייט אין זיין סאָלידער גאווה, ער האט זיך געאיילט אנצורופן זיין נאמען און זיין טיטל, כדי גלייך צו פארשאפן זיך רעספעקט. פארשטייט זיך, אז דירעקטאר אליווער האט דעם העכסטן ציל אין לעבן נישט דערגרייכט — אבער ווער האט עס דען יאָ דערגרייכט! ער האט דערגרייכט דאס, צו וואס פיל שטרעבן גאנץ אומזיסט, און דאס איז אויך א ציל. ער האט פארנומען א באדייטנדן ארט אין דער לערערשאפט, און ער אליין האט געהאט גרויס אפשיי פאר דעם דאזיקן ארט. דאס האבן געהאט אויך אלע אנדערע מענטשן, אן אויסנאם. וואס פארא באדייטונג האט געהאט זיין בארוף, זיין טעטיקייט? צי דען נישט זיי האבן דעם פאלק געגעבן בילדונג? אוודאי. אויב די יוגנט איז שוין מער נישט קיין אומוויסנדיקע, דארף מען דערפאר דאנקען אים, ער האט פארשפרייט ליכט, ער-

האָט אויסגעראָטן דעם אַנאַלפאַבעטיזם, און נאָרוועגיע איז געוואָרן אַ געבילדעט לאַנד.

ווען דירעקטאָר אָליווער מאַכט איצט אַ באַוועגונג, איז עס נישט כּדי פון גורל צו אַנטלויפן, נישט כּדי אים נאָכצולויפן. ער איז דער, וואָס ער איז, זיין גורל איז קלאָר, זיין שיף — אין האַפן. פון איצט אָן לעבט ער אומגעשטערט יאָראיין, יאָראויס. ער איז אומפאַרענדערלעך און פעסט, די געזעצן פון לאַנד דערלויבן אים צו פאַרדינען זיין ברויט פּונקט אַזוי ווי ער טוט עס. ער שטייט אין דער שפּיץ פון דער שול. ווען דער הער דאָקטאָר האָט עפּעס געזאָגט. האָט דער הער דירעקטאָר עס געזאָגט!

עס איז אים טאַקע געווען אַביסל נישט היימלעך צו זיין דאָ אין דער סאַנאַטאָריע צוזאַמען מיט פופציק פרעמדע מענטשן. עס האָט אָבער געדויערט נאָר עטלעכע שעה, און אַלע האָבן אים שוין געקענט. מען האָט אים געזאָגט גוט מאָרגן, מען האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט, וואָס ער רעדט, מען פלעגט אויפשטיין און אָפּטרעטן אים דעם שטול. כּדי נושא חן צו זיין ביי דעם הער דירעקטאָר, האָט מען זיך אָפּגעגעבן מיט זיין יונגוואַרג, און מען האָט שעהן לאַנג פאַרבראַכט מיט זיי.

אָבער דער זעלבסטמערדער האָט אויף אים געקוקט קרום.

— איר ווייסט, — האָט ער געזאָגט צו מאַסן — דער פּאַסטאָר, דער שולדירעקטאָר, האָט זיך בפּירוש אָנגעגעבן פאַר אַ פּאַסטאָר, כּדי צו באַקומען אַ צימער. דאָס איז געווען געמיין, אָבער מיך וועט מען נישט אָפּנאַרן.



לסוף האָט מען ווידער גענומען רעדן וועגן דעם, אַז די סאַנאַטאָריע וויל אָפּקויפן דניאלס אָקס.

— פאַרוואָס איצט? — האָט זיך דער זעלבסטמערדער אַריינגעמישט. — פאַרוואָס נישט פריער? גראָד האָבן מיר איצט אַזעלכע לייט, וואָס קאָנען לעבן מיט קאָנסערווירטע פלייש־קניידלעך, — און דאָ גיט מען אונז דעם אָקס!

ער האָט לגמרי געענדערט זיין מיינונג. מיט דעם אָקס קאָן

מען דערווייל צוואַרטן. ער האָט אַגיטירט צווישן די געסט און צווישן דעם פּערסאָנאַל, אַז מען זאָל די קניה אָפּלייגן, מען קאָן וואַרטן ביז דער שולדירעקטאָר וועט אַוועקפאָרן, אויב נישט, וועט דען דער אָקס אויף לאַנג קלעקן? ס׳אַראַ גייציקייט און אומגאַסטפריינטלעכקייט דאָס איז געווען מצד דעם זעלבסטמער־דער, קיינער האָט זיך אָבער נישט צוגעהערט צו זיינע רייד.

— איר ווילט דאָך, דאַכט זיך, שטאַרבן, — האָט דער אינ־ספּעקטאָר געפרעגט לאַכנדיק — צוואָס זשע אינטערעסירט איר זיך אַזוי מיטן עסן?

מען האָט דעם אָקס אָפּגעקויפט.

מען האָט עס נישט געטון, ווען מען וואָלט פאָרויסזען דאָס, וואָס דערפון וועט אַרויסקומען — זאָל דאָס דינען צו זייער אַנטשולדיקונג. מען וואָלט אַ גרויסע שולד און אַ שווערע פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פאַרשפּאָרט, ווען מען וואָלט דעם אָקס נישט געקויפט. שפּעטער האָט מען געקאָנט פילאָזאָפירן, אַמפערן זיך, איינער אויפן צווייטן די שולד אַרויפוואַרפן, — אָבער דאָס, וואָס איז געשען, איז געשען, איבערמאַכן עס האָט מען נישט געקאָנט. מען האָט נאָר געקאָנט די הענט ברעכן און קלאָגן.

יאָ, איצט האָט שוין דניאל געוואָלט פאַרקויפן דעם גרויסן אָקס. עטלעכע הונדערט קראָן — דאָס איז געווען אַ מטבע פאַר דעם מענטשן פון דער מאָראַהוס לאָנקע, ער האָט געהאַט ווו זיי אַהינצוטון. פון זיין אייגענעם שטאַנדפּונקט זענען געווען פיל טעמים, אַז דער עסק זאָל תיכף געמאַכט ווערן. דער זומער האָט געהאַלטן ביים סוף. דער היי־שניט איז געווען נישט געראָטן, דער פרייז — אַ הויכער, דערצו נאָך איז דניאלס קלענער אָקס פאַרן זומער פיין אויסגעוואַקסן און האָט שוין געקאָנט פאַרנעמען דעם אָרט פון דעם גרויסן.

זענען צוויי מאַן אַוועק צו דניאלן, כּדי צו ברענגען דעם אָקס אין דער סאַנאַטאָריע: דער שווייצער און דער בריוו־טרעגער. זיי האָבן מיט זיך געהאַט אַ שטריק, וועלכן דער שווייצער האָט קינציק אַרומגעבונדן דעם אָקס אַרום האַלז און מויל.

— דער שטריק איז אַביסל צו דין. — האָט דניאל געזאָגט.

— גענוג דיק, — האָט דער שווייצער געענטפערט.

אײדער זײ האָבן זיך געלאָזט אין וועג, האָט דניאל אַרויסגעזאָגט זײן ספק:

— הלוואי זאָלט איר נאָר דעם אָקס דערפירן.

דער שווייצער האָט זיך אָנגעבלאָזן. דאָס איז דער ערשטער אָקס, מיט וועלכן ער האָט צו טון אויף זיין לעבן, האָס?

און ס'איז טאַקע אַלץ געגאַנגען גוט, ביז זיי זענען אַ האַלבן וועג אָפּגעגאַנגען. נאָר פּלוצלינג איז דער אָקס געוואָרן בייז, האָט זיך איינגעשפּאַרט מיט דער מיזע אין דער ערד און געדרייט מיטן קאָפּ. ער האָט, אַפּנים, דערזען, אַז מען האָט אים אַרויסגעפירט אויף אַ פרעמדן פעלד. די מענטשן זענען אים אויך געווען פרעמד. און וואָס פאַר אַ גולם וועט זיך עס לאָזן פירן אויף אַ שנירל, אויף אַ שטריקל. פריינטלעכע ווערטער און גלעטן האָבן קיין ווירקונג נישט געהאַט, פּונקט אַזוי ווייניק האָט געווירקט דער שטעקן, וואָס דער בריווטרעגער האָט געבראַכט; פון דעם האָט דער אָקס נאָר אַ שנאָרך געטון מיט די נאָזלעכער. אָבער זיי האָבן דאָך נישט געקאָנט בלייבן דאָ שטיין אויף איין אָרט, און דער שווייצער האָט שוין גענומען זידלען זיך.

— דערלאַנגט אים אָקאָרשט איבערן הינטן! — האָט ער געהייסן, — נאָר וואַרט אַביסל, איך וועל אים גוט אָננעמען. נו, איצט!

אָבער דער אָקס האָט זיך פון אָרט נישט גערירט.

דער שווייצער האָט גענומען שרייען אַ צערייצטער:

— דערלאַנג בעסער! שטאַרקער, ווי ס'דאַרף צו זיין!

אָ, דער בריווטרעגער האָט דערלאַנגט ווי ס'דאַרף צו זיין...

נאָר זאָל שוין גאָט אין הימל דעם שווייצער היטן, ווייל עס איז פאָרגעקומען אַ פּלוצלינגער אויפרייס. דער בריווטרעגער איז געבליבן שטיין ווי אין אַ פּוסטן הלל, און ער האָט געזען, ווי דער אָקס מיטן שווייצער האָבן זיך אַוועקגעלאָזן אַלץ ווייטער, גלייך פאַר זיך, נישט קימערנדיק זיך וועגן דעם וועג און די קוסטעס און אין די פעלדן. לכתחילה האָט עס דעם בריווטרעגער אויסגעוויזן, ווי די סאַמע קאָמישע פאָרשטעלונג, וואָס ער האָט אין

זיין לעבן װען געזען. דער שװייצער איז נאָכגעשפּרונגען נאָכן אָקס, װי אַ װענטקע, דאָ איז ער געװען אין דער לופטן, דאָ װי־דער אויף דער ערד, און פון די לוזשעס האָט ארום זיי ביידן געשפּריצט אַ פאָנטאַן מיט בלאָטע. דער בריװטרעגער האָט אין זיך געמעקעט פון איינגעהאַלטענעם געלעכטער. פּלוצלינג האָט ער דערהערט אַ קלאַפּ, אַ קלאָג־געשריי, און ער איז אונטערגעלאָפן אַהין. דער אָקס שטייט, אַ בוים האָט אים אָפּגעהאַלטן, און נעבן דעם בוים שטייט דער שװייצער, איין האַנט איז ביי אים פעסט צום בוים פאַרקװעטשט און שטאַרק מיט דעם שטריק אַרומגעדרייט.

— װאַרט, אָט װעל איך איבערשניידן! — זאָגט דער בריװטרעגער, אַ דערשראָקענער, און כאַפּט פאַרן מעסער.

— ניין, — קרעכצט דער שװייצער, דער מענטש איז מוטיק און צעקאָכט, װי אַ טײװל; ער סקריפּעט מיט די ציין. — פּלאָנטער פונאַנדער. דאָ ציִ אַדורך, אָבער לאָז דעם אָקס נישט אָפּ!

װען ער איז לסוף באַפרייט, ציטערט ער מיט אַלע אברים, די האַנט איז ביי אים בלוי און געשװאָלן, אַ פּאָר פינגער — פאַרבלוטיקט. ער טוט עטלעכע מאָל מיט דער האַנט אַ מאַך הין און צוריק און זאָגט אין גרימצאָרן:

— איך האָב דיך דען געבעטן דו זאָלסט אים דערלאַנגען אין הינטן פון דער זייט?

— װי, פון דער זייט? ניין.

— דו בהמה!

— דו האָסט דעם שטריק געדאַרפט אָפּלאָזן, — האָט דער בריװטרעגער געזאָגט.

— איך װיל אים נישט אָפּלאָזן! — האָט דער שװייצער אַ געשריי געטון.

— האַלט ס׳מויל! דו זעסט נישט, אַז די חיה שרעקט זיך פאַר דיין געשריי?

כאָטש דער שװייצער איז געװען געצװוּנגען צו מעסיקן זיין קול, װערט דאָך זיין כעס דערפון נישט שװאַכער, און ער זידלט גוט אויס דעם חבר.

אויפֿן וועג האָבן זיך באַוויזן מענטשן; געסט פֿון דער סאַנאַטאָריע, וואָס האָבן שוין געהערט, וואָס עס דאַרף געשען, זענען אַרויס באַגעגענען דעם טראַנספּאָרט. עס איז געווען אַ גאַנצער המון, צווישן זיי אויך דאַמען, אויך בערטעלסען, אַפֿילו הער פֿלעמינג, וואָס איז נאָך זיין קראַנקהייט איצט דאָס ערשטע מאָל ווידער אַרויס אין דרויסן. אָ, ס'איז אפֿשר געווען נישט נאָר פֿערזענלעכע מוטיקייט מצד דעם שווייצער, וואָס ער האָט נישט אָפּגעלאָזן דעם שטריק, נאָר אויך אַביסל גאווה: באַווייזן זיך פֿאַר אַ בוואַט אין די אויגן פֿון די אַלע געסט און צושויער.

— לאָמיר נאָך אַמאָל פּרוּוון, — האָט ער געזאָגט אינדערהויך אויפֿן קול.

דער בריוועטרעגער האָט עפּעס געמורמלט װאָרענענדיק.

— דו ביסט אַ שמאַטע! — האָט דער שווייצער אויסגעשריגן.— דאָס איז דאָך נאָר אַן אָקס, אַ פּי צום שעבטן. נישקשה, מיר וועלן זיך מיט אים אַן עצה געבן, האָ-האָ!

דער אָקס האָט זיך נישט געלאָזן.

— זע די אויגן. — האָט דער בריוועטרעגער געזאָגט. — זיי זענען ביי אים אינגאַנצן רויט געוואָרן.

- איך לאַך פֿון זיינע אויגן! -- האָט דער שווייצער געענטפֿערט. — נו, טרייב אָן.

אָבער דער אָקס איז נישט געגאַנגען.

— קום אַהער, — האָט דער שווייצער קאָמאַנדירט — נעם דעם שטריק, האַלט אים פֿעסט ביים מויל—נײן, אויף דער אַנדער זייט! מען זאָל קאָנען גיין, נישט דאָ שטיין בלייבן.

זיי האָבן זיך אויסגעשטעלט. דערווייל שטייט דער אָקס מיטן מויל אין דער ערד איינגעשפּאַרט, קוקט קרום מיט די פֿאַרלאָפֿענע אויגן און מרוקעט פֿון צייט צו צייט.

די הכנות זענען געענדיקט, ביידע האַלטן דעם שטריק, דער שווייצער מיט איין האַנט, בשעת מיט דער צווייטער דערלאַנגט ער דעם אָקס אַ שמיץ איבערן הינטן — אַזאַ אומשולדיקער מיטל צו רירן דעם אָקס פֿון אָרט, ווי אַ שטאָך מיט אַ נאָדל.

ווידער אַן אויפֿרייס. האָ! איצט האָט דער בריוועטרעגער

נישט געלאכט, נישט געמעקעט אין זיך, דער באָדן איז ביי אים פון אונטער די פיס אװעקגענומען געװאָרן, און ער מיט זיין חבר צוזאמען האָבן א פלי געטון אינדערלופטן. װאָס פארא באדייטונג האָבן די כוחות פון צװיי מענטשן געהאט קעגן דער מעכטיקייט פון דעם אָקס! אין איין רגע זענען זיי ביידע געלעגן אויף דער ערד, אראָפגעטרייסלטע, פארשליידערטע אָן א זייט. דער שװייצער האָט נאָך געהאלטן דעם שטריק אין דער האנט, האָט אים װידער נישט אָפגעלאָזן—א כװאטסקער יונג, אָבער דער שטריק איז געװען צעריסן.

אזוי, און דער אָקס איז װידער געװען פריי.

עס איז געשטאנען א חיה אויף דער פרייהייט, איינפארביק ברוין און גלאנציק, מיט דער שװערער לאסט פון איר װאָג אויף די קורצע פיס. דער מעכטיקער האלז האָט געהאט די דיקקייט פונם גאנצן קערפער און די שטארקייט פון א לאָקאָמאָטיװ. ס'איז געװען װאָס צו זען!

אָבער פאר די מענטשן איז עס שװער צו זען. די מענטשן זענען געסט פון דער סאנאטאָריע. ביי זיי רייסן זיך ארויס קולות פון שטוינונג, ביי זיי בויגן זיך שיר נישט די קני. זיי שרעקן זיך. זיי װערן צעמישט; הגם די חיה איז ברוין און בלאנק, אָבער פון איר שטראָמט א קעלט און א געפאר, די מענטשן איז נישט גוט אויפן הארצן. אין דעם ערשטן אויגנבליק זענען צװיי יונגלעך די איינציקע, װאָס באװעגן זיך, זיי קאָנען נישט ארויסװייזן זייער שפאנונג, אָבער זיי קריכן ארויף אויף א פעלז, כדי בעסער צו קאָנען זען. און גלייך װי דאָס װאָלט געװען א צייכן, קריכן די אנדערע תיכף נאָך זיי נאָך ארויף אויף דעם פעלז. דא האָט מען אָפגעאָטעמט, איז מען װייטער דרייסט געװאָרן, מען איז אין צירק, צושויער אין צירק.

דער בריװטרעגער שטייט לאנגזאם אויף און טאפט זיך ארום די איברים, צי זענען זיי גאנצע. דער שװייצער באקוקט שוין, אפילו האלב צעטומלט און אביסל װאקלענדיק זיך, דעם שטריק, בינדט אים װידער צונויף און גייט נאָכן אָקס. דער מענטש איז נאָך אלײן אין כעס און מאכט נאָך 'אלץ דעם א שטעל, אז

ער איז בלומרשט אומדערשראָקן. איין דאַמע דרייט מיט אַלע כּוחות איר הענטשקע און בעט אים, ער זאָל דעם אָקס לאָזן צורו, ער אָבער לייגט דערויף קיין אַכט נישט. נאָר ווען בער־מעלסען, דער האָלץ־סוחר בערטעלסען, וואָס איז אַזוי חשוב אין דער סאַנאַטאָריע, — ווען אויך ער הויבט אָן מיט אים צו רעדן און בעטן, ער זאָל אָפּהאַרטן, בלייבט דער שווייצער שטיין און פרעגט:

— פאַרוואָס זאָל איך וואַרטן?

— וואַרט זשע אַביסל, — ענטפערט בערטעלסען — פריילין ד'עספּאַר איז אַוועק אויף דער לאַנקע ברענגען דניאלן.

ניין. ווען דער שווייצער דערהערט עס, וויל ער דורכויס נישט וואַרטן. ער פייפט אויף דניאלן, ער פייפט אויפן גאַנצן אָקס. דער אָקס וועט שוין זיין אין דער סאַנאַטאָריע! ער קוקט זיך אַרום, וו איז דער בריוטרעגער און רופט אים. דער בריוו־טרעגער איז אויף אַ גרויסער שטרעקע אַוועק צוריק, כּדי אויפצו־זוכן זיין היטל, וואָס ער האָט פאַרלוירן לויפנדיק, — יענק היטל מיט דער גאָלדענער שנור, וואָס איז דער סימן פון זיין שטעלע. דער שווייצער וואַרט אַ רגע און שרייט צו אים ווידער:

— האָסטו מורא פאַר אַן אָקס, פאַר אַ קאַלב, ער האָט אפילו קיין רעכטע הערנער נישט, נאָר אַ פּאָר בראָדעווקעס אויפן קאָפּ, טפו!

— אַ געשטאָפּטער אָקס איז נישט קיין קאַלב. — האָט דער בריוטרעגער מיט כּעס געענטפערט. — איך וויל מיט אים מער קיין עסקים נישט האָבן, זאָלסט עס וויסן.

די צייט פאַרגייט אין דער מחלוקת. דער אָקס הויבט אָן ווערן בייז. ער האַקט מיטן קאָפּ אין די בוימוואָרצלען, אין די קוסטעס. ער באַשמוצט זיך שרעקלעך, ער גראָבט מיט די פאָ־דערשטע פיס און רעוועט מיט אַ ברומען פון אַ דונער. פּלוצלינג דערזעט ער דעם שווייצער און לאָזט זיך אויף אים לויפן. אָ, ער האָט אַ שרעקלעכן אויסזען, ווען ער לויפט אַזוי, און זיינע ווייכקייטן שאָקלען און וויגן זיך. דער שווייצער האָט זיך פון אים גיך געראַטעוועט אויפן פעלז און ער זאָגט:

— ווײַבאַלד, אַז ער העלפט נישט, מוז איך מיך אָפּזאָגן. טוט אים אָן אַ שנור אויפן הוט, וועט ער אפשר ווערן מוטיקער.

ער האָט די גאַנצע שולד אַרויפגעוואָרפן אויפן ברױוטרעגער.

דניאל קומט. דיזאָזיקע פרײַלין ד'עספאַר איז טאַקע אומאָנגענעם און ווייניק באַליבט, אָבער פאָרט איז זי דאָך אַ טײוולאָניש מײדל, וואָס האָט אַ קאָפּ אויף די אַקסלען. אָט האָט זי ווידער געטון דאָס סאַמע ריכטיקע און געבראַכט דניאלן. ער איז געקומען מיט אַ רעכטן שטריק אין האַנט, און איז צוגעגאַנגען צו דעם אָקס פרײַנטלעך און לאַשטשענדיק. ער האָט אים געגעבן צו פילן מיט די אויסגעשטרעקטע הענט און מיט ליבלעכע צוגעמענישן, אַז ער מיינט איצט ווי געוויינטלעך מיט גוטן. אָבער דער אָקס איז אײַנגעשפאַרט און גראָבט אַלץ מיט די פאָדערשטע פיס די ערד.

— נײַן, איר האָט די חיה איבערגעשראָקן, — האָט דניאל אומצופרידן געזאָגט — מ'וועט, אפנים, מוזן גײַן ברענגען מאַרטען. זי קען ער בעסער פאַר אַלעמען.

מאַרטע איז עס געווען דניאלס אַלטע דינסט.

רעכט. זאָל מען גײַן ברענגען מאַרטען. אָבער אַזוי ווי קיינער האָט נישט געהאַט קײן חשק, און אַלע האָבן פאַרזיכערט, אַז זיי ווייסן נישט דעם וועג, איז דעריבער ווידעראַמאָל געגאַנגען פרײַלין ד'עספאַר. זי האָט נאָך איר הוט אויפגעהאָנגען אויף אַ בוים און זיך אַראָפּגעלאָזט פון דעם פעלז. דאָס האָט נאָר פרײַלין ד'עספאַר געקאָנט טון. אַנדערע זענען דעמאָלט געשטאַנען, געקוקט און נאָר מורא געהאַט.

דערווײַל האָט דער שווייצער אַביסל טריומפירט, וואָס דניאל קאָן אויך מיטן אָקס גאָרנישט נישט מאַכן.

— נו, אָט זעט איר, ער קאָן אויך נישט.

אָבער קיינער וואָלט נישט געצווייפלט אין דעם שווייצערס מוטיקייט, אפילו ווען ער וואָלט געשוויגן. באַטראַכט מען זשע די זאַך אָן זײַטיקע פניות, איז ער עס סוף כל סוף אויך דער מענטש, וואָס האָט די גאַנצע זאַך פאַרקאָכט. שוויג שטיל, שווייצער! בערטעלסען זאָגט:

— איך מיין, אפשר זאָל איך ברענגען מיין ביקס און גאָר דערשיסן דעם אָקס.

יאָ, טאַקע דערשיסן! — זאָגט די דאַמע און דרייט אירע הענטשקעס אין אירע הענט.

בערטעלסען זוכט אַרום זיך אַ וועג, ווו מען קאָן אַדורכגיין זיכער, געפינט אים אָבער נישט; פון אַלע זייטן קאָן דער צע־ווילדעוועטער אָקס אָנפאַלן. פרייליין עלינגסען נעמט בערטעלסענען אונטערן האַנט און בעט אים, ער זאָל נישט גיין; סיי ווי קומט באַלד מאַרטע, גאָט צו דאַנקען.

דניאל פרוווט ווידער נעמען זיך פאַרן אָקס. און ווען דאָס גיט זיך אים נישט איין, קריכט ער אויך אַרויף אויפן פעלז. איצט זענען זיי דאָרט אַלע. דער אָקס גראָבט מיט די פיס די ערד, טוט אַמאָל אַ קוק אַרויף־צו, און גראָבט ווידער די ערד. ס'האָט, אפנים, אַז אים גייט גאָרנישט אָן, וואָס אַ גאַנצער המון האָט זיך דאָ אָנגעקליבן צוליב אים. אָבער וואָס איז עס! שטימען פון צווישן די ביימער. דאָס זענען נאָך געסט און צושויער פון דער סאַנאַטאָריע, זיי פרעגן, צי קאָנען זיי צוגיין נענטער. — ניין, ניין! דער אָקס איז אויף דער פרייהייט! — ענטפערן אַלע אויפן פעלז. — גייט גיכער אַהיים, תיכף ומיד! — שרייט בערטעלסען און טרייבט זיי אַוועק.

דער דאָזיקער געשריי צערייצט, אפנים, גאָר דעם אָקס, אַ רגע שטייט ער און ציטערט, און דאָ הייבט זיך עס אָן!

דער אָקס לאָזט אַרויס אַ קורצן אומנאַטירלעכן ברום, אַ מיאוסן גערויש, וואָס קלינגט ווי פון משוגעת. און פּלוצלינג טוט ער זיך אַ וואָרף, ווי מען וואָלט אים אַ שטאָך געטון, און ער לאָזט זיך אין גאַלאָפּ גלייך צום פעלז אַרויף. איין איינציקער פילשטימיקער געהייל פון די מענטשן, אַ ווילדער געלויף אין אַלע זייטן, — און דער פעלז איז פאַרלאָזן, פּוסט. נאָר אַ דאַמע איז דאָרט נאָך געבליבן שטיין, זי דרייט שוין נישט אירע הענטש־קעס, זי איז געליימט. און אָט טוט זי זיך אַ שאָקל, די קני בייגן זיך איר אונטער און זי פאַלט. דער אָקס נעמט זי אויף

די הערנער און שליידערט זי ווי א זעקל פון פעלזן אראפ.
פארטיק!

אָבער דאָ איז אַ מעשה מיט דעם שווייצער. דער שווייצער איז נישט אנטלאָפן, ווי אַלע איבעריקע, ער האָט זיך ווי אַ מאַלפּע אַרויפגעדראַפּעט אויף אַ בוים. דער שד, דער שווייצער האָט זיך זיבער נאָך פון פריער אָנגעמערקט די דאָזיקע רעטונג. ווען נישט, וואָלט ער נישט געקאָנט זיין אַזוי אַנטשלאָסן און פאָרויסזעענד. זיצט ער דאָ אויף זיין צווייג און האָט נישט קיין מורא. ער האָט זיך גאָרנישט געשראָקן, ווען דער אָקס האָט אויף אים געקוקט, קיין שפור פון שרעק, אָבער אין אַ רגע אַרום האָט זיך דער אָקס אַ לאָז געטון צום בוים. אין דעם אויגנבליק האָט ער אויסגעזען שרעקלעך.

איצט איז שוין דער שווייצער גאָרנישט אַרויסגעקומען דערפון, וואָס ער האָט געשטט פאַר אַ מוטיקן מענטשן. דער בוים האָט אונטער אים געסקריפּעט, דער שטאַם געציטערט. ער שרייט אויף דער חיה, ער שעלט, זידלט זיך. אָבער ווען ער זעט, אַז זיין לעבן איז אין סכנה, הערט ער אויף און נאָך אַ לאַנגן ישוב הדעת באַטראַכט ער זיך און נעמט בעטן גאָט, ער זאָל אים העלפן.

די אַנטלאָפענע זעען פונדערווייטן זיין לאַגע און שרייען צו אים, ער זאָג גיין צו זיי. זיי פאַרשטייען נישט, אַז דאָס איז אוממעגלעך, אַז עס איז קיין אויסוועג נישטאָ. אַרויף און אַראָפּ קייקלט זיך דער דונער פון דעם אָקס מויל, די חיה קעמפט פאַרעקשנט מיטן שטאַם פונם בוים און בויגט אים. פריילין ד׳עספּאַרס הוט פאַלט אַראָפּ פון צווייג, דער אָקס טאָפּטשעט און טאָפּטשעט אים, ער הערט אינגאַנצן פאַרכאַפּט פונם טאָפּטשען. דער הוט ראַטעוועט דעם מענטשן. אין דעם אויגנבליק, ווען דער אָקס האָט די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אָנגעווענדט אייפן הוט, האָט זיך דער שווייצער ווידער ווי אַ מאַלפּע זיך אַראָפּגעגליטשט אויף דער ערד און זיך געלאָזט לויפן.

אַ נס האָט אים געראַטעוועט.

ער האָט דעריאָגט די איבעריקע און זיי דערציילט, וואָס

דער אָקס האָט געטון: געטויט אַ מענטשן, די דאַמע. זי ליגט אויף דעם באַרגאַראָפּ פונם פעלז, פון יענער זייט. זי איז אפשר טויט, אָבער מען מוז זען, מען מוז פּרוּוון... אָ, דער שווייצער איז ווידער אויבנאויף, דער יונג האָט אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס. ער פאַרלאַנגט הילף, כּדי צו ראַטעווען די דאַמע. ער דערקלערט, אַז ער איז דער עיקר געקומען, כּדי דאָס זיי צו זאָגן. נאָר צוליב דעם אַניסט, האָלט ער געקאָנט גאַנץ רויק בלייבן זיצן אויפן בוים!

דניאל איילט מיט אים צוריק. בערטעלסען וויל מיט אייִדעלער אומפאָרזיכטיקייט אויך גיין מיט זיי. אָבער פרייליין עלינגסען רעדט אים דערפון אָפּ.

— שטייט דאָ, וואַרט, — זאָגט זי — איך קום באַלד צוריק.

דערווייל לויפט זי אַוועק נאָך דניאלן מיט דעם שווייצער. ווייל, אפשר האָט אין איר קאָפּ אַ שוועב געטון אַ געדאַנק, אַז זי קאָן מיט איר רויטער בלוזע אָפּציען דעם אָקס פון דעם טויטן קערפּער.

ס'איז טאַקע געווען די רעכטע צייט. דער אָקס האָט זיך דערמאָנט אָן זיין קרבן, אָן דעם טויטן, און ער האָט זי ווידער געפונען. ער האָט געהאַלטן אין סאַמע מיטן פון זיין רציחישער אַרבעט, ווען די רעטער זענען אָנגעקומען. זיי שרייען, זיי לאַרמען, אָבער די חיה אַרבעט איצט פאַרצווייפלט און קוקט אויף גאָרנישט. ביז אַ שטימע האָט זיך דערהערט פון וועג, אַ רוף, וואָס איז דעם אָקס געווען באַקאַנט: מאַרטע גייט. זי טראָגט אַן עמער, גייט גלייך צו דער צערייצטער חיה, און דערלאַנגט איר. דאָס גיט זיך איין.

און דניאל איז צוגעגאַנגען מיט דעם שטריק.

## VI

אַ צייט, פול מיט אומרו און אומפרידן.

ס'איז געווען אומפאַרמיידלעך. אַזאַ טרויעריקע געשעעניש

האָט געמוזט וואָכנלאַנג טאָג און נאַכט אַרומגערעדט ווערן. ווי איז עס אַלץ צוגעגאַנגען? דעם דאָקטאָר האָט מען שיר נישט פאַרפייניקט, פאָדערנדיק פון אים טראָפּנס צו שטאַרקן דאָס האַרץ. דער שווייצער און דער ברייוטרעגער האָבן זיך נישט גע־קאָנט באַווייזן, מען זאָל זיי נישט פאַרשיטן מיט פראַגן. ביי דניאלן האָט מען פייערלעך אָנגעפרעגט, צי האָט ער נישט נאָך אַזעלכע בייזע אָקסן, אפשר האָט ער נאָך איינעם, אָדער צוויי. אגב, זאָל מען אין אַזאַ צושטאַנד דעם בר-מינן נישט אויסריכטן און באַגראָבן, דעם אָקס נישט שחטן? איז דען נישט בעסער וואָס פריער?

אַדוואָקאַט ראָבערטסאָן האָט געמוזט פאַרלאָזן זיין ביורא און זיינע עסקים אין שטאָט און אַלס דער ערשטער, וואָס שטייט אין דער שפּיץ פון דער סאַנאַטאָריע, צוריקקומען קיין טאָראַהוס. ער האָט געהאַט אַ שווערע אַרבעט צו באַרויקן די אומצופרידנ־היים; די פּאַציענטן זענען געווען לחלוטין אויסער זיך: וואָס פאַר אַ גאַראַנטיע האָבן זיי דאָ פאַר זייער לעבן, פאַר זייערע גלידער? דער שווייצער איז געווען אַ רוצח, אמת, אָבער דניאל האָט דאָך געהאַט דעם בייזן אָקס, איז ער דען גאָרנישט שולדיק? און דער אַדוואָקאַט, און דער דאָקטאָר, וואָס האָבן אויסגעבויט אַ סאַנאַ־טאָריע סאַמע נעבן אַ בייזן אָקס? און ווי סוף כל סוף קאָן מען עס פאַרשטיין, וואָס דער אומגעהייער לעבט נאָך אַלץ, שטייט אין שטאַל פון דער סאַנאַטאָריע און פרעסט היי?

דער זעלבסטמערדער האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און געזאָגט נביאיש:

— דער צווייטער טויטפאַל!

און אויסגעקומען איז אַלץ שיר נישט ווי דער זעלבסטמער־דער האָט געווונשן. וואָס לענגער מען האָט אָפּגעצויגן די שחיטה פון דעם אָקס, אַלץ הייניקער פריש רינדנפלייש איז אויסגעקומען אויפן חלק פון דעם שולדירעקטאָר. מען האָט שוין געקאָנט אויסרעכענען, אַז דעם דירעקטאָר וועט גאָרנישט אָנקומען פונם אָקס.

אָבער דער אַדוואָקאַט האָט דעם דאָזיקן חשבון צעשטערט.

ער האָט גערעדט מיטן דאָקטאָר און אַרומגערעדט די לאַגע. דער דאָקטאָר איז פאַר דער לעצטער צייט אַביסל אומרויק געוואָרן: צוויי טויטפאַלן, איינער נאָכן אַנדערן — און איינער פון זיי איז דער טויט פון אַ גרויסן קאָנסול — געוויס, דאָס זענען אומגליקלעכע צופאַלן, אָבער קיין רעקלאַמע פאַר דער סאַנאַטאָריע איז עס נישט.

— קעגן טויט איז קיין תּרופה נישטאָ, — האָט דער אַדוואָקאַט געענטפערט.

— די נייע געסט האָבן זיך נאָכגעפרעגט, ווו איז דער שטענדיקער מוזיקאַנט, — האָט דער דאָקטאָר דערציילט — זיי האָבן געלייענט אין די צייטונגען, אַז די סאַנאַטאָריע האָט אַ שטענדיקן פּיאַניסט, ווו זשע איז ער?

דער אַדוואָקאַט האָט געענטפערט:

— דאָס איז דאָך נאָר אין דער צייטונג געווען. מאַלע וואָס אין די צייטונגען שטייט. אונזער מוזיקער, — זאָגט ער — איז אין אורלויב, מיר האָבן אים געשיקט קיין אויסלאַנד, ער זאָל דאָרט נאָך גרעסער ווערן. ווען ער וועט צוריקקומען, וועט ער זיין אויסגעלערנט, אַ מייסטער, איבעריקנס, איך האָב שוין לאַנג געזאָגט, אַז איך אַכט אין דעם יונגנמאַן די דאָזיקע לוסט צו וואַנדערן. דאָס איז באַוווּסט.

נאָך האָבן די געסט געפרעגט וועגן דער פּרינצעסין. זי איז אויך געשטאַנען אין דער צייטונג, ווו איז זי.

— יאָ, דער רוח ווייסט, ווו זי איז. אפשר איז זי אויך געשטאָרבן, אָדער פאַרברענט, אָדער אין תּפיסה, וואָס ווייס איך? זי האָט יעדנפאַלס דאָ געוווינט און איר רעכענונג באַצאָלט.

ביידע הערן האָבן זיך פאַרטראַכט.

— יעדנפאַלס האָבן מיר דעם גראַף, — האָט דער אַדוואָקאַט ווייטער געזאָגט.

— דער גראַף! — זאָגט דער דאָקטאָר און שאָקלט מיטן קאָפּ — ער איז קראַנק געווען, נישטאָ אויף וועמען צו קוקן.

דער אַדוואָקאַט גיט זיך אַן עצה:

— נו, אָט האָבן מיר באַקומען דעם דירעקטאָר אַליווער.

— יאָ, אויף יעדן פאַל...

— אַ באַוואוסטער מענטש, אַ געלערנטער, איך וויל אים באַ-גריסן.

— ער פאַרבלייבט אפשר נישט לענגער ווי אויף אַ וואָך.

— איך וועל מיט אים רעדן. — ענטפערט דער אַדוואָקאַט.— איך וועל אים באַגריסן, אַרויסזאָגן די האָפנונג, אַז דאָ וועט אים זיין גוט, פרעגן, צי האָט ער נישט קעגן דעם, איך זאָל וועגן אים מעלדן אין דער צייטונג. דאָס וועט שוין ווירקן!

דער מוט האָט זיך ביים דאָקטאָר אויפגעהויבן, און ער האָט געלאַכט, וואָס דער אַדוואָקאַט גיט זיך אַזוי שנעל אַן עצה. זיי כאַפּן זיך צלמען, אַז זיי מיינען, חלילה, גאָרנישט, קיינעם שאַדט עס דאָך נישט, דאָס איז מער נישט צום ערפאָלג פון דער טאָראַהוסער סאַנאַטאָריע.

— איך וויל מיך דערמאָנען, צי האָבן מיר אָפטמאָל נישט צוזאַמען מיטן דירעקטאָר די שול געענדיקט, — זאָגט דער אַדוואָ-קאַט — מיר דאַכט זיך, אַז מיר זענען אַלטע גוטע פריינד.

דער דאָקטאָר לאַכט נאָך מער.

דער דאָקטאָר קנייטשט דעם שטערן און זאָגט ערנסט:

— מירן אים יעדנפאַלס פאַרהאַלטן, ביז עמעצער אַנדערש וועט קומען. אויב ער האָט ווייניק געלט, קאָן ער בלייבן אומזיסט...

און דירעקטאָר אָליווער איז פאַרבליבן מיט זיינע יינגלעך צוויי וואָכן אין דריי וואָכן. דעם אָקס האָט מען תיכּף געשאָכטן און פאַרוואַנדלט אין עסן. די קאָנסערוון האָבן אָפּגעטראָטן זייער אָרט פאַר דעליקאַטן בראַטן און ביפשטיקס; און דער אַלגעמיינער וווילצושטאַנד האָט זיך געהויבן. יאָ. דער שולדירעקטאָר האָט זיך פאַרריכט. ער איז פולער געוואָרן, האָט גאָרנישט געטון, גע-לעזן פריילין ד'עספאַרס פראַנצויזישע ביכלעך און נאָכדעם גע-שמועסט מיט איר וועגן זייער אינהאַלט. דאָס איז פאַר אים גע-ווען אַ גאַנץ געשעעניש צו באַגעגענען אַזאַ געבילדעטע דאַמע. אין זיין אייגענער שטאָט איז אַזוי גוט ווי גאָרנישטאָ קיין גלייבער צו אים.

אָבער דער זעלבסטמערדער האָט געסקריפּעט מיט די ציין.

דער זעלבסטמערדער האָט גוט געוווּסט, אַז מען קאָן דעם דירעקטאָר נישט אַרויסוואַרפן. די דאַמע, וואָס האָט אים אָפּגעטרעטן איר צימער איז געשטאָרבן, און דער דירעקטאָר האָט איצט קיינעם נישט ענג געמאַכט. אָבער צוליב דעם האָט נישט אויפגעהערט דעם זעלבסטמערדערס כּעס און אומצופרידנהייט קעגן דעם דאָזיקן מענטשן, וואָס איז אַהערגעקומען און פאַרלאַנגט אַ צימער מיט אַן אויוון. ווער האָט נאָך אים געשיקט? וואָס פאַר אַ גרונט איז דאָ צו מאַכן פון אים אַזאַ העזק? און האָט עמעצער ווען געזען אַזאַ אַפּעטיט, ווי ביי דעם דאָזיקן לערער? דער זעלבסטמערדער האָט געזאָגט צו זיין חבר אַנטאָן מאָס:

— איך טו אַלץ, וואָס איך קאָן, אַבי אויסצוווייכן דעם דאָזיקן מענטש, אָבער אָן אַ צוזאַמענשטויס וועט עס נישט אָפּגיין!

דאָס האָט זיך אָנגעהויבן דערמיט, וואָס דער זעלבסטמערדער האָט אין איין שיינעם פרימאָרגן זיך אַהערגעזעצט אין רויכערצימער און גענומען וואַרטן. ער האָט געוואַרט אויף די צייטונגען, וואָס האָבן געזאָלט אָנקומען פון דער פּאָסט. און ריכטיק, די צייטונגען זענען אָנגעקומען. ס'איז שוין געווען אַ מנהג, אַז דער דירעקטאָר, אַלס דער מענטש, וואָס האָט אַמערסטן זיך אינטערעסירט מיטן לעזן, פלעגט די בלעטער באַקומען דורכצוקוקן ווי דער ערשטער. אַלע געסט האָבן עס געפונען פאַר נאַטירלעך, אָבער דעם זעלבסטמערדער האָט עס גערייצט. ווען די צייטונגען זענען אָנגעקומען, האָט ער זיי גיך צעזייט איבערן טיש און פאַרדעקט מיט אַלטע שוין דורכגעלעזטע בלעטער. נאָכדעם האָט ער זיך אַליין אַהערגעזעצט מיט אַן ענגלישער צייטונג, אויף וועלכער מען האָט זיך אַבאָנירט צוליב דער מילעדי. איצט איז אַלץ געווען פאַרטיק.

דער דירעקטאָר איז אַריין.

און גלייך האָבן זיך ביידע הערן צעווערטלט. כדי אַרויסצובאַקומען די נייע בלעטער האָט דער דירעקטאָר געמוזט פריער פאַרהלייבן די נומערן און די דאַטן פון די אַלטע, און ער האָט געפרעגט ביי דעם זעלבסטמערדער:

— וואָסער נומער איז ביי אייך?

דער זעלבסטמערדער האָט געענטפערט, גלייך ווי ער וואָלט גאָרנישט פאַרשטאַנען:

— איך? וועלכן נומער האָב איך? איך האָב קיין נומער נישט. איך האָב בוכשטאַבן, מיין נאָמען איז מאַגנוס.

דער דירעקטאָר האָט ווייטער געזוכט צווישן די ציישונגען און אַלץ איבערגעחזרט:

— איך האָב נאָך קיינמאָל אַזוינס נישט געזען!

— וואָס אַזוינס? — האָט דער זעלבסטמערדער געפרעגט.

— וואָס אַזוינס?—האָט דער דירעקטאָר א דערביטערטער אַרויס־געזאָגט. — פאַרוואָס האָט איר צעוואָרפן די ציישונגען?

נאָר דער זעלבסטמערדער האָט דערויף געענטפערט מיט דער פאָלגנדער וווּנדערלעכער פראַגע:

— דאָס איז אייך אַליין פון זיך איינגעפאַלן?

דער דירעקטאָר שווייגט. עס איז אים, אפנים, קלאָר געוואָרן, אז ער האָט דאָ צו טון מיט א משוגענעם. ער זעצט זיך און הויבט אָן אַריינצוקוקן אין די בלעטער, וועלכע ער האָט שוין אָפּגעזוכט. אָבער דער משוגענער האָט, אפנים, באַשלאָסן צו בלייבן דאָ זיצן. דער דירעקטאָר קוקט די ציישונגען דורך צוויי, דריי מאָל, נאָר עס נעמט קיין סוף נישט. דער משוגענער האַלט נאָך אַלץ די ענגלישע ציישונג פעסט אין די הענט, גלייך ווי ער וואָלט געטראָפן, אַז דער דירעק־טאָר וואַרט דווקא אויף דער ציישונג. יאָ, דער דירעקטאָר האָט איצט געוואָלט לייענען דווקא די אויסלענדישע ציישונגען, דאָס איז געווען זיין גרעסטער פאַרלאַנג. דאָס איז פון יוגנט אָן געווען זיין גרעסטע תשוקה.

— אפשר וואָלט איר זיין אַזוי פריינטלעך מיט מיר צו בייטן זיך מיט די ציישונגען? — פרעגט ער פאַרצווייפלט.

קיין ענטפער.

— ווייל איך באַמערק, אז איר לייענט סיי ווי נישט, איר קערט נישט אום די בלעטער.

דאָס איז קלאָר, אָבער דאָס האָט אויך קיין שום איינדרוק נישט געמאַכט אויף דעם משוגענעם.

פריילין ד'עספאַר קומט אַריין אין צימער און גריסט מיט דרך־

ארץ: גוט מאָרגן, הער דירעקטאָר!

דער דירעקטאָר דערציילט, אַז די ציַיטונגען זענען אין אַ שרעקלעכער אומאָרדנונג, און ער קאָן נישט געפינען, וואָס ער דאַרף.

די פרייַלין נעמט זיך גלייך צו ברענגען זיי אין אָרדנונג. זי דאַרף דערויף בלויז עטלעכע מינוט, זי קאָן אַלץ, זי איז צו אַלץ פעיק. נאָכדעם גייט זי צו צום זעלבסטמערדער און זאָגט שטיל בעטנדיק:

— אפשר וואָלט איר מיר אויסגעליען אויף אַ רגע אייער ציַיטונג?

אַ שד, נישט קיין מיידל! זי איז אַזוי אומבאַליבט געווען ביי די דאַמען, אָבער זי האָט זיך רעוואַנזשירט ביי די מענער, ביי וועלכע זי האָט געהאַט גרויס חן. אָט שטייט זי, אַזאַ חנוודי־קע, זי גייט צום זעלבסטמערדער צו נאָענט, אָטעמט אויף אים.

— אָבער אפשר האָט איר זי נאָך נישט איבערגעלייענט. — זאָגט זי.

— ניין, — ענטפערט ער און דערלאַנגט דעם בלאַט — איך לייען עס אפילו נישט. איך קאָן עס גאָרנישט לייענען.

אָבער דאָס איז שוין פאַר דעם דירעקטאָר געווען צופיל, הגם ער האָט די ציַיטונג באַקומען.

— איר קאָנט עס גאָרנישט לייענען? קענט איר דאָך, הייסט עס, נישט קיין ענגליש. וואָס זשע האָט איר אַזוי לאַנג געהאַלטן די ציַיטונג? איך פאַרשטיי עס נישט.

דער זעלבסטמערדער האָט געענטפערט:

— ווען איך זאָג אייך, אַז איך זע שלעכט און דעריבער האָב איך די ציַיטונג נישט געקאָנט לייענען, דאַן וואָלט עס גע־ווען נישט אמת, אָבער מיין חבר אַנטאָן מאָס זעט, צום באַדויערן, באמת שלעכט.

— איז וואָס? — פרעגט דער שולדירעקטאָר צעטומלט.

— גאָרנישט. ער האָט קרעק באַקומען אויפן פּנים, און זיי נעמען זיך אים איצט אויסשיטן אויף די אויגן.

דער דירעקטאָר האָט גאָרנישט געזאָגט. ער האָט אויף אַ

רגע אויפגעהויבן די אויגן אויף פרײלין ד'עספאַר פרעגנדיק. זי האָט געזאָגט:

— פאַרשטײט זיך, ער קען ענגליש.

— נײן, איך קען נישט, — האָט ער דערקלערט.

דער דירעקטאָר און די פרײלין האָבן אָנגעהויבן צו לײענען. אָבער דער חשובער דירעקטאָר איז שוין געווען געשטערט אין זײנע געוווינהײטן און אַראָפּגעפירט פון וועג. ער האָט שוין נישט געקאָנט פאַרבאָרגן זײן פאַרדרוס.

— שטעלט אײך פאָר! מען קען נישט קײן ענגליש, — האָט ער געזאָגט צו דער פרײלין — ער קען מסתמא בכלל קײן שפּראַכן נישט. מײנע ײנגלעך אפילו האָבן שוין אויך שפּראַכקענטענישן.

און די פרײלין ענטפערט:

— האָבן זײ דאָך דאָס גליק צו זײן די זין פונם דירעקטאָר אָליווער.

— הײנטיקע צײטן האַלט עס נישט יעדער פאַר אַ גליק צו זײן אַ געבילדעטער מענטש און צו קענען שפּראַכן.

זײ לײענען װײטער. איבעריקנס, פון דער פרײלינס װערטער איז דער דירעקטאָר געוואָרן װײַבער געשטימט, און אַז ער זעט איצט דעם אומוויסנדן מענטשן אײנעם אַלײן זיצן בײם עק טיש, דערפילט ער עפּעס װי רחמנות צו אים. ער איז דירעקטאָר, ער איז לערער און מוז זיך אַזוי באַגײן. פאַרשטײט זיך, אַז נישט אַלע האָבן דעם זעלביקן מזל. זײנע קינדער זענען גליקלעכער פון אַנדערע! ער זאָגט עטלעכע װערטער אין דער דאָזיקער ריכטונג און לײענט װײטער. די פרײלין שרײבט עפּעס פאַרנאָטירט אויף אַ צעטעלע און דערלאַנגט דעם דירעקטאָר אפשר איז עס אין פראַנצויזיש.

— אַך, — זאָגט דער דירעקטאָר און שאָקלט מיטן קאָפּ — אַזוי, אַזוי — זאָגט ער.

און איצט װײזט עס אויס, װי ער װאָלט באַקומען אַן ערקלערונג און פאַרשטײט שוין מער װי פריער: עפּעס איז איִם גוּ.

קומען אויפֿן זינען. ער הויבט זיך אויף, זעצט זיך נעבן דעם זעלבסטמערדער און הויבט מיט אים אָן פֿריינטלעך צו רעדן:

— מיר איז געקומען אַ געדאַנק — איך בין דאָך אַ לערער, ווי איר ווייסט — אויב איר ווילט, וועל איך אייך געבן לערנען שפּראַכן פֿאַר דער צייט, וואָס איך פֿאַרברענג דאָ. וואָס זאָגט איר דערצו?

דער זעלבסטמערדער קוקט אים אָן.

— איר מעגט מיר גלויבן. אַ שולדירעקטאָר איז גאָרנישט אַזאַ שרעקלעכער מענטש. ווען איר וואָלט געוווינט בײַ מיר אין שטאָט, וואָלט איך אײַך פּריוואַט געלערנט אומזיסט.

אָבער דער זעלבסטמערדער ווערט נישט נתפּעל.

— איר מיינט עס, אפֿנים, נישט בוכשטעבלעך. הינטער דעם שטעקט אַוודאי אַ העכערער געדאַנק.

— ניין, דורכויס נישט! — ענטפֿערט דער דירעקטאָר שמייכלענדיק. — איך האָב דערבײַ קיין הינטערגעדאַנקען נישט. איך וויל אײַך געבן לערנען דאָס, וואָס איר קענט נישט.

— די צייטונגען, האָס איר האָט דערפֿון היינט געמאַכט אַזאַ ווען, — זאָגט דער זעלבסטמערדער פּלוצלינג און גראָב — געפֿינען מיר אַזוי צעוואָרפֿן ווי היינט, אַלע טאָג. נאָכדעם ווי איר האַלט זיי.

דער דירעקטאָר איז געשלאָגן, דאָס איז נישט מעגלעך. ער קוקט זיך הילפֿלאָז אַרום אויף פֿרײַלין ד'עספּאַר און פֿרעגט:

— איז עס מעגלעך? לאָז איך דען איבער די בלעטער אין אַזאַ אומאָרדנונג? אויב איך טו אַזוי, איז עס זייער נישט שיין פֿון מיין זייט.

פֿרײַלין ד'עספּאַר אַנטשולדיקט אים פֿאַר דעם זעלבסטמערדער:

— דער הער דירעקטאָר איז אַ געלערנטער, איר ווייסט דאָך, קאָן ער נישט זיין אַזוי פּינקטלעך, ווי מיר.

— פֿונדעסטוועגן, — פּראָטעסטירט דער דירעקטאָר — איך וועל שוין זען... דאָס וועט שוין מער נישט זיין.

— די דאַמע, האָס איז געשטאָרבן, — זאָגט דער זעלבסט-

מערדער הייטער, א הארטער ווי שטאָל — ווייסט איר, אַז איר האָט זי אַרויסגעשטופּט פון איר צימער און געמאַכט איר דאָס לעבן דאָ אומדערטרעגלעך? זי האָט זיך פיל מאָל געווונשן דעם טויט.

— איך פאַרשטיי עס גאָרנישט. וואָס פאַרא דאַמע?

— יענע פרײַלין. זי האָט באַקומען אַ צימער אָן אַן אויוון און האָט זיך געווונשן דעם טויט. דעמאָלט האָט זי דער אָקס צעשטאָכן.

פרײַלין ד'עספּאַר האָט זיך הויך פונאַנדערגעלאַכט פון דעם זעלבסטמערדערס רייד, זי נעמט זיי נישט אָן בוכשטעבלעך, ניין, מען קאָן זיי נישט אָננעמען ערנסט, ס'איז אַ שפּאַס, מער נישט. אָבער ער זיצט נאָך אַלץ ערנסט און אומבאַרמהאַרציק, און גלײַך ווי ער קלויבט זיך נאָך גאָרנישט צו מאַכן קיין סוף צו זײַנע אָנגריפן. וואָס מיינט ער מיט זײַן אומפרײַנטלעכער האַלטונג? אים קומט דאָך דערפון גאָרנישט אַרויס, זײַנע צוהערער זענען אים נאָר אַלץ מוחל, שמייכלען און גיבן אים גערעכט; לסוף הייבט ער זיך אויף און גייט אַוועק.

— אַזוי, הייסט עס, ער איז אַביסל נישט אינגאַנצן, תמעוואַטע. גוט, וואָס איר האָט מיר דאָס געזאָגט, באַרעכנט זיך — „מאַניע פון זעלבסטמאָרד"! — זאָגט דער שולדירעקטאָר און לייענט נאָך אַמאָל איבער דאָס צעטל פון דער פרײַלין. — דאָס איז עס!

— יאָ, אָבער אפשר איז עס נאָר אַ נאַרישקייט פון זײַן זייט. דער דאָקטאָר גלייבט אין דעם נישט.

— איך בין דאָך געווען פרײַנטלעך צו אים, נישט ריכטיק?

— איר האָט ווירקלעך ליבלעך מיט אים גערעדט, הער דירעקטאָר, איר האָט אים אָנגעבאָטן צו לערנען מיט אים און בכלל.

— יאָ, אָבער איר האָט געהערט — ער האָט עס נישט אָנגענומען, האָט נישט באַדאַנקט אפילו. ניין, דאָס איז מיר באַקאַנט. אָבער וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן: זעט איר איצט, ווי גוט שפּראַכקענטעניש זענען? ווען איר וואָלט עס אָנגעשריבן אויף נאָרוועגיש, וואָלט ער עס נאָך אַליין געקאָנט איבער לייענען.

— יאָ, — איז די פֿרײלין מסכּים — איך האָב שוין פֿיל מאָל געהאַט נוצן און פֿרײדן פֿון מײַן פֿראַנצײזיש.

— אָבער איר האָט געהערט — רעדט װײַטער דער דירעקטאָר, אַן אומעטיקער — ער האַלט נישט פֿון דעם לערנען. מיט אַזעלכע מענטשן קאָן מען גאָרנישט מאַכן, איך האָב עס שוין אויסגעפּרוּװט, זײ װילן גאָרנישט לײענען, זײ זענען אומדאַנקבאַר.

— טאַקע! — שאָקלט די פֿרײלין איבערגעטריבן מיטן קאָפּ, גלײַך װי דער דירעקטאָר װאָלט פּונקט אין פּינטל געטראָפֿן.

— אָ, איר מעגט מיר גלויבן, איך בין שוין געפּרוּװט דערצו, אַפֿילו בײַ מײַן נאָענטסטן מענטשן. איך האָב, למשל, אַ ברודער בײַ מיר אין שטאָט, ער איז אַ שמיד, אַ גוטער שמיד און אין זײַן אָרט אַ גוטער קאָפּ, אָבער לגמרי אַן אומװיסנדער און אַן אומגעבילדעטער. מיר האָבן אײנער מיטן אַנדערן קײן עסקים נישט, איר פֿאַרשטײט, אונזערע אינטערעסן זענען גאַנץ פֿאַרשידענע. מיר באַגעגענען זיך כּמעט קײנמאָל נישט. איך רעד אויף אים נישט קײן שלעכטס, גאָרנישט, ער פֿאַרשװאַרצט מיר נישט די אויגן. ער פֿאַרדינט גוט, האָט אַ פֿאַרמעגן, און מ'האָט פֿאַר אים דרך ארץ, אָבער מיר באַגעגענען זיך נישט. װען ער איז געװאָרן שטאָט־פּרעזידענט, האָב איך אים אַרײַנגעשיקט מײַן קאַרטע, ער האָט אַפֿילו נישט באַדאַנקט. מיר האָבן עטלעכע מאָל גערעדט, װען ער האָט מיר געדאַרפֿט העלפֿן און אויסלײַען אַ ביסל געלט. ער האָט עס געטון, אָבער פּונקט אַזױ װי ער װאָלט יעדן אַנדערן געהאָלפֿן. נישט מער גרײטקײט, כּמעט אפֿשר פֿאַרקערט: ער האָט זיך געדאַרפֿט מיישב זײַן. ער האָט זײַנע קינדער צוגענומען פֿון דער שול, װען זײ זענען קאָנפֿירמירט געװאָרן, הגם זײ זענען געװען פֿעיקע, און איך האָב געװאָלט, זײ זאָלן װײַטער לערנען און פֿאַרנעמען אַן אָרט אין דער געזעלשאַפֿט. נײן, און איצט הײבט מײַן גוטער ברודער אָן אַ ביסל צו רעדן, ער האָט מיר פּשוט אַ גאַנצע דרשה געזאָגט. אַן אָרט אין דער געזעלשאַפֿט פֿאַרנעמען! מיט װאָס האָב איך מיך פֿאַרנומען? מיט עפּעס קלאַנגען און טײַטש: לערנען קינדער שפּראַכן, פֿרעמדװערטער

און אלץ, וואס איז אומנאטירלעך. וויפל קאסט עס אפ די קינדער אין דער הינזיכט פון צייט און גייסטיקע קרעפטן אין זייער יוגנט? בקיצור, דאס איז אלץ ארויסגעווארפן. פארשטייט איר? און נישט מיינט, חלילה, אז דאס איז געווען א שפאס, ניין, דאס איז געזאגט געווארן ערנסט. איך האב בלומרשט געארבעט אין א ווילדער נארישער סיסטעם. איך און מיינע קאלעגן זענען טאקע געלערנטע מענטשן, אבער בלינדע. אונז ווונדערט קיינמאל נישט די פוסטקייט און די גייסטיקע פינסטערניש, אין וועלכער מיר געפינען זיך. נאך וואס יאג איך מיך? פרעגט ער. נאך א נאמען פון א גאס אין אונזער שטאט, גליזער-גאס? א, איך בין פארמשפט מיין גאנץ לעבן צו פארברענגען אין ארעמקייט פון לייב און זעלע. פון זעלע אויך, זאגט.

די פרייליין האט די הענט פארבראכן.

— יא, — זאגט דער שולדירעקטאר שמייכלענדיק — איך האב אויך מיין פעקל צו טראגן. און דאס איז דאך א שטאט-פרעזידענט, וואס צו זיינע רייד הערן זיך לייטן צו. אין דער געמיינדע-פארוואלטונג האט ער זיך אויסגעלערנט גוט רעדן, און לייטן געפינען א געזונטן שכל אין דעם, וואס ער זאגט. דאס נעכסטע מאל, ווען מיר האבן גערעדט, איז געווען, ווען איך האב גערדארפט מאכן מיין דאקטאר-עקזאמען און ווידער נויטיק גערדארפט אביסל הילף. ער האט ווידער גארנישט געוווסט. דאקטאר? וואס איז דאס? — האט ער געפרעגט. דאס איז, מסתמא, ווידער עפעס טויטס, וואס דו האסט זיך איינגערעדט. ניין, האב איך נעענטפערט, דאס איז לעבעדיק גענוג, דאס איז פארשונג, וויסנשאפט, עטוואס אזוינס, וואס שטארבט קיינמאל נישט. יא, וואס זשע איז עס? עפעס אזוינס, וואס מען האט פריער נישט געוווסט? און ער האט גענומען אויסרעכענען: דאס איז עפעס פון פלייש און בלוט, קונסטזאכן, אסטראנאמיע, אקעאנישע פיש, מוזיק, א מיטל קעגן בלעטערלייז — ער האט ליב בלומען און האט א גארטן — קורץ, דאס איז עפעס אזוינס מיט ליבע און מיט רויטע באקן? אזא מין לשון האט ער זיך אויסגעלערנט צו געברויכן. ניין, האב איך געזאגט אינגאנצן הילפלאז, און בין געשטאנען ווי

אַ לערניינגל פֿאַר מײַן ברודער, דעם שמיד. נײַן, עפּעס אַזױנס איז עס נישט, דאָס איז אַ פֿילאָזאָפֿישע אָפּהאַנדלונג װעגן באַר־טאַבאָמיאָמאַכיע, דאָס איז שפּראַכפֿאָרשונג, אַנטדעקונג, עפּעס פֿון זײ בײדן, מאַרגיטעס, האָמאָנימיע און אַזױ װײטער. אָבער צו װאָס? — זאָגט ער. צו װאָס? — האָב איך געפֿרעגט. װער קאָן אַזאַ פֿראַגע ענטפֿערן? אָבער צי מײנסטו, אַז װען האָמער װאָלט נישט אָנגעשריבן די דאָזיקע אַלטע שריפֿט, װאָלט דערנאָך געקאָנט זײַן פֿיגורעס פֿון קאַריען? — נײַן, דאָס מײנט ער נישט. דו פֿאַרנעמסט זיך װידער מיט עפּעס אַזױנס, װאָס איז טויט װי אַ פּגירה, — האָט ער געזאָגט. אַך, פֿאַר אים איז אַלץ געװען קאָמיש און נאַריש. אַרױסגעהאָרפּן געלט, — האָט ער געזאָגט, װען ער האָט עס מיר געגעבן. יאָ, דערױף האָב איך אים גאָרנישט געענטפֿערט. איך האָב מיר געמאַכט אַ כּלל, נישט צו דיסקוטירן מיט אים, דאָס איז דאָך אומזיסט. ער איז אַפֿילו װידער אַרױפֿגעקומען אױף דעם שמועס מכּוח אַ גאַס אױף מײַן נאָמען אין אונדזער שטאָט. אָבער איך האָב אים געענטפֿערט, אַז דאָס איז נישט נײטיק. איך װעל נאָך אפֿשר אַמאָל באַקומען אַ דענקמאָל אין קריסטיאַניע גופֿא.

— יאָ, איר װעט עס זיכער באַקומען! — האָט פֿרײַלין ד'עספּאַר אױסגערופֿן.

— נו, דאָס װעט שױן די צוקונפֿט װײַזן. פֿון דער געגנהאַרט האָף איך נישט פֿיל. אָבער דאָס זענען געװען די צװײ מאָל, װאָס איך האָב גערעדט מיטן ברודער אַבעל. נאָכדעם איז בײַ מיר אײנמאָל אַ טירש־אָס אין שטוב קאַליע געװאָרן, און איך האָב טעלעפֿאָנירט צו מײַן ברודער, ער זאָל קומען פֿאַרריכטן אים. איך האָב אים דערקלערט, אַז דאָס איז זײער אַ שװערער פֿאַל, דער שליסל גײט נישט אַרײַן. מײנט איר, ער איז אַלײן געקומען? ער האָט געשיקט אַ ײנגל און נישט אַפֿילו קײן עלטערן. נו, דער ײנגל האָט עס געמאַכט. ער האָט דעם שלאָס אָפּגעשרױפֿט, פֿונאַנדערגענומען און געבראַכט אין אָרדנונג. װי געבריבן די הענט, דאָס קאָנען זײ, יאָ. אָבער דאָ האָבן מײַנע אײגענע ײנגלעך, װאָס האָבן געלערנט שפּראַכן און מאַטעמאַטיק, גע־

דאַרפֿט שטיין און צוקוקן, ווי יענער אַרבעט! ניין, אויף איידלקייט איז דאָ נישטאָ וואָס אויסצורעכענען. עס איז כּדאַי צו באַמערקן, אַז די גאַנצע שטאָט שטייט אויף דער זייט פֿון מיין ברודער, אויף דער זייט פֿון דעם שמיד קעגן דעם שולדירעקטאָר! ווען מען רעדט וועגן אונז, זאָגט מען: ס'אַ אונטערשיד צווישן די ביידע ברידער! איינער איז אַ קלוגער, דער צווייטער אַ געלערנ־טער! און געלערנטקייט איז, פֿאַרשטייט זיך, ערגער! — האָט דער דירעקטאָר געשמייכלט.

— יאָ, דאָס איז קלאָר! — האָט פֿריילין ד'עספּאַר אויך גע־שמייכלט.

— יאָ, אין דערהיים, אין דער אייגענער שטאָט פֿאַרשטייט מען זיך נישט אויף אַ מענטשן, אַן אַנדערש מאָל איז עס שווער!

פּלוצלינג האָט דער דירעקטאָר עטלעכע מאָל אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און געזאָגט:

— פֿאַרשטייט זיך, זיין געלט וועט ער תּיכּף, ווי נאָר ס'וועט מעגלעך זיין, צוריק באַקומען.

— פֿאַרשטייט זיך.

— ער וועט'ס באַקומען. די גרויסע לייט פֿון דער וויסנ־שאַפֿט וועלן דאָך מסתּמא ענדלעך דערגיין צו דעם געדאַנק, אַז איך פֿאַרדין אַ סטיפּענדיע.

דער אָרימער שולדירעקטאָר אָליווער, נעבעך! זיין וועג איז אויך נישט מיט רויזן אויסגעבעט געווען, מען האָט אים אַ פֿולע אומגע־רעכטיקייט און עוולות אָפּגעטון. עס איז געווען קלאָר ווי דער טאָג, אַז ער איז גערעכט, אָבער זיינע רעכט זענען פֿון דעם אומ־געבילדעטן המון געטראָטן געוואָרן מיט די פֿיס. זאָל ער זיך אונטערגעבן? ער האָט נאָר געקאָנט דעם קאָפּ הויך האַלטן און איינשטעלן זיך פֿאַר זיין זאַך. מען מעג אים אַפֿילו מוחל זיין, וואָס ער האָט מגזם געווען בנוגע די קענטענישן פֿון זיינע יונגלעך אין שפּראַכן און אין מאַטעמאַטיק. אין דעראמתן, האָבן זיי זייער ווייניק געקענט, זיי האָבן נישט געוואָלט לערנען, נאָר גיין צום פֿעטער און דער קוזינע, אָדער מאַכן אַוואַנטורעס אַרום שטאָט. דאָס איז שווער געווען פֿאַר דעם דירעקטאָר. זיין מי האָט קיין

געהעריקע פרובט נישט געבראַכט.

הער פלעמינג איז אַריינגעקומען אַ מידער מיט אַן איינגע־פאַלענער ברוסט, אָבער שמייכלענדיק און גריסנדיק; אַ לונגען־קראַנקער, אַ פּאַציענט, אַנגעטון ווי אַ קאַוואַליער.

— גוט מאָרגן! — גענעדיקע פרייליין!

ער האָט זיך אויך פאַרנייגט פאַרן דאָקטאָר.

— מיר האָבן געשמועסט אַ ביסל, — זאָגט די פרייליין — דער הער דאָקטאָר איז געווען אַזוי ליב און האָט מיר דערציילט וועגן די פאַרהעלטעניש פון זיין געבורטשטאָט.

הער פלעמינג זעצט זיך און פרעגט מיט אַ בליק אויפן טיש:

— עפּעס נייעס פאַראַן היינט אין די צייטונגען?

דער דירעקטאָר ענטפערט: — קיינע נייעס, דאַכט זיך, אַ־בעריקנס, איך האָב נאָך נישט אַלץ איבערגעלייענט.

— אונזער זעלבסטמערדער האָט היינט דעם הערן דירעק־טאָר געשטערט צו לייענען, — דערקלערט די פרייליין — ער האָט זיך דאָ געזעצט און באַשולדיקט דעם הערן דירעקטאָר, אַז ער האָט צוזאַמען מיטן אָקס דערמאָרדעט די פרייליין.

זיי שמייכלען און רעדן ווייטער וועגן דעם, זענען אַריבער צום גרויסן אומגליק זעלבסט, און דער שולדירעקטאָר וואונדערט זיך, וואָס דער אָקס, אַ פּירפּיסיקע חיה, האָט געקאָנט שטורמען דעם פעלז. הער פלעמינג פאַרשטייט עס אַזוי גוט ווי אַ פּויער און דערקלערט: דער אָקס האָט האָרנקלאָען און קאָן זיך מיט זיי, אַזוי צו זאָגן, איינטשעפּען, און ווייל ער איז געווען ווילד און איז געלאָפן מיט אַזאַ משוגענער האַסטיקייט, איז אים געלונגען צו באַהערשן דעם פעלז אין אַ פּאָר סעקונדעס.

— איר זענט אויך געווען אויף דעם פעלז?

— ניין, — האָט הער פלעמינג געענטפערט — פרייליין ד'עס־פּאַר האָט מיך נאָך פריער אַוועקגעטריבן אַהיים.

— איר זענט דאָך דעמאָלט געווען קראַנק, — האָט די פרייליין געמורמלט.

— איך האָב אַזוי מורא געהאַט פאַר מיינע יינגלעך, — זאָגט דער דירעקטאָר — אָבער וואָס האָב איך געקאָנט מאַכן? שפּעטער

האָבן זיי די פאַרדינטע שטראָף באַקומען, אָבער... איך האָף נאָר, אַז פון איצט אָן וועלן זיי אויסמיידן סכנות, זיך האַלטן וואָס ווייטער פון זיי.

— דאָס זענען טיכטיקע יונגען. — האָט די פריילין געענטפערט. — זיי זענען די ערשטע אַרויפגעקראָכן אויפן פעלז, און אונז באַוויזן דעם וועג. אַנישט, וואָלט עס געקאָנט נאָך ערגער זיין. איצט זענען טאַקע נאָר איין מענטשן לעבן און איין דאַמענהוט פאַרלוירן געגאַנגען.

אַ שאָטן גייט אַדורך איבער הער פלעמינגס געזיכט פון דער פריילינס פריוואַליטעט און ער פרעגט:

— וועלן מיר גיין?

די פריילין זאָגט אויפשטייענדיק:

— שטעלט אייך פאָר, העד פלעמינג האָט מיר צוגעזאָגט אַ נייעם הוט. איך וואַרט דערויף מיט אומגעדולד. נו, מיר גייען.

און זי דערקלערט דעם דירעקטאָר:

— מיר גייען ווידער צו דניאלן אויף דער לאָנקע. העד פלעמינג וויל טרינקען זויערמילך.

זיי גייען אַוועק.

זיי זענען נאָך נישט אַריבער די גרענעצן פון דער סאַנאַטאָריע, ווי זיי האָבן שוין געביטן דעם טאָן. דער נייער טאָן איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבן געשוויגן. די מענטשן קאָנען נישט אַלע מאָל שפּילן אויף איין סטרונע. אַנדערע סטרונעס רייסן זיך איבער, שפּילט מען אָפטמאָל אויף דער לעצטער. פריילין ד'עספּאַר פלעגט אַלע מאָל רעדן וועגן אַלץ, וואָס נאָר מעגלעך. פאַרוואָס זאָגט זי איצט גאָרנישט? דאָס האָט געמוזט העד פלעמינגן וווּנדערן. ער אַליין איז קיינמאָל נישט געווען קיין באַרעדעוודיקער, קיין וואַסערפאַל, קיין פאָנטאַן, נאָר ער האָט זיך געדרן געלאָזט, מען זאָל צו אים רעדן. פון צייט צו צייט האָט ער געקאָנט מיט אַ פּאָר פיינע קלוגע ווערטער אַריינמישן זיך און דעמאָלט דאָס רעשט איבערלאָזן פאַר די אַנדערע. אזא טבע האָט ער געהאַט. אָבער פריילין ד'עספּאַר!

לסוף זאָגט זי דאָס, וואָס קאָן שוין מער נישט בלייבן

נישט אַרויסגעזאָגט: אַט באַגלייט זי אים, אַפּנים, דעם לעצטן מאָל צו דער גאַנקע.

דאָס האָט געטראָפן אין ציל.

— אַזוי? פאַרוואָס? — האָט הער פלעמינג געזאָגט — ס'אַ איבעררעשונג! ער האָט עס גאָרנישט דערוואַרט. איר פאָרט אַוועק? — האָט ער געפרעגט.

יאָ, ווייל מען רופט זי שוין דאָס צווייטע מאָל אַרויס פון דער קאַנטאָר.

— אַזוי...—הער פלעמינג האָט זיך שטאַרק פאַרטראַכט.

— איך האָב נאָך וועגן דעם ערשטן מאָל נישט געהערט — האָט ער געזאָגט.

— ניין, צוליב וואָס האָב איך עס געדאַרפט. איר זענט נאָך דעמאָלט געווען שוואַך. אויב אַזוי, צוליב וואָס איך דערציילן?

הער פלעמינג האָט זיך נאָך מער פאַרטראַכט. ביידע האָבן געשוויגן.

אַזוי גייען זיי אין דעם שענסטן וועטער, אין סאַמע ווייבער־זומער. טיף אונטער זיי זעט זיך אַ ווייטער טאָל, ביידע זענען יונג, ביידע ליבן דאָס לעבן, און ביידע שווייגן. פרוילין ד'עספּאַר האָט אַן ערנסטן קלאַפּ איבערגעלעבט מוטיק. שוין מיט פערצן טעג צוריק האָט מען איר געמאָלדן, אַז זי מוז זיך אומקערן און ווידער פאַרנעמען איר פּאָסטן אין דער קאַנטאָר. אָבער זי איז נישט געפאָרן. זי האָט דאָך נישט געקאָנט פאַרלאָזן אַ קראַנקן, וואָס נויטיקט זיך, זי זאָל מיט אים פאַרברענגען. און מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָט זי דערהאַלטן אַן אָפּזאָג פון דער שטעלע. אַן אָפּזאָג. זי האָט עס אַריבערגעטראָגן מוטיק. זי האָט עס צוליב עפּעס אַ מיסטישן טעם דעם הער פלעמינג נישט אויסגעזאָגט. און אפילו היינט אין דערפרי האָט זי אירע האַרצווייטיקן פאַר־געסן און איינגעשלאָסן אויסגעהערט דעם דירעקטאָר אַליוויער, ווען ער האָט איר דערציילט וועגן זיין לעבן. זי איז געווען אַ טיכטיק מיידל. זי האָט זיך נישט געקלאָגט. אָבער איצט האָט ביי איר דאָס געלט גענומען אויסגיין, און דעריבער האָט זי לסוף געמוזט אָנהייבן רעדן.

— וויפל מאָל מעלדעט מען וועגן דעם? — פרעגט הער פלעמינג. ער האָפט, אז מען קאָן נאָך אפשר אָפּלייגן און ער זאָגט: דריי מאָל? דריי ברווו שרייבט מען?

— ניין, —ענטפערט זי שמייכלענדיק. — מער קאָן מען נישט וואַרטן. מ'דאַרף פאָרן תיכף.

— נו, קאָן מען גאָרנישט מאַכן. פאָרט איר מאָרגן?

— יאָ, מאָרגן.

זיי שווייגן ווידער. הער פלעמינג בלייבט שטיין. אים דאַכט זיך, אז עס איז שוין איצט מער נישט כדאי ווייטער צו גיין.

די פרײלין קומט אים צו הילף.

— וואָס איז דאָ פאַר א הויז? — זאָגט זי. — דאָס הויז איז דאָ פריער נישט געשטאַנען. לאָמיר א קוק טון.

זיי זענען צוגעגאַנגען צו א קליינעם שפייכלערל אין פעלד, וואָס דניאל האָט זיך אויסגעבויט פאַר דעם היי פון זיינע באַרג-לאָנקעס, און וויל ער איז געווען אזוי ניי און פול מיט פרישן היי, זענען זיי אין אים אַריין אָפּרוען. דער שפייכלער האָט קיין טיר נישט געהאַט, די זון האָט אינעווייניק אַריינגעשיינט דורך דער ברייטער עפענונג. קליינע שפּערלינגען זענען אַריין און אַרויסגע-פּ/ויגן, יאָגנדיק זיך נאָך מיקן. אפשר זענען אין הער פלעמינגס גייסט אַרויפגעשוואומען זכרונות, ער ווערט ווייך און טרויעריק און הויבט אָן צו רעדן וועגן זיין היים. זיין היים איז נישט קיין גרויסע, אייגנטלעך, נישט קיין גוט, בעצם נישט קיין שלאָס, ניין, א קליי-נע דאָרפסשטוב, הייסט עס, נישט קיין רייכטום, ווייט נישט...

— איר קוקט דערויף איצט צופיל שוואַרץ, — טרייסט זי.

אפשר קוקט ער אביסל צו שוואַרץ, יעדנפאַלס איז דאָרט פאַראַן ביימער און וואַלד, עס שמעקט מיט היי, א טייכל מורמלט, איבער דעם טייכל ליגט א ברעט, און אויף דעם דאָזיקן ברעט איז ער אָפט געלעגן און מיט א שפּילקע אָנשטאָט א האָקן אויף דער ווענטקע געכאַפּט פיש. קינדהייטס-זכרונות און אומעט, טרויער און פּאָעזיע פון א יונגנמאַן, וועלכער וואַנדלט אום מיט וועגן אויף די לונגען פון איין לאַנד צום צווייטן. ער דערציילט, אז ער וואָלט געמוזט פאָרן אהיים, נאָר ער וויל דערווייל פאַרבלייבן

אויף אַ צייט דאָ אין די בערג און פּרוּוון זיך אויסהיילן. צייטנוויז איז אים געווען שווער אויפן האַרצן און ער האָט געצווייפלט אין זיין היילונג. אָבער דאָ האָט אים פריילין ד׳עספּאַר צוגעגעבן מוט און אָנגעצונדן אין אים אַ האָפענונג. נאָר, — זאָל זי נישט אָפּלייקענען, זאָל זי עס נישט מאַכן צו קליינגעלט — ער איז איר דאַנקבאַר פאַר אַלץ, וואָס זי האָט געטון, און ער ווייסט נישט, ווו וועט ער די צייט אַהינטון אָן איר.

וועגן דעם האָט ער גערעדט.

זי הערט אים אויס מיט פרייד. דער טאָן צווישן זיי ווערט אינטים און צערטלעך. זיי עפענען זיך אָפּ די הערצער איינער פאַר דעם אַנדערן, שמייכלען, און שאָקלען צו מיט די קעפּ אויף אַלץ, וואָס זיי זאָגן. ווען ער האָט זיך ווידער דערמאָנט, אַז מאָרגן דאַרפן זיי זיך שיידן, ווערט ער בלאַס, און די מוילווינקלען לאָזן זיך ביי אים אַראָפּ. דעמאָלט זאָגט זי:

— לאָמיר אפשר גיין טרינקען זויערמילך?

— ניין. אָפּן גערעדט. איצט איז איר שוין אַלצאיינס.

— אַך, ס׳אַרא נאַרישקייט! איך דערקען אייך שוין גאָרנישט.

זיי שווייגן. יעדער איז פאַרזונקען אין זיינע מחשבות. אפשר טראַכטן זיי ביידע דאָס זעלבע. פּלוצלינג זאָגט פריילין ד׳עספּאַר מוטיק:

— אפשר זענט איר פאַרזאָרגט וועגן מיר? נעמט זיך נישט צום האַרצן. איך האָב גענוג געלט פונדאַנען אַוועקצופירן.

ער ענטפערט פאַרוווּנדערט:

— גאָט, דערביי האַלט עס! אָבער וואָס נאָכדעם? ניין, געלט? דאָס קאָן זי ביי אים נעמען. אָבער וואָס וועט מיט אים אַליין זיין?

זיי שווייגן. זי זיצט און באַטראַכט זיינע דינע פינגער. ס׳דאַכט זיך, אַז אָט גליטשט זיך דער רינג אַראָפּ פון זיי. די דאָזיקע פינגער טויגן צו קיין זאַך נישט, — טראַכט זי אפשר — נישט קיין קלאַפּ צו געבן, נישט קיין כאַפּ צו טון. ניין, זיי זענען להלוטין הילפלאָז, זיי פּאַסן מער צו גלעטן און צו לאַשטשען.

זי דערזעט ווידער די ווידענע זאַקן אויף זיינע פיס און דערמאָנט זיך אָן דעם דינען העמד, בשעת ער איז געלעגן קראַנק, וואָס ער האָט זי אויף דעם צווייטן טאָג שוין איבערגעביטן, ווייל אויף אים איז געוואָרן א פלעק די גרויס, ווי א קעפל פון א שפּילקע. אזעלכע זענען שוין מסתמא די גראָפן. צווי מאָל איז ער צו איר געווען אביסל צופיל פאַמיליער און האָט איר אַרויסגעוויזן מער פריינטלעכקייט, איידער זי האָט פון אים געקאָנט אָננעמען. אמת, ס'איז אזוי געווען, און זיינע אויגן האָבן זיך אין איר איינגעזויגן גלאַנציקע. זייער ריכטיק, אָבער דאָס איז געווען די קראַנקהייט, זי קאָן עס אים איצט גערנער אַנטשולדיקן. און בכלל האָט זי זינט דעמאָלט צו אים וואָס אמאָל מער געצויגן.

— איך ווייס נישט, וואָס זאָל איך טון, — זאָגט זי — אפשר קאָן איך דאָ פאַרבלייבן...

דאָס איז געזאָגט געוואָרן פיין און פאַרטרויליך. ער פרעגט:

— קאָנט איר אייער שטעלע אין שטאָט פאַרלאָזן?

— יאָ, — ענטפערט זי.

— טאָ פאַרלאָזט. אַלע אַנדערע זאַכן וועל איך שוין איינאָרדנען.

דער דאָזיקער באַשלוס האָט זיי ביידן לעבעדיק געמאַכט. ער שטופּט אָפּ אין א זייט יעדע אומאַנטשלאָסנקייט, ווערט זיכער, פריינטלעך, נעמט ביי איר אראָפּ פון דער ברוסט שטרויעלעך, ווישט אראָפּ דאָס היי פון אירע קני, גלעט זי, לייגט אויף איר ארויף די האַנט. אַנדערע רופן עס אָן פרייער ווילן...

נאָכדעם גייען זיי צו דניאלן. מאָדנע, ווי שטיל עס איז געוואָרן זייער פרייד. זיי רעדן מיט איינגעהאַלטענע שטימען, שפּאַסן נישט איינער מיטן אַנדערן, נאָר זיי האַלטן די אויגן אראָפּגעלאָזן. ס'ווערט זיי לייכטער, ווען זיי קומען אין דעם פאַסטוך-שטיבל, ווערן פריינטלעך אויפגענומען און באַקומען זויערמילך. די אַלטע דינסט זאָגט זיך אָפּ פון דעם גוטן געצאַלט, נעמט אים דאָך סוף-כל-סוף אָן און דריקט די הענט דאַנקענדיק. הער פלעטינגס געזיכט דריקט אויס צופרידנהייט.

צוריקקומענדיק אַהיים גייען זיי ווייטער פאַרביי דעם קליינעם היי-שפּייכלער אין פעלד, און הער פלעמינג זאָגט:

— לאָמיר אַריינגיין אַפּרוען.

די פרײַלין האָט אַראָפּגעלאָזן די אויגן און גייט אַריין נאָך אים...

און פון איצט אָן גייען זיי ווידער אַלע טאָג אין פאַסטוך-שטיבל און באַקומען זוויערמילך און היילונג פאַר די קראַנקע לונגען. אַלץ איז ווידער גוט. מ'זעט באַשיינפּערלעך, ווי הער פלעמינג פאַרריכט זיך, ער באַקומט ווידער זיין גוטע שטימונג און די נאַטירלעכע פאַרב און פּנים. גלייכצייטיק ווייזט ער אַרויס מער אינטערעס פאַר אַלץ, וואָס אַרום, פרעגט זיך נייגיריק נאָך אויף די נייעס פון די צייטונגען. פאַלט אַליין אַרויף אויף די טע-לעגראַמען. דער דאָקטאָר געווינט ווידער זיין אויטאָריטעט ביי אים אין די אויגן, גריסט אים פון ווייטן און קערט די ערד מ'ט די פעדערן פון זיין הוט. אַזוי ווי דער דאָקטאָר האָט גאָרנישט קעגן דעם, אַז דער קראַנקער זאָל טרינקען ווין — נישט איבער-באַפּנדיק די מאָס — טרינקט הער פלעמינג פלייסיק ווין און אָפּט-מאָל אַביסל איבער דער מאָס. איבעריקנס דאָס שטערט נישט, ער טומלט נישט. ער האַלט זיך אָנשטענדיק, זיין בליק ווערט נאָר אַ פאַרגליווערטער, און ער גייט גלייך ווי איבער אַ ליניע פון קרייד. פרײַלין ד'עספּאַר שאַפט אים געזעלשאַפט.

נאָר אינמיטן טרעפט זיך אַזאַ משונהדיקע זאַך, וואָס אין איין שיינעם פרימאָרגן האָט הער פלעמינג פּלוצלינג אָנגעהויבן באַזאָרגט זיין וועגן פרײַלין ד'עספּאַרס גוטן נאָמען. ער בעט זי, זי זאָל מיטנעמען פרײַלין עלינגסען, כּדי זיי זאָלן זיין זאַלבעדריט, און די אַלטע זווערלעכע גלחישע טעכטער זאָלן נישט האָבן וועגן וואָס צו רעדן.

אפשר איז עס געווען קלוג צוגעטראַכט מצד דעם הער פלעמינג, אפשר איז עס גאָרנישט געווען צוגעטראַכט, נאָר די שטרעבונג צו פאַרשידנאַרטיקייט. ס'דאָזיקע צוזאַמענלעבן, די דאָ-זיקע אומגעשיידקייט האָט מסתמא, וואָס מער ער האָט זיך דער-האַלט און וואָס ווייניקער ער האָט זיך געניטיקט אין דער

פרײלינס השגחה, אַלץ מער אים אָנגעהױבן צו דריקן. צום סוף איז אים, אפנים, אױך די פרײלין געפֿאַלן צו לאַסט מיט איר פראַנצױזיש. ער האָט. נאַטירלעך, די שפּראַך געלערנט און פאַרשטאַנען אַלץ, װאָס זי האָט געזאָגט. אַנדערש קאָן מען זיך נישט פאָרשטעלן. עס האָט אָבער געטראָפן, אַז ער פלעגט װערן צערײצט, װען זי האָט גערעדט, און באַזונדערס, װען זי פלעגט אים אױף דער דאָזיקער אײדעלער שפּראַך עפּעס פרעגן און װאַרטן אױף אַן ענטפער. ער פלעגט דעמאָלט אױף דער פראַגע גאָרנישט ענטפערן מיט אַן אױסרײד, אַז ער פאַרשטײט קײן פראַנצױזיש נישט — פון װאָס אַלע פלעגן לאַכן, װי פון אַ שפּאַס.

פרײלין ד'עספּאַר איז ביסלעכװײז געװױנט געװאָרן אונטערטעניק צו זײן, און האָט דעריבער אָנגענומען אױך דעם פאָרשלאָג װעגן דער דריטער פּערזאָן. עס האָט זי טאַקע אַביסל פאַרדראָסן, ס'האָט איר פאַרדראָסן, זי האָט װעגן דעם געטראַכט, װאָס זאָל עס אַזױנס באַדײטן – װאָס עפּעס גראָד פרײלין עלינגסען, זי איז געװען הױך און שײן, אמת טאַקע, זי האָט אָבער קרום לינגדיקע אױגן. קאָן עס דען אַזױ געפעלן? און איבערהױפּט אַ דריטע פּערזאָן — צוליב װאָס? פרײלין ד'עספּאַר האָט זיך נישט געשטעלט אַנטקעגן, געבראַכט די פרײלין, זי האָט אָבער געהאַט אירע מחשבות װעגן דעם; זי איז נישט קײן לײכטזיניקע, זי איז איר אײנציקן געװען געטרײ, האָט נישט געברױכט קײן פלירט, נישט געטרונקען, נאָר געזעסן כמעט די גאַנצע צײט מיט אײנעם און צוגעקוקט װי ער טרינקט. װאָס האָט אים דאָ געקאָנט פאַרשאַפן אומצופרידנהײט? אָבער דאָס האָט דער גראַף שױן געדאַרפט װיסן. חוץ דעם װיל שױן פרײלין עלינגסען נישט לאַנג פאַרבלײבן אין דער סאַנאַטאָריע, אפשר שױן מער נישט װי ביזן סוף פון הײנטיקער װאָך, אַלזאָ איז פרײלין עלינגסען אין דער געזעלשאַפט אַרײנגענומען, ביטע זײער! אַ גלאָז װײן? אַ קאָנפעקט? גערן. אָבער אַז דו ביסט אַ שײנהײט, כאָטש אַ טראָפּן שענער פאַר מיר —דאָס נישט. אױסער דעם, װײנסטו יעדע רגע, מאַכסט זיך אינטערעסאַנט, דערצײלסט געשיכטעס און ליגסט אָן שיעור,

אַזױ זענען זײ געװאָרן זאַלבעדריט, און היות װי פרײלין

עליגנטענס קאַוואַליער בערטעלסען איז צו זיי צוגעשטאַנען — זע-נען זיי שוין געוואָרן זאַלבעפערט. דאָס איז געווען אַ פּאַרטיע פּאַר בעזיק. איצט האָט די געזעלשאַפט געקאָנט פאַרנעמען אַן עק פונם רויבערזאַל, נישט אַרויפרופנדיק קיין אומצופרידנהייט פון וועלכער נישט איז זייט.

עס איז געגאַנגען גוט. עס האָט זיי אַלעמען פאַרדראָסן, לטאַי זענען זיי פריער אויף דעם נישט געפאַלן, זיי האָבן זיך געקלאַפּט מיט די גלעזער איינער מיטן אַנדערן און גוט זיך גע-פילט. בערטעלסען דער האָלצהענדלער איז טאַקע נישט געווען קיין אַדעליקער, אָבער אַ רייכער מענטש, בילדונג באַקומען אין אויסלאַנד אין סאָטהאַמפּטאָן און אין האַוור, דערצו געהערט נאָך צו אים כמעט די גאַנצע טאָראַהוע-סאַנאַטאָריע, און ער האָט עס גע-קאָנט געבן צו פילן, ווען ער וואָלט געוואָלט. און נאָך עפּעס: ער האָט אַ סטיפּענדיאַט, אַ מוזיקער, וואָס ער האַלט אויס אין פּאַריז. בערטעלסען האָט דער געזעלשאַפט דאָס פּנים נישט פאַרשוואַרצט. ער האָט אויך פאַרלאַנגט צו צאָלן פאַרן ווייַן, ווען זיין ריי איז געקומען.

אַמאָל פלעגט אויך דירעקטאָר אָליווער באַערן די געזעל-שאַפט מיט זיין אָנוועזנהייט און האָט אויסגעטרונקען אַ גלאָז וויין, הגם ער איז געווען די אָרדנונג אַליין. דעמאָלט האָט מען די קאָרטן אָפּגעלייגט אָן אַ זייט. דער שולדירעקטאָר פלעגט זיך נע-מען אַ שטול, זעצן און באַקומען דאָס וואָרט. אָ, דירעקטאָר אָליווער איז נישט געווען קיין געוויינלעכער פילאָלאָג, ער איז געווען אַ ספּעציאַליסט, ער האָט געוווּסט זעלטענע זאַכן. דער דאָ-זיקער מענטש, וואָס איז אויף דורך און דורך אָנגעזאַפּט געווען מיט געלערנטקייט, האָט קיינמאָל נישט געלאַכט, ער האָט אין זיך געהאַט עפּעס אַזוינס, וואָס אַנדערע וואָלטן אָנגערופן „אומנאַטור", און איז בלינד געוואָרן פאַר דער וועלט, וואָס מאַכט הייטער דעם געמיט און דערפרייט דאָס אויג. אָבער ער האָט געהאַט זיינע פאַרדינסטן. ער איז דעם גאַנצן לעבן געווען פלייסיק, ווייניק גע-פּאָדערט, איז קיינמאָל נישט געווען צעלאָזן, האָט קיינמאָל נישט געטרונקען, אָדער געשפּילט אין קאָרטן. זיינע קינדער האָט ער

דערצויגן אין דעם זעלביקן גייסט פון באנוגענען זיך מיט ווייניק. אינדערפרי פלעגט ער מיט זיין טאשנמעסערל צעשניידן א ציטונג אויף פיר גלייכע שטיק צו א געוויסן געברויך. די קינדער האבן אים איינמאל געפרעגט, פארוואס מוזן עס זיין גראד פיר שטיק, און דער פאטער האט געענטפערט: איך דארף נישט מער, פיר זענען מיר גענוג. מאכט עס זיך אויך פאר א כלל אין לעבן.

ניין, צעלאזן און פארשווענדעריש איז ער נישט געווען, נאר שטענדיק צופרידן מיט זיין ביליקן טאבאק, מיט דעם היימישן עסן, וואס דאס ווייב האט אים געגעבן, מיט די גלאנציק-אויסגעריבענע קליידער אויפן לייב. פאר אים איז גענוג געווען דער כבוד, וואס מען האט געפילט צו זיין נאמען. קאלעגן בעלי-מקנאס זענען מיט ניין מאס רייד אנגעפאלן אויף זיין דאקטאר-דיסערטאציע, און ער אלס געוויסנהאפטער מענטש האט אלע פארהעלטענישן זיינע רעווידירט; זיין לאגע האט זיך געוואקלט. ער איז אבער געבליבן שטיין, ער האט זיך געקאנט זאגן: איך בין געווען אין ספק, צי בין איך א געלערנטער, אבער די פילע ביכער מיינע באווייזן, אז איך בין עס. זעט אויך מיין דיסער-טאציע, וועלכע האט גאנצע צוויי זייטן קוועלן-אנווייזער! ער האט דעם ספק זיינעם מנצח געווען.

ווען דירעקטאר אליווער איז געקומען אין א געזעלשאפט, האט ער זיך אין אנהויב מחמת זיכערקייט און געלערנטקייט גע-האלטן פארשפילעט אויף אלע קנעפ. ער האט זיך כמעט מיט יעדן געקאנט לאזן מעסטן, און ווען ער האט געעפנט דאס מויל, האבן אלע אנדערע געמוזט שווייגן. ער האט זיך גלייך געמאכט פארשטענדלעך, האט געוווסט די דערקלערונג פון די ווערטער אין לעקסיקאן אויף אויסווייניק, האט קיינמאל נישט גערעדט פאר-קערט, קיינמאל נישט ריכטיק נישט געבראכט די פרעמדווערטער. דאס אליין איז שוין געווען א פילע צווישן די צופעליק אנגעפארע-נע געסט פון דער סאנאטאריע איז דאס געווען א פולע, אבער נאך נישט אלץ. אין פאלן פון ספק האט מען געקאנט קומען צו אים און באקומען אויטאריטעטע אנטשיידונגען. דאס איז געווען דער עיקר. און ער האט געענטפערט אזוי גערן, ער איז געווע

אַזוי גליקלעך, ווען ער האָט געקאָנט עמעצן לערנען בנוגע „שפּראַכן", ער האָט געשיינט פון צופרידנהייט. דערביי האָט ער אָבער געהאַט די געלעגנהייט צו רעדן וועגן זיך, אָבער שטענדיק אויף איינעם און דעם זעלביקן אומשולדיקן, אָנציענדיקן אופן: פיל מיט פּרעטענזיעס איז ער געווען מער נישט בנוגע דער ליבע צום אמת.

אָט האָט ער גענומען רעדן וועגן זיינע ספקות בנוגע צום זעלבסטמערדער: דער מענטש מוז אוודאי קענען ענגליש. דער דירעקטאָר האָט אים איינעם אַליין געפונען זיצנדיק ביים אינספּעקטאָר אין צימער מיט אַן אַלטן נומער פון אַן ענגלישער צייטונג אין האַנט. צו וואָס האָט ער עס געדאַרפט, אויב ער וואָלט נישט געקאָנט לייענען? עס איז בכלל עפּעס געהיימניספולס פּאַראַן אין דעם זעלבסטמערדער, דאָס קאָן יעדער באַמערקן.

— יאָ, — האָט פרייליין ד'עספּאַר געזאָגט — דער מענטש איז אויף פיל זאַכן פעיק.

און היות ווי אַלע זענען מיט איר אין דער הינזיכט געווען מסכים, האָט בערטעלסען זי געמוזט איבערשטייגן און איבערטרייבן:

— ער קאָן זיבער מער, איידער מיר מיינען, ער איז נאָך אַביסל אַ מאָדנער. איך צווייפל נישט, אַז ער קען אויך פראַנצויזיש און אַנדערע שפּראַכן!

דעם דירעקטאָר ווערט נישט היימלעך, עס מוט אים לייד, וואָס ער האָט דעם זעלבסטמערדער פאַרגעלייגט לערנען אים שפּראַכן, און ער ווייסט נישט, ווי זאָל ער עס פאַרריכטן. דער דירעקטאָר איז זייער נערוועז. די איבעריקע מוזן אים באַרויקן און איבערצייגן, אַז ער האָט דאָך דערמיט קיין בייז נישט געטון. זיי ווילן אים דערפון אָפּווענדן און עס אָנטשטייט אַ שמועס וועגן טאַנגייעס, ביכער, בילדונג, אויסלענדישע אינסטיטוטן פאַר מיידעך. דער דירעקטאָר איז ווידער ווי אַ פיש אין וואַסער, ער קאָן זיך אויסרעדן:

— צי מיר גייען פאַרויס? געווים גייען מיר פאָרויס! מען קאָן גאָרנישט פאַרגלייכן מיט פריער. וואָס פאַר אַ סאַנאַטאָריעס

און האָטעלן האָבן מיר געהאַט אין לאַנד, בשעת איך בין געווען
אַ קינד? איצט שטייט כמעט אויף יעדן באַרג איינע. איך האָב
דאָס געפיל, אַז מיר זענען אויף אַ גאַנצן יאָרהונדערט אַוועק
פאָרויס, אַז מיר הויבן זיך אָן דערנענטערן צו דער שוויץ. וואָס
האָבן מיר געהאַט בנוגע שולן, אויפקלערונג? און וואָס האָבן מיר
איצט? קיין וואונדער, וואָס מיר האָבן אַ נאָמען פאַר איינעם פון
די פאָרטגעשריטענסטע פעלקער אויף דער ערד. מיר האָבן דאָק־
טוירים, גלחים, יוריסטן און פראָפעסאָרן, נאָך וועלכע אַנדערע
פעלקער גייען אויס. אונזער וויסנשאַפט נוצט אויס אַלץ, וואָס ביי
די גרויסע נאַציעס איז פאַראַן, מיר שטייען נישט אָפּ. יאָ, מיר
גייען פאָרויס. אָט זיצן דאָ, צום ביישפּיל, צוויי יונגע דאַמען,
וועלכע האָבן ביידע פיל געווונען פון דער שטייגערונג אין ליטע־
ראַרישן אונטעררייכט. צווישן די בעסטע דערשיינונגען פון אונזער
אַנטוויקלונג דאַרף מען געוויס רעכענען די פאַרבעסערונג פון דער
פרויס לאַגע. זי קאָן זיך איצט אויסגלייכן אין דער געזעלשאַפט
מיט דעם מאַן און אויסוויילן זיך אַליין איר וועג אין לעבן. ס'איז
נישט ריכטיק, אַז איך בין אַ מענטש פון נישט פרייען דענק־
אַרט, אַ פעדאַנט, וואָס פאַרנעמט זיך נאָר מיט דער פאַרגאַנגענ־
הייט, ווי עטלעכע בעל־מקנאָס האָבן געזאָגט. יאָ, איר לאַכט,
אָבער מען האָט עס באמת געזאָגט. באַזונדערס איינער אַ געווי־
סער ריינעכט, דעם קלויסטער־שמשס זון פון אונזער שטאָט, וועל־
כער קאָן מיר נישט מוחל זיין מיין דאָקטאָר־טיטל. ער און איך
זענען מיר געווען ביידע שול־חברים און סטודענטן אין דער או־
ניווערסיטעט. אָבער איך האָב אים שטענדיק איבערגעשטיגן, און
דאָס האָט אים געקרענקט. ער איז געווען אַן אויסבּרענגער, האָט
רויניִרט זיין פאָטער, אין לסוף האָט דער אַלטער שמש געמוזט
מאַכן אַ הלוואה אויפן חשבון פון דער הכנסה פון דעם ניטל־
געלט, כדי דעאָ לעם־יונג, דעם זון, זאָל גאָרנישט אָפּגיין. קורץ
גערעדט: דער יונג האָט נישט געאַרבעט, ווי ער וואָלט געדאַרפט,
ער האָט געהאַט נויטיק צוויי יאָר מער איידער איך, כדי אָפּצו־
געבן זיין עקזאַמען, הגם מיין ביישפּיל האָט אים געדאַרפט אונ־
טערטרייבן. איצט זיצט ער אַלס היי־פּס־לערער אין אַ קליין

שטעטל אויף מערב און וועט ווייטער מסתמא נישט גרייכן. ער האָט אָבער געהאַט גענוג דייאה און גאַל, כּדי אויף מיר אָנצוּ־פאַלן. ער האָט געשריבן, אַז איך האָב אין מיין דאָקטאָר־דיסער־טאַציע געגעבן צוויי זייטן מיט קוועלן־אָנווייזונגען, נאָר כּדי אַרויס־צוּווייזן זיך פאַר אַ געלערנטן, אָבער דער גרעסטער טייל פון די אָנגעגעבענע קוועלן האָבן גאָרנישט צו טון מיט דעם שטאָף. איך האָב רויק און זאַכלעך געענטפערט און צוגעגעבן, אַז מחמת פער־זענלעכער שנאה צו מיר איז ער פאַרבלענדט. דאָ איז אים גע־קומען אַ קאָלעגע צו הילף. דער איז אויך נישט געווען קיין צאַ־צע. ער איז געווען אַ ראַדיקאַלער און נישט קיין ערנסטער, האָט ער מיך באַשולדיקט אין פאַרעלטערטער גריבלעניש אין דער וויסנשאַפט און אָפּגעשטאַנענעם אַרט דענקען. מיך! וואָס שטרעבט בסדר יעדערן ליכטער צוגענגלעך צו מאַכן די העכערע אַנט־וויקלונג! איך דאַרף אייך זאָגן, אַז אין דער הינזיכט איז ביי מיר דער געוויסן ריינער, ווי ביי אַלעמען. איך האָב אפילו אָנגעהויבן צו האַלטן פאָרטראַגן פאַר מיינע מיטבירגער. טאַקע עס איז דער־פון גאָרנישט אַרויסגעקומען, אָבער נישט צוליב מיין שולד. שטעלט אייך פאָר, איך רעד וועגן אַן ענין פון דער גריכישער געשיכטע און דערמאָן טיקידידעסן. שלאָגט מיר איבער עפּעס אַ משוגענער יונג אונטן אויף דער באַנק מיט אַ געלעכטער און פרעגט, צי מיין איך עס אָפּטמאָל נישט דעם דיקן דידעס! האָב איך שוין גאָרנישט געקאָנט מאַכן. די גאַנצע אווידיטאָריע האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט. איך האָב פאַרלאָזן די קאַטעדרע און אָפּ־געזאָגט ווייטער צו האַלטן פאָרטראַגן. ס'איז דאָך געווען אומזיסטע מי. אָבער נישט אמת, — דאָס וואָלט געקאָנט אויסגעמיידט ווערן, ווען מיינע צוהערער וואָלטן מער געלערנט אין דער שול. מער שול, מער שול! דעריבער האָב איך די גאַנצע צייט, אפילו מיין גאַנץ לעבן געקעמפט פאַר דער פאָלקס־בילדונג. איך וואָלט וועלן, אַז יעדע דינסטמיידל זאָל ענדיקן די שול און ווערן אַ געבילדעטער מענטש, איך בין פאַר די סאַמע פאָרטגעשריטענע אידעען, צום ביישפּיל, אויף דעם געביט פון דער פרויענפראַגע. זאָל זי זיך אַנטוויקלען, זאָל זי איר טייל באַקומען אין די רעכט

פון לעבן; דאָס הייסט, ווי איינער אַ גרויסער ענגלענדער זאָגט, פאַרטאָפּלען די מענטשהייט. און אַזוי מוז עס אומעטום זיין: שולן און קורסן פאַר גרויס און קליין, פאַר מענער און פרויען, שולן, לערנאַנשטאַלטן פון אַלע מינים. אַזוי וועט עס זיין. די פרוי קאָן איצט זיין אַלץ, וואָס זי וויל, עס שווינדלט און גריבלט פון מיידלעך, סטודענטקעס, זיי קאָנען ווערן ריכטערינס, דאָקטערינס, לערערינס. מיר האָבן שולן פאַר אַלץ; אינדוסטריע-שולן, צייכע-נונגס-שולן, האַנדלס-שולן, שפּראַכקורסן, סעמינאַרן, שולן פאַר דע-פּעקטיווע, אַנשטאַלטן, אין וועלכע קאַליקעס אָן הענט לערנען זיך אויס אַ מלאכה צו טון מיט די ציין, שולן, שולן...

אָבער גראָד, ווען דער דירעקטאָר האָט זיך אַזוי צערעדט, האָט אים אַ צופאַל איבערגעריסן די רייד: דער זעלבסטמערדער מיט זיין פריינט אַנטאָן מאָס האָבן זיך גראָד באַוויזן אונטערן פענסטער. זיי האָבן זיך געזעצט אויף געפלאָכטענע שטולן און עס איז זיי, אַפּנים, גוט קאַלט געווען. דער דירעקטאָר האָט זיי דער ערשטער באַמערקט. ער האָט זיך אָפּגערוקט אויף צוריק און געזאָגט:

— זעט, אָט זענען זיי די ביידע חברים.

בערטעלסען לייגט פאָר אַריינצורופן זיי און מכבד זיין מיט אַ גלאָז וויין, און פריילין ד'עספּאַר גייט נאָך זיי. זעט איר, פריי-לין ד'עספּאַר איז עס געלונגען דורכצופירן. די געזעלשאַפט האָט קלאָר געזען דורך די פענסטער די פאַרוואונדערונג פון די ביידע פריינט אויף דער איינלאַדונג, זי זעט ווי זיי רעדן צווישן זיך, גלייך ווי זיי וואָלטן איינער דעם צווייטן געפרעגט אַ מיינונג וועגן דעם. דערווייל שטייט פריילין ד'עספּאַר אַנגעבויגן דעם קאָפּ און שמייכלט. לסוף זענען זיי אַלע דריי אַריין.

מען מאַכט אָן אָרט פאַר די געקומענע. מען גיט זיי וויין, מען לייגט זיי פאָר ציגאַרן, מען רוקט צו זיי צו אַשנבעכערס. אָבער די געסט ענטפערן דערויף גאָרנישט, לגמרי גאָרנישט. בערטעלסען האָט פון דעם זעלבסטמערדער געוואַרט אַביסל אונ-טערהאַלטונג, עפּעס אַ פּלוידעריי, איינע פון זיינע משונה שטיק, אָבער ניין. זיין פריינט אַנטאָן מאָס האָט זיך, אַפּנים, אין דער-

פיינער געזעלשאַפט געפּילט אויפן העכסטן אופן אומבאַקוועם. ער האָט געפּרוּווט באַהאַלטן די שמאַטעס אַרום זיינע פינגער, אָבער ער זעט שלעכט און קערט אום אַ גלאָז.

— דאָס איז גאָרנישט! — זאָגט פריילין ד'עספּאַר.

אַלע זענען גינציק געשטימט, נישט ווייניקער פאַר אַנדערע — דער דירעקטאָר. ער וויל פאַרפירן אַ שמועס און פרעגט:

— די הערן קומען דאָך פון דרויסן. אפשר האָט איר געזען מיינע יינגלעך?

— יאָ, — ענטפערט דער זעלבסטמערדער — זיי זענען אַוועק כאַפּן פיש.

— אָט האָט איר אייך! אָ, די בערגמייכן זענען אַזוי פאַרנאַרעריש און געפערלעך, האָב איך געהערט. איך האָב זיי פאַרבאָטן צו גיין אַהין, אָבער... זיי זענען געווען אַליין?

— ניין, זיי זענען געגאַנגען מיט אַ מענטשן, וואָס האָט געזאָגט, אַז ער איז דער לענסמאַן. אַ יונגערמאַן.

— פאַרשטייט זיך, זיי גייען מיט יעדן איינציקן.

בערטעלסען זאָגט אויף געלעכטער:

— דער לענסמאַן? וואָס דאַרף דאָ די הויכע פּאָליציי האָבן?

— ער האָט געפרעגט, ווער וווינט דאָ, און איך מיט מיין חבר האָבן אים אויסגערעכנט אַלעמען.

הער פלעמינג הויבט זיך פּלוצלינג אָן צו ווערגן מיטן אָטעם, אָבער ווען אַלע קוקן אים אָן, בויגט ער זיך איין און נעמט זיך אונטער דעם טיש פאָרען מיט זיינע שיך.

— ניין, דאָס איז גאָרנישט, — זאָגט ער צו פריילין ד'עספּאַר, וועלכע דערשרעקט זיך פאַר אַ נייעם בלוטשטורץ. אָבער עפּעס איז דאָך פאָרט געווען: הער פלעמינג האָט מסתמא דערפילט אַ ווייטיק, זיין שמייכל איז געווען אַ פאַרלוירענער שמייכל. און פון דער רגע אָן איז ער אינגאַנצן אַנטשוויגן געוואָרן. פריילין ד'עספּאַר זאָגט מיט אַ פריילעכער שטים, כדי אים אויפצומונטערן:

— נו, הער דירעקטאָר, אויב אייערע יינגלעך גייען מיט

דער פּאָליציי, מעגט איר שוין גאַנץ רויק זיין.

— איך בין נישט רויק — ענטפערט דער דירעקטאָר איינ־געשפּאַרט. ער הויבט זיך אויף, באַדאַנקט און חזרט איבער, אַז ער האָט עס די קינדער פאַרבאָטן, שטרענג פאַרבאָטן.

— ווי בייז ער איז אויף די קינדער! — זאָגט בערטעלסען, ווען דער דירעקטאָר איז אַוועק.

— וואָס איז עס פאַר אַ וואונדער, — זאָגט פרייליין ד'עספּאַר — ער איז אוודאי אַ מוסטערהאַפטער פאָטער.

— גרויסער מענטש, — דערקלערט בערטעלסען, כדי זי אַרי־בערצושטייגן — וויפל ער האָט געלערנט און קען!

הער פלעמינג איז אויפגעשטאַנען. די צוויי חברים האָבן עס אַנגענומען פאַר אַן אַנצוהערעניש, האָבן זיך אויפגעהויבן, באַדאַנקט און זענען אַוועקגעגאַנגען. ניין, אין געזעלשאַפטלעבן לעבן האָבן די ביידע קיין רייץ נישט געקאָנט אַריינטראָגן. דער זעלבסטמער־דער? האָט ער דען אַריינגעבראַכט אַ ביסל פאַרשידנאַרטיקייט? צי אַ ביסל משוגעת, אַ געווירבל פון פייעריקייט? זיין חבר איז געווען פיל סימפּאַטישער פאַר אים. נאָר עס איז געווען אַ שרעק, ווי ער האָט אויסגעזען צוליב זיינע וואונדן און בײלן. בערטעלסען האָט געזאָגט, אַז ער וואַגט גאָרנישט הויך אַרויסצורעדן, וואָס פאַר אַ קראַנקהייט ער האָט. די אויגן ווערן אים פאַרוואַקסן, דאָס מויל קרומט זיך ביי אים אויס.

— אַ גוטן טאָג! — האָט הער פלעמינג צוגעווינטשן און איז אַרויס!

פרייליין ד'עספּאַר איז אַוועק נאָך אים. זי האָט געפונען הער פלעמינגן, וואַרטנדיק אויף איר. זי איז אים ווידער נויטיק געוואָרן, ער קאָן דורכאויס אָן איר נישט אויסקומען. ער דאַרף, זי זאָל גיין אַרום אים. געווים איז עפּעס געשען. הער פלעמינג איז געווען באַשיינפּערלעך אומרויק. ער, וואָס האָט זיך אַזוי גוט געהאַלטן און איז געווען אַ גראַף, האָט איצט זייער נויטיק געהאַט, עמעצער זאָל אים אויפמונטערן.

זיי זענען אַרויף אויף די טרעפּ און אַריין אין הער פלע־מינגס צימער. ער האָט געזאָגט:

— דאָס איז גאָרנישט, נאָר פּשוט, ווידעראַמאָל אַ שלעכ־טער טאָג.

— איר זענט נאָך נישט אינגאַנצן צו זיך געקומען, — פאַר־ענטפערט זי אים.

— יאָ.

און הער פלעמינג כאַפּט זיך נערוועז פאַר דער בוזעם־קעשענע און זאָגט:

— אין פאַל, אויב מיר וועט עפּעס געשען, עפּעס וואָס אַזוינס, מען קאָן נישט וויסן...

— איר זאָלט נאָר ווידער געזונט ווערן.

— איך מיין נישט, אויב איך וועל שטאַרבן. אפשר — דאָס אויך. איר קאָנט אייך פאָרשטעלן, ווי ווייניק חשק איך האָב צו שטאַרבן? איך בין גרייט צו פאַרקויפן זיך פאַר אַ קנעכט, אַבי לעבן צו בלייבן, איך בין גרייט אַ מענטשן צו הרגענען, אַבי לעבן. אָבער איצט רעד איך נישט וועגן דעם. הגם, אמת, וועגן דעם אויך. איך רעד נישט קלאָר. אָבער דאָס איז אַלץ איינס. אַז מען וועט מיך פּלוצלינג פאַרזעצן, וועל איך שטאַרבן.

זי איז אַביסל צעמישט און ענטפערט: — אָבער מען וועט דאָך אייך נישט פאַרזעצן. וואָס פאַר אַ נאַרישקייט רעדט איר?

— דאָרט אונטן האָט מען מיך געוואָרנט. יאָ, די מעשה איז, וואָס איך האָב נישט נאָר גוטע פריינט, נאָר אויך שונאים, וואָס פאַרפאָלגן מיך. קאָן איך מיט אייך אָפן רעדן?

— יאָ, — ענטפערט זי מיט אַ שטימע ביזן הימל און לאַכט.

הער פלעמינג וואָלט קיינמאָל נישט געהאַט קיין בעסערן מע־מען צו שענקען זיין צוטרויען. פרייליין ד'עספּאַר איז נישט געווען קיין מיידעלע, וואָס האָט פאַרבלאָנזשעט אין אַ גרויסן וואַלד און קאָן דעם וועג נישט געפינען. ניין, ניין. און דאָ איז זי געזעסן פאַר אים.

— איך בין נישט קיין אומשולדיקער מענטש, — זאָגט ער און שמייכלט מיט אַ נעבעכדיקן שמייכל.

פרייליין ד'עספּאַר ענטפערט, קומענדיק אים צו הילף: — איך בין עס אויך נישט. קיינער איז עס נישט

עס איז אַלץ גאַנץ קלאָר.

דאָס איז נישט געווען קיין פעלער באַגאַנגען, דורכויס נישט, ס'איז געווען גאַנץ גוט איבערגעלייגט, און ער וואָלט דאָס זעגבע נאָכאַמאָל געטון. ס'האָט זיך אָנגעהויבן דערמיט, וואָס דער טויט האָט אויף אים אָנגעהויבן צו לויערן. דאָס איז געווען אַזוי אומדערוואַרט און שרעקלעך שלעכט, דאָס איז געווען אַזוי אומגערעכטיק, ער האָט גענומען שפייען מיט בלוט און דאַרן. ער האָט קיין אויסזיכט נישט געהאַט צו בלייבן לעבן, סיידן ער זאָל זיך באַשליסן אַ כאַפּ צו טון. זי פאַרשטייט עס?

זי פאַרשטייט עס.

און ער האָט אַ כאַפּ געטון אַזוי כיטרע, אַז סיידן שוין גאָר אַ שטרענגע רעוויזיע וואָלט אין איין אָרט אַן אומשולדיקן שרייב-פעדער געקאָנט געפינען, אַ נול, אַ נישט, אַ גאָרנישט. נאָכדעם איז ער אָפּגעפאָרן און געקומען אהער אין דער סאַנאַטאָריע. איז עס דאָ דער אמתער אָרט, ווען ער דאָ געפינען, וואָס ער האָט געזוכט? ער האָט זיך אויפגעהויבן און איז געפאַלן, ווידער אויפגעהויבן זיך און געפאַלן. גאָט ווייסט, אפשר איז ער אויף אַ פאַלשן וועג. און די גאַנצע צייט הענגט עפּעס איבער אים, אַ מין דרוק, אַ פּיין. נישט אומזיסט פרעגט ער זיך נאָך אויף נייעס פון די צייטונגען און זוכט אין די טעלעגראַמעס. ער וואָלט נישט געדאַרפט אַזוי שטאַרק נישטערן, עס זאָל נישט ווערן קיין חשד און מען זאָל באַמערקן, אַז ער האָט עפּעס אַ סוד. ער לעבט אויף אַ באָדן, וואָס הוידעט זיך אונטער אים.

ניין, פרוילין ד'עספאַר איז נישט געווען נידערגעשלאָגן, דער מוטיקער קליינער נפש, זי האָט אויף דער זאַך נישט געקוקט אַזוי שוואַרץ; אדרבא, זי האָט זי באַטראַכט אין אַ געוויסער מאָס מיט פאַרשטענדעניש און האָט געשמייכלט מיט אַנטשולדיקונג. און שוין דער דאָזיקער פריילעכער אופן, ווי זי האָט עס אויפגענומען, האָט אים נעבעך לעבעדיקער געמאַכט. ער האָט זיך מער נישט געפילט פאַרקוויפּט און פאַרראַטן, וואָרום זי האָט דאָך אים געשיצט.

און ער האָט עס באַלד דערקלערט: ווען זיין ברוסט וואָלט

זיך איצט אויסהיילן, און ער וואָלט ווידער געקומען צו די-קרעפטן, וואָלט ער זיך אַליין געמאָלדן און באַקומען זיין שטראָף, גאָט ווייסט דעם אמת, — מיטן גאַנצן האַרצן, מיט גרויס שמחה. לאָמיך נאָר האָבן צייט דערויף! — שרייט ער אויס. — מאַכט, איך זאָל נאָר זיין אימשטאַנד צו ליידן, שלאָגט מיך נישט טויט, איידער איך האָב מיך געפּרוּווט אויסהיילן!

נאָך אייניקע זאַכן זענען פאַר דער פּריילין געבליבן נישט קלאָר. און ער איז זיך נאָך מודה: ניין, געוויס, ער איז נישט קיין גראַף פון פינלאַנד. ער איז פון אַ דאָרף, פון אַ קליינעם הויף מיט אַ פערד מיט פיר קי. און וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט עס פאַר אים צו לעבן אויף דער פרישער לופט! אָבער ער האָט זעקס יאָר געדינט אין אַ באַנק, קיין איין פריידיקן טאָג דאָרט נישט געהאַט. ער איז געווען אַ פּויערשער בחור און האָט גוט געוווּסט, אַז אַן אָקס איז אַ חיה מיט געשפּאָלטענע קלאָען, זיינע וואָרצלען האָבן אים שטענדיק צוריקגעצויגן צו דער ערד. נישט אומזיסט האָט ער אויסגעזוכט דניאלס פּאַסטוך-שטיבל. די קליינע שטובן, די זויערמילך, דער פעלץ-געלעגער — דאָס איז עס טאַקע, וואָס קאָן אים ווידער געזונט מאַכן. נישט אמת?

— יאָ.

דאָס וואָלט אים ווידער געקאָנט געזונט מאַכן, צו אַלדי רוחות! אָבער דאָס האָבן זיי נישט געקאָנט באַגרייפן, די אידיאָטן, וואָס האָבן אים ביי דער ערשטער געלעגנהייט געוואָלט כאַפּן. ניין, ער האָט נישט די טבע צו גרויסן זיך, ער איז נישט אַוועקגעפאָרן קיין פּאַריז אין אַ גרויסן האָטעל, האָט זיך דאָרט נישט אָפּגעזעצט, און דעם באַקומענעם פאַרמעגן נישט פאַרשווענדט. ער האָט געהאַלט פרישע לופט, בערג און הימל! פאַרוואָס זשע האָט ער זיך אָנגעגעבן פאַר אַ גראַף? דאָס קאָן מען לייכט פאַרשטיין: נאַטירלעך, דאָס באַשיצט אין געפאַר. קיינער וועט אַ פּלעמינג נישט אַזוי גיך באַשולדיקן, ווי אַן אַקסעלסאָנען. ער האָט געזאָגט: אין דערהיים פלעגן מיר גיין אינדערפרי און נאָכמיטאָג אין שטאַל, צוויי מאָל אַ טאָג. מיין פאָטער איז טויט, מיין מוטער הייסט ליזע. די גרעסטע פרייד אירע איז, ווען זי הערט, ווי גוט

עס גייט איר זון דאָ אין די בערג. זי גרויסט זיך מיט מיר קעגן אַנדערע פרויען, און איז שטענדיק שטאָלץ געווען, וואָס איך דין אין אַ באַנק. זי זאָל נאָר באַצייטנס שטאַרבן און נישט דאַרפן איבערלעבן די קאַטאַסטראָפע.

ביי פריילין ד׳עספּאַר האָט זיך אַלץ צעפּלאָנטערט אין קאָפּ, פונדעסטוועגן האָט זי געזאָגט: עט, עט, נעמט זיך דערפון נישט אַזוי צום האַרצן.

אָבער ער האָט ביי זיך גאַנץ גוט געוווּסט, אַז אין איין שיינעם פרימאָרגן וועט מען אים כאַפּן. דאָס איז נאָר אַ פראַגע פון צייט. דאָרט אין דער געזעלשאַפט איז אין אים, ווי אַ פונק, אַריינגעפאַלן אַ וואָרט.

הער פלעמינג נעמט אַרויס זיין בריוועטאַש און ציט פון דאָרט אַרויס אַ דיקן פּאַקעט פון אויסזען, ווי אַ בריוו. — איך וויל זיין גרייט, — זאָגט ער — דאָס איז דאָס געלט. וואָס זאָל איך דערמיט טון? פאַרברענען עס?

— איר מיינט עס דאָך נישט אויף אַן אמת!

— ניין, נישט אויף אַן אמת. עס איז אָבער נישטאָ קיין צייט דאָס צו באַהאַלטן. עס קאָן זיין, אַז אין דער רגע גייט דאָרט אין דרויסן אַ מענטש, וואָס האָט אויף מיר אַ חשד. איר פאַרשטייט, ווען איך מיין?

— איך וועל עס באַהאַלטן, — זאָגט די פריילין.

— באמת? איר וואָגט דערויף?

זי האָט דרייסט אַ טרייכל געטון מיטן קאָפּ און געשמייכלט.

— די מעשה איז, וואָס איר קאָנט נישט זיין גאַנץ זיכער. איך האָב עס פאַרשטאַנען מיט אַ פּאָר טעג צוריק. מיר האָבן אַזוי פיל צוזאַמען פאַרבראַכט, אַז אויף אייך קאָן אויך פאַלן אַ חשד. דאָס איז אין תוך די סיבה, פאַרוואָס איך האָב אייך געבעטן צוציען צו אונז פריילין עלינגסען און דורך איר דעם הער בערטעלסען.

פריילין ד׳עספּאַר האָט געכאַפּט דעם דיקן קאָנווערט און אים באַהאַלטן טיף אויף דער בלויזער ברוסט.

— דאָס איז דערווייל, — האָט זי געזאָגט.

— נאַטירלעך, ער וואָלט דאָס געלט געקאָנט פאַרברענגען, — האָט ער ווייטער געזאָגט — עס קאָן דאָך אָבער אויך זיין, אַז ער וועט נישט שטאַרבן, אַז ער וועט די שטראָף איבערלעבן. זיין קראַנקהייט איז אַזאַ קאַפּריזע, זי האָט שוין געהאַט אָנגענומען די סאַמע משונהדיקע ווענדונגען. אויב ער וועט איבערלעבן די תפיסה...

פריילין ד'עספּאַר האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, ס'הייסט, ס'איז נישט נויטיק מער צו רעדן וועגן דעם, זי וואָלט אַליין געווען צופרידן, ווען זי וואָלט נאָך אַ געפּענגעניש געפונען אַ פּאַק מיט געלט.

— איך האָב אייך געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, — האָט ער געזאָגט — כדי איר זאָלט דאָ אין סאַנאַטאָריום דורך דער באַקאַנטשאַפט מיט מיר נישט צופיל פאַרלירן, לייקן איך נאַטירלעך אָפּ אַלץ. איר פאַרשטייט? איך לייקן אָפּ יעדעס ברעקעלע, איך וועל זיין פאַרמשפּט, אָבער איך לייקן אָפּ פון אַלף ביז תו. קאָן איך דען אַנדערש? אין דער אמתן בין איך אַפילו גאָר קיין פאַרברעכן נישט באַגאַנגען. איך האָב זיך נאָר געוואָלט שאַפן די מעגלעכקייט צו לעבן.

— געווים.

ביי זיי איז געווען אַזאַ אחדות אין דער זאַך, אַזאַ פולקאָמע אחדות. דאָס געלט איז נישט איבערגעציילט געוואָרן, קיין סכום נישט אָנגערופן. ווען די פריילין איז אַרויס פונם צימער, האָט זי אַוועקגענומען ביי פלעמינגן אַ העלפט משא פון הארצן. דאָס איז גאַנץ נאַטירלעך צוגעגאַנגען.

גלייך נאָך דעם האָט זי ווידער אָנגעקלאַפּט צו הער פלעמינגן אין טיר, איז אַריין און געזאָגט: דאָס איז גאָרנישט דער לענסמאַן, דאָס איז דער זשאַנדאַרם.

הער פלעמינג איז אַפילו געוואָרן דערשראָקן, וואָס זי איז געווען אומעטן ביי דער דינערשאַפט און געשטעלט אומפאַרזיכטיקע פראַגן, אָבער זי האָט אים באַרויקט מיט אַ ביטערע שמייכעלע.

— איך האָב געפרעגט, ווו זענען דעם דירעקטאָרס יינגלעך — האָט זי געזאָגט.

— אַך, אַזוי, איר זאָגט דער זשאַנדאַרם, איז וואָס?
— דער, וואָס האָט בײַ דניאלן אָפּגענומען די כּלה.
הער פלעמינג האָט זיך פאַרטראַכט:
— דער לענסמאַן, צי דער זשאַנדאַרם, דאָס איז אַלץ אײנס, דאָס איז נאָר אַ פראַגע פון דער צײַט, הײַנט האָבן מיר מיטוואָך. איך מוז אַוועקפאָרן.

* *

*

הער פלעמינג האָט פאַר הײַנט געקאָנט רויִק זײַן: דער זשאַנדאַרם האָט זיך שוין פון פיש־כאַפּן אומגעקערט, האָט שוין די סאַנאַטאָריע פאַרלאָזן און איז אַוועק אַהײם. פרײַלין ד'עספּאַר האָט אים אַלײן געזען גײענדיק. וואָס ער זאָל האָבן געהאַט בדעה צו טון — אַלץ אײנס, האָט אים אַ צופאַל זײַנע מחשבות צעשטערט. צווישן די געסט האָט מען פיל גערעדט וועגן זשאַנדאַרם. ער איז אַרײַנגעפאַלן אין וואַסער און אַרויס אַ נאַסער פון קאָפּ ביז די פיס, אפילו זײַן היטל מיט די גאָלדענע שנעבלעך מיט דעם גאָלדענעם לײב איז געווען ווי אַ נאַסע שמאַטע. — וואָס איז מיט אײַך געשען? — האָבן אים אײניקע געפרעגט, צווישן זײ אויך פרײַלין ד'עספּאַר. — רעדט נישט, — האָט ער געענטפערט — אַן אומגליק האָט געטראָפן, אויסגעגליטשט זיך אויף אַ נאַסן שטײן, אַראָפּגעגליטשט און אַרײַנגעפאַלן, — ער האָט נישט געקאָנט אויסבאַהאַלטן, אַז די ייִנגלעך האָבן אים געראַטעוועט.

מערקווירדיקע ייִנגלעך! קודם כּל האָבן זײ אים אַרײַנגעוואָרפן אַ שטעקן, ער זאָל זיך אין דעם אָנהאַלטן, אָבער ווען דער זשאַנדאַרם איז פאַרבליבן ליגן אין דעם שלײם אויפן גרונט, און האָט זיך נישט געקאָנט אַרויסקראַפּקען, זענען זײ אַרײַנגעשפּרונגען אין וואַסער און האָבן אים אַרויסגעשלעפּט אויף דער ליכטיקער שײַן. אָט ס'אַראַ טײַוואָלים דעם שולדירעקטאָרס קינדער זענען, חברה־לײַט, מזיקים, אָבער כוואַטעס! איצט זענען זײ געלעגן אין בעט, בשעת זײַערע קלײדער האָבן זיך געטרוקנט.

הער פלעמינג און פרײַלין ד'עספּאַר האָבן געקאָנט פרײַ אָטעמען, און דאָס האָבן זײ טאַקע געטון, געטרונקען ווײַן, גע-

וואָרן מונטער, האָבן אויסגעצויגן די פיס און געוויגט זיך. דאָס איז געווען גאַלגענהומאָר.

זי האָט זיך געוויצלט וועגן זיין מורא פאַר דעם זשאַנדאַרם, פאַר דעם פישער, וואָס איז איבערן קאָפּ אַריינגעפאַלן אין וואַסער. זאָל גאָט שומר און מציל זיין!

הער פלעמינג איז אויף אַ ווײַלע אָנגעשטעקט געוואָרן מיט איר זאָרגלאָזיקייט און האָט מסכים געווען:

— יאָ, דאָס מאָל האָט ער געמוזט פאַרקערעווען די נאָז אַהיים.

— ער האָט זיך געמוזט אַהיים אַוועקלאָזן, ווי אַ נאַסער הונט. איך זע אים, ווי ער וואָלט מיר געשטאַנען פאַר די אויגן.

— אין תוך, — האָט ער געזאָגט — איז אין זיין באַנעמען זיך צו באַמערקן פיינע דערציִונג, איידלקייט. די נאַסע קייטלעך, ווען ער וואָלט זיי דאַן געברויכט, וואָלטן מיר אַוועקגעפּטרט די מאַנזשעטן.

— האַ האַ האַ! — האָט די פריילין געלאַכט, מיט אַלע מעגלעכקייט אונטערגעהאַלטן די מונטערקייט פון דעם טויטקראַנקן מענטשן. און ווען זי האָט זיך אויסגעשעפּט, האָט זי זיך גענומען פאַר איר געוויינלעכן שפּאַס, ווען זי האָט עמעצן געוואָלט פאַרווילן, אָנגעהויבן שלעכט צו רעדן פראַנצויזיש: קאַפע מיט אַ avec, און lit de parade-בעט.

— רעדט מיט מיר נישט קיין פראַנצויזיש, — האָט ער געזאָגט שמייכלענדיק. און איז געוואָרן נאָך אָפּגעהאַרציקער — צוליב געוויסע טעמים! — האָט ער געזאָגט.

שפּעטער פאַרנאַכט האָט ער געבעטן, זי זאָל אים געבן אַביסל פון דעם געלט, ער דאַרף עס האָבן. דערביי האָט ער איר געמוזט די בלויזע פונאַנדערשפּילען אויפן רוקן. אין דער זעלביקער רגע איז דערפון געוואָרן אַ הייסע אומאַרמונג מיט אַ גערויש פון צערטלעכקייט, מיט קושן, טרערן און האַלבער היסטעריע. די אָנשטרענגונג האָט זיי ביידן דערוואַכט. אויב זי האָט אַפילו געשפּירט אַ קליינע אַנטוישונג איבער דעם, וואָס ער איז יעצט קיין ערד-באַזיצער, נישט קיין גרף, איז זי דאָך גענוג קלוג

געווען דאָס צו פאַרבאָרגן, אגב, איז ער איר נעגטער געוואָרן אויך צוליב זיין אנטפלעקן פאַר איר זיינע סודות. און ער איז דאָך פאָרט געווען א מענטש מיט פיינע מאַניערן. דאָס איז ביי אים גע־ווען פון דער נאַטור, און יעדנפאַלס, האָט ער אַ טייערן רינג און אַ קאָנווערט מיט געלט.

בנוגע דעם געלט האָט ער איר נאָך אַמאָל אָנגעזאָגט, אַז זי זאָל זיין פּאָרזיכטיק, און אויב ס'וועט וואָס געשען, זאָל זי עס פאַרברענען.

— קיינמאָל אין דער וועלט! — האָט זי געענטפערט.

זיי האָבן זיך צעזעגנט פייערלעכער ווי אַלע מאָל, אַזוי האָט ער געוואָלט. זיי האָבן זיך ליב געהאַט, האָבן זיך געקושט, און צוגעזאָגט איינער די אַנדערע טרייהייט אויפן גאַנצן לעבן. אַ גוטע נאַכט! אַ־פּראָפּאָ. ער וואָלט איר געשענקט דעם דאָזיקן רינג, אָבער ער וואָלט זי געקאָנט קאָמפּראָמיטירן. ווידער געקושט זיך. ווידער: אַ גוטע נאַכט! און זיי האָבן זיך צעשיידט. ער האָט דעם פּאַקעט מיט דעם געלט נישט געעפנט און קיין גראָשן דערפון נישט גענומען. דאָס איז אפשר מער נישט געווען ווי אַן אויסרייד, כדי אָפּצושפּילן איר די בלוזע.

אינדערפרי איז זי צוגעגאַנגען צו זיין טיר און צוגעהערט זיך. זיינע שטיוול זענען געשטאַנען פאַר דער טיר. זי האָט שטאַרק אָנגעקלאַפּט און ווי געוויינלעך געוואַרט, ביז ער וועט עפענען און ווידער זיך אָוועקלייגן. קיין ענטפער, זי האָט נאָך אַמאָל אָנגע־קלאַפּט, קיין ענטפער, דעמאָלט האָט זי גענומען דאָס הענטל פון טיר; זי איז געווען נישט פאַרשלאָסן, און פרייליין ד'עספּאַר איז אריין. קיינער נישטאָ. חוץ דעם איז אַלץ אין אָרדנונג. דאָס בעט נישט גערירט. אויף דער וואַנט זענען געהאָנגען פאַרשידענע זאַכן טואַלעט. אויף דער פאָדלאָגע זענען געשטאַנען צוויי טשעמאָדאַנעס, די שליסלען האָבן געשטעקט אין די שלעסער. נאָר אַ קליינע ריי־זעטאַש האָט געפעלט.

פרייליין ד'עספּאַר האָט זיך אַרומגעקוקט און פאַרשטאַנען, וואָס דאָס באַטייט. זי האָט עס אפשר אַליין אפילו דער־וואַרט. דאָס ערשטע וואָס זי האָט געטון איז געווען דאָס, וואָס זי האָט

די טיר פאַרשפּאַרט און אַליין זיך פאַרשלאָסן, וואָס זי האָט גע-טון אַזוי אָפט, ווען הער פלעמינג פלעגט זיין קראַנק און ליגן אין בעט. ווען דאָס דינסט-מיידל האָט אין משך פון פאַרמיטאָג-צייט אָנגעקלאַפּט, האָט די פריילין איר דורך אַ שפּאַרע פון דער טיר געמאָלדן, אַז הער פלעמינג האָט זיך ווידער פאַרקילט, און מ'זאָל דאָס עסן זיי ברענגען ווי געוויינלעך אַהער אין צימער אריין. און ווען מען האָט דאָס עסן געבראַכט, האָט זי די טאַץ צוגענומען ביי דער טיר. איצט האָט זי נאָר געדאַרפט צו ביסלעך עסן פון צוויי טעלער.

דריי טעג האָט זי אַזוי געטון, אויף דערנאָכט פלעגט זי פאַרשליסן און גיין שלאָפן צו זיך אין איר אייגענעם צימער, און ביי טאָג ווידער פאַרנומען איר אָרט אין הער פלעמינגס צימער. זיינע שטיול זענען אַלץ געשטאַנען פאַר דער טיר.

זיצט זי דאָ אַזוי אין טויזנטערליי געדאַנקען פאַרזונקען: וואָס וועט זיין דער סוף? זי איז נישט פאַראומערט, און אין תוך גענומען האָט זי הנאה פון דער מוטיקייט, מיט וועלכער זי טראָגט אריבער איר פאַרשפּאַרטקייט און די געפאַר. מאָדנע, וואָס זי האָט אויך געפילט די זיבערקייט פון אַ רייכן, דערמאָנענדיק זיך אָן דעם געוויסן פּאַקעט מיט אסיגנאַציעס, וואָס זי האָט ביי זיך אַלס פּיקדון. זי האָט עס דערהייל, ביז זי וועט אַרויס אויף דער פרייהייט, פאַרשטעקט אין אָגלען פון אַ ווייבן שטול.

הלוואי זאָל נאָר הער פלעמינג אָפּפאָרן מיטן צוג! הלוואי זאָל ער נאָר נישט אַוועקפאַלן, איידער דער צוג וועט אים אַוועק-פירן! ער איז נאָך געווען נישט זייער קרעפטיק, רק ער האָט געשוויצט, דאָס איינציקע, אויף וואָס מען האָט געקאָנט האָפן, דאָס איז געווען זיין ווילן צום לעבן, וואָס האָט אין אים אונטערגעהאַלטן די הייסע ענערגיע פאַר דער געפאַר. גאָט ווייסט.

אין איין שיינעם פרימאָרגן האָט זי ווידער דורכן פענסטער דערזען דעם זשאַנדאַרם אויף דעם באָדן פון דער סאַנאַטאָריע. זיינע זאַכן זענען איצט געווען טרוקן און זיין היטל ווידער אויס-געגלעט. איז ער דאָס מאָל באמת געקומען מיט אַ שליחות פון זיין אַמט? ער האָט געוויס באַקומען נישט קיין ריכטיקע ידיעות,

אַלץ איינס, נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעגעסן מיטאָג האָט ער פאַרלאָזן די סאַנאַטאָריע.—יאָ, האָט פרייליין ד׳עספּאַר זיכער געטראַכט — אַ פאַרקילטן, אַ צום בעט ליגנדיקן מענטשן לאָזט מען צורו!

אויפן דריטן טאָג זענען געשען צוויי זאַכן: ערשטנס האָט דער בריווטרעגער געבראַכט דער פרייליין ד׳עספּאַר אַ גרויסע רונד שאַכטל. דאָס איז געווען אַ הוט. אַ, דער הוט, וואָס הער פלעמינג האָט איר צוגעזאָגט. ער האָט אָן דעם נישט פאַרגעסן! זי האָט טיף אָפּגעאָטעמט און זיך באַרויקט: איצט האָט זי דעם באַווייז, אַז ער איז בשלום געקומען קיין כריסטיאַניע. דאָס, וואָס ער האָט געקאָנט טראַכטן וועגן אַזאַ קלייניקייט ווי אַ דאַמען-הוט, באַווייזט, אַז זיין לאַגע איז דערווייל נישט קיין ערנסטע. און די פרייליין האָט זיך דערפילט אַזוי דערלייכטערט און זאָרגלאָז, אַז זי האָט דאָ אויף דער שטעלע אין דעם צימער, ווו זי האָט די וואַך געהאַלטן, נייגעריק אָפּגעפּנט דאָס שאַכטל און אָנגעמאָסטן דעם נייעם הוט פאַרן שפּיגל. אַ פיינע מתנה, אַ פּראַכט נאָר צופיל טייער.

די אַנדערע וויכטיקע זאַך, וואָס איז געשען, איז געווען דאָס, וואָס אַדוואָקאַט ראָבערטסאָן האָט זיך אומגעקערט קיין טאָראַהוס, און דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, וואָס פרייליין ד׳עספּאַר איז באַפרייט געוואָרן פון איר וואַך. עפּעס האָט די דינערשאַפט, אַפּנים, אים דערציילט וועגן דעם צווייטאָליקן באַווך פונם זשאַנדאַרם, און צו ווענען ער האָט געהאַט אַ שייכות. איז דער אַדוואָקאַט אַרויף אויף די טרעפּ און אָנגעקלאַפּט אין הער פלעמינגס צימער. שוין פון דרויסן פאַר דער פאַרשלאָסענער טיר האָט ער מיט פריינטלעכקייט אָנגערופן, ווער בעט עס די ערלויבעניש אַריינצוגיין באַגריסן דעם פּאַציענט.

פרייליין ד׳עספּאַר האָט אויפגעעפנט די טיר. זי האָט זיך שוין באַשלאָסן וואָס צו טון. זי איז געווען דרייסט, פרעך און זייער געשיקט.

דער אַדוואָקאַט האָט זיך אַרומגעקוקט, אפשר איז זיין פאַרוווּנדערונג געווען אַביסל אַ געמאַכטע. ער האָט אַ פרעג געטון מיט קנייטשן אויפן שטערן.

— אָבער — ווו איז דער פּאַציענט?

— איך ווייס נישט, — האָט די פרײלין געענטפערט, קוקנדיק אים אין פּנים.

— אַזוי, יאָ. אָבער ווער ווייסט עס?

— אפשר ער אַליין, — האָט זי געענטפערט — ביטע, אפשר וועט איר זיך זעצן?

— וואָס זשע זאָל עס באַדייטן. דער גראַף איז פאַרשוווּנדן?

די פרײלין האָט עס נישט געקאָנט זאָגן, אַלץ, וואָס זי האָט געוווּסט, איז געווען נאָר דאָס, וואָס היינט אין דערפרי, ווען זי איז אַריין אין צימער, איז הער פלעמינג דאָ נישט געווען.

דער אַדוואָקאַט פרעגט:

— איר ווייסט, וואָס ער האָט אָפּגעטון?

— ניין, איך ווייס נישט. ער האָט דען עפּעס שלעכטס געטון?

— ס'הייסט נישט, אַז איך ווייס. ער האָט זיין רעכענונג באַצאָלט און איז פאַרשוווּנדן פון דער סאַנאַטאָריע. ווו איז ער? אפשר האָט ער זיך מיט אייך צעקריגט און זיך איבערגעקליבן צו דניאל אין דעם לאָנקע-שטיבל? — האָט דער אַדוואָקאַט גע-פּראַוועט לצנות.

— מיר האָבן זיך קיינמאָל נישט געקריגט, — האָט זי קורץ און שאַרף געענטפערט — און ער איז זיכער נישטאָ ביי דניאלן.

— האָט נישט קיין פאַריבל פאַר מיין שפּאַס, — זאָגט פלוצ-לינג אַדוואָקאַט ראָבערטסאָן — איך מיין נאָר אַזוי אַביסל צע-וווּרטלט זיך.

— מיר האָבן זיך אויך קיינמאָל נישט צעווערטלט. אַזוי נאָענט באַקענט זענען מיר קיינמאָל נישט געווען. מיר פלעגן נאָר שמו-עסן ביי אַ געלעגנהייט.

— מיר איז זייער אומאַנגענעם דאָס, וואָס האָט פּאַסירט, — דערקלערט דער אַדוואָקאַט — סיידן ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ עקסקורסיע און וועט צוריקקומען. אַזאַ אָרט ווי אַ סאַנאַ-טאָריע קאָן שאַטן יעדע אומרעגלמעסיקייט, ווייל וועלכער מען וועט

רעדן אין די צייטונגען און צווישן עולם. אונזער סאנאטאריע קאן לײדן דערפון.

— יאָ.

— אמת, גנעדיקע פרײלין, איר פאַרשטייט עס?

— געווים איך האָב אויך פונקט אַזוי געטראַכט, דעריבער בין איך דאָ געזעסן הינטער דער פאַרשלאָסענער טיר, ביז איר וועט קומען.

דער אדוואָקאַט האָט אויף איר געוואָרפן אַ בליק. נו, קיין פינגער האָלט ער דער דאָזיקער דאַמע אין מויל נישט אַריינגעלעגט. און ער האָט צו איר געזאָגט:

— עס איז נישט אומוואַרשיינלעך, אַז דער לענסמאַן וועט קומען נעמען אייך אויף אַ פאַרהער. איר דאַרפט עס נישט צופיל טראַגיש אָננעמען, איבעריקנס, וועט אפשר הער פלעמינג זיך אומקערן. ס'איז אַ גוטער סימן, וואָס ער האָט דאָ איבערגעלאָזן זיינע זאַכן.

— יאָ.

— מיר וועלן דערווייל פאַרשליסן די טשעמאָדאַנעס און האַרטן. אויב מיט אים איז עפּעס נישט גלאַט — איך זאָג נישט, אַז אַזוי איז עס, איך גלויב אין דעם בשום אופן נישט. ליבער גאָט! ווען איך וואָלט געגלויבט, אַז גראַף פלעמינג איז מיט דער פּאָליציי צעקריגט, וואָלט איך געוועזן דער ערשטער, וואָס וואָלט אים געמסרט. אָבער ער איז אין מיינע אויגן אַן עכטער אדלמאַן. אפשר פאַרפאָלגט מען אים פאַר עפּעס אַ גאָר אומבאַגרינדעטן חשד, און דאָס וואָלט אויך פאַר דער סאַנאַטאָריע געווען אַ שאָדן. איך וואָלט נישט וועלן, אַז מען זאָל אים נאָענט פון דאַנען אַרעסטירן. מיר וועלן אָפּוואַרטן.

דער אדוואָקאַט האָט געהאַט אַ גרונד צו זיין פאָרזיכטיק. די טאָראַהוסער סאַנאַטאָריע, דער דאָזיקער אַנשטאַלט, וואָס איז ערשט פון דער נאָדל אַרויס, איז שוין עטלעכע מאָל דורכגעפאַלן. ערשטנס, מיט אַ פּאָר קאָמפּראָמיטירנדיקע טויטפאַלן, נאָכדעם מיט אַ געווים ענגלישער פרינצעסין און ווייב פון אַ מיניסטער, וועלכע קיינער האָט, אפנים, מער נישט געוואָלט קענען. די סאַ-

נאָטאַריע האָט געדאַרפט אויסמיידן אַ נייע צעטרייסלונג דורך דעם פינישן גראַף. דער אַדוואָקאַט האָט כּלל זיך נישט געוואָלט קריגן מיט פרײלין ד'עספּאַר פאַר דעם אַנטייל, וואָס זי האָט אפשר גענומען אין הער פלעמינגס אַנטלויפן, אַזעלכע כּוונות זענען אים פרעמד געווען. ער איז דאָ געווען דער ווירט, אַ מין אַפּיטראָפּוס פאַר אַלעמען, אים איז נאָר אָנגעגאַנגען צו געפינען אַן אויסוועג פון דער שלעכטער לאַגע.

ער האָט וועגן דעם אַביסל געטראַכט און געזאָגט:

— איר האָט אים היינט אינדערפרי דאָ נישט געפונען. ער האָט, הייסט עס, אַכט שעה פאָר, דאָס איז גאַנץ ווייניק, און איך האַלט נישט וועלן זען, ווי מען וועט צוריק ברענגען — דאָס הייסט, סיידן ער וועט מיטן אייגענעם ווילן קומען צוריק. דער אינדערפריענדיקער צוג איז אָפּגעגאַנגען זעקס מיט פופצן מינוט. איך וואַרט — מיט דעם תּנאַי, אויב הער פלעמינג וועט אין משך פון דעם טאָג נישט צוריק אַרויסשווימען ביז מאָרגן.

— רעכט — האָט די פרײלין מסכּים געווען.

— געוויס. איך וואַרט ביז מאָרגן. נאָר ווייסט איר, גנעדיקע פרײלין, וואָס איך וועל דעמאָלט טון? — האָט ער געפרעגט מיט אַן אַנטשלאָסענער מינע, — דעמאָלט גיי איך אַליין צום לענסמאַן און דערצייל אים אַלץ, וואָס איך ווייס. דאָס וועט אונז פאַרשפּאָרן אים דאָ ווידער צו זען, וואָס ס'וועט ווירקלעך זיין פיל אָנגענעמער פאַר אונז. אַז מען באַטראַכט גוט די זאַך, דאַרף דער לענסמאַן און דאָס דאָרף נישט זיין פאַראינטערעסירט אונז צו שאָדן. מיר צאָלן גרויסע שטייערן, מיר גיבן די פויערים אַרבעט, מיר קויפן זייערע פּראָדוקטן און זייער פי, מיר וואַרפן אַ גלאַנץ אויף דער גאַנצער געגנט.

## VII

דער דירעקטאָר מיט זיינע צוויי יינגלעך איז אַוועקגעפאָרן, דער האָלצהענדלער בערטעלסען איז אַוועקגעפאָרן, פרײלין עליאַסען איז אַוועקגעפאָרן; יאָ, עס ווערט הערבסט. די פעריען פון

די דאַטשניקעס האָבן זיך געענדיקט.

מען קאָן נישט זאָגן, אַז נישט קיין פיל געסט זענען דאָ געבליבן. קליינע ראַנטיערן, גלחישע אלמנות, די ווייבער פון קליי־נע סוחרים, וואָס זענען נאָך אַלץ געווען נערוועז און האָבן זיך גאָרנישט געקאָנט ערהאָלן, עטלעכע יונגע ספּאָרטלייט, וועלכע האָבן זיך ביי דער אויסאיבונג פון זייער באַרוף צעמזיקט און איצט געדאַרפט זיך אויסהיילן — עס זענען נאָך, הייסט עס, גענוג מענטשן געבליבן. חוץ דעם, פלעגן נאָך קומען נייע געסט אויף דעם אָרט פון די אָפּגעפאָרענע. דאָס זענען, אמת, געווען מענטשן גרעסטנטייל אויף דער דורכרייזע, וואָס האָבן געוואַנדערט פון באַרג צו באַרג און פלעגן געוויינלעך בלייבן נאָר אויף איבער־נעכטיקן, און זיי האָבן פאַר דעם אַדוואָקאַט נישט געטויגט אַלס רעקלאַמע אין די צייטונגען, אָבער זיי זענען געווען געווינשענע קונדן, אין וועלכע די סאַנאַטאָריע האָט פאַרדינט בעסער, איידער אין די מאָנאַטלעכע פּאַציענטן.

פון די ערשטע געסט זענען פאַרבליבן נאָר צוויי, דער זעלבסטמערדער מיט זיין פריינט, וואָס האָט געהאַט די קרעץ. זיי זענען, אמת, געווען אַמווייניקסטן באַליבט, דער ערשטער צוליב זיין אינערן, דער צווייטער צוליב זיין אויסערלעכן צושטאַנד. נאָר זיי זענען דאָ געבליבן, צי צוליב טרייהייט, צי אויף צולהכעיס.

זיי האָבן קיין שלעכטס נישט געטון, נישט געטומלט, זיך נישט געוואָרפן אין די אויגן. זיי זענען געווען אומבאַדייטנדיגע מענטשן, עלנטע מענטשן. טאָג נאָך טאָג איז דאָס לעבן אַריבער אַביסל טרויעריק און נאַריש פאַר זיי ביידן. זיי האָבן געלייענט די ווייסע פּלאַקאַטן אויף די סלופּעס, האָבן שטודירט דעם וועג־ווייזער. אין אָוונט געשפּילט אין קאָרטן מיט דעם אינ־ספּעקטאָר און מיט דעם שווייצער. ביים עסן זענען זיי געזעסן צווישן די נערוונקראַנקע, וועלכע האָבן נאָכן גלאָקן־קלאַנג איינגע־נומען פּילן און זאַלצן. אַזוי פלעגט פאַרגיין זייער טאָג.

אָבער לסוף האָט דער זעלבסטמערדער גענומען פיל צייט פאַרברענגען אין שפּאַצירן און אין קלעטערן אויף די בערג, כדי אונטערצוהאַלטן דאָס געזונט. אַ מאָדנער מענטש! פון קינדווייז אָן

האָט ער, דאַכט זיך, געלעבט נאָר פֿאַר זעלבסטמאָרד, און איצט האָט ער אָנגעהויבן צו ענדערן זיין מיינונג. האָט ער דען נישט אויסדריקלעך געזאָגט, אַז ער וועט זיך נעמען דאָס לעבן, ווען ער וועט געפֿינען אַן אָנשטענדיקע פֿאָרם, וואָס וועט דעם מאָרד נישט מיאוס מאַכן. ער האָט געגעסן, זיך אָנגעטון, געוויס, און אפילו געהאַנדלט און געוואַנדלט, אָבער דעמאָלט האָט ער אַליין געזען די גאַנצע נאַרישקייט פֿון אַזאַ באַנעמען זיך, און אויף זיך אַליין געקוקט מיט פֿאַראַכטונג. איצט איז עס אַנדערש געוואָרן. צי האָט אויף אים געווירקט די לופֿט פֿון דער טאָראַהוסער סאַנאַטאָריע, אָדער אַ גייסט פֿון נייער חכמה איז אויף אים אַראָפּ. נאָר ער איז געוואָרן ווייכער סיי בנוגע צו זיך, סיי בנוגע צו אַנדערע; ער האָט אָפּגעטראָטן אַן אַ זייט, ווען עמעצער איז אים אין מיר אָנגעקומען אַנטקעגן, און ווענן זיין זעלבסטמאָרד האָט ער אָנגעהויבן רעדן מיט אַ געוויסער נישט זיכערקייט. ווען אַנטאָן מאָס, זיין חבר, האָט פֿון אים צוליב דעם אָפּגעלאַכט, האָט דער זעלבסטמערדער געזאָגט, אַז יעדער שטאַנדפּונקט, וואָס אַ מענטש נעמט אָן, איז נאָר אַ צייטווייליקער, און יעדע איבערצייגונג ענדערט זיך.

אויסגעצייכנט! אַ מענטש האָט זיך און אַלעמען אויפֿגעריכט. ווי לעבעדיק, אַפילו ווי אומשטערבלעך מען קאָן זיין! ווען מען איז אַפילו נישט גראָד קיין זינגער, קאָן מען אויך ניין אין די בערג און הויך און פֿריילעך זינגען. עס איז נאָר אַ פֿראַגע, ווי לאַנג קאָן דער דאָזיקער ליכטיקער צושטאַנד דויערן.

— איר זענט אַ פֿאַרהייראַטער? — האָט דער חבר אים געפֿרעגט מיט חשד.

— פֿאַרהייראַט? ניין.

— וואָס זשע, איר זענט געווען אַ פֿאַרהייראַטער?

— וואָס גייט עס אייך אָן! — האָט דער זעלבסטמערדער שאַרף געענטפֿערט. — איך פֿרעג דאָך אייך נישט, צי האָט איר אַזאַ קראַנקהייט, וואָס איך וויל איר נאָמען נישט אָנרופֿן.

מאָס לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ. נאָכדעם זאָגט ער ווייטער:

— יעדנפֿאַלס האָט איר זיך איצט גובר געווען, און איך

פאַרשטײ אײך זײער גוט. װעלכער שװאַרציאָר װעט זיך עס דערשיסן פון אַ פרױס װעגן.

דער זעלבסטמערדער האָט נישט געװוּסט, װאָס צו ענטפערן, און ער האָט געזאָגט:

— איך פרעג בײ אײך נישט, װאָס איך זאָל טון.

זײ שװײגן. פון דעם זעלבסטמערדערס ציטעריקע ליפּן איז גרײט געװען אַראָפּצושפּרינגען אַ װאָרט פון װידוי, ער איז געװען װי געפאַנגען.

— פון װאַנען װײסט איר עס? — האָט ער אױסגעשריען. — איר האָט אונטערגעהערט אָדער איר האָט פון דער דינסט געהערט װעגן דעם, װאָס איך רעד אין שלאָף? יאָ, פײנע זאַכן קאָנען דאָ געשען.

פונדעסטװעגן איז דער זעלבסטמערדער געװען אַ טיכטיקער יונג, אױב ער האָט אַ סוד, װיל ער, קײנער זאָל נישט װיסן. ער װיל באמת נישט, מען זאָל װעגן אים רעדן, װי װעגן אַ מענטשן, מיט אַ טראַגישן מזל, װי װעגן אַ מענטשן, װאָס די שפּיל אױף דער בערזע האָט אים רױנירט, אָדער די פרױ האָט אים אָפּגענאַרט. אָבער פאַרװאָס האָט ער נישט אױסגעהאַלטן? צי האָט מען װירקלעך אין אים אָנגערירט אַ סטרונע? ער האָט װידער אָנגעהױבן צו רעדן, זײער קלוג און פילאָזאָפיש, מיט אַביסל געמאַכטן קוראַזש.

— אָבער בכלל זײט איר גערעכט. װעלכער שװאַרציאָר װעט זיך עס דערשיסן צוליב אַ פרױ? װער עס דערשיסט זיך, כדי נקמה צו נעמען פון אַ פרױ, יענער באַשטראָפט דאָך נאָר זיך אַלײן. אפשר װעט ער אױף אײן אױגנבליק דער דאַמע אַ ריר טון בײם האַרצן, אָבער תיכּף ומיד װעט איר װידער זײן אַלץ אײנס. זי װעט עסן און טרינקען און טראַכטן װעגן דעם, צי זענען אירע האָר שײן געלאָקט. װעט טראַכטן װעגן איר פוץ. און אין אַ קורצער צײט אַרום װעט זי אפילו שטאָלצירן דערמיט, װאָס מען האָט געפונען, אַז זי איז װערט, מען זאָל צוליב איר אױסשיסן פון רעװאָלװער, זי װעט זיך אַלײן אױסװײזן אינטערעסאַנטער, װאָס עמעצער האָט זיך צוליב איר דערשאָסן, זי װעט

זיך דערמיט אויסבאַרימען. יאָ. פאַרשטייט מיך נישט פאַלש. איך רעד נישט וועגן קיין באַשטימטער פרוי, נאָר וועגן פרויען בכלל.

— פאַרשטייט זיך, — האָט מאָס געענטפערט, אָבער דאָסמאָל האָט ער, אפנים, עפּעס פרעמדס דערהערט אין דעם פריינטס שטימע. מאָס האָט געהאַט שלעכטע אויגן, אָבער גוטע אויערן. ער האָט זיך, אפנים, דערשראָקן, טאָמער פאַלט דער חבר אריין אין סענטימענטאַלישקייט און איז זיך מודה. און דעריבער האָט ער ווי געווייגלעך גענומען שפּאַסן, אָפּלאַכן: — נו, פונדעסטוועגן דאַרף מען דאָך דעם זעלבסטמאָרד נישט אָפּוואַרפן אינגאַנצן, ער האָט זיך זיין ווערט, אי אַלס טאַט פון גבורה, אי אַלס ספּאָרט —

— איר זייט אַ מאַלפּע! — האָט דער זעלבסטמערדער געענטפערט און האָט אויף אים קרום אַ בליק געטון.

ביסלעכווייז האָט ווידער פרישע לופט גענומען ווייען צווישן זיי. זיי האָבן איינער דעם צווייטן געגעבן, ווי יעדער האָט פאַרדינט, און האָבן זיך צו גענוג אָנגעצאָרנט איינער אויפן אַנדערן. אָבער ביי אַזעלכע קריגערייען האָט אַנטאָן מאָס נישט לאַנג געקאָנט אויסהאַלטן, ער איז געווען שוואַכער.

— איר האָט היינט אין אָוונט ווידער אַ היבשע מטבע פאַרלוירן — האָט ער געזאָגט.

— יאָ, איר האָט, אפנים. פאַר מיר באַצאָלט?

— ניין, אָבער מיר האָט פאַרדראָסן, וואָס איר שפּילט אַזוי שלעכט. פאַרלירן ביי דעם בריוו־טרעגער — דאָס מוז שוין זיין דערפאַר, וואָס ער טראָגט אַ העלן שנור אַרום היטל איר האָט פאַרלוירן ביי דעם בריוו־טרעגער.

— זאָלט איר נישט האָבן קיין עגמת־נפש. דער בריוו־טרעגער טאָר נישט פאַרלירן. ער איז צו אָרים.

— אַ, דערפאַר?

— ניין, איר זייט אָן אַ שיעור באַגרענעצט. גאָרנישט דערפאַר.

— באַגרענעצט? איר מיינט אפשר, אַז איך דאַרף מיך שעמען, וואָס איך האָב נישט געהאַט קיין אידעע פיקס, ווי איר?

— אייער גאַנץ געזיכט איז צעפרעסן! — האָט דער זעלבסטמערדער אויסגעשריען מיט עקל. — און איר קאָנט שוין אפילו

נישט רעדן דייטליך, אייערע ליפּן זענען אינגאַנצן צעשפּאָלטן.

— האַ האַ האַ! — האָט מאָס געזאָגט. ער האָט עס נישט גע־לאַכט, נאָר געזאָגט: האַ האַ האַ, און צוגעגעבן: — סאַר אַ נאַרישקייט. — נאָר ער איז געווען זייער דערשלאָגן און האָט קוים גע־בעך געקאָנט ענטפערן: — איך פיל מיך גוט, און איך פאַרריכט מיך, און איר ווערט וואָס ווייטער אַלץ מאָגערער, און די אויגן פאַלן בײַ אײַך אײַן. אַ װוּנדער וואָס איר טראָגט נישט קיין שטרויענעם הוט.

— און דערצו גייט איר שטענדיק אַרום נישט קיין געגאָלטער. — האָט דער זעלבסטמערדער ווייטער געזאָגט.

איצט האָט מאָס גאָרנישט געקאָנט ענטפערן, ווייל ער האָט באמת אויסגעזען אומריין. אויסער די ווונדן, האָט ער אויפן פּנים געהאַט שטיקער מיט האָר און ער האָט זיך דעריבער געפילט געדריקט און אויסגעמיידט צו קוקן מענטשן אין די אויגן. ער האָט געענטפערט:

— איר האָט אַ הומאָר און אַ כאַראַקטער, פון וועלכע איך ווער אַ פּאַרציטערטער. איר וואָלט מיט זיי קאָנען ווערן אַ פּי־הענדלער. איך קאָן מיך נישט מער ראַזירן, עס ווערן בײַ מיר לעכער אין דער הויט. אָבער איך שער מיך אָפּט און קורץ מיט אַ האַפּט־שערעלע, און דאָס איז גלייך ווי ראַזירט. יעדערער אַנ־דערער וואָלט עס פאַרשטאַנען.

איצט איז געקומען די צייט, ווען דער זעלבסטמערדער האָט זיך געדאַרפט פאַרהיטן פון געוויין. ער האָט געזאָגט:

— נאָר נישט ווײַנט זיך פונאַנדער, שווייגט בעסער.

— האַ האַ האַ, — האָט מאָס ווידער געזאָגט.

זיי האָבן זיך ביידע פאַרטיפט אין שווייגן, ביידע זענען גע־זעסן, געקוקט און געטראַכט יעדער זיינע מחשבות, די קעפּ גע־הויבן און קראַמפּהאַפט באַמיט זיך נישט צו פאַרלירן דעם מוט.

— עס איז היינט קאַלט, — האָט געזאָגט דער זעלבסטמער־דער — באַלד וועט אויספאַלן אַ שניי. ניין, וואָס האָב איך גע־וואָלט זאָגן? — ס'איז איבעריקנס אַלץ איינס. נאָר איר מאַכט אַזאַ אָנשטעל, פּלומרשט איר האָט געטראָפן די רעטעניש פון לעבן. נו,

און זיך אליין פארשטייט איר דען?

— מיך אליין? — האט מאס געענטפערט — ניין. אז איך ווער אינגיבן בלינד, דאס פארשטיי איך.

— איר זאגט, וועלכער שווארציאר וועט זיך עס דערשיסן צוליב א פרוי. זייער גוט. אבער ווען איר וואלט געווען אן אביעקטיווער מענטש, וואלט איר פארשטאנען, ווי אויבערפלעכלעך עס איז אזוי צו רעדן. ס'רעדט זיך, אפנים, נאר וועגן מאן און ווייב. און נישט וועגן קינד? פארשטייט מיך נאר גוט: דאס קינד אין אלגעמיין גענומען.

מאס האט אפגעווארפן דעם קאפ אויף הינטן און געענטפערט:

— איך ווייס נישט, וועגן וואס רעדט איר. אלץ, וואס איר זאגט, גייט מיך גארנישט אן. איך וויל נישט, איר זאלט מיך צווינגען מיט אייך צו דיסקוטירן.

— ווי איר ווילט אייך! — אבער דער זעלבסטמערדער האט דאך ווייטער גערעדט, גלייך ווי עפעס האט אים גענייט דערצו — א קינד, הייסט עס, א יינגל, צי א מיידל. לאמיר זאגן א מיידל. ווען דאס איז אלט דריי חדשים, — איר קאנט מיר נישט איינרעדן, אז מען קאן עס זען און נישט ווערן אנטציקט דערפון. וואס זשע טוט די מוטער? וואס טוט די מוטער דריי חדשים נאך דעם קינדס געבורט? אט. און דאס קינד ליגט, און האלט אייך פעסט פארן פינגער, האלט פעסט און לאזט נישט אפ. מיינט איר, אז איר אליין קאנט דעם פינגער אפנעמען, איך רעד אין אלגעמיין.

מען האט זיי איבערגעשלאגן. עמעצער איז געקומען און דערציילט עפעס א געשעעניש, וואס האט היינטיקע נאכט געטראפן מיט א מענטשן און מיט א שליטן: דער טויט. דאס איז נישט געווען קיין גרויסער אומגליק. קיין פארלוסט פאר דער וועלט, ניין, און דאס האט נישט געקאנט נוצן דעם זעלבסטמערדער, ער זאל אוועקווארפן דאס געזונטע קריכן איבער די בערג. דאס האט אבער געקלעקט, ער זאל שאקלען מיט דעם קאפ — דאס איז דאך ווידער א נייער טויטפאל! חוץ דעם האט עס ווידער גע-

וואָרפן אַ בייזן אָפּגלאַנץ אויף דער סאַנאַטאָריע.

משונה, וואָס אַזעלכע שווערע רעזולטאַטן האָבן געקאָנט אַרויסקומען דערפון, וואָס איינע פון די דינסטמיידלעך פון דער סאַנאַטאָריע האָט זיך אַוועקגעזעצט איינע אַליין אין אַ פוסטן צימער אויפן צווייטן שטאָק און איז געזעסן.

די ווירטשאַפטערין האָט זי דאָרט געפונען פאַרשלונגען פון נאַכט און פינסטערניש. די ווירטשאַפטערין איז פול מיט פלייס אַרומגעגאַנגען איבערן גאַנצן הויז אַכטונג צו געבן, צי האָבן זיך אַלע שוין געלייגט שלאָפן, זי האָט געריבן אַ שוועבעלע נאָך אַ שוועבעלע און איז אַלץ ווייטער געגאַנגען. נו, האָט זי דאָ געפונען דאָס דינסטמיידל, זיצנדיק אין אָפענעם צימער, גלייך ווי זי וואָלט דאָ האָבן עפּעס צו טון. זי האָט נישט געוויינט, נישט געשאָקלט זיך, נישט געמורמלט פאַר זיך, פאַרקערט, זי האָט זיך נישט גערירט, נאָר געזעסן און צוגעהערט, קוים וואָס געאָטעמט.

די ווירטשאַפטערין איז אַזוי איבערראַשט, אַז זי האָט פון דער טיר נאָר אַן אָטעם געטון: דו זיצסט גאָר דאָ?

דאָס מיידל ווינקט צו דער ווירטשאַפטערין, זי זאָל אַריינגיין. זיי הערן זיך ביידע איין, הערן זיך צו צו עפּעס אַן אומרויקייט ביי דעם גאַסט אין דעם דערבייאיקן צימער: אַ געוויין, אַ שטילן שעפּטשען מיט קלאָג, אַ צער, וואָס לאָזט זיך הערן. דאָס איז פריילין ד'עספּאַר,—טראַכט די ווירטשאַפטערין — איר פעלט דען עפּעס? שוין לאַנג אַזוי? — פרעגט זי שעפּטשענדיק ביי דעם מיידל.

— יאָ, שוין אַ היפּשע צייט היינטיקן אָוונט. און אַזוי דויערט עס שוין אַ גאַנצע וואָך אַלע אָוונט. זי עסט שוין אויך שלעכט. און ברעכט אויס אַלע געוויינלעכע עסנס.

די ווירטשאַפטערין גייט אַרויס. קלאַפּט אָן צו פריילין ד'עספּאַר און פרעגט: פעלט אייך עפּעס, פריילין ד'עספּאַר?

—מיר? — ענטפערט די פריילין מיט אַ לעבעדיקער שטימען, איך לייען נאָר הויך אַ פראַנצויזיש בוך.

די ווירטשאַפטערין זאָגט — זיכער מיט אַ לאַנגער נאָז אין דער פינסטער: — אויב אַזוי, אַנטשולדיקט. — און דעם מיידל

האָט זי באַפֿוילן גלייך גיין לייגן זיך שלאָפֿן, תּיכּף!

אויף דער צווייטער נאַכט איז דאָס מיידל ווידער געקומען. אָ, זי האָט שוין צו דריטלעך געהערט, ווי פֿון דעם פּראָנצווייזישן בוך ווערן אַרויסגעלייענט ווייטיקלעכע נאָרוועגישע קלאַנגען. איר נייגיריקע נאָז האָט דערשמעקט, אַז דאָ שטעקט עפּעס אַ סוד, האָט זי זיך ווידער אָוועקגעזעצט אינם פּוסטן צימער און זיך געלאָזן פֿאַרזונקען אין דער פֿינסטערניש. און דאַן האָט זיך דאָס אומגליק געטראָפֿן. פֿריילין ד'עספּאַר באַווייזט זיך פּלוצלינג אין דער טיר, אין ווייסע קליידער, לייכט צו מיט אַ שוועבעלע...

דאָס מיידל לאָזט אַרויס אַ שטילן יאָמער-געשריי, פֿאַרברעכט די הענט איבערן פּנים און פֿליט אַדורך פֿאַרביי דער פֿריילין אין דער טיר, און פֿליט ווייטער איבערן קאָרידאָר, און אַלץ ווייטער... אויף די הינטערשטע טרעפּ דערהערט זיך אַ פֿאַל, אַ געשריי, און מער האָט מען אין דער פֿינסטערניש גאָרנישט געהערט...

אָבער דער דאָזיקער טוימפּאַל — ווי צופֿעליק און ווייניק וויכטיק ער זאָל נישט זיין — האָט, אפֿנים, אַרויסגערופֿן אַ גרויסע אימה ביי פֿריילין ד'עספּאַר. דאָס יונגע מיידל פֿון קאַנטאָר און פֿון דער שרייב-מאַשין האָט גראָד איצט נישט געקאָנט מער איבערטראָגן קיינע צעטרייסלונגען. זי האָט שוין געהאַט געגנוג, מער ווי געגנוג. די צייט, וואָס זי האָט איצט פֿאַרבראַכט אין דער טאָראַהוסער סאַנאַטאָריע איז שוין פֿאַר איר נישט געווען קיין אָפּרו און קיין פֿאַרגעניגן. זי האָט חושד געווען די דינסטמיידלעך, אַז זיי לאַכן פֿון איר, וואָס זי פֿאַרטראָגט נישט קיין געוויינלעך עסן און פֿאָדערט אָנשטאָט זיי גאָר משונהדיקע מאכלים — געוועגדזלטע הערינג מיט ביסקוויט, אָדער אַ טעלער רויע אַרבעס. איצט ווייזט זיך אַרויס, אַז די מיידלעך הערן אונטער אפֿילו פֿון די קאָרידאָרן און פֿון די שבגותדיקע צימערן און שפּיאָנירן איר נאָך. האָט מען עס דען געקאָנט עס אויסהאַלטן?

זי איז געווען אַזוי איינזאַם, פֿאַרוואָרפֿן. איר פֿריינט איז אָוועקגעפֿאָרן, און זי האָט געמוזט אַליין טראָגן איר משא. איר משא — וואָס פֿאַר אַ משא? וואָס אַ דינסטמיידל האָט זיך האַלט

און נאָך געבראַכן? ס׳הויבט זיך נישט אָן. אַזוי ווי קיינער האָט איר קיין פראַגע נישט געשטעלט וועגן דעם דאָזיקן גאָרנישט־זאָגנדיקן צופאַל, האָט זי אויך געשוויגן וועגן איר אַנטייל אין דער זאַך. יאָ, זי האָט טאַקע געהערט אַ געשריי, ליגנדיק אין צימער און לייענענדיק אַ פראַנצויזישן בוך, אָבער מער גאָרנישט.

זי איז געגאַנגען אויף די לאָנקעס, כדי פאַרגראָבן עפּעס אַ געלט־פּאַקעט אין אַ זיכערן אָרט. ביז איצט האָט זי זייער געטריי באַהאַלטן עפּעס אַן אָנלען פון אַ שטול, וואָס איז געווען פול מיט געלט, און זי האָט פון דעם קיין גראָשן נישט גענומען. דאָס איז געווען ערלעכקייט קעגן העַר פלעמינגן, איידלקייט קעגן איר קראַנקן פריינט; אפשר אויך עפּעס אַנדערש, אפשר ליבע, האָפענונג אויף ווידער צו זען זיך. ס׳האָבן דאָ געקאָנט זיין אַ פולע סיבות צוזאַמען.

עס איז פאַר איר אויפמערקזאַמקייט נישט אומבאַמערקט געבליבן, אַז די לעצטע צייט האָט דער זעלבסטמערדער אָנגעהויבן אַרומצוּוואַנדערן איבער די בערג און אין די טאָלן, און זי האָט אים געוואָלט אויסמיידן, ווען זי האָט געמאַכט אירע געהיימע עקסקורסיעס. זי האָט געפונען אַ גוטן אָרט, אָ, עס זענען פאַראַן אפילו זיכערע ערטער אויף די לאָנקעס, דערהויפּט אויף דניאלס זייט, לעבן דעם קליינעם שפּייכלער, וועלכן זי קען אַזוי גוט...

רעכט.

אָבער ווען זי האָט דעם פולן קאָנווערט אויסגעוויזן אויפן האַנט, איז איר איינגעפאַלן דער געדאַנק צו עפענען אים און אַריינקוקן, איידער זי וועט אים „אַוועקלייגן אונטערן שטיין. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איר איז אַזוינס געקומען אויפן זינען. די צערודערטקייט נאָך דעם אַנטלויפן פון איר פריינט און נאָכדעם געוויסע אייגענע געהיימע פּיינען האָבן איר פריער נישט געלאָזן קיין צייט פאַר אַזאַ נייגיריקייט. אין קאָנווערט האָט זי געפונען אַ בריוו, וואָס איז געווען אַדרעסירט צו איר, אַ מעלדונג וועגן אַ מתּנה: די אַסיגנאַציעס, וואָס ליגן אין קאָנווערט געהערן איר, ער האָט איר דאָך צוגעזאָגט צו שטיצן דערפאַר, וואָס זי האָט צוליב אים פאַרלוירן איר שטעלע. ער אַליין האָט גענוג

געלט. זי דאַרף נאָר זיין זייער פּאַרזיכטיק און אין פאַל פון נויט־וועגדיקייט, דאָס געלט פאַרבאַרגן...

פרייליין ד'עספּאַר כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ, רייבט די אויגן, אַ שטורעם איז דורכגעלאָפן איבער איר קערפּערל, און תיכּף זענען אַלע אירע פיינען פאַרשוואונדן געוואָרן. ווי פיין, ווי איידל דאָס איז — ווי עס פּאַסט מאַקע פאַר אַ גראַף, צי וואָס ער איז דאָרט! פאַר פרייליין ד'עספּאַר איז דאָס שוין מער נישט קיין גנבה, וואָס זי האָט געטראָגן אויף דער ברוסט — דאָס איז אַ מתנה, לעצטגעלט, אַן אָנדענקען פון אַן אדלמאַן. זי ציילט די אַסיגנאַציעס, ניין, זי ציילט נישט, זי שאַצט נאָר אָפּ, אויפן אויג. דאָס זענען גוטע אַסיגנאַציעס, גרויסע אַסיגנאַציעס, עטלעכע טויזנט; כּמעט נישט אַזעלכע סומען, ווי זי פלעגט אָפט פאַרשרייבן אין קאָנטאָר אויף דער שרייב־מאַשין, אָבער פאָרט עטלעכע טויזנט, אפילו טויזנטער, אַ רייכטום. און זענען פאַראַן אויך עטלעכע קלענערע אַסיגנאַציעס, און גאָר קליינע, גלייך ווי ער וואָלט זי וועלן פאַרהיטן אויף אַ צייט לאַנג פון טוישן דאָס געלט. וועגן אַלץ האָט ער געטראַכט.

דאַן זעצט זי זיך אַוועק און לייגט זיך איבער. האָט זי דען איצט אַ גרונד צו ברעכן די הענט און צו וויינען דורך די נעכט? געוויס, אַלץ דעמזעלביקן גרונד, דאָס אומגליק. אָבער געלט איז געלט. און פּלוצלינג דערפילט זי, ווי זי וואָלט באַקומען נייע כּוחות. זי הויבט זיך אויף, במעט ווי עס רייסט זי אויף פונם אָרט, שטעקט צוריק אריין דאָס געלט אין בוזים, און נאָך אַביסל מי מיט די עטלעכע קנאָפּקעס אויפן רוקן, פאַרלאָזט זי דאָס אָרט.

זי וואָלט בעסער פאַר אַלץ גלייך אַוועק אין דער סאַנאַטאָריע, אָבער פּלוצלינג שווימט אַרויס דניאל און ער דערזעט זי. ער טראָגט אין האַנט אַ שטריק און אַ קליידל, איינע פון מאַרטעס קליידלעך, אין וועלכן ער וויל טראָגן היי פון דעם קליינעם שפּייכלער אַ היים, יאָ, און ער גריסט זי פון וויטן, און די פרייליין מוז זיך מיט אים אָפּשטעלן רעדן. ס'קומט פאָר ווי עפּעס אַן אמתער ווידערזעען זיך. דניאל ווייזט אַרויס זיין פרייד, וואָס ער זעט זי.

— שוין אַזאַ לאַנגע צייט, זינט ער האָט זי לעצטנס געזען, —

זאָגט ער, — ער האָט געמיינט, אַז זי איז אַוועקגעפאָרן.

— ניין.

— נו, און דער גראַף, ווו איז דער גראַף?

— דער גראַף איז אַוועקגעפאָרן. אפשר וועט ער ווידער־קומען. אָבער גראָד איצט איז אין די בערג צו קאַלט געוואָרן פאַר זיין קראַנקער ברוסט.

— איך פארשטיי, -- שאָקעלט ער מיטן קאָפ פארשטענדיק— שפּאַצירט זי דאָ איצט אַרום אַליין, איינינקע אַליין? יאָ. יאָ, מסתמא נאָר אויף אַ קורצער צייט.

זי האָט, נישט ענטפערנדיק קיין וואָרט, פארבויגן די הענט אויף הינטער און צוריק אויפגעריסן די פּאָר קנעפּלעך. ווען זי האָט אַרויסגענומען דעם פּאַקעט מיטן געלט, זענען ביי דניאלן די אויגן געוואָרן גרויס און אומגלויביק. זי נעמט אַרויס פאַר אים אין די אויגן אַ גאַנצע צענקראָניקע אַסיגנאַציע און גיט אים איבער מיט די ווערטער: -- דאָס איז פאַר אייך, ער האָט מיך וועגן דעם געבעטן. ס'איז באמת גוט, וואָס איך האָב אייך געטראָפן.

— ניין, ניין, ניין! — זאָגט דניאל און מאַכט עטלעכע טריט אויף צוריק. — דאָס איז דאָך נישט מעגלעך? פון דעם גראַף?

— פון דעם גראַף. א, ער האָט אַלעמען געדענקט.

עס הויבט זיך אָן אַ לענגערער געשפרעך וועגן דעם גראַף. אַן אויסגעצייכנטער מענטש. מאַרטאַ דערמאָנט אים יעדן טאָג, אַן אומגליק, וואָס אַזאַ מענטש איז קראַנק

די פריילין זאָגט: — אפשר קאָנט איר מיר דאָס קלייד צו־שפּילען אויפן רוקן? איך קאָן נישט דערלאַנגען.

ער וואַרפט אַוועק די שטריק און דאָס אונטערקליידל און ענטפערט: — איך וויים נישט צי וועל איך אַזוינס קאָנען, אַזאַ איי־דעלע זאַך...

עס גייט, זי פילט זיינע הענט אויפן רוקן, און הערט, ווי די קנאָפּקעס קנאַקן זיך אַריין, יאָ, עס גייט. זי שפּירט ווי ער האָט אין זיין טרייהאַרציקייט מורא צו שטאַרק אָנצורירן.

זיי גייען צוזאַמען איבערן וועג צו דעם שפּייכלער. פריילין ד'עספּאַר קוקט אַריין אינעווייניק און טראַכט, אפנים, דערביי אירע

אייגענע מחשבות. דאָ אינעווייניק האָט זי עטלעכע מאָל פאַר־בראַכט מיט איר פרײַנט. ער האָט זי געקושט און אַרומגענומען. אָ, זיי האָבן ביידע מורא געהאַט פאַר רעזולטאַטן, יאָ, און די דאָזיקע מורא האָבן זיי יעדעס מאָל פון ס'ניי איבערגעלעבט. ניין, דאָס איז נישט געווען קיין ספּאָרט און קיין געוועט אײנער קעגן דעם צווייטן. דאָס איז געווען אַ געזאַנג אין די בלוטן, אַ נויט־ווענדיק נאַרישקייט און אומזין לויט די עלטסטע מוסטערן פון דער וועלט, און אפשר אויך עפּעס גאָלדנס, אפשר ליבע. מעג־לעך, אַז דאָ איז געווען אַ פולע זאַכן צוזאַמען.

— אויף ווידערזען! — האָט די פרײַלין געזאָגט און האָט דניאלן איבערגעלאָזן ביי זיין הויז.

ווען זי איז צוריקגעקומען אין דער סאַנאַטאָריע, האָט זי איינגעפּאַקט אירע זאַכן, צונויפגענומען אירע פראַנצויזישע ראָמאַ־נען און פאַרשלאָסן אין אַ משעמאָדאַן. נאָכדעם האָט זי געבעטן איר רעכענונג און באַצאָלט מיט עטלעכע אַסיגנאַציעס, וועלכע זי האָט צוליב דעם ציל אַרויסגענומען פון פּאַקעט. זי האָט זיך גע־פילט גוט, און ווען זי האָט געפונען, אַז אין איר רעכענונג איז דורכגעלאָזן אַ טאָג, האָט זי אים אָפּגעשיקט צוריק, מען זאָל דעם טעות פאַרריכטן, האָט געלאָזן פאַר די באַדינטע אָנשטענ־דיק טרינק־געלט. דאָס געפיל, אַז זי טראָגט אַ פּאַקעט מיט געלט אויף דער ברוסט, האָט איר געגעבן אַ מיסטישע אַלמעכ־טיקע שטיצע.

דער דאָקטאָר איז געקומען. אויב ער האָט וועגן איר פּלוצלינגן אָפּפאָרן פאַרשטאַנען עפּעס מער, ווי ער וואָלט גע־דאַרפט, איז ער דאָך דאָס מאָל געווען קלוג גענוג, כדי צו מאַכן זיך, אַז ער ווייסט גאָרנישט. איבעריקנס האָט דאָקטאָר עיען געוויס גאָרנישט פאַרשטאַנען.

— אויך איר, ברוטוס! — האָט ער געזאָגט שפּאַסנדיק און צוליב עפּעס אַ סיבה איז ער מיט די דאָזיקע ווערטער צופרידן געבליבן און ער האָט פון זיי געלאַכט. עס האָט אים אויך נישט געוווּנדערט, וואָס זי פאָרט אַוועק, מחמת אין די בערג האָט אָנ־געהויבן צו ווערן קאַלט, און ער וואָלט אַליין מיט חשק נאָכטון

איר בײשפּיל. האָט זי גאָרנישט פאַרגעסן, עפּעס אַ בוך אפשר?

דאָס איז גאָרנישט, זי װעט אינגיכן צוריקקומען, זי װיל נאָר מאַכן אַן עקסקורסיע קײן כריסטיאַניע, און זי לאָזט דאָ שטײן אירע זאַכן.

דער דאָקטאָר איז פרײלעך איבערראַשט: דאָס איז גוט, גנעדיקע פרײלין, איר װעט זײן זײער אַ גוטער גאַסט, װען איר װעט צוריקקומען. איר זענט אונז טאָפּלט ליב, אַלס אײנע פון אונזערע געטרײסטע, אַלס אײנע פון אונזערע ערשטע געסט.

די װירטשאַפטערין איז געקומען. די זעלביקע פאַרזיכערונגען, די זעלביקע העפלעכקײט.

װען פרײלין ד'עספּאַר איז אַרױס מיט איר קלײנעם האַנטטשעמאָדאַן אין דער האַנט, איז זי געגאַנגען אַרום, דורך דעם סאַלאָן. זי האָט עס געטון מיט אַן אױסרעכענונג. זי האָט גוט געװוסט, אַז זי איז בײ אַנדערע געסט פון װײבלעכן מין קײנמאָל נישט באַליבט געװען, און האָט זײ געװאָלט איצט נאָכאַמאָל אַרױסװײזן איר גלײכגילטיקײט צו זײ. זאָלן זײ װעגן איר קײנע שלעכטע מחשבות נישט האָבן, זאָלן זײ קוקן אױף איר — ביטע זײער. זי איז דורכגעגאַנגען דורך דעם סאַלאָן, גלײך װי דאָס װאָלט געװען אַ גאַנצע פּראָצעסיע מיט צושױער בײ די זײטן, יאָ, און דערבײ האָט זי זיך מיט דעם קלײנעם פינגער אַביסל קאַלופּעט אין אױער. מער אומאָפּהענגיקײט קאָן מען זיך אפילו נישט פאָרשטעלן.

אין צוג איז זי אַלעמען געװען אומבאַקאַנט.

* *
*

דעם ערשטן טאָג אין כריסטיאַניע האָט זי שױן באַגעגנט די קאַװאַלערן פון איר אַלטער קאַנטאָר. עס האָבן זיך אָנגעהױבן באַגריסונגען, קאָמפּלימענטן און אײנלאַדונגען אין די װױנונגען פון דעם יונגן עולם, און װעלכע זי איז שױן פריער אַמאָל געװעזן. יאָ, אַ שײנעם דאַנק, זי װעט קומען, אָבער פריער מוז זי גײן אין שטאָט אַרײן.

זי האָט אַזױ געמאַכט, אַז זי זאָל זיך אָנטרעפן מיט דעם

האַלץ־הענדלער בערטעלסען. דער דאָזיקער העד האָט אין דער כאַאָטאָריע אויף איר כּלל נישט קרום געקוקט, פּאַרקערט, ער האָט זי זייער געשעצט. איינמאָל, אין אַ פריילעכער שעה, ווען מען האָט געטרונקען, האָט ער איר אונטערן טיש אַפילו אַביסל אָנגעטראָטן אויפן פוס.

זי האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף פריילין עלינגסען.

יאָ, ער זעט זי אָפט, איר גייט גוט. ער פון זיין זייט האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף הער פלעמינג. אפשר וואָלטן זיי בעסער אריינגיין אין אַ קאַפע, איידער דאָ אין מיטן גאַס צו שטיין?

— יאָ, גערן, אויב ער וועט טעלעפאָנירן פריילין עלינגסען, זי זאָל אויך קומען.

ער האָט צוגעזאָגט, און זיי זענען אריין אין אַ קאַפע און באַשטעלט עסן און טרינקען. בערטעלסען האָט דערציילט וועגן פרוי רובען, אַז זי איז געוואָרן פיל דינער. איצט קאָן זי שוין גיין — איר געדענקט פרוי רובען? יאָ, איצט איז זי שווער צו דערקענען, מחמת טרויער נאָכן מאַן, צי צוליב עפּעס אַן אנדערע סיבה. אָבער געדענקט איר אויך די מילעדי, די פרוי פונם ענגלישן מיניסטער? אַך, ס'איז אַלץ ליגן, אַ געפערלעכע שווינדלערין, לויט ווי איך האָב מיך איצט דערוווּסט אין שוועדן! אָבער זאָגט, גנעדיקע פריילין, אפשר וואָלטן מיר זיך בעסער דורכגעפאָרן אין אַן אויטאָ צו מיר? דאָרט וואָלט אונז געווען געמיטלעכער צו זיצן און שמועסן.

— יאָ, אויב איר וועט טעלעפאָנירן צו פריילין עלינגסען.

— פריילין עלינגסען, רעכט, אָבער זי איז פאַרנומען אויף דער שטעלע, זי קאָן נישט אַוועקגיין.

און ס'קומט פאָר אַ מאָדנע זאַך: פריילין ד'עספּאַר איז אויפגעבראַכט געוואָרן, זי האָט כּלל גאָרנישט אַזוי ליב די פריילין עלינגסען, אָבער זי איז פּלוצלינג בלאַס געוואָרן פון צאָרן, וואָס בערטעלסען האָט זי אָפּגענאַרט, אונטערגעפירט. אָ, זי איז געוואָרן אַזאַ צערייצטע פון יעדער קלייניקייט, פון גאָרנישט ווערט זי אויפגערעגט. זי געפינט זיך זיכער אין אַן אומגעוויינלעכן צושטאַנד. ווי, זי האָט, אפנים, נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער לייגט

איר פאַר? זי איז נישט קיין קליין מיידעלע. דאָס, וואָס ער לייגט איר פאַר, איז פשוט עקלהאַפט. זי לאַכט פון זיין אויטאָמאָביל, פאַרשטייט זיך, זי האָט זיך באַרויקט און באַדאַנקט פאַר זיין איינלאַדונג, אָבער זיי האָבן זיך נעבן דער קאַפע צעשיידט און זענען אַוועק אין פאַשידענע זייטן.

נאָך מיטאָג האָט זי אויפגעזוכט פריילין עלינגסען און געפונען, אַז זי האָט זיך גאָרנישט געענדערט, פול מיט ראָמאַנטישקייט, מיט געשיכטעס, וועגן גזלנים און מיט פּאָעזיע, אין קאָפּ אַ פּלאָנטער פון אַ גאַנצן טוץ שפּאַנענדע געשיכטעס, וואָס זי וויל אָנשרייבן, וואָס זי האָט שוין אָנגעשריבן. — עפּעס וועט שוין דערפון געוויס אַרויסקומען — אַזוי זאָגן אַלע. ס'איז נאָר נאַריש, וואָס זי איז מחויב צו שווייגן, איר שבועה.

פריילין ד'עספּאַר וואָלט ביי דערדאָזיקער דאַמע, וועלכע ווייסט אַזוי פיל זאַכן פון איר טעלעגראַפן-טיש, גערן זיך נאָכגעפרעגט וועגן איינעם אַן אַנטלאָפענעם, אַ קראַנקן אַדלמאַן, זי האָט עס אָבער נישט געוואַגט. דאַנקען גאָט, ער איז נאָך אַוודאי נישט פאַרזעצט. אים וועט נאָך אפשר געלינגען צו אַנטלויפן מיט איינער פון די איבער-אָקעאַנישע ליניעס קיין אויסטראַליע, קיין דרום-אַמעריקע...

אפשר וויל פריילין עלינגסען היינט גיין מיט איר צוזאַמען אויף אַן אָוונט אויף דער בחורשער קוואַרטיר פון דעם ביוראָ-שעף?

— גערן. וועט דאָרט בערטעלסען אויך זיין?

— בערטעלסען? מען קאָן אים טעלעפאָנירן.

פריילין ד'עספּאַר האָט זי אין אָוונט מיטגענומען, און זיי זענען אַוועק צום ביוראָ-שעף. אָבער ניין, ס'איז קיין באַזונדער פאַרגעניגן נישט געווען. די אַלטע חברים, וואָס האָבן זיך דאָ פאַרזאַמלט, זענען געווען די זעלביקע, וואָס פריער, נישט געענדערט זיך, און פריילין ד'עספּאַר איז געוואָרן גאָר אַן אַנדערע. ליבער גאָט, וואָס אינטערעסירט עס זי צו הערן, ווי די געשעפטן גייען, אָדער וועגן דעם, וואָס דעם דירעקטאָרס געהילף אַליין פאַדעט אַרום דער נייער מאַשיניסטקע!

— זי קאָן פראַנצויזיש? — האָט פרײלין ד'עספּאַר געפרעגט.

— פאַראַן פראַנצויזיש און פראַנצויזיש. יעדנפאַלס, נישט אַזוי ווי איר, אָבער...

יאָ, פרײלין ד'עספּאַר האָט אַ שמייכל געטון, נאָר אין תּוך גענומען איז איר געווען אַלץ איינס.

— מען האָט זי צוגענומען אויף דער שטעלע נאָכדעם, ווי זי האָט צוגעשיקט איר פאָטאָגראַפיע. — האָט איינער געזאָגט.

אויך דערצו איז זי געבליבן גלייכגילטיק.

— מען האָט איר שוין געהעכערט שכירות.

אַלץ איינס, אַלץ איינס. פרײלין ד'עספּאַר האָט געהאַט עפּעס אַנדערש אין זינען. זי האָט זיך געמוזט שוינען, דאָס איז געווען דאָס פּשוטע געפיל פון זעלבסטדערהאַלטן זיך. פרײלין עלינגסען איז גוט, אָבער ביי איר זענען די עסקים נישט אַזעלכע, אַז זי זאָל זיך דאַרפן איילן, זי זאָל דאַרפן קעמפן פאַרן לעבן. אָט זיצט זי, אַ גרויסאַרטיקע, אַ שיינע, אַ פּרעכטיקער מענטש, אָבער איר אַרט גאַרט נישט פאַר זיך, זי נויטיקט זיך נישט. די בענער זענען פון אָנהויב באַגייסטערט געוואָרן פון איר קומען, פון איר בליק, וואָס קוקט אַרויס פון אַ פּאָר אויגן, וועלכע ליגן אַביסל אַלכסנדיק, און מאַכן זי אייגנטימלעך. זי האָט אַ וווּנדער-שיין גרויס מויל, פּראַכטפולע קאַשטאַנען-האָר, און פונדעסט-וועגן קאָקעטירט זי גאָרנישט, נעמט אין גאָרנישט קיין אַנטייל, איז נישט לעבעדיק. זי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּשוטן מעכאַ-ניזם. ציט זי אָן, וועט זי דערציילן, פאַרפאַסן, וועט איר פאַנטאַזיע פריי זיך אַוועקלאָזן, ביז זי וועט שטיין בלייבן. אָבער זי קאָן דאָך אויסטראַכטן און דיכטן ביז אירע אויגן נעמען גלאַנצן, און אירע באַקן רויט ווערן. גאַנץ ריכטיק. דער מעכאַניזם גייט זיך גוט, נאָכ-דעם נעמט אין אים סקריפּען און עס שטעלט זיך אָפּ. און ס'ענ-דיקט זיך מיט טרערן.

עפּעס אַ פּיש, — טראַכט פרײלין ד'עספּאַר און זאָגט: — פאַר אייער געזונט, פרײלין ד'עספּאַר!

— פאַר אייער געזונט!

פרײלין ד'עספּאַר איז פאַרנומען מיט זיך. זי צעשטרייט זיך,

צוקוקנדיק זיך צו די חברים. זיי זענען אַלע מער אָדער ווייניקער מיט פּליכעס אויף די קעפּ, אָפּגענוצטע פון שטיין און שרייבן ביים פּולט, אויסגעטרוקנט אין דער דאָזיקער מלאכה אָן ארבעט. ערגער פאַר אַלע איז דער ביורא-שעף. דער דאָזיקער אַלטלעבער־קאַוואַלער לאַכט אַליין פון זיין פּליך, גלעט אים מיט דער פלאַ־כער זייט פון האַנט און ווייזט אויף אים אָן: אַ פאַמיליען-קראַנק־הייט — זאָגט ער, אַ שטאַלטנער יונג, האָט אַ רינג מיט אַ חתימה אויפן צווייטן פינגער, שמט צווישן די באַקאַנטע אַלס אַ לעב-יונג פון ערשטן סאָרט, אַ פאַשייטער, און ער איז נאָך גאָרנישט קיין אָפּגעלעבטער. זיין פירונג אַנטשפּרעכט זיין לאַגע: צוויי צימערן מיט אַ פּאָרטיערע צווישן זיי. אָבער פאַר פריילין ד'עספּאַר איז ער נישט דער פּאַסיקער מאַן, ער איז צו פיל לייכטזיניק, אָן אויסגעהאַלטנקייט, אָן אַ פונדאַמענט. זי טראַכט וועגן אים נישט.

— אפשר ווען מיר גיין רעדן דורכן טעלעפאָן? — שעפ־משעם פריילין עלינגסען.

דורכן טעלעפאָן? אָך יאָ, בערטעלסען, יאָ. אָבער פריי־לין ד'עספּאַר איז מיט זיך באַשעפטיק, גלראָס אַנדערש מוז וואַרטן. איר בליק פאַלט אויף איינעם פון די קאַנטאָריסטן, אַ יונגערן אין דער געזעלשאַפט, אַ מענטש פון געוויינלעכן אויסזען, וואָס האָט נאָך אַלע האָר אויפן קאָפּ. ער איז פון דאָרף, אַ פּויער, איז שוין זיבן יאָר אין געשעפט. זיין געהאַלט איז איצט אַ היבשער. אָבער נאָך לאַנגזאַם געלינגט אים עפּעס אָפּצושפּאָרן. פריילין ד'עספּאַר ווייסט, אַז ער פאַרנעמט זיך אַביסל מיט ספּעקולאַציע: אַ קלוגער יונג, אַ פּויער ביז די שפּיצן פון די נעגל. ער איז דאַנקבאַר, וואָס דער ביורא-שעף האָט אים אויך היינט איינגעלאַדן, און ער טרינקט פּאָרזיכטיק. ווייזט די גאַנצע צייט אַרויס זיין רעספּעקט.

די שעהן גייען. ס'איז דאָ פּוטער-ברויט, שנאַפּס, ביר, גע־פּרוידער און קאָניאַק מיט זעלטער, לוקעס און פּאַפּיראָסן — ניין, ביי אַנדערע אומשטענדן וואָלט פריילין ד'עספּאַר נישט געווען לאַנגווייליק, אָבער איצט האָט זי אַנדערע מחשבות אין קאָפּ. ווען מען האָט דערלאַנגט קאַווע מיט ליקער, האָט זי קוים געקענט די געזעלשאַפט לוסטיק מאַכן מיט איר „קאַווע מיט avec".

פרייליין עלינגסען שעפּטשעט ווידער: לאָמיר טעלעפאָנירן...

— טעלעפאָנירן? רעכט. אָבער איך ווייס נישט, צי בער־טעלסען קען די דאָזיקע הערן.

פרייליין עלינגסען פאַלט ביי זיך אַראָפּ. — בערטעלסען האָט פּיינט, ווען איך גיי אָן אים.

אָ. דאָ איז פרייליין ד׳עספּאַר גרייט צו העלפן, און זי פרעגט הויך: מעגן מיר טעלעפאָנירן בערטעלסענען, ער זאָל קומען?

— בערטעלסען?

— בערטעלסען עט זון, איר ווייסט? דעם זון?

אַלע קענען אים, דער ביוראָ־שעף קען אים. ביטע, דאָרט איז דער טעלעפאָן!

די דאַמען גייען אַוועק הינטער דער פּאָרטיערע און קלינ־גען אָן. בערטעלסען איז נישטאָ אין קאַנטאָר, נישט אין דערהיים. ער איז ערגעץ אין אַ קאַפע. און פרייליין עלינגסען ווערט וואָס ווייטער, אַלץ אומעטיקער.

— גייט אַריין און זעצט זיך, — זאָגט דעמאָלט פרייליין ד׳עספּאַר — איך וועל אים שוין געפינען.

זי שיקט אַוועק פרייליין עלינגסען און רופט אַריין דעם יונגן קאַנטאָריסט, דעם פּויער: — קומט אַהער, העלפט מיר. איך ווייס דאָך ס׳איז מייסטער איר זענט צום טעלעפאָן.

איצט טעלעפאָנירן זיי זאַלבעצווייט אַהין, אַהער, און ווען זיי ווערן פאַרטיק און בערטעלסענען געפונען, הויבט פרייליין ד׳עספּאַר אָן צו טראַכטן וועגן זיך, שליסט די אָרעמס אַרום דעם פּויער און גלעט אים איבער די געדיכטע האָר. נעמען זאָל עס דער רוח! ער האָט אַזוינס קיינמאָל נישט געטראַכט, נישט גע־דאַכט, קיינמאָל נישט דערוואַרט...

נאָר זי האָט וועגן אים די גאַנצע צייט געטראַכט.

ער איז צעמישט און האַלב־דערשראָקן. דאָס אויסטערלישע אין דעם דאָזיקן געשעעניש מאַכט, ער זאָל זיך צוריקהאַלטן. אוודאי, ער קושט זי, אָבער, אָבער נישט אָן צוטרוי. ווי קאָן עס זיין! פרייליין ד׳עספּאַר, אַרום וועלבער דער ביוראָ־שעף אַליין האָט

זיך אזוי געמיט! — ניין, מיר מוזן אריין, ווו אלע זיצן.

— יאָ, אָבער איצט ווייסט ער שוין, אז זי האָט וועגן אים געטראַכט, אז זי האָט, — זי דאַרף זיך אָפן מודה זיין — אין אים נישט געקאָנט פאַרגעסן. וואָס זאָגט ער דערצו?

— הממ... יאָ! וועגן דעם האָט ער קיינמאָל נישט געטרוימט, קיין האָר נישט. און ער איז איר גאָרנישט ווערט. אזא נישט וויכטיקער מענטש, אן אָרעמע שטעלע, קיין צוקונפט...

אָ, זי האָט אליין עפּעס וואָס. מער וויל זי דערוויייל נישט זאָגן, אָבער א קליינעם פאַרמעגן, א חלק ירושה פון אירע קרובים אין פראַנקרייך, א מתנה פון גאָט, הייסט עס. אָבער אזוי ווי זי האָלט לאָזן הינטער זיך א הינטערטיר אָפן, כדי אָפּצוטרעטן אויף צוריק, זאָגט זי: — איר האָט מיך נישט געדאַרפט קושן, אויב איר ליבט מיך נישט. אָך, מיר טוט אזוי ווי דער קאָפּ!

ווען זיי זענען צוריק אריין אין צימער צו די איבעריקע, איז דער פויער גאָר אויסער זיך. פריילין ד'עספּאַר באַהערשט זיך בעסער, אפשר דערפאַר, ווייל זי איז דערצו געצוווּנגען. זי פאַרשטעלט די אויגן מיט דער האַנט און זאָגט: אָ, אזוי ליכטיק! אָבער מיר האָבן אייך פאָרט אויפגעזוכט בערטעלסען, פריילין עלינגסען! ער קומט גלייך.

און בערטעלסען איז געקומען. ער האָט פאַרלאָזן, לויט ער זאָגט, זיין געזעלשאַפט און איז געקומען. ער איז געווען גוט אויפגערוימט ביי זיך און באַרעדעוודיק, אביסל שיכורלעך, זינט נאָך מיטאָג איז ער, אפנים, געגאַנגען פון איין קאַפע אין דער צווייטער. ער האָט זיך גלייך גענומען צו פריילין ד'עספּאַר, האָט אויסגענוצט, וואָס ער האָט זי נאָך פון דער סאַנאַטאָריע אָן געקענט. דער גראַף פּאַסט פאַר איר ווירקלעך נישט. א מענטש ביים ברעג פונם קבר. און שטאַמט אפשר גאָרנישט פון אדל.

פריילין ד'עספּאַר איז ווידער צערייצט.

— יאָ, אפשר נישט פון געהילץ-אדל. ניין.

די דאָזיקע גראָבקייט האָט דער האָלץ-הענדלער אויפגענומען זייער ליבלעך און האָט זיך געאיילט צו אַנטקאָפּענען זי:

— מען דאַרף נישט קוקן מיט קיין פאַראַכטונג אויף געהילץ,

אויף געלט און אויף אַ גוטער עצה. ער פון זיין זייט האָט זיינע פריינט, אַ דאַנק זיין געלט, געקענט העלפן אין אַ נויט. ער האַלט אויך אויס — ער רעדט וועגן דעם נישט גערן — אַ סטיפּענדיע אין פּאַריז, אַ מוזיקאַנט.

— יאָ, מיר ווייסן עס! — רופט פריילין ד'עספּאַר אויס פול מיט חרטה — איר זענט געווען באמת גרויסמוטיק!

— נו, לאָמיר נישט מגזם זיין, — פּראָטעסטירט בערטעלסען — איר שאַצט עס צופיל איבער.

— בשום אופן נישט! — און פילנדיק די באַדערפעניש ווי־דער צו ווערן גוט און פריינטלעך, מאַכט זי די זאַך נאָך גרע־סער: — איך ווייס, דאָס איז געווען נישט דאָס ערשטע מאָל, ווען איר האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס אַ בעל־טובה.

בערטעלסען קוקט זיך פלומרשט פאַרוואונדערט אום אויף די אַרומיקע און ער זאָגט: — זי איז נישט ביי איר זינען! איבע־ריקנס, איך האָב קיין שלעכטס וועגן אייער גראַד נישט געוואָלט זאָגן, פריילין ד'עספּאַר. ער איז געווען אַן אנגענעמער מענטש, מיר האָבן צוזאַמען מיט אים געשפּילט אין קאָרטן אין געטרונקען וויין. ער איז, אָן ספק, אַ דזשענטלמען. נאָר אַ שאָדן, וואָס ער איז אַזוי קראַנק געווען. איר זענט מיט אים פאַרקנסט?

— איך? ניין, איר פלוידערט נאַרישקייטן!

— אומזין, אמת, נאָ־ איר קאָנט וועגן דעם טראַכטן, ווי איר ווילט, — איך בין אין אייך פאַרליבט.

אַלע האָבן זיך דערפון פונאַנדערגעלאַכט און עס בשום אופן נישט אָנגענומען ערנסט. נאָר פריילין עלינגסען איז אַלץ גע־ווען אַ פינסטערע, אַ פאַרלאָזענע, אָן פרייד.

בערטעלסען האָט גערעדט אָן אַ שיעור; ווידער וועגן פּרווי־דובען. ער האָט זי אַנומלט געטראָפן. זי האָט, אַפנים, דורכגעמאַכט אַ קור, האָט זיך שטאַרק געענדערט: אַ רייכע דאַמע, קאָלאָסאַל רייך, אַ שיינע און איר אַרט, זי האָט פּראַכטפולע אויגן, מאַנדל אויגן. וועגן אַדוואָקאַט ראָבערטסאָן האָט איר געהערט? יאָ, ער ער הייסט שוין איצט רוב־רעכט, האָט זיך משתדל געווען ביים קעניג, מען זאָל אים דערלויבן צו רופן זיך רופּרעכט. אָט, אַ

נאַר! אפשר וואָלט איך מיך משתדל זיין, מען זאָל מיך אָנרופן בערטיליאָן? קיינמאָל נישט!

בערטעלסען האָט וואָס ווייטער, אַלץ מער געטרונקען, און אַזוי ווי ער איז געווען אַ שטאַרקער מענטש. האָט ער געקאָנט אַ פולע טרינקען און נישט אַראָפּפאַלן אונטערן טיש, נאָר ער האָט געשפּילט אַ ראָלע פון אַ גביר און איז געווען נישט אָנגענעם. פרייליין ד'עספּאַר האָט זיך נישט געגעבן די מי צו הערן, וואָס ער רעדט. איר האָט זיך געוואָלט אָפּווענדן זיין אויפמערקזאַמקייט אויף פרייליין עלינגסען, נאָר בערטעלסען האָט זיך נישט געלאָזן. אַזוי צום ביישפּיל האָט ער שיכורערהייט אַראָפּגענומען זיין הויז־שליסל פון רינג און געוואָלט אים געבן די פרייליין ד'עספּאַר — ער האָט שוין נישט געוווּסט, וואָס ער טוט.

— איר גיט עס מיר? — האָט זי געפרעגט.

— יאָ, איך גיב אים אייך אַוועק.

— צו וואָס? איך דאַרף אים נישט האָבן.

דער ביוראָ־שעף איז איר געקומען צו הילף:

— וואַרט, גיט מיר דעם שליסל, העיר בערטעלסען האָט זיבער פאַרשידענע זילבערנע בלים אין שטוב.

— האַ האַ האַ! — האָבן זיך אַלע פונאַנדערגעלאַכט.

אָבער פרייליין עלינגסען איז דערביי געזעסן אַ הויבע און אַ שיינע און האָט געשוויגן. זי פילט גאָר קיין חרפּה נישט? עס אַרט זי גאָרנישט? זי ענדערט זיך אַפילו אין געזיכט נישט. זי איז געגאַנגען דורכן לעבן דעם קאָפּ אין דער לופטן, גאָרנישט געזען, געווען אומבאַוועגלעך, קיין זאַך האָט זי נישט גערירט, אַ לאַנגווייליקע און אַ שיינע. זי קאָן זיבער אויך שטריקן און קלאַוויר שפּילן. איר ליידנשאַפט איז באַשטאַנען אין ליטעראַטור, און אין דעם, וואָס די טעלעגראַפן־דראָטן רעדן, און חלומות און אין איינבילדונגען. אַ פּיש! — טראַכט פרייליין ד'עספּאַר.

— פאַר אייער געזונט, פרייליין עלינגסען! איר זייט אַזאַ שווייגענדיקע.

— פאַר אייער געזונט!

בערטעלסען הערט נישט אויף, ער שטייט אַלץ צו צו פריי־

לין ד׳עספּאַר, ווערט פאַמיליאַר און רופט זי יוליע, זשולי.

פרײַלין ד׳עספּאַר רוקט זיך פּלוצלינג אָפּ פונם טיש און זאָגט אומבאַרמהאַרציק: — איר טרעט אַלץ אָן נישט אויף דעם פוס, אויף וועלכער איר דאַרפט, הער בערטעלסען!

עס האָט גאָרנישט געהאָלפן, קיין זאַך האָט אויף אים נישט געווירקט.

פרײַלין ד׳עספּאַר האָט זיך אויפגעהויבן און געזאָגט צו דעם פויער מיט די געדיכטע האָר:

— ס׳איז שוין שפּעט, קומט, העלפט מיר באַקומען אַן אויטאָ.

דער פויער קוקט אויף דעם ביורא-שעה, אויף זיין עלטסטן, און גייט ווידער אַוועק אונטער דער פּאַרטיערע.

פרײַלין ד׳עספּאַר געפינט זיך אין אַ מין היסטעריע. זי פלאַמט פון האָפנונגסלאָזיקייט און פון חשק, וואָס גיכער חתונה צו האָבן. זי שטייט צו אים צו און שטעלט אים פראַגן. ער איז אומ-צופרידן, וואָס זי שטערט אים טעלעפאָנירן, און ער מוז יעדעס מאָל פון ס׳ניי אַרויסרופן! נאָכדעם געלינגט אים אַביסל אָפּצוווערן זיך פון איר, און ער זאָגט, אַז ער האָט גאָרנישט קעגן איר סיי בנוגע איר אויסערלעכקייט, סיי בנוגע אַלע אַנדערע זאַכן. אָבער זי אַליין ווערט אים סוף-כל-סוף נישט וועלן, אָט ווערט זי שוין זען...

זי פאַרשטייט, אַז מיט אים ווערט גאָרנישט אַרויסקומען און פרעגט קורץ:

— איר האָט שוין באַקומען אַן אויטאָ?

— בעלער קומט ער — און דאָ, דאַכט זיך, וויל ער אַביסל אַ טאַפּ טון ביים דופק: — איך ווייס נישט, וואָס זאָל איך אייך זאָגן, אָבער יעדנפאַלס איז דאָס אַ גליק, וואָס איר האָט געקראָגן געלט, די ירושה. איך ווינש אייך גליק פון גאַנצן האַרצן!

— אַ דאַנק — זאָגט זי — איר גלויבט, מסתמא, נישט. דאָס איז מיר אַלץ איינס, נאָר טוט דאָ אַ טאַפּ!

זי גיט אים אַ טאַפּ טון איר בלוזע, און ער שרייט אויס:

— גאָט מיינער! אַזוי פיל געלט טראָגט איר מיט זיך? איר דאַרפט עס גלייך אַריינטראָגן אין באַנק, תיכף ומיד. וויפל איז דאָ?

איצט איז געקומען איר צייט, זי פארשווייגט נישט, זי טראָגט עס נישט אריבער.

— דאָס דארפט איר וויסן. — ענטפערט זי. זי טוט א ציטער און שיפּעט אים אין פּנים אריין: — דאָס וואָלט זיך אייך וועלן וויסן, יאָ? איר באלעקט זיך שוין? אפשר מיינט איר, אז איך האָלט אייך געקושט, ווען איך וואָלט נישט געווען שיכור? גייט צו אלדע ריחות!

איצט וועט זי אנטשוויגן ווערן? א, זי גייט נאָך מער פון זינען אראָפּ, אָבער זי דענקט שנעל און איז קלוג, טראַכט זי וועגן דעם, ווי צו פארגלעטן איר מפּלה. זי הייבט אָן צו רעדן, ווי זי וואָלט געלייענט פון א בוך, און פארשיט אים מיט א שטראָם פון פראנצויזיש, וואָס ער פארשטייט נישט, זי רעד'ט, רעדט און זשעסטיקולירט. ער קאָן עס אָננעמען פאר א שפּאַס, צי פאר ערנס, ווי ער וויל. און זי רעדט נאָך אלץ, ווען די פּאָרטיערע איז שוין אויפגעעפנט און זיי זענען אריין אין צימער צו די איבעריקע.

די געזעלשאפט קוקט אויף איר פארוואונדערט, און דער ביורא-שעף זאָגט אין א געלעכטער צו דעם פּויער: ענטפערט זשע איר, פארוואָס ענטפערט איר נישט?

פרייליין ד'עספּאַר דערקלערט: — איך האָב אים פאָרגעלייגט, ער זאָל מיט מיר חתונה האָבן, אָבער ער וויל מיך נישט נעמען. קומט פרייליין עלינגסען, איר פאָרט מיט מיר צוזאמען?

זי גייט צו צום ווירט, צום ביורא-שעף און באדאנקט אים, זעגנט זיך אויך מיט די איבעריקע, מיט דעם פּויער אויך, דער-לאנגט אים די האנט און זאָגט: אויפווידערזען! נו. פאָרן מיר פרייליין עלינגסען?

— יאָ, איך ווייס נישט...

— איר זעט דאָך, אז בערטעלסען איז אנטשלאָפן געוואָרן.

— יאָ, אָבער...

— אָט פייפט שוין דער אויטאָ. אלזאָ א הארצלעכן דאנק אייך אלעמען פאר דעם שיינעם אָוונט.

אָבער אונטן אין אויטאָ קאָן זי זיך שוין מער נישט איינ-האלטן און וויינט זיך פונאנדער.

זי איז געקומען צו פאָרן אין האָטעל, האָט געהייסן אויפוועקן זיך צו אַ באַשטימטער שעה און אַריינגעלייגט זיך אין בעט. פאַרשטייט זיך, אַז זי האָט לאַנג נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן. זי איז געווען צערודערט און האָט זיך געפייניקט פון מורא פאַר דער צוקונפט. איר רייזע קיין כריסטיאַניע ווייזט זיך אַרויס איז געווען אַן אומזיסטע, גאָרנישט געמאַכט, גאָרנישט דערגרייכט. זי איז געלעגן מיט אַ שווער געמיט און האָט ווידער געוויינט. אין וואָס פאַר אַ געזעלשאַפט איז זי עס געווען? עס קאָן זיין, אַז זי איז געווען אומגערעכט קעגן דעם פויער מיט די געדיכטע פּאַטלעס, אָבער זי האָט באַקומען דעם איינדרוק, אַז ער איז אַ גיריקער, אַז ער איז צעקאָכט געוואָרן פון איר געלט, אַז ער האָט געוואָלט וויסן, וויפל קאָן זי אים פאָרלייגן. יאָ, אָבער שפּעטער, ווען דאָס קינד וועט געבוירן ווערן, און דאָס געלט וועט אַריינגעלייגט ווערן אין געשעפט — וואָס וועט זיין דעמאָלט? וועט ער זיך דעמאָלט נישט אַרויסווייזן פון אַן אַנדער זייט?

זי איז געווען זייער אומגליקלעך, האָט געוויינט, אויסגעדרייט די פינגער. ווי נעגל פון אַ פויגל, און געדראַפּעט די קאָלדרע, איז נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל דורכגעגאַנגען די רייע פון אירע באַקאַנטע מאַנספּיל, נישט קאָנענדיק זיך אָפּשטעלן אויף קיינעם פון זיי. זי וואָלט געקאָנט חתונה האָבן מיט העער פלעמינג. אמת. אָבער דעמאָלט וואָלט זי געמוזט פאַרמישט ווערן אין זיינע עסקים, און ס'איז קלאָר, אַז ער האָט זי געוואָלט אָפּהיטן פון דעם אומגליק, וועלכן זי האָט נאָך געקאָנט אויסמיידן. אָבער ווען ער וואָלט וויסן, פון וואָס ער האָט זי נישט באַשיצט! צו אַלע צרות האָט נאָך איר אויסזען אַזוי געליטן. זי איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט און גענומען זיך באַטראַכטן אין שפּיגל. איר געזיכט איז פאַר די לעצטע טעג געוואָרן מיאוסער, גרוי און אויפגעלאָפן. די בעסטע זאַך איז, וואָס גיכער פון דאַנען צו אַנטלויפן. דאָ איז אַפילו נישטאָ קיין וואַלד, קיין זיכערער אָרט, הוי צו באַהאַלטן דאָס געלט, דאָ איז פול מיט מענטשן, וואָס קאָנען באַמערקן, בשעת זי וועט עס פאַרגראָבן.

אויף מאָרגן נאָך כמעט אַ שלאָפלאָזער נאַכט האָט זי זיך מיט־

א געוויסער דערלייכטערונג ווידער אַרײנגעזעצט אין צוג. זי האָט נישט געטראַכט, וואָס זי טוט, איר רייזע איז געווען אָן אַ פּלאַן, אָבער איר האָט זיך געוואָלט אַוועק פון כריסטיאַניע, און איר האָט אויסגעוויזן, אַז בעסער פאַר אַלץ וועט זיין ווידער אומצוקערן זיך אין דער טאָראַהוסער סאַנאַטאָריע. פאַרוואָס? גאָט ווייסט. דאָרט איז יעדנפאַלס פאַראַן אַ וואַלד. זי האָט זיך געלאָזט טרייבן פון איר אייגענער ווילנלאָזיקייט, פון דעם שכל און די זאַכן גופא, פון אַ באַהאַלטענער קלוגהייט.

ווען זי איז אָנגעקומען, איז זי שוין נישט געווען אין דער שטימונג ווידער צו טריומפירן איבער עמעצן. זי האָט זיך דאָך אומגעקערט פון איר נסיעה און גאָרנישט אויפגעטון. די ווייבער פון דער סאַנאַטאָריע האָבן ווידער געהאַט וועגן וואָס צו שלייפן די צינגער. איבעריקנס, פאַר די עטלעכע טעג איז זייער צאָל קלענער געוואָרן. זי האָט איצט דערזען, וואָס זי האָט פריער נישט באַמערקט: עס זענען איבערגעבליבן זייער ווייניק געסט, און די גאַנצע סאַנאַטאָריע האָט גענומען מאַכן אַן איינדרוק פון אַ פוסטקע. אַ שניי איז אויסגעפאַלן, ס'איז קאַלט געוואָרן, דאָס לעבן איז אָפּגעשטאָרבן, קיינע שפּילן, קיין קינד נישט. וו נישט וו האָט מען געקאָנט זען אויף די שטעגלעך פוס-שפּורן פון מענטשן, וואָס זענען געגאַנגען צו די סלופּעס לייענען וועגן וועטער, אָדער די נייע מעלדונגען.

זי האָט צוריק באַקומען איר אַלט צימער און צוריק פונאַנדערגעפּאַקט אירע ביליקע פראַנצויזישע ביכער מיט די געלע הילעס, איר באַגאַזש, מיט וועלכן זי האָט פריער שטאָלצירט. איצט איז זי צו זיי גלייכגילטיק געוואָרן, זיי האָבן איר נישט געגעבן קיין לעבן, איר נישט געהאָלפן.

און עס האָבן זיך אָנגעהויבן ציען טעג און נעכט אַלץ מיט די זעלביקע פּיינען.

# VIII

דער דאָקטאָר האָט זיך מיישב געווען מיטן אינספּעקטאָר וועגן איינאָרדנען עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל לעבעדיקער מאַכן די געסט, עפּעס אַזוינס וואָס זאָל פאַרכאַפּן: שליטלען זיך פון די בערג, גליטשן זיך אויף איינער פון די בערג-אָזערעס. רעכט. ס'וועט שוין זיין. אָבער אינספּעקטאָר סוועגדסען, דער אַלטער מאַטראָס, האָט זיך ווייניק פאַרשטאַנען בנוגע ספּאָרט אויף דער יבשה, און דעריבער האָט ער געמוזט זיך ווענדן נאָך הילף צו דעם בריוו-טרעגער און דעם שווייצער. אַלע דריי האָבן זיך גענומען צו אַ אַראָפּ-באַרג אַ פּאַסיקן, צו לויפן אויף גליטשערס, און ווען דאָס אייז איז גענוג שטאַרק געוואָרן, האָבן זיי פון אים אַראָפּגעקערט דעם שניי, אַזוי אַז עס איז געוואָרן אַן אויסגעצייכנטער גליטש. דערביי האָט אַד וואָקאַט ראַבערטסאָן ווידער אַרויסגעוויזן זיין ליבלעכקייט און זיינע פעיקייטן אַלס ווירט. ער האָט אַריינגעשיקט אין דער סאַנאַטאָריע אַ גרעסערע צאָל גליטשערס און סקיען פאַר די געסט. אין אַ בריוו, וואָס איז געקומען צוזאַמען מיט דעם, און וואָס איז צוגע-שלאָגן געוואָרן צו די סלופּעס, בעט ער אין שפּאַס בעסער צו ברעכן די סקיען איידער האַלז און נאַקן. דער בריוו איז אונ-טערגעחתמעט געווען „רופּרעכט".

די געסט און די פּאַציענטן, וועלכע האָבן נישט געהאַט, וואָס צו טון, האָבן זיך גענומען אונטערעסירן מיט דער זאַך, די יונגע-רע און דרייסטערע האָבן זיך אָפּטמאָל באַטייליקט אין די הכנות. נאָר די עלטערע דאַמען האָבן געמוזט בלייבן פונדערווייטן. זיי וואָלטן אין בעסטן פאַל געקאָנט גליטשן זיך אויף שליטעלעך, אָבער אַזוי ווי זיי זענען שוין נישט געווען קיין קינדער, האָבן זייערע שליטעלעך געדאַרפט בעסער זיין אמתע שליטנס.

— Wery well ! מיר וועלן שוין איינשאַפן אַ פּאַסיקן שליטן — האָט אינספּעקטאָר סוועגדסען געזאָגט.

פאָרלויפיק איז נאָך קנאַפּ געווען דער שניי פאַרן סקי-גליטש, אָבער עס איז געווען אייז צו גליטשן זיך אויף גליטשערס, אַ האַרטער אייז, וואָס איז שוין אַלט געווען פינף פראָסטיקע נעכט,

נאָר אין איין אָרט געפערלעך: ביים טײַכל, וואָס לאָזט זיך אראָפּ צו דניאלס לאָנקע.

די געסט האָבן זיך געדאַרפט פאַרשאַפן וואַרימע קליידער אויפן ווינטער. אייניקע האָבן געהאַלטן פאַר גלייבער אַוועקצופאָרן. אַזוי אַרום איז נאָך וויסטער געוואָרן אין דעם הויפּט-בנין און אין די צוויי ביי-געביידעס. דער זעלבסטמערדער וואָס איז געווען אַ פאַרמעגלעכער מענטש האָט זיך אויסגעשריבן אַ מאַנטל און אַ סוועטער, אָבער אַזוי ווי ביידע זאַכן טראָגן האָט ער נישט געקאָנט, האָט ער דעם סוועטער איבערגעלאָזן פאַר מאָסן, וועלכער האָט קיין אויבערשטע בגדים גאָרנישט געהאַט.

— פאַרוואָס פאָרט איר נישט אַוועק? — האָט דער זעלבסטמערדער געפרעגט.

— אינגיכן פאָר איך — האָט מאָס געענטפערט.

קיינער פון זיי איז נישט אַוועקגעפאָרן, און זיי האָבן אפשר געהאַט אַ גרונט דערצו: דער זעלבסטמערדער איז מסתמא געקומען, כּדי ער זאָל נישט דאַרפן זיין אינדערהיים, וואָס זשע אַנדערש? זאָל ער איצט נעמען און אומקערן זיך?

זיי גייען זען, ווי מען גליטשט זיך — דאָס איז איצט זייער באַשעפטיקונג. זינט ביי מאָסן זענען שוואַך געוואָרן די אויגן, גייט ער מיט אַ שטעקן און טאַפּט אַביסל אונטער, ער באַגלייט אָבער געטריי זיין חבר אומעטום אַפילו אויף די בערג, און אַפילו ווי איצט אויף דעם גליטש.

דאָרט האָבן געאַרבעט מעשים דער שווייצער און דער בריוו-טרעגער. פון צייט צו צייט האָבן זיי גענומען עמעצן פון די דאַמען צווישן זיך און אַוועקלאָזן זיך מיט איר. נאָכדעם האָבן אויך אַנדערע זיי נאָכגעטון. אַ יינגערע פּאַסטאָרישע אלמנה אָדער אַ קליינהענדלער האָבן זיך צוגעשרויפט אַ פּאָר גליטשערס און זיך אַוועקגעשאָקלט אויף אייגענער אחריות איבערן אייז. דער גליטש איז פול געווען מיט אויסגעשרייען, סקריפּען, פאַלן און קנאַלן.

ווען דער זעלבסטמערדער מיט אַנטאָן מאָסן האָבן זיך אָזונט-צייט אומגעקערט אַהיים, האָבן זיי באַגעגנט פרײַלין ד'עספּאַר. זי האָט זיך איינגעוויקלט אין אַלע זאַכן, וואָס זי האָט געהאַט, אָנגע

טון איין קלייד אויפֿן אַנדערן. אָבער די פּיס האָבן דערפֿון גאָר-נישט געוווּנען.

ביידע חברים האָבן זי געגריסט. זיי זענען איר געווען אַביסל דאַנקבאַר זינט דעם טאָג, וואָס זי האָט זיי מיט עטלעכע וואָכן צוריק איינגעלאַדן אין דער געהויבענער געזעלשאַפֿט צום ווײַן און צובײַסן.

— קאַלט אויפֿן גלײַטש — האָט געזאָגט דער זעלבסטמערדער מיט אַ בליק אויף איר אויסשטאַטונג.

— יאָ — האָט זי געענטפֿערט — איך האָב נישט קיין וואַרימע קליידער, אָבער...

מאָס שפּיליעט אָפּ דעם סוועטער און הייבט זיך אָן אויסצוטון.

— וואָס טוט איר? — שרײַט זי אויס.

— אפֿשר וואָלט איר אים נעמען?

— ניין, בשום אופֿן נישט! ניין, אַ דאַנק!

— איך גיי דאָך אַהיים — דערקלערט ער.

— דאָס איז אַלץ איינס. איבעריקנס, גיי איך אויך אַהיים. איך האָב מיך טאַקע ערשט געקליבן. ניין, דאָס איז געווען אַ נאַרישקייט. איך האָב דאָך געקאָנט מיטנעמען ווינטערדיקע זאַכן, ווען איך בין געווען אין כּריסטיאַניע, נאָר איך האָב דעמאָלט גאָר וועגן דעם נישט געטראַכט. איצט האָב איך אָנגעשריבן, מען זאָל מיר אַרויסשיקן אַ מאַנטל און וואַרימע זאַכן.

זיי זענען צוזאַמען אַוועק איבערן וועג צו דער סאַנאַטאָריע. די פֿרײַלין איז זיך אָפֿן מודה, אַז איר איז אומעטיק און זי איז שלעכט געשטימט, עס איז איר איינזאַם און שווער געוואָרן אין די בערג. די הערן קלייבן זיך נישט אַוועקפֿאָרן?

אָך, יאָ, זיי ווילן אַוועקפֿאָרן. אָבער מען קאָן נישט זיכער זײַן, אַז ערגעץ אַנדערש איז בעסער.

— ניין — זאָגט זי אויך, און איז מיט זיי מסכּים. און זי גיט צו, אַז פֿון אייגענער ערפֿאַרונג ווייסט זי: אַז פֿון שלעכטער שטימונג קומט גאָרנישט אַרויס, ס'ווערט דערפֿון נישט פֿרײַלעכער. נישט ריכטיק?

די חברים רעכענען, אַז זי בענקט נאָך הער פֿלעמינגען,

נאָך דעם גראַף, און פֿאַרשטייען, אַז ס'איז איר נישט גוט. מאָס לאָזט אַראָפּ די אויגן און זאָגט, כּדי זי צו מוטיקן: זאָלן שדים אין אַ שלעכטער שטימונג זיין!

ער האָט געהאַט אַן אויסזען, ווי ער וואָלט קיין סיבה נישט געהאַט צופֿרידן צו זיין. פֿריילין ד'עספּאַר איז געווען פֿול מיט רחמנות אויף אים און קעגן איר אינערלעכער איבערצייגונג האָט זי אַרויסגעזאָגט איר הסכּמה צו זיינע ווערטער:

— איר זענט באמת גערעכט. ס'איז אינגאַנצן איבעריק צו גריבלען זיך אין זיך, צו זיצן אין צימער און איבערגעבן זיך די געדאַנקען. דאָס האָט קיין זינען נישט.

דער זעלבסטמערדער איז קריטישער:

— ס'ווענדט זיך, ווי פֿאַר ווער מען, — זאָגט ער — אַז מען זאָל זיך גוט איבערלייגן, קאָן מען אפשר קומען צו אַ בעסערן אויספֿיר. איך ווייס נישט.

זיי זענען געקומען אַהיים. די דאָזיקע צוויי מענטשן האָט מען בשום אופֿן נישט געקאָנט אָוועקמאַכן מיט דער האַנט. זיי האָבן זיך נישט פֿאַרנומען מיט פּוסטע דיבורים ביי אַ גלעזל ביר, און זיי איז עפּעס געווען אַזוינס. אין די נאָענטסטע טעג האָט מען אָפֿטער געזען פֿריילין ד'עספּאַר אין זייער געזעלשאַפֿט. צרות מאַכן מענטשן נאָענט צווישן זיך. ווען דאָס אומגליק האָט זי געטראָפֿן, האָט די געזעלשאַפֿט פֿון די צוויי חברים אויפֿגע-הערט צו זיין פֿאַר איר ווייניק אָנשטענדיק. אַ געוויסע איבערגע-לייגטקייט אין זייער אַרט דענקען און זייער מונטערן פּלוידערן, וואָס האָט ביי איר אָפּטמאָל אַרויסגערופֿן אַ שמייכל, האָבן איר צוגעגעבן מוט. אַזעלכע עקשנים, הגם זיי זענען אויך יעדער אויף זיין שטייגער געפּלאָגט געוואָרן פֿונם גורל. דער זעלבסטמערדער איז, איבעריקנס, איצט געווען נישט מער משוגע, ווי אַלע אַנדע-רע. ער און משוגע? קיין שפּור נישט. ער האָט געקאָנט אין יעדער פֿראַגע גוט אַריינדרינגען און ענטפֿערן אויף איר מיט דער גאַנצער לאָגישקייט פֿון שכל. אַנטאָן מאָס איז געווען שטי-לער, אַ שעמעוודיקער, אַ סימפּאַטישער, ער וואָלט גאַנץ פֿיין אויסגעזען, ווען ער האָט נישט די ווונדן אויפֿן געזיכט, און די

בלינדקייט אין זיינע אויגן וואָלט נישט געוואַקסן. ווען נישט דאָס, וואָלט ער געווען גאָר אַ שיינער. מאָדנע מענטשן, נאָר בראַווע יונגע לייט. זיי האָבן זיך אַביסל אויסגעפּיינט מיט זייערע וויצן, מיט זייער גאַלגענהומאָר, אָבער דאָס האָט דאָך אין זיי אונטער-געהאַלטן דעם מוט. מען קאָן נישט זאָגן, אַז זיי האָבן יעדע צרה געקאָנט אַזוי פּשוט נעמען און אַוועקמאַכן מיט דער האַנט— זאָל גאָט היטן! זיי האָבן נישט געהאַט קיין באַזונדערע דרייסט-קייט, נישט געקאָנט די זאָרגן אָפּהאַקן מיט אַ מעסער; זיי האָבן נישט געקאָנט עפּעס קויפן, לייען אָדער גנבענען, ווען זיי האָבן עס געוואָלט. ניין. זענען זיי געווען ווילדע יונגען? צוגעפּאַסט צום לעבן? ניין.

ניין, זיי זענען געווען פאַרפאַלענע מענטשן, יעדער אויף זיין שטייגער. יאָ, אפילו דער שלאָף ביינאַכט און דער אַפּעטיט צום עסן איז ביי זיי אויך געווען נאָר אַן אָנשטעל. אָבער זיי האָבן געהאַט געבענטשטע האַרטע שאַרבנס, און דאָס האָט זיי געגעבן דעם כּוח שטיל צו טראָגן זייער גורל.

איין צופאַל האָט די פריילין נאָך ענגער צוגעבונדן צו די צוויי חברים.

דער לענסמאַן איז געקומען, — אייגנטלעך, דער זשאַנדאַרם, נאָר אַלע האָבן אים גערופן דער לענסמאַן. דאָס איז געווען דער, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט דניאלס מיידל, און ער איז ווידער-אַמאָל געקומען אין דער טאָראַהוסער סאַנאַטאָריע. ער האָט גע-טראָגן מיט זיך אַ פּאָרטפעל מיט פּראָטאָקאָלן אונטערן אָרעם, האָט גערעדט מיט דער ווירטשאַפטערין, מיט דעם אינספּעקטאָר, און געוואָלט דערוויסן זיך פּרטים וועגן הער פלעמינג.

די ווירטשאַפטערין האָט גאָרנישט געוווסט, דער אינספּעק-טאָר האָט גאָרנישט געוווסט. וואָס זשע, איבעריקנס, איז מיט הער פלעמינגן געשען?

— עס איז, אפנים, נישט אַלץ מיט אים אין אָרדנונג. מען האָט אים פאַרזעצט.

— זאָל גאָט רחמנות האָבן.

און איצט האָט דער לענסמאַן באַקומען אַ באַפעל אויסצו.

פאַרשן וועגן אים אויף דעם אָרט, ווו ער האָט זיך לעצטנס אויפגעהאַלטן — דאָס הייסט, אין דער טאָראַהוסער סאַנאַטאָריע. אַדוואָקאַט ראָבערטסאָן האָט נאָך לענגער געמאָלדן, אַז דאָ זענען פאַרבליבן צוויי טשעמאָדאַנעס, וואָס געהערן הער פלעמינגן. ווו זענען זיי?

דער אינספעקטאָר איז מיט אים אַרויף אויפן בוידעם און דורכגעקוקט די טשעמאָדאַנעס. דאָ זענען געווען זאַכן, טיילווייז טייערע, זיידענע, נאָר חוץ דעם גאָרנישט. דער לענסמאַן האָט זיי צוריק פאַרשלאָסן, אפילו אַרויסגעלייגט אַ חתימה אויף די שליסלען. ער האָט זיי אָבער געלאָזן שטעקן. נאָכדעם האָט ער עס פאַרשריבן אין פּראָטאָקאָל.

אָבער די צוויי טשעמאָדאַנעס מיט די זאַכן זענען גאָרנישט געווען לגבי דער גרויסער סומע געלט, וואָס הער פלעמינג זאָל האָבן געליען אָדער גענומען אין אַ באַנק אין פינלאַנד. ווו איז דאָס געלט?

דאָס האָבן די ווירטשאַפטערין און דער אינספעקטאָר נישט געוווּסט. מען האָט גערופן דעם דאָקטאָר, און ער האָט עס אויך נישט געוווּסט.

אפשר האָט הער פלעמינג אַרײַנגעלייגט די פעטע טויזנטער אין דער אייזערנער קאַסע פון דער סאַנאַטאָריע?

— ניין.

דער לענסמאַן האָט עס פאַרשריבן.

אַלס דער מענטש, וואָס האָט דעם הויכגעשטעלטן פּאַציענט געהיילט, איז דער דאָקטאָר געוואָרן אויפן פאַרהער געניווער. דער דאָקטאָר קאָן גאָרנישט, לגמרי גאָרנישט, נישט זאָגן, חוץ דעם, וואָס דער ברוסט־קראַנקער הער פלעגט זיך אָפט פאַרבעסערן אין געזונט, אָבער ער האָט זיך נישט אָפּגעהיט, פלעגט זיך פאַרקילן, ווידער ערגער ווערן, און זיך געמוזט אָנשטרענגען, כּדי ווידער צו פאַרריכטן זיך. צייטנווייז איז ער אַרײַנגעפאַלן אין אַ מרה־שחורה, אַן אַנדערש מאָל ווידער פלעגט ער שוין צופיל האָפן, געזונט צו ווערן. ער האָט ליב געהאַט אַביסל צו טרינקען, אָבער קיין גרויסע הוצאות דערויף האָט ער נישט געמאַכט, ווי־

מען קאָן עס באַשטעטיקן לויט די ביכער פון דער סאַנאַטאָריע. איבעריקנס, פאַר דער צייט פון דער לעצטער פאַרקילונג זיינער, האָט דער דאָקטאָר דעם פּאַציענט קיין מאָל נישט געזען. פרייליין ד׳עספּאַר איז ביי אים, ווי געוויינלעך, געזעסן און די לעצטע אים געזען.

דער לענסמאַן האָט פאַרשריבן. ווען ער האָט געענדיקט, האָט ער זיך געפרעגט, ווו איז פרייליין ד׳עספּאַר.

איך זאָל זי רופן אַהער? — האָט די ווירטשאַפטערין געפרעגט.

— זי וווינט דאָ? וואַרט. אויב אַזוי וואָלט איך בעסער וועלן, איר זאָלט מיך אָפּפירן צו איר אין צימער.

פרייליין ד׳עספּאַר איז געווען קענטיק איבערראַשט, ווען מען האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר, און עס איז אַריין אַ מענטש מיט פּראָטאָקאָלן אונטערן אָרעם און מיט אַ גאָלדענעם שנירל אַרום היטל. ער האָט, אגב, דאָס היטל אַראָפּגענומען ערשט נאָכדעם, ווי ער האָט שוין באַוויזן צו מאַכן מיט דעם אַ ווירקונג אויף פרייליין ד׳עספּאַר. עטלעכע רגעס זענען אַריבער, ביז זי האָט אים דערקענט.

— אַנטשולדיקט, פרייליין, איך בין געקומען ביי אייך צו דערגיין, וואָס ווייסט איר וועגן הער פלעמינג, וועלכער האָט דאָ מיט אַ קורצער צייט צוריק געוווינט. איך בין דאָ לויט דער פאָדערונג פון מיין אַמט.

— הער פלעמינג? — וואָס, ער איז געשטאָרבן?

— ניין, ניין. איבעריקנס, וואָס מאַכט עס אויס? דאָ גייט אין עפּעס אַנדערש.

פרייליין ד׳עספּאַר האָט זיך נישט אַלע מאָל געפילט אין אַ זיכערער לאַגע. זי האָט זיך מיט דער צייט צוגעוווינט, איז געוואָרן אַנטשלאָסן, האָט זיך נישט פאַרלוירן און געקאָנט העלדיש האַלטן זיך. זי זאָגט:

— עס איז אַלע מאָל אומאַנגענעם צו הערן וועגן עמעצנס טויט. דאָס האָב איך געמיינט!

— איר האָט דאָך דעם מענטשן געקענט? איר זענט געווען

די לעצטע, וואָס האָט אים געזען, איידער ער איז אַנטלאָפֿן.

— ער איז דען אַנטלאָפֿן?

— זאָל זיין, איידער ער איז אַוועקגעפֿאָרן. איר ווילט ענט־פֿערן אויף מיינע פֿראַגן?

— וואָס הייסט געקענט? — זאָגט זי. — הער פֿלעמינג איז דאָך אָפֿט געווען קראַנק, און דאַן פֿלעג איך ביי אים זיצן. אויף אַזוי פֿיל האָב איך אים געקענט.

— מער נישט? חוץ דעם נישט?

דער לענסמאַן האָט זיך איינגעקוקט אין די פּראָטאָקאָלן און האָט דאָרט בּלומרשט עפּעס געפֿונען.

— איך האָב דעם איינדרוק, — זאָגט ער — אַז איר זענט מיט אים, אַזוי צו זאָגן, אָפֿט געווען אינאיינעם. איז עס ריכטיק? מען האָט מיר אַזוי דערציילט.

איצט שמייכלט די פֿריילין. זי איז אַ ביסל בלאַס, אָבער זי שמייכלט און זאָגט:

— ווי אָפֿט און וויפֿל צייט האָב איך פֿאַרבראַכט מיט אים אינאיינעם? איך מיין, אַז איך קאָן זאָגן: אַלע טאָג, אָבער נישט דעם גאַנצן טאָג, מיר זענען ביידע געווען געסט אין דער סאַנאַ־טאָריע און פֿלעגן צוזאַמען שמועסן.

— ער האָט זיך צו אייך באַצויגן מיט צוטרויען?

— מיר פֿלעגן שמועסן צוזאַמען. איך בין דאָך מער אַ פּראָוואַנצוויזין איידער אַ נאָרוועגערין, און אַלס געבילדעטער מאַן, האָט הער פֿלעמינג מיט מיר גערעדט פּראַנצויזיש, דערקלערט זי.

— אַזוי? — זאָגט דער לענסמאַן. — דאָס רופֿט ביי אים אַרויס פֿאַרוווּנדערונג און אימפּאָרנירט אים אין אַ געוויסער מאָס.

— פֿראַנצויזיש?

די פֿריילין האָט אָנגעוויזן אויף אירע ביכער אַרום.

— איך לייען אַזוי גוט ווי אויסשליסלעך פֿראַנצויזישע בי־כער. איך האָב מיט הער פֿלעמינג גערעדט וועגן די פֿראַנצויזישע ביכער, וואָס מיר האָבן געלייענט. דאָס מיינט איר עס צוטרויען?

דער לענסמאַן איז ברוגז:

— איך בין דער, וואָס שטעלט פראַגן, פרייליין! איך בין אַהערגעקומען אויפצוקלערן ידיעות.

איך וועל ענטפערן — זאָגט די פרייליין.

— אַ דאַנק... די זאַך באַשטייט אין דעם, וואָס הער פלע-מינג איז אַרעסטירט.

- וואָס האָט ער אַזוינס געטון?

— יאָ, אַ פעלשונג, צי אַ גנבה אין אַ באַנק, אָדער וואָס עפּעס אַנדערש. עס האַנדלט זיך אין אַ גרעסערע סומע. אַזוי האַלט עס. האָב איך געוואָלט פרעגן, אפשר ווייסט איר, ווו האָט ער דאָס געלט באַגראָבן?

—איך? — האָט די פרייליין זיך פונאַנדערגעלאַכט הויך און שאַלנדיק — זוכט בעסער ביי אים אין די קעשענעס.

דער לענסמאַן ווערט רויט און צערייצט: איך ראָט אייך בעסער ענטפערן מיר אויף מיינע פראַגן.

די פרייליין לאַכט נאָך אַלץ, נישט אַרויסווייזנדיק קיין שום מורא. זי זאָגט לאַכנדיק:

— אַנטשולדיקט, איך מוז לאַכן, דאָס איז אַזוי קאָמיש.

אָבער איצט האָט, אַפּנים, איר לוסטיקייט געמוזט אָפּקלינגען אין זיינע אויערן געקינצלט. ער זאַמלט אָן כוחות פאַר אַ פּלוצ-לינגן קלאַפּ, און ער פרעגט קורץ און שאַרף:

— ווו איז דאָס געלט?

אַ, זי טראָגט דאָס געלט אויף דער נאַקעטער ברוסט, און די טיר איז פאַרשלאָסן! ריכטיק, זי האָט דעם קאָנווערט מיטן געלט ביי זיך, ער איז געוואָרן כמעט אַ טייל פון איר, ער האָט זיך לויט איר קערפּער אויסגעבויגן און אויסגעפורעמט, ער איז שוין דאָרט אָפּגעלעגן אַפולע וואָכן. פרייליין ד'עספּאַר איז העלדיש מוטיק, זי באַמערקט, אַז זי באַוועגט זיך אויף אַ גליטש, אָבער זי גיט זיך נישט אונטער, ניין. די גראָבהייט פון דעם לענסמאַנס פראַ-גע העלפט איר. זי איז שטאַרק באַליידיקט, דאָס דאַרף ער אַליין פאַרשטיין. און מיט אַ שנעלער באַוועגונג טוט זי אַ וואָרף אויפן טיש דעם שליסל פון איר טשעמאָדאַן, שפּרינגט אויף און שרייט אויס:

— ביטע, זוכט אונטער מיין צימער און מיין טשעמאָדאַן, איך וועל אייך נישט שטערן!

און מיט די ווערטער עפנט זי האַסטיק אויף די טיר און לויפט אַרויס.

זי טראָגט זיך דורך ווי אַ שטורם איבערן קאָרידאָר, פליט אַראָפּ פון די טרעפּ און לויפט אַרויס אויף דער וועראַנדע. דאָרט זיצן דער זעלבסטמערדער און אַנטאָן מאָס. אין וועג האָט זי די קנאָפּקעס אויפן רוקן אויפגעריסן און אַרויסגענומען דעם גרויסן קאָנווערט. איצט שטרעקט זי אים אויס צו זיי אין גרויס אויפרעגונג און זאָגט:

— דער זשאַנדאַרם איז דאָ. ער וויל עס צונעמען! באַהאַלט עס. דאָס זענען דעם גראַפס בריוו, הער פלעמינגס בריוו, בלויז בריוו...

מאָס זיצט נענטער און ער כאַפּט דעם פּאַקעט. ער זעט, אמת, ווייניק, אָבער ער זעט דאָך, אַז זי איז פאַרפּאָלגט, אַז איר בלוזע איז פונאַנדערגעשפּיליעט. ער הערט די שרעק אין איר שטימע. ער טראַכט נישט, ער שפּיליעט אָפּ דעם סוועטער און דאָס העמד, באַהאַלט דעם פּאַקעט און שפּיליעט ווידער צו.

— אַך, — זיפצט זי אָפּ און פאַלט אַנידער אין אַ געפלאָכטענעם שטול.

— וואָס איז געשען? — פרעגט דער זעלבסטמערדער

— איך ווייס נישט. דאָס איז צוליב דעם הער פלעמינג. ער איז בלומרשט עמעצן שולדיק געלט, ער האָט געלט, וואָס געהערט אים נישט, וואָס ווייס איך? און איצט פאַרלאַנגט ער, דער זשאַנדאַרם, איך זאָל ווייזן, ווו האָט ער דאָס געלט באַהאַלטן.

— ער האָט ביי אייך געזוכט? — פרעגט דער זעלבסטמערדער און גלויבט אַליין נישט.

— יאָ, דאָס הייסט, ער האָט געוואָלט, אָבער ער וועט דעם פּאַקעט, די בריוו, נישט באַקומען — נישט אמת?

— ניין — זאָגט מאָס אומגעהויער רויק.

אויך דער זעלבסטמערדער צעהיצט זיך. זיין פנים הויבט אָן אויסדריקן עקשנות, און ער ווענדט זיך צו זיין חבר:

— לייט מיר אייער שטעקן, מאַם! איך וויל אים אויף יעדן פאַל האָבן ביי זיך.

— איך דאַרף אים אַליין האָבן, — ענטפערט מאַם — איך בין דער ערשטער.

— אָ, אַ דאַנק אייך. אַ דאַנק! — וויינט און לאַכט די פריי־לין. — איך וועל טון אַלץ, וואָס איר וועט פון מיר פאַרלאַנגען!

זי האָט סוף כּל סוף אָנגעהויבן מורא האָבן פאַר איר איי־גענעם קוראַזש. מען קאָן טאַקע זיין מוטיק, אָבער מען קאָן נישט אַזוי לאַנג אויסהאַלטן, ווען מען איז שוין פון פריער אָפּגעשוואַכט דורך דאגות און דורך צרות. אַמאָל פילט מען זיך, אין גרונד גענומען, ווי אַ פויגל, וואָס באַהאַלט זיך אין אַ קוסט.

און איצט האָט זי געפונען שוץ ביי די צוויי פּאַציענטן, ביי די צוויי אָרעמע, נעבעך, וואָס זענען אַליין גענוג פאַרפאַלענע מענטשן. זיי זיצן דאָ, ווייל עס איז זיי אַלץ איינס, וואָס צו טון, זיי לעבן טאָג איין טאָג אויס.

אין דעם אויגנבליק איז דער זעלבסטמערדער קריגעריש געשטימט.

— ווו איז ער, דער בחור? — פרעגט ער.

די פריילין וויינט און לאַכט ווידער אויס דאַנקבאַרקייט פאַר דער דאָזיקער דרייסטער קראַפט, וואָס רופט אָן דעם פאַרשטייער פון דער פּאָליציי—בחור, און זי דערקלערט:

— ער איז ביי מיר אין צימער. איך האָב אים געבעטן, ער זאָל זוכן אין מיין צימער און אין מיין טשעמאָדאַן. איך האָב אים געגעבן דעם שליסל.

די חברים האָבן געפונען, אַז זי האָט געטון גרויסאַרטיק, אויסגעצייכנט, אַזוי, זאָל ער וויסן, דער שיינער בהור. זיי זאָגן עס נישט אַרויס, נאָר זיי שאָקלען צו מיט די קעפּ. ווען דער זעלבסטמערדער האָט אָנגעהויבן רעדן, האָט ער עס געטון נאָר כּדי אויסצודריקן זיין אומרויקייט, וואָס מען האָט אַ ווילדפרעמדן מענטשן איבערגעלאָזן אין איר צימער מיט נישט קיין פאַרשלאָסענע טשעמאָדאַנעס. — איך מיין, מען דאַרף אַרויפגיין, — זאָגט ער און הויבט זיך אויף.

די פרײלין כאַפּט אים אָן פאַרן אָרעם און בעט, ער זאָל עס נישט טון:

— ער װעט גאָרנישט געפינען, ס'איז דאָרט גאָרנישט נישטאָ. גייט נישט, אום גאָטעס װילן!

אָבער זי קאָן עס נישט פאַרגעסן, זי מוז װידער לאַכן, װי־דער אַביסל בליפּען פון התפּעלות צוליב דעם פּראַכטפולן איינ־פאַל פון דעם זעלבסטמערדער, װאָס געטרױט נישט דער פּאָליציי, דער פּאָליציי אַליין. ביסלעכװײז װערט איר אױפרעגונג געלאַסענער, אירע נערװן באַרויקן זיך. זי נורעט זיך איין אין דעם אָנלען פון שטול מיטן רוקן, כדי צו באַהאַלטן די אָפּגעשפּיליעטע בלוזע. די חברים האָבן געמיינט, אַז איר איז שרעקלעך קאַלט. זאָל זי אַריינגיין אין צימער. אָבער ניין, ניין, — זאָגט זי — זי װיל דאָ בלייבן זיצן, ביז דער מענטש װעט אַװעק: איר איז נישט קאַלט! אױסגעצייכנט. אױפן האַרצן איז איר גרינג, זי האָט נישט געדאַרפט אַנטלױפן.

דער לענסמאַן איז געקומען. ער איז געװען פרידלעך און איינגעהאַלטן. זיין קלאַפּ איז געפּאַכן אױפן װאַסער:

—איר האָט מיך שלעכט פאַרשטאַנען, איר האָט גאָרנישט גע־דאַרפט אַװעקצוגיין, פרײלין, — האָט ער געזאָגט.

די פרײלין קוקט אױף אים און שװײגט.

— איך האָב, פאַרשטייט זיך, ביי אייך נישט געזוכט, דער שליסל פון משעמאָדאַן ליגט נאָך דאָרט, װו איר האָט אים אַװעקגעלייגט. איך האָב נאָר אַריינגעטראָגן אייער דערקלערונג אין פּראָטאָקאָל.

די פרײלין שװײגט. אָבער זי האָט זייער מורא, אירע פריינט זאָלן נישט אָנהײבן רעדן. אַנטאָן מאָס זאָל זיך נישט אַ פּאַטש טון איבער דער בװזעם־קעשענע און זאָגן: אָט זענען דעם גראַפס בריװ צו דער פרײלין, קומט אָקאָרשט און נעמט זיי!

דער זעלבסטמערדער האָט איבערגעריסן דאָס שװײגן, ער זאָגט:

— ס'איז, אפנים, אַ געפערלעכע זאַך, אויב מען האָט מיטן גראַף פלעמינג געװויגט אונטער איין דאַך און מיט אים גערעדט.

דער לענסמאַן פרעגט אויפגערייצט: וואָס? — וואָס דאַרפסט?

— איך בין איינער פון די, וואָס האָבן מיט אים גערעדט.

— איך אויך — זאָגט מאָס, נישט אויפהויבנדיק די אויגן.

— די פרײלין זאָגט אַ דערשראָקענע: — ניין, מען דאַרף נישט, לאָזט!

לענסמאַן פרעגט: — איר זאָגט דער גראַף. ער איז דען אַ גראַף?

— איר ווייסט עס גאָרנישט? — פרעגט דער זעלבסטמערדער פון זיין זייט, און ס'האָט אַפּנים, ווי ער וואָלט נאָך קיינמאָל אין לעבן אַזאַ אומוויסנדן מענטשן נישט געזען.

צי דער לענסמאַן האָט געגלויבט, אַז דאָס איז געווען אַ גראַף, צי ער האָט נישט געגלויבט, יעדנפאַלס האָט ער באַמערקט, אַז ער האָט פאַר זיך אַ געזעלשאַפט, וואָס איז צו אים פיינטלעך געשטימט, און ער האָט געזאָגט מיט דעם מיין צו מאַכן אַ סוף צו די רייד: „נו, איך האָב שוין ערלעדיקט מיין ענין, וואָס איך האָב דאָ גע־האַט!" — מיט די ווערטער האָט ער זיך פאַרנויגט, צוגעלייגט די האַנט צום גאָלד־באַשנירטן היטל און איז אַוועק.

זיין אַוועקגיין איז געווען אַן אָנשטענדיקער, און דאָס האָט דערוועקט די הערצער פון דער געזעלשאַפט. חוץ דעם האָט דער דאָזיקער מענטש זיך געסטאַרעט אויסצודינגען פאַר זיינע עלטסטע — דאָס האָט פרײלין ד'עספּאַר זיך דערוווסט פון דניאלן; ער וויל דערגרייכן צו דעם אַמט פון אַ לענסמאַן און מאַכן זיין פרוי הע־לענע פאַר אַ גרויסאַרטיקע דאַמע. ס'איז אַלץ פאַרבונדן איינס מיטן אַנדערן.

ווען מאָס האָט אומגעקערט דעם דיקן פּאַקעט, האָט ער געזאָגט שפּאַסנדיק, מיט אויגן אַראָפּגעלאָזענע צו דער ערד:

— איר קאָנט צו יעדער צייט ווידער קומען דערמיט. איך האָב גאָרנישט קעגן דעם, איך זאָל עס טראָגן. דעמאָלט וועל איך האָבן דאָס געפיל, אַז איך האָב עפּעס אין קעשענע, אַז איך האָב עפּעס אייגנס. — און דערביי האָט ער געשמייכלט מיט זיין אומגליקלעך מויל.

דער דאָזיקער שמייכל האָט טיף גערירט פרײלין ד'עספּאַר

מיט זיין קלאָגעדיקייט. פון די פיל פאַרשידענע איבערלעבונגען, וואָס זי איז ביז איצט אויסגעשטאַנען, איז זי געווען צערודערט, און וואָלט איצט געקאָנט פאַלן צו דעם הויט-קראַנקן מענטשן אויף דער ברוסט און גלעטן אים.

— וואָס קאָן איך איצט פאַר אייך טון? מיט וואָס זאָל איך אייך אָפּדאַנקען? — האָט זי געפרעגט.

אָבער אַזוי ווי זיי זענען נישט געווען קיין גאַלאַנטע קאַוואַלערן, האָבן זיי נישט געוווּסט, ווי דערויף געהעריק צו ענטפערן, זיי האָבן עס נאָר געמאַכט צו גאָרנישט, מאָס האָט אַפּילו אַ מורמל געטון אין זיין אומבאַהאָלפנקייט:

— דאָס דאַרפן מיר גאָר אייך דאַנקבאַר זיין.

נאָכדעם האָבן זיך די פריילין מיט די חברים אָפּט צוואַמען געטראָפן און פשוט פריינטלעך געשמועסט. געפעלן ווערן מענער האָט זי טאַקע געקאָנט, און די מענער פון זייער זייט האָבן אין איר אונטערגעהאַלטן דעם מוט, אַליין נישט באַמערקנדיק עס. זי האָט געוואָלט אַביסל זאָרגן וועגן די ווונדן ביי אַנטאָן מאָסן אויפן געזיכט, אָבער ער האָט זיך נישט געלאָזן; זי האָט געוואָלט אויספרווון פאַרשידענע מיטלען, אָבער ער האָט זיך אָפּגעזאָגט.

טאָג נאָך טאָג איז פאַרגאַנגען, די חברים האָבן זיך געמוטיקט, טאַקע ריכטיק, אָבער די טעג זענען שנעל געגאַנגען, געפלויגן, און ס'איז אַזוי ווייניק צייט געבליבן. אומרויק און נישט וויסנדיק, וואָס צו טון, פאַרברענגט זי מיט די צוויי פאַציענטן אין דעם רויבער-צימער און הערט צו, ווי זיי קריגן זיך איינער מיטן אַנדערן און באַשולדיקן זיך קעגנזייטיק אין די שרעקלעכסטע זאַכן. זיי האָבן זיך גוט אויסגעאיבט און איינער דעם צווייטן גערעדט זייער בייסנדיקע שטעכווערטלעך. קיינמאָל האָט נאָך פריילין ד'עספאַר נישט געהערט, מען זאָל זיך אַזוי קריגן אויף גלעכטער. איז עס געווען אויף גלעכטער?

אָט קאָן מאָס אַזוי זיך, מיר נישט דיר נישט, נעמען און אויסלאַכן דעם זעלבסטמערדער דערפאַר, וואָס ער גייט נאָך אַרום אַ לעבעדיקער אויף דער וועלט: — איר וואַגט עס נישט, פאַרשטייט זיך — זאָגט ער.

— וואַרט נאָר. ביז איך וועל אָנשטרענגען מיין שכל — ענט־פערט דער זעלבסטמערדער — איך וועל מיך פּרוּוון אַלץ אייך געבן צו דערקלערן.

פרײלין ד'עספאַר זיצט דערביי אַ רויטע פון פאַרלעגנהייט. וואָס וועט דערפון זיין?

מאַס רעדט ווייטער: — די זאַך איז, וואָס איר האָט נאָך נישט באַמערקט, ווי נישט נויטיק, ווי איבעריק איר זענט אויף דער ערד.

דאָס האָט שוין שטאַרק פאַרנומען ביים האַרצן; דער זעלבסט־מערדער זאָגט: — גלויבט אים נישט, פרײלין, ס'איז נישט דאָס. דאָס איז עפּעס אַנדערש. איך קאָן נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס זאָל איך מער נישט ווי צוליב ריינער עקשנות פאַרלאָזן דאָס לעבן.

— ריכטיק, — זאָגט די פרײלין, און זי פאַרשטייט נישט, פאַרוואָס איז מאַס אַזוי גראָב.

— אַזוי גאָר, איר ווילט נישט זיין קיין עקשן! ניין, איר וואָגט נישט.

מאַס טשעפּעט זיך ווייטער און רייצט אים, פאַרשטעלנדיק די זאַך ווי עפּעס שיינס און גלוסטיקס: — ווען איר טוט עס אָפּ היינ־טיקע נאַכט, קאָנט איר מאָרגן אויפשטיין אין הימל, מיט אַ האַרפע צווישן די קני.

פאַר פרײלין ד'עספאַר איז עס געווען אַ רעטעניש ווי קאָן מען אַזוי רעדן. פון וואָס פאַר אַ שטאָף איז דער זעלבסטמערדער געמאַכט, וואָס ער ענטפערט אַפילו נישט אָפּ אַנטקעגן.

ער זיצט זיך גאַנץ רויק און שמייכלט לייכט, זיין געדולד ווייזט איר אויס גרויס אָן אַ שיעור.

דאָס איז אָבער געווען בלויז דער ערשטער אַקט, און באַלד קומט די ריי פון דעם זעלבסטמערדער. אַ, דער אומגליקלעכער אַנטאָן מאַס! ער רופט שוין צופיל אַרויס אויף בייזקייטן.

— ווי שיקט זיך עס, אַז אַ בלינדער מענטש זאָל אין זיך האָבן אַזוי פיל גאַל! — זאָגט דער זעלבסטמערדער.

— איך בין נישט קיין בלינדער — פּראָטעסטירט מאַס.

— איר קאָנט נישט לייענען.

— איך קאָן נישט לייענען? — מאַס שטעלט זיך און וויל געמען פון טיש אַ צייטונג, כּדי צו באַווייזן, ווי גוט זיינע אויגן זענען. ער שטויסט זיך אָבער אָן אויף אַ שטול און וואַרפט אים אום.

דער זעלבסטמערדער הויבט אויף דעם שטול און זאָגט:

— איך לייג פּאַר אַרויסצוגיין אויפן הויף, כּדי נישט קאַליע צו מאַכן דאָס מעבל.

די פרײלין מישט זיך ווידער אַריין:— אָרעמער, ער האָט פּשוט דער שטיל נישט באַמערקט.

— ניין, אָבער לייענען קאָן איך, ס'איז נאַרישקייט, — זאָגט מאַס.

— זעט איר! — זאָגט דער זעלבסטמערדער. — אָט האָט איר פאַרלוירן די עקלהאַפטע שמאַטע פון פינגער. אָט ליגט זי. וואַרט, זעצט זיך, מענטש, איך וועל שוין אויפהויבן, איר זעט דאָך נישט. אָט אַזוי, וויקלט זי ווידער אַרום אַרום פינגער. אַלץ מוז מען אייך זאָגן, איר זענט, ווי אַ קליין קינד. מיך עקלט פון אייך. און חוץ דעם, טראָגט איר זיך אַרום מיט דעם פינגער, ווי מיט עפּעס אַן אוצר. שניידט אים אָפּ מיט אַ שער!

— האַהאַהאַ, — זאָגט מאַס.

בכלל זענען די באַציונגען צווישן די דאָזיקע צוויי מענטשן געווען זייער פאַרפּלאָנטערטע. עס האָט געהאַט אַ פּנים, ווי זיי וואָלטן צווישן זיך געהאַט אַן אָפּמאַך שטענדיק צו רייסן זיך, כּדי אונטערצוהאַלטן אין זיך דעם מוט. איינער האָט געהאַט ווייטיקן אין דער נשמה, דער צווייטער — אַ קראַנקהייט אין קערפּער, אַ הויט-קראַנקהייט. זיי האָבן ביידע גאָרנישט גענאָסן פון זייער יוגנט. און זיי האָבן זיך אַזוי געקאָנט רייסן! דער זעלבסטמערדער האָט דעם חבר אויסגעלאַכט צוליב זיין אויסזען און אָנגעהויבן פון די קליידער:

— אייער העמד איז אויפן רוקן שוין געל און רויט געוואָרן, איר מיט אייער שאַרפן בליק האָט עס שוין געזאָלט לאַנג באַמערקן.

— מער קאָנט איר נישט ווי זידלען זיך, — ענטפערט מאַס—

איר זענט פול מיט שנאה צום לעבן, אייך קאָן גאָרנישט נישט צופרידן שטעלן. מען דאַרף זיין אַ גרויסער בעל גאווה, כדי אַלעמען צו זידלען.

דער זעלבסטמערדער שרייט אויס מיט שטאַרקער עזות:— יאָ, ליבער פריינט, עס איז אָבער אַ סכנה צו קוקן אויף אייך! איר מיינט דען נישט אַזוי, פריילין ד'עספּאַר?

די פריילין איז אויסער זיך:—ניין, הערט נאָר, איר ביידע...

דער זעלבסטמערדער ווענדט זיך דירעקט צו מאָסן:

— וואָס וואָלט געווען, ווען איר פרוווט זיך אָנהויבן צו פודערן? אָבער איר זענט אפשר צופיל רעליגיעז דערפאַר?

— האַהאַהאַ, — זאָגט מאָס

איצט מוז די פריילין אויך שמייכלען, אָבער גלייכצייטיק פאַרברעכט זי די הענט און שרייט אויס:

— ליבער גאָט, איר זענט משוגע?

זיי קריגן זיך ווייטער, הערן אַ רגע אויף און הויבן אָן פון ס'ניי. פאַרשטייט זיך, זיי זענען געווען אומגליקלעכע, שווער און טיף געטראָפן פונם בייזן מזל. פון זייער מויל איז קיין איינציקער מילדער שפּאַס נישט אַרויסגעקומען, זיי האָבן קיינמאָל אויפריכ־טיק פון האַרצן נישט געלאַכט. זיי האָבן זיך געטשעפּעט אין זייער פאַרביטערטקייט, כדי נישט צו וויינען, זיי האָבן געסקריפּעט מיט די ציין, כדי נישט צו באַגיסן זיך מיט טרערן.

מערקווירדיק איז געווען, וואָס דער זעלבסטמערדער האָט זיך אָפט דירעקט געווענדט צו דער פריילין און געפרוווט זי אַריינצוציען אין שמועס, בשעת מאָס האָט זיך קיינמאָל אַזאַ פריי־הייט נישט דערלויבט. ער איז געזעסן, געקוקט פאַר זיך מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן און געהאַלטן טיף אַראָפּגעהאָנגען זיין שרעק־לעך געזיכט. נאָר דערביי איז ער, דאַכט זיך, אַריינגעגאַנגען אין די סאַמע טיפעניש פון די דערשיינונגען.

צייטנווייז האָבן דאָך די דאָזיקע דריי פאַרט געקאָנט רעדן צווישן זיך, אַזוי ווי אַלץ איז אין דער שענסטער אָרדנונג, יעדער איי־נער האָט פאַרגעסן זיין שלימזל אויף אַ רגע און געענטפערט דעם צווייטן אַן בייזקייט. די דאָזיקע רגעס האָבן געהאַט אַ גרויסע

באדייטונג פאר פרײלין ד׳עספאר, זי האָט זיך אויך געענדערט. די געשעעניִשן האָבן זי געמאַכט קאַרג אויף ווערטער, זי האָט אָנגעהויבן ערנסטער צו דענקען. ווי שנעל דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען. למשל, מיט הער פלעמינגן. נאָך מיט אַ קורצער צייט צוריק איז ער דאָ געווען, אַרומגערינגלט מיט דער אַכטונג פון אַלע געסט, מיט אַ בריליאַנטענעם רינג אויפן פינגער, מיט זיידענע וועש, אַ גראַף, אַ פרייער מענטש, — און איצט אין תּפיסה. און זי אַליין, יוליע ד׳עספּאַר: אויף איין אויגנבליק דערהויבן פון איר אָרעמקייט, כּדי תּיכּף אין נאָך אַ טיפערן אָפּגרונט געשליידערט צו ווערן! וואָס זאָל זי טון? אַרומגיין צוליב דער מתּנה, צוליב איר רייכטום ווי אויף הייסע קוילן און גלייכצייטיק געפּייניקט ווערן פון אַ באַהאַלטענעם ווייטיק, אין וועלכן זי האָט פאַר זיך אַליין מורא מודה צו זיין זיך? אירע אייגענע ליידן זענען געווען אַזעלכע גרויסע, אַז זי האָט נאָר זעלטן געטראַכט וועגן פלעמינגן. וואָס ווייטער איז ער איר אַלץ פרעמדער געוואָרן. עס איז איר געווען אַ רחמנות אויף אים, זי האָט אים געווונטשן, ער זאָל די שטראָף אויסמיידן, אָבער ער זאָל כּוח האָבן זי אַריבערצוטראָגן. אָבער קיין טרייהייט און קיין צערטלעכקייט האָט זי פאַר אים מער נישט געהאַט. און ס׳איז קיין וווּנדער נישט. זי איז כּלל נישט געווען קיין הארצלאָזע, אָבער פּונקט אַזוי איז זי אין דער דאָזיקער צייט ווייניק אויפגעלייגט געווען פאַר ליבע. דער זעלבסטמערדער און זיין חבר זענען פאַר איר דורכויס געווען די פאַסיקסטע געזעלשאַפט.

זיי זענען געזעסן און האָבן גערעדט וועגן שול און אונטערריכט, און די פרײלין האָט דערמאָנט דעם דירעקטאָר אָליווער. דער זעלבסטמערדער האָט זיך פאַרקרומט. אַנטאָן מאָס האָט געזאָגט:

— ער האָט געהאַט צוויי ווילדע יינגלעך.

— אָבער דער דירעקטאָר אַליין? — האָט זי געפרעגט.

— גאָט האָט דעם דאָזיקן מענטשן באַשאַפן, ווען ער איז געווען אין כּעס, — האָט דער זעלבסטמערדער אַ זאָג געטון און פון איצט אָן האָט ער שוין אַליין גערעדט.

איצט וואָלט דער האָלץ־הענדלער בערמעלסען געדאַרפֿט זיין דערביי, אים האָט זיך דאָך אַזוי געוואָלט הערן, ווי עס רעדט אַ משוגענער. ער וואָלט שוין איצט געקאָנט הערן אַלץ, וואָס עס קאָן נאָר געבן אויף דער וועלט, אפשר גאַנץ קלאָרע זאַכן, אפשר אויך אומגעוויינלעכע און צווייפלהאַפטע — אַ געמיש פון קלאָרן פאַרשטאַנד מיט משוגעת.

דירעקטאָר אַליוּער איז אַ מענטש, וואָס האָט גאַנצע ווער־טערביכער אין קאָפּ, און פון דעם דאָזיקן כאַאָס איז אַרויסגעקו־מען אַ הילפלאָזער מענטש: ווו איז זיין אָם? ווו איז זיין מילך־פלעשל? דאָס איז אַ פאַרבלאָנדזשעטער, וואָס גלויבט, אַז דורך ביכער קאָן מען זיך אַנטוויקלען ביז אַ מענטש צו ווערן. פון בי־כער קאָן מען דען באַקומען אַ כאַראַקטער? און פון וואַנען ווערט מען אַ פערזענלעכקייט? אַ פּאַפּוגיי קאָן זיך אַלץ אויסלער־נען, אַ מענטש קאָן זיך אַלץ אַריינהאַקן אין קאָפּ. אָבער דאָס קאָן זיין נאָר אַ מענטש, וועלכער געהערט צו אַ באַשטימטער קאַסטע, ווי דער דירעקטאָר אַליוער איז איינער פון דער קאַסטע פילאָלאָגן. ער קאָן „שפּראַכן" און מער גאָרנישט.

די פריילין פילט זיך דורך דעם אַביסל פערזענלעך באַ־לייזדיקט, און זי ענטפערט: — אָבער ס'איז דאָך גאָרנישט אַזוי שלעכט, ווען מען קאָן שפּראַכן. איך וואָלט וועלן קאָנען וואָס מער.

— צו וואָס? — האָט דער זעלבסטמערדער געפרעגט.

— צו וואָס? צו וואָס לערנט מען שפּראַכן? פאַרשטייט זיך, כדי צו אַנטוויקלען דעם גייסט, כדי צו קאָנען זיין אין קורס פון די פרעמדע ליטעראַטורן, כדי צו זיין אַ געבילדעטער מענטש.

— מיר האָט זיך נאָך קיינמאָל נישט איינגעגעבן אינגאַנצן צו זיין אין קורס פון אונזער אייגענער ליטעראַטור — זאָגט ער.

— נו, יאָ, אונזער אייגענע ליטעראַטור! — האָט זי געענט־פערט ווי געוויינלעך.

ער איז פלוצלינג געוואָרן צעקאָכט און נישט אַנגענעם, קריגעריש, גלייך ווי ער וואָלט געוועזן צופיל זיכער אין זיינע ווערטער, כדי אויף זיי מוותר צו זיין.

— שפראכן. ביכער פון פרעמדע פעלקער פון גאָר דער וועלט! מיר האָבן אין די צפון־שפּראכן אַ מיליאָן בענדער, איבער וועלכע מיר שפּרינגען אַריבער, כּדי צו קומען צו די „אויסלענדישע”. זענען אונזערע נישט אַזוי גוט, ווי יענע? און ווי איז, אויב זיי זענען נאָך אַביסל בעסער? דער עיקר, זיי איז דאָך לייכטער איבערצולייענען. און די גרויסע אינטעלעקטועלע אַנטוויקלונג, וואָס דאָס שטודירן פרעמדע שפּראַכן קאָן געבן, מ'שטיינס געזאָגט — טוט אַ קוק אויף דעם פילאָלאָג, אויף דעם שולדירעקטאָר, וועט איר שוין זען. אַ גאַנץ געוויינלעכער טיפּ, קיין האָר נישט אַנדערש, ווי דאָס רוב איבעריקע מענטשן, ס'הייסט נישט גראָד ערגער, דאָס זאָג איך נישט, אָבער אין וואָסער הינזיכט איז ער בעסער? ער האָט אַ העכערן פּלי? אַ צאַרטערן אינערלעכן לעבן? איז אים לייכטער אַן אומגליק, ער איז גליקלעכער? שטערנאויגיקער? אָ, וואָס אַזוינס קאָן מען פון אים דערוואַרטן! זיין נשמה איז אָנגעפּולט מיט אַ הודזשעריי פון ווערטער, ווערטער, און מער גאָרנישט ווי ווערטער.

— וואָס רעדט איר?

— עס איז נישט צו דערהאַלטן, ווען מען הערט, ווי דער גרויסער עולם שעצט אים: מענטשן מוזן דאָך באַמערקן די דאָזיקע אומגעלומפּערטע געשטאַלט. ער האָט זיך אָנגעשטאָפּט דעם קאָפּ מיט ווערטערביכער, האָט זיין טעמפּקייט קאָנסאָלידירט, און מענטשן שרייען צו אים אַפּלאָדירנדיק: פּרווו נאָך עטלעכע ווערטערביכער פאַרדייען, נו, נאָך צוויי אָדער דריי, בראַוואָ! מיר וועלן דערפאַר באַצאָלן! און דאָס אַלץ ווערט געטון, כּדי ער זאָל קאָנען עפּענען אַ קרעמל אַ שול, און באַזאָרגן די שילער, די קינדער, מיט זיין אַלטוואַרג

— ווי זשע מיינט איר? זאָלן קיין שפּראַך־לערנער נישט זיין? זאָל מען אין די שולן נישט לערנען קיין שפּראַכן?

— אפשר־נישט, אפשר גאָרנישט. וואָס מיינט איר? אפשר פאַרלירט מען ביי די „שפּראַכן” מער, איידער מען נעווינט. דאָס לעבן איז אַזוי קורץ, אַז עס איז נישטאָ קיין צייט פּאַפּאָגאַיעווען. זאָלן לערנען שפּראַכן נאָר די באַזונדער באַרופענע, פון וועלכע

עס קאָנען ווערן ספּעציאַליסטן, איבערזעצער, דאָלמעטשער, דראַ־גאָמאַנען, אָבער נישט די געוויינלעכע שטערבלעכע, נישט איר, נישט ער, נישט איך. נאַטירלעך, דאַרף געמאַכט ווערן אַן אויסנאַם פאַר די גרויסע שפּראַך־זשעניס, די אַנטדעקער. עס רעדט זיך וועגן אונז, די אויטאָמאַטן, וואָס שאָקלען צו מיטן קאָפּ. האָבן מיר דאָך שוין אָנגעהויבן צו צווייפלען, צי איז נוצלעך, אַז יעדער מענטש מוז זיך לערנען שפּילן קלאַוויר, אָבער צוליב דעם שעצן מיר נישט נידעריקער דעם מוזיקער פון גאָטס גענאָד. נישט אמת?

— אָבער וואָס וועט ווערן פון דער שול, אויב מען וועט בײַ איר צונעמען די שפּראַכן?

— יאָ, דאָס זענט איר גערעכט: — וואָס וועט דעמאָלט בלײַבן פון דער שקלאַפערײַ פון אונזער שול. עטלעכע גלײַכ־גילטיקע כראָנאָלאָגישע ציפערן פון קעניגין און מלחמות, עטלעכע ערפינדונגען אין דער גימנאַסטיק אָנשטאָט נוצלעכער אַרבעט, אַ נאַרישע שפּיל אין מאַטעמאַטיק פאַר צוועלף־יאָריקע קינ־דער־מוחות — נישקשה, ס'וועט נאָך בלײַבן גענוג. וואָס איז אַזוינס שול? שול איז דער טאָג־טעגלעכער אונטעררייכט פון אַ מוטער, די טאָג־טעגלעכע ליבע פון אַ פאָטער. פאַרקערט די ביכער־שול איז עפּעס אויסגעקליגלטס, אַזאַ אַנשטאַלט, וואָס מאַכט דאָס לעבן בכיוון קאָמפּליצירט און שווער פון דעם זעקסטן יאָר אָן ביז סאַמע טויט. דאָס בוך, דאָס געדרוקטע וואָרט פאַר אַלעמען און פאַר יעדן פולט אָן די וועלט מיט אומצופרידנהייט און מיט אומגליק, מיט קוואַנטיטאַטיווער בילדונג, ציוויליזאַציע.

— פאַרוואָס זשע קוקן מענטשן מיט אַכטונג אויף דעם, וואָס האָט זיך געלערנט און באַזונדערס אויף דעם, וואָס האָט געלערנט מער פאַר אַנדערע, אויף דעם געלערנטן?

— איר מיינט, אַז דאָס האָט עפּעס אַ באַדייטונג? ניין. מיר קוקן אויף אַלץ, וואָס איר ווילט, אויף דעם זייגער אין וועטלויף. אויף דעם קעניג פון טאָג אין גלימשן זיך. אין ביידע פאַלן איז מיין אַכטונג געמישט מיט רחמנות צו דער חיה. מיר שטעלן זיך און גיבן אָפּ אונזער שטול אַ הינקעדיקן, מיר וואַרטן געדולדיק, ביז דער שטאַמלער וועט זיינע נאַרישקייטן אַרויסרעדן, מיר עפענען

פאַר אַ דאַמע די טיר, גלייך ווי זי וואָלט אַליין קיין הענט נישט געהאַט...

ער שטעלט זיך אָפּ.

— איז וואָס? — פרעגט די פרײלין.

— גאָרנישט — ענטפערט ער — עס איז אַמאָל געווען אַ פּליי־טיסט, אַ ווירטואָז; ער האָט געענדיקט דערמיט, וואָס ער האָט די נאָטן פאַרוואָרפן אונטערן פולט און מיט דער פּלייט האָט ער גע־מאַכט זייפנבלאָזן. נאָר דאָס איז אויך אַזוי זיך, גאָרנישט.

און דאָ איז אין אים דער מעכאַניזם אויסגעגאַנגען. ביידע שווייגן.

מאָס האָט איבערגעריסן די שטילקייט:

— איר זענט אין עקסטאַז — זאָגט ער.

דער זעלבסטמערדער קוקט אים אָן און בלינצלט מיט די אויגן פאַרזונקען אין מחשבות.

— עס האָט פּשוט פאַרכאַפּט, ווען מען האָט אייך געהערט, צייטנווייז האָט עס געקלונגען פּונקט ווי פּערזן — האָט מאָס געזאָגט.

די פרײלין האָט ווידער אַביסל אַ שמייכל געטון, אָבער אַזוי ווי דער זעלבסטמערדער האָט גאָרנישט געהערט, האָט מאָס מער נישט געפּרוּווט מיט אים צו פאָרטזעצן דעם שמועס. ער האָט זיך אויפגעהויבן, אַ ווײַלע געקוקט אין פענסטער אַריין און איז אַוועק.

די צוויי זענען געבליבן זיצן. ס'האָט זיך פאַרנומען בין־השמשות. עס האָט זיך געדאַכט, גלייך ווי איצט, ווען זיי זענען געבליבן אַליין, איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג. די דאַמע, וואָס האָט געהאַט אָנציוונגס־קראַמפּ פאַר מאַנסביל, האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ צום אַקסל און אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן דעם, וואָס ער האָט געזאָגט, על כּל פּנים האָט זי זיך געמאַכט, ווי זי וואָלט כּלומרשט טראַכטן. משוגע איז דער דאָזיקער מענטש גראָד נישט, און דאָס איז איר שוין געווען אַנגענעם. לויט פאַרשידענע סימנים האָט זי באַשלאָסן, אַז דער מענטש זאָגט זיך נישט אָפּ פון קיין נויטיקע זאַכן, ער קויפט אַלץ, וואָס ער דאַרף — וואָס זשע איז מיט אים? ער האָט אַ געשעפט אין שטאָט, אָדער ער לעבט פון פּראָצענטן. נאָר דער עיקר — וואָס איז מיט אים געשען? עס איז

איר אינטערעסאַנט געווען צו וויסן, ווי אַזוי האָט דער אומגליק־לעכער געקאָנט אויפגעבן דעם געדאַנק וועגן זעלבסטמאָרד.

זי איז אַזוי ווייט אַוועק, אַז זי האָט געבעטן אַנטשולדיקן איר, וואָס זי האָט אים פאַרשאַפט עגמת־נפש מיט אירע נאַרישע ענטפערן, זי האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען, האָט באמת גאָרנישט גע־מיינט —

— ניין, ניין, ניין, דאָס דאַרף ער זיך אַנטשולדיקן! ווי דען זשע, זי האָט פון אים געוואָלט לאַכן?

— איך האָב אַזוי אָפט געטראַכט וועגן דעם, פאַרוואָס, אייגנטלעך, זיצט איר דאָ? — זאָגט זי פלוצלינג אַנטשלאָסן אין איר נאַכלעסיקן טאָן.

— פאַרוואָס זיץ איך דאָ? וואָס מיינט איר דערמיט?

— פאַרוואָס זיצט איר דאָ אַזוי לאַנג? איר זענט דאָך נישט קראַנק, אייך פעלט גאָרנישט. די פעריען האָבן זיך שוין לאַנג געענדיקט, אַנטשולדיקט מיך, איך וויל נישט זיין נייגעריק...

— מסתמא האָב איך אַ גרונד דערצו.

— יאָ, פאַרשטייט זיך

— פאַרוואָס זיצט איר אַליין דאָ?

זי טוט זיך פלוצלינג אַ וואָרף אויפן שטול פאָרויס, און דער אויבערשטער האַלבער קערפּער אירער האָט זיך אויסגעבויגן:

— אָ, גאָט, גאָט! איר זענט גערעכט. איך האָב עס אויך נישט באַדאַרפט צו פרעגן.

— ניין, ניין, ס'איז גאָרנישט, — זאָגט ער דערשראָקן — דאָס האָב איך נישט געדאַרפט פרעגן. נעמט אייך נישט צום האַרצן.

— מיר האָט זיך געדאַכט, איך האָב געהאָפט, אַז איר, אַזאַ מיכטיקער און קראַפטפולער מענטש, ווי איר, וואָלט מיר געקאָנט אַנווייזן אַ וועג... איר האָט מיר שוין איינמאָל געהאָלפן.

ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זי מיינט דעם באַזוך פון דעם לענסמאַן און דעם פּאַקעט מיט די בריוו. און ער באַשליסט ווי־דער אַמאָל, אַז דאָס, וואָס עס קוועלט זי, איז נישט אַנדערש ווי מחמת ליבע.

— מען דאַרף ווירקלעך נישט פאַרלירן קיין מוט, פרײַלין

ד׳עספאר — זאָגט ער טרייסטנדיק — מיר טאָרן עס נישט. ווען עס טרעפט אונז דאָס אומגליק, האָבן מיר מער גאָרנישט נישט צו טון, ווי נישט אנטקעגנשטעלן זיך.

— ריכטיק, אָבער ס׳איז אַזוי שלעכט.

—יאָ, מיר האַלטן זיך מער אָדער ווייניקער פון דער זייט, מיר טאָרן זיך נישט אנטקעגנשטעלן ס׳איז נאָר א פראַגע, צו לוינט בכלל אזוי נעמען זיך צום הארצן ביי אַנדערע גייט עס שנעל אריבער.

— ביי מיר נישט. מיר ווערט עס וואָס ווייטער אַלץ ערגער.

— ס׳איז גאָרנישט! — און כדי זי אויפצומינטערן, פילט ער זיך געניטיקט אביסל צו אַנטדעקן פאַר איר זיין אייגענעם סוד. זאָל זי זען, וואָס הייסט דער גורל! וואָס האָט עס פאַר א באַדײ־טונג, וואָס דער גראַף איז אוועקגעפאָרן און אפשר מער נישט ווי־ אויף א קורצע צייט. און אפילו וואָס ער האָט זיך ערגעץ ווו פארפלאָנטערט אין געלטזאכן און א פאָר קליינע רעכנונגען נישט פינקטלעך צו דער צייט באצאָלט, איז דען זיין נאָמען אַליין קנאָפ ראַיעל, וועט דען זיין שטיינרייכע פאמיליע זיך נישט אריינ־ מישן, אז די קרעדיטאָרן זאָלן זיך דארפן שעמען ?.. אָ, אנדערע איז פיל ערגער !

— אייך איז אויך שלעכט ?

— געוויס, נישט אמבעסטן, אָבער ...

און אָט די דאָזיקע קליינע פראָווינציעלער מאכט עס אזוי, אז דער זעלבסטמערדער איז אַליין געריזט פון זיין עלנט, און זיינע ליפּן הויבן אָן ציטערן. ער רעדט אַזעלכע זאכן, וואָס ביי אַנדערע אומשטענדן, וואָלטן זיי פון זיין מויל נישט ארויס. זיין אָנטייל אין איר פּיין האָט מיט אים אָפּגעשפּילט א פיינעם שפּיצל: ביי אים איז ווייך געוואָרן דאָס הארץ, ער האָט זיך געמאָטערט איינצוהאַלטן די טרערן. אַזאַ טייערלעך מיידל, זי האָט צעטרייסלט דאָס גאַנצע פעסטקייט, וואָס ער האָט אין זיך אויסגעארבעט מיט אזוי פיל מי פאַר דער צייט, וואָס ער איז געווען צוזאמען מיט מאָסן.

און פריילין ד׳עספּאַר — זי האָט דען געהאַט עפּעס אַ

באַהאַלטענע כוונה דערמיט, וואָס זי איז דאָ געבליבן זיצן און הערט אויס, וואָס ער רעדט? גאָט ווייסט, נאָר זי איז געווען אין זייער אַ געדריקטער שטימונג, האָט זיך גאָר קיין עצה נישט גע־קאָנט געבן, אַזוי אַז מען האָט איר פיל זאַכן געדאַרפט מוחל זיין.

ווען זי פרעגט, צי האָט ער אַ היים, ווייב און קינד, לייקנט ער עס שאַרף אָפּ און זאָגט, אַז דאָס וואָלט געווען אַ ווילדע זאַך, דאָס, וואָס זי מיינט, ווי קאָן איר גאָר אַזוינס קומען אויפן זינען?

— ניין, דאָס פרעגט זי גלאַט אַזוי, ס'איז געווען נאַריש.

ער ענטפערט: — ניין, נישט גראָד נאַריש, דאָס האָט ער נישט געזאָגט, לגמרי נישט.

— אָבער זי האָט דאָך געקאָנט פאַרשטיין, אַז אַ מענטש, וואָס האַלט זיך אויף דאָ אין די בערג אַזוי לאַנג, האָט, מסתמא, קיין נאָענטע מענטשן נישט איבערגעלאָזן דאָרט, פון וואַנען ער קומט.

— אָבער ניין, הערט נאָר, וואָס איז דאָ אַזוינס אוממעג־לעכס, — נעמט ער פליצלינג שאַרף פּראָטעסטירן — וואָס ווייסן מיר, מענטשן, איינער וועגן דעם אַנדערן? פאַרוואָס זאָל אַ מענטש נישט קאָנען איבערלאָזן אין דערהיים ווייב און קינדער? ער וואָלט אפילו געגאַנגען אַזוי ווייט און זאָגן, אַז גראָד דאָס קאָן פאַר אַן אומגליקלעכן מענטשן זיין די סיבה צו אַנטלויפן אין די בערג. איך רעד, פאַרשטייט זיך, נישט וועגן זיך, — איילט ער זיך צוצוגעבן — נאָר בכלל, אין דער וועלט אַריין. איך רעד נאָר וועגן דער מעגלעכקייט פון אַזאַ פאַל.

באמת, זי מאַכט אים אַלץ אָפּנהאַרציקער. ער זעט די גאַנצע צייט צו רעדן וועגן וועמען איר ווילט, נאָר נישט וועגן זיך, און ער מיינט, אַז ער אַליין בלייבט גאָר אָן אַ זייט. אָבער ער דערקלערט בסדר, מחמת וואָסערע סיבות קאָן אָפּמאָל אַ מענטש אַנטלויפן אין די בערג. — עס קאָן מיט אים פּאַסירן אַזאַ זאַך — פאַרשטייט זיך, ער רעדט בכלל, אין דער וועלט אַריין — אַז דער טייוול האָט זיך באַזעצט אין זיין הויז און איז אַריין,

לאָמיר זאָגן, אין אַ חתונה געהאַטע פרוי — וואָס זשע זאָל דע-מאָלט זיין? דאָס קינד ליגט אַ פאַרגעסנס, דאָס גאַנצע הויז איז איבערגעלאָזן אויף גאָטס באַראָט. די פרוי קומט בכלל נישט מער אַהיים. אפשר קאָן מען זי דערפאַר נישט באַשולדיקן, זי האָט אפשר אַ גרונד דערצו. זי האָט, למשל, אַ הייסן טעמפּעראַמענט, אָדער זי איז שטאַרק פאַרליבט — אַזוינע זאַכן האָבן דאָך שוין פיל מאָל געטראָפן. אָבער דאָס קינד ליגט דאָ, און איז נאָך אפשר פּרעכטיק שיין דערצו. לאָמיר זאָגן, אַז דאָס איז אַ מיידעלע, זי האָט שוין האָר און אַלץ מיט אַנאַנדער. דאָס איז דאָך אַלץ נישט אוממעגלעך. נו, אַזוינס קאָן דאָך אַמאָל מיט אַ מענטשן טרעפן, און אַזוי, לאָמיר זאָגן, גייט אַריבער אַ גאַנצער ווינטער, און דער מאַן קאָן שוין מער נישט אויסהאַלטן, און ער אַנטלויפט. פאַרשטייט איר — ער זעצט זיך אויף אַ שיף, וואָס שווימט קיין אויסטראַליע, — אין די בערג לויפט קיינער נישט צוליב אַזאַ זאַך. איז, אויב דער מאַן איז אַ באַגרענעצטער, אַ פּשוטער און נישט זייער קיין אַנטוויקלטער מענטש, קאָן ער פאַר-לירן דאָס גלייכגעוויכט, עס קאָן אים איינפאַלן די זאַך איבערצו-נעמען אין די אייגענע הענט, כּדי צו מאַכן וואָס גיכער אַ סוף צו די ליידן. אפשר טראַכט ער שוין וועגן דעם, ווען ער פאָרט קיין אויסטראַליע. רעכט, קאָן ער זיך קויפן אַ רעוואָלווער. אַ רעוואָלווער? דאָס, קאָן זיין, האָט ער שוין לאַנג געקויפט, אויס-געשמירט מיט אייל, אויסגעפּוצט, און ער ליגט אַן אָנגעלאָדענער אין שיידל... פאַרוואָס זשע באַנוצט ער זיך מיט אים נישט? פאַרשטייט איר, דער מאַן, קאָן זיין, איז נאָך דערצו אַ מענטש, מיר זענען אַלע מענטשן. ער קאָן נאָך אויף אַ וואַסער נישט איז אויפן האָבן וואָרצלען אין לעבן, ער קאָן נאָך זיין פאַרליבט אויך, נישט קוקנדיק אויף גאָרנישט, און די מורא, טאָמער קומט דאָס קינד אום, קאָן אים אויך אַזוי פּייניקן — אפשר מוז ער גאָר לעבן, כּדי דאָס קינד צו ראַטעווען? קרעכצט ער...

דער זעלבסטמערדער זאָגט, כּדי זיך צו פאַרענטפערן: —

וועגן דאָס אַלץ האָב איך געהערט, איך אַליין קאָן עס קוים זיך פאָרשטעלן. דער עיקר—וואָס געהער דאָס קינד אַהער? איך האָב

קיינמאָל נישט געהערט, אַז אַ מענטש זאָל זיך אינטערעסירן מיט
ניי־געבוירענע מיידלעך. ווען איך וואָלט געהאַט אַזאַ קינד, וואָלט
איך אַפילו נישט, ווי וואָלט איך אים אַ נאָמען געגעבן. ניין, אַ
גרויסן דאַנק אייך! — זאָגט ער פּלוצלינג והאַרט אַרויס.

מאָס שטייט אין טיר.

מאָס זעט נישט, אָבער ער האָט אַ פּיינעם געהער און אַ חוש.
דער אומגליקלעכער זעלבסטמערדער האָט, אַפּנים, לאַנג געבענקט
נאָך מיטגעפיל, און איצט, אַז ער האָט עס געפונען, האָט ער זיך
צעגאָסן. דאָס גייט מאָסן נישט אָן, ער זאָגט:

— אַנטשולדיקט, אויב איך שטער אייך צו פאַרגיסן אייערע
שיינע טרערן!

— טרערן? — ענטפערט דער זעלבסטמערדער און הויבט אָן
צו לאַכן. — איר האָט באמת אומגעהיינלעך שאַרפע אויגן!

אָבער דער זעלבסטמערדער איז נישט געווען זיכער, אַז ווען
ער וועט זיך געפינען מיט זיין חבר אונטער פיר אויגן, וועט ער
נישט באַזונדער שטעביק אויסגעלאַכט ווערן, און דעריבער זאָגט ער:

— ווען איך קלינג איצט אָן און הייס אייך געבן אַ גלאָז
וויין — וואָס וועט דעמאָלט זיין? איך מעג מען פאַרלייגן, גנעדיקע
פרייליין?

— ניין, איך דאַנק, אַ גרויסן דאַנק.

ניין, פרייליין ד'עספּאַר האָט באמת נישט געהאַט קיין חשק
צו הערן וועגן פרעמדע זאָרגן. זי האָט אירע אייגענע. זי גייט ווי־
דער צו זיך אין צימער, ליגט אַביסל אויפן בעט, לייענט אַביסל
אין אַ בוך, געפינט קיין רו נישט, טראַכט, זיפצט און פילט זיך
טלעכט. דער זעלבסטמערדער איז אויך פאַר איר גאָרנישט — ער
איז אַ פאַרהייראַטער, אַ פאַרליבטער, דער גליקלעכער. זי טראַכט
וועגן מאַכן אַ נייע האָפנונגסלאָזע רייזע קיין כריסטיאַניע. צוליב וואָס —
האָט זי אַליין נישט געוווּסט. אָבער וואָס זאָל זי דאָ זיך אַרומ־
דרייען? איין טרייסט האָט זי נאָך געהאַט אין איר עלנטקייט — דעם
געלט פּאַקעט, וואָס זי טראָגט אויף דער ברוסט. דאָס האָט זי
געקרעפטיקט, איר מעגלעך געמאַכט אויפצוהייבן זיך, ווען מען

האָט געקלונגען צום עסן, אַראָפּצולאָזן זיך, אָפּעסן, דעם אָוונט אויסצוהאַלטן. און נאָכדעם איז געקומען די נאַכט.

אַ דינסט מיידל פלעגט איר אַלעמאָל פאַרשפּיליען די בלוזע אויפן רוקן. זי קומט אין דערפרי, און טוט אָפּ די קליינע אַרבעט איילנדיק. אירע פינגער זענען קאַלטע, זי ציט און ציפּט די בלוזע, גלייך ווי זי וואָלט עפּעס געוווסט וועגן דער פרייליין: די פרייליין עסט, אפנים, צופיל, וואָס זי איז אַזוי פול געוואָרן. דאָס איז דורכויס נישט ריכטיק, אָבער דאָס דינסט-מיידל האָט שוין מיט אַ געלעכטער עטלעכע מאָל אָנגעהויבן דערויף: איז עס באמת מעגלעך, מען זאָל פון רויע אַרבעס און פון געבראָטענע הערינג מיט ביסקוויט פול ווערן?

אזא עזותניצע! די פרייליין קאָן נאָך עפּעס ערגערס פון איר דערוואַרטן. און כדי איר צו פאַרלויפן דעם וועג זאָגט זי:

— אַך, מיר חלומען זיך אַזעלכע שרעקלעכע חלומות ביי־דערנאַכט!

—יאָ, איך האָב עס באַמערקט, — ענטפערט דאָס מיידל — איר וויינט אפילו און רעדט הויך.

— דאָס איז גאָרנישט.

דאָס מיידל שווייגט.

— מען רעדט פון שלאָף אַזוי פיל נאַרישקייטן, ווען מען זעט אַ שלעכטן חלום. מען קאָן אָנרופן נעמען און צאָלן, סומעס געלט און אַלץ, וואָס איר ווילט. אָבער ס'האָט, ווייסט איר, קיין באַדייטונג נישט.

דאָס מיידל שווייגט. זי וואַרט, מען זאָל איר באַצאָלן, כדי זי זאָל צושטימען?

ווען דאָס מיידל איז אַרויס, האָט די פרייליין אויפגעעפנט דאָס פענסטער און אַרויסגעקוקט. עס שנייט אויף דער וועלט, אין פעלד קלייבן זיך אָן קופּעס, דער וואַלד ווערט באַפּודערט. אַ באַרג פונקט אויף דער גרענעץ פון דער סאַנאַטאָריע ווערט, דאַכט זיך, אַלץ טיפער פאַרזונקען. דאָס איז דער „פעלז". ס'איז אָבער נישט אומעטום אַ שטילע פאַרלווירענע וועלט פון שניי. עס הערט זיך אַ קנאַקן אין דער טראָגעדיקער לופט, עמעצער שיסט אויף

דער פּאַשע, איין שאָס און נאָכדעם נאָך אַ שאָס. דאָס איז מסתּמא דניאל, וועלכער שיסט שניי־הינער פאַר דער סאַנאַטאָריע. דניאל איז אויף דער יאַגד. דניאל איז פריש און געזונט. ער האָט זיין ליבע־פּיין גובר געווען. זי האָט זיך דערמאָנט אָן די צוויי ביקסן ביי אים אויף דער וואַנט.

די פרייל׳ן לאָזט זיך אַראָפּ, זי לאָזט זיך אַראָפּ צו די איבע־ריקע געסט און צו אַ נייעם טאָג. עס איז שווער צו זיין אין איר פעל.

אָ, אָבער היינט איז איר פלוצלינג אויפן זינען געקומען אַ פּשוטער נאַטירלעכער געדאַנק — עס איז איר אַ וווּנדער, וואָס זי איז פריער אויף אים נישט געפאַלן. לויט אַן אַנאָנס אין אַ צייטונג, וואָס ליגט דאָ פאַר אירע אויגן, וועט זי אַוועקפאָרן אין אַ שטילן אָרט צו אַ פריינדלעכער, אַ געניטער דאַמע, דריי שעה ווייט פון דער הויפּטשטאָט. איצט איז אַ סוף צו אַלע אירע שוועריקייטן, איצט איז זי געהאָלפן, יאָ, פולקאָם געראַטעוועט. זי האָט די מיטלען אויף אַזאַ עקסקורסיע. צייט האָט זי אויך גענוג. זי דאַרף זיך נישט איילן, זי קאָן אַהינפאָרן פאַר וויינאַכט, אָדער נאָך וויינאַכט. אינגאַנצן געראַטעוועט.

נאָך דער לאַנגער צייט אין פינסטערניש און פאַרצווייפלונג גייט דורך אַ ציטער פון פרייד איבער איר לייב. זי איז ווידער יונג און קאָן ווידער לעבן. אָפּטרעטן פאַר דעם גורל? — סאַר אַ נאַרישע לערע. זי וועט נאָך כאַפּן דעם שיקזאַל פאַרן קאַרק און וועט אים בויגן.

— גיט מיר אַ קעסטעלע וואַזעלין — זאָגט זי צום דאָקטאָר.

— וואָס וועט איר דערמיט טון — פרעגט? ער, כדי אַביסל צו שפּאַסן מיט איר — דאָס איז אַ געפערלעכע זאַך.

און זי ענטפערט אין דעם זעלביקן טאָן פון שפּאַס:

— איך וועל עס אָנשמירן אויף ברויט.

— איר זענט דערויף קאַפּאַבל. איר עסט דאָך געבראָטענע הערינג מיט ביסקוויטן.

— און מאָרגן וועל איך עסן טאָמאַטן מיט קאָרע.

ביידע קאַטשען זיך פון געלעכטער איבער דעם טייוולשן איינפאַל. דער דאָקטאָר האָט איצט גאַנצע טעג נישט געהאַט

וואס צו טון. עס זענען פארבליבן וויניק פאציענטן. ער איז איר דאנקבאר פאר דעם פריילעכן שמועס און ער זאגט:

— זעצט זיך, פריילין ד'עספאר.

— כ'האב נישט קיין צייט, אגב, וואס האט אזוינס הער מאס אויפן געזיכט?

— מאס, יא, ער פארט אינגיכן אוועק.

— אבער וואס איז זיין פעלער?

דער דאקטאר הויבט אן עפעס צו זוכן אין די פאפירן אויפן טיש און ענטפערט:

— אטראפיע פון דער הויט. ווי, איר גייט שוין אהעק?

— קאנט איר אים נישט אויסהיילן?

— צו וואס פרעגט איר עס? מאס פארט אינגיכן אוועק.

פריילין ד'עספאר גייט צוריק אין איר צימער און נעמט זיך פאר דער וואזעלין: זי באשמירט זיך דאס געזיכט און הויבט זיך אן צו כאסירן, ס'איז א חרפה, ווי זי האט זיך פאר די לעצטע וואכן פארלאזן דאס געזיכט. די הויט איז געווארן א שוואכע פון די אויסגעשטאנענע ליידן און א פולע מיט אומבאקאנטע קליינע קנייטשעלעך. אזוי אפגעלאזן זיך. דאס מוז געענדערט ווערן. נאך דער רייזע צו דער פריינטלעכער דאמע, וואס אין דער אנאנס, מוז זי ווידער אנהויבן גוט אויסזען, כדי יי זאל קאנען שפילן איר ראלע. פון איצט אן וועט זי שוין געדענקען אלע טאג צו ברענגען איר געזיכט אין ארדנונג. — אריין!

ווידער דאס דינסטמיידל.

די פריילין קוקט זי אן פארוואונדערט און פרעגט:

— איר האט דאך מיר שוין פארשפילט די בלוזע?

— יא, — ענטפערט דאס מיידל — איך וויל נאר זאגן, אז איך גיי אוועק פון דער שטעלע. היינט אין דערפרי האב איך עס נישט געוואלט זאגן, אבער איך וועל דא מער נישט בלייבן.

— ניין?

— איך האב געמיינט, אז איך האב אייך געטריי געדינט. איר ווייסט, אז איך האב קיינמאל נישט וועגן אייך, נישט וועגן האס אנדערש קיינעם קיין ווארט נישט געזאגט.

דאָס מיידל איז, אפּנים, משוגע! פרײַלין ד'עספּאַר איז שוין איצט נישט אין קיין געדריקטער שטימונג. זי שיקט אַוועק דאָס מיידל, ציטערנדיק פון כּעס און נעמט זיך ווידער פאַר איר מאַסאַזש. אַלזאָ האָט די עזותניצע היינט אין דערפרי גאָר אָט וואָס מיט די חוצפּהדיקע רייד געמיינט: דערנידעריקן די פרײַלין און אַרויסנאַרן בײַ איר געלט, נישט אמת? האָט דען די פרײַלין נישט יעדן חודש אַרײַנגעטראָגן טרינק-געלט אין דער אַלגעמיינער קאַסע פון דער דינערשאַפט? אָט וואָס עס קאָן טרעפן אין לעבן. אָ, מען דאַרף נאָר נישט אַראָפּפאַלן בײַ זיך. דאָס איינציקע, וואָס ווירקט, איז האַלטן זיך העכער פאַר די אַרומיקע. איצט רעכנט זי אַרויסצושטעלן געוויסע פאָדערונגען. איצט וועט זי זיך שוין באַקלאָגן אויף פאַרשידענע זאַכן; דאָס עסן און די באַדינונג אין דער סאַנאַטאָריע, די סקאַנדאַליעזע וועש, פאַר וועלכע מען שטעלט אין די רעכענונגען אויס אַזעלכע הויכע פּרײַזן, די לופט אין סאַלאָן, וואָס די אַלטע אַלמנות פון באַאַמטן פילן אָן מיט זייער ריח פון אָרעמקייט. די פרײַלין וועט שוין איצט נישט אַלץ אָננעמען פאַר גוט. זי דאַרף עס שוין נישט, עס האָט זיך פאַר איר געעפנט אַ ליכטיקער אויסוועג. איצט האָט זי שוין דעם גורל אין אירע הענט און זי וועט אים בויגן. זי וויל, עס זאָל איר זײַן גוט. דערלאַנגען קאַווע אין בעט? ניין, נאָך מער! קאַווע און אָנבײַסן אין בעט! אַזוי שטייט אין אירע פראַנצויזישע ביכער. נאָך דעם אַלעמען, וואָס זי איז אויסגעשטאַנען, וויל זי זיך איצט באמת אָנטון אַביסל ווױלטאָג: דאָס קומט איר.

און דערצו וויל זי ווידער אויסזען שיין און פײַן. קיין ספק נישט, דער מאַסאַזש העלפט.

— הערט, פרײַנט, איך האָב די לעצטע צײַט געזען אַזעלכע גוטע חלומות. איך בין שוין נישט פאַראומערט. מען קאָן פון אַלע לאַגעס געפינען אַן אויסוועג, נישט אמת?

— וואָס הייסט?

— פאַר אַלץ איז פאַראַן אַן אויסוועג. און איצט לאָמיר גיין גליטשן זיך אויף שליטעלעך, ווען עס גייט אַ שניי.

מאָס איז גרייט. מאָס מיט זײַן גרויסן אומגליק איז גרייט.

דער זעלבסטמערדער אָבער הויבט זיך אויף אביסל אָן חשק און ער זאָגט:

— מיר וועלן פאַרנעצן די פיס

— איז וואָס. זיי וועלן זיך צוריק אויסטריקענען.

— און מיר האָבן קיין פאסיקן שליטן נישט.

מאָס ענטפערט, אז מען האָט דאָך געמאַכט א שיינעם קליינעם שליטן, גראָד פון אזא גרייס, ווי מען דאַרף, אזוי, אז מצד דעם איז קיין שטער נישטאָ.

- און איר זענט דאָך אזא גרויסער ספּאָרטסמען! — מורמלט דער זעלבסטמערדער און מעסט אים אָפּ מיט א בייזן בליק.

דאַן טוען זיי זיך אָן און גייען אַרויס. די לופט איז געדיכט פון שניי. מען זעט אפילו דעם הויכן „פעלז” כמעט נישט.

אַלע זאַלבעדריט שלעפּן זיי דעם שליטן אַלץ העכער און העכער ביזן שפּיץ באַרג אַרויף, און נאָכדעם גליטשן זיי זיך אַראָפּ. מען פליט געשווינד, האַסטיק. דער זעלבסטמערדער האַלט דעם רודער, די דאַמע זיצט אין מיטן. דער שניי פאַרפאַראָשעט זיי מיט א הייסער טונקלקייט, זיי קוקן מיט כמעט פאַרמאַכטע אויגן. אָ, גאָט, ווי גוט און ווי אימהדיק!

ווידער אַרויף. דער שליטן איז שווער, אָבער זיי זענען זאַלבעדריט. „פריילעך, כאַפּט עס דער טייוול!” — זאָגט די פריילין און שילט פון אַנטציקונג. ווידער אַראָפּ, ווידער א געפּליאין דער לופטן. די פריילין האָט די אָרעמס פאַרלייגט אַרום מאָסן — און זיצט באַשיצט פון קעלט און באַקוועם הינטער אים. דאָס איז א משוגעת אזוי צו פליען, אָבער ס'איז אזא פאַרגעניגן.

נאָך עטלעכע מאָל פאָרן אַרויף און אַראָפּ, וויל דער זעלבסטמערדער אויפהערן.

— ניין, פאַרוואָס? — פרעגט זי.

— איך קאָן נישט מער. איר קאָנט אייך ווייטער פאָרן. — צי איז דער זעלבסטמערדער פאַרמאַטערט, צי איז ער מקנא מאָסן, וועלכער זיצט פון פאָרנט אַרומגענומען פון דער פריילין.— מיר זענען דאָך אַלע מער נישט ווי מענטשן.

— איך קאָן נישט מער — חזרט ער איבער

— יאָ, איר זענט עפּעס זייער שטיל און באַשיידן, — זאָגט מאַס — מיט אייך טרעפט עס גאָרנישט. זענט איר, הייסט עס, מיד.

דער זעלבסטמערדער ווערט זייער אין כּעס.

— איר קאָנט אייך טראַכטן, וואָס איר ווילט, מאַס. איך לאַך פון אייך. איך וויל גיין אַהיים, גיי איך. מער וויל איך נישט, אַדיע!

דאָ העלפט נישט מער קיין רעדן. דער זעלבסטמערדער פאַרלאָזט זיי. און די פרייליין און מאַס בלייבן אַליין מיט דעם שליטן. זיי שלעפּן אים אַרויף און מאַטערן זיך אויס.

זיי שטייען שוין אויפן שפּיץ, און ער פרעגט אומזיכער:

— איר ווילט רודערן?

ניין, זי קאָן נישט רודערן, זי וויל נישט רודערן.

און ער ווייסט נישט, אויף וואָס צו באַשליסן זיך.

— איר זעט נישט? איר זענט צו־בלינד? — פרעגט זי דערשראָקן.

ער מוטיקט זיך: — בלינד? — קיין האָר נישט. נאָר דער שניי בלענדט מיר די אויגן.

— איך וועל אַכטונג געבן אויפן וועג און קאָמאַנדעווען, — באַרויקט זי אים.

און זיי לאָזן זיך אַוועק.

אָבער איצט, ווען די פרייליין זיצט פון פאָרנט, קאָן זי אין דעם שטויביקן שניי נישט עפענען די אויגן. און מאַסס אויגן זענען צופיל שלעכט, זיי זאָלן קאָנען באַמערקן אַ געפאַר פון דערווייטן. און דער שליטן פליט איבער שטיינער און גריבער, ווי עס מאַכט זיך, פּלוצלינג אין מיטן וועג טוט זיי אַ הויב אין דער לופטן, די פרייליין דערלאַנגט אַ געשריי. זיי צעקוטשקען זיך איינער מיטן אַנדערן. עפּעס האָט זיך אין דעם שליטן צעבראָכן, און זיי ווערן ביידע אַרויסגעשליידערט אויפן שניי.

מאַס הייבט זיך אויף, רייבט אויס דעם שניי פון די אויגן און קוקט זיך אַרום. ער וואַקלט זיך, ווי אויף אַ שיף אין אַ שטורעם־ווינט. דער שליטן איז צעבראָכן אויף צוויי טיילן, ריכ־

טיק. די פרײלין ליגט, שטײט נישט אויף, רירט זיך נישט. װאָס האָט מיט איר געקאָנט אַזױנס געשען? ער אונטערזוכט זי און שטעלט זי אַװעק, זי פאַלט אָבער צוריק. זי איז פאַרבלוטיקט, דאָס געזיכט, די גאָמבע אין בלוט. ער רופט זי. זי ענטפערט נישט.

ער טראָגט זי אַהײם, אָבער אײדער זײ דערגײען אַהײם, איז זי שוין צו זיך געקומען. זי גײט אַלײן אַרויף אויף די טרעפּ, מען מוז זי אָבער צוהאַלטן, זי האָט אַ װונד באַקומען, אַ מיאוסע װונד, די גאָמבע איז בײ איר אין דער קרום צעהאַקט.

מען אַלאַרמירט דעם דאָקטאָר.

# IX

אַזױ אַרום האָט דער דאָקטאָר באַקומען אַביסל אַרבעט, ער האָט זיך גענומען פאַר דער פרײלין און האָט זי פאַרנײט. ער האָט אויך באַקומען אַן ענטפער פון שפּיטאָל, אַז מאָס קאָן אַהין קומען. דעריבער האָט זיך דער דאָקטאָר געפילט פאַר אַ נױטיקן מענטשן — ער האָט װיכטיקע אַרבעט.

ער איז, אגב, געװען נישט קײן שלעכטער מענטש. אויף מאָסן איז אים געװען אַ שאָדן, און ער האָט אים געהאַלטן אין דער סאַנאַטאָריע פיל לענגער, אײדער ער האָט געדאַרפט. דאָס איז געװען גוט, צי שלעכט, אָבער דאָקטאָר עיען האָט קײנעם אין גאָרנישט נישט אָפּגעזאָגט, ער איז געװען אַ גוטער מענטש, פאַר װעלכן עס איז שװער געװען צו האַנדלען אַנטשלאָסן און שאַרף און פאַרשאַפן מענטשן יסורים, חוץ דעם האָט די סאַנאַטאָריע נױטיק געהאַט, אין איר זאָלן בלײבן די געסט, װאָס זי האָט געהאַט.

ער נעמט מאָסן און סטאַרעט זיך אים צוצוגרײטן:

— מײן ליבער מאָס, אָט האָב איך פאַר אײך, סוף כּל־סוף, אַ גוטע בשורה.

מאָסס װונדיק געזיכט װערט בלאַס און צימערט:

— אזוי? יאָ, יאָ...

— יאָ, עס איז אין אָרדנונג. מײַן לעצטע װענדונג צום שפּיטאָל איז געװען אַ דרינגלעכע.

מאָס האָט, אַפּנים, אױפגענומען די בשורה, װי אַ קלאַפּ. ער זאָגט:

— יאָ, יאָ, איך דאַנק אײַך.

אָבער ער איז לגמרי אַ צעבראָכענער.

— דאָס איז פאַר אײַך דאָס בעסטע, — װיל אים דער דאָקטאָר טרײסטן — איר װעט האָבן עסן און טרינקען, גוטע השגחה, חברים, פּונקט װי דאָ, און מיט דער צײַט װעט איר, אַביסל פריער צי שפּעטער, װידער געזונט װערן. מען װעט שױן געפינען אַ מיטל, אַ סערום. די װיסנשאַפט גײט הײַנטיקע צײַט מיט ריזן־טריט פאָרױס.

— װען דאַרף איך פאָרן? — פרעגט דער אומגליקלעכער.

— װען איר װעט פּאַרטיק װערן. ליבער פרײַנט, דאָ רעכנט מען נישט אױף דער שעה, איר דאַרפט זיך נישט אײַלן. און װי איך האָב שױן געזאָגט: די װיסנשאַפט באַװײַזט אין אונזער צײַט װוּנדערלעכע זאַכן. זי װעט זיכער אַנטדעקן אַזאַ סערום, און איר װעט בלײַבן לעבן.

מאָס זוכט אױף זײַן חבר, דעם זעלבסטמערדער, זעצט זיך נעבן אים, און גלײַך װי ס'איז גאָרנישט נישט געשען. זינט עס האָט געטראָפן דאָס אומגליק בײַם שליטלען זיך פון באַרג אַראָפּ, האָבן זײ זיך יעדן טאָג געקריגט און געריסן. זײ האָבן אױך איצט אָנגעהױבן, און אַ װוּנדערלעכע זאַך: דער ערשטער האָט דעם שלום געשטערט מאָס. עס האָט אױסגעװיזן, װי דער קריג װאָלט אים נױטיק געװען.

— נו, איר האָט אײַך פאַרנעצט די פיס? — פרעגט ער.

— װאָס מײנט איר דערמיט?

— דעמאָלט, װען מיר האָבן זיך געשליטלט.

— שװײַגט, — ענטפערט דער זעלבסטמערדער.

— איר מוזט אײַך מודה זײַן, אַז דאָס איז געװען פּחדנות פון אײַער זײַט, װאָס איר האָט אונז אַלײן געלאָזן מיט דעם שליטן.

דער זעלבסטמערדער ענטפערט מיט אַ ביס:

— איך בין אַוועק, ווייל איך האָט זיך געוואָלט פּיעשטשען זיך. ס'איז געווען מיאוס צוצוקוקן.

— הא הא הא. — זאָגט מאַס. — און נעכטן האָט איר געמיינט, אַז איך האָב די פרײלין געוואָלט פאַרשליטלען אויף טויט.

— יאָ, זאָגט מיר, ווי איז עס געווען אין דער ווירקלעכקייט. זי איז געקומען אַהיים קוים אַ לעבעדיקע. איר האָט זי געדאַרפט טראָגן... זי ליגט נאָך?

— ניין, זי איז שוין אויפגעשטאַנען, און באַלד ווידער אינ־גאַנצן געזונט, — טרייסט מאַכ.

— יעדנפאַלס האָט איר זי געמאַכט פאַר אַ קאַליקע אויפן גאַנצן לעבן. זי גייט איצט אַרום מיט דעם רויטן שטריך אויפן פּנים. ״נישט אַלעמען איז דער אויסזען פון זייער געזיכט אַזוי גלייכ־גילטיק, ווי געוויסע מענטשן.

מאַס שווייגט.

— און דערצו נאָך נישט קיין גלייכער שטריך, נאָר אַ מיאוסער, אַ קרומער, ווייל איר האָט נישט געקאָנט זען און אויפּפאַסן. דאָס איז אַזאַ האַרצלאָזיקייט!

קינדיש געמאַכט זיך און סתם גערעדט. די חברים זענען געווען שוואַך, מאַס האָט זיך היינט נישט געקאָנט דערהויבן צו דעם קלענסטן געפעכט. ער האָט נאָר געזאָגט — געבעטן: רעדט ווייטער, איך וועל שוין נאָכדעם ענטפערן.

אַזוי איז עס געגאַנגען ביז נאָכמיטאָג, און אין די דאָזיקע קורצע טעג פלעגט שוין אַרום פיר אָנהויבן פינסטער צו ווערן. דער זעלבסטמערדער האָט געוואָלט, אַז מאַס זאָל מיט אים גיין, ווי געוויינלעך, אויפן שפּאַציר אין די בערג. זיי האָבן אויף זייערע אָפטע שפּאַצירן אויסגעטראָטן אין שניי אַ וועג, וועלכער איז איצט געווען צוגעפרוירן און גוט צום גיין.

זיי זענען געגאַנגען איינער נאָך דעם אַנדערן, דער זעלבסט־מערדער פאָרויס, מאַס מיטן שטעקן — פון הינטן. ער האָט שוין, אַפּנים, גאָרנישט געזען. עס איז געווען אַ העלער נאָכמיטאָג. די פולע לבנה איז געלעגן אויבן אויף דעם בלייען זייד, ווי אַ גאָל־דענע הונדערט־קראָניקע מטבע. נאָר אויפן מערב זענען געווען

עטלעכע וואָלקנס: „אומזיכער" — האָט דער באַראָמעטער באַוויזן — אַ דרייעק איבער דעם פּירעק.

פאַר דעם זעלבסטמערדער איז דאָס נישט קיין קונץ אַרויפֿ-צוקריכן אויף דעם פעלז. ער האָט זיך אַלע טאָג געאיבט און איז געוואָרן שטאַרק און געשטאַלט, ער האָט אָנגעהויבן ווערן משונה געזונט. ער האָט חוזק געמאַכט פון מאָסן, וואָס האָט מיט דעם שטעקן געטאַפּט און איז געבליבן הינטערשטעליק.

— און דערצו גייט איר נאָך היינט אין אַ פעלצן היטל, — זאָגט דער זעלבסטמערדער.

מאָס דערקלערט, אַז ער האָט אָפּגעקויפט דאָס פעלצענע היטל ביי דעם אינספּעקטאָר, דערפאַר וואָס עס וואַרעמט די אויערן בעסער פאַר אַ פשוט היטל.

— איבעריקנס, וואָס אַרט עס אייך? — פרעגט ער.

— וויפל האָט איר דערפאַר באַצאָלט?

— גאָרנישט. איך האָב עס באַקומען פאַר זעכציק ערע. עס איז נאָך גאַנץ גוט פאַר מיר.

— איך וואָלט עס נישט אָנגעטון.

— ניין, — ענטפערט מאָס — איר ווילט זיך מסתמא אויפהענ-גען מיט אַ בלויזן קאָפּ, — כדי נישט צו דערנידעריקן דעם מאָרד.

— גאָל האָט איר נאָך, הגם דאָס פנים איז שוין ביי אייך צעפרעסן.

מאָס שטייט אָפּ, און דער זעלבסטמערדער איז שוין וייט פאָרויס, איידער ער באַמערקט, אַז ער איז אַליין. ער זעט, אַז מאָס טאַפּט מיטן שטעקן, און שרייט צו אים: — ס'איז גאָרנישט, נאָר אַ קליינער שפּאַלט, טרעט אַריבער!

— איך בין פאַרבלענדט פונם שניי, — ענטפערט מאָס — וווּ זענט איר?

דער זעלבסטמערדער מוז זיך אומקערן, און ער שרייט אומ-געדולדיק:

— וואָס איז װידער פאַר אַ נייעס? אַלע טאָג גייט איר דאָך אַריבער איבער דעם קליינעם שפּאַלט.

— העלפט מיר אַביסל, גיט מיר אַ האַנט.

דער זעלבסטמערדער ענטפערט: — ס'איז נישט אנגענעם אנצו־רירן זיך אן אייך, דאס דארפט איר אליין פארשטיין, איר זענט דורכ־אויס אין וואגן.

מיט א געפיל פון גרויסן עקל העלפט ער דעם חבר אריבער־צוגיין איבערן שפאלט.

— איך פארשטיי עס נישט, — זאגט מאס — אלץ ווייזט אויס אזוי נישט קלאר, נישט דייטלעך ארום מיר, דאס איז נישט קיין שטיין? — פרעגט ער און קלאפט דערויף מיטן שטעקן.

— פארשטייט זיך.

— מיר דאכט זיך, אז ער איז א גרויער, אויף אזויפיל זע איך נאך.

דער זעלבסטמערדער וויל זיך נישט גלויבן, אז ס'האלט אזוי שלעכט. ער זאגט: — עפעס א משונהדיקע בלינדקייט איז ביי אייך! קומט זשע, לאמיר ווייטער גיין.

צי קלעטערן העכער, אבער דער זעלבסטמערדער זעט, אז זיין חבר קאן נישט געפינען דעם וועג, ער גייט אפט אראפ פון וועג און פאלט, הויבט זיך אויף און גייט ווייטער טאפנדיק א וואנט.

— א מאדנע זאך, — זאגט מאס — איך בין אונטן אפגעשטאנען, ווייל איך האב גארנישט געזען.

— און איצט זעט איר בעסער?

— פיל בעסער, באדייטענד בעסער. דער שניי האט מיך א ביסל פארבלענדט

אבער מאס האט אזוי אפט געשטרויכלט. און פלוצלינג האט ער זיך גאר אויסגעצויגן אין דער לענג, ער אנטשולדיקט זיך גלייך: — איך בין איבער עפעס געפאלן. איך זע, פארשטייט זיך, אזוי גוט, ווי פריער, אט דער קוסט — דאס איז נישט קיין בעראזע, א קליינע בע־ראזע? דאס זע איך נאך.

— דאס הייסט, אן אליבע, דאס איז אן אליבאווער קוסט.

— האהאהא, — זאגט מאס אין פארלעגנהייט — איך האב טאקע געמיינט אן אליבע.

זיי זענען ארויף אויפן פעלז אזוי הויך ווי אלע מאל, און זיך אוועקגעזעצט יעדער אויף זיין שטיין אפרוען. א וואלקן איז איבער דער לבנה אריבער.

— איך ווייס נישט, צו וואָס גיי איך אויף דעם שפּאַציר — זאָגט מאַס.

— מסתמא, צוליב דעם זעלביקן טעם וואָס איך, — ענט־פערט דער זעלבסטמערדער — צוליבן געזונט.

— צוליבן געזונט — איך בין גענוג געזונט, אַזויפיל, וויפל איך דאַרף.

— מען זאָגט פאַרקערט, אַז מיט אייך האַלט עס עפּעס נישט אַזוי וויל, אַז איר גייט אַרום מיט אַ געפערלעכער קרענק.

מאַס לאַכט זיך הויך פונאַנדער מיט אַ שפּאָטישן געלעכטער און ענטפערט:

- נאַרישקייטן. דאָקטאָרישע פּלוידערייַ.

ער האָט זיך נאָך געהאַלטן גאַנץ פעסט. אָבער אין אַ ווייַלע אַרום האָט ער שוין נישט געקאָנט מער לאַכן אַזוי עזותדיק פון דעם, ווי מאַס איז געזעסן און האָט געטאַפּט אַרום זיך, כּדי צו געפינען דעם שטעקן, וואָס ער האָט אַוועקגעשטעלט בייַ דער זייַט, האָט דער זעלבסטמערדער באַקומען אַ חשד.

— לאָמיר בעסער גיין אַהיים — זאָגט ער און הויבט זיך אויף.

מאַס בלייַבט זיצן און ענטפערט:

— די לבנה שייַנט אַזוי העל!

— איצט איז די לבנה פאַרגאַנגען.

— איך זע עס. גייט אייך פאָרויס. איך וויל דאָ נאָך אַביסל זיצן.

— דאַן בלייַב איך דאָ אויך.

זיי זיצן נאָך אַ ווייַלע און דאַן זאָגט דער זעלבסטמערדער:

— איצט לאָמיר גיין.

— וואָס ווילט איר? — פרעגט מאַס.

— וואָס וויל איך? פאַרשטייט זיך גיין אַהיים.

— גייט אייך, — הערט איר? איר זענט אַזאַ נאַר, איר מיינט, מסתמא, אַז איך קאָן נישט גיין.

— יאָ, יאָ, איצט גיי איך. — זאָגט דער זעלבסטמערדער. — אָבער איר גייט מיט מיר מיט.

מאָס ענטפערט: - אייער פאַנטאַזיע איז שטאַרקער פאַר מיי-
נער, װעדליק איך הער.

— שװייגט! — שרייט אויס דער זעלבסטמערדער און כאַפּט
אים אָן פאַרן אַקסל — איך מוז אייך נעמען מיט זיך! איך בין
געצװוּנגען דערצו.

— דאָס איז איבעריק. אויב איר האָט חשק גייט אייך
אַליין. פאַר מיר איז איצט פּשוט שװאַרץ פון חושך.

— נאַרישקייט! — רייסט אים דער זעלבסטמערדער איבער. —
דאָס הייסט, פאַר מיר איז אויך פינסטער, ס'איז שטאַרק-פינסטער
אויך פאַר מיר.

— דאָס גלויב איך נישט.

— איר גלויבט נישט? אויב מיר גייען איצט, װעל איך עס
אייך געניי דערקלערן.

ער שטעלט דעם חבר אַװעק אויף די פיס, נעמט אים אָן
אונטערן אָרבל, און אַזוי לאָזן זיי זיך אַװעק אַהיים. האָס גייט
צו לאַנגזאַם. לסוף קומען זיי װידער צום שפּאַלט, און דאָ מאַכט
מאָס אַ פאַלשן טריט און פאַרזונקט אינגאַנצן, עס געדויערט אַ
היפּשע װיילע ביז ער קריכט אַרויס. דאַן זעצן זיי זיך צו אָפּ-
רוען.

— זאָגט נישט, אַז איך בין אייך צו לאַסט און אַז אייך
עקלט פון מיר, -- זאָגט מאָס — נאָר איך זאָג אייך גאַנץ אָפן, אַז
איך זע גאָרנישט... עס מוז שוין זיין נאַכט.

— ניין, איר מוזט פּשוט זיין בלינד, — ענטפערט דער
זעלבסטמערדער.

— איך האָב שוין אַליין אַזוי געטראַכט, — שטימט מאָס איין
און טוט אַ שאָקל מיטן קאָפּ — װייזט זיך אַרויס, אַז איך בין
געװען גערעכט, װאָס איך האָב דערפאַר מורא געהאַט.

— מיט דעם איז גאָר נישטאָ, װאָס אויסצופיינען זיך, — זאָגט
דער זעלבסטמערדער.

— יאָ, — ענטפערט מאָס — איך בין טאַקע געװען גערעכט.
און מען קאָן עס נישט אָפּלייקענען. װאָס אמת איז אמת.

— דער דאָקטאָר װייסט, װאָס מיט אייך איז?

— פאַרשטייט זיך. ער האָט לענגער געזאָגט, אַז איך דאַרף אַוועקפאָרן. ער האָט פאַר מיר באַקומען אַן אָרט אין שפּיטאָל.

— לענגער? פאַרוואָס זשע זענט איר נישט אַוועקגעפאָרן? מאָס שווייגט.

— איך פאַרשטיי נישט, פאַרוואָס זענט איר נישט געפאָרן. מאָס ווערט ביסלעכווייז אין כעס.

— איר זענט אומגלויבלעך לעכערלעך. פאַרוואָס פאָרט איר אַליין נישט אַוועק? וואָס איז מיט אייך? איר נויטיקט זיך אַליין אין אַן אַנשטאַלט, איר זענט דאָך גייסטיק קראַנק.

— דוכאַוויס נישט.

— נאָר אַזוי. און וואָס אַרט אייך פאַר מיין קראַנקהייט? וואָס שטעקט איר אַריין אייער נאָז?

— איך בין נישט קיין גייסטיק קראַנקער, דאָס איז מער גאָרנישט, ווי אַ דעפּרעסיע, טרויער פון דער נשמה.

— האַהאַהאַ, זאָגט עס נאָכאַמאָל. פלומרשט ווי טרויער קאָן זיין אַ קערפּערלעכער, נישט פון דער נשמה. איר ווילט זיך אויפהענגען. איר דאַרפט פאָרן אין אַ הייל-אַנשטאַלט. דער אונטערשיד צווישן מיר און אייך איז נאָר אין דעם, וואָס אַ ־ דאַרפט אויסהאַלטן אַן עקזאַמען, און איך נישט. איר דאַרפט דערווייזן, אַז איר זענט געווען משוגע.

פּויזע.

— איך בין שוין מיד אייך צו שלעפן, אָבער איך מוז אייך נעמען אַהיים — זאָגט דער זעלבסטמערדער אומבאַרמהאַרציק און ציט נאָך זיך דעם חבר.

זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן אויף אַ גלייכן אָרט, און זיך ווידער אָפּגעשטעלט. מאָס ווישט זיך אָפּ דעם שווייס פון שטערן מיט דעם אַרבל פון רעקל. ער איז ביי זיך זייער געפאַלן. דער זעלבסטמערדער זאָגט אים אָן: — דאָס איז דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך שלעפּ אייך נאָך זיך, איר זאָלט עס וויסן!

מאָס ענטפערט: — יאָ, וואָרום מאָרגן פאָר איך אַוועק.

— דאָס איז גוט.

זיי גייען ווייטער, און אין גאַנג פרעגט דער זעלבסטמער־

דער פלוצלינג: — מאָרגן שוין? מאָרגן פאָרט איר?

— יאָ, מאָרגן.

— אַ סימן, אַז איר איילט זיך זייער. אָבער מיר איז עס אַלץ איינס.

מאָס ענטפערט גאָרנישט.

— און איר האָט אַ טראַכט געטון, וואָס וועט זיין מיט מיר? מסתמא נישט.

— מיט אייך? וואָס גייט עס מיך אָן? — ענטפערט מאָס.

— יאָ, יאָ, מ'זעט שוין, וואָס פאַר אַ מענטש איר זענט.

— איר וועט דאָ יעדן טאָג אומלויפן און באַווייזן פאַר דער וועלט, אַז איר זענט נישט צוגעפאַסט צום לעבן. איר האַלט, אַז ס'איז זייער וויכטיק, וואָס איר זיצט, פינטלט מיט די אויגן, רוי־בערט און טוט גאָרנישט, נישט קיין בייז, נישט קיין גוטס. ליבער גאָט, איר טוט דאָך דערמיט קיין נוצלעכע זאַך נישט, קיין נייע זאַך נישט, קיין אַלגעמיינעם ווערט נישט, איר שאַפט אפילו קיין ברויט פאַר אַ וואָראָבייטשיק נישט, קיין שטיקל מעשהלע פאַר אַ קינד נישט.

— שווייגט בעסער, דאָס איז דאָך וואָרט און וואָרט אַזוינס, וואָס איך האָב אַמאָל וועגן עמעצן אַנדערש געזאָגט, און איר האָט עס אויסגעלערנט אויף אויסווייניק.

— יאָ, עס שטימט. איר האָט עס געזאָגט וועגן מיר.

— איר האָט עפּעס קליינלעכס און קלאָגעדיקס אין זיך, — זאָגט דער זעלבסטמערדער — זאַכן, וואָס אַן אַנדערער האָט אַרויסגעוואָרפן, הערט איר אונטער און הויבט אויף. איר כאַפּט אַ פאָר ווערטער און קייט זיי איבער. זעלבסטמאָרד דערנידעריקט דעם מאָרד, פלווידערט איר. גוט, וואָס איר פאָרט אַוועק, וואָרום איר האָט מיר שוין לאַנג דערעסן. פאַרשטייט זיך, אַז מען קאָן אַמאָל טראַכטן וועגן מאָרד, אָנשטאָט צו טראַכטן וועגן זעלבסט־מאָרד. איך האָב געהערט וועגן אַ מענטשן, וואָס האט געוואָלט דערשיסן זיין חייב, אין וועלכער ער איז געווען פאַרליבט. אָבער וועגן דעם וועלן מיר רעדן אַן אַנדערש מאָל, נו, און נאָכדעם האָט ער זיך אַליין אויך געוואָלט דערשיסן.

דערמיט האָט זיך די געשיכטע געענדיקט.

— עס איז דאָך געווען אַ קינד. איך האָב געהערט, אַז איר האָט געהאַט אַ קינד.

די חברים זענען אַ ביסל צייט ווײַטער געגאַנגען שווײַגנדיק. דערמאָלט האָט מאָס געזאָגט:

— יאָ, שווער צו לעבן אויף דער וועלט.

דער דאָזיקער קליינער אויסדרוק פון מיטגעפיל האָט גאָר צערודערט דעם זעלבסטמערדער. אָבער ער איז זיך גובר און ענטפערט, כדי אַרויסצודרייען זיך: — וואָס הייסט איר וועגן דעם? שווייגט בעסער, איר קאָנט אַפילו נישט דייטלעך אַרויסרעדן קיין וואָרט.

ווידער שווייגן זיי אַ ווײַלע. מאָס ציט זיך פלוצלינג אויס, ווי לאַנג ער איז, און אַפילו דאָס פּנים איז בײַ אים אין שנײַ.

— איר זעט שוין מאַקע גאָרנישט? — פרעגט דער זעלבסט-מערדער.

— אַ ביסל זע איך. אָבער דער שנײַ פאַרבלענדט מיך.

— מען קאָן אײַך נישט אויסהיילן?

— מיך? — שרייט מאָס אויס און בלייבט שטיין. איין רגע, דאַכט זיך, אַז זיין פעסטקייט איז געבראָכן, ער בויגט זיך אָן מיט פאָרויס, גלייך ווי זיין גאַנצער קערפּער וואָלט וועלן ענטפערן: ניין. אָבער תיכף ומיד גלייכט ער זיך ווידער אויס און ענטפערט: — איר מיינט, אַז מיר וועלן היינטיקן אָוונט באַוויזן צו קומען אַהיים?

איידער זיי זענען דערגאַנגען צו דער סאַנאַטאָריע פרעגט מאָס קרעכצנדיק: — עס איז נאָך ווייט?

— ניין, נאָנט, איר זעט, אַפּנים, נישט דאָס פייער אין די פענסטער?

— פאַרשטייט זיך, איך זע. נאָר איך פרעג סתם אַזוי.

איצט בלייבט שטיין דער זעלבסטמערדער, און ער פרעגט מיט אַ פרעמדער שטים:

— אויב איר קאָנט... איך זאָג עס נאָר אין דעם פאַל, ווען איר קאָנט... ס'הייסט...

— וואָס אַזוינס?

— וואָס אַזוינס ? — קרימט אים דער זעלבסטמערדער איבער בייז און קורץ. — איר קאָנט עס אַליין וויסן, איך וויל נאָר זאָגן, אַז איך אַליין וויים עס נישט. ס'איז מעגלעך, אַז אייך וועט עס העלפן, מיר האָט עס קיינמאָל נישט געהאָלפן. תפילה טון צו גאָט. איך זאָג אייך נישט יאָ, נישט ניין.

— בעטן גאָט ? — פרעגט מאַס אַ צעמישטער.

דער זעלבסטמערדער ווערט אין כעס: — וואָס דען ? אפשר שטייט איר העכער פון דעם, וואָס ?

מאַס הערט גאַנץ גוט, אַז דעם חברס דרייסטקייט איז געפאַלן, אַז דער חבר איז נאָנט צו יאוש; ער שטעקט זיך אַליין אָן מיט דער דאָזיקער צערודערונג און קאָן נישט ענטפערן.

דער זעלבסטמערדער רעדט ווייטער: — איך האָב געהערט וועגן מענטשן, וואָס זענען דערפון גליקלעכער געוואָרן, זיי זענען רויקער געשטאָרבן.

— פאַרמאַכט זשע אייער מויל ! — בעט זיך מאַס, ווי קלאָגנדיק.

און איצט האָט זיך דעם זעלבסטמערדער איינגעגעבן צו פאַרהוילן זיין שוואַכקייט און ווידער צו ווערן אַ ווילער יונג. ער כאַפּט זיך פאַר יעם ערשטן בעסטן שפּאַס, וואָס עס קומט אים אויפן זינען:

— אים האָט זיך קיינמאָל נישט איינגעגעבן צו מאַכן אַזוי, אַז גאָט זאָל ביי אים פאַרברענגען עטלעכע מינוט. ניין, ער איז צו אים דורך אַ לאָך אין דאַך נישט אַראָפּגעקומען.

* *

*

אינדערפרי האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז מאַס פאָרט אַוועק. פריילין ד'עספּאַר אַליין האָט עס געהערט, און זי שיקט נאָך אים — ווער ווייסט, וואָס זי האָט פון אים געוואָלט. פריילין ד'עספּאַר איז אַליין שפּיל און צעקאַליעטשעט, ריכטיק, אָבער זי האָט באמת רחמנות אויף דעם אומגליקלעכן מאָסן, און איז גרייט צו טון פאַר אים אַלדאָס גוטס, וואָס זי איז נאָר בכוח. מאַס שפּירט זיך נישט גוט, ער טאַפּט דעם וועג אין דער פריילינס צימער אַריין און בלייבט דאָ שטיין, ווי דער שולדיקער אין איר אומגליק אויפן שניי, ווען זיי האָבן זיך געשליטלט. אירע אויגן זע-

נען פּייבט געוואָרן, ווען זי דערזעט אים; די דאָזיקע פּאָר חדשים האָבן זיין געזיכט געמאַכט נישט צו דערקענען. זי נעמט אים אָן פאַר אַ האַנט און פירט אים צו אַ שטול.

ניין, ער איז גאָרנישט שולדיק, ווי האָט אים אַזאַ נאַרישער געדאַנק געקאָנט קומען אויפן זינען! פאַרקערט, זי דערמאַנט זיך מיט דאַנקבאַרקייט אָן זייער צוזאַמענזיין אין דער סאַנאַטאָריע. נאָכדעם זאָגט זי:

—איך האָב אָפט וועגן אייך געטראַכט. עס טוט מיר אַזוי לייד, וואָס אייך קומט אויס אַזוי פיל צו ליידן. אָבער עס מוז דאָך זיין ערגעץ אויף דער וועלט אַ מיטל אייך אויסצוהיילן, נישט אַזוי? איר זענט אַזוי יונג און דרייסט. איר וועט זיך שוין פאַרריכטן.

— איך האָב געהערט, אַז ביי אייך איז געבליבן אַ שלעכטער סימן, — האָט מאַקס געענטפערט.

גאָרנישט אַזוי שלעכט, אַט זעט איר אַליין.

יאָ, איך זע, אַלכּסונדיק איבער דער גאָמבע. אי, דאָס איז אַ גרויסער אומגליק.

די פרייליין האָט גאָרנישט געהאַט קעגן דעם, וואָס מאַקס זיצט דאָ אַ געדריקטער מחמת זיין שולד קעגן איר, און גראָד דערפאַר האָט זי געהאַט פאַרגעניגן, וואָס זי קאָן אים טרייסטן און לייכטער מאַכן אויפן האַרצן: — שאַ, איר טאָרט וועגן קיין זאַך נישט טראַכטן, נאָר וועגן צוריק געזונט ווערן. דער קלייִנער ראָזּ־רויטער קאַרב שאַדט מיר נישט! הערט איר, — איר מוזט עס נעמען. באַהאַלט עס אין קעשענע! דאַנקט נישט!

— וואָס איז עס? — פרעגט מאַקס — ס'איז געלט?

— ניין, נישט כּדאַי צו רעדן וועגן דעם, — זאָגט זי עקזאַלטירט — איר וועט מיר פאַרשאַפן אַ גרויסע פרייד.

— אַ דאַנק, — זאָגט ער — איך דאַרף קיין געלט נישט.

— עס קאָן אייך צונוץ קומען. זעט איר, דאָ איז נישט פיל.

— אָבער איך דאַרף עס נישט האָבן, פרייליין ד'עספּאַר.

— איך פאַרשטיי אייך נישט — זאָגט זי אַנטוישט.

מאַקס ענטפערט מיט אַ פאַרשטיקער שטים:—איך געהער צו די, וואָס ווערן אויסגעהאַלטן פון דער מלוכה. איך באַקום אַן אָרט אין אַן אַנשטאַלט.

— אַזוי? — פרעגט זי מיט תמימות. — וואָס פאַר אַן אָרט? אַ שטעלע?

— יאָ, אַ לייכטע שטעלע, איך דאַרף נאָר ארומלויפן מיט אַ גרייגער און שרייען: טמא, טמא!*)

די פריילין קוקט אים אָן מיט שטאַרע אויגן און שעפּטשעט:

— זענט איר... — נאָר זי ענדיקט נישט.

מאָס טוט אַ שאָקל מיטן קאָפּ, הויבט זיך אויף און גייט טאַפּנדיק ארויס פון צימער.

* *

*

ווען עס איז באמת שווער געווען צו שיידן זיך מיט מאָסן — דאָס איז געווען דער זעלבסטמערדער. ער האָט אויך געוואָלט שטילינקערהייט ארייגלייגן דעם בלינדן געלט אין דער קעשענע. און אַז דאָס איז אים נישט געלונגען, האָט ער אים אַ לאַנגע צייט געזידלט. ס'איז נישט שייך צו זאָגן, וואָסער באַשולדיקונג און זידל-ווערטער ער האָט אויף אים אויסגעשאָטן.

—איך פאַרשטיי נישט. צוליב וואָס האָט גאָט באַשאַפן אַזאַ מענטשן אויף דער ערד? און אויב איך רוף אָן מענטש, איז עס נאָר דערפאַר, וואָס איך וויל נישט צו וויט אַוועקגיין, אָבער דאָס דריקט לחלוטין נישט אויס מיין מיינונג וועגן אייך.

— רעדט ווייטער — זאָגט מאָס.

— ניין, איך קאָן נישט — ענטפערט דער זעלבסטמערדער און רעדט פונדעסטוועגן ווייטער.

א, ער איז געווען אויפגערעגט און האָט גערעדט אָן אויפהער, די מאָס פאַרלוירן, איז געוואָרן אַלץ היציקער און האָט מגזם געווען.

—איך האָב עס שטענדיק געזאָגט. געל האָט איר, געל און שלעכטסקייט און עקשנות. עס איז פאַר מיר קיין וואונדער נישט, אויב איר פרייט זיך, וואָס איר פאַרלאָזט אַ וועלט, וועלכע איר

---

*) אזוי פלעגן שרייען די מצורעים אין ארץ יהודה באַגעגענענדיק זיך מיט מענטשן.

קאָנט מער נישט זען, בשעת מיר זענען פאַרשאָלטן דאָ אין דער דאָזיקער שיינקייט פון דער נאַטור צו פאַרבלייבן. דאָס פּאַסט מאַקע זייער פאַר אייך. וווּהין פאָרט איר איצט? אפשר האָט איר עפּעס אַזוינס אָפּגעטון? גאָט ווייסט, צי מען פירט אייך נישט אַוועק גלייך אין דער תּפיסה אַריין...

מאַס זאָגט שטרענג: — וואָס זשע איז עס — אַ ווונק, אַז איר ווייסט עפּעס אומאָנשטענדיקס וועגן מיר?

— פאַרשטייט, ווי איר ווילט, לגמרי, ווי איר ווילט.

— אויב אַזוי, שלאָגן מיר זיך! — דערקלערט מאַס און שטרעקט אויס די פויסטן, וועלכע זענען אַרומגעהיקלט מיט שמאַטעס אָן אַ שיעור.

— קאָמעדיאַנט, איך וויל בכלל מער קיין וואָרט מיט אייך נישט רעדן. מיט אייך גייט פאַרלוירן אַ גרויסע אפּע. אָבער מיינט נישט, אַז איך פאַרשטיי אייך נישט. איר זענט אַזוי לעבערלעך־פּשוט, ווי אַ קינד, און דער גאַנצער אָנשטעל אייערער איז נאָר אַ געמאַכטער. וואָס קאָן עס אייך שאָדן, אויב איר וועט אין וועג האָבן אַ גראָשן אין קעשענע?

— איך האָב אין קעשענע אַלץ, וואָס איך דאַרף.

— אוודאי. אין דערפאַר האָט איר אייך געקויפט אָן אַלט פעלצן היטל פאַר זעכציק ערע.

— איר פאַרגינט מיר פּשוט נישט, וואָס איך האָב אַ וואַרעם היטל, דאָס איז די מעשה.

— נאַרישקייטן! אייער קאָלטבלוטיקייט איז אַ געמאַכטע. איר באַרויקט אייך אַליין מיט אַזעלכע עקשנותדיקע נאַרישקייטן, יאָ, כּלומרשט איר זענט אַ גרויסער מענטש. איך וואָלט אייך אָנגערופן פּשוט אַן אומגליקלעכער מענטש. איר זענט פול מיט פּוסטער גאווה, איר! פון וואַנען ווייס איך עס? פון דעם, וואָס איר זענט אַזוי משוגע, קינדיש, אַז איר שטייט און באַמיט זיך אונטערצושטרייכן אייער אייגענע חוצפּה. איר מיינט, איך פאַרשטיי אייך נישט? דאָס איז אַלץ מער נישט, ווי פאַרשטעלטקייט און באַרימעריי.

דער בריוועטרעגער, וועלכער האָט אים געדאַרפט אָפּפירן, רופט

הינטערן פענסטער, און מאָס גייט טאַפּנדיק אַרויס. דער זעלבסטמערדער העלפט אים. אין דער לעצטער רגע דערלאַנגט אים דער זעלבסט־מערדער אַפילו די האַנט, אָבער מאָס זעט זי נישט, און ער זאָגט נאָר „אויף ווידערזען!" אין דער לופט אריין. אָ, אים איז קיין בעסערס און שטאַרקערס אויפן זינען נישט געקומען, ער זאָגט:

— אויף ווידערזען, זעלבסטמערדער־מאַגנוס!

אָט ווי דאָס האָט אויסגעזען.

דער זעלבסטמערדער האָט זיך באמת אַרויסגעוויזן טיכטיקער; ער האָט מיט עטלעכע גרויסאַרטיקע זידלווערטער אַרויסגעהאָלפן דעם חבר איבערצוטראָגן דעם מאָמענט פון שיידן זיך.

אויף די טרעפּ שטייט די ווירטשאַפטערין און ווינטשט אַ גליקלעכע רייזע און גיך געזונט צו ווערן. דער דאָקטאָר שטייט ביים שליטן. ער רעדט שטיל און העלפט מאָסן אריינצוזעצן זיך, ביים זעגענען זיך זאָגט ער הויך:

— מוטיקער, אַנטאָניוס, געדענקט, וואָס איך האָב אייך געזאָגט!

— יאָ, אַ דאַנק—ענטפערט מאָס.

און ווייל עס האָט געשנייט, האָט ער עס, מסתמא, אַ פּאָר קליינע שנייעלעך אַראָפּגעווישט פון די אויגן.

און דעמאָלט פאָרט מאָס אוועק — אין דעם אינספּעקטאָרס פעלצענעם היטל און אין דעם זעלבסטמערדערס סוועטער, — ער פאָרט אַוועק לעבעדיק באַרגראָבן צו ווערן, קיין ווונדער, וואָס ער האָט אַזוי לאַנג נישט געוואָלט פאַרלאָזן דאָס לעבן און די טאַראַהוסער באַנאַטאָריע.

* *
*

און דעמאָלט איז אין אַ געוויסער מאָס אַלץ ווידער געקומען אין אָרדענונג.

נאָר איצט הויבט זיך אָן מיט פרייליין ד'עספּאַר.

זי איז ווידער געזונט, זי שטייט אויף פון בעט, יאָ, זי איז ווידער אויף די פיס, עסט אַביסל, שלאָפט אַביסל, שמועסט אַמאָל מיט דעם דאָקטאָר. אָבער זי איז כלל נישט אין קיין גוטער שטימונג. דער קאָרב אויף דער גאָמבע קליידט איר נישט. זי פרעגט דעם

דאָקטאָר, צי רעכנט ער נישט, אַז דער קאַרב וועט מיט דער צייט פאַרגיין. דער דאָקטאָר ענטפערט: געווים וועט פאַרגיין. דער-ווייל מאַסירט די פרייַלין איר געזיכט מיט וואַזעלין און מיט די שפּיצן פינגער.

אָבער איינמאָל...

עס האָט זיך אָנגעהויבן דערמיט, וואָס זי האָט זיך אויפ-געכאַפּט אַן אויסגעשלאָפענע, און ווייל ס'איז געווען זונטיק, האָט זי זיך אויסגעפּוצט. ס'איז אַ העלער טאָג, און גלייך נאָך דעם פרישטיק איז זי אַוועק שפּאַצירן איבער די וועגן אין שניי און האָט באַקומען רויטע באַקן, נאָכדעם האָט זי געלייענט די צייַ-טונג און נאָכן לייענען איז זי אַוועק אין איר צימער. אַלץ האָט דער יונגער פרייַלין אויסגעוויזן ליכטיקער, איידער שוין אַ לאַנגע צייט ביז איצט.

צום עסן גייט זי אַראָפּ ווייל ס'איז זונטיק, איז דער מי-טאָג אַ בעסערער ווי געוויינלעך: שניי-הון און רויטע קאַשע. געסט זענען איצט פאַראַן ווייניק, אַזוי, אַז אַלע זיצן ביי איין טיש. דער דאָקטאָר, אַלס ווירט, זיצט אויבנאָן, נאָכדעם אַלע גלחישע אַלמנות און די קליינהינדלער מיט די דאַמען, און גאָר צום לעצטן די ווירטשאַפטערין.

פּלוצלינג שפּרינגט פרייַלין ד'עספּאַר אויף פון איר שטול.

— וואָס איז? — פרעגט דער דאָקטאָר און ווענדט זיך צו די געסט.

קיין ענטפער.

— וואָס איז, פרייַלין ד'עספּאַר?

קיין ענטפער.

דער דאָקטאָר שטייט אויף און וויל צו איר צוגיין. אָבער זי לויפט שנעל דורך פאַרביי אים, פאַרהאַקט די טירן; זי לויפט פאַרמאַכט דעם מויל מיט דער האַנט.

— צאָנווייטיק, — שמייכלט דער דאָקטאָר און לייגט פאָר די געסט, ווידער צו נעמען זיך פאַר דער שניי-הון.

פרייַלין ד'עספּאַר פליט אַריין צו זיך אין צימער, איר האַנט ציטערט, אָבער זי געפינט אין מויל אַ שראַט-קייקעלע און

א צאָן, ריכטיקער, אַן אָפּגעבראָכענעם צאָן, א שניידצאָן, א שיינעם — אך, גאָט! און זי לויפט צו דעם שפּיגל, דערזעט דעם שרעקלעכען פּוסטען לאָך. אין דעם ערשטן אויגנבליק נעמט זי גאָרנישט אונטער, אָבער ווען זי פּרוּווט אָנטקעגן שפּיגל אויף פאַרשידענע אופנים שמייכלען, לאַכן און עפענען דאָס מויל, דערזעט זיך אין איר א שרעקלעכער גרימצאָרן, און זי ברעכט אויס מיט א שטראָם פון קללות. אירע קליינע הענטעלעך ווי די נעגל פון א ווילדער חיה, און זי דראַפּעט מיט זיי די לופט. ליבער גאָט, וואָס האָט זי געקאָנט בעסערס דערוואַרטן? וואָס טויג איר שוין איצט צו טראַכטן וועגן דעם מאַסאַזש פון געזיכט און וועגן דעם ראָזעווע‑רויטן קאַרב אויף דער גאָמבע? וואָס טויג איר שוין איצט דער גאַנצער פּלאַן אירער וועגן דער דאַמע, וואָס אין דעם אנאנס, און וועגן איר אויסזיכט אויף אַן אָנשטענדיקן שידוך. פון אַלע פּלענער א תל געוואָרן.

זי האָט נאָך אַפילו געוואָלט דעם גורל אירן נעמען אין די הענט און בויגן אים. איז עס דען אָבער גישט מעשה שטן, וואָס שטענדיק טרעפט עס איר גראָד אין פּנים אַריין? מיט איר פאַרדאַרבענעם אויסזען זענען איצט אַלע אירע האָפענונגען צעשטערט. און וואָס זאָל זי טון?

ווען זי איז רויקער געוואָרן, האָט זי ווידער געפונען א טרייסט אין דעם דיקן קאָנווערט מיט געלט, וואָס זי טראָגט אויף דער ברוסט. דאָס האָט זי אונטערגעהאַלטן. כּל זמן זי האָט דאָס, וועט זי נישט דאַרפן הונגערן, נישט אָן א ווינקל בלייבן. זי האָט באַטראַכט דעם צאָן, וואָס זי האָט געהאַלטן אין האַנט, און געפונען, אַז ער איז שוין פון פריער געווען האַלב צעפוילט. ס'איז נאָר געווען א פראַגע פון צייט. ווען ער זאָל זיך אָפּברעכן, און די שרויט פון דניאלס ביקס איז דאָ נאָר געווען אָנשטאָט א שטיקל סקאָרינקע אָדער א ביינדל. ווען איר היסטערישער צאָרן איז אַריבער, האָט זי זיך בלויז מיט ישוב‑הדעת באַטראַכט, ווי זאָל זי פון היינט אָן מיט איר צעקאַליעטשעטן מויל שמייכלען און לאַכן, עס זאָל אויסזען שענער. אַן אומזיסטער פּרוּוו.

אין משך פונם טאָג האָט זי דורכגעטראַכט אַלע מעגלעכ־קייטן: אַ נייע רייזע קיין בריסטיאַניע, אָדער פון אַלץ אָפּזאָגן זיך, אָדער פאָרן קיין פינלאַנד. קיין זאַך האָט זי נישט באַרויקט, אַלע אויסוועגן האָבן אויסגעוויזן צו זיין פאַרשפּאַרט. פינסטערניש און פאַרצווייפלונג האָבן זי באַהערשט. זי האָט די נאַכט נישט געשלאָפן, אָבער דער פרימאָרגן האָט זי געפונען מיט אַן אויס־דרוק פון פעסטקייט און אַנטשלאָסנקייט. די פּלענער, וואָס זי האָט פאַר דער נאַכט צוגעטראַכט, זענען נישט געווען קיין גרויסע. אָ, איצט דאַרף זי נישט קיין גראַף, נישט קיין רייכן מענטשן. אָבער זי האָט שוין אַ באַשלוס אָנגענומען; זי האָט געוווּסט, וואָס מיט זיך צו טון.

זי גייט אין רויכערצימער, נעמט צונויף עטלעכע אַלטע צייטונגען און שטעקט זיי אַריין אונטערן אָרעם, נאָכדעם לאָזט זי זיך אַוועק איבערן וועג צום וואַלד.

ס'איז אפשר נישט ריכטיק געווען, וואָס זי איז גראָד איצט געגאַנגען צו דניאלן אין זיין פּאַסטוך־שטיבל צו באַקלאָגן זיך אויף איר צאָנווייטיק און אַנדערע אירע זאָרגן, אָבער מען דאַרף איר עס מוחל זיין, און חוץ דעם האָט זי דערביי געהאַט אַ גע־וויסע כוונה. דאָס איז זיכער געווען נישט מער אומזיניק, איידער פיל אַנדערס, וואָס וואָלט איר געקאָנט איינפאַלן. דניאל איז גע־ווען אַ מענטש, וואָס האָט פיל זאַכן פאַרשטאַנען. ער האָט שוין פיל דורכגעלעבט, האָט שוין זיין ירושה־הויף אַזוי גוט ווי זיין כּלה פאַרלוירן; ער האָט געוווּסט, וואָס פאַרא באַדייטונג האָבן השגחה, זויער מילך און גוטער מוט. היינט איז מאָנטיק, און דניאל איז, מסתּמא, פאַרנומען מיט אַן אַרבעט.

גאַנץ ריכטיק. זי טרעפט דניאלן אויפן האַלבן וועג לעבן דעם קליינעם שפּייכלער אין וואַלד. ער דאַרף ווייטער אָנפירן היי, און איצט, ווען עס איז אַ גוטער שליטוועג, שלעפּט ער אַ שליטן מיט היי. אפשר איז עס אַ גליק, אַ רמז פונם גורל, וואָס זי האָט אים שוין דאָ אויפן העלפט וועג געטראָפן.

זיי גריסן און פרייען זיך, ווי געוויינלעך, מיט דער באַגע־געניש. עס איז שוין אַריבער אַזאַ לאַנגע צייט, זינט זיי האָבן

זיך דאָס לעצטע מאָל געזען. די פריילין איז ווי פאַרפאַלן געוואָרן.

זי נעמט די צייטונגען אַרויס און גיט אים אָפּ, אפשר וועט ער אין אָוונט אַ ביסל אין זיי אַריינקוקן.

ער באַדאַנקט און באַווייזט זיך בלומרשט גליקלעך. לייע־נען איז פאַר אים דער בעסטער פאַרגעניגן, ער האָט אַליין גע־וואָלט אויסשרייבן אַ צייטונג, אָבער דערווייל האָט ער נאָך נישט באַוויזן, — ער ליגט, וואָרום ער קען קיים לייענען.

ער קאָן אָבער אַלע טאָג באַקומען צייטונגען אין סאַנאַטאָ־ריע. זי וועט אים גערן ברענגען, סיי ווי פאַרברענט מען זיי, ווען די געסט האָבן זיי איבערגעלייענט.

— מ'פאַרברענט?

— מ'פאַרברענט, — שאָקלט זי צו מיטן קאָפּ — צייטונגען אויף פאַרשידענע שפראַכן.

אַזוינס האָט ער נאָך קיינמאָל נושט געהערט. אָבער זיי האָבן, אפנים, דאָרט אויבן פיל געלט, זיי זענען רייך. — און איך בין נאָך אַלץ מיין אייגענער פערד.

— יאָ, דאָס איז גראָד נישט ווויל, — ענטפערט זי.

— פונדעסטוועגן קאָן ער זיך נישט באַקלאָגן. ער וואָלט זיך לייכט געקאָנט קויפן אַ פערד, ער האָט קרעדיט און אַ גוטן שם ביי לייטן. ער וואָלט געקאָנט שוין גיין אין דאָרף אַריין און תּכּף האָבן אַ פערד,

— דאָס איז אויסגעצייכנט.

— תּיכּף ומיד. נאָר ער וויל וואַרטן ביז פרילינג.

— דאָס איז אין אייך גוט, דניאל, וואָס איר זענט שטענדיק גוט געשטימט.

— אַ גוטער יאָר אויף אייך, — ווערט ער דערהיצט, — פאַר וואָס דען נישט? איך האָב הענט, איך האָב אַ הויז און אַ היים און אַ קי, פון צייט צו צייט פאַרקויף איך אַן אָקס, איך שיס האָזן און שנייהענער. צו פרילינג צו האָב איך אַ פערד. דאַן צעאַקער איך די לאַנקע און פאַרזיי תבואה.

דאָ באַקומט זי די פאַסיקע געלעגנהייט צו באַווייזן איר מויל: איינע פון זיינע שראָטקייקעלעך האָט איר אין מויל צעבראָכן אַ צאָן.

ס'וואָלט געווען אַ ווונדער, ווען ער וואָלט זיך נישט געשעמט דערפאַר.

ער טוט אַ פּאַטש מיט די הענט פון שרעק און פאַרצווייפלונג, נאָר אַזוי ווי זי האַלט זיך גוט, נישט זי ווייגט, נישט זי וואַרפט אים פאָר, ווערט ער ביי זיך פעסטער: באמת, עס איז במעט גאָר-נישט קענטיק, דאָס איז אין תּוך גענומען גאָרנישט, זי איז פּונקט אַזוי שיין און ליב, ווי געווען.

— אַך, גאָט מיינער, שיין! זעט איר, — דאָס האָב איך אויך באַקומען זינט מיר האָבן זיך דאָס לעצטע מאָל געזען. אַ שיינער שנים. אמת?

זי מוז אים דערציילן אַלץ, וואָס עס איז פאָרגעקומען בשעתן שליטלען זיך, און דניאל טוט פלוצלינג אַ שאָקל מיטן קאָפּ און זאָגט: — דאָס האָב איך גאָר געדאַרפט רודערן.

— ריכטיק.

— ווייטער זאָלט איר שיקן נאָך מיר, איך וועל קומען מיט מיין שליטן.

שוין איצט מוז זי צוליב זיין אַנטשלאָסנקייט און מונטערע רייד שמייכלען און זי פילט זיך געטרייסט. זי נעמט אים פאַר-טרוילעך אָן פאַרן האַנט און זאָגט:

— עס זעט דען נישט אויס שרעקלעך, ווען איך לאַך?

— וואָס? צוליב אָט דעם קליינעם לעבל? איך וואָלט עס אפילו נישט באַמערקט, ווען איר וואָלט אַליין נישט באַוויזן. דאָ איז אפילו גאָר קיין לאָך נישטאָ.

— האַ האַ האַ!

— און חוץ דעם בין איך זיכער, אַז דאָס שטערט נישט אייך צו קושן אַזוי גוט ווי פריער, — זאָגט ער מעשה קונדס.

— זעט נאָר! — זאָגט זי און הויבט אויף אים אויף די האַנט.

זיי זעצן זיך אין דעם שפייכלער, און דאָ איז פול מיט זון, און דאָ איז אַ גאַנצע וואַנט פון שטויב, וואָס פאַרבאָרגט זיי, ווי אַ פאָרהאַנג; אַלץ אַזוי, פּונקט ווי בכיוון צוגעפּאַסט. ווען ער

מיט זי א קוש, דערלאַנגט זי אַ קליינעם געשריי און נאָכדעם זאָגט זי:—אַך, איר זענט אַזאַ שלעכטער.

— יאָ, אָבער מיט ווערטער האָב איך עס נישט געקאָנט אויסדריקן. — ענטפערט ער.

זי הויבט זיך אויף און קוקט זיך אַרום אויף אים. ווען מען זאָל אים גוט אויסוואַשן, וואָלט ער געווען אַ פיינער בחור, דאָס גרויסע מויל איז גאָר נישט אַזוי מיאוס. — איצט רייניקט פון מיר אַראָפּ די שטרויעלעך! — זאָגט זי.

— רעכט, אויב איך וועל באַקומען נאָך אַ קוש.

זי שמייכלט רייצנדיק און ענטפערט:

— שפעטער, אפשר.

אָבער ער באַרשט זי נישט, ער נעמט איר האַנט און וויל זי ווידער צו זיך אַראָפּציען. דאָס געפֿעלט איר נישט. ניין, ער פאַרלאַנגט צו פיל. זי דאַרף אַ ביסל אָפּוואַרטן, דער יונג איז גאָר אַ גייצי-קער, אַ טייוול, מען דאַרף אים אַ ביסל האַלטן אויפן צוימל. איר אויסזען האָט טאַקע פיל פאַרלוירן, אָבער זי מוז דאָך רי-זיקירן, כדי צו מאַכן זיך נישט אַזוי ביליק און אים איינצוהאַלטן.

זי גייט אַרויס פון שפייכלער און טרייסלט אָפּ איר קלייד.

ער הויבט זיך אויך אויף און גייט אַרויס נאָך איר און מיט דער האָפנונג צו באַקומען זיין לוין. ער בערשט זי אָפּ, נאָר פּלוצ-לינג רייסט ער איבער.

— ניין, ניין, איר דאַרפט אַליין מיך נישט קושן. יאָ. איר זאָלט נישט קושן. איך האָב אייך צוגעזאָגט, אָבער נישט איר אַליין, איר דאַרפט וואַרטן, ביז איך אַליין וועל דערפילן מיין צוזאָג.

— עס איז נאָך נישט צושפּעט, איר קאָנט נאָך איצט אַליין דערפילן.

— איר זענט אָבער אַ צופיל גייציקער, ביטע! מאָרגן וועל איך נאָך ציטונגען ברענגען. אָ, גאָט מיינער, מיר טוען אַזוי ווי די ציינער און מיר איז אַזוי שלעכט, דניאל!

— יאָ. צאָנווייטיק איז נישט גוט, — זאָגט ער אויך. — איך האָב עס צוויי מאָל געהאַט. מאַרטען טוען אָפּט די ציינער ווי

זי קאָן וואָכנלאַנג אַרומגיין דערמיט, און קיין וואָרט נישט זאָגן. וואָס נוגע מיר, קאָן איך מיך בשום אופן צו צאָנווייטיק נישט צוגעוווינען.

— און ווען אייך וואָלט נאָך געווען דערצו אַזוי שלעכט ווי מיר.

— אַך, צום טייוול. מיט אַלץ קאָן מען זיך אַן עצה געבן, אָבער מיט ציינווייטיק!

— דאָס איז דאָס ערגסטע, וואָס איר ווייסט?

— יאָ, דאָס ערגסטע.

זי הייבט אָן אויסצורעכענען אַנדערע צרות: עגמת נפש, שלאָפלאָזיקייט, בכלל אָנשיקענישן. דאָס קאָן ער נישט איינבייסן. פון וואָס פאַר אַ ליים איז ער אויסגעקנאָטן, אויב ער פילט זיך קיינמאָל נישט אומגליקלעך? פונדעסטוועגן מיט אַ יאָר צוריק איז ער געווען אומגליקלעך. אָבער דאָס גאַנצע לעבן, דעם גאַנצן קאַמף, די יסורים? ניין, אַזוינע ווייטע זאַכן פאַרשטייט ער נישט.

ער פּרוּווט זי ווידער אַריינצוציען אין שפּייכלער, אָבער זי מאַכט זיך נישט הערנדיק. יאָ, געוויס, ער איז אַ חברה מאַן, דאָס זעט מען אָן אים. ער קוקט אויף איר שמאַר, טוט נישט קיין פּינטל מיט קיין ברעם. זי לאָזט אַראָפּ די אויגן, און ווען זי הייבט זיי ווידער אויף, האַלט ער נאָך אַלץ זיין בליק צוגעשמידט צו איר. אין דעם אויגנבליק ווייסט ער נאָר איינס: אַז זי איז ליב און צאַרט, אַז זי איז פול מיט חן און האָט אַ בויגעוודיקן קערפּער. ער געניסט זי פאָרויס. ער ברענט ווי אַן אויוון. די דאָזיקע שטאַרקייט פון זיין פאַרלאַנגען איז אין תוך די מעלה פון זיין חסרון.

זי מאַכט אַ פּאָר טריט און גייט האַלבדערשראָקן אָפּ אויף צוריק. ער איז איצט ענלעך צו אַ מענטשנפרעסער, ער האָט אַזעלכע העפלעכע באַוועגונגען, אָבער די נאַזלעכער ציטערן שטאַרק. די ווייסע ציין בלאַנקען, דער בויך ווערט ביי אים אַ ביסל איינגעצויגן.

— אַזוי, איצט מוז זי גיין. — זאָגט זי.

— ניין, — פּראָטעסטירט ער

אָבער דאָס העלפּט נישט. די פרײַלין איז שוין אַ היפּשן שטיק װעג אָפּגעגאַנגען, און ער זעט, אַז זי גייט באמת אַװעק.

— גייט נישט! גייט נישט! — שרייט ער.

זי טוט אַ מאַך מיט דער האַנט אויף צוריק.

— איר װעט מער שוין נישט קומען?

— כ'װעל קומען, מאָרגן. איך האָב דאָך אייך צוגעזאָגט ברענגען נאָך צייטונגען.

* *
*

אויף מאָרגן.

עס איז אפשר װידער געװען נישט ריכטיק צו גיין נאָך אַמאָל אין שפּיטאָלער, אָבער אין דעם איז געלעגן אַ מיין, װאָרום צוליב װאָס דען האָט זי זיך נעכטן אַזוי װייט ערלויבט? פרײַלין ד'עספּאַר האָט קיין ברירה נישט געהאַט.

אָט גייט זי, אַזאַ מענטש אויף דער װעלט װי אַנדערע, אַ װאַנדערערין, אַ קליין מיידל, אַ פאַרבלאָנדזשעט לעבן, אַ קערנדל, פון הײַנט פאַרטראָגן... זי איז גאָר נישט דערשלאָגן, היט זיך נישט אַראָפּצוגיין פון װעג און נישט אָננעמען קיין שניי אין די שיך. עס איז איבעריקנס הײַנט אַזאַ שיין װעטער, װי נעכטן. דעם פּאַק צייטונגען האַלט זי אונטערן אָרעם, זי װייסט, װאָס עס װאַרט אויף איר ביים שפּיטאָלער, און אָט גייט זי. אַנדערע רופן עס אָן פרײַער װילן.

ער האָט הײַנט גאָרנישט געבראַכט זיין שליטן, אפשר דערפאַר, װאָס ער האָט נישט געװאָלט אַרויספירן דאָס גאַנצע היי פון שפּיטאָלער, אָדער װייל ער האָט דערביי געהאַט עפּעס אַ פּניה. ער איז אַ ביסל בעסער אָנגעטון, און האָט זיך באַזונדערס גוט איינגעװאַשן. אַזוי װי ער האָט מורא פאַר אַ דורכפאַל, װי נעכטן, טרעט ער צו צו דער זאַך פּאָרזיכטיק. אָ, ער היט זיך אַזוי, אַז אפילו זי, נישט ער, גייט די ערשטע אַריין אין שפּיטאָלער אין זעצט זיך. אָבער זי זאָגט, אַז ער קאָן אויך אַריין, אויב ער װעט זיך נאָר אויפפירן אָנשטענדיק.

יאָ, זאָגט ער, ער װעט זיך אויפפירן אָנשטענדיק.

זיי רעדן וועגן די צייטונגען, זי ווייזט אים איינעם און אַ צווייטן אַרטיקל, וואָס זי רעקאָמענדירט אים, דאָס וועט אים פאַרשאַפן פאַר־גענינגן. באמת, ער באַהערשט זיך גוט, זי האָט אים געגעבן אַ גוטע לעקציע. ער איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זי האָט שוין עפּעס גע־זאָגט וועגן גיין אַהיים, און ער האָט נאָך אַלץ זי נישט אַרומגענומען מיט קיין האַנט. ער איז גאָר נישט ער. ער פּלוידערט נאַרישקייט און רעדט צו פיל, פאַרשטעלט זיך און טרייבט לצנות. האָט זי אַליין געמאַכט אַ סוף צו דעם און אַרויסגעשטאַמלט:—ס'איז מיר נעכטן גע־ווען אַ רחמנות אויף אייך, וואָס איך בין אַוועק. איך וואָלט עס איצט געטון, ווען איר וואָלט מיך געבעטן.

— קושן?

— יאָ... אויב איר ווילט. מיר איז אַ רחמנות אויף אייך.

דערביי האָט איר גאַנצע אָנשטרענגונג געפּלאַצט, זי קאָרטשעט זיך צונויף און וויינט. זי קאָן עס שוין נישט אַריבערטראָגן, ניין. דאָס שוואַכע מיידל ווערט אין משך פון אַזוי פיל וואָכן שוין געקוועלט פון אַ געהיימען אומגליק. אירע כוחות זענען שוין אויס. זי ברעכט אויס אין אַ קלאָג. שטייט אויף, שטעלט זיך אין טיר און טרייסלט זיך.

ער פאַרשטייט עס נישט און איז דערשראָקן. ער ווייסט נישט, וואָס דאָס איז אַזוינס היסטעריע, און ער פרעגט: וואָס איז איר, ער גלעט זי און טרייסט זי.

— נו, גענוג, וואָס וויינט איר?

— איך שטיי און רע־עווע — בליפּעט זי.

עס ענדיקט זיך מיט אַ האַלבן געלעכטער, צווישן וויינען און לאַכן.

ער ציט זי ווידער אין היי אַריין, און זיי זיצן אַזוי לאַנג און וואָרקען, ביז זיין משוגעת דערוואַכט אין אים ווידער אַמאָל און זי גיט אים נאָך...

אָט דאָס איז אַ יונג. ער רעדט וועגן איר, זאָגט זיך אָפּנהאַר־ציק וועגן איר אַרויס: זי איז גרויסאַרטיק, גאָט מיינער, קיין שום חסרון נישטאָ. ער פאָדערט, אָפּן גערעדט, זייער פיל פון ליבע־שיינקייט, אָבער

עפּעס אזוינס ווי זי. — דאָס האָט ער נאָך קיינמאָל אין לעבן נישט געזען...

— איר קאָנט אפשר שווייגן! — זאָגט זי און פאַרבאָרגט איר פּנים.

ניין, ער שווייגט נישט. די דאָזיקע אומדערוואַרטע אוואַנטורע מיט אַ שטאָטישער, מיט אַ פיינער דאַמע, האָט אים פאַרדרייט דעם קאָפּ, ער האָט אויפגעעפנט דאָס מויל און שיט מיט לויבגעזאנגען וועגן איר. חוץ דעם, איז ער מיט זיך אַליין צופרידן געווען, ער איז גע־שוואָלן פון שטאָלץ.

— איר טראַכט נישט, אַז עס קאָן זיך ענדיקן מיט אַ שלעכטן סוף?

— מיט אַ שלעכטן סוף? יאָ, פאַרשטייט זיך, איר דאַרפט וועגן דעם נישט טראַכטן. פאַרוואָס זאָל עס זיך גראָד ענדיקן שלעכט?

— אָבער די רעזולטאַטן, — זאָגט זי ווי אַ פאַרציטערטע — די רעזולטאַטן!

ער איז לויטער לייכטזיניקייט. און וויל וועגן דעם אפילו נישט טראַכטן.

— איצט זייט אַ גוטע און באַאומרויִקט זיך נישט, — טרייסט ער זי — איך זאָג אייך, אַז דאָס האָט קיין שום זינען נישט. זאָל גאָט היטן, עס זאָל מיט אייך עפּעס געשען, דאָ קאָנען שוין מיינע צוויי געזונטע הענט אייך גאָרנישט מאַכן. אָבער איך וויל אייך אָט וואָס זאָגן, מיר זענען פּונקט ווי פובעלעך, וואָס טראָגן זיך אין דער לופטן, ווי גאָט האָט באַשטימט. דאַן קאָן מען גאָרנישט טון. איך בין גרייט בעסער מיין גאַנצן הויף פאַרלירן, איידער איר זאָלט ליידן דעם קלענסטן שאָדן. און דעריבער זאָלט איר זיך אומזיסט נישט נעמען צום האַרצן, איך בעט אייך...

נאַרישקייט און פּלוידעריי. זי וואָלט אויך בעסער וועגן דעם נישט גערעדט, אָבער זי האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף וועגן דעם שוין איצט דערמאָנען, כדי עס זאָל שפּעטער פאַר אים נישט זיין אומדערוואַרט. זי איז ווידער געוואָרן פאָרויסזיכטיק. דעריבער האָט זי אים געלאָזן רעדן. חוץ דעם איז אין זיין לייכטער פּלוידעריי געווען אַ געוויסע טרייסט פאַר איר. די פרײלין האָט זיך געגייטיקט אין

פּריינטלעבקייט. די העלע פאַרבן, וועלכע ער האָט געזען, האָבן געווירקט ווי אַ היילונג. זיינע אַקסלען זענען שטאַרקע און ברייטע. ער וואָלט זי זיכער געקאָנט נעמען און אַוועקטראָגן אויף די הענט צו זיך אין זיין פּאַסטוך-שטיבל. יעדנפאַלס איז אין אים געווען עפּעס אַ פעסטקייט.

— נו רעכט, וועל איך שוין זיין רויק, וויבאַלד אַז איר זאָגט אַזוי, — דערקלערט זי — נאָר איר זאָלט מיר העלפן, — זאָגט זי.

— איך? איך בין גרייט צו טון אַלץ, וואָס איר פאַרלאַנגט, פאַרלאָזט זיך שוין דערויף. מיט אייך וועט גאָרנישט געשען, דערפאַר וועל איך שוין זאָרגן.

— יאָ, איר מוזט עס, דניאל, איך האָב דאָך נאָר אייך...

— זעט איר. איצט דאַרפט איר קומען נאָר צו מיר, און חוץ מיר צו קיין לעבעדיקן נפש, ווען איר וועט זיך וועלן שליט-לען, צי עפּעס וואָס אַנדערש.

ניין, ס'איז נישט גוט. ער דענקט, אַזוי צו זאָגן, גאָר אָן געדאַנקען. זי האָט דערווייל אויף היינט געמאַכט אַ סוף און זיך אָפּגעזעגנט.

און גייענדיק איבערן וועג צו דער סאַנאַטאָריע האָט זי געטראַכט, אַז זי וועט שלאָפן, עסן און שלאָפן. וואָס איז אַזוינס פאָרגעקומען? זי האָט אָפּגעהאַלטן אַ פולשטענדיקן נצחון. ס'האָט איר לחלוטין אָפּגעגליקט, אין אַ וואָך אָדער אין צוויי וואָכן אַרום וועט זי קאָנען מאַכן נאָך אַ טריט פאָרויס.

זי איז אַהיימגעגאַנגען מיט אַ לייכטערן האַרצן, איידער זי איז אַהער געקומען; זי האָט זיך באַפרייט פון דער לאַסט, וואָס זי האָט אַזוי לאַנג געטראָגן. דאָס שוואַכע מיידל האָט זיך נישט איינגערגעבן, נאָר געטון, וואָס פאַר איר איז בעסער געווען, געשמידט פּלענער, געשאַפן, געגאַנגען קעגן דעם גורל. דאָס, וואָס זי וועט דורך אירע פּלענער דערגרייכן, איז געווען נישט אומזיסט...

אַ טאָג נאָך אַ טאָג איז אַריבער. די רו, וואָס זי האָט זיך אַליין געשאַפן, איז איר ווייל באַקומען. די פאַרב אין געזיכט האָט זיך ביי איר פאַרבעסערט, און אין אָטעם, איידער זי פלעגט איינ-

שלאָפן, איז זי געלעגן, געקוקט אין דער פינסטער, בשעת איר נשמה האָט גערוט אין ליכטיקייט. דאָס, וואָס עס האָט זי פריער געפייניקט, וואָס האָט איר געזיכט מיאוס געמאַכט, האָט דניאל נישט באַמערקט, דאָס האָט זי געקאָנט נישט נעמען זיך צום הארצן. יעדעס מאָל וואָס ער האָט זיך מיט איר געטראָפן, איז ער געווען אַנטציקט דערפון, וואָס פון יוליע ד'עספּאַר איז נאָך עפּעס געבליבן. איבעריקנס איז זי דאָך קיין חורבה נישט געווען, לגמרי נישט. איר קערפּער איז געווען פּונקט אַזוי פיין ווי פריער, און וואָס נוגע דעם אַרויסגעבראָכענעם צאָן, קאָן זי זיך דאָך אַריינשטעלן אַ שטיפטצאָן. קנאַפּ מענטשן האָבן דען אַריינגעשטעלטע שטיפטציינער?

* *

*

אין דער סאַנאַטאָריע האָט מען גערוואַרט אויף דעם אַדוואָקאַט רופּרעכט. דער אינספּעקטאָר און די ווירטשאַפטערין האָבן זיך גענומען מיט חשק גרייטן און צופּוצן די סאַנאַטאָריע פון אינעווייניק און פון דרויסן, אָפּרייניקן די וועגן און פריער פאַר אַלץ שאַפן עסן, פרישע עסן—עס איז געשאַפן געוואָרן אַ גאַנצער קאָמפּלאָט מצד די פּאַציענטן מיט דעם זעלבסטמערדער אין דער שפּיץ, און מען האָט זיך געקלאָגט אויף די קאָנסערוון.

די ווירטשאַפטערין האָט געפאָדערט פיש, פרישע פאָרעלן דער אינספּעקטאָר איז נישט געווען קיין פישער, ער איז געווען נאָר אַן אַלטער מאַטראָס און איצט אינספּעקטאָר דערצו, דאָס הייסט דער אָנפירער; האָט ער זיך וועגן דעם ענין געווענדט צו דניאלן. דניאל האָט דורכגעשלאָגן אַ לאָך אין דעם אייז אויף דער באַרגאָזערע און איז דאָ אָפּגעשטאַנען גאַנצע טעג מיט דער ווענדקע אין האַנט. דאָ האָט אים געטראָפן פרייליין ד'עספּאַר און געבראַכט אים די טרויעריקע בשורה: ס'גייט נישט גוט, איצט איז זי אין דעם זיכער. זי האָט עס, איבעריקנס, פון ערשטן אויגנבליק אָן געוווּסט. ער געדענקט דען נישט, אַז זי האָט אים נאָך דעמאָלט געזאָגט?

וואָס האָט דניאל געקאָנט דערויף ענטפערן? — המם, ריכ־טיק. אַזוי גאָר...

יעדעס מאָל, וואָס דניאל האָט פאַר די דאָזיקע טעג אַרויס־געצויגן דעם שנור, האָט דאָס וואַסער אַראָפּגעטריפט פון דער ווענדקע, ס׳דאָזיקע וואַסער איז פאַרפרוירן געוואָרן און אַרום דער פּאָלאָנקע איז געוואָרן גלאַט־גליטשיק און געפערלעך. ער האָט געבעטן די פריילין, זי זאָל נאָענט נישט צוגיין.

— אָ, מיין גאָט, וואָס איז דער חילוק! — האָט זי געענט־פערט — די בעסטע זאַך וואָלט געווען, ווען דו נעמסט און שטופּסט מיך גלייך אַראָפּ אין דער פּאָלאָנקע אַריין.

ער האָט אָפּגעלייגט די ווענדקע אָן אַ זייט, איז צוגעגאַנגען צו איר, גענומען זי אויף די הענט און אַוועקגעזעצט אַ שטיק ווייטער פאַר דעם געפערלעכן אָרט. גלייכצייטיק האָט ער זי גרינדלעך אויסגעקושט.

— זאָל דיך גאָט בענשן דערפאַר, — האָט זי געשעפּטשעט מיט אַ שמייכל און מיט טרערן און איז אים געפאַלן אויפן האַלז.

ער אַליין איז געווען גליקלעך, וואָס ער איז געפאַלן אויף דער המצאה, וועלכע האָט אַזוי האַרציק געווירקט אויף איר. ער האָט זיך זייער שטאָלץ דערפילט און געזאָגט: אָט ווי מירן טון מיט אייך!

— יאָ, דאָס זאָגסטו נאָר אַזוי, אָבער... אָבער וואָס זאָל איך טון?

— ווײַן נישט, וויין נישט, מירן עס שוין ברענגען אין אָרדנונג.

— אַ דאַנק דיר. מיך פרייט זייער, וואָס דו ביזט גרייט מיר צו העלפן.

— דיר העלפן? איך האָב דיר דען נישט געזאָגט: קום צו מיר! זאַלבאַנאַנד וועלן מיר שוין געפינען אַן עצה. איך שטיי דאָ אויפן אייז און פאַרדין טאָג טעגלעך געלט, און נישט ווייניק.

— געלט, — זאָגט זי — דאָס האָב איך אַליין אויך אַביסל.

ער ווערט אַנטשוויגן. אמת, ער האָט עס טאַקע געזען. מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט ער ביי איר געזען אַ דיקן קאָנווער־

מיט געלט. און איצט האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ווען ער האָט זי געהאַלטן אין זיינע אָרעמס, האָט ער געפילט דעם קאָנווערט ביי זיין ברוסט. — טאָ וואָס זשע איז דאָ צו רעדן? — זאָגט ער הויך.

— יאָ, יאָ, איז טאַקע נישטאָ וואָס צו רעדן, — איז זי מספים.

— דו היט נאָר דיין געזונט! — שרייט ער איר נאָך, ווען זי גייט אַוועק.—זע, זאָלסט נישט אָננעמען קיין שנייַ אין די שיך!

ס'גייט באמת אויפן בעסטן אופן. דניאל איז אַ ווילער יונג, ער איז פּונקט ווי אַ פיינער פּראַנצויזישער הער פון אירע ביכער, אַ מאָסיע אָן מורא און פאָרוואורף. אפילו זיין זאָרגלאָזיקייט גופא געפעלט איר.

זי איז געגאַנגען צו אים אויפן אייז און האָט מיט אים פאַרבראַכט. אַמאָל פלעגט זי אים געפינען אויף אַ נייעם אָרט, און לסוף האָט ער זיך אַרויפגעהויבן צו דער העכסטער באַרג־אָזערע און האָט דאָרט פלייסיק געאַרבעט מיט דער ווענדקע. פיש האָט ער געכאַפּט נישט זייער קיין פולע, אָבער פאַר דניאלן, וועלכער האָט זיך באַנוגנט מיט ווייניק, איז עס געווען גענוג. זיין גוטע שטימונג האָט זיך פון אים נישט אָפּגעטון. — דאָס וועט זיין פאַר מאַרטען אויף קאַווע, — האָט ער געזאָגט — און פאַר אַ קורצן ווינטערדיקן טאָג איז עס גענוג. די פרייליין האָט אים געפרעגט, וויפל באַקומט ער פאַר יעדן פיש, אָבער דאָס האָט ער איר נישט געקאָנט זאָגן, ווייל ס'איז נישט אַלע מאָל גלייך אויסגעקומען, דאָס האָט זיך געווענדט אָן דער גרויס און אָן דער וואָג פונם פיש. יעדער פיש קלעקט אויף אַ גוטן זיפּ קאַווע מיט צוקער, און ער קאָן נאָך עפּעס אָפּלייגן אויך. איבערהויפּט האָט ער געטריבן קאַטאָוועס: עס דאַכט זיך, אַז די הוצאות דעקן אייניקער מאַסן די הכנסה, און נישט פאַרקערט.

* *
*

אין יענער צייט האָבן די דאַמען, וועלכע האָבן פאַרבראַכט אין דער סאַנאַטאָריע עפּעס אַזוינס אונטערגענומען, זיי פלעגן זיך

צונויפקומען, ווי אַ פאַרזאַמלונג פון קראָען, און דיסקוטירן. איינע פון די דאַמען איז געזעסן מיט אַ בלייַשטיפט און האָט עפּעס פאַרצייכנט אויף אַ שטיק פּאַפּיר. יעדעס מאָל, ווען פריילין ד'עספּאַר איז אָנגעקומען, פלעגט ווערן שטיל.

דאָס האָט דער פריילין יוליע ד'עספּאַר נישט געאַרט. אָ, גאָרנישט געאַרט. זי איז געווען די אמתע דאַמע, און האָט געקאָנט מאַכן אַזוי ווי זי באַמערקט גאָרנישט די גאַנצע קראָען־פאַרזאַמלונג. אָבער סוף־כּל־סוף איז איר געוואָרן לאַנגווייליק אַזוי אויסגעשלאָסן צו זיין פון דער געזעלשאַפט. זי האָט געמאַכט פּרוּוון צו דערנענטערן זיך, האָט אַלעמען, ווער ס'האָט נאָר געוואָלט לייענען, פאָרגעלייגט פראַנצויזישע ביכער, ס'איז אָבער דערפון ווייניק וואָס אַרויסגעקומען, דאָס זיצן דאָ אין דער סאַנאַטאָריע איז איר געוואָרן אומעטיק, זי האָט זיך געפילט איינזאַם; דער מענטש טראָגט די איינזאַמקייט נישט אַריבער אַזוי, ווי אַ קראָע. זי האָט אמת געהאַט דניאָלן אויפן אייז, אָבער ס'איז געווען אַ לאַנגער קאַלטער וועג ביז צו אים אויף דער העכסטער אַזירע. דער זעלבסטמערדער איז געוואָרן ווייניקער אינטערעסאַנט, זינט זיין חבר איז אַוועקגעפאָרן; דער אומגליקלעכער זעלבסטמערדער האָט זיך ווידער אַריינגעלאָזן אין זיינע מחשבות און האָט אויפגעהערט צו קלעטערן אין די בערג. ער האָט אפילו קיין קויל אויף דער קעגלבאַן מער נישט אָנגערירט.

דעריבער האָט זיך די פריילין דערפרייט, ווען דער אַדוואָקאַט איז געקומען. ער איז געווען אַזאַ גלאַטער און אַ גוטמוטיקער, אַזוי גרייט צו העלפן, און היות ווי פריילין ד'עספּאַר איז געווען איינע פון די עלטסטע געסט אין דער סאַנאַטאָריע, איז ער צו איר געווען באַזונדער אויפמערקזאַם, אויף צו פיקעניש די איבעריקע דאַמען.

דער אַדוואָקאַט האָט איר געקאָנט עטוואָס דערציילן וועגן דער פלעטינג, און פיל זאַכן פון דעם, וואָס ער האָט דערציילט, זענען פאַר דער פריילין געווען ניי: ער איז אין בריסטאַניע אַרעסטירט, און צוליב זיין קראַנקהייט ליגט ער אין שפּיטאָל, און ער קאָן דאָרט קומען צו זיך, ביז וואַנען עס וועט געלייזט

ווערן די פראגע וועגן ארויסגעבן אים דער פינישער מאכט. אי-בעריקנס, ער האט אליין פאר זיך באצאלט און זיך געהאלטן ווי אן אמתער אדלמאן. מער פאר אלץ איז דער ווונדער, וואס די פינישע מאכט גופא באציט זיך צו דעם פעלשער נישט שטרענג און האט געבעטן גוט אויפצופאסן דעם פאציענט.

— גאט ווייסט, ווער איז ער בכלל און וואס איז ער באַגאנגען פאר א פארברעכן, — האט דער אדוואקאט געזאגט — אפשר גארנישט, אפשר איז עס איגגאנצן מער נישט ווי א טעות, וואס מען קאן פאריכטן. איר און איך, פריילין ד'עספאר, ווייסן עס יעדנפאלס נישט.

— ניין.

— ניין. וואס קאנען מיר דען אין א סאנאטאריע ווייסן וועגן אונזערע געסט? מיר פרעגן זיי נישט אויס; מיר נעמען זיי אן פאר דאס, פארוואס זיי געבן זיך אליין ארויס. זיי קומען אהער פון מזרח און פון מערב, און פון דאנען פארן זיי צוריק אוועק, און וווהין — ווייסן מיר נישט. דאס רוב פארשווינדן זיי פאר אונז, ווי נאר זיי פארן אפ, דאס לעבן דערשלינגט זיי אין זיינע כוואליעס. דא איז דאך א סאנאטאריע, מען פארברענגט דאך דא נישט קיין לעבן, מיר פארשאפן זיי רו און צעשטרייונג, אנדערע פארשאפן מיר געזונט און לעבן, אבער אלע פארבלייבן זיי דא בלויז א באגרע-נעצטע צייט. מיר האבן שוין אפשר עטלעכע מאל געגעבן דא אן ארט פאר אוואנטוריסטן, יא, מיר זענען נישט קיין פאליציי. צייטנווייז דערגרייכט צו אונז א ידיעה, א נאטיץ פון א צייטונג דערמאנט אונז אן עפעס א פערזאן, וואס מיר האבן דא געזען. איר געדענקט די פרינצעסין?

— יא.

— די פרוי פון אן ענגלישן מיניסטער! איצט ווייזט זיך ארויס, אז זי איז נישט קיין לעדי, נישט קיין פרינצעסין. מען האט פון איר אראפגעריסן דעם שלייער. דאס גייט אונז אבער נישט אן. זי איז דא א צייט געווען מיט א טאלמאטש און מיט א קאמער-מיידל, מיר האבן דורך איר קיין שאדן נישט געליטן, אונזערע רעכענונגען זענען באצאלט געווארן. דאס, וואס אין דער אמתן האט גאר פרוי רובען געמוזט פאר זיי באצאלן, איז איר

עסק, נישט אונזערער. וויבאַלד אַז פרוי רובען האָט פאַר איר באַצאָלט, מסתמא האָט זי געהאַט אַ גרונד דערצו. אַ פּראָפּאָ, פרוי רובען איז פיל דינער געוואָרן.

— איך האָב שוין געהערט.

— פיל דינער, פיל באַוועגלעכער, באַדייטנד שענער, עס איז אַ פאַרגעניגן אויף איר צו קוקן. איך וואָלט מיך נישט וואונדערן, אויב דאָס וואָלט געווען די ווירקונג פון איר זיצן אין מאָראַהוס. איך אַליין ווער ווי נייגעבוירן, ווען איך קום אַהער. נישט אמת? איר געפינט אויך, אַז דאָ איז אַ געזונטער אָרט?

— געוויס.

— הגם איר זענט, אייגנטלעך, נישט אָפּגעקומען. דאָס קאָן איך נישט זאָגן. איר זענט גיכער געוואָרן פולער.

פרייליין ד׳עספּאַר ווערט רויט, ווי צונטער.

— איך בין פונקט אַזוי, ווי געווען.

— אָבער אפשר אַ ביסעלע פולער, פאַרשטייט זיך גאָר אַ טראָפּעלע. און גראָד אַזוי דאַרף עס זיין. אָפּמאָגערונג פאַר די דיקע, און פאַרגרעסערטע וואָג מיט אַ ביסעלע באַלייבטקייט פאַר די מאָגערע. דאָס איז געוויס די ווירקונג פון היגן וואַסער. איך מוז אַמאָל לאָזן מאַכן אַן אַנאַליז. אַ, פאַראַן אַזוי פיל זאַכן, וואָס איך מוז נאָך טון. פריער פאַר אַלץ די פּאָן. שטעלט אייך פאָר, מיר האָבן ביז איצט קיין פּאָן נישט געהאַט. איך האָב אויך דאָס מאָל אָן איר פאַרגעסן. מיר האָבן צוויי פּאָן-שטאַנגען, איינער אויפן דאַך און איינער דאָרט, אויבן, אויף דער לאָנקע, און קיין פּאָן האָבן מיר קיין איינע נישט. אָבער צו ווייַנאַכט מוזן מיר אומבאַדינגט האָבן אַ פּאָן. אַ פּראָפּאָ, איך האָב אויף וויינאַכט איינגעלאַדן דעם דירעקטאָר אָליווער. איר זענט דאָך מיטן דירעקטאָר אָליווער געווען גאַנץ גוט, נישט אמת?

— יאָ.

— איך האָב אים איינגעלאַדן פאַרברענגען דאָ וויינאַכט. איך וואָלט אים דאָ גערן געהאַלטן. ער איז אַ באַוווסטער מענטש, אַ גרויסער נאָמען. ווען ער איז אין הערבסט געקומען אַהיים, האָט ער אָנגעשריבן זייער אַ גוטע מיינונג וועגן אונזער אָרט, וועגן אונ-

זער סאנאטאָריע אין די בערג, און וועגן אונזער טעטיקייט דאָ. דאָס איז געווען געדרוקט אין אַ לאָקאַלער צייטונג, אָבער איצט וואָלט איך וועלן, דאָס זאָל זיין געדרוקט אין אַ גרויסער צייטונג, איך מיין, אַז אים פּערזענלעך וואָלט עס אויך מער באַפרידיקט.

די פרייליין זאָגט: — דאָ נישט לאַנג האָבן מיר געהאַט אַ באַזוך פונם זשאַנדאַרם. ער איז אונז געקומען נעמען אויפן פאַרהער.

— וועגן הער פלעמינגן. יאָ. נאָכדעם האָב איך מיך וועגן דעם דערוווסט. ליידער בין איך דערביי נישט געווען. איך וואָלט עס געקאָנט לייכטער מאַכן. איך האָף, אַז ער האָט זיך פאַרהאַלטן איידל. מער פעלט נישט. איך וועל, איבעריקנס, ווידעראַמאָל זיין ביים לענסמאַן און בעטן צורו לאָזן אונזערע געסט.

— איר האָט דערמאָנט הער פלעמינגן — ער איז דאָך נישט געשטאָרבן? — ער לעבט דאָך נאָך?

— איך האָף. — האָט געענטפערט דער אַדוואָקאַט אַלץ מיט דער זעלביקער גוטמוטיקייט און מיט דער זעלביקער גלאַטקייט בנוגע צו אַלעמען, אפילו צו דעם אָפוועזנדיקן פעלשער. — איך האָב גאָרנישט געהערט וועגן דעם, אָבער איך האָף באמת, אַז הער פלעמינג האָט געהאַט נוצן פון זיין פאַרברענגען דאָ, און אַז עס איז אים בעסער. הער פלעמינג איז געווען זייער אַ ליבלעכער און אַן אָנגענעמער יונגערמאַן, איידל און פיין, מיט מוסטערהאַפטע מאַנירן: ווען ער קומט ווידער, וועלן פאַר אים אָפן זיין אַלע טירן פון דער טאָראַהוסער סאַנאַטאָריע. מיר האָבן בכלל געהאַט גליק צו אונזערע געסט, זיי זענען אַלע געווען לויטער פיינע לייט, וואָס זייער צוריקקערן זיך אַהער וועט זיין פאַר אונז אַ פרייד. וואָס נוגע דער פרינצעסין איז זי פאַר אונז געווען גאָר נישט קיין שלעכטע רעקלאַמע. אויך זי וועט פאַר אונז זיין אַ זוטער גאַסט, ווען זי זאָל קומען. סאַר אַ האַלטן זיך, סאַר אַ פאָרנעמקייט! איך ווייס נישט, צי דאָס האָט פאַר אייך אַזאַ באַדייטונג, אָבער איך מוז זאָגן, אַז אויף מיר ווירקט עס, איר קאָנט מיך האַלטן פאַר אַ נאַר, ווי־פל איר ווילט!

— דאָס האָט פאַר מיר אויך אַ באַדייטונג, — זאָגט די פרײַלין.

— פאַרשטייט זיך, איר זענט דאָך אַ פּראַנצויזין. יאָ, די פּרינצעסין איז געווען זייער פײַן. זי האָט גערעדט מיט דעם דאָקטאָר און מיט מיר און מיט אונז אַלעמען, אַזוי ווי מיר וואָלטן געווען אירע משרתים. עס שאַדט נישט איינמאָל צו באַקומען אַ לעקציע וועגן דעם, וואָס איז עס אַזוינס פּרינצעסין. דאָקטאָר עיען האָט געפרעגט, צי ער זאָל אָנטון הענטשקעס, ווען ער איז צו איר געגאַנגען מיט אַ וויזיט, אָבער איך האָב געהאַלטן, אַז דאָס וואָלט געווען אַ גוזמא; ער וואָלט אפשר געדאַרפט אַ טאַפּ טון בײַ איר דעם דופק, און דעמאָלט וואָלטן די הענטשקעס געשטערט. ניין, מען טאָר נישט צופיל זיין אונטערגעגעבן, מען דאַרף האָבן אַכטונג צו זיך אַליין. נאָר איך האָב נאָך עד היום חרטה, וואָס מיר האָבן נישט געהאַט קיין פּאָן, ווען זי איז דאָ געווען...

אַוודאי, פון דעם אַדוואָקאַט רופּרעכט האָט אָפּט אַרויסגערעדט אַביסל אַ קינדישער מענטש, ער האָט געהאַט אייניקע לעבערלעכע פּאָסטעמקעס, אַביסל סנאָביזם און נאַיווע מאַנירלעכקייט פון זיין קרייז. אָבער דאָס, וואָס ער האָט פון פריער געהאַט, איז געווען פון אַ גרעסערן ווערט: זיין גוטמוטיקייט, זיין גרייטקייט צו דינען מיט אַ טובה, די אויסגעצייכנטע מעלות פון אַ חירט. ער איז אויך נישט געווען אַן נאַטירלעכן טאַקט, וואָס ער האָט געהאַט פון דער נאַטור, און ער האָט זיך געמאַכט, כלומרשט ער באַמערקט גאָרנישט פרײַלין ד'עספּאַרס צעשעדיקט פּנים. ווען זי האָט אים לסוף דערויף אויפמערקזאַם געמאַכט, האָט זיך אַדוואָקאַט רופּרעכט אָנגעבויגן, כדי בעסער צו זען, און געזאָגט:

— איצט, אַז איר זאָגט מיר!

— אָ, — זאָגט זי און לאַכט — ווי דעליקאַט איר זענט.

— יאָ, איצט, אַז איר זאָגט מיר. איך זע איצט נישט אַזוי גוט ווי אַמאָל, אָבער איצט, ווען איר מאַכט מיך דערויף אויפמערקזאַם, באַמערק איך עס, נאַטירלעך. דער שניט איז גאָרנישט,

לחלוטין גאָרנישט. איר האָט איצט די מעלה, וואָס איר דאַרפט זיך נישט אָנקלעפּן קיין חן-פלאַסטערל.

— יאָ, — זאָגט זי שמייכלענדיק — קיין חן-פלאַסטערלעך דאַרף איך שוין איצט נישט.

— אַזאַ שניט, ווי דער, מאַכט בשום אופן דאָס געזיכט נישט קאַליע. ווי האָט איר עס באַקומען?

ווען ער האָט אויסגעהערט די גאַנצע געשיכטע וועגן דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען ביים שליטלען זיך, האָט ער זיך גלייך פאַרנומען מיט מחשבות, ווי מאַכט מען, אַז אַזעלכע פאַלן זאָלן זיך נישט איבערחזרן. דער וועג זאָל זומערצייט פון בוימער האָרצלען און פון שטיינער אָפּגערייניקט ווערן, שוין איצט צו ווינאַכט דאַרף מען מער שניי אויפן וועג אָנשיטן און שטאַנגען ביי די זייטן אויסשטעלן — אַלץ וועט געטון ווערן. — יאָ, עס איז שוין נישט לאַנג ביז ווינאַכט, — האָט ער געזאָגט — איר בלייבט דאָך דאָ, פריילין ד'עספּאַר?

— איך רעכן.

- אָבער איך האָף דערויף. איר זענט איינע פון אונזערע באַליבסטע געסט. איך אַליין וועל קומען אַהער, אויך אַנדערע וועלן קומען, איך האָב שוין מיט פיל וועגן דעם איבערגערעדט, איצט וועלן מיר די אַזעלכע אָפּרייניקן פון שניי און איינאָרדנען אַ גוטן גליטש פאַר די געסט. וואָס וועלן קומען, איך רעכן, אַז אייך וועט זיין פריילעך. איך מיין, אַז טאָראַהוס דאַרף ווערן עפּעס אומגעוויינלעכס, וואָס האָט קיין גלייכן נישט. כל זמן איך בין דירעקטאָר פון דער אונטערנעמונג, וועלן מיר קיין מי דערויף נישט שפּאָרן. דאָס נאָענטסטע, וואָס מיר רעכענען טון, איז איינפירן עלעקטרישע באַלויכטונג. ס'וועט זיין. צו פרילינג וועלן מיר אַלע נישט-פאַרטיקע צימערן פאַרענדיקן און מעבלירן. מיינט איר אפשר, אַז דעמאָלט זענען מיר שוין פאַרטיק? ניין, דעמאָלט מוזן מיר נאָך בויען אַ נייעם בנין. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די סאַנאַטאָריע איז צו קליין, מיר מוזן זי פאַרברייטערן. דאָס דאַרף זיין אַ גאַנץ קליין וועלטל

# צווייטער טייל

## X

דורך דער פּאָסט איז אָנגעקומען אַ גרויסער פּאַקעט פאַר דעם זעלבסטמערדער — אַנטאָן מאָס האָט אים צוריק אָפּגעשיקט דעם סוועטער. אין פּעקל איז געלעגן אַ בריוו, אַז מען קאָן דעם סוועטער אָן געפאַר ווידער נוצן, ווייל ער איז דעזענפיצירט געוואָרן, ער שיקט עס אָפּ מיט גרויס דאַנקבאַרקייט צוריק.

הגם דעם בריוו האָט נישט מאָס אַליין געשריבן, אָבער ער האָט אים זיבער דיקטירט, זיין אַרט אויסדריקן זיך האָט זיך געלאָזט פילן. דער בריוו איז געווען אַ משונהדיקער און פול מיט שפּאָט. ער האָט געראָטן דעם זעלבסטמערדער נאָך אַמאָל חתונה צו האָבן, אָדער ווערן אַ מיסיאָנער.

— ער איז משוגע געוואָרן! — האָט דער זעלבסטמערדער געזאָגט.

פונדעסטוועגן איז דער זעלבסטמערדער געווען שטאַרק געקרענקט פון דעם אַלטן חברס שטעכווערטער, זיי האָבן אין אים געריצט דעם פאַרלאַנג צו ענטפערן מיט אַזעלכע נישט איינגעהאַלטענע ווערטער און בייסיקע ענטפערס, פונקט ווי דעמאָלט, ווען זיי פלעגן זיך אַזוי שרעקלעך אַמפּערן. ער איז אַוועק צו פריילין ד׳עספּאַר און האָט זי געבעטן, זי זאָל פונקט נאָך פונקט אויסהערן, וואָס ער רעכנט צו ענטפערן אויף דעם דאָזיקן אומפאַרשעמטן בריוו. ער וועט שוין ווי ס׳דאַרף צו זיין אָפּענטפערן

דעם דאָזיקן בלינדן, דער דאָזיקער שטיק נבלה. ער וועט אים באמת טאַקע אָנשרייבן, האָט געזאָגט דער זעלבסטמערדער, שוואַרץ אויף ווייס, האָט ער געזאָגט, ביי גאָט, ער וועט דעם דאָזיקן שמוציקן הונט אָנשרייבן אַ בריוו, דאָס לעצטע וואָרט זאָל נישט זיין זיינס. פריילין ד'עספּאַר האָט אים געבעטן איניקע אויס־דרוקן צו מעסיקן אויף וויפיל מעגלעך. אָבער ער האָט הערן נישט געוואָלט, ער האָט נאָך צוגעטראַכט פיל ערגערע נעמען פאַר דעם דאָזיקן בלינדן שד, דעם קרעציקן הונט, און האָט גע־לאַכט פאַרביסן. דער זעלבסטמערדער האָט ווירקלעך עטלעכע טעג געאַרבעט און געשריבן. און ווען ער האָט צ׳ סוף פאַרטיק געמאַכט אַ פרעכטיקן סקיץ פון אַ בריוו, איז ער דאָך געווען אַזוי געקרענקט, אַז ער האָט בלויז אויס עקשנות ווידער אונטערגענומען אַ שפּאַ־ציר אין די בערג. דער אויסדרוק, אַז ער זאָל נאָך אַמאָל חתונה האָבן, האָט אים באַזונדערס שטאַרק באַליידיקט.—וואָס הייסט דער יונגאַטש וועגן דעם, צי איך האָב חתונה געהאַט, צי נישט? — האָט ער אויסגעשריגן.—איך האָב אים קיין וואָרט וועגן זיך נישט דערציילט. אפשר ווילט איר, פריילין, גיין שפּאַצירן? אויב איר האָט גאָרנישט קעגן דעם, וועל איך אייך באַגלייטן. איך גיי צום „פעלז".

יאָ, די פריילין האָט ווידער געוואָלט גיין צו דניאלן, וועל־כער האָט געכאַפּט פיש מיט דער ווענדקע. זי האָט עטלעכע טעג אויפגעהערט אים צו באַזוכן, כדי נישט צו אָפּט אַרויסצוגיין, אָבער די דאַמען פון דער סאַנאַטאָריע האָבן זי נאָך אַלץ אויסגעמיידט, האָט זי באַשלאָסן ווידער אָהעקצולאָזן זיך אויפן אייז, כדי אויסצומיידן די איינזאַמקייט.

אָ, די שענדלעכע דאַמען פון דער סאַנאַטאָריע! זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט אַן אויסנייעכץ — אַ פילפאַרביקע אויסנייעכץ אויף אַ גרינעם געוואַנט. פריילין ד'עספּאַר האָט עס איינמאָל צו־פעליק באַמערקט אין דעם צימער פון איינער פון די דאַמען: דאָס דינסטמיידל, וואָס האָט אינם צימער צוגעקליבן, האָט די אַרבעט אויסגעשפּרייט און באַטראַכט פאַר דער אָפענער טיר. פריילין ד'עספּאַרס פלינקע אויגן האָבן פון איין בליק אַלץ פאַר־

שטאַנען. הייסט עס, אַט פאַרוואָס זיי האָבן זיך אַלע מאָל גע־
קליבן צוזאַמען, ווי אַ מחנה ראָבן, און די דאַמע מיטן בלייפע־
דער אין האַנט האָט געשריבן: „אַזוי פיל און אַזוי פיל פאַר
גרינעם געוואַנט, אַזוי פיל און אַזוי פיל פאַר זייד, פאַר סאַטין
אויף אונטערשלאַק, פאַר פרענדז". דעריבער זענען זיי עס געזעסן
אין די צימערן אַמאָל ביי איינער, אַמאָל ביי דער צווייטער,
עקסטרע באַשטעלט קאַווע, פאַרגעלייענט און געגייט, אַז די פּע־
דים האָבן געפּייפט.

פרייליין ד'עטפאַר איז געשטאַנען העכער פאַר דעם. זי האָט
געשמייכלט איבער די קראָנפאַרזאַמלונגען: אַט פון וואָס פאַר אַ
גרויסן פאַרגעניגן די איבעריקע דאַמען האָבן זי אויסגעשלאָסן!
אוודאי. פרייליין ד'עספּאַר האָט גאָרנישט געקאָנט שטיקן. זי האָט
נישט געוווסט, ווי מען האַלט אַ נאָדל אין האַנט. דאָס האָט זי,
ווירקלעך, קיינמאָל נישט געלערנט. זי האָט עפּעס אַנדערש געטון:
שרייבמאַשין, פראַנצויזיש, זי האָט איר גייסט אַנטוויקלט. אָך, אָבער
אין דער דאָזיקער סביבה, אין אַזאַ ערב־רב־געזעלשאַפט האָט זי
פאַר אירע טאַלענטן נישט געפונען קיין אָנווענדונג. דאָ זענען
חייבערשע האַנטאַרבעטן געשטאַנען העכער, ווי זי האָט דערפון
געהאַלטן. זי איז געווען אַ מאָדערנע פרוי.

ווען דער אַדוואָקאַט איז אָפּגעפאָרן, איז די פרייליין
ווידער געבליבן אָנגעוויזן אויף דניאלס געזעלשאַפט, אגב, איז
זי איר פאַר דער לעצטער צייט אויך מער פאַר אַלץ געווען
אינטערעסאַנט. וואָס וועט זיין דערפון? אויף וואָס זאָל זי זיך
אָפּשטעלן? קיינע דירעקטע פראַגן, און קיין ענטפער, גאָרנישט
נישט באַשטימט. ער וועט זי נעמען? וואָס האָט זי געוווסט? הגם
איר האָט זיך עס געוואָלט, וואָרום אויב נישט, טאָ צו וואָס זשע
האָט זי געדאַרפט האָבן דאָס אַלץ, וואָס צווישן זיי איז פאָרגע־
קומען? זי איז אפילו געווען אַ ביסל אין אים פאַרליבט, מיט
דער צייט וואָלט זי אים גאָר ליב געקראָגן. ער האָט דאָך גע־
האַט פיל גוטע מעלות און איז נישט געווען קיין מיאוסער. חוץ
דעם, האָט זי דען געהאַט אַן אויסוואַל? אַ פאַסטוך־שטיבל איז
איצט פאַר איר אויך גאַנץ גענוג געווען.

די פרײַלין איז פאַרבײַ דער ערשטער אָזערע, וווּ די מענטשן פון דער סאַנאַטאָריע און פויערים פון דאָרף האָבן צוזאַמענגעשאַרט דעם שניי אין אַ גרויסן רינג אַרום, אַזוי אַז די גאַנצע אָזערע זאָל ווערן פאַרוואַנדלט אין אַ גליטש. די מאַנסביל פון דאָרף זענען, איבעריקנס, אַ ביסל שלעכט ערצויגן. דאָס זענען אַזעלכע יונגעלײַט, וואָס רוקן צו די קעפּ איינע צו די אַנדערע, שעפּטשען זיך און לאַכן, ווען די פרײַלין גייט פאַרבײַ. דאָס איז גראָד נישט אַזאַ פאַרגעניגן. אָבער ווען זי גרייכט צו דניאלן, איז זי געשיצט. ער איז אַלע מאָל דערזעלביקער, אַלע מאָל גרייט צו העלפן. ווען ער דערהערט, אַז די יונגאַטשעס פון דאָרף האָבן זיך געטשעפּעט, הויל ער תּיכּף ומיד אויפהערן דאָס כאַפּן פיש און גיין צו זיי. „דאָס איז דער געמיינער עולם, וואָס האָט זיך דאָרט פאַרזאַמלט, — זאָגט ער — איך קאָן דערוויף שווערן. ווילסטו נישט, איך זאָל מיט זיי רעדן? זאָל זײַן אַזוי. איך קאָן, איבעריקנס, בעטן העלמערן, ער' זאָל מיט זיי רעדן.“

— העלמער? ווער איז ער?

העלמער איז זײַן שכן פון קינדהייט אָן, אַ ווילער יונגזײַן, בעסטער גוטער פרײַנט. דניאל דערציילט שמייכלענדיק, אַז העלמער האָט אים אַמאָל נישט דערלאָזן אונטערצוצינדן אַ הויז. יאָ. דאָס איז געווען מיט אַ פּאָר יאָר צוריק. ווען ער איז געווען אַזוי שענדלעך אָפּגענאַרט, און זי האָט חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערן, מיטן זשאַנדאַרם. בײַ אים האָט זיך דעמאָלט אַ ביסל דער קאָפּ פאַרדרייט, ער האָט געזוכט באַפרידיקונג און געוואָלט זי פאַרברענען. ווען דעמאָלט וואָלט העלמער נישט געווען דערבײַ, איז גאָט ווייס,ט וואָס עס האָלט געווען.

— דו וואָלסט עס געקאָנט טון? — פרעגט די פרײַלין.

— יאָ, — זאָגט דניאל.

אפשר איז עס געווען בלויז באַרימערײַ, אָבער ער האָט געזאָגט: יאָ. און ער זאָגט:

— דערמאָן זיך, וואָס זי האָט מיר אָפּגעטון, פאַרוואָס האָט זי מיך גענאַרט. בין איך דען נישט געווען פון אַזאַ שיינעם הויז ווי זי? אָבער איצט איז מיר אַלץ איינס, — זאָגט דניאל און

שאָקלט מיטן קאָפּ. — מער גייט עס מיך נישט אָן.

דאָס האָט געבראַכט צו אַ גאַנצן שמועס. ער האָט עס אי־בערגעגעבן האַלב אין שפּאַס, האַלב אין ערנסט, און די פרײַלין האָט עס אַזוי פאַרשטאַנען, גלײַך ווי זײַנע ווערטער האָבן אַ דאָפּלטע פעסטקייט: פון איצט אָן טראַכט ער נאָר וועגן איר און מער וועגן קיינעם נישט. רעכט. זי האָט אַ פרעג געטון גלאַט אַזוי זיך, וואָס וואָלט ער געטון, ווען זי פאַלט היינט אַרײַן אין דער פּאַלאַנקע? ער האָט ווידער אַ וואָרף געטון די ווענדקעס, גענומען זי, אָװעקגעטראָגן ווייט פון דעם אָרט און געפערלעך הייס אויסגעקושט. יאָ, ער איז באמת אַ מאַנסביל. זי ווייסט זיכער רויק זײַן נעבן זײַן ברוסט, וועלכע איז אַזוי ברייט, ווי אַ טיר.

— אָבער דניאל, — זאָגט זי — ווען דו האָסט כאָטש אַ שפּור פון ליבע אין זיך, וואָלסטו מיט מיר וועלן חתונה האָבן.

— וואָס?

ווען זי האָט באַמערקט זײַן איבעררעשונג, האָט זי גענומען גיין אויף צוריק, זי האָט מורא געהאַט, טאָמער האָט זי אַלץ געפּטרט, און איז אויך געווען באַליידיקט.

— הא הא הא! — האָט זי זיך פונאַנדערגעלאַכט — איך האָב עס נאָר אַזוי זיך געזאָגט. דו מיינסט, אַז איך האָב עס געמיינט אויף אַן אמת? דאָס איז געווען נאָר l'air. אָך, איך האָב פאַר־געסן, אַז דו פאַרשטייסט נישט קיין פראַנצויזיש. ווי זאָל איך עס דיר דערקלערן?..

— ווען איך טו עס, ווען איך לייג דיר פאָר חתונה האָבן?— פרעגט דניאל — יאָ, וואָס וואָלסטו דערויף געענטפערט?

— דאָס? יאָ, עס ווענדט זיך, ווי אַזוי. איך ווייס נישט.

— איך מיין אויף אַן אמת?

די פרײַלין ענטפערט: — איך וואָלט געזאָגט, אַז מיר בײדע דאַרפן די זאַך גוט באַטראַכטן.

זיי שווייגן.

— איך קאָן מיר נישט פאָרשטעלן, אַז דו זאָלסט וועלן, און איך מיין, אַז דו וועסט נישט וועלן,—זאָגט דניאל פרײַנטלעך.

— פאַרוואָס נישט? דאָס, וואָס צווישן אונז איז פאָרגעקומען,

קאָן נישט צוריק אָפּגעטון ווערן.

איצט ווערט ער באמת ערנסט און פרעגט גלייך און אָפן:

— וואָס מיינסטו דערמיט? ווילסטו מיט מיר טאַקע חתונה האָבן?

זי שווייגט.

— ניין. זעסטו? — זאָגט ער און שאָקלט מיטן קאָפּ, שמייכלענדיק פאַרשעמט.

איצט איז זי מסכים:

— יאָ, איך וויל מיט דיר חתונה האָבן. איצט קאָנען מיר אַנדערש נישט מאַכן, דו פאַרשטייסט דאָך, איך וויל מיט דיר חתונה האָבן. און דו מוזט מיך נעמען. דו מוזט עס, דניאל, ווייבאַלד דו האָסט מיך געמאַכט פאַר אַזעלכע.

אין תוך גענומען, האָט ער וועגן דעם קיינמאָל נישט געטראַכט, ער האָט זיך אַפילו נישט פאָרגעשטעלט די מעגלעכקייט, און אָט איז עס געשען. זיין פרייד האָט זיך ווידער אַרויסגעוויזן אין אַ שטראָם רייד. ער איז געווען, ווי שוין פריער איינמאָל, צעמישט און האָט געפּלוידערט נאַרישקייטן. זי איז שוין גראָד אַ דאַמע, זי איז די גרויספּאַרטיקסטע פרייליין, זי טראָגט צוויי פּאָר שיך! דאָס וואָלט ער קיינמאָל נישט דערוואַרט, דאָס וואָלט אים אפילו אויפן זינען קיינמאָל נישט געקומען; דאָס איז שוין צופיל גליק.

— שאַ, — זאָגט זי — איך וועל דיר אַוודאי צי גאָרנישט טויגן. איך קאָן נישט מעלקן קיין קי.

— דאָס וועל איך טון.

— אָבער איך קאָן צוזאַמען מיט דיר געבן די פי היי.

— ניין, דאָס וועל איך אַליין טון. זאָל גאָט היטן, דו זאָלסט ביי מיר אפשר ווערן אַ דינסטמויד.

— אָבער אַזוי קאָן איך דיר דערעסן ווערן.

— און צו וואָס האָב איך דען מאַרטען? ווינטער טו איך מיט קיין פינגער נישט קיין ריר. אַלע אַרבעטן אין הויף באַזאָרגט מאַרטע. נאָר איך מוז דיך וועגן איין זאַך פרעגן: דו האָסט באמת וועגן דעם געטראַכט? דו מיינסט עס ערנסט?

זי האָט ווידער דערקלערט, אַז זיי איז מער גאָרנישט איבערגעבליבן צו טון.

ער טראַכט, אַראָפּגעלאָזן די גאָמבע אויף דער ברוסט, טראַכט, שמייכלט און שאָקלט אַנטציקט מיטן קאָפּ.

— יאָ, אויב דאָס וועט פאַרווירקלעכט ווערן, וועלן זיך עס די דאָרפיקע אַביסל וונדערן, — מיינט ער — העלענע און אַלע אַנדערע, — זאָגט ער.

ס'האָט אויסגעוויזן, ווי דאָס וואָלט אים מער פאַר אַלץ אינטערעסירט, דער טריומף איבערן דאָרף. און איצט געפינט ער, אַז ער האָט פריער נישט גענוג גערעדט וועגן העלענען, און הויבט ווידער אָן צו רעדן וועגן איר: ער איז דאָך אויך פון אַזאַ רייכן הויף און פון אַזעלכע שיינע עלטערן ווי זי — אַלדאָס גוטס ווינשט ער איר איצט. האָבן זיי דען נישט פון קינדהייט אָן געפילט ליבשאַפט איינע צו די אַנדערע. און דאָס איז דאַכט זיך גלייך, ווי חתונה, אָדער ווי געשווירענע ליבע. דאָ האָבן אויך נישט געפעלט קיין קושן און קיין אַנדער אָנגענעמע באַהאַנדלונג פון זיין זייט — דאָס מעג אים די פריילין גלויבן. דעריבער האָט ער נישט געקאָנט איבערטראָגן, וואָס זי האָט גענומען אַן אַנדערן. און על־פּי־דין און על־פּי־יושר וואָלט זי דניאל דעמאָלט געדאַרפט פאַרברענען, אַז עס זאָל קיין איינציקע האָר פון איר קאָפּ נישט לעבן בלייבן. יאָ, עס האָט פון איר נישט געדאַרפט בלייבן קיין ביסל אַש פאַר אַ טאַפּ לויג. ניין.

— שאַ, — זאָגט די פריילין און האַלט אים איין — איצט דאַרפט איר נאָר וועגן זיך אַליין טראַכטן.

— יאָ, אָבער וועט עס דען נישט זיין אַזאַ נייעס, פּונקט ווי דער גרעסטער וונדער אויף דער וועלט? — דניאל האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט און צוגעקלאַפּט מיט די פאַרדריקטע פויסטן אין דער לופטן.

די פריילין איז נישט אַלע מאָל געווען גענוג קלוג אים צו פאַרשטיין. ער איז איר פאָרגעקומען, ווי אַ מענטש אָן געדאַנקען און אַ לייכטזיניקער, אָבער פון דער אַנדער זייט איז ער געווען מויער פעסט אין זיין ווילן און זיין אַרבעט, אַ געמיש פון

שלעכטס און גוטס — ווי אנדערע מענטשן. ווען ער האָט פאַרגעלייגט פאַרענדיקן היינט מיט דעם פיש־כאַפּן, אַוועקטראָגן זי אין פּאַסטוך־שטיבל און זי שוין דאָרט פאַרהאַלטן, האָט ער איר אויסגעוויזן, ווי אַן אַמתער מאָסיע לויט איר פאַרלאַנג.

—מיר דאַרפן נישט אַראָפּ פון זינען, — האָט זי אים געוואָרנט — אָבער דאָס, וואָס דו זאָגסט, איז גוט.

זי קאָן באַקומען די נייע שטוב, רעדט ער ווייטער, די גאַנצע נייע שטוב. ער מיט מאַרטען וועלן אפילו דעם שוועל נישט אַריבערטרעטן, און זי וועט ביי אים עסן וויערמילך און פיש, קאַרטאָפל און אייער.

צוריקגייענדיק אין דער סאַנאַטאָריע האָט איר ווידער אויסגעוויזן, אַז אַלץ גייט גוט. און הגם זי איז נישט געווען אָן אַ שיעור גליקלעך, איז זי דאָך געווען צופרידן, גוט געשטימט. פון דער ערגסטער צרה פּטור געוואָרן, ווידער אויבנאויף. ווען זי איז אַוועק, האָט ער איר נאָכגעשריגן.

— אָבער הער נאָר, דו — פריילין — וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן? זאָג מיר נאָר איין זאַך: דו מיינסט עס באמת ערנסט?

דאָס איז שוין געווען דאָס דריטע מאָל, וואָס ער האָט איר געשטעלט די פראַגע און פון איר באַקומען די פאַרזיכערונג, און וואָס האָט זי אים געקאָנט ענטפערן אַנדערש? זי איז גענוג פאַרשטענדיק, כדי צו פאַרשטיין דאָס גליק, ווען זי וועט זיך באַזעצן אין דעם טאָראַהוסער פּאַסטוך־שטיבל. זי איז געווען אַן אומגליקלעכע, אַ געשטאָרבענע, און דאָ ליגט איר אַ יונגערמאַן פאַר אַ היים און אַ פאַמיליענלעבן, ווי ער קאָן. דאָס איז געווען אַלץ, וואָס זי האָט דערווייל געקאָנט דערגרייכן. נאָר, פאַרשטייט זיך, זי האָט מסכים געווען פריער פאַר אַלץ דערפאַר, וואָס זי איז געוועזן געגנוויט דערצו.

* *

*

ס'האָט אָנגערוקט ווייַנאַכט. דעם אָוונט זענען אַלע געסט פון דער סאַנאַטאָריע געווען צוזאַמען. קיין ווייַנאַכט־בוים איז נישט געווען, ווייל דאָ זענען נישט געווען קיין קינדער, און ווייַנאַכט־

מתנות זענען אין דער צוזאַמענגעלאָפּענער געזעלשאַפט געווען אויס־געשלאָסן. פונדעסטוועגן האָבן זיך די מאַנסבילשע געסט פון דער סאַנאַטאָריע צונויפגעלייגט און געקויפט אַ מתנה, אַ בראָשקע, פאַר דער ווירטשאַפטערין. די בראָשקע איז געווען אַ שיינע, פאַרביק עמאַלירט און מיט אַ באַגילדטן ראַנד. דער דאָקטאָר האָט פאַר־נומען דעם אויבנאָן ביים אָנטבערויט און געהאַלטן אַ רעדע. ער האָט אין נאָמען פון דער ווירטשאַפטערין באַדאַנקט פאַר דער טייערער צירונג, וואָס די הערן חתונה־געהאַטע און בחורים, באַ־וווּנדערער און אפשר חתנים — האָבן אויף איר ברוסט אָנגעטון. נאָכדעם האָט ער גענומען פון זיין אייגענעם נאָמען דאַנקען די דאַמען פאַר דער מתנה, וואָס איז אַזוי רייך און אומדערוואַרט פאַר אים, אַז ער קאָן אפילו קיין ווערטער נישט געפונען פאַר זיין דאַנקבאַרקייט. — דער דאָקטאָר איז באמת געווען גערירט. עס האָט אַ ביסל געדויערט, איידער ער האָט געקאָנט ווייטער רעדן, און די אויגן זענען ביי אים פייכט געוואָרן. — אַזאַ אומגעוויינלע־כער באַווייז פון פריינטלעכקייט מצד די דאַמען קאָן אים אָנפילן בלויז מיט שטאָלץ און דאַנקבאַרקייט, — אַלע מאַנסביל, וואָס זיצן דאָ זענען אים מקנא. די דאָזיקע מתנה, וואָס איז געמאַכט גע־וואָרן מיט אַזוי פיל קונסט און געשמאַק, מיט אָן אַ שיעור פלייס פון די זיסע קליינע הענטלעך, באַשיינט אים איצט זיין לעבן. דאָס איז אַ ווונדערלעכע טישדעקע, וואָס פאַרוואַנדלט איצט זיין טיש אין אַן אַלטאַר, און זיין צימער אין אַ הייליקטום.

— מיינע דאַמען: מיין האַרץ איז פול מיט דאַנקבאַרקייט צו אייך.

נאָכדעם האָט ער גערעדט וועגן ווינאַכט און וועגן די געסט, וועלכע האָבן געהאַט דעם מוט און די שטאַרקייט פון גייסט, אי־בערצווווינטערן דאָ אין די בערג. זאָל עס זיי זיין צו פריידן און צו נוצן!

אָט ווי דאָס טישטוך איז. דער דאָקטאָר איז געוואָרן איר באַזיצער. פריילין ד'עספּאַר האָט ווייטער געקאָנט זיצן שמייכלענ־דיק. יאָ, און זי קאָן זיך ווויל באַגיין אָן דעם דאָקטאָרס האַרצ־רייסנדיקן דאַנק פאַר דער מתנה. די גאַנצע זאַך האָט איר אויס־

געהיזן אביסל געקינצלט און פאר די האר צוגעצויגן. דאקטאר עיען איז גאר נישט געווען אזוי באליבט ביי די געסט. ער איז געווען ליב, געשעפטלעך און פריינטלעך, אבער ער איז געווען נישט זייער געאכט. די גלחישע אלמנות האבן זיך אריינגענומען אין קאפ צו פייערן ווייאכט, און זיי האט זיך דורכויס געוואלט עמעצן דערלאנגען א ווייאכט-מתנה, זאל עס אפילו זיין דעם דאק-טאר. עס איז אבער געווען גוט, וואס ער האט זיך מיט דער מתנה געפרייט און איז געווען גערירט. באמת, ער האט געהאט טרערן אין די אויגן, ווען ער האט געדאנקט פאר דער אלטאר-דעקע אין זיין הייליקטום.

נאכן עסן האט מען פונאנדערגעגעבן די פאסט. א מאסע ווייאכט-קארטלעך, עטלעכע ווייאכט-נומערן פון זשורנאלן, איין איינציק בוך. צווישן די פעקלעך האט זיך געפונען א צונויפגע-וויקלטע אין א טרייבל העפט מיט א פראנצויזישער פאסט-מארקע, מיט דעם שטעמפל פון פאריז: דאס איז געווען א מתנה דער סאנאטאריע, א „מאראהוס-מארש", קאמפאנירט פון דעם פיאניסט און סטיפענדיאנט סעלמער ערדע. דאס איז געווען גרויסארטיק! אינמיטן דעם געדריש פון דער וועלטשטאט האט דער יונגער קינ-סטלער אן מאראהוס נישט פארגעסן! מען האט צוגעפירט צום אינסטרומענט איינע א לערערין פון ראיאל, זי זאל דעם מארש אויפשפילן. זי האט זיך אבער באלד דערפון געמוזט אפזאגן, ביז זי וועט אים אויסלערנען. דערפאר האט זי געשפילט צוויי ווייאכט-באראלן, און די גאנצע געזעלשאפט האט מיטגעזונגען. שפעטער, ווען מען האט דערלאנגט אויפן טיש קאווע מיט קיכלעך, ווין און קאנפעקטן, איז געווארן דער אמתער יום-טוב, און דער דאקטאר האט ווידער געהאלטן א רעדע, איצט וועגן יעדער היים און לאנד, וועגן די באלויכטענע פענסטער אין שטיבלעך און אין הייזער, וועגן די פרייליכע אויגן פון די קינדער, וועגן די מוטערס —

— די מוטערס, מיינע דאמען און הערן, וועלכע האבן אפ-געארבעט אין דער דאזיקער וואונדערבארער ווייאכטצייט פון פרי-מארגן ביז אוונט און אמאל אפשר פון אוונט ביז ליכטיקן פרי-מארגן. לחיים פאר די היימען און פאר די מוטערס!

יאָ, מען האָט געטרונקען, עס זענען אָנגערירט געווען די צאַרטע סטרונעס פון די הערצער, און די מוטערס האָבן גע־שאָקלט מיטן קאָפּ און געדאַנקט.

אין אַ שעה אַרום איז דער יום־טוב געווען אויס, און דער ווייַנאַכט־אָווענט פאַרביי. דער דאָקטאָר האָט שטרענג געפאָדערט, אַז די נערוועזע געסט זאָלן באַצייטנס גיין שלאָפן. און די איבע־ריקע, די נאַכט־הוליאַקעס, זאָלן זיך אויפפירן לויט די כּללים, וואָס זענען אויסגעהאָנגען אין קאָרידאָר. דער זעלבסטמערדער, דער אינספּעקטאָר און אַ קלײנהענדלער האָבן דעריבער געוואָלט אַרי־בער אין פליגל, כּדי צו מאַכן דאָרט אַ קערטל.

ווען דער זעלבסטמערדער איז פאַרבייגעגאַנגען, זאָגט פרײַ־לין ד׳עספּאַר:

— נו, הער מאַגנוס, אַ פרײלעכן יום־טוב אייך!

דאָס איז געווען אַזוי זיך, פאַרבייגייענדיק געזאָגט. אָבער דער זעלבסטמערדער האָט געענטפערט:

— פאַרוואָס זאָגט איר עס?

קלאָר, אַז זי האָט געזאָגט עפּעס אַזוינס, וואָס איז אים געווען נישט צום האַרצן, פונדעסטוועגן האָט זי ווייטער געזאָגט:

- איר האָט עפּעס פיל ווייַנאַכט־קאַרטלעך באַקומען?

— פרײַלין ד׳עספּאַר! איר אַליין האָט עפּעס פיל באַ־קומען?

— ניין, נאָר צוויי.

— פון וועמען זאָל איך דען באַקומען? — האָט דער זעלבסט־מערדער געפרעגט. — איך האָב קיינעם נישט.

— מוזט איר מיר אַנטשולדיקן.

דער זעלבסטמערדער האָט חרטה, וואָס ער איז געווען אומפרײַנטלעך:

— ניין, וואָס רעדט איר! איבעריקנס, מיר וועלן וועגן דעם שפּעטער רעדן. גייט אייך, — האָט ער געזאָגט צו זײַנע פּאַרטנערן — איך וועל באַלד קומען. ניין. איך האָב קיינע קאַרטלעך נישט באַקומען, אָבער איך האָב אויף זיי גאָרנישט געוואַרט. דאָס איז אַן אומזין. עס טוט מיר נאָר לייד, וואָס איך אַליין האָב אַזאַ

נאַרישן גערוס געשיקט. דאָס איז דאָס נאַרישסטע, וואָס האָט מיר געקאָנט קומען אויפן זינען. שטעלט אייך פאָר — צו מאָסן, צו אַזאַ שטינקער.

— אַזוי, צו מאָסן.

— דאָס וווּנדערט אייך. אָבער ער האָט דאָך מיר אָפּגע־שיקט דעם סוועטער און אַזאַ שענדלעכן בריוו.

— האָט איר עס אים געענטפערט אויף דעם בריוו?

— ניין, איך האָב אים געשיקט אַ קאַרטל, איך האָב זי גע־קויפט אונטן אין דאָרף. ווען דערויף וואָלט געווען אויסגעמאָלט אַ פאַרלאָשן ליכט, אָדער אַ מענטש מיט אַ לאַנגער נאָז, וואָלט עס זייער גוט געפּאַסט, אָבער אויף דעם איז געווען עפּעס גאַנץ לעבערלעכעס: אַ וועווערקעלע. איך האָב נישט געזוכט דווקא אַזאַ קאַרטל, איך האָב גענומען, וואָס מען האָט מיר פאָרגעלייגט. אָבער שטעלט אייך פאָר: אַ וועווערקעלע, אַזאַ נאַרישקייט, איר ווייסט דאָך, ווי אַ וועווערקע זיצט, דעם עק פאַרריסן איבערן רוקן, ווי צוזאַמענגעוויקלט. ס'איז אַלץ איינס, ווי איך וואָלט אים געשיקט אַ רויטגעפאַרבט הויז אין שניי אָדער אַ מלאך. אַ וועווערקעלע — איר קאָנט אייך פאָרשטעלן אַזאַ אומשולדיקייט!

— איר מיינט נישט, — זאָגט די פרייליין — אַז ער וועט זיך וועגן דער וועווערקע פאַרטראַכטן? דעמאָלט וועט פאַר אים די צייט גיכער אַריבערגיין. ער איז דאָך בלינד און פאַרלאָזן.

— ווי? יאָ. איר וועט זען, אַז ער וועט וועגן דעם טראַכטן. דאָס איז גאָר נישט אַזוי שלעכט, זאָל ער וועגן דעם ברעכן דעם פאַרפוילטן קאָפּ. אַ וועווערקע — וואָס איז דער מיין דערפון? — זאָגט מיר, פרייליין ד'עספּאַר, אפשר וואָלטן מיר זיך אָנגעטון און גיין שפּאַצירן אין דער שיין פון דער לבנה?

— אָבער מען וואַרט דאָך אויף אייך אין פליגל.

— ניין, זיי קאָנען רופן דעם בריווטרעגער און דעם שווייצער.

זיי זענען אַוועק שפּאַצירן אין דער לבנה־שיין.

— וואָס לענגער איך טראַכט וועגן דעם, אַלץ מער געפין איך, אַז די וועווערקע פּאַסט פאַר אים, — זאָגט דער זעלבסט־

מערדער. — איך דאַנק איך, פרײַלין ד'עספּאַר, איר האָט מיך אַרויפגעפירט אויף דעם געדאַנק. איר האָט גלײַך באַמערקט, אַז אין דעם איז פאַראַן עפּעס טראַגישעס. ער וועט בײַ עמעצן מיט אויגן אין קאָפּ פרעגן, וואָס איז אויסגעמאָלט אויף דעם קאַרטל. אַ וועווערקעלע, וועט מען ענטפערן. דעמאָלט וועט אין אים אויפגעלאָפן ווערן אַ פינסטערניש און אַן אומפאַרשטענדלעכקייט, איך זע אַפילו, ווי זײַן געזיכט זעט דערבײַ אויס.

דער זעלבסטמערדער רעדט ווײַטער. די פרײַלין באַמערקט:

— ער איז שוין אַזוי אויך אַלע מאָל אין פינסטערניש.

גוט, וואָס איר האָט אים אויף דעם בריוו נישט געענטפערט.

זער האָט געזאָגט, אַז איך האָב אים קיין ענטפער נישט געשיקט? — האָט דער זעלבסטמערדער שאַרף געפרעגט. — ער וועט אים נאָך באַקומען, פאַר דעם וועל איך שוין זאָרגן. אַזוי מיינט איר — איך זאָל נישט ענטפערן. אפשר וועט איר מיר זאָגן, פאַרוואָס זאָל זײַן וואָרט זײַן דאָס לעצטע?

זײ זענען ווײַטער אַרומגעגאַנגען אין דער לבנה-שײַן, עס זענען איצט געווען גוט אָפּגערוימטע וועגן, און זײ האָבן געקאָנט שפּאַצירן זײַט בײַ זײַט. די פרײַלין האָט עטלעכע מאָל דערמאָנט, אַז מען דאַרף גיין שלאָפן. אָבער דער זעלבסטמערדער האָט געענטפערט, אַז צוועלף, צי אַפילו צווײ דעם זייגער האַלט ער נישט פאַר צו שפּעט, עס קאָן אַמאָל זײַן פיר אָדער פינף, ווען פאַר אים ווערט ערשט שפּעט; פאַר דער לעצטער צײַט שלאָפט ער ווידער שלעכט. אָ, דעם זעלבסטמערדערס געוויינלעכע פאַרביסנקייט און די ליידנשאַפט צו קריגן זיך זענען אַביסל לײַכטער געוואָרן. ער איז דאַנקבאַר דער פרײַלין, וואָס זי וויל מיט אים גיין און פאַרקירצן אים דאָס לעבן אויף אַ שעה, אַלץ נענטער, אפנים, וועט אים זײַן צום טויט. ער האָט מיט איר געשמועסט וועגן זײַנע טרויעריקע געדאַנקען, וועגן לעבן בכלל און וועגן זיך בפרט. דאָס איז פאַרלוירענע צײַט, וואָס ער פאַרברענגט דאָ. ער האָט שוין דערגרייכט צו דעם צפון-זײַט פון לעבן, האָט ער געזאָגט. זײַן האַרץ טאַנצט שוין נישט, און זײַנע קליידער פאַרדעקן אים שוין נישט. פלוצלינג ווענדט ער זיך צו דער

פרײלין, און פרעגט אביסל אומפארשטענדלעך:

— איר אויך?

— וואָס הייסט?

— יאָ, איך פרעג צי געפינט איר אויך, אז איר פטרט דאָ די צייט אומזיסט?

— יאָ, ס'איז מעגלעך. איך פאָר, איבעריקנס, נאָך ווײנאכט ארויס.

— ווי, נאָך ווײנאכט, שוין? — האָט ער אויסגעשריגן.

גלייך ווי ער וואָלט זיך דערשראָקן, וואָס ער וועט דאָ אליין בלייבן! דאָס האָט אים גענומען פארן הארצן. און דער זעלבסטמערדער, וואָס האָט זיך, זינט מאָס איז אוועקגעפאָרן, אפגעוואוינט פון רעדן און רעזאָנירן, האָט זיך אָנגעצונדן און איז געוואָרן רעדעוודיק. דאָס איז אן אומדערוואַרט נייעס. אן אומאָנגענעמע נייעס. איר פאָרט אוועק ווײט פונדאנען? דאָס גייט מיר, נאטירלעך, נישט אָן, אָבער צי זענט איר זיכער, אז ערגעץ אנדערש איז בעסער? איך בין אין דעם נישט אזוי זיכער, און דעריבער בלייב איך דאָ. ס'איז דען אין תוך נישט אלץ איינס, ווו מיר מענטשן געפינען זיך? איך מיין, ס'איז אלץ איינס. טוט נאָר א בליק אויף דער פולער לבנה. מיר געפינען, אז זי איז שיין, זי איז אָבער אזוי אומגוצלעך און זינלאָז. זי שפּײט אויף איר אָרט און לאנגווײליקט זיך. אזוי איז עס מיט אלץ און מיט אונז אלעמען. אומעטום, ווו מיר קערן און ווענדן זיך, קומען מיר אום. אָבער נישט אמת — היינט בײנאכט איז דער דערלייזער געבוירן, איך זאָג עס נישט, כדי צו רעדן גלאַט הויבע פראזן. עס איז זייער מעגלעך, אז עפּעס א געדאנק איז פאראן אין דעם. דער דערלייזער און די דערלייזונג — דאָס איז די דערלייזונג פון דעם זיין, וואָס מיר האָבן באקומען. הגם מיר האָבן עס נישט גענומען, די דערלייזונג פון א לעבן, וואָס מען האָט אונז אויפגעצוווּנגען אָן דעם קלענסטן פארלאנג פון אונזער זייט. אך, גאָט, ווי מיסטיש דאָס איז אלץ. אָבער איך זאָג נישט, אז דאָס איז דעריבער לגמרי אומגלויבלעך. אנדערע קאָנען אפילו גלויבן גראָד דערפאר, ווייל דאָס איז אבסורד. און אזוי ווערן מיר מיט דעם

שטריק אַרום האַלז געפירט צום אונטערגאַנג, און מיר גייען מיטן גוטן ווילן אַנטקעגן זיך אַליין. מיר הערן וועגן דעם קלוגן סדר אין לעבן, אָבער צי זעען מיר אים — דאָס נישט. איך ווייס נישט, וואָס איז ריכטיקער. פאַראַן ערנסטע מענטשן, וואָס לאַכן קיינמאָל נישט אָפּ פון לעבן. אָבער מיר גייען, מיר וואַנדערן, מען פירט אונז אָן אויפהער; וואָס די עלטער און די צייט האָט אין אונז נישט חרוב געמאַכט, דאָס האָבן זיי יעדנפאַלס אַזוי גע-ענדערט, אַז ס'איז נישט צו דערקענען. ווען מיר האָבן אַזוי אַ צייט לאַנג אָפּגעוואַנדערט, וואַנדערן מיר דעמאָלט נאָך אַביסל. מיר וואַנדערן אַ טאָג, דערנאָך אַ נאַכט, און לסוף איז אין דעם בין השמשות פון דעם נאָענטסטן טאָג אָנגעשטאַנען די שעה, און מיר ווערן געטויט, פשוט אין פראָסט געטויט. דאָס איז דער ראָ-מאַן פון לעבן, מיטן טויט אַלס לעצטן קאַפּיטל. דאָס איז אַלץ אַזוי מיסטיש. אַלזאָ זענען מיר, אין תוך גענומען, נאָר אַ מינע, וואָס וואַרט אויף דעם פונק, און נאָך דעם אויפרייס ליגן מיר שטיל, שטילער פאַר דער שטילקייט גופא, מיר זענען טויט. מיר פרווון זיך טאַקע אַנטקעגנשטעלן, מיר פאָרן אַרום אַהין און אַהער, כדי אַרויסצודרייען זיך, מיר קומען אַהער אין דער סאַ-נאַטאָריע, אָבער דאָס איז דער אמתער אָרט פון אומגליק, אַ הויז פון טויטע, ווו איינער נאָך דעם אַנדערן גייט פאַרלוירן און לייגט זיך אין קבר. נו, אַנטלויפן מיר, ווי איר פרייַלין ד'עספאַר ווילט עס טון, מיר פאָרן ערגעץ אַנדערש, גלייך ווי דאָס האָלט געהאַט עפעס אַ צוועק. מען וועט נאָך אונז אַוועקלאָזן שטעק-בריוו, און מען וועט אונז כאַפּן, מיר שטייען אויף דער ליסטע, מיר קאָנען אומבייטן דעם גאַרניזאָן. אָבער נישט דעם קריגס-פירער. אָבער, גאָט מיינער! ווי שטעלן מיר זיך קעגן דעם? ווען דער טויט קלאַפּט אָן אין טיר, שטעלן מיר זיך אויף די שפּיץ פינגער און פאָרשקען אויף אים, און ווען ער נעמט אונז אין דער האַנט אַריין, ווערן מיר ערשט קעגנאַנאַנדער אָפנהאַרציק, ווי עס באַדאַרף צו זיין — מיר שלאָגן זיך. דאָס דויערט, נאַטיר-לעך, נישט לאַנג, און מיר ליגן שוין, ערטערווייז אַביסל בלאָע. דאַן ווערן מיר אין דער ערד פאַרגראָבן. פאַרוואָס אַזוי? כדי

דאָס שטאַרבן זאָל פאַר די, וואָס בלייבן לעבן, געזונטער זיין. אָבער מיר אַליין ליגן מיט ווערים אין די אויגן, צופיל טויטע, אז מיר זאָלן זיי קאָנען אָפּטרייבן. איז עס דען נישט אַלץ אַזוי? און דאָס איז נאָר איין העלפט. מיר האָבן נאָר גערעדט וועגן דעם, וואָס דער טויט טוט, גייט זיך גלייך זיין וועג און פליקט. אָבער דאָס באַפרידיקט אים נישט אַלע מאָל. ער טרעט אַרויס מיט מלחמות, ערד־ציטערנישן, מגפות, מיט פינגער געווענדטע צו דער ערד: דער טויט קריכט אַרום אין לעבן...

א קול האָט צו זיי דערגרייכט פון דעם דאָרף. דער קירכנגלאָק האָט עס געקלונגען. אַן אייפעריקער יונגער גלח האָט זיך, אַפּנים, צוגעטראַכט די דאָזיקע איבעראַשונג פאַר זיין פּאַראַפיע. דער קלאַנג איז א ווייטער, צייטנווייז פאַרשווינדט ער אינגאַנצן, נאָר ווען דער ווינט דערטראָגט אים צוריק, הערן זיך אפילו שטאַרקע קלונגען איינער נאָכן אַנדערן. דאָס איז שיין און אומגעוויינלעך, עס איז אמתע ווייַנאַכט.

דער זעלבסטמערדער גייט צו נענטער, דאַכט זיך, ער איז גערירט, אָבער ער מוז עס דאָך פאַרבאָרגן, ער מוז אום יעדן פּרייז מאַכן זיך, כּלומרשט עס אַרט אים נישט. פאַר דער פרייַלין איז עס אַן אָנגענעמער איבעררייס, זי טוט זיך א טרייסל און זאָגט

— שטעלט אייך פאָר, עס איז שוין צוועלף דער זייגער! ניין, איצט גיי איך אַהיים.

דער זעלבסטמערדער וויל דורכויס נישט אַרויסווייזן, אַז ער איז גערירט, קיין סימן נישט, ער מוז ווייטער רעדן, אָבער דער טאָן איז שוין געווען אַן אַנדערער, ווען ער האָט ווייטער אָנגעהויבן:

— סוף כל סוף איז דער טויט אויך נישט אַזוי שלעכט. נישט אַזוי בלוטיק, מען ווערט נישט אויפגעפרעסן, מען בלייבט כמעט אומבאַרירט, מען ווערט נאָר א ביסל בלוי פּונם כאַפּ. קאָן מען דען מער פאַרלאַנגען? דאָס מאַכן די רייכע און די מעכטיקע אַזאַ פּירוש פון טויט, די אָרעמע לויט אָבער האָבן ווייניקער טענות צו אים, זיי רופן אים אפילו אָפטמאָל אַליין, „זאָל נאָר גיבער דער טויט קומען, דאָס לעצטע קאַפּיטל".

— יאָ, — זאָגט די פרייַלין — אַזוי איז עס. א גוטע נאַכט, העד מאַגנוס.

— אַך, איר ווילט אַוועקגיין, אַנטשולדיקט, פֿרײַלין ד׳עספּאַר, — מורמלט ער און בלײַבט שטיין פֿאַר דער טיר — אין תּוך גענומען האָט מען דאָך געקאָנט כאָטש עפּעס אַ קאַרטל דערוואַרטן פֿון דער פּאָסט, איר פֿאַרשטייט, צוליב דעם אָוונט פֿון ווײַנאַכט, כאָטש אַ קליי־נעם סימן פֿון פֿרײַנטשאַפֿט. איר מיינט אויך אַזוי?

— יאָ, געוויס, — ענטפֿערט די פֿרײַלין.

— איך מיין, זיי האַלטן וועגן דעם געקאָנט אַ טראַכט טון. ווײַבאַלד איך שיק אַ קאַרטל צו ווײַנאַכט, האָבן זיי געקאָנט ענטפֿערן. אָבער ניין, נו, אַלץ איינס, איך קלאָג מיך אויף קיינעם נישט. מען פֿאַרגעסט, נאַטירלעך, אָן אַזאַ קלייניקייט, ווען מען איז אין דערהיים, און מען האָט, למשל, צו באַזאָרגן אַ הויז.

די פֿרײַלין ווערט אויפֿמערקזאַמער און פֿרעגט:

— איר האָט געשיקט נאָר איין קאַרטל, וואָס צו מאָסן?

— ניין, נאָך איינע, — איז זיך דער זעלבסטמערדער מודה — אָבער מיינט נישט, אַז זי האָט עפּעס אַ באַדײַטונג, אויף איר זענען געווען נאָר עטלעכע בלומען.

— אָבער אויף דעם קאַרטל קאָנט איר ערשט באַקומען אַן ענט־פֿער נישט פֿריער ווי צו ניי־יאָר.

— וועגן דעם האָב איך אויך געטראַכט. — ענטפֿערט ער. — אָבער פֿאַרוואָס מוז עפּעס דווקא זײַן אַן ענטפֿער אויף מײַן קאַרטל? פֿאַרוואָס האָט זי איר קאַרטל נישט געקאָנט שיקן אין דער זעלביקער צײַט, ווען איך האָב געשיקט מײַנס? ניין, מען האָט אָן דעם פֿאַרגעסן, דאָס איז דער אמת. אָדער אפֿשר מיינט איר, אַז דאָס איז בכּיוון געטון געוואָרן?

— דאָס לאָזט זיך נישט גלויבן,

— יאָ. איך האַלט אויך נישט פֿאַר אוממעגלעך, עס זאָל נאָך אָנ־קומען אַ קאַרטל צו ניי־יאָר. בכּלל האַלט איך, אַז באַגריסונגען צום ניי־יאָר זענען שענער און האָבן מער באַדײַטונג, איידער די באַגרי־סונגען צו ווײַ־נאַכט. איך ווייס נישט ווי איר קוקט דערויף.

— יאָ, ס׳קאָן זײַן, איר זענט גערעכט.

— געוויס, באַגריסונגען צו ווײַנאַכט זענען אַן אומזין. זיי זענען אפֿשר גאַנץ פֿײַן פֿאַר קינדער, אָבער פֿאַר דערוואַקסענע...

ווען די פרייליין איז אוועק, איז דער זעלבסטמערדער נאָך לאַנג געבליבן שטיין לעבן די טרעפּ. דאָס קלינגען פון דעם גלאָק האָט אויפגעהערט, ס'האָט זיך גאָרנישט געהערט, נאָר א רוישן פון די בערג. די פולע לבנה האָט אויף אים אַראָפּגעשיינט. א פינסטערער שטרך האָט זיך ווידער צעלייגט איבער זיין גע- זיכט, און זיין גאַנצער אויסזען איז געווען ווי אין זיין ערשטער צייט אין טאָראַהוס: אַן אויסזען פון גריבלען זיך אין מחשבות און פון ליידן...

* *

אויפן צווייטן טאָג ווייגאַכט איז אַראָפּגעקומען אדוואָקאַט רופּרעכט מיט עטלעכע געסט, צווישן וועלכע עס איז געווען איי- נער אַן אינזשיניער. אויפן דריטן טאָג זענען געקומען דירעקטאָר אָליווער, האַלצהענדלער בערטעלסען, פרוי רובען און פרייליין עלינגסען. שפּעטער א ביסל נאָך עטלעכע פּרעמדע מיט סקיען און מיט גליטשערס. דאָס האָט נישט געמאַכט קיין שטאַרקן איינ- דרוק, אינגאַנצן צוגעקומען אפשר איין טוץ מענטשן צו די, וואָס זענען דאָ פריער געווען. אָבער טאָראַהוס איז דאָך געווען א נייער אָרט. מען האָט נישט געקאָנט האָפן, אז שוין צום ערשטן ווייגאַכט זאָל ער זיין פול מיט געסט.

מען האָט אויפגעהאָנגען די נייע פאָן, און פאַר בער- טעלסענען איז אויפגעשפּילט געוואָרן דער „טאָראַהוס-מאַרש" — ער איז דאָך געווען דער מעצענאַט, וואָס האָט דעם יונגן קינסטלער געגעבן די מעגלעכקייט צו שאַפן זיין ווערק. בערטעלסען האָט זיך פאַרנומען מ-ט די עסקים פון דער סאַנאַטאָריע: ער האָט געוואָלט אויספאָרשן די באַדינגונגען פאַר עלעקטרישער באַלייכ- טונג. וואָס האָט ער דערצו געהאַט פאַר א שייכות? גאָרנישט. דאָס איז נאָר געווען אַן אָנשטעל מצד דעם רייכן יונגן מאַן, אז ער איז פאַרנומען מיט געשעפטן. דער אדוואָקאַט האָט זיך גע- בראַכט אַן אינזשיניער, וועלכער האָט געדאַרפט אויסמעסטן און באַרעכענען די קראַפט און די מאָס פון דעם וואַסערפאַל.

ווען בערטעלסען איז געקומען קיין טאָראַהוס, איז ער גע- ווען זייער שטאָלץ ביי זיך. ער האָט געשפּילט די ראָלע פון א באַלעבאָס, אפילו אָפן אַרויסגעזאָגט, אז ער איז דער עיקר גע-

קומען, כּדי צו געניסן כאָטש עפּעס פון דעם גוטס, וואָס ער האָט אַריינגעטון אין דער אונטערנעמונג. מחמת דעם טעם האָט ער אויך נישט געוואָלט באַצאָלן די רעכענונגען פאַר זיין אויפהאַלטן זיך אין דער סאַנאַטאָריע דעם פאַריקן מאָל.

דער אַדוואָקאַט האָט איינמאָל באַשלאָסן דעם דאָזיקן טעות זיינעם אָן ווייטערדיקע מחזקות צו פאַריכטן.

— איך וויים נישט, וואָס פאַר אַ קאַפּיטאַלן איר האָט דאָ. דאָס איז אַ טעות. איר האָט נאָר עטלעכע אַקציעס און מער גאָר נישט.

— יאָ, אפשר ווילט איר זיי ביי מיר אָפּקויפן? — האָט בערטעלסען געפרעגט.

ניין, דער אַדוואָקאַט האָט געענטפערט, ווי דער אמת איז, אַז ער פאַרמאָגט עס נישט צו קויפן. אָבער מיט דער צייט איז זייער מעגלעך, אַז ער וועט זיי ביי אים קאָנען צונעמען.

— אָבער איצט?

— ניין, איצט נישט, פאַרוואָס עפּעס גראָד איצט? איר דאַרפט דאָך נישט קיין געלט?

בערטעלסען קנייטשט דעם שטערן, אָנגעפּויסט מיט צו־פרידנקייט פון זיין עשירות, און ענטפערט:

— דאַנקען גאָט. איך דאַרף נישט, ניין.

כאַפּן זאָל אים דער רוח, אָבער בערטעלסען איז געווען לגמרי נישט קיין אָנגענעמער מענטש, עס איז בשום אופן נישט געווען קיין פאַרגעניגן צו האָבן אים ביי זיך אויף קעסט אין קוואַר־טיר, ניין, דאָס האָט קיינער אין דער סאַנאַטאָריע נישט געמיינט. ער האָט זיך אפילו ערלויבט צו רעדן מיט גרינגשעצונג וועגן זיין אייגענעם „מאָראַהוס־מארש" און זאָגן, אַז ער וואָלט בעסער וועלן צוריק באַקומען די הוצאות, וואָס ער האָט אויסגעגעבן אויף זיין סטיפּענדיאַט.

— צו טייער קאָסט מיך מיין פאַרברענגען אין דעם דאָזיקן אָרט! — האָט ער געזאָגט.

בשעת גאָט און לייט האָבן געוווסט, אַז ער האָט אַ גרויס שטיין־רייך געשעפט, איז געווען נישט אָנגענעם צו הערן, ווי ער

האָט חרטה אויף דער סטיפּענדיע פון עטלעכע טויזנט, וואָס ער האָט געגעבן דעם קינסטלער. וואָס האָט געקאָנט זיין די סיבה? איינער פון די געסט, א דעטאַליסט, רואוד האָט ער געהייסן, האָט פאַרלוירן די זיכערקייט בנוגע דער עשירות פון דער פירמע בער-טעלסען עט זון.

— איך קען דעם אַלטן בערטעלסען, — האָט ער געזאָגט — ער איז אַ סאָלידער מענטש, אויף וועלכן מען קאָן זיך פאַרלאָזן. אָבער וואָס פאַר א מענטש איז דער זון, ווייס איך נישט. ער וויל מיך נישט קענען און גריסט זיך מיט מיר נישט, הגם ער ווייסט גוט, אַז מיט עטלעכע יאָר צוריק האָב איך איינמאָל געקאַנט מיט זיין פאָטער שטרענג באַגיין זיך, און האָב עס נישט געטון. איך האָב געהערט, — האָט הער רואוד געזאָגט — אַז דער יונגער בערטעלסען האָט זיין לעצטע ריזיקע פּאַרטיע האָלץ געקויפט אויף קרעדיט.

— אָבער די פירמע האָט דאָך דעם ווערט פון דער קניה?

— האָט עמעצער געפרעגט.

— דאָס קאָן מען נישט וויסן, — האָט דער דעטאַליסט גע-זאָגט — ערשטנס ווענדט זיך עס אָן דעם, צי דער יונגער מאַן האָט פאַר דער סחורה נישט צו טייער געצאָלט, און צווייטנס ווענדט זיך עס אָן דער לאַגע בכלל. וועט ענגלאַנד ערגעץ ווו פאַרפירן אַ נייע מלחמה, וועט דער פרייז אויף האָלץ שטייגן, און בערטעלסען עט זון זענען אויבנאויף. אפשר זענען זיי עס איצט אויך, איך ווייס נישט. עס וואָלט יעדנפאַלס געווען טרויעריק, ווען דאָס דאָזיקע גרויסע געשעפט זאָל אַוועק שלעכט, אָבער זאָל גאָר מוזן באַגרענעצן זיין טעטיקייט. זיי האָבן העבל-מאַשינען, אַ מעבל-פאַבריק און אַ האָלצשלייפעריי אין צוויי ערטער. לאָמיר האָפן, אַז קיין אומגליק וועט נישט געשען, — האָט רואוד פאַרענדיקט— אַ פולע מענטשן לעבן אַרום זיי.

אויף דעם יונגן בערטעלסען האָט זיך עס גאָרנישט גע-לאָזט באַמערקן, ער איז געווען גאַנץ רויק. זיינע קליינלעכע רייד וועגן דער סטיפּענדיע און די אַקציעס האָבן, אפנים, געשטאַמט פון אַ צופעליקער שלעכטער שטימונג. אָבער קיין חן האָט ער-

נישט געהאַט, און עס זענען זיכער געווען אַ היפּש ביסל מענטשן אין דער סאַנאַטאָריע, וואָס האָבן אים געוווּנשן עפּעס אַזוינס, ח״ו. זאָל אים אַביסל צעטרייסלען. ער האָט גאָרנישט אויסגעזען אַזאַ בעל-גאווה און איז אויך קיין נאַר נישט געווען, אָבער זיין אויסזען און זיין באַנעמען זיך האָבן עפּעס גאָר ווייניק צוגעצויגן די הערצער. שוין דער אופן, ווי ער האָט באַהאַנדלט פרייליין עלינגסען, האָט מענטשן פון אים אָפּגעשטויסן. ער איז מיט איר געווען פאַרקנאַסט, צי נישט? די אַלטע געסט פון דעם ערשטן צוזאַמענפאָר האָבן נאָך גוט געדענקט, ווי ער האָט זיך גלייך פון אָנהויב צוגעקלעפּט צו דער דאָזיקער שענסטער דאַמע פון דער סאַנאַטאָריע, איז מיט איר געגאַנגען שפּאַצירן אין גרינעם וואַלד און אַלץ מיט אַנאַנדער, — און איצט האָט זי קוים פאַר אים עקזיסטירט, הגם אין איר געטרייקייט צו אים האָט קיינער קיין ספק נישט געקאָנט האָבן. זי האָט זיך אָפּט צוליב הער בערטעלסען אָפּגעזאָגט פון אָנגענעמע שמועסן און פון דערנענטערונג — אַפילו גאַנץ פיינע און קאָרעקטע, מיט אַנדערע הערן, אָבער דאָס האָט קיין איינדרוק אויף אים נישט געמאַכט, ער האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער איז בלומרשט שטאַרק פאַרנומען מיט די אָנגעלעגנהייטן פון דער סאַנאַטאָריע, האָט פינקטלעך אַריינגעשטעקט זיין נאָז אומעטום, ווו עס האָט זיך גאָר געפונען אַ שפּאַרע; האָט אָבער געגוג פרייע צייט געפונען, כּדי צו שענקען זיין אויפמערקזאַמקייט אַן אַנדער דאַמע, וואָס האָט געוווינט אין דער סאַנאַטאָריע. וואָס פאַר אַן אַנדער דאַמע? אפשר פרייליין ד׳עספּאַר, צו וועלכער ער האָט זיך שוין פריער אַמאָל געהאַט געפּוצט? ניין, נישט פרייליין ד׳עספּאַר, גאָרנישט. זי האָט, דאַכט זיך, פאַר אים שוין מער קיין באַדייטונג נישט געהאַט, אָדער צוליב איר צעמזיקטן פּנים, אָדער צוליב אַנדערע טעמים. ניין, דאָס איז געווען פרוי רובען. עס פלעגט טרעפן, אַז פרייליין עלינגסען האָט געפונען אים מיט פרוי רובען צוזאַמען אין אַ צימער ביי פאַרמיטאָג-טיי מיט צובייסן אויפן טיש. דאַן האָט די גנעדיקע פרוי זי צוגערופן אַביטל בייז און אַביסל פאַרלעגן.

— גוט, וואָס איר זענט געקומען, פרייליין עלינגסען. מיר

האָבן זיך דאָ איינגעאָרדנט.

— איך האָב אייך נישט געקאָנט געפינען, — האָט בערטעל־סען געמוזט זאָגן — ווו זענט איר עס געווען? קלינגט אָן, זייט אזוי גוט, און באַשטעלט זיך אַ טאָס טיי.

מען האָט עס נישט אזוי געדאַרפט פאַרשטיין, אַז פרוי רובען האָט געהאַט אויסזיכטן אויף דעם יונגן סוחר און געוואָלט אים געווינען פאַר זיך. פאַרקערט, זי איז גאָרנישט אויפגעלייגט געווען צו פלירט. און וואָס האָט פרוי רובען, אייגנטלעך, נאָך אַמאָל זיך אומגעקערט אין דעם אָרט, ווו איר מאַן, דער קאָנסול, איז געשטאָרבן מיט אַזאַ משונהדיקן געהיימניספולן טויט? האָט עס, אפנים, דאָס שרעקלעכע געשעעניש זי ווידער אַהער געצויגן, ווי אַ פלאַטער, וועלכע ווערט צוגעצויגן צום פייער? על כל פנים האָט זי געבעטן איר אַלטן צימער, גלייך ווי זי וואָלט זיך פון ס׳ניי איבערגעבן איר טרויער. זי איז אין דער גרעב שטאַרק אָפּגעפאַלן, עס איז פשוט געווען אַ ווונדער, ווי זי האָט זיך פון איר דיקקייט באַפרייט. זי איז געווען שטאַרק פאַרשנורעוועט און שיין. פאַרקערט, דאָס געזיכט איז גאָרנישט יינגער געוואָרן, נאָר אָפּגעווועלקט און נישט פריש. ווען דער זעלבסטמערדער האָט זי דאָס ערשטע מאָל ווידער דערזען, האָט ער געזאָגט צו פרײלין ד׳עספּאַר:

— זעט ווי זי זעט אויס!

— ווי? — האָט פרײלין ד׳עספּאַר געפרעגט.

— אזוי אומציכטיק. זי זעט אויס ווי אַ געפּלאַצטע רייף.

— נו. יעדנפאַלס האָט נאָך פרוי רובען אירע טיפע פּראַכט־פולע מאַנדל־אויגן.

איצט, ווען פרוי רובען האָט געוווינט אין איר אַלטן צימער און דורך די נעכט ווידער דורכגעלעבט די טראַגעדיע פון איר מאַנס טויט, קאָן מען דען עפּעס האָבן קעגן דעם, וואָס זי האָט זיך ביי טאָג אָנגעשלאָסן אָן דער געזעלשאַפט, וועלכע האָט זיך איר אַליין אָנגעבאָטן? בערטעלסען מיט איר האָבן געהאַט געמיינ־זאַמע אינטערעסן, ביידע זענען זיי געווען געשעפטסלייט און האָבן געקאָנט פיל זאַכן צוזאַמען אַרומרעדן. ער איז איר פערזענלעך

טאַקע נישט געפעלן געווען, — ער איז איבערהויפּט ווייניק מענטשן געפעלן געווען — ער איז אָבער געווען אַ באַוווּסטער מענטש אין שטאָט, אַ יונגער און אַ געזונטער. ער האָט, אגב, גערויכערט גוטע ציגאַרן, און האָט נישט געהערט צו די לייט מיט געלע פינגער פון רויכערן געדרייטע פּאַפּיראָסלעך. און בערטעלסען פון זיין זייט האָט אויך געהאַט אַ גרונד צו זוכן איר געזעלשאַפט מער פאַר אַן אַנדערע. איר הויט איז איצט אַראָפּגעהאָנגען, און אונטער דער הויט איז זי געווען גאַנץ מאָגער, יאָ, עס האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט אַ ביסל נישט דערעסן — דאָס איז אַלץ געווען מעגלעך. אָבער בערטעלסען האָט איצט אפשר אויף שיינקייט נישט געקוקט. אים האָט, אפנים, צוגעצויגן דער געזונטער געשעפטפאַרשטאַנד, אָדער די זאַכלעכקייט פון דער גנעדיקער פרוי, און אפשר איר רייכטום, גאָט ווייסט.

זיצן זיי אַזוי און שמועסן, און איצט, ווען פריילין עלינגסען איז צוגעקומען, זענען זיי זאַלבעדריט.

— איר האָט איבערגעריסן גראָד, ווען איר האָט געוואָלט דערציילן וועגן דער פּרינצעסין. — האָט בערטעלסען געזאָגט.

פרוי רובען האָט גאָרנישט געהאַט קעגן דעם, זי זאָל ווידער אָנהויבן פון אָנהויב. זי האָט גערעדט וועגן דער „מילעדי".

— יאָ, איך האָב איר, ווי געזאָגט, געקיען געלט אויף דעם רינג. דאָס האָט סוף-כל-סוף אויסגעמאַכט אַ גרויסע סומע, אָבער דאָס וואָלט מיך נישט געאַרט, ווען איך וואָלט נאָר דעם רינג געקאָנט פאַרהאַלטן ביי זיך.

— איר האָט אים דען נישט געקאָנט פאַרהאַלטן?

— ניין, — זאָגט די גנעדיקע פרוי און באַווייזט אירע טונקעלע הענט.

— ווו זשע איז ער? געגנבעט?

- פאַרשוווּנדן. אָבער דאָס איז גאָרנישט. נישט פאַרן רינג אַרט מיך.

אַלע שווייגן.

— יאָ, ס'איז געווען אַ שענדלעכע געשיכטע, — דערציילט פרוי רובען ווייטער — איך האָב דער פרוי געוואָלט העלפן, און

האָב מיך אַפילו צוליב דעם צעווערטלט מיט מיין מאַן. איך האָב געגלויבט אין אַלץ, וואָס זי האָט מיר דערציילט וועגן איר מאַן, וועגן אַ פּאַקעט מיט בריוו, וואָס זי האָט מיר דערלאַנגט אונטערן נאָז, וועגן אַ הויפל, וואָס זי וויל האָבן, אָבער דאָס אַלץ איז געווען ליגן און שווינדל, דער רינג, פרעגט איר? יאָ, זי האָט אים צוריק אַוועקגענומען. צוגעגנבעט. איך לייקן נישט, אַז אין אַלץ איז שולדיק דער רינג. דאָס איז געווען אַ פּראַכט־פולער רינג, איך האָב קיינמאָל אַזאַ פיינע שפּיל נישט געזען, אַ זעלטענע צירונג, איך האָב'ס גלייך דערזען, ווער ווייסט, ווו זי האָט אים גענומען. און אויף דעם רינג האָט זי ביי מיר געהאַלט לייען געלט. איך האָב געהאַט גענוג רינגען, אָבער אַזעלכע נישט. זי האָט מיר אים נישט געשאָנקען, זי האָט מיר אים נאָר געגעבן פאַר אַ משכּון, איך זאָל איר אויף דעם געלט איינשאַפן, רעכט, האָב איך געזאָגט, און אַוועקגעגעבן איר אַלץ, וואָס איך האָב געהאַט. אָבער דאָס איז איר געווען קנאַפּ. זי האָט געדאַרפט אַ גרויסע סומע.—יאָ,—האָב איך איר געענטפערט,. — איך האָב אָבער מורא, אַז מיין מאַן וועט מיר נישט וועלן קויפן קיין רינג אויף אַזאַ גרויסער סומע. — זאָגט זי:—טאָ גיט אים איבער די דאָזיקע בריוו, דאָס וועט ער בעסער פאַרשטיין, זיי זענען ווערט אויף אייערע קליינע נאָרוועגישע מטבעות אַוודאי אַ מיליאָן. איר פאַר־שאַפט מיר כאָטש אַ צען, צוואַנציק טויזנט. — איך וועל איבער־רעדן מיט מיין מאַן. — האָב איך געזאָגט. — תיכף? — האָט זי מיך געאיילט. — רעכט, גלייך, איך וועל אים טעלעגראַפיש אַרויס־רופן. דער רינג איז געבליבן אויף מיין האַנט. איך האָב אַראָפּ־גענומען צוויי אַנדערע רינגען, כּדי פאַר אים אַ פּאַסיקן פרייען אָרט צו מאַכן אויפן האַנט, און איך האָב אים אַפילו אין שלאָף נישט אויסגעטון, אָבער, ווי געזאָגט, מיר האָט זיך גאָרנישט אַזוי שטאַרק געוואָלט האָבן דעם רינג. דאָס זאָלט איר נישט מיינען. מיין מאַן איז טאַקע געקומען. ער האָט געזאָגט, אַז איך האָב אַזוי אויך גענוג רינגען, און ער איז גערעכט געווען, אָבער ערגער דערפאַר איז געווען דאָס, וואָס ער האָט נישט געטרויט די בריוו און האָט זיך אַלס קאָנסול אין דעם ענין נישט געוואָלט אַריינ־

מישן. ווען איך וואָלט אים דעמאָלט געפּאָלגט! אָבער איך האָב נישט געוואָלט הערן, ניין. ער האָט די בריוו געלייענט, געפּאָרשט און געשאָקלט מיטן קאָפּ. מיר האָבן וועגן דעם גערעדט ביז טיף אין דער נאַכט אַריין. לסוף איז ער, אפנים, מיד געוואָרן און האָט זיך געלייגט שלאָפן. ווען איך האָב מיך אויך געוואָלט לייגן, האָב איך דערהערט אַ קלאַפּ. דאָס האָט זיין קאָפּ אַזוי אַ קלאַפּ געטון אָן דעם קאַנט פון בעט. אַזוי איז ער געבליבן ליגן, ער איז געווען טויט.

— אַ הארצשלאַק — האָט בערטעלסען געזאָגט און מיט מיטגעפיל צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— יאָ, אַ הארצשלאַק. איך בין געבליבן אַליין, פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב געמוזט טראַכטן מיט ישוב הדעת: מיין מאַן האָט געהאַט אַ צו קורצן האַלז, פריער אָדער שפּעטער האָט ער געמוזט באַקומען דעם שלאַק, דאָך קאָן מען גאָרנישט העלפן. און איך האָב געהאַט דעם רינג, וועלכער איז, נאַטירלעך, לגמרי נישט געווען אַלץ אויף דער וועלט, אָבער צוליב זיכערקייט וועגן בין איך מיט אים אַפילו געשלאָפן. וואָס זשע זאָל ווייטער זיין? האָב איך באַצאָלט פאַר דער דאַמע און איר דינסטמיידל אין דער סאַנאַטאָריע, און מיר זענען אַוועקגעפאָרן. זיי האָבן זיך באַזעצט פאַר מיר אין כריסטיאַניע, און איך האָב באַצאָלט פאַר פיל זאַכן, וואָס זי האָט איינגעקויפט, איך האָב באַצאָלט און באַצאָלט, אָבער דער רינג איז געווען אַ פּרעכטיקער און איך האָב אים געוואָלט האָבן. סוף-כל-סוף האָב איך געמוזט דער דאַמע געבן אָנצוהערעניש, אַז אייביק קאָן עס אַזוי נישט דויערן.— ניין, אוודאי — זאָגט זי — נאָר מיר האָבן דאָך נאָך בריוו. — אָבער מיט די בריוו ווייס איך נישט וואָס צו טון, — האָב איך געזאָגט — און מיין מאַן איז טויט. — אָבער די בריוו זענען דאָך ווערט אַ מיליאָן, און געשריבן זיי האָט דער ענגלישער מיניסטער און פּאָליטיקער דער און דער. — האָט זי געזאָגט. — יאָ, איך האָב אין דערין גאָר טאַקע נישט געצווייפלט, אָבער אויסנוצן די בריוו האָב איך פאַר איר נישט געקאָנט. איך פון מיין זייט האָב די דאָזיקע שווינדלערין באַהאַנדלט ערלעך. איך בין אַוועק צו

עטלעכע יוווועלירן, זיי זאָלן שאַצן דעם רינג. זיי האָבן געזאָגט, אַז איך קאָן נאָך עפּעס געבן פאַר דעם רינג, — וואָרום ס'איז באמת געווען אַ טייערער, אַן אַלטער רינג. נאָר לסוף האָב איך געזאָגט: גענוג, מער וויל איך קיין געלט נישט געבן. די דאַמע אַליין האָט אויך געפונען, אַז איך בין גערעכט. אָבער דעמאָלט האָט זיך עס אָנגעהויבן. איינמאָל אינדערפרי, גראָד ווען איך האָב מיך געוואַשן, רופט מען מיך צום טעלעפאָן, ווער רופט? פרוי סטערן. איך וואַרף אויף זיך שנעל אַרויף אַ קלייד און גיי אַראָפּ. מיינע רינגען בלייבן ליגן אויפן נאַכט-טישל. איך קום צום טעלעפאָן, ערשט קיינער איז נישטאָ. איך רוף אַרויס פרוי סטערן — ניין, זי האָט נישט טעלעפאָנירט. איך רוף אַרויס דאָס טעלעפאָן-ביוראָ, אָבער דאָרט קאָן איך נישט דערגיין. נאָר ביז וואַנען איך האָב טעלעפאָנירט אַהין און אַהער, איז אַוועק אַ היפּש ביסל צייט, און ווען איך בין צוריק געקומען אין שלאָפ-צימער, איז שוין דער רינג פון נאַכט-טישל פאַרשוווּנדן. דער רינג איז נישטאָ. אַלע אַנדערע רינגען ליגן, נאָר דער איז נישטאָ. זאָל איך אים האָבן מיט זיך גענומען צום טעלעפאָן? איך לאָז מיך ווידער אַראָפּ און זוך — נישטאָ. עס האָט מיר אָנגעהויבן צו שווינדלען פאַר די אויגן. איך רוף די דאַמע, זי איז געקומען, האָט מיך אויסגעהערט מיט מיטגעפיל און געשמייכלט, ווען איך האָב געפרעגט, צי האָט זי גענומען דעם רינג. „איר שפּאַסט!" האָט זי געזאָגט. —אָבער אפשר האָט אייער מיידל, דער טאָלמאַטש, אים געפונען? — זאָג איך מיין מיינונג. און די דאַמע האָט תיכף ומיד געלאָזט רופן דאָס מיידל. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דאָס מיידל איז גאָר אין שטוב נישט געווען, זי איז אַרויס-געגאַנגען אין שטאָט.

— פונקט ווי איך האָב געטראַכט! — האָט פרייליין עלינגסען אויסגעשריגן. זי האָט אָנגעשטרענגט געהערט, די דערציילונג גע-הערט אינגאַנצן צו דעם מין דעדעקטיוו-געשיכטעס, וואָס זענען איר אַזוי גוט באַקאַנט, און זי זאָגט: — זיי זענען, פאַרשטייט זיך, געווען יד-אחת. דאָס האָט עס דאָס מיידל פון גאַס טעלעפאָנירט.

פרוי רובען שאָקלט מיטן קאָפּ: — יאָ, אַזוי איז עס טאַקע

געווען. אָבער דער רינג איז נישט געוואָרן.

— וואָס זשע האָט איר געטון? — האָט בערטעלסען געפרעגט.

— וואָס האָב איך געטון? איך בין שוין דעמאָלט קלוג געוואָרן. איך האָב די שווינדלערינס אַרויסגעטריבן פון מיין הויז.

— ווו זשע זענען זיי אַהינגעקומען?

— וואָס חיים איך? זיי זענען, מסתמא, אַוועקגעפאָרן ערגעץ אַנדערש, און שווינדלען ווייטער.

— דאָס איז די גרעסטע חוצפּא, וואָס איך האָב אויף מיין לעבן געהערט! האָט איר געמאָלדן דער פּאָליציי?

— ניין, איך קאָן נישט אַזעלכע זאַכן. חוץ דעם, האָב איך געוואָלט אויסמיידן אַ סקאַנדאַל.

אַלע שווייגן.

— המם, — האָט פריילין עלינגסען זיך געלאָזט הערן — איך וואָלט וועגן די צוויי דאַמען געקאָנט פיל דערציילן, אָבער איך בין געבונדן דורך אַ שבועה.

בערטעלסען האָט זי אויסגעהערט גרינגשעצנדיק און גע־ענטפערט:

— יאָ, אָבער וויבאַלד אַז דעם רינג קאָנט איר דאָך, מסתמא, נישט צוריק שאַפן. זענען שוין אַלע איבעריקע זאַכן נישט וויכטיק.

פול מיט סודות וועגן פירשטינס און הערצאָגן, זאָגט פריילין עלינגסען: — איך בין גאָרנישט זיכער, אַז מיינע דערקלערונגען וואָלטן געווען אַזוי אומנוצלעך. אפשר וואָלטן זיי צו עפּעס גע־קאָנט ברענגען. אָבער איך מוז שטומען.

— ניין, — זאָגט פלוגלינג פרוי רובען — דאָס איינציקע, וואָס מען וואָלט געקאָנט, איז — אַז די סאַנאַטאָריע זאָל מיר אומ־קערן דאָס, וואָס איך האָב דאָ פאַר די דאַמען באַצאָלט.

בערטעלסען איז פאַרוווּנדערט:—איר מיינט אַזוי?

— דאָס איז דאָס איינציקע.

— אָבער דאָס וואָלט דאָך נישט געקלעקט צו דעקן דעם היזק.

— ס'וואָלט געקלעקט. דאָס מאַכט אויס אומגעפער אַ דריטן טייל פון דער גאַנצער סומע. און די איבעריקע צוויי דריטל האָב

איך מיר שוין פארזיכערט, נאָך איידער איך האָב די דאמען די מיר געהייזן.

— ווי אזוי ? — פרעגט בערטעלסען.

— פשוט, איך האָב ביי זיי צוגענומען אלע זאכן, וואָס זיי האָבן איינגעקויפט אין כריסטיאניע.

— אויסגעצייכנט ! און זיי האָבן געשוויגן ?

— זיי האָבן געמוזט. אָ, זיי האָבן געהאט א גאנץ גראָבע פעל. שטעלט אייך פאָר. א דאמע, וואָס האָט אזוי אָפן ארויסגע-גנבעט א רינג ביי מיר פון נאכט-טישל, האָט נישט קיין איידעלע געפילן. זי האָט גוט געזען, אז איך חיים, ווער עס האָט דעם רינג צוגענומען, און ס'האָט איר גאָרנישט געארט. זי איז גע-שטאנען מיט מיר פנים אל פנים און האָט זיך נישט באגראָבן אין דער ערד.

— דאָס אַלץ איז ווי א מעשהלע !

— אָבער, ווי מיינט איר, — האָט פרוי רובען געפרעגט — די סאנאטאָריע וועט דערפון מיין פארלאנג ?

— יאָ, דאָס וועל איך שוין זען ! — האָט בערטעלסען גע-ענטפערט פעסט.

— איך בעט אייך ! — פרוי רובען האָט דאנקבאר געשמייכלט,

— אייער א וואָרט וואָלט דאָך דאָ געהאט אזא באדייטונג, און, — נישט אמת ? — אויב די מאָראַהוסער סאנאטאָריע נעמט אויף אזעל-בע „פרינצעסינס", דארפן יעדנפאלס אנדערע געסט קיין שאָדן דערפון נישט האָבן.

— איך וועל עס שוין ברענגען אין אָרדנונג — האָט בער-טעלסען איבערגעחזרט.

ער האָט א בליק געטון אויפן זייגער, איז אויפגעשטאנען, געבעטן אנטשולדיקונג און איז אוועק. ער מוז גיין, האָט ער גע-זאָגט, ער דארף צו די צוויי אָזערעס ארויף און באטראכטן די מעגלעכקייט פאר דער עלעקטרישער באלייכטונג.

— מיר מוזן פון דעם אָרט מאכן עפּעס רעכטס, — מעלדעט ער — ס'וועט מאקע קאָסטן געלט, אָבער אנדערש קאָן מען נישט !

נאָר בערטעלסען וואָלט געקאָנט רויק בלייבן מיט די דאַמען. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דער אַדוואָקאַט, דער דאָקטאָר און דער אינזשיניער זענען אָן אים אַוועק, — דאָס האָט אים איבעראַשט און פאַרדראָסן. אָבער ער וועט שוין ביי אַ געלעגנהייט דעם אַדוואָקאַט געבן אַ חלק...

* *

*

צו מיטאָגצייט איז אין דער סאַנאַטאָריע געוואָרן אַ בהלה — דער זעלבסטמערדער איז פאַרפאַלן געוואָרן. ער איז צו מיטאָג נישט געקומען, אָבער מען האָט אים אויך נישט געפונען קיין הענגענדיקן אויף קיין בוידעם. דער דאָקטאָר, וועלכער האָט די גאַנצע צייט זיך פאַרלאָזן דערויף, אַז עס וועט צו קיין קאַטאַסטראָפע נישט דערגיין, איז שוין איצט מער נישט געווען אַזוי זיכער. נאָך מיטאָג האָט ער מיט זיך גענומען מענטשן און איז אַוועק זוכן אין וואַלד. דער טייוול, דער זעלבסטמערדער האָט זיך אַוודאי עפּעס אויסטערלישעס אויסגעטראַכט. ער האָט זיך אַוודאי דערשאָסן און באַגראָבן אויף אַ וואַסער נישט איז אופן אונטער אַ באַרג שניי.

מען האָט געזוכט, געדרופן, געקראָבן אין שניי, געשאָלטן און געשראָקן. אַזוי האָט עס געדויערט ביז אין אָוונט אַריין. מען האָט צום צענטן מאָל דורכגענישטערט זיין צימער, דאָרט זענען געשטאַנען זיינע זאַכן, די בגדים זענען געהאַנגען אויף דער וואַנט, עטלעכע ביכער, ווערק פון היסטאָרישן אינהאַלט, זענען געלעגן אויפן טיש. — הייסט עס, אַז ער איז נישט אַנטלאָפן. ווו זשע האָט ער געקאָנט זיין?

דאָ איז פרייליין ד'עספּאַר געקומען אויפן זינען צו טעלעפאָנירן אויפן וואָקזאַל. אָ, די מערקווירדיקע פרייליין ד'עספּאַר! זי האָט געהאַט אַ קאָפּ אויף די אַקסלען. דער זעלבסטמערדער מאַגנוס איז באמת אַוועקגעפאָרן מיט דעם אינדערפריערנדיקן צוג.

ווען פרייליין ד'עספּאַר האָט אַזוי אַרום דעם עולם באַרויקט, זענען איר אַלע דאַנקבאַר געווען פון טיפן האַרצן און אפילו די דאַמען, וואָס האָבן זי פריער אויסגעמיידט, האָבן איצט אָנגעהויבן

א ביסל חרטה צו האָבן. יעדנפאַלס האָט זי דאָך אַלע פּאַציענטן גע־ראַטעוועט פון אַ שלאָפלאָזער נאַכט. דירעקטאָר אָליווער האָט אָפן געזאָגט, אַז זיינע נערוון וואָלטן נישט געקאָנט איבערטראָגן אַ געהאָנ־גענעם אין וואַלר אַזוי נאָנט פון דער סאַנאַטאָריע.

— מיר אינטעליגענטן, — האָט ער געזאָגט — זענען פאָרט נישט אַזעלכע, ווי יעדער אַנדערער. מיר האָבן אַנדערע נערוון. די פיל און לאַנגע יאָרן פון לערנען זיך האָבן זייער ווירקונג אויף אונז איבער־געלאָזן, אונזערע נערוון זענען דעריבער געוואָרן זייער פאַראיידלט, און קאָנען נישט פיל איבערטראָגן.

— איר זעט אָבער גוט אויס, הער דירעקטאָר, — האָט אים די פרײלין געזאָגט אַ קאָמפּלימענט.

— איך בין נישט קראַנק, — האָט ער געענטפערט — נאָר „פאַרשוואַכט", ווי מיין ברודער, דער שמיד, זאָגט. אַנדערע וואָלטן עס אפשר אָנגערופן „פאַרפיינערט", אָבער מיין ברודער זאָגט „פאַר־שוואַכט". ער האָט זיך זיין אייגענע שפּראַך.

— און וואָס הערט זיך ביי אייך אין אייער שטאָט, הער די־רעקטאָר.

— אַזוי זיך, דאָס הייסט, ווי אין אַ קליין שטעטל קאָן גיין. נישט אַזעלכע גוטע באַדינגונגען, מען זאָל קאָנען אונטערהאַלטן דעם ניוואָ פון אַ געהעריקער הויך. קיין העכערע אינטערעסן זענען נישטאָ. ס'האָט זיך מיר, איבעריקנס, איינגעגעבן, אַז דער קלוב זאָל אויסשרייבן אַ פּאָר אויסלענדישע צייטונגען. אָבער מער גאָרנישט.

פרײלין ד'עספּאַר האָט זיך, אפנים, געענדערט. דאָס לעבן און די איבערלעבענישן פון דעם דירעקטאָר אין זיין שטעטל האָבן זי שוין נישט אַזוי שטאַרק צוגעצויגן, ווי דאָס לעצטע מאָל. ניין, אפנים, אַז זי איז גאַנץ גלייכגילטיק געבליבן דערצו, וואָס דער קלוב האָט אויסגעשריבן עטלעכע אויסלענדישע צייטונגען. האָט זי דער משוגע־נער זעלבסטמערדער מאַגנוס דעמאָלט אין ווינטער אָנגעשטעקט מיט זיינע אומבבודיקע רייד וועגן שפּראַך־שטודיום און בילדונג? זי איז שוין מער נישט געווען דיזעלביקע, וואָס פריער, זי איז, מסתמא, געווען געפאַלן ביי זיך, וואָס זי דאַרף חתונה האָבן אין אַ פּאָסטוך־שטיבל. אָבער דער דירעקטאָר איז שוין געוווינט געווען, אַז זי זאָל אים הערן

זי האָט אים צעלאָזן געמאַכט, און דעריבער האָט ער חייטער גערעדט וועגן אַלץ, וואָס ביי אים אין שטאָט איז פאָרגעקומען. שמייכלענדיק און מיט אַ טאָן פון מחילה האָט ער דערציילט וועגן דער פּיאַ, דער דאַמפּשיף פון דער שטאָט:—ווען די פּיאַ קומט אָן צום האַפן מיט אַן אראָפּגעלאָזטע פאָן, ווייל אַ מאַטראָס איז אומגעקומען, ווערט אַ גערודער אין דער גאַנצער געמיינדע. אָבער ווען דער גרעסטער געלערנטער אין דער וועלט שטאַרבט, מאַכט עס קיין איינדרוק נישט. נו, פאַרשטייט זיך, דער מאַטראָס האָט קרובים אין שטאָט, און גאָט אַליין איז אַן עדות, אַז אין שטאָט ביי אונז זענען קיין געלערנטע נישטאָ: די באַדינגונגען פעלן. גיט די דאָזיקע מענטשן אַן איטאַליענער מיט אַ קאַטאַרינקע און מיט מאַלפּעס, אָדער גיט זיי בעסער. אַ קאַרוסעל אונטערן פרייען הימל אויף דעם שטאָטישן פּלאַץ! עס איז שווער צו אַרבעטן אין אַזעלכע באַדינגונגען: אומעטום באַגעגנט איר אַ פּאַסיוון ווידערשטאַנד. בשעת איך בין אין הערבסט צוריקגעקומען אַהיים נאָך די פעריען, זענען ביי אונז געשטאַנען עטלעכע קאַנאָנענשיפן, און מען האָט פאַר די אָפיצירן געדאַרפט איינאָרדענען אַ מיטאָג און אַ באַל. אייגנטלעך, האָט געדאַרפט דעם מיטאָג געבן דער שטאָטפּרעזידענט, אָבער דער שטאָט־פּרעזידענט, מיין גוטער ברודער אבעל, האָט דאָך, מסתמא, געפילט, אַז אים פעלט עטוואָס אַזוינס, וואָס מיר אנדערע האָבן, האָט דעם מיטאָג איינגעאָרדנט ביי זיך דער קאָנסול שעלדרופּ יאָהאַנסען. אָבער די דאָזיקע חרפּה און דער סקאַנדאַל וואָלטן געקאָנט אויסגעמיידט ווערן, איך האָב אַרויסגערופן מיין ברודער און פאָרגעלייגט מיין גרויסע וווינונג, מיין פרוי האָט מסכים געווען צוצוגרייטן דעם מיטאָג, און איך האָב פאָרגעלייגט צו האַלטן די רעדע. דער ענטפער פון מיין ברודער איז געווען אַזאַ, טז ער האָט זיך ביים טעלעפאָן געקאַטשעט פון געלעכטער. „דו ביסט און בלייבסט דער זעלביקער!" האָט ער געזאָגט. ווי געפינט איר עס פרייליין? איך באָט אים אָן מיין דינסט און ער באַגעגנט עס אויף אַזאַ אופן. נאַ! — האָט דער דירעקטאָר געזאָגט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ — די זאַך האָט נאָך געהאַט אַן עפּילאָג. ביי די וואַלן האָט עס געהאַלטן דערביי, אַז מיין ברודער האָט געדאַרפט פיל מי אָנווענדן, כּדי ווידער אויסגעוועלט צו ווערן. נאָך איין

קליינער צופאל אזעלכער—און שעלדרופ יאהאנסען נעמט ביי אים אפ דעם פאסטן.

— שטעלט איך פאר! — זאגט די פרייליין.

— יא, — איך קאן איך פארזיכערן, — האט דער דירעקטאר מיט זיכערקייט געזאגט — אז דערמיט וועט זיך עס ענדיקן. אויף אזוי פיל קען איך דאך די פארהעלטענישן.

דער דירעקטאר האט ווידער צוגעשאקלט מיט א זיכערער מינע.

די פרייליין האט געמאכט הכנות אוועקצוגיין, אבער דער דירעקטאר איז געווען צעקאכט. ער האט בשום אופן נישט געקאנט פארגעסן דאס גרויסע געשעעניש און ווידער אנגעהויבן:

— ניין, ווען עס וואלט נאר מיין ברודערס קאפ געווען דערביי, וואלט קיין מיטאג און דער עיקר קיין באל גארנישט געווען. פארשטייט זיך, אז די אנשטענדיקערע פאמיליעס וואלט עס נישט געשמעקט. ס׳איז דעריבער א גליק, וואס מיר האבן צווישן אונז אזא מענטשן, ווי דער קאנסול. ער איז טאקע נישט אקאדעמיש געבילדעט, דאס נישט, אבער ער איז דאך א מענטש מיט שפראךקענטעניש און מיט בילדונג, און דערצו איז ער נאך א רייכער מאן.

— יא, — האט די פרייליין געזאגט.

—ער האט זיך אן דער געלעגנהייט אנגעכאפט מיט ביידע הענט. דאס האבן שוין אלע וועלער געזען: אן דעם קאנסול וואלטן מיר געווארן צו שאנד און צו שפאט ביי די אפיצירן; דאס האבן אלע פארשטאנען. אך, אין תוך געגומען איז ביים פאלק די תאווה צו דערהויבן זיך נישט קיין קליינע, אפילו די, וואס שטייען גאר נידעריק, שטרעבן אויך וואס העכער. מיין ברודער שמיד קאן אויפהעצן די נידעריקע קלאסן, זיי זאלן אפלאכן פון אונז, וואס האבן א גאנצן לעבן אוועקגעלייגט אלע אונזערע כוחות, כדי צו שטודירן און עפעס אויסצולערנען זיך. ווי עס קומט אבער צו רעפרעזענטאנץ, אדער עפעס צו דערוויסן זיך פון א בוך, אדער אנצושרייבן אן ענטפער אויף אן אויסלענדישן בריוו, דעמאלט מוזן זיי אנקומען צו אונז. מיט מיר

האָבן זיך שוין פֿיל אַזעלכע פֿאַלן געטראָפֿן. מיט אַ צייט צוריק האָט אַ באַרימטער פּראָפֿעסאָר אין שוועדן, איך וויל זיין נאָמען נישט אָנרופֿן, געטון אַלץ וואָס ער האָט געקאָנט, כּדי אָפּצושוואַכן דעם רעספּעקט פֿאַר בילדונג און וויסנשאַפֿט, צו וועלכן מיר האָבן דערגרייכט צוזאַמען מיט אַנדערע פֿעלקער. וואָס פֿאַר אַ הנאה האָט ער דערפֿון געהאַט, דאָס ווייס איך נישט. קינדער, זאָגט ער, דאַרפֿן נישט זיצן פֿון זעקס ביז צוואַנציק יאָר, אָדער נאָך לענגער און לערנען אויפֿגאַבן, כּדי צו ווערן מענטשן. יאָ, אָבער דאַן פֿאַרשטיי איך נישט, וואָס דאַרפֿן זיי יאָ. איך קאָן עס נישט משׂיג זיין, איר קאָנט?

— ניין — האָט די פֿרײַלין געזאָגט.

— זעט איר! ער האָט אויך געפֿונען, אַז די שולביכער זענען צו גרויס און צופֿיל אָנגעפּאַקט מיט לערן-שטאָף. די קינדער חזרן אַזוי פֿיל, אַז סוף-כּל-סוף קענען זיי גאָרנישט. איז עפּעס אַזוינס געהערט געוואָרן? איז עס דען נישט גראָד פֿאַרקערט, אַז וואָס מער מען חזרט, אַלץ מער קען מען? ער האָט געמאַכט אַ תּל פֿון די פּאָפּולער וויסנשאַפֿטלעכע רעפֿעראַטן, און בּמילא שוין פֿון די פֿאָלקס-אַקאַדעמיעס און צוזאַמען דערמיט פֿון דער אַלגעמיינער אויפֿקלערונג. דאָס איז דער אומגעהויערער פֿאָרשריט אויף דעם געביט פֿון וויסנשאַפֿט און טעכניק, וואָס האָט געשאַפֿן אונזער אַבערגלויבערישן רעספּעקט פֿאַר אַלץ, וואָס הייסט וויסנשאַפֿט.

ער האָט זיך דערוועגט אַזוי צו שרייבן: אונזער אַבערגלויבישן רעספּעקט! ניין, זאָגט ער, קינדער דאַרפֿן בעסער אַרבעטן, איידער די מאַסע טויטן שטאָף צו לערנען פֿון אויסווייניק. גלייך ווי לערנען אויף אויסווייניק איז אַליין נישט קיין אַרבעט. אָ, גאָט מיינער, וויפֿל האָב איך געאַרבעט לערנענדיק אויף אויסווייניק!— האָט דער דירעקטאָר אויסגעשריגן פֿון טיפֿן האַרצן. — דער פּראָפֿעסאָר איז אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ גרויסן טעות, די אַנטוויקלונג גייט גראָד אין אַ וועג, וואָס איז דער היפּוך פֿון דעם: וואָס מער שול און וואָס מער ביכער אין דער שול, סיי פֿאַר ייִנגלעך סיי פֿאַר מיידלעך. זאָל ער דען פֿון זיין זייט גערעכט זיין מער פֿאַר אונז

אלע אנדערע, וואָס שטייען אויף דער זייט? אמת, ער האָט זיין חלק באַקומען. איר ווילט הערן, ווי דאָס איז צוגעגאַנגען?

— אויב דאָס איז פאַר אייך נישט קיין צו גרויסע טרחא, — האָט דער דירעקטאָר.

— קיין שום טרחא נישט, אדרבא. הערט זשע נאָר אויס, איך ווייס נישט, צי איר געדענקט, אַז מיט אַ קורצער צייט צוריק האָט זיך אין די צייטונגען אויפגעהויבן אַ שאַרפע דיסקוסיע וועגן דער העכערער אויסבילדונג פון דער פרוי. איר ווייסט דאָך מיין מיינונג וועגן דער פראַגע, איך שטיי אויף דעם הומאַנישן פרייזיניקן שטאַנדפונקט, אַז די פרוי האָט פונקט אַזוי פיל רעכט אויף דער העכערער בילדונג פאַר מאַנסביל, ווי די מאַנסביל גופא. עס זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן מיינונגען פאַר און קעגן. און איך האָב געפונען, אַז איך דאַרף מיך מער נישט אָפּהאַלטן אַרויסצוטרעטן מכּוח דער פראַגע; מען האָט עס אפשר פון מיר געוואַרט, איך האָב דאָך עפּעס פאַרט אַ נאָמען. רעכט, האָב איך מיך גענומען פאַר דער פעדער. איך האָב זי גענומען נישט אין הענטשקעס אָנגעטון, מיין אַרטיקל איז געווען אַן אַנטשיידענער, שול און ווידער אַמאָל שול! — האָב איך געזאָגט. עס האָבן זיך אויפגעהויבן שטימען פאַר מער קערפּערלעכע אַרבעט און פאַר וויניקער שול, אָבער דאָס איז נאָר אַ טעות און דעמאַגאָגיע. איך וויל נישט דערנידעריקן די אַרבעט. אָט זאָלן, למשל, די פרויען לערנען גערטנערייַ. אָבער די צייטווערטער: קאָכן, נייען, טאַנצן און טורנען זענען פאַר דער מערהייט פון די פרויען איצט געוואָרן הויפּטווערטער, און דאָס מאַכט זיי פאַר אויבערפלעכלעכע און נישט ערנסטע. אַכטונג פאַר דער האַנט און פאַר דער האַנטאַרבעט. אָבער פריער פאַר אַלץ — דער גייסט! איך וויל מיך איצטער גענויער וועגן די פיר צייטווערטער נישט אַרויסזאָגן, האָב איך געשריבן, אָבער איך מיין, אַז די אויסבילדונג פון די יונגע פרויען איז איצט אין סכּנה. דאָ רעדט זיך נישט וועגן יענע, וואָס האָבן זיך דורכגעריסן דורך דער מענער-שול, זי געענדיקט און פאַרנומען זיך מיט פאַרשידענע פּראָפעסיעס. איך רעד וועגן די אַנדערע. וואָס זאָלן די דאָזיקע לערנען, כּדי זיך אויסצובילדן

צו דער אויפגאַבע פון אַ מוטער, פון אַ ווירטין? פריער פאַר אַלץ דער גייסט! — האָב איך איבערגעחזרט שטאַרק איבערצייגנ־דיק. איר מוזט באַקומען אַ פולקאָמע אויסבילדונג אין שפּראַכן, אין ליטעראַטור, קונסט און קונסטגעשיכטע, און אין די ריטמישע יסודות פון דער מוזיק. פאַרוואָס? ווייל אויב נישט, וועט איר בלייבן שטיין אומבאַהאָלפענע קעגן די אויסלענדער. די יונגע מיידלעך האָבן היינט אַ שטאַרקן חשק צו פאָרן קיין אויסלאַנד, און זיי קאָנען לייכט פאָרן, אָבער עס פעלט זיי די צוגרייטונג צו קאָנען געניסן פון אַ פאַרברענגען אין אויסלאַנד... דאָס איז געווען דער הויפּט אינהאַלט פון מיין אַרטיקל. פאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע קורצע רעזיומע גיט נישט אַלץ איבער גענוי פּינקטלעך. דאָרט זענען געווען פיל גוטגעציילטע ערטער קעגן דעם שוועדישן פּראָפעסאָר, וועלכע האָבן אים געבראַכט, האָף איך, דערצו, אַז ער זאָל זיך פאַרטראַכטן אַביסל. יעדנפאַלס בין איך שוין באַפרידיקט דערמיט, וואָס ער האָט נאָך דערוויל ביז היינט, אויף הויפל מיר איז באַוווסט, נישט געפּרווט מיר צו ענטפערן.

שטיל.

— ווי געפינט איר פרוילין?

— געווים, — האָט די פרוילין געזאָגט — עס איז מיר שווער צו זאָגן — איך פאַרשטיי ווייניק אין אַזעלכע זאַכן.

— דאָס איז זייער שיין געענטפערט. — האָט דער דירעק־טאָר געזאָגט. — ווען אַלע וואָלטן אַזוי געענטפערט, דאַן וואָלט מען די אַנטשיידונג פון דער פראַגע איבערגעלאָזן פאַר אונז, וואָס האָבן זיך שוין דרייסיק יאָר מיט איר פאַרנומען און קאָנען זי בעסער פאַר אַלעמען. נאָך מער, איר האָט אין דער זאַך די פּראַקטישע דערפאַרונג, און דאָך וואַגט איר נישט צו זאָגן אַ וואָרט קעגן אונז. נישט אמת, אין דעם מאָמענט שטייט איר העכער פאַר אונזערע דאַמען, אייך געהערט די בכורה, ווייל איר האָט באַזוכט אַ שול און געלערנט פראַנצויזיש. וואָלט איר דען געהאַט אַ נוצן פון אייער אויפהאַלטן זיך אין פראַנקרייך, ווען איר וואָלט די שפּראַך נישט געקאָנט? אָ, מען קאָן נישט צו לאַנג בּאַ

זוכן די שול און חזרן, ס'איז אוממעגלעך אזוי לאנג צו חזרן, ביז מען זאל סוף-כל-סוף גארנישט נישט קענען. דער שוועדישער פראפעסאר האט א טעות.

שטיל.

— דאס מאל זענט איר געקומען אן אייערע יינגלעך, הער דירעקטאר? — האט די פריילין געפרעגט.

— יא, זיי זענען שוין דא געווען אין הערבסט, מען טאר זיי נישט צופיל צעלאזן. זיי דארפן לערנען, לערנען טיכטיקע יונגען ווערן און דורכשלאגן זיך א וועג אין לעבן. צום באדויערן האבן זיי נישט אזא חשק צום לערנען, ווי איך האב געהאט קינדווייז, אבער דאס וועט אריבערגיין!

* *
*

נישט קיין גוטע טעג זענען אנגעשטאנען פאר פריילין ד'עס-פאר. עס איז געווען ווינאכט. אבער זי האט נישט געפילט קיין פרייד. זי האט זיך געפילט עלנט און פארלאזן. די סאנאטאריע גופא האט איר אויסגעוויזן אומהיימלעך. די פאראיארן געקויפטע בלומען זענען ־אך געשטאנען, נישט געשטארבן, אבער טרויעריק און פרעמד. די גרויסע פיניקס-פאלמע אין סאלאן איז געווארן גרוי פון שטויב, און אירע שפיצן אפגעשניטן. דאס געפיל פאר היימלעכקייט ביי זיך אין שטוב איז אין איר נישט זייער שטארק געווען אנטוויקלט, אבער אביסל חוש דערפאר האט זי דאך גע-האט, ווי אנדערע. זי האט גערן אין ארדנונג געבראכט די ציי-טונגען אין רויכערצימער און האט שטענדיק געהאט אריינגע-שטעקט א גרין צווייגעלע הינטערן שפיגל אין איר אייגענעם צי-מער. זי האט סוף-כל-סוף געהאט אירע געלע פראנצויזישע בי-כער. אבער אויף די ווענט האט זי קיין באפוצונג נישט געהאט, חוץ אירע קליידער.

אין צימער ביי זיך האט זי נישט געקאנט שטענדיק זיצן, ווו זשע האט זי געזאלט אהינטון זיך? צום דירעקטאר און ווידער צום דירעקטאר? פארשטייט זיך, דאס איז געווען נישט ערגער, ווי עפעס אנדערש. קיין פיל נייע געסט זענען נישט געווען. דער

אַדוואָקאַט האָט אַ טעות געהאַט, מיינענדיק, אַז עס וועלן וואָס ווייטער אַלץ מער נייע געסט צוקומען. ער האָט טאַקע אין די ציימונגען געמאָלדן וועגן די פיינע סקי־בערגלעך, גליטשן און וועגן דעם פרייען לעבן אויף דער לופט, אָבער דאָס האָט צוגעצויגן נאָר עטלעכע יונגע בחורימלעך אין הויזן ביז די קני און מיט גאוההדיקער מאַניר פון רעדן; ס'איז, איבעריקנס, געקומען אויך אַ יונגער זשורנאַליסט, וועלכער האָט געוואָלט אָנשרייבן אַ פעליעטאָן וועגן ווייַנאַכט אין די בערג, קיין פאַסיקער מענטש איז אין דער סאַנאַטאָריע פאַר פרייַלין ד'עספּאַר נישט געווען. בערטעלסען האָט זיך מיט איר נישט אינטערעסירט, צו פרוי רובען האָט זי אַליין נישט געצויגן, פרייַלין עלינגסען האָט זיך פון איר ווי אויסבאַהאַלטן, אַזוי אַז מער איז איר גאָרנישט געבליבן, ווי די לאַנקע און דניאל.

פרייַלין ד'עספּאַר איז נאָך אין ווייַנאַכט־אָוונט אַריבערגעגאַנגען צו איר פריינט, האָט דניאלן געגעבן אַ גרויסע רויטע אַסיגנאַציע און זיין עקאָנאָמקע מאַרטען אַ געלע אַסיגנאַציע. זיי האָבן זיך ביידע זייער געפרייט, זיי האָבן זיך שטורמדיק געפרייט און האָבן זיך געוואָלט קויפן פאַר דעם באַקומענעם געלט שיינע זאַכן צום אָנדענקען. דניאלס גוטער קאָפּ האָט גלייך אָנגעפאַנגען צו אַרבעטן: ער יועט זיך קויפן אַ פערד צום אָנדענקען. גראָד דאָס האָט ער געוואָלט. שוין דעם צווייטן טאָג יום־טוב וועט ער אַריבערגיין אין דאָרף אַריין און אַ קוק טון אַ שיין דריי־יאָריק פערדל ביי זיין גוטן פריינט העלמער. אַ, דניאל האָט געוווסט, וואָס ער טוט, ווען ער גייט קויפן אַ פערד אינמיטן ווינטער: איצט קאָן ער עס באַקומען ביליק, מחמת אין די ווירטשאַפטן פעלט אויס פוטער, אָבער דניאל האָט גראָד גענוג פוטער, ווייל דעם גרויסן אָקס האָט ער נאָך אין הערבסט פאַרקויפט.

ווען די פרייַלין איז אינמיטן דער ווייַנאַכט־וואָך ווידער אַריבערגעגאַנגען אויף דער לאַנקע, איז דניאל טאַקע נישט געווען אינדערהיים. ער איז אַוועק האַנדלען אַ פערד. ער האָט שוין עטלעכע טעג געהאַלטן אין דינגען און האָט נאָך אַלץ נישט געקאָנט דורכקומען מיטן פּרייז. אַזוי איז עס דאָך שטענדיק, ווען מען

קויפט א פערד. די פרײלין האָט זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן און איז צוריק אַוועק אין דער סאַנאַטאָריע צום דירעקטאָר אָליווער.

דער דאָקטאָר, דער אינזשיניער און דער אַדוואָקאַט האָבן זיך דערווײל אומגעקערט פון זייער עקספּעדיציע. דער דאָקטאָר איז געווען זייער אויפגערוימט.

— עס זאָל זיין ליכטיק, נישט אמת, הער אינזשיניער? עס וועט זיין ליכטיק אין יעדן צימער פון מאָראַהוס, אונטער יעדער שויב. ווען מיר וועלן שטיין אויבן אויפן „פעלז", וועלן מיר אונטער זיך אויף דער ערד זען א הימל פול מיט שײנענדיקע שטערן.

דער דאָקטאָר איז געווען זייער פרײלעך.

—איך קאָן דאָ צום באַדויערן נישט פאַרבלייבן אַזוי לאַנג,— האָט די פרײלין געענטפערט — און פאַר דער צייט, וואָס איך וועל דאָ בלייבן, וועט נאָך די עלעקטרישע באַלויכטונג נישט זיין.

— ווי? איר ווילט אונז פאַרלאָזן? — האָט דער אַדוואָקאַט געפרעגט. — דאָס טוט מיר זייער לייד.

— דאָס טוט אונז אַלעמען לייד — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט.

דירעקטאָר אָליווער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, אַז ער איז אויך מסכים.

— עס ווערט פאַר מיר צו טייער דאָ צו זיצן, — האָט די פרײלין דערקלערט — נאָך ניי־יאָר פאָר איך אַריבער.

— צוריק קיין כריסטיאַניע, אָדער?

— ניין. צו דניאלן אויף דער לאָנקע.

אַלע בלייבן שטיין, ווי שטומע.

— איר וועט דאָרט קאָנען וווינען? — האָט דער דאָקטאָר ענדלעך געפרעגט.

— פאַרוואָס נישט?—האָט זי געענטפערט. — איך וועל דאָרט באַקומען די גאַנצע נייע שטוב זיינע און עסן לרוב

דער ערשטער האָט זיך געכאַפּט דער אַדוואָקאַט: — יאָ, יאָ, גנעדיקע פרײלין, אָבער יעדנפאַלס בלייבט איר דאָך ביי אונז

אין די בערג, און איר וועט ביי אונז שטענדיק זיין אַ גוטער גאַסט, ווען אייך וועט זיך פאַרוועלן אַן ענדערונג.

בערטעלסען איז צוגעגאַנגען. אין אַ ווינקל איז געזעסן דער קליינהענדלער רוואָוד און האָט געקוקט אין אַ צייטונג. אפשר האָט אים נישט געאַרט, וואָס מען רעדט דאָרט אין דער קליינער געזעלשאַפט, און אפשר האָט ער זיך צוגעהערט צו יעדן וואָרט. רוואָוד איז געווען אַזאַ פאַרטראַכטער און אַ קאַרגער אויף אַ וואָרט. בערטעלסען איז געווען שלעכט געשטימט, ווייל די מאַנסביל זענען אָן אים געגאַנגען אויסזען אין די בערג. ער האָט דאָך דאָ אויך זיינע אינטערעסן, וועלכע ער מוז אָפּהיטן.

— וו וועט איר עס נעמען געלט אויף דער עלעקטרישער באַלייכטונג? — האָט ער געפרעגט מיט דער כוונה אַ שטאָך צו טון.

— מיר וועלן זיך שוין אַן עצה געבן, — האָט דער אַדוואָקאַט געענטפערט — איר וועט העלפן, אַנדערע וועלן העלפן, צוליבן ביסל געלט וועט מסתמא קיין מניעה נישט זיין.

— איך וועל מער נישט געבן, — האָט בערטעלסען געזאָגט — פאַר מיר קלעקט שוין דאָס פריערדיקע. מען האָט מיר דאָ אָנגעבונדן אַ סטיפּענדיאַט, וואָס האָט מידי אָפּגעקאָסט אַ שטיק געלט, און אַ גרויסע צאָל אַקציעס האָב אַך געמוזט איבערנעמען, מער וויל איך נישט.

דער אַדוואָקאַט האָט זיך אָנגערופן פריינטלעך און איינגעהאַלטן: — דאָס איז אַ שאָדן, אָבער איר ווילט דאָך אייערע אַקציעס פאַרקויפן?

— אוודאי וויל איך זיי פאַרקויפן. גיט מיר נאָר אַ קונה.

— איר האָט די אַקציעס דאָ? — האָט דער אַדוואָקאַט געפרעגט לאַנגזאַם.

— דאָ? ניין, — האָט בערטעלסען געענטפערט אביסל פאַרהונדערט פון דעם אַדוואָקאַטס טאָן — אָבער קיין קונה איז דאָך דאָ אויך נישטאָ.

— איר דאַרפט אַזוי נישט טראַכטן, מען קאָן נישט וויסן.

— יאָ, — האָט בערטעלסען געזאָגט שטאַרק באַליידיקט —

אָבער איך האָב די אַקציעס נישט מיט זיך. מײַן פײַער קאַסע איז פול מיט פּאַפּירן, איך קאָן זײ נישט אַלע מיט זיך פירן.

— אָבער איר קאָנט דאָך אָנשרײַבן, מען זאָל אײַך די אַקציעס ארויסשיקן.

— געוויס, דאָס קאָן איך, — האָט בערטעלסען געזאָגט — דאָס קאָן איך. אָבער וואָס איז די אײַלעניש, איך בין אהער געקומען נאָר אָפּרוען.

די גאַנצע צײַט פון דעם דאָזיקן שמועס איז רוּאוד געזעסן אין ווינקל באַהאַלטן הינטער זײַן צײַטונג. איצט האָט ער אַ קלײנעם הוסטל געטון, פינקטלעך צונויפגעלײגט די צײַטונג און פאַרלאָזן דעם רויכערזאַל.

— דאָס וויל ער איבערנעמען די אַקציעס? — האָט בערטעלסען געפרעגט אָנווײַזנדיק מיטן קאָפּ אהין, וווּ דער קלײנהענדלער איז אַרויס. — ער האָט אײַך געבעטן?

דער אַדוואָקאַט האָט געענטפערט פרײַנטלעך און אויסמײַדנדיק קלאָרע דיבורים, אַז אין דעם געגעבענעם פאַל — אין דעם געגעבענעם פאַל, האָט ער געזאָגט — קאָן ער קויפן די אַקציעס אויף קאָמיסיע. מער האָט ער גאָרנישט געזאָגט וועגן דעם. ס׳הײסט, ער האָט נישט אָפּגעלײקנט, אַז ער וויל זײ קויפן פאַר דעם דאָזיקן קלײנעם דעטאַליסט רוּאוד, וואָס איז דאָ געזעסן אין ווינקל אַזוי גלײַכגילטיק, אַזוי שטיל און אָנגעפּאַקט מיט געלט, וואָס ער האָט אָנגעקליבן פון זײַנע עסקים.

אָבער מער האָט בערטעלסען זיך נישט דערוווּסט. דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס ער האָט שוין מער נישט אין האַנט דעם אַדוואָקאַט מיט דער סאַנאַטאָריע, און ער קאָן שוין מער נישט אויסאיבן קײן דרוק בנוגע דעם ענין פון דער פרוי רובען. ער האָט אָפּגערופן דעם אַדוואָקאַט אָן אַ זײַט און אונטער פיר אויגן פאַר אים מיט דער גאַנצער העפלעכקײט און מיט אַ נידעריקערן טאָן אויסגעלײגט די פראַגע און געבעטן, מען זאָל אַנטקעגנקומען דער פרוי רובענס בקשה. דער אַדוואָקאַט האָט אים אויסגעהערט, האַלטנדיק זיך די גאַנצע צײַט אַלס ווירט, די גאַנצע צײַט אַלס אַלטער באַקאַנטער, כמעט אַלס פרײַנט. מיר זאָלן

צאָלן פאַר די שווינדלערייען פון אונזערע געסט? ער האָט מורא אַז מען קאָן אַזוי נישט אָנפירן קיין סאַנאַטאָריע, ניין, העד בער־טעלסען, איר מוזט אַנטשולדיקן.

בערטעלסען האָט געזען, אַז ס'איז אַ פאַרלוירענער עסק, ער וועט זיך מוזן פאָרשטעלן פאַר זיין דאַמע, אַלס אַ מענטש, וואָס האָט אין דער סאַנאַטאָריע קיין דעה נישט. דאָס האָט אים גראָד איצט נישט געפאַסט; אַלע זיינע פלענער זענען, דאַכט זיך, דורך דעם צעשטערט געוואָרן.

דער אַדוואָקאַט איז דערווייל געזעסן, געטראַכט, אויסגע־וואַרט, אַז זיין אָפּזאָג זאָל מאַכן די געהעריקע ווירקונג, ער האָט לאַנג געטראַכט און געפינטלט מיט די אויגן. נאָכדעם האָט ער ווידער געזאָגט:

— ניין, צו וואָס וואָלט עס געבראַכט, ווען מען זאָל אַ סאַ־נאַטאָריע אַזוי פירן? אַנדערש וואָלט די זאַך געווען, ווען די דאַמע וואָלט אונז אין אַ וועלכער נישט איז פאָרם דערפאַר קאָמ־פּענסירט. דאַן וואָלט מען שוין וועגן דעם געקאָנט טראַכטן. דער פרוי רובען איז זייער וויכטיק צוריק צו באַקומען דאָס געלט, וואָס זי האָט אויסגעלייגט פאַר דער מילעדי?

בערטעלסען האָט געענטפערט, אַז פרוי קאָנסול רובען איז טאַקע זייער אַ רייכע דאַמע. דאָ גייט נישט וועגן די פאָר גראָשן, וואָס זי האָט פאַרלוירן. ער פאַרשטייט אָבער, אַז איר פאַרדריסט זייער, וואָס זי האָט פאַרלוירן דעם טייערן רינג, און דורך דעם, וואָס זי וועט איר געלט צוריק באַקומען, וועט זי זיך דערפילן גלייך ווי די גאַנצע געשיכטע מיט דעם רינג וואָלט קיינמאָל נישט פּאַסירט, און איר כבוד איז נישט אָנגערירט.

— דאָס איז זייער אַ פיינער אַנאַליז, — האָט דער אַדוואָקאַט גע־זאָגט — ס'איז כדאי אַ טראַכט צו טון וועגן דעם, וואָס איר זאָגט. ווי מיינט איר, די דאַמע וואָלט זיך געלאָזט אונטערוויואירן?

— אינטערוויואירן?

— זי איז געוואָרן אַזוי שיין און שלאַנק, אַ ליליע, אַ שיינ־הייט. ווי מיינט איר, אפשר האָט זי פאַר דאָס אַלץ צו דאַנקען איר פריערדיקן אויפהאַלטן זיך אין דער טאָראַהוסער סאַנאַטאָריע?

בערטעלסען איז געזעסן שטום.

— איך מיין, ציִ האַלט זי, אַז דאָס איז די ווירקונג דערפון, וואָס זי איז געווען אין אונזער סאַנאַטאָריע, אַז די סאַנאַטאָריע האָט עס אַזוי געווירקט, זי זאָל מאָגערער ווערן, און געמאַכט זי צוריק פאַר אַ יונג מיידל.

— איך ווייס נישט — האָט בערטעלסען געזאָגט.

— אָבער איך האַלט עס נישט פאַר אוממעגלעך

בערטעלסען האָט דערזען אַ וועג צו ראַטעווען זיין נאָמען און ער האָט געזאָגט: איך וועל זי פרעגן.

— טוט עס. זאָגט איר גלייך, אַז דאָס איז די געבענשטע ווירקונג פון אונזער וואַסער, — פון אונזער וואַסער אין פאַרבינדונג מיט דער לופט און מיט דעם היגן לעבן — בכלל פון אונזער קור. זאָגט עס דער דאַמע, זי איז אַ קלוגע פרוי און וועט עס גלייך פאַרשטיין.

— און אויב דאָס איז גראָד נישט אַזוי אין דעם פאַל? אויב זי האָט זיך, למשל, פשוט אָפּגעצערט פון הונגערן?

— איר מיינט, אַז דעמאָלט איז נישטאָ קיין יסוד פאַר אַ אינטערוויו? אָבער אויב זי האָט עס דורך הונגערן דערגרייכט, קאָנען דאָך אַנדערע אויך דעם דאָזיקן מיטל אויסנוצן ביי דעם היגן וואַסער. איך זע נישט, וואָס שטערט עס איינס דאָס אַנדערע און אפילו אויב די סאַנאַטאָריע האָט דעם חלק נישט אין דער באַניייונג פון דער גנעדיקער פרוי, וועט דאָך אַלץ איינס אַ אינטערוויו מיט איר זיין אַ רעקלאַמע פאַר דעם הייל־אָרט אין די בערג. דאָס אַליין וועט שוין זיין אַ פאַרדינסט. אָבער מיר קאָנען דאָך אָנווייזן נאָך פיל אַנדערע פאַלן, ווען אונזער סאַנאַטאָריע האָט וווּנדער געשאַפן, למשל, דירעקטאָר אַליווערס נערוון, דעם זעלבסטמערדער מאַגנוסעס געמיט־צושטאַנד, גראַף פלעמינגס לונגען און אַזוי ווייטער. ווען דערצו וועט נאָך צוקומען פרוי רובענס אָפּמאָגערונג, קאָן עס נוצלעך זיין פאַר אַנדערע ליידנדיקע מענטשן.

— ווער וועט זי דען אינטערוויואירן?

— דאָ איז גראָד איצט פאַראַן אַ מענטש, וואָס שרייבט פאַר דריי בלעטער: איינע אין כריסטיאַניע, איינע אין שטאָקהאָלם און

איינע אין קאָפּענהאַגען. דריי גרויסע צייטונגען.

— איך וועל מיט איר איבעררעדן — האָט בערטעלסען געזאָגט.

— זאָגט, אַז פֿאַר דער סאַנאַטאָריע וועט זיין אַ פֿאַרגעניגן צו טון דער גנעדיקער פֿרוי אַ טובה און מאַכן, אַז זי זאָל קאָנען פֿאַרגעסן אָן דער געשיכטע מיט דער שווינדלערין.

# XI

די מענטשן זענען געקראָכן און געקראָכן, איינע אַהער, אַנדערע — אַהין; צייטנווייז האָבן זיי זיך צוזאַמענגעטראָפֿן, און קיינער האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן. צייטנווייז אָבער זענען זיי געקראָכן איינער איבער דעם אַנדערנס טויטן קערפּער. האָט עס דען געקאָנט אַנדערש זיין? זענען זיי דען נישט געווען קיין מענטשן?

אַדוואָקאַט רופּרעכט האָט אויך קיין מענטשן קיין מפּלה נישט געוואָלט זען. און אויב ער האָט איצט אָפּגעהאַלטן אַ נצחון איבער דעם האַלצהענדלער בערטעלסען, האָט ער דאָך טריאומפֿירן איבער דעם נישט געוואָלט. פֿאַרקערט, ער האָט נישט געוואָלט מאַכן קיין ווען דערפֿון, וואָס יענער האָט פֿאַרלוירן. דערלאַנגט אַהער די אַקציעס — דאָס יאָ. ער האָט זיך אָבער נישט געפֿרייט, וואָס ער האָט דעם גאַסט אַזוי אָנגעלערנט, ער האָט זיך די הענט פֿון פֿאַרגעניגן נישט געריבן און נישט געלאַכט.

דער קליינהענדלער רוואָד איז געקומען און געפֿרעגט, ווי האַלט עס מיט די אַקציעס?

דער אַדוואָקאַט האָט נישט געוווּסט מער ווי דאָס, וואָס רוואָד האָט אַליין געהערט.

דער קליינהענדלער האָט געפֿונען, אַז ס׳איז עפּעס נישט גלאַט, וואָס בערטעלסען האַלט זיך אָפּ מיט די אַקציעס. אפֿשר קאָן מען זיי גאָרנישט אַרויסבאַקומען?

— וואָס הייסט?

— אפשר זענען זיי פארזעצט? דער יונגער בערטעלסען האט אפשר אויף זיי געליען געלט.

דער אדוואקאט האט געוואלט האפן, אז אזוי ווייט האלט עס נאך נישט מיט דער פירמע בערטעלסען עט זון.

אזא איז שוין געווען דער אדוואקאט: גוטמוטיק און פריינט-לעך, א רודף-שלומניק. ער האט בעסער געזען, אז די געסט אין זיין סאנאטאריע זאלן לעבן בשלום, און איינער זאל נישט קריכן איבער דעם צווייטנס טויטן קערפער.

רוואודן איז אויך נישט זייער געגאנגען אין דעם, אז ער זאל באקומען די אקציעס. רוואוד איז נישט געווען אזא שלעכ-טער מענטש, נישט קיין פארברעכער, נישט קיין טייוול, א, ווייט נישט. ווען ער איז געגאנגען, האט ער געהאלטן די אויגן אראפ-געלאזן צו דער ערד; און אז ער האט געפונען א שטעקנאדל אויף דעם טעפיך, האט ער זי אויפגעהויבן און אוועקגעלייגט אויף א קענטיקן ארט אויפן טיש פאר דעם מענטשן, צו וועמען זי האט געהערט. דאס איז געווען א מענטש מיט א לאנגער גראער באָרד מיט א רינג פון א פריימויערער אויפן פינגער, און גענוג רייך, כדי צו קאנען זיין אן ערלעכער מאן. צו וואס האט ער געדארפט האבן די אקציעס? די מעשה איז, וואס זיין ערדיש גליק האט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו גלעטן זיך איבערן טייסטער און איינצוימען די גאווה פון דעם יונגן בערטעלסען, וואס האט אים נישט געוואלט דערקענען און גריסן זיך, הגם ער האט אזא חשובן אויסזען. פארקערט, האט ער דעם פאטער גע-ווונשן אלדאס גוטס, דעם אלטן בערטעלסען, וועלכער איז איינ-מאל געקומען צו רוואודן און געבעטן א חסד, און דעם חסד באקומען.

אזא מענטש איז געווען דער קליינהענדלער רוואוד

אָבער אדוואקאט רופרעכט האט אלעמען איבערגעשטיגן, זיין פריינטלעכקייט האט געפאנגען אלעמענס הערצער. ער האט אראנזשירט א קליינע פארזאמלונג מיט משקה און צובייסן אין סאלאָן, און אלעמען, ווער עס איז נאָר פארבייגעגאנגען, איינגעלאדן צום טיש. עס איז יום טוב, — האט ער געזאָגט — און מען דארף

נישט זײַן אין קײן שלעכטער שטימונג. ער האָט געבעטן די מוזיק־לערערין, זי זאָל אויפשפּילן דעם מאַראַהוסער מאַרש, און געהאַלטן אַ רעדע לכּבֿוד דעם אַפּוועזנדיקן קאָמפּאָזיטאָר. ער האָט זיך אײנמאָל מיט דער סאַנאַטאָריע פֿאַרבונדן, האָט געשפּילט געטלעך שײן, ער האָט אָבער לײַדנשאַפֿטלעך געשטרעבט אין דער פֿרעמד, — אַ שטריך, וואָס דער אַדוואָקאַט האָט אין אים די גאַנצע צײַט געאַכט; ער האָט אים אָבער נישט געקאָנט העלפֿן אויסצופֿירן זײַנע פּלענער. דאַן איז געקומען דער מענטש, וועלכער האָט געהאַט סײַ די פֿעיִקײטן, סײַ דעם גוטן ווילן, און דאָס האָט געראַטעוועט דעם יונגן קינסטלער, געגעבן אים די מעגלעכקײט אַוועקצולאָזן זיך איבער ים און יבשה אין דער וועלט אַרײַן. צוליב דער דאָזיקער גרויסער טאַט וויל ער זײַן גלאָז הייבן פֿאַר דעם הער בערטעלסענס געזונט.

אַלע האָבן זיך אויפֿגעהויבן און געטרונקען מיט אים.

וואָס פֿאַר אַ כּוונה האָט אַדוואָקאַט רופֿרעכט דערבײַ געהאַט, גאָרנישט, ער האָט געוואָלט פֿאַרשאַפֿן בערטעלסענען אַ יום־טובֿ. ס'איז געווען הײנאַכט, און בערטעלסען איז דאָ געווען צו גאַסט; חוץ דעם איז ער געווען אַ ביסל געבראָכן.

אין דעמזעלביקן טאָג האָט דער אַדוואָקאַט אויך וועגן פֿרײַלין ד'עספּאַר געזאָרגט.

— ס'איז אַ שאָדן, וואָס איר ווילט אונדז פֿאַרלאָזן, פֿרײַלין. איר זענט אײנע פֿון די ערשטע געסט בײַ אונדז, און מיר זענען אַלע צו אײַך צוגעבונדן.

די פֿרײַלין האָט געשמײכלט.

— מוז עס שוין אַזוי זײַן? איר פֿאָרט אַרויס? ס'איז באַשלאָסן?

— יאָ.

— אַ נישט, וואָלט איך עפּעס פֿאָרגעשלאָגן. איר האָט געזאָגט, אַז פֿאַר אײַך איז צו טײַער דאָ לענגער צו פֿאַרבלײַבן. אָבער דאָ וואָלט שוין די סאַנאַטאָריע זיך אַן עצה געגעבן, אויב איר ווילט.

— אַ דאַנק, אָבער איך מוז — ס'איז, ווי איר האָט געזאָגט, שוין באַשלאָסן.

— נו, יאָ, — זאָגט דער אַדוואָקאַט שמײכלענדיק. — די יוגנט שטרעבט אַרומצופֿליִען, אָבער צו יעדער צײַט וועט איר ווידער זײַן

א גוטער גאסט אין אונזער נעסט!

ער איז ארומגעגאנגען, האט גערעדט מיט אלע געסט, אב־טונג געגעבן, אריינגעקוקט אין די שטאלן פון די פערד און פון די קי, געשמועסט מיט דער דינערשאפט. אויך דא איז דער אדוואקאט געווען פריינטלעך און צוגענגלעך. פלוצלינג איז צוגע־גאנגען אינספעקטאר סווענדסען — ער האט געהאט עפעס א קא־מישע זארג אויפן הארצן. וואָרום ווי דען זאל מען עם אנרופן, אויב ער האט געבעטן, מען זאל אים געבן דעם טיטל „די־רעקטאר".

— דירעקטאר? — האט דער אדוואקאט געפרעגט. ער האט א ווײַלע געקוקט אויפן אינספעקטאר סווענדסען, האט זיך אבער גלייך דערמאנט, אז ס'איז ווינאכט, און דעם אלטן ים־מענטשנס קאפ איז אפשר נישט אינגאנצן אין ארדנונג.

— יא, — האט סווענדסען געזאגט — מען קומט אהער און מען פרעגט, צי איך בין דער דירעקטאר. ניין, ענטפער איך. פרעגט מען מיך: ווער זשע איז דער דירעקטאר? און איך האב נישט, וואס צו ענטפערן

— יא, יא. — זאגט דער אדוואקאט און פארטראכט זיך. — אבער אויף וואס דארפן זיי, אייגנטלעך, א דירעקטאר.

— דאס ווייס איך נישט. אבער דער שווייצער איז טאקע באמת דירעקטאר אין קו־שטאל, און דער בריוונטרעגער האט אויך א גאלדענעם שנור ארום היטל.

— יא, איר זענט גערעכט, אבער איך ווייס נישט — ניין. איך מיין, עס טויג נישט, איר זאלט זיין דירעקטאר, סווענדסען. איך מיין, דאס איז נישט נויטיק. איר קאנט דאך סיי ווי ענג־ליש, איר זענט די וועלט ארומגעפארן און דא אין דער סאנא־טאריע, זענט איר די ערשטע פערזאן פון דעם דאקטאר עיקן.

איך האב מיך נאר אנגעפרעגט — זאגט סווענדסען קורץ און לאזט זיך אוועקצוגיין. ער איז אפשר דאך אביסל באַ־ליידיקט.

אבער דער אדוואקאט וויל אים נישט באליידיקן און ער זאגט:

— זעט איר, סווענדסען, איר זענט דאָ דער אינספּעקטאָר איבער אַלץ און אַזאַ מענטשן דאַרפֿן די געסט האָבן. ווי וועלן מיר נעמען אַ גוטן אינספּעקטאָר, אויב איר זאָלט ווערן דירעקטאָר? איר האָט וועגן דעם אַ טראַכט געטון?

אַזאַ איז געווען דער אַדוואָקאַט.

מיט פּרוי רובען איז ער דורכגעקומען. ס'איז אַזוי אָפּגעמאַכט געוואָרן: זי האָט זיך געלאָזן אינטערוויואירן און מען האָט איר אומגעקערט די הוצאות, וואָס זי האָט געמאַכט פֿאַר דער מילעדי. און דער אינטערוויו איז באמת פֿײַן און ריכטיק פֿאַרשריבן געוואָרן, אָן שום גוזמאות, נאָר אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם וואַסער אין טאָראַהוס, — דעם וואונדערלעכן אָפּמאָגערונגס-מיטל. מען האָט קיין זאַך באַשטימט נישט געזאָגט, נאָר עטלעכע ווערטער, וואָס זענען פֿאַרבײַגייענדיק געפֿאַלן אין אַ שמועס מיט דעם זשורנאַליסט. אַלץ אין אָרדנונג. פֿרוי רובען איז צופֿרידן געווען, הער בערטעלסען איז צופֿרידן געווען, דער אַדוואָקאַט האָט אויך נישט אַרויסגעוויזן קיין אומצופֿרידנקייט. אָ, זײַן ליבלעכקייט אַלס שעף און ווירט איז געווען פּשוט אַ מתנה פֿון גאָט. אַפֿילו ווען דער זעלבסטמערדער איז צוריקגעקומען, האָט דער אַדוואָקאַט אים נישט שטאַרק אויסגערעדט, פֿאַר דער אומרויִקייט, וואָס ער האָט מיט זײַן פֿאַרשווינדן פֿאַרשאַפֿט דער סאַנאַטאָריע. ניין, דער אַדוואָקאַט איז געווען פֿרײַנטלעך, האָט אים שמייכלענדיק צוגעווונקען מיט די אויגן און געבעטן אַרײַנצוגיין און לאָזן זיך געבן עפּעס צו עסן. ווי לאַנג זענט איר אין וועג? פֿון הײַנט אינדערפֿרי? און דעם גאַנצן וועג פֿון וואָקזאַל אָן געגאַנגען צופֿוס? איך וועל תּיכּף הייסן אויפֿקאָכן פֿאַר אײַך עפּעס וואַרעמס.

אַזוי, איז דער זעלבסטמערדער ווידער אַרויפֿגעשוווּמען. מיט איייניקע טעג צוריק איז ער גאָר נעלם געוואָרן, אָבער איצט, אין דעם לעצטן טאָג פֿון יאָר, איז ער צוריקגעקומען, כּדי מאָרגן אָנצוהייבן אַ ניי יאָר אין די בערג. ער איז געווען שווײַגנדיק און מוטלאָז, ער האָט זיך באַהאַלטן, צו לײַטן אומגעדרייט מיטן רוקן, כּדי נישט צו גריסן זיך, עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט זיך פֿאַר עפּעס געשעמט. אַזאַ אומגעמיטלעכער איז ער שוין לאַנג

נישט געהען, ער האָט דערמאָנט די ערשטע צייט אין דער סאַנאַטאָריע, ווען ער איז אַרומגעגאַנגען און געטראַכט וועגן זעלבסטמאָרד. גלייך ווי ער וואָלט וועלן אַביסל בעסער און אָנשטענדיקער אויסזען, איז ער אַוועק צו זיך אין צימער און האָט זיך אָפּגעגאָלט. אַ רויטלעכע אַסטרע, וועלכע האָט געהאַט דעם אויסזען, ווי זי וואָלט געלעגן אין אַ קעשענע, האָט ער אַריינגעשטעקט אין לאַץ, ווו זי האָט זיך ווייטער געראַנגלט מיטן טויט. נאָכדעם איז ער אַראָפּ אונטן און האָט באַקומען עסן. ער האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר דעם דינסטמיידל, וואָס ער איז געקומען נישט צו דער צייט.

דאָס עסן האָט נישט לאַנג געדויערט, און ער וואָלט נאָך ווייניקער צייט דערויף געפּטרט, ווען דער דאָקטאָר וואָלט נישט געקומען און געזעצט זיך אים אַנטקעגן. דער דאָקטאָר האָט אים אויך נישט אויסגערעדט, אדרבא, ער איז געווען ליבלעך און געוואָלט פאַרווײלן מיט אַ שמועס. ער האָט דערציילט, אַז מען וועט איצט איינפירן אין דער סאַנאַטאָריע עלעקטרישע באַלייכטונג.

— אַזוי — האָט דער זעלבסטמערדער געזאָגט

— אַ ים פון ליכט, ניין, אַ פייער-גליט. אַז מען וועט זיצן אויף דעם פעלז, זאָל מען קאָנען לייענען די פּאָסט פאַר דער דאָזיקער שיין.

— יאָ — האָט דער זעלבסטמערדער געזאָגט.

— אָך, הער מאַגנוס, דאָס אינטערעסירט אייך זיכער מער, איידער איר באַווייזט עס אַרויס.

— דאָס אינטערעסירט מיך גאָרנישט.

— היינט אין אָתנט קאָנען מיר דאָס נייע יאָר באַגעגענען מיט אַ „טאָראַהוס-מאַרש״ — זאָגט דער דאָקטאָר ווידער. פּויזע.

— איר ווייסט, אַז צו זומער וועלן מיר זיך דאַרפן בויען? איז דאָס נישט אַן אויפטו, וואָס אונזער נייער אַנשטאַלט איז שוין ענג אין אירע גרענעצן, וואָס מיר דאַרפן זיך ברייטער אויסשפּרייטן? מיר מוזן נישט נאָר אונזערע נישט פּאַרטיקע לאָקאַלן

פֿאַרענדיקן, נאָר צובויען נייע. אין הערבסט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיר האָבן צו ווייניק אָרט.

פּויזע.

— איר האָט באַמערקט, אַז מיר האָבן באַקומען פּאָנען?

— יאָ.

— מיר וואַקסן, מיר מוזן ווערן די ערשטע סאַנאַטאָריע. מיר מוזן דעם וועג צו דער סאַנאַטאָריע פֿאַרוואַנדלען אין אַ וועג פֿאַר אויטאָמאָבילן. גרויסע לייט וועלן צו אונז אַרויפֿקומען, רייכע לייט מיט אייגענע פֿערד און דינערשאַפֿט, וועלכע וועלן באַשטעלן מאָסן צימערן.

— מיר דאַכט זיך, איר אָרדנט זיך איין לאַנג צו לעבן. — האָט דער זעלבסטמערדער געזאָגט אַ פֿאַרכמורעטער.

דער דאָקטאָר האָט נישט דערוואַרט אַזעלכע ווערטער; ער האָט איבערגעחזרט:

— לאַנג צו לעבן? יאָ. פֿאַרוואָס דען נישט? אָבער צי מיר וועלן לעבן לאַנג, צי קורץ, אַלצאיינס דאַרף מען אין לעבן טון, וואָס מיר קאָנען.

— ווער האָט עס געזאָגט?

— דאָס זאָג איך מיר אַליין. דאָס זענען נישט קיין פּוסטע רייד. ווען מיר וועלן שטאַרבן, וועלן זיין אַנדערע מענטשן.

— וועלכע וועלן אויך מוזן שטאַרבן, יאָ.

— ריכטיק, וואָס וועלן אויך מוזן שטאַרבן. אַזוי איז עס שוין.

— וואָס זשע פֿאַר אַ צוועק האָט דעמאָלט דאָס גאַנצע?

— דאָס גאַנצע איז די אָרדנונג, דאָס לעבן, אַזוי איז עס.

— ניין, דאָס גאַנצע איז דער טויט, — האָט דער זעלבסטמערדער געזאָגט.

אויף דערויף האָט דער דאָקטאָר מסכּים געווען, כּדי נישט צו רייצן דעם געשלאָגענעם פֿון גורל, אָבער ער האָט געשמייכלט און מסכּים געווען מיט אַזאַ מינע, גלייך ווי ער פֿאַר זיך ווייסט עס בעסער.

— ווי זאָל זיין אַ סוף דערצו? — האָט דער זעלבסטמערדער-

דער הייטער געררעדט. — ווען וועט זיין א סוף דערצו? פארוואס הערט די דאזיקע אייביקע פארניכטונג קיינמאל נישט אויף? עס ווערט דאך נישט בעסער, וואס פאר א זינען האט עס? נאריש־קייט אן א סוף?

ער האט געענדיקט עסן און געוואלט גיין. אבער דער דאק־טאר האט אים אפגעהאלטן. דער הייטערדיקער שמועס וואלט גע־קאנט פיל קורצער ווערן, ווען דער דאקטאר וואלט אים נישט כסדר געענטפערט.

— אייער רייזע איז אייך נישט וויל באקומען. — האט ער צו אים געזאגט.

— פונוואנען ווייסט איר עס?

— איך מאך דעם אויספיר אלס דאקטאר.

— אלס דאקטאר! — האט דער זעלבסטמערדער איבערגע־קרימט. — זאגט מיר בעסער, ווי האלט עס מיט דער פארדיינונג ביי אייך אין שפיטאל.

— עס איז אייך איצט ווייט נישט אזוי גוט ווי פריער, אי־דער איר זענט ארויסגעפארן. איר האלט בעסער דא געהאט פאר־בליבן, ביי אונז.

— און די פראשקעס צום אפעטיט זענען גוט? זיי גייען זיך פונאנדער?

— ניין, — האט דער דאקטאר געזאגט — איר מוזט איצט באמת זיין אזוי ווי אלע אנדערע, הער מאגנוס. איר דארפט זיין געזונט ווי מיר, פריילעך, ווי מיר. וואס קומט ארויס פון דעם אומעט? נעמט א גלעזל משקה און טרייסלט זיך פונאנדער. איר האט זיך פאר דער לעצטער צייט באמת פאריכט, צוואס האט איר גענדארפט מאכן די רייזע? וואס האט איר געזוכט?

— דאס לעבן, — האט דער זעלבסטמערדער געזאגט — דאס, וואס איר רופט אן לעבן.

— דאס לעבן! — האט דער דאקטאר איבערגעחזרט. — מאכט דאס לעבן נישט ערגער, איידער עס איז. דאס לעבן איז רייך, גרויסארטיק. מיר דארפן זיך מיטן לעבן פרייען און יעדן טאג באנוגענען זיך מיט דעם, וואס עס ברענגט אונז.

— און אזוי ווייטער. איך האָב עס שוין נישט איינמאָל גע־הערט. אָבער איר — צי האָט איר זיך אמאָל אָפּגעשטעלט און פאַרטראַכט אויף אַ רגע? איר האָט מסתמא געזען די אימה און דעם טויט אין געזיכט ביי אַנדערע מענטשן, אָבער צי האָט איר זיי ביי זיך אין דער אייגענער ברוסט אמאָל געהאַט? אייך איז אמאָל אויסגעקומען צו רופן הילף, טרינקענדיק זיך אינמיטן ים?

— דערויף האָב איך קיינמאָל קיין צייט נישט געהאַט. איך אַרבעט, איך מי מיך וויפיל מיינע כוחות ערלויבן מיר.

— יאָ, מיר מיען זיך יעדער נאָך זיינע כוחות נאָך, איר מיט אייערס איך — מיט מיינס. איין גאָט ווייסט, וואָס מיר מיען זיך. אָבער דאָס פּירט אונז פריער אָדער שפּעטער צום זיכערן טויט. דער איינציקער, וואָס טראַכט וועגן דעם נישט, איז דער מונטערער נאַר. און וויל ער דענקט וועגן דעם נישט, האַלט ער זיך פאַר אַ חכם.

— אָבער צו וואָס וועט עס ברענגען, אויב מיר וועלן וועגן דעם טראַכטן?

— צום טויט.

— און אַז מיר וועלן אָן דעם פאַרגעסן?

— צום טויט.

— הייסט עס, וואָס דעמאָלט?

— דעמאָלט האָט דער נאַר מער מיט איין נאַרישער פרייד, פאַר וועלכער קיינער איז אים נישט מקנא.

דער דאָקטאָר האָט אַ טראַכט געטון און געזאָגט:

— ער האָט די פרייד, וואָס ער קאָן איבערטראָגן דאָס לעבן. דאָס איז שוין גאָרנישט אַזוי נאַריש.

דער זעלבסטמערדער האָט אים נישט געהערט און האָט ווייטער גערעדט;

— איר האָט פריער געזאָגט די אָרדנונג. ווען האָט איר גע־זאָגט קאָן אונז די „אָרדנונג" אָנרעגן און דערמונטערן? אויב מיר האָבן געפּרוווט טון גוטס? ניין, דאַן וועט דיזעלביקע „אָרדנונג"

אין בעסטן פאל זיין פונקט אזא, ווי אלע מאל: בלינד, פיינט-לעך און נישט צוטרייסלעך.

— אָבער גאָט מיינער! — האָט דער דאָקטאָר אָנגעהויבן און האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— דאָקטאָר, האָט איר פריער געזאָגט, איר בויט און פאַר-ברייטערט די סאַנאַטאָריע, צו וואָס? מיר קומען אַהער פון מזרח און פון מערב. אַנדערע קומען גאָר פון ווייטן, מיר האַלטן אין איין קניען און בעטן זיך, מיר זוכן אַלע אַ רפואה, נאָר קיינער ווערט נישט גע-האָלפן, דער טויט דעריאָגט אונז אַלעמען.

איצט האָט זיך דער דאָקטאָר נישט געקאָנט איינהאַלטן פון אַ שמייכל צו טון און זאָגן אויף זיין לייכטזיניקן שטייגער:

— דאָס איז פונקט ווי אין דער ביבל שטייט: פון מזרח און פון מערב —

און בהרף עין איז דער זעלבסטמערדער געוואָרן ווידער אַ בייסיקער און אַ שטעכיקער:

— איר האָט עפּעס פיל פלאַקאַטן אויסגעהאָנגען פאַר דער צייט, וואָס איך בין נישט געווען, הער דאָקטאָר? „מען בעט נאָך צען דעם זייגער אין אָוונט פאָרזיכטיק צו גיין איבער דער פּאָדלאָגע, כדי נישט צו שטערן די אין בעט-ליגנדיקע קרבנות פון לעבן". „מען בעט פאָרזיכטיק זיין מיט פייער, ליכט און לאָמפּן אויסצולעשן, כדי די האַלב-טויטע נישט צו פאַרברענען".

— האַ האַ האַ! — האָט זיך דער דאָקטאָר פונאַנדערגעלאַכט אַ ביסל געצוווּנגען. — אָבער איצט וועל איך אייך זאָגן, וואָס דער דאַ-זיקער דאָקטאָר האָט נאָך בדעה צו טון: ער רעכנט אין האַלבער נאַכט אויפקגיין אויפן אייז און אויספּרובירן אַ נייע פּאָר גליטשערס. אָט וואָס דער דאָקטאָר וויל טון. ער מיינט, אַז ער קאָן אויף אַ בעסערן און אַ פרייליכערן אופן נישט באַגעגענען ניי-יאָר. איך ראָט אייך גיין מיט אים צוזאַמען, מסתמא וועט די לבנה אַ ביסל צו-לייכטן.

— אין קאָרידאָר הענגט אַ פּלאַקאַט, אַז איך מוז צען דעם זייגער שוין זיין אין בעט.

— צוליב דעם באַגעגעניש פונם נייעם יאָר ערלויבט אייך דער דאָקטאָר די פאָראָרדנונג נישט צו היטן...

* *

*

דער זעלבסטמערדער איז אַוועק צו זיך אין צימער, האָט זיך געלייגט, און איז אַנטשלאָפן געוואָרן, אָדער ער האָט זיך געמאַכט כלומרשט ער שלאָפט; ביז דער אָוונטגלאָק האָט גערופן קלינגען צום יום-טובדיקן טיש, דעמאָלט האָט ער זיך איילנדיק אָנגעטון און איז אַראָפּגעגאַנגען.

דער זאַל איז געווען פול, אַלע זענען געווען פאַרפּוצט, דער זעלבסטמערדער האָט אין לאַנג געהאַט זיין אַסטרע, וועלכע האָט אויסגעזען שטאַרק צעקנייטשט.

ביים טיש האָט דער דאָקטאָר ווידער געהאַלטן אַ רעדע, ער האָט געדאַנקט אַלע דערביייאיקע פאַר דעם אָנגענעם פאַרבראַכטן אַלטן און געוווּנשן יעדן איינציקן נאָך אַ בעסער ניי יאָר. מען האָט גע-מוזט נישט אַנדערש זאָגן, אַז דאָס זענען געווען די סאַמע אמתע ווערטער און אַז קיין אַנדער מענטש וואָלט זיי בעסער נישט געקאָנט זאָגן, ווי דאָקטאָר עיען. עס האָט זיך אים איינגעגעבן. אַזוי ווי ער האָט זיך, נאַטירלעך, געמוזט אַ ביסל אויספיינען און זיין אינטערע-סאַנט, האָט ער לסוף, אונטער דער פרייִלעכער שטימונג פון די געסט, אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז דער דירעקטאָר אַליין, אַדוואָקאַט רופּרעכט, וואָלט בלי ספק געקאָנט האַלטן אַ בעסערע רעדע. עס קלעקט שוין אַ בליק צו טון אויף זיינע הענט, כדי צו פאַרשטיין, סאַר אַ גלאַטע שיינע ווערטער ער וואָלט איבער זיי געקאָנט אויסשיטן. אָבער אַרום דאָקטאָר איז געוואָרן אַ טומל. ער האָט געטראַכט מער וועגן די געסט, איידער וועגן דעם דירעקטאָרס אייטלקייט.

— איצט וועט זיין מוזיק, דערביי דער מאַראַהוס-מאַרש, און נאָכדעם וועט מען פונאַנדערטיילן די באַגריסונגען צום נייעם יאָר, וואָס זענען אָנגעקומען מיט דער פּאָסט. — האָט ער געזאָגט.

אַלע האָבן זיך פאַרזאַמלט אין זאַל, מען האָט דערלאַנגט קאַווע און זעמל. די מוזיק-לערערין האָט געשפּילט, און דעם ניי-יאָר-פּסאַלם האָבן אַלע מיטגעזונגען, דעמאָלט האָט מען אַריינגעבראַכט די פּאָסט.

אָ, די פּאָסט איז געווען נישט זייער קיין גרויסע. אָבער זי איז נישט געוואָרן ווייניקער ליב צוליב דעם. דאָס זענען געווען קליינע האַרציקע שליחים פון דער אויסערלעכער וועלט, אַ פּעקל אָנזיכטסקאַרטלעך און בריוו, וואָס די ווירטשאַפטערין האָט פונאַנדערגענומען און איצט פונאַנדערגעגעבן. דער דאָקטאָר האָט דערהאַלטן אַ פּאָר קאַרטלעך, קליינהענדלער רואוד — אַ בריוו, פרוי רובען — פינף קאַרטלעך. פרײַלין ד'עספּאַר — גאָרנישט.

— הער מאַגנוס! — האָט די ווירטשאַפטערין אויסגערופן.

דאָס האָט אַרויסגערופן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט, דער זעלבסטמערדער איז צוגעגאַנגען. אַ קאַרטל. ער האָט תיכף מיט נייגיריקייט אין דעם אַרײַנגעקוקט. גלײַך אויפן אָרט באַטראַכט דעם ראַנד, צי דאָס זענען נישט צוויי צונויפגעקלעפּט, איז מיט אַ פאַרקנייטשטן שטערן אַוועק אין אַ ווינקל און זיך אַוועקגעזעצט. די איבעריקע קאַרטלעך זענען געווען פאַר דער דינערשאַפט, דערהויפּט פאַר די מיידלעך, אייניקע קאַרטלעך זענען געווען באַגריסונגען נאָך צו ווײַנאַכט, נאָר זיי האָבן פאַרשפּעטיקט. איין קאַרטל איז געווען פון אַמעריקע. און דאַן איז די ווירטשאַפטערין געבליבן שטיין מיט ליידיקע הענט.

מען האָט נאָך אַביסל פאַרבראַכט, נאָכדעם האָט מען נאָך אַביסל געשפּילט, און דער פרעמדער אינזשיניער האָט דערבײַ אויסווייניק דעקלאַמירט. ער האָט עס גוט געקאָנט, און מען האָט אים געבעטן נאָך און נאָך, און ער האָט דעקלאַמירט, ביז ער איז אויסגעליידיקט געוואָרן און האָט געמוזט אַריבערגיין צו ווײַזן קונצן מיט קאָרטן, מען האָט זיך געווונדערט, וואָס ער איז נישט געוואָרן קיין שוישפּילער, און ער האָט געענטפערט, אַז ער האָט עס טאַקע געהאַט בדעה, אָבער — פּויזע. „נו יאָ, אַ גוטער אינזשיניער איז אויך עפּעס אַ זאַך." — האָט אַדוואָקאַט רופּרעכט וועגן דעם באַמערקט.

לסוף איז יעדער אַוועק צו זיך אין צימער.

עס איז שוין געווען אַרום צען דער זייגער, די צייט ווען גוטע לײַט גייען שלאָפן. פרײַלין ד'עספּאַר און דער זעלבסטמערדער זענען אַרויס.

— פונקט אזוי זענען מיר ארויס אין ווייַנאַכט-אָוונט. — האָט זי געזאָגט, כדי עפּעס צו זאָגן און פאַרטרייבן זיין אומעט.

אויפן הימל האָט אוודאי געמוזט זיין די האַלבע לבנה, אָבער די לופט איז געווען נישט קיין דורכזיכטיקע און ס'איז געווען גאַנץ טונקל. זיי זענען צוגעגאַנגען נאָר ביז דער ערשטער באַנק און דאָ געבליבן זיצן. זי איז געווען אַביסל נייגיריק און האָט געוואָלט וויסן וועגן זיין נסיעה, ווו איז ער געווען, און ווי האָט ער די צייט פאַרבראַכט. אָבער ער האָט גערעדט וועגן אַנדערע זאַכן, וועגן דער פאַרברייטערונג פון דער סאַנאַטאָריע, וועגן דירעקטאָר אָליווער, וועלכן ער האָט נאָך אַלץ פאַראַכט, און וועגן פרייליין ד'עספּאַר גופא. ער האָט זיך, אפנים, זייער אינטערעסירט מיט איר, הגם ער האָט זי וועגן גאָרנישט נישט געפרעגט. זי האָט אויך געהאַט צרות, אויך ביי איר גייט נישט כשורה, ביי איר אויך. ווען זי האָט אַליין פון זיך דערציילט, אַז זי וויל זיך אַריבערקלייבן אין דניאלס שטיבל, האָט ער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און אַרויסגעוויזן זיין צופרידנהייט.

— דאָס איז גאָרנישט אזוי שלעכט — האָט ער געזאָגט.

— דאָ אין דער סאַנאַטאָריע איז פאַר מיר צו טייער ווייטער צו זיצן. — האָט זי געזאָגט. — דניאל טרעט מיר אָפּ די גאַנצע נייע שטוב.

— אוודאי איז דאָ טייער. איך האָב שוין אויך געטראַכט מאַכן אַ סוף דערצו און אַריבערגיין ערגעץ אַנדערש, נאָר...

— נאָר עס האָט זיך נישט איינגעגעבן?

— ניין, איך האָב די גאַנצע רייזע געמאַכט אומזיסט.

פּויזע.

— אָבער, — האָט זי ווייטער אָנגעהויבן — אַ צווייט מאָל קאָן זיך אפשר יאָ איינגעבן. איך ווייס נישט, אפשר זעט איר אַלץ אין צו שוואַרצע פאַרבן? יאָ, זיך אַליין און אַלץ?

פּלוצלינג, זי האָט גאָרנישט געוואַרט דערויף, האָט ער אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן זיך. קיינער האָט אים נישט געקאָנט מאַכן אזוי רעדעוודיק, ווי זי. איר מיטגעפיל, איר אָנציונגסקראַפט, איר אָנגעבויגט קעפּל האָבן אים געמאַכט אָפנהאַרציק.

— איך האָב, אייגנטלעך, געהאַט בדעה צו פאָרן אהיים און אויסשיסן איין מאָל אָדער צוויי מאָל. צוליב דעם בין איך געפאָרן, אָבער ווען איך בין געשטאַנען הינטערן פּעסטער, האָב איך חרטה געקראָגן.

— אַזוי גאָר — האָט זי געזאָגט, און האָט קיין אַנדער וואָרט נישט געהאַט אים צו ענטפערן דערויף.

— דעמאָלט האָב איך געקויפט עטלעכע אַסטערס, אָבער, נאַטירלעך, זיי אויך נישט אָפּגעשיקט.

— איך ווייס נישט, — האָט זי פאָרזיכטיק געענטפערט — אָבער אפשר האָט איר זיי געדאַרפט אָפּשיקן.

— ניין, עס איז קיין מוט נישט געווען עפּעס צו טון נישט קיין גוטס, נישט קיין שלעכטס.

— איך האָב באַמערקט, אַז איר האָט באַקומען אַ קאַרטל מיט אַ גרוס צו ניי־יאָר.

— יאָ — האָט ער געזאָגט.

— זעט איר! דאָס האָט איר, מסתמא, באַקומען אַן ענטפער אויף דעם קאַרטל, וואָס איר האָט געשיקט אין ווייַנאַכט.

פּויזע.

— מיט אַ יאָר צוריק האָט זיך עס אָנגעהויבן. אָדער—איך געדענק שוין נישט, נאָר אומגעפער מיט אַ יאָר צוריק. אין אָנהויב האָב איך עס נישט געגלויבט, עס איז שוין אַליין פאַר זיך אַ געמיינהייט אין אַזעלכע זאַכן חושד צו זיין, און זעקס חדשים נאָכאַנאַנד האָב איך עס נישט געוואָלט גלויבן — האָט דער זעלבסטמערדער געזאָגט.

און איצט האָט ער, אַפּנים, געוואָלט אינגאַנצן אויסרעדן זיך, אויסגיסן דאָס גאַנצע האַרץ, אָבער דאָס האָט זיך אים איינגעגעבן נאָר טיילווייז. ער האָט אָנגעהויבן מיט לאַנגע, נישט צוזאַמענגעבונדענע דיבורים, ער האָט זיך געוואָלט מתוודה זיין, ער איז אָבער געווען שטאַרק צעררודערט און האָט גערעדט מיט אָפּגעריסענע זאַצן. די פרייַלין האָט קוים פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט גערעדט. וואָס האָט ער געזאָגט?—ער האָט זיי אַ לאַנגע צייט אָפּגעטראָטן דעם וועג, האָט זי אויסגעהייבט, — האָט ער געזאָגט —

אַ פּאַנישע טאַקטיק. ווי ער האָט זיך נאָכדעם אַרומגעזען, אָנ־שטאָט אַריינצומישן זיך, פּלעגט ער גיין אַהיים און לייגן זיך. וואָס האָט ער דערמיט דערגרייכט? אַהיים גיין און לייגן זיך איז גאָר־נישט פון די לייבסטסטע זאַכן אויף דער וועלט. שטייט ער אויף און גייט נאָך זיי נאָך, אָבער ער שעמט זיך צו לויפן טריט ביי טריט נאָך זיי, דעריבער פאַרלירט ער זיי. און שטום האָט ער אויפגעהאָנגען אַ מאַפּע פון דער ערד־קויל אויף דער וואַנט, כדי צו קוקן אויף איר, בשעת ער ליגט. ער פלעגט זיך נעמען פאַר־שידענע מאַטעמאַטישע אויפגאַבן צו לעזן, געלייענט ביכער, גע־ציילט די פיגורן אויף די טאַפּעטן. איינמאָל אין אָוונט קומט מען און מען זאָגט אים, אַז דאָס קינד איז קראַנק געוואָרן.

דער זעלבסטמערדער האָט זיך פאַרטראַכט און אַ פרעג געטון:

— וויפל צייט איז אַוועק, האָב איך געזאָגט, זינט ס'האָט זיך אָנגעהויבן?

— אַ יאָר, — דאָט די פרייליין געענטפערט.

— איך מיין, אַז צוויי יאָר. נישטאָ וואָס צו פאַרלייקענען. עס איז שוין פאַר דער צייט געבוירן געוואָרן אַ קינד. מילא. הער איך, אַז דאָס קינד איז קראַנק, אָבער וואָס גייט עס מיך אָן? נאָר איך גיי אַריין און טו דערויף אַ בליק. כ'האָב עס במעט קיינמאָל פריער נישט געזען, דאָס קליינע מיידעלע האָט שוין גע־האַט אַ האַלב יאָר. אים האָט וויי געטון דער בויך, עס האָט גע־שריגן און מער גאָרנישט. אַ וואַרעמע וואָלענע טוך אויפן בייכל, האָב איך געזאָגט. און עס ליגט דאָ. אַ קליין פּניטל, קליינינקע הענטעלעך, אַ וואונדערלעך קונסטווערק. איך שעם מיך צו זאָגן — רירנד. אָבער וואָס גייט עס מיך אָן? ס'איז דאָך שוין מער ווי צוויי יאָר, זינט ס'האָט זיך אָנגעהויבן, וואָס איז דאָ צו פאַרליי־קענען. באַשמירט די טוך מיט אייל און נעמט צוויי וואָלענע טיכער, זאָג איך, בשעת איינע וועט זיך וואַרעמען, זאָל די אַנדע־רע ליגן אויפן בייכל. מיר האָבן עס אָנגעהויבן צו מאַכן און ס'האָט זיך איינגעגעבן. עס האָט זיך באַרויקט, נאָר אַ פּאָר מאָל איז אַריבער אַ צוק איבער איר לייב און לסוף איז זי איינגע־

שלאָפן. עס איז געווען גלייך, ווי איך וואָלט עס דאָס ערשטע מאָל דערזען, און איך בין געבליבן אַ ווײַלע שטיין. עס האָט — איך ווייס נישט ווי אַזוי — גענומען מיין האַנט און פעסט אָנגעבאַפט זיך אָן אַ פינגער. לעבערלעך, וואָס האָב איך אין תוך גענומען מיט דעם פאַר אַ שייכות, עס איז נאָך נישט געווען געטויפט. מען קאָן אפילו נישט וויסן, ווי אַזאַ איינע הייסט, — זאָג איך צו זיך אַליין. אַזוי ווי עס איז שטיל געוואָרן, האָב איך דערהערט אין דעם דערבייאיקן צימער אַ שעפטשען, נאָכדעם איז אַ גלאָז אַראָפגעפאַלן און האָט זיך צעבראָכן. איך האָב אַ בליק געטון אויף דער ניאַניע, זי — אויף מיר. ניין, דאָס זענען נישט דער ניאַניעס געסט. איצט ווייסט איר שוין, וואָס מען דאַרף טון אַ צווייט מאָל, — זאָג איך צו איר — וואָלענע טיכער מיט אייל אויף אַ פלאַנעלקע — דאָס וועט שוין העלפן. איך בין ווידער אַריין אין מיין צימער, אָבער ביי מיר איז קיין ספק נישט געווען, אַז מען האָט מיך אַריינגערופן צום קינד, כדי איך זאָל זיך דערוויסן גאָר עפעס אַנדערש. איך ליג אַ ווײַלע, לייען אַ ביסל און טראַכט אַ ביסל. נאָכדעם פאַרלעש איך דעם לאָמפ און טראַכט ווידער. איך בין פאַר די זעקס חדשים נישט געוואָרן אָפגעשוואַכט. פאַרקערט, איך בין געווען לעבעדיק, געשיקט און געקאָנט ווייזן אַ פויסט. פלוצלינג האָב איך דערהערט אַ קלאַפ הינטערן וואַנט. די ניאַניע קומט ווידער צולויפן, עס האָט עפעס פאַסירט, זאָגט זי אַ דערשראָקענע, עפעס איז געפאַלן אויף דער הינטערשטער טרעפ. ביי מיר איז אַ טאַשנלעמפל געלעגן אויף דעם נאַכט-טישל, כדי ביינאַכט צו קאָנען זען דעם זייגער. האָב איך דאָס לעמפל גענומען און בין אַרויס. ריכטיק. ער איז נישט טויט, אויך נישט אין חלשות, נאָר שיכור ווי לוט. איך האָב אים באַלויכטן מיטן לעמפל, אַ קוק צו טון, ווי זעט ער אויס. ער קאָן זיך נישט אויפהייבן, ליגט אויף דער ערד און שמייכלט צו מיר. „אַרויס פונדאַנען!" זאָג איך, ברענג אים זיין הוט און העלף אים אַרויסגיין פון דער טיר. ווען איך בין צוריק אַרויפגעקומען, זע איך עמעצער זיצט אין דער פינסטער ביי מיר אין צימער. איך הער: עפעס מורמלט מען. איך נעם אָנצינדן פייער. פונקט ווי איך האָב

געטראַכט—זי האַלט זיך אויך נישט פעסט אויף די פיס, נישט זיי־ ער, אָבער נישט פעסט, עס הערט זיך פון איר אַ ריח פון וויין. וואָס האָט זי געוואָלט? אַנטשולדיקן זיך. זי האָט געהערט, ווי די קליינע האָט געוויינט, זי האָט אָבער נישט געוואָגט אַריינצוגיין, עס האָט זיך איר אַזוי געדרייט דער קאָפּ, עס האָט איר דערלאַנגט אין קאָפּ אַריין. דאָס וועט שוין אָבער מער נישט זיין, קיינמאָל נישט. אָבער איך דאַרף קיין זאַך נישט חושד זיין, גאָרנישט חושד זיין. ווען ער האָט גענומען צושטיין, האָט זי אים געענטפערט: ניין, אַוועק פון מיר, איך זע שוין ווער דו ביסט, איך קען דיך, דו ביסט נישט מיין מאַן. אַזוי דערציילט זי מיר, זי איז אינגאַנצן אָנגעטון, בשעת איך האָב אויף זיך בלויז דעם שלאָפראָק, און זי בעט מיך, איך זאָל מיך צוריק לייגן, נישט זיצן און פרירן. און זי האַלט בסדר אין איין דערקלערן, אַז מער וועט שוין אַזוינס נישט פּאַרקומען. „גאָט איז מיין עדות, מער נישט!" האָט האָב איך דערויף געקאָנט זאָגן? ס'איז אַלץ געווען מעגלעך. איך האָב נאָר געקאָנט לאַכן און ברענען פון כעס; און זי בעט, איך זאָל איר מוחל זיין. נאַטירלעך, האָט זיך עס אַלץ געענדיקט ווי אַלע מאָל: זי איז געבליבן ביי מיר, און אויף מאָרגן איז אַלץ פאַר־ געסן געוואָרן.

— יאָ, דאָס איז נישט גוט, נישט גוט, — זאָגט פריילין ד'עספּאַר, אַזוי צערודערט, ווי דאָס וואָלט מיט איר אַליין פּאַ־ סירט.

— פּאַרשטייט מיך. — זאָגט דער זעלבסטמערדער. — קיין שלעכטע געפילן האָט זי דערביי נישט געהאַט. שלעכטע געפילן? בשום אופן נישט. מען טראַכט וועגן דעם קיינמאָל נישט ריכטיק. און דאָס איז אַזוי נאַריש. דאָס שלעכטס איז געשען גאָר נישט, כדי מיך צו קוועלן, זי האָט בלויז יענעם נאָכגעגעבן. איר איז אָנגענעמער געווען נאָכצוגעבן, איידער אַנטקעגן צו שטעלן זיך. חוץ דעם איז ער איר געווען אַ יוגנטפריינט. און קיין סימן נישט פון שיכרות; אויך נישט זייער קיין שלעכטער. ער איז געווען נישט זייער קיין קלוגער, אָבער אַ שיינער און אַ הויכער. אייגנט־ לעך, האָבן זיי געדאַרפט ביידע חתונה האָבן, אָבער איך האָב

מיך אריינגעמישט. מיר איז געגאנגען בעסער פון אים, און איך האב איר געקאנט פארלייגן אהיים. צי האב איך עס נישט געוווסט? פארשטייט זיך, איך האב געוווסט, אָבער איך האב עס דורכויס געוואָלט, מען איז דאך מער נישט ווי א מענטש. נעמט עס, איך בעט אייך, אַלץ אין אכט. זיי האָבן נישט געהאט קיין גרונד מיר צו פארשאפן ליידן, דאס איז זיי גאר אויפן זינען אפילו נישט געקומען. ווען איך וואָלט זיי נישט געשטאנען אין וועג, וואָלט געווען בעסער געווען. אָבער איך בין אין וועג זיי געשטאנען. און אויך אָן שלעכטע געפילן. אזוי איז עס. אָבער גייט אויך אין מיין לאגע אריין. האב איך דען געקאָנט ווייטער גיין? זעקס חדשים האב איך דאך נישט געוואָלט גלויבן. וואס וואָלט אין יענעם אָרט געשען, ווען דאס קינד וואָלט נישט געווען און זיי נישט געשטערט? אַלץ איז געווען מעגלעך און פון דעם געדאנק, פון דעם חשד, איז שוין נישט ווייט ביז א צווייטן, וועגן דעם קינד. איך האב אייך געזאָגט איין יאר, אָבער דאס איז אומדער-טרעגלעך; איך קאָן נישט פארלייקענען, אז שוין צוויי יאר איז אריבער, מער ווי צוויי יאר, שוין לאנג, זייער לאנג, איז אויב אזוי, וואס זשע פאר א שייכות האט צו מיר דאס קינד? די פרא-גע איז פאר מיר וויכטיקער, ווי אַלע אנדערע

דער זעלבסטמערדער האט זיך אפגעשטעלט.

די פרײלין וויל אים טרייסטן:

— ניין, איר דארפט אזוי נישט טראכטן. אזוי גיך קאָן עס נישט ווערן, אין דעם בין איך איבערצייגט.

— איר מיינט אזוי? — האט ער געפרעגט מיט גרויס אינ-טערעס.

— עס דארף אריבערגיין איין יאר, צוויי און אפילו דריי יאר, ביז אזא זאך זאל קאָנען געשען. דאס טרעפט ערשט, ווען מען איז איינער פון דעם אנדערן אפשר געוואָרן מיד אָדער מען האט זיך דערעסן, איך וויל זאָגן פון זיך אַליין מיד און צערייצט... איר האט ביי איר נישט געפרעגט?

— ניין. איך האב גאר פאר זיך געטראכט. וואס פאר אן אמת וואָלט איך פון איר זיים געקאָנט ערוואַרטן? נאר, אַלץ איינס.

זאָגט מיר, וואָס טרעפט דעמאָלט?

— ווען וואָס רעדט איר?

— ניין, איר ווילט נישט זאָגן. איר מאַכט דערפון אַ קלייניקייט, אַ טאָג־טעגלעכע זאַך, וואָס איר האַלט, ווי ס'איז נישט בדאי וועגן דעם אפילו צו רעדן.

— איר מיינט, ווי קומט עס פאַר? איך פאַרשטיי אייך נישט. מען איז דאָך נאָר אַ מענטש, ווי איר אַליין האָט געזאָגט, מען ווערט זיך אַליין דערעסן און מען לאָזט זיך אויף אַלץ. דאָס טרעפט, נישט ריכטיק?

— איך מיין אויך פונקט אַזוי. אָבער ווי גייט עס צו? ס'קומט פאָר אַ קאַמף? אָדער דאָס איז אַלץ נאָר גלאַט אַזוי זיך?

די פריילין פרוווט אַ קוק צו טון אויף זיין פנים אין דער פינסטער, זי שווייגט. זי גלויבט אירע אייגענע אויערן נישט.

ער האָט אויפגעהערט זיך נאָכצופרעגן.

די פריילין פאַרוויקלט זיך בעסער אין איר מאַנטל. ער קאָרטשעט זיך צונויף, גלייך ווי ער וואָלט באַוויזן דערימיט, ווי איינזאַם ער וועט זיין, ווען זי גייט אַוועק. ער זאָגט, אַראָפּגעלאָזן די גאָמבע אויף דער ברוסט:

— יאָ, פון איר וואָלט איך קיין דערקלערונג נישט באַקומען, אפילו ווען איך זאָל מיך יאָגן נאָך איר פון איין צימער אין צווייטן און בעטן אַן ענטפער.

— דאָס וואָלט איך אויף אייער אָרט נישט געטון, יאָגן זיך נאָך איר.

— יאָ, זי זאָגט אויך, אַז איך בין משוגע. אָבער מיין טאַקטיק איז געווען אַ נאַרישע. עס איז געווען צו לייכט מיך צופרידן צו שטעלן. איך בין געווען נאַרישער פון אַלע חיות פון פעלד. ווען די זעקס חדשים פון ספק זענען אַריבער, האָט זיך אָנגעהויבן אַ צייט פון זיכערקייט, איינמאָל בין איך אינגאַנצן זיכער געוואָרן. אַזוי האָב איך יעדנפאַלס געמיינט. איך האָב מיך אָפּגעהאַלטן פון שלאָפן. עס פלעגן זיין וואַכן, ווען איך בין נישט געשלאָפן, סיידן אין דער צייט, ווען זי פלעגט זיין מיט מיר צוזאַ־

מען אין צימער. איך האָב זיי נאָכגעקוקט, געכאַפּט און פעסטגעשטעלט. איר מיינט, נאָר איין מאָל? וואָס איז אַזוינס איין איינציק מאָל. צוליב אַזאַ קלייניקייט וואָלט איך מיך נישט נאַריש געמאַכט. פיל מאָל, זאָג איך אייך! — האָט דער זעלבסטמערדער פלוצלינג אַן אויפגערעגטער אַ געשריי געטון. — יעדעס מאָל, וואָס מיר האָט זיך פאַרוואָלט נאָכגיין נאָך זיי! זיי האָבן אַפילו נישט געפילט די שענדלעכקייט, די נידערטרעכטיקייט דערפון. ווען זיי פלעגן, אַרויסגייענדיק פון די קאַפעס און טעאַטערס, מיך דערזען, האָבן זיי מיר געקוקט גלייך אין די אויגן. איך האָב געטראַכט: דאָס מוז פאַר זיי זיין עפּעס נאַטירלעכס, דאָס מוז זיי אויסוויזן יושרדיק, אַנדערש פאַרשטיי איך עס נישט. און ס'איז געווען פונקט אַזוי ווי איך האָב געטראַכט: זי האָט טאַקע מיר אַרויסגעזאָגט, אַז ער איז אַלע מאָל געווען און איז ביי איר דער איינציקער, און אַז איך האָב זיי צעשיידט. מיין טאַקטיק איז ווידער געווען אַ פאַלשע: איך האָב געענטפערט. איך האָב געענטפערט אויף דער אָנקלאַגע, בין געשטאַנען און געגעבן אַן ענטפער. איך האָב געזאָגט, אַז ווען זי וואָלט עס מיר באַציַיטנס געזאָגט, וואָלט איך זי געלאָזן צו רו. קיין ליגן איז עס אַלזאָ פון מיין זייט נישט געווען. איך האָב אָבער געדאַרפט בעסער שווייגן. עס איז איר צו לייכט געווען מיר צו ענטפערן, אַז זי האָט מיר די גאַנצע צייט געגעבן צו פאַרשטיין ווי די זאַך האַלט ביי איר, נאָר איך האָב נישט געוואָלט, אָדער נישט געקאָנט הערן. זיכער, אַז זי האָט אויך נישט געלייגט, דאָס האָט זיך זייער געלאָזט שיקן, און איך בין געבליבן מיט אַ נאָז.

— איר טראַכט נישט וועגן גאָט?

— מיר האָבן טאַקע געטראַכט. דער דאָזיקער געדאַנק איז מיר פיל מאָל געקומען אויפן זינען. איך פון מיין זייט האָב נישט פיל געטראַכט וועגן דעם, אָבער זי איז אפשר געווען מוטיקער פאַר מיר. איך ווייס נישט, איך האָב גאָרנישט געהערט. ווען איך האָב וועגן דעם געטראַכט, בין איך נאָר געקומען צום אויספיר, אַז אַ גאָט לייזט בשום אופן נישט די פראַגע, ער לייזט נאָר דעם בונד. וואָס טויג איר דער גאָט? זי האָט זיך

געקאָנט באַגיין אָן דעם גט און האָט װעגן אים נישט דערמאָנט. איך אַליין האָב געהאַט צו װייניק מוט צו פאַרלאַנגען אַ גט. מען איז דאָך אַזוי אומגליקלעך, מען איז דאָך אַ מענטש. װען מיר גטען זיך, נעמט זי צו אַלץ, װאָס איר געהערט, מיט זיך, עס װעט אויף דער װאַנט אפילו קיין בלויזע נישט בלייבן. איך װעל עפענען די שופלאָדן — װעלן זיי זיין ליידיקע, איך װעל אַ בליק טון אין שפיגל — װעט דאָרט נישט ליגן נישט קיין װואַל, נישט קיין הענטעשקעס. װען איך װעל קויפן אַ ניי בריליאַנטן רינגעלע און װעל עס דאָרט אַװעקלייגן, װעט עס קיינער נישט צונעמען. ניין, מ'דאַרף נישט קיין גט. עס װעט איר ריח פאַרשװינדן, איר אָטעם, קיין שפור, קיין פאַרגעסן װאָרט, ניין, דאָס צימער װעט זיין װיסט. װעט עס דען זיין בעסער, איידער איצט? חוץ דעם, בין איך אין מיין דערנידערונג נישט געװען געשיידט פון איר. איר טיר איז קיינמאָל נישט געװען פאַרשלאָסן. דער רינג האָט זי געריבט ביז טרערן און אומאַרמונג, פאַר מיר װאָלט בעסער זיך געדאַרפט עפענען אַ גרוב, איך האָב אָבער גענאָסן פון דער רגע און געװיינט. דער מענטש איז אַזוי נישטיק. נאָכדעם זענען מיר ביידע געװען ביי דער קליינער, און אויף מאָרגן איז אַלץ געװען פאַרגעסן.

פרייליין ד'עספּאַר האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— אַלץ פאַרגעסן. — האָט ער איבערגעחזרט. — װען עס װאָלט געװען אַנדערש! װי גוט װאָלט עס געװען!

— אָ, גאָט מיינער! — זאָגט די פרייליין אָן אומגליקלעכע. — פאַראַן אַזוי פיל זאַכן, װאָס װאָלטן געדאַרפט זיין אַנדערש!

— איר זענט איצט אויך געריכט, ס'איז זייער מעגלעך, אַז װען איך װאָלט געװען אַן אַנדערער, װען איך װאָלט אַנדערש אויסגעזען און אַן אַנדערן כאַראַקטער געהאַט, װאָלט זי צוריקגעקומען, אָדער אפשר גאָרנישט אַװעק פון מיר. אַלץ װאָלט געװען גוט און שיין. ריכטיק. אָבער גייט זשע װידער אַריין אין מיין לאַגע, װאָס מיט מיר איז געשען. אויב מיין שלעכטקייט איז אָפן פאַר די אויגן, איז דאָך די שלעכטקייט פון אַנדערע אויך נישט אומזיכטבאַר, זי דויערט שוין מער איידער צװיי יאָר.

— וואָס וועט איר איצט טון? — האָט די פרייליין גע־פרעגט במעט שעפטשענדיק.

- גאָרנישט, — האָט ער געענטפערט — איך טויג איצט צו גאָרנישט, נישט צו גוטס, נישט צו שלעכטס. איך בין געפאָרן קיין כריסטיאַניע, כדי צו געפינען אַן אויסגאַנג און איינמאָל אויף אַלע מאָל מאַכן אַ סוף. אָבער איך האָב מיך נישט געקאָנט אַנט־שליסן. איך האָב געטראַכט: ס'איז דאָך יעדנפאַלס אַ וואָרעם נעסטל פאַרן קינד, מיט זונענשיין דעם גאַנצן פאַרמיטאָג. אמת, איך האָב מיך מיט קיינעם נישט געזען, אין שטוב נישט אַריין, אָבער אָונט־צייט איז אין שטוב געווען ליכטיק, נאָר ביי מיר אין צימער איז געווען פינסטער. זיי האָבן גענומען אין אַכט, וואָס איך האָב עס פאַר־שלאָסן. עס האָט זיך נישט באַמערקט, נישט קיין שמחה, נישט קיין טענק, נישט קיין געשריי.

— ס'האָט נאָך דאָס געפעלט!

— איך שעק דאָס, איך האָב מיך צוגעוויינט צו באַפרידיקן זיך מיט ווייניק. איך בין איר דאַנקבאַר, וואָס זי עפנט נישט אָף מיין צימער און באַנוצט זיך מיט אים נישט. דערמיט מאַכט זי מיך אַביסל ווייניקער דאַכלאָז, איך האָב אַ צימער אין שטאָט.

— דאָס איז אייך זייער שווער — זאָגט די פרייליין אַ צע־רודערטע.

ער באַמערקט, אַז ער האָט לאַנג גערעדט און זיכער אַרויס־געוויזן זיך פאַר צופיל גערירט, ער האָט פלוצלינג איבערגעריסן און זיך אויפגעהויבן.

— ס'איז שוין שפּעט, איר פרירט אוודאי, אַנטשולדיקט, וואָס איך האָב מיך פאַרגעסן!

— איר דאַרפט אייך נישט אַנטשולדיקן.

— אַ דאַנק. אָבער וואָס קאָן אייך מיין גורל אינטערעסירן. איבעריקנס, איז עס נאָך נישט אַזוי שלעכט, ווי דער גורל פון פיל אַנדערע, מיין מזל איז נאָך גאָרנישט אַזאַ שלעכטער, איך האָב נאָך אפילו פריידן.

— איך האָף.

— קומט, פרייליין ד'עספאַר, ס'איז שוין שפּעט.

ווען זיי זענען אַריינגעגאַנגען, האָט זי איבערגעחזרט: יאָ, איך האָב באמת, אַז איר האָט פיל פריידן. און ווער ווייסט — עס קאָן נאָך אַלץ ווידער גוט זיין. איר טראַכט דען נישט אַזוי?

— אָ, ניין. דאָס הייסט, מען קאָן גאָרנישט ווייסן.

— איר האָט באַקומען אַ קאַרטל

— יאָ, איך האָב באַקומען אַ קאַרטל. פון וועמען מיינט איר? פון מאָסן?

— ניין, אפשר נישט פון מאָסן, אפשר נאָך אַ ביסל בעסער, ווי פון מאָסן.

— דאָס איז פון מיר אַליין — האָט דער זעלבסטמערדער געזאָגט.

פאַר דער שיין פון דעם לאָמפּ, וואָס אין קאָרידאָר, האָט זי דערזען זיין פאַראומערט פּנים, און האָט אים שטאַר אָנגעקוקט. ער האָט אַרויסגענומען דאָס קאַרטל פון קעשענע און באַוויזן: אַקערסהוז-שלאָס; דערצו: לחיים צום נייעם יאָר; און פון אונטן זיינע אייגענע איניציאַלן. זיינע ליפּן האָבן געציטערט.

— איך האָב עס געקויפט אונטערוועגס. — האָט ער געזאָגט.

— איך האָב גוט געוווּסט, אַז קיין אַנדערע ווונש-קאַרטלעך וועלן מיר נישט אָנקומען, און דאָס איז מיר, אייגנטלעך, געווען אַלץ איינס, איך האָב עס אַוועקגעשיקט נישט צוליב מיר, מיך אַרן נישט אַזעלכע זאַכן. דאָס האָב איך געטון צוליב די אַנדערע געסט, זיי זאָלן זען, אַז איך האָב אַ קאַרטל באַקומען. נו, איצט דאַרפט איר זיך לייגן שלאָפן, פריילין ד'עספּאַר. אַ גוטע נאַכט!

ער האָט זיך שנעל אומגעקערט און איז ווידער אַרויס אין דער ווינטערדיקער נאַכט.

* *

*

אויף מאָרגן האָט זיך פאַרשפּרייט אַ נייעס, אַ פינסטערע נייעס, ס'איז געווען אַ שלעכטער סימן. דאָס האָט זיך אָנגעהויבן גאַנץ פרי, ווען דאָס דינסטמיידל האָט אַריינגעטראָגן קאַווע צום דאָקטאָר אין צימער. זי איז אַ צעטראָגענע צוריקגעקומען און דערציילט די איבעריקע מיידלעך, דערוויַיל האָבן זיך דערפון דער-

ווסט אייניקע געסט. אדוואקאט רופרעכט איז תיכף אויפגעשטאנען און האט איבערגענישטערט די גאנצע סאנאטאריע. וואס איז גע־שען? עפעס אזוינס, וואס איז אומפארשטענדלעך און אומהיימלעך — און גראד אין ניי־יאר.

ווען דער אדוואקאט איז דורכגעגאנגען פארביי אינספעקטאר־סווענדסען, וועלכער האט גראד געהאלטן אין אויפהויבן די פאן, האט ער אים אפגעשטעלט און געזאגט:

— ווארט צו, הויבט נאך דערווייל די פאן נישט אויף. אפשר האט איר געזען דעם דאקטאר?

ניין, דער אינספעקטאר האט דעם דאקטאר נישט געזען. אין קאנטאר ברענט נאך דער לאמפ. אפשר זיצט ער דארט?

— ניין, נאר מען דארף נאך אמאל א בליק טון.

דער דאקטאר איז דארט נישט געווען.

פון קאנטאר זענען זיי אוועק אין דעם דאקטארס אייגענעם צימער, אבער דא איז ער אויך נישט געווען. גאט תייסט, ווו ער האט געקאנט זיין. און גראד טרעפט עס אין ניי־יאר!

דער גרעסטער טייל געסט איז אין איילעניש אויפגעשטאנען און גענומען זיך באטייליקן אין דעם זוכן. ביסלעכווייז איז קלאר געווארן, אז דער דאקטאר האט זיך געקליבן ביי דער נאכט אויסצופרווון א נייע פאר גליטשערס אויף דעם אייז פון דער בארג־אזערע. עטלעכע מאן זענען אוועקגעלאפן צו דעם גליטש און האבן באגעגנט א דאמע. דאס איז געווען פריילין עלינגסען, וועלכע איז אוועק פריער פאר זיי, און איז שוין געגאנגען צוריק פונם גליטש. זי האט געטראגן א פלאקן אין האנט. זיי האבן זי געפרעגט, אפשר האט זי געזען דעם דאקטאר, אבער זי האט אים נישט געזען. זי האט געשאקלט מיטן קאפ, מאכנדיק א טרויע־ריקע מינע, און געזאגט:

— אבער איך האב עפעס אנטדעקט. אויפן אייז זענען פא־ראן פיל לעבער, פאלאנקעס, איינע איז איצט אויך אפן.

— וואס זשע זאל עס באטייטן?

— אפן. — האט זי א שאקל געטון מיטן קאפ. — דאס איז היינטיקע נאכט געשען.

— איז עס מעגלעך, אַז ער... וואָס רעדט איר!

זיי האָבן זיך געלאָזן גיין ווייטער, אַ בליק צו טון אויף דער פּאָלאָנקע. און פרײַלין עלינגסען איז אַוועק אַהיים. זי איז געווען זייער פאַרטראַכט. יאָ, פרײַלין עלינגסען איז זייער געווען באַשעפטיקט מיט אירע מחשבות. דער דאָזיקער אָפענער לאָך אינם אײַז — דאָס איז אַ נאַכט-טראַגעדיע, זי האָט זיך שוין פאַרשטאַנען אויף אַזעלכע זאַכן!

פיל געסט האָבן זיך אַרום איר אַרומגעקליבן, וואָרום זי איז געקומען פון דעם אָרט, וווּ דאָס געשעעניש איז פאָרגעקומען, און האָט געקאָנט דערצײַלן די לעצטע נײַעס. אירע רייד זענען געווען אײַנגעהאַלטענע, אָבער פול מיט ווירקונג, מיט רמזים אויף דאָס ערגסטע, וואָס מען קאָן זיך פאָרשטעלן.

— זעט אָקאָרשט, צי איז קיין אומגליק נישט געשען! — האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט.—איר זאָגט, דער לאָך איז אָפן?

— אָפן. דער אײַז, וואָס איז געווען איבער אים פאַרצוויגן, איז היינט בײַדערנאַכט צעבראָכן געוואָרן. די שטיקער זענען נאָך איצט אויך נישט צוזאַמענגעפרוירן.

— דאָס זענען די פּאָלאָנקעס, וווּ דניאל כאַפּט פיש — האָט דער אינספּעקטאָר געזאָגט.

— ס'האָט דען בײַנאַכט נישט געשײַנט די לבנה? — האָט אײנער אַ פרעג געטון.

— ניין, — האָט דער אינספּעקטאָר געענטפערט — אָבער וואָס האָט ער אין דער פינסטערניש געדאַרפט אויפן אײַז? וועלכע פון די לעכער איז עס געווען, פרײַלין?

— די, וואָס איז נענטער צום טײַכל, בײַם אַרײַנפאַל פונם טײַכל.

— גראַד דאָרט, וווּ דער אײַז איז אַמשוואַכסטן. מיר האָבן דאָרט אַוועקגעשטעלט אַ פלאַקן פאַר אַ סימן, מען זאָל זיך היטן.

— אָט איז דער פלאַקן, — האָט פרײַלין עלינגסען געזאָגט — ער איז געלעגן אויפן אײַז, און איך האָב אים מיטגענומען.

— צוליב וואָס? — האָט בערטעלסען געפרעגט.

זי האָט אים געענטפערט — אים אַליין, און אפשר האָט

זי די גאַנצע צייט גערעדט, נאָר כּדי ער זאָל זי הערן:

— עס קאָן אַמאָל זיין, אַז מען וועט דעם פּלאַקן דאַרפן האָבן צו דער אויספאָרשונג.

— דעם פלאַקן? — האָט בערטעלסען געזאָגט שרעקלעך אַ פאַרוואונדערטער.

— וואָס שטייען מיר דאָ און פּלוידערן, — האָט דער אַדוואָקאַט איבערגעריסן — נעמט, סהענדסען, מיט זיך אייערע מענטשן און ברעכט אויף דעם אייז. גרויסער גאָט, צי דען איז טאַקע אַן אומגליק געשען?

— איך וואָלט אייך וועלן זאָגן אַ פּאָר ווערטער ביי אייך אין צימער, — האָט פריילין עלינגסען צו אים געזאָגט — זייט אַזוי גוט, בערטעלסען, גייט איר אויך מיט אונז.

עפּעס האָט די פריילין געהאַט אויפן האַרצן, דערין האָט קיין ספק נישט געקאָנט זיין. זי האָט אויסגעזען אומגעהיינלעך פאַרטראַכט. דער אַדוואָקאַט איז אַריינגעגאַנגען דער ערשטער אין זיין צימער.

— ביטע, זעצט זיך, גנעדיקע פריילין. איר האָט מיר עפּעס געוואָלט זאָגן?

פריילין עלינגסען האָט דאָס וואָרט. זי דערציילט אויספירלעך, וואָס זי האָט אַנטדעקט, זי רעדט און ווערט רויט אין די באַקן. בערטעלסען, וועלכער האָט גוט געקאָנט אירע דערציילונגען, האָט געפּרוווט מאַכן אַן אָנשטעל פון גלייכגילטיקייט. ער האָט עס אָבער נישט געקאָנט, מחמת איר טיפער ערנסטקייט.

— ס'איז פעסטגעשטעלט, אַז דער הימל איז געווען באַדעקט מיט וואָלקנס, און די לבנה איז נישט געווען. איך האָב אַליין אויסגעפאָרשט די פּאָלאַנקע. זי איז גענוג גרויס, אַז אַ מענטש, וואָס גליטשט זיך צו איר צו אויף גלימשערס, זאָל אין איר אַריינפאַלן. אָבער דערמיט זאָג איך נאָך נישט, אַז דאָס אומגליק איז געשען.

— ניין, ניין, אָבער וואָס זשע דען ווילט איר זאָגן? — האָט בערטעלסען אומגעדולדיק געפרעגט.

זי קערט זיך אום צו אים:

— איר האָט מיך געפרעגט, צוליב וואָס האָב איך מיט זיך געבראַכט דעם שטעקל. איך האָב אים גענומען, ווייל אפשר וועט מען אים מוזן כעמיש אונטערזוכן. אויף אים איז פאַראַן עפּעס אַזוינס, וואָס זעט אויס ווי בלוט.

— בלוט? — זאָגן ביידע מאַנסביל.

זי באַווייזט עטלעכע רויטע פלעקן אויף דער קאָרע, און זיי הייסן אַליין נישט, וואָס צו טראַכטן. יאָ, דאָס איז אָן ספק בלוט. נאָר בערטעלסען פרעגט:

— נו, און אויב דאָס איז בלוט?

— דעמאָלט קאָן זיין, אַז דער שטעקן איז אויסגענוצט געוואָרן אַלס געווער.

— הייסט עס אַן אָנפאַל? — האָט דער אַדוואָקאַט געפרעגט. — ניין, דאָס ליגט זיך נישט אויפן שכל.

די פרייליין שווייגט. עס איז אין איר נישט צו באַמערקן קיין שפור פון אומנאַטירלעכקייט. זי מאַטערט זיך מיט איר אויפגאַבע, עס איז איר שווער זי צו לעזן. זיי זעען, אַז זי טראַכט און איז אָנגעשטרענגט.

— ווער וואָלט דען געקאָנט אָנפאַלן אויפן דאָקטאָר? אויף דעם בעסטן מענטשן אין דער סאַנאַטאָריע, וואָס האָט דורכויס געהאַט נאָר גוטע פריינט?

— פאָרט האָט עס עמעצער געקאָנט טון.

דער אַדוואָקאַט פרעגט:

— איר זענט חושד אַ באַשטימטע פּערזאָן?

— יאָ, — ענטפערט זי — איך טראַכט וועגן אַ באַשטימטע פּערזאָן.

— וועגן וועמען?

— איך וואָלט נאָך ביי דער איצטיקער לאַגע נישט וועלן זיך אַרויסזאָגן. אָבער אויב עס וועט בלייבן צווישן אונז...

— זעלבסטפאַרשטענדלעך, — האָבן ביידע מענער אויסגעשריגן און גענומען זיך נייגיריק צוהערן.

די פרייליין זאָגט שטיל און פּילבאַדייטיק: איך זאָג נישט, אַז דאָס איז זיכער ער, נאָר איך בין חושד דעם מענטשן, וואָס מען

רופט ביי אונז זעלבסטמערדער, איך האָב אַ גרונד אים חושד צו זיין.

פויזע. דער פרײלינס ערנסטקייט ווירקט. די צוויי הערן קוקן אויף איר און טראַכטן וועגן אירע ווערטער.

— צו וואָס האָט ער עס געקאָנט טון! — האָט בערמעלסען געפרעגט.

— אַ גייסטקראַנקן מענטשן, ווען ער איז אומנאָרמאַל, קאָן אַלץ קומען אויפן זינען.

— יאָ, — האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט — אין דעם איז די פריילין זיכער גערעכט. איר האָט געזאָגט, אַז איר האָט אַ גרונד אים חושד צו זיין?

— ס'זענען פאַראַן באַווייזן, — האָט די פריילין געזאָגט — איך האָב היינט ביידערנאַכט געהערט, ווי ער האָט גערעדט מיט פריילין ד'עספּאַר אונטן אין קאָרידאָר. ווען זיי האָבן זיך צעזעגנט, איז פריי- לין ד'עספּאַר אַליין אַוועק צו זיך אין צימער, און דער זעלבסטמער- דער איז ווידער אַרויס אין דער נאַכט אַריין.

— יאָ, — האָבן די הערן געזאָגט — דאָס איז עפּעס משונה- דיק, בלי ספק, און איר זענט אין דעם פולקאָם זיכער?

די פריילין האָט נאָר אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

— איבעריקנס, — האָט זי געזאָגט—וועגן דעם שטאַרקסטן באַ- ווייז האָב איך נאָך נישט דערציילט. איך בין פון דעם גליטש צו- ריקגעקומען. וואָס הייסט עס? דאָס הייסט, אַז איך בין געווען די ערשטע, אַז איך בין פריער פאַר אַלע אַנדערע געגאַנגען איבער דעם וועג, און בין געווען די ערשטע אויפן אָרט. און דאָרט האָב איך געפונען,... געפונען...

— וואָס האָט איר געפונען?

— אָט דאָס! — האָט די פריילין געזאָגט כמעט שעפּטשענדיק און אויפגעהויבן אין דער הויך דעם זעלבסטמערדערס אַסטרע.

קיינער האָט קיין וואָרט נישט געזאָגט. די הערן האָבן געהאַט גענוג וועגן וואָס צו טראַכטן, עס איז אַריבער אַ ווײַלע. דעמאָלט האָט די פריילין געזאָגט:

— איר דערקענט זי? דערמאָנט אייך, ווען לאָץ האָט זי געבעטן אָונט באַפּוצט?

— יאָ, זיי געדענקען...

איך האָב עס געפונען אויפן אייז נישט ווייט פון דער פּאָ-לאַנקע. מען האָט זי היינט ביידערנאַכט פאַרלוירן.

די הערן זענען ביידע געווען אייניק אין דעם, אַז זיי האָבן די אסטרע געזען ביי דעם זעלבסטמערדער אויף דער ברוסט. בערטעלסען האָט זיך דערמאָנט ספּעציעל דעם מאָמענט, ווען דער זעלבסטמערדער איז אַרויסגערופן געוואָרן צו דעם לאָמפּ און האָט פון דער ווירטשאַפטערינס הענט באַקומען דאָס קאַרטל. דעמאָלט האָט זיך די דאָזיקע פאַרוועלקטע בלום דייטלעך געזען.

— דאָ קאָן נישט זיין קיין צוויי מיינונגען — דאָס איז די זעלביקע אסטרע. — האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט. — אַזוי אַרום איז, דאַכט זיך, אַלץ קלאָר, איך מוז אייך באמת באַוווּנדערן, פרייליין עלינגסען. — ווי האָט איר עס אַלץ געקאָנט דערגיין, ווו האָט איר גענומען די פעיקייט דערצו?

— זי! — האָט בערטעלסען אויסגעשריגן, איבערשטייגנדיק דעם אַדוואָקאַט. — איך פאַרזיכער אייך, זי איז אַן אמתער דע-דעקטיוו, גיט איר אַן עק פון אַ פאָדעם, אָדער אַן אויסגעריי-בערט שטיקל פּאַפּיראָס, וועט זי דערפון אַרויסבאַקומען אַ גאַנצן פאַרברעכן.

די פרייליין איז פול מיט פרייד. די אָנערקענונג מצד בער-טעלסען — דאָס איז פיל מער, איידער זי איז אימשטאַנד איבער-צוטראָגן. זי לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ, כדי צו באַהאַלטן איר אויפ-געגרעגטקייט.

— על-כל-פּנים, — זאָגט זי, אומקערנדיק זיך צו דעם גע-שעעניש — על-כל-פּנים האָט דער זעלבסטמערדער אים געזאָלט זען דער לעצטער. ער דאַרף קאָנען געבן ידיעות וועגן אים.

די שפּאַנונג, אין וועלכער אַלע האָבן זיך געפונען, האָט פאַר דער צייט פונם שמועס גענומען אָפּגעשוואַכט ווערן. אַן אָנ-פאַל מצד דעם זעלבסטמערדער האָט בערטעלסענען און דעם אַדוואָקאַט אויסגעוויזן אַזוי אומוואַרשיינלעך, אַזוי אויסגעשלאָסן.

אָבער, פאַרשטייט זיך, מען קאָן קיינמאָל גאָרנישט נישט זאָגן, און דאָס, וואָס אויפן פלאָקן איז געווען בלוט, האָט אויסגעזען צו זיין אַ זיכערע זאַך. זיי האָבן געבעטן די פרייליין עפּעס אַזוינס אַ פּאַסיקן אופן איבערצורעדן מיט דעם זעלבסטמערדער. — אַן אויפגאַבע, — האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט — וואָס מען וואָלט אין קיין בעסערע הענט נישט געקאָנט אָנגעטרויען. אָבער אַפילו ווען די זיצונג האָט זיך געענדיקט און אַלע זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען, האָט נאָך דער אַדוואָקאַט אַלץ נישט פאַרלוירן די האָפענונג צו געפינען זיין שותף. ער האָט אַפילו געהייסן אַ דינסטמיידל, וועלכע ער האָט באַגעגנט אין קאָרידאָר, זי זאָל נאָך אַמאָל גיין אַ בליק טון אין דעם דאָקטאָרס צימער, וווּ ער האָט שוין אַלנפאַלס אַליין פיל מאָל געזוכט דעם פאַרפאַלענעם.

— מוט אַ בליק אונטערן בעט אויך. — האָט ער געזאָגט.

דער אַדוואָקאַט אַליין איז אַוועק אויפן אייז.

פרייליין עלינגסענס געשפּרעך מיט דעם זעלבסטמערדער האָט צו גאָרנישט געבראַכט. ער האָט דעם דאָקטאָר נישט געזען. ער איז ביידערנאַכט געגאַנגען שפּאַצירן, האָט ער געזאָגט, ביז שפּעט נאָך האַלבער נאַכט. עס איז שוין אַוודאי געווען איינס אָדער צוויי דער זייגער, ווען ער איז אַריין אין שטוב. ער איז אויפן אייז אויך געווען, מחמת דער דאָקטאָר האָט אים גערופן! ער איז אָבער, אפּנים, צו שפּעט געקומען. דער דאָקטאָר איז שוין אויפן גליטש נישט געווען.

— איר האָט געזען אַ פלאָקן ביים אַריינגאַנג פונם טייבלק — האָט די פרייליין געפרעגט.

— אַ פלאָקן? ניין. צוליב וואָס פרעגט איר?

— עס זעט אויס, ווי אויפן פלאָקן וואָלט געווען בלוט.

— אַזוי, — זאָגט דער זעלבסטמערדער גלייכגילטיק — איך גלויב, איבעריקנס, נישט, אַז דער דאָקטאָר זאָל זיך אַ מעשה אָנטון. ער איז אַ לייכטזיניקער מענטש.

— איך האָב געפונען די בלוט, וואָס איר האָט נעכטן געטראָגן אין לאַק. איך האָב זי היינט אינדערפרי געפונען אויפן אייז.

– אַזוי, — האָט ווידער דער זעלבסטמערדער געענטפערט גלייכגילטיק — יאָ, זי איז מער נישט ווערט געווען. זי האָט אירס אָפּגעדינט.

ניין, פון דעם זעלבסטמערדער האָט מען באמת גאָרנישט געקאָנט ארויסבאַקומען, דאָס הייסט, ער האָט גראָד אַלץ דערציילט, נישט מאַכנדיק פון קיין זאַך קיין סוד. לסוף האָט ער אויפגעהערט אײנצוהערן זיך, וואָס די פרײַלין זאָגט; ער האָט עטלעכע מאָל איבערגעחזרט, אַז דער דאָקטאָר וועט זיך מסתמא ווידער באַווייזן.

עס איז געקומען די צייט פון מיטאָג. די געסט האָבן זיך צונויפגעקליבן, זיי האָבן אָבער געגעסן שווייגנדיק. דאָס איז געווען אַ לאַנגער געדריקטער נײַ־יאָר־טאָג, אָן אַ פּאָן, אָן מוזיק, אָן געלעכטער און פרייד, אפשר אַ גרויסער געלט־שאָדן פאַר דער סאַנאַטאָריע. אין משך פון דער נאָכמיטאָג־צייט, האָט זיך די שטימונג אַ ביסל געבעסערט. אינספּעקטאָר סווענדסען מיט זיינע מענטשן האָבן אויפגעבראָכן דעם גאַנצן אייז פון דער פּאָלאָנקע ביז דעם אַרײַנפאַל פון טייכל, אָבער קיין טויטן קערפּער האָבן זיי נישט געפונען. הייסט עס, אין וואַסער איז דער דאָקטאָר נישט געווען. די דאָזיקע ידיעה האָט זיכער דערפרייט אַלע מענטשן אין דער סאַנאַטאָריע. זי האָט אויך פרײַלין עלינגסען זיכער געפרייט, נאָר זי איז אַוועק צו זיך אין צימער, ווו זי האָט זיך אַנידערגעלייגט און געוויינט. אָ, די הויכע שיינע פרײַלין עלינגסען מיט איר באַשטענדיקן לייענען דעדעקטיוו־ראָמאַנען, מיט דער צעהיצטער פאַנטאַזיע. זי האָט געפילט, אַז זי וועט איצט נישט איבערטראָגן איר מפּלה, עס וואָלט פאַר איר אַזוי גוט געווען, ווען זי וואָלט איצט געזיגט. זי איז נישט געווען קיין נאַר, זי האָט פאַרשטאַנען איר לאַגע, אַז דאָ דאַרף איר גורל אַנטשיידן ווערן. ווו איז איצט געווען בערטעלסען און האָט מיט אַלע כוחות פאַרהוילט אַן אַנדער דאַמע? פאַרוואָס איז עס אַזוי? אויב אירע באַווייזן וועלן זיך אַרויסווייזן פאַר ריכטיקע, וואָלט זי נאָך געהאַט אַ האָפנונג, אָבער, אַפּנים, אַז אירע באַווייזן זענען פאַלשע. דער זעלבסטמערדער לייקנט נישט אָפּ זיינע נאַכט־וואַנדערונגען. די פאַרלווירענע אַסטרע

האָט פאַר אים קיין שום באַדייטונג נישט, און ווען אַדוואָקאַט רופּרעכט איז צוריקגעקומען פון דעם גליטש, האָט ער איר נאָר געזאָגט: יאָ, ס'איז מעגלעך, אַז דאָס איז בלוט פון פיש אויפן שטעקן. אַרום דער פּאָלאָנקע איז ווירקלעך פאַראַן פיל בלוט. אָבער דאָס איז דערפאַר, ווייל דניאל שניידט דאָרט די פיש, דאָס ווייסט אַלעפאַלס דער אַנאַליז אַנטשיידן. ניין, זי האָט זיך גע־פילט דערשלאָגן, דעריבער איז זי דאָ געלעגן, האָט געוויינט און זיך נישט באַוויזן צום מיטאָג.

הגם דער דאָקטאָר האָט זיך, אַפּנים, גאַנץ זיכער נישט דער־טרונקען, האָט מען אים דאָך געפינען נישט געקאָנט. וווּ זשע איז ער? מען האָט זיך שוין געקליבן אַרויסצוגיין אַלע פאַר אַמאָל צו זוכן פון ס'ניי, ערשט די סאַנאַטאָריע איז אויפגערודערט גע־וואָרן פון אַ גרויסער סענסאַציע: פון איינעם אַ גאַנץ זייטיקן צימער האָט מען אָנגעקלונגען. פון ערגעץ אַ צימער, וואָס איז געווען אָן אַן אויוון און אָן באַוווינער, ווו עס איז אפילו קיין אָנשטענדיק בעט נישט געווען, נאָר אַ פּשוט פעלדבעטל געשטאַנען, האָט מען פּלוצלינג אָנגעקלונגען. ווען דאָס דינסטמיידל איז געקומען אַ בליק צו טון אויף דעם חידוש, האָט זי געפונען דעם דאָקטאָר, דעם דאָקטאָר עיענען.

— ווי! — האָט זי אויסגעשריגן.

— שווייגט, — האָט ער געזאָגט פון דעם פעלדבעטל — גייט און טוט אַ רוף דעם אַדוואָקאַט!

דאָס מיידל איז אַוועק. אָבער זי האָט געהאַט דעם איינ־דרוק, אַז דער דאָקטאָר איז משוגע געוואָרן, זיינע אויגן זענען געווען פאַרלאָפענע מיט בלוט.

דער אַדוואָקאַט האָט אויפגעהויבן ביידע הענט צום הימל, ווען ער איז אַריין אין צימער, און געוואָלט אָנהויבן צו שטעלן עטלעכע נויטיקע פראַגן, ער האָט זיך אָבער אָפּגעהאַלטן. דער דאָקטאָר האָט נישט אויסגעזען אַזוי, אַז מען זאָל מיט אים קאָ־נען פירן אַ שמועס.

— איר ליגט גאָר דאָ? — האָט דער אַדוואָקאַט נאָר געזאָגט.

און דער דאָקטאָר האָט געענטפערט: — מען דאַרף מיך אַריבערטראָגן.

ער איז דאָ געלעגן צוגעדעקט מיט זיין איבער-בגד, און האָט געפרוירן פון קעלט. פון זיינע נאַסע קליידער און פון זיינע שטיוול איז אָנגערונען וואַסער אויף דער ערד. קיין וואַרעמקייט פון אַן אויוון, קיין אויוון נישט, די שיין גייט קוים אַריין דורך אַ פאַרשטויבט פענסטער אַן גאַרדינען, אַלץ איז טריב, עלנט, און דאָ ליגט ער.

— דער שווייצער איז אַ שטאַרקער, ער וועט מיך קאָנען אַריבערטראָגן, — האָט ער געזאָגט

— מיר וועלן אייך אַריבערטראָגן מיטן בעטל. — האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט.

— ניין, — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט — אַלע וועלן זען. דער שווייצער קאָן מיך אַריבערטראָגן דורך די הינטערשטע טרעפּ.

האָט מען אים אַריבערגעטראָגן. לכתחילה אין דער אַפּטייק, וווּ ער האָט איינגענומען אַ דאָזע טראָפּנס, נאָכדעם — אין זיין צימער. מען האָט איינגעהייצט אין אויוון, מען האָט אים איינגעדעקט מיט וואַרעמע בעטציג, צוגעלייגט וואַרעמע פלעשער, געגעבן וואַרעמס צום טרינקען. ער פילט זיך בעסער, — האָט ער געזאָגט.

דער אַדוואָקאַט האָט אים פאָרזיכטיק אויסגעפרעגט, כדי צו דערוויסן זיך, וואָס אַזוינס איז געשען. דעם דאָקטאָרס רייד האָבן זיך טאַקע קנאַפּ וואָס געקלעפּט, עס האָט זיך אָבער ארויסגעוויזן גאַנץ ריכטיק, אַז ער איז געווען אַ לייכטזיניקער מענטש. ער איז, פאַרשטייט זיך, אַריינגעפאַלן אין דער פּאָלאָנקע, אָבער אָנשטאָט צו לויפן גלייך אַהיים און ווי געהעריק ביי זיך אין וואַרעמען צימער אַריינצולייגן זיך אין בעט, האָט ער זיך באַהאַלטן אין דעם אָפּגעלעגענעם קעמערל; ער האָט זיך נישט געוואָלט מודה זיין, אַז ער איז אַריינגעפאַלן אין וואַסער. דער נאַרישער מענטש! ער האָט מסתמא די געסט נישט געוואָלט איבערשרעקן, און אפשר האָט ער געוואָלט באַהיטן, אַז ער אַליין, דער דאָקטאָר, האָט געקאָנט אין אַ ווינטערדיקער נאַכט נעמען אַ קאַלטע וואַנע, און דאָס זאָל אים קיין האָר נישט שאַדן. דאָ האָט ער אַלנפאַלס אַ טעות געהאַט, ער האָט עס נישט געקאָנט אַרי-

בערטראָגן. ווען דער אדוואָקאַט האָט געלאָזט פאַלן אַ וואָרט, אַז די סאַנאַטאָריע האָט זיך באַאומרויקט, איז דער דאָקטאָר געוואָרן זייער צערודערט.

— וואָס האָבן די געסט געזאָגט? — האָט ער געפרעגט. — זיי האָבן געלאַכט?

ער איז טאַקע דערפאַר אַוועק אַהין אין קעמערל, כדי מען זאָל אים נישט געפינען, האָט ער דערקלערט. און ער האָט געהאַט בדעה מאָרגן אינדערפרי, ווען דאָס וואַסער וועט אָפּרינען פון זיינע קליידער, אויפצושטיין און אַוועק אין זיין אייגענעם צי-מער. אָבער ער וואָלט עס נישט געקאָנט, אים איז געוואָרן שלעכט, זייער שלעכט...

בכלל האָט אים אויסגעוויזן די גאַנצע מעשה, וואָס איז זיך אין דער נאַכט פאַרלאָפן, ווי עפּעס אַזוינס, פאַרוואָס ער דאַרף זיך שעמען.

— איך פאַרשטיי כמעט גאָרנישט? — האָט לסוף דער אַדוואָ-קאַט געזאָגט און געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— דאָס איז אַלץ פאָרגעקומען דערפאַר, וואָס עס איז גע-ווען פינסטער, און די לבנה האָט נישט געשיינט. — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט.

דאָס איז זיכער געווען זיין אמתע מיינונג. אָבער דאָס אַלץ איז גיכער געשען דערפאַר, וואָס ער האָט אין זיין שטודיום קיינמאָל מיט דער דאָזיקער באַזונדערער סיטואַציע זיך נישט באַ-קאַנט געמאַכט, און דעריבער האָט ער טאַקע וועגן דעם גאָר-נישט געוווּסט. ער האָט זיין פּערזענלעכקייט אַריינשטודירט אין דער מעדעצין, מער איז פון אים גאָרנישט געבליבן, און ער האָט זיכער געמיינט, אַז זיין אייגפאַל איז אַ גוטער. אַ יונג! אַ קינד מיט עקזאַמען! ער וואָלט געמעגט אַביסל מער שכל האָבן, דער דאָזיקער מאַן, זאָל אונז גאָט נישט שטראָפן פאַר די רייד; ער וואָלט באמת געמעגט אַביסעלע, כאָטש עטוואָס מער מענטש זיין. און דאָ האָט ער באַהיזן זיינע ייִנגלשע שטיק אין דעם, וואָס ער האָט זיין נארישן אויסבאָדן זיך אין דער פאַלאָנקע געוואָלט פאַרבאָרגן אין דעם קעמערל. אַ ווילדע, נישט דרעסירטע מאַלפּע

האָלט אַנדערש געדענקט, ווי ער.

איצט וויל ער שלאָפן, – האָט ער געזאָגט. אָבער דאָ איז אַזוי קאַלט!

דער אַדוואָקאַט האָט אַ בליק געטון אויפן טערמאָמעטער:

– דאָ איז איבער צוואַנציק גראַד. איר מוזט האָבן היץ.

– אויב דאָ איז איבער צוואַנציק גראַד, איז דאָ נישט קאַלט, – האָט דער דאָקטאָר געזאָגט – איצט וועל איך אַביסל שלאָפן. צום אָנטבערויט וועל איך אויפשטיין.

דער אַדוואָקאַט איז צופרידן געווען, וואָס זיין שותף איז ווידער דאָ. ער האָט דאָס נייעס פאַרשפּרייט מיט די נויטיקע פּירושים אומעטום, ווו ער איז געגאַנגען, און האָט אָפּגעגעבן אַ באַפעל אויפצוהייבן די פאָן. עס איז שוין טאַקע געווען נאָך מיטאָג, אָבער ס'איז דאָך געווען ניי־יאָר.

עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז ס'איז שווער געווען ווידער אויפצוהייבן די שטימונג. עס איז שוין קיין גרונד נישט געווען מער צו גיין מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ, אָבער אַ געוויסע שטילקייט און אומהיימלעכקייט האָט זיך באַזעצט צווישן די געסט און בשום אופן נישט געוואָלט פאַרשווינדן. איינער איז גע־קומען פון דרויסן און האָט דערציילט, אַז דער אינספּעקטאָר האָט זיך אָנגעמאַטערט מיט דער פאָן, האָט אים ביז אויף דער העלפט אַרויפגעצויגן, און דאָ איז ער געבליבן שטיין, איצט קאָן מען אים נישט רירן פון אָרט, נישט אַרויף נישט אַראָפּ. פון דעם נייעס איז נאָך שווערער געוואָרן די שטימונג אין סאַלאָן. ס'האָט אַרויסגערופן מחשבות. אפשר איז דאָס אויף עפּעס אַ סימן, אַ פאָן אויף דער העלפט אויפגעהויבן.

– לאָזט אַראָפּ! – האָט דער אַדוואָקאַט געשריגן פון דער וועראַנדע.

– איך קאָן נישט אַראָפּלאָזן! – האָט דער אינספּעקטאָר צוריקגעשריגן פון אונטן.

– טאָ רייסט אַרויס דעם פאָן־שטאָק!

מען האָט אַזוי געטון. און דער פאָן־שטאַנג איז איצט גע־

לעגן אַ פלאַכער אין אַ נאַקעטער אופן שני, און מער האָט מען אים נישט אַוועקגעשטעלט.

ס'איז קיין וואונדער נישט, וואָס דער אַדוואָקאַט איז געווען אין כעס. ער האָט זיך געווענדט צום דירעקטאָר אָליווער און זיך פאַר אים געקלאָגט אויף דער לאַגע, אָבער דירעקטאָר אָליווער האָט אים נישט היים מיטגעפילט. זיין באַרוף איז נישט געווען עמעצן פריילעך צו מאַכן און צו טרייסטן. זיין באַרוף איז געווען צו לערנען. אין תוך גענומען, האָט ער זיך געפילט איינזאַם אָן תלמידים, אָן צוהערער, אפילו פריילין ד'עספּאַר איז פון אים אַוועק און האָט אויסגעוויזן צו זיין באַשעפטיקט מיט אירע אייגענע אָנגעלעגנהייטן. דירעקטאָר אָליווער איז געבליבן איינזילביק: — „כאַ, כאַ" און „יאָ, יאָ" — האָט ער געזאָגט.

— אָבער וואָס אַזוינס, — האָט דער אַדוואָקאַט זיך געפרעגט — וואָס אַזוינס שטעקט אין דעם, וואָס אַ גאַנצער פּלאַץ מיט מענטשן איז פּלוצלינג ווי אויסגעשטאָרבן? ס'האָט דען קיינמאָל נישט געטראָפן, אַז אַ ברעג פונם פּאָן-לייוונט זאָל זיך איינטשעפּען אין גלאָק און דאָרט בלייבן פאַרקלעמט? מען קאָן דאָך נישט זאָגן, אַז דאָס איז אַ צייכן פון הימל, דערפאַר וואָס דאָקטאָר עיון האָט זיך גראָד איצט צוגעקילט. נישט אמת?

— מען קאָן עס בשום אופן נישט זאָגן, — האָט דירעקטאָר אָליווער געזאָגט.

דער אַדוואָקאַט האָט געבעטן דעם אינזשיניער אַ ביסל אויפצומונטערן די געסט. דער אינזשיניער האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט. ער איז שוין איינמאָל אויפגעטראָטן און האָט געוויזט די קונץ: ער האָט אויסגעטראַכט שפּילן, פאַראָדירט שווישפּילער, אַריינגעצויגן עטלעכע יונגע לייט צו שפּילן מיט אים אין כאַפּעניש. ער האָט אפילו געקאָנט זינגען נעגערישע לידער. באמת, דער אינזשיניער האָט נישט געשפּאָרט קיין כוחות, דערהויפּט האָט ער זיך אין דער שפּיל פון כאַפּעניש אַרויסגעוויזן: ער האָט געטאַנצט, געמאַכט קונצן, געשריגן ווי אַ חסר־דעה און געענדיקט מיט אַ גרויסאַרטיקן ווילדן קלאָג וועגן דעם איינגעבילדעטן אומגליק — און אַלץ מיט פאַרבונדענע אויגן. דער קאָרעספּאָנדענט פון דריי צייטונגען האָט אָפּן געזאָגט, אַז אין דעם

אינזשיניער גייט פאַרלוירן אַ גרויסער שוישפּילער, און ער וועט, אַגב, וועגן דעם טאַקע שרייבן אין דער נעכסטער קאָרעספּאָנ-דענץ זיינער פון די בערג. אָבער נישט אַלע זענען גלייך געווען צו דעם קאָרעספּאָנדענט. די איבעריקע צושויער זענען געבליבן גלייכגילטיק, דער טייוול ווייסט, מיט וואָס האַלט מען אויף זיי געקאָנט ווירקן. זיי האָבן אויך גלימשן זיך אויף סקיען און אויף גלימשערס נישט געוואָלט גיין. זיי זענען געבליבן זיצן אין שטוב. ס'איז, דאַכט זיך, גאָרנישט געשען, נייַן, נאָר אַ שטומע אימה האָט זיך געלייגט אויף דער סאַנאַטאָריע, ווי פאַר אַן אומגליק.

מען האָט זיך דערוווּסט, אַז דאָקטאָר עיענען איז ערגער געוואָרן, און דער אַדוואָקאַט האָט טעלעפאָנירט נאָך דעם דאָק-טאָר פון דאָרף, נאָך דעם קרייז-דאָקטאָר. עס איז שווער געווען צו טעלעפאָנירן, אַז קיינער זאָל נישט הערן, און דער אַדוואָקאַט איז אפשר געווען אַביסל נישט פּאָרזיכטיק: „זאָל עס נאָר קיין טיפוס נישט זיין", — האָט ער געזאָגט. די דאָזיקע ווערטער זענען אַוועק ווייטער און באַלד האָבן זיי זיך פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער סאַנאַטאָריע, פיל געסט האָבן אָנגעהויבן טראַכטן, שוין מאָרגן, אַ טאָג נאָך נייַ-יאָר, צו פאַרלאָזן די סאַנאַטאָריע און אַוועקפאָרן אַהיים. אַ גרויסער היזק פאַר דער סאַנאַטאָריע. קליינ-הענדלער רואוד האָט בשתיקה שוין געפּאַקט זיין קופערט.

דער קרייזדאָקטאָר איז געקומען. לונגענאַנטצינדונג. ער האָט געגעבן טראָפּנס און מיקסטורן און איז צוריק אַוועקגעפאָרן. ווען ער איז אויף מאָרגן ווידער געקומען, איז דעם פּאַציענט געווען נאָך ערגער. אויפן דריטן טאָג איז ער געשטאָרבן.

אָט אַביסל אַ נייַ-יאָר!

דער זעלבסטמערדער האָט, פאַרשטייט זיך, נישט דורכגע-לאָזן די דאָזיקע גוטע געלעגנהייט אַביסל אויסצורעדן זיך: ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און איז געווען דער מיינונג, אַז דאָס איז נאָך נישט דער סוף. דאָס לעבן איז אַ ביליקע סחורה פאַרן טויט — האָט ער געזאָגט. דער נאָענטסטער פון אונז איז שוין אָנגעמערקט. עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד האָט ער זיך פאַרנומען דערמיט, וואָס ער האָט זיינע פינסטערע געדאַנקען פאַרשפּריי־ט

צווישן די געסט. ער האָט גערעדט וועגן זיך און וועגן אַנדערע, נאָר ווי וועגן „לעבעדיק פאַרבליבענע״.

פּיל געסט זענען אַוועקגעפאָרן: דער קאָרעספּאָנדענט, קליינ-הענדלער רוואָד, דער אינזשיניער און די יונגט פון ביידע מינים. מער האָט זיי דאָ קיין זאַך נישט פאַרהאַלטן, זיי זענען געשטאַנען אין סאַמע מיטן פון לעבן, און זיי האָבן קיין אינטערעס נישט געהאַט צו זען, ווי ס'וועט אָנקומען דאָקטאָר עיענס טרומנע. ווי מען וועט אין איר אַריינלייגן דעם טויטן קערפּער, און ווי די טרומנע וועט צוריק אָפּגעשיקט ווערן אויף דער באַן. קליינהענד-לער רוואָד האָט נישט געמאַכט קיין סוד דערפון, וואָס ער האָט אַנדערע עסקים, און זיין צייט דערלויבט אים נישט לענגער דאָ צו פאַרבלייבן. ער האָט געזאָגט צום אַדוואָקאַט:

— און וואָס נוגע די אַקציעס, בין איך איצט זיכער, אַז זיי זענען פאַרמשכנט, בערטעלסען קאָן זיי נישט פאַרקויפן.

דער אַדוואָקאַט האָט דערויף נישט געוואָלט איינגיין.

— אָבער איר קאָנט די אַקציעס אויסקויפן פון דער באַנק צו דעם קורס, וואָס מיר האָבן גערעדט. — האָט רוואָד ווייטער געזאָגט. — דאָס הייסט, אויב איר האָט צו דער צייט באַצאָלט די אַסעקוראַנץ-פּרעמיע פאַר דער סאַנאַטאָריע.

יאָ, דער קליינהענדלער האָט געהאַט אַ גוטן חוש-הריח, דער אַדוואָקאַט האָט כּלל נישט געחלשט מיט אים נענטער צו פאַרבינדן זיך. וואָס פאַרא גליק וואָלט געווען, ווען דער דאָזיקער מענטש מישט זיך אַריין אין די עסקים פון דער סאַנאַטאָריע אָנ-שטאָט בערטעלסענען? ניין, ער האָט באַדאַנקט. חוץ דעם, האָט זיך בערטעלסען איצט געהאַלטן אָנשטענדיק, און דער אַדוואָקאַט האָט נישט געוואָלט אָנרירן זיין כּבוד.

דירעקטאָר אָליווער איז נישט אַוועקגעפאָרן. אויך בער-טעלסען מיט די דאַמען רובען און עלינגסען זענען נישט אַוועק-געפאָרן. אַדוואָקאַט רופּרעכט, דער דירעקטאָר אַליין, האָט אַוודאי זיין ליב טאָראַהוס נישט געקאָנט פאַרלאָזן, איידער עס וועט אַלץ ווידער געבראַכט ווערן אין דער בעסטער אָרדנונג. דערווייל איז ער געווען פאַרנומען מיט טעלעפאָנירן און טעלעגראַפירן

מכוח אַ נייעם דאָקטאָר און אויסצוקלויבן דעם פּאַסיקן מענטשן.

די נעכסטע וואָס איז קראַנק געוואָרן, איז געווען פרוי רובען. אַ וואונדער. וואָס די דאָזיקע דאַמע האָט נאָך בכלל געלעבט. זי האָט גאָרנישט געגעסן, גאָרנישט געטרונקען, האָט דאָס לעבן דערהאַלטן בלויז מיט פּילן. זי האָט געמוזט האָבן אַ גרויסע ווידערשטאַנדס קראַפט. וואָס זענען עס געווען פאַר פּילן? סודותפולע פּילן. די פרוי האָט זיי באַקומען פון לאָנדאָן, און פלעגט זיי גוט באַהאַלטן יעדעס מאָל נאָכן איינעמען. אָן אַלט דינסטמיידל פון דער סאַנאַטאָריע האָט פּונקט אַזעלכע פּילן-שאַכטלעך געזען ביי דער מילעדי. ווייזט זיך, אַפנים, אַרויס, אַז צווישן די ביידע דאַמען, דער פרוי רובען און דער מילעדי האָט עקזיסטירט עפּעס מער ווי אינטימקייט.

אָרעמע פרוי רובען! זי איז קראַנק געוואָרן און האָט זיך געלייגט אין בעט. מען קאָן נישט וויסן, וואָס איז געווען די סיבה. אפשר ווייל זי האָט זיך קענגן איר געוווינהייט צופיל איבערגעגעסן אין סילוועסטער-אָוונט. זי איז געלעגן מיט שטאַרקע ווייטיקן און מיט אַ מאָדנעם אויסדרוק אין אירע טיפע הערלעכע אויגן. עס איז איר נישט גוט געווען, אָבער זי האָט נישט געוואָלט הערן וועגן דעם קרייז-דאָקטאָר; פאַרקערט, זי האָט געזאָגט, אַז זי וויל מאָרגן אויפשטיין פון בעט. אָבער ס'איז נישט געגאַנגען. אויף מאָרגן איז זי געבליבן ליגן; ס'איז איר געווען נישט גוט, נאָר זי האָט נישט נאָכגעגעבן. זי האָט דערהאַלטן צוויי פאַר שפּיציקע שיך אויף אַ פראָבע, זיי זענען געווען פון געוואַנט מיט לאַקירענע נעזער, און פרוי רובען האָט געמעגט נישט האָפן, אַז אירע משונהדיקע ענטלפים וועלן אין זיי אריינקריכן, אָבער זיי האָבן דאָ געקאָנט בלייבן שטיין, כלומרשט דאָס איז איר נומער. זיי זענען געשטאַנען אויפן טואַלעטן-טיש, ווען דער נייער דאָקטאָר איז געקומען.

וואָרום איצט איז אָראָפּגעקומען דער נייער דאָקטאָר, דער נייער דאָקטאָר פאַר דער סאַנאַטאָריע, — דאָס איז געווען אַ גאַנץ געשעעניש אין מאָראַהוס. די געסט האָבן אים דערזען צו מיטאָג. ער איז געווען קורצזיכטיק, נאָר אַ לאַנגער און אַ מאָגערער.

ווען ער האָט זיך אָנגעבויגן איבער זיין טעלער, האָט עס אויס־געזעהן, ווי ער וואָלט אויסגעצויגן דעם האַלז איבער אַ באַלקאָן, כדי אַרויסצוקוקן אויפן גאַס. ער האָט געשמייכלט פיין און געהאַט אַ קלוגע אויסדריקלעבע מינע. ער איז געווען אַ יונגער אין זיין פאַך, מען האָט אים אָבער נישט געקאָנט אַוועקמאַכן אונטערן האַנט, זיין פאָטער איז געווען אַ דאָקטאָר. ער איז געווען דער אמתער געבוירענער דאָקטאָר.

ווען ער איז אַריין צו פרוי רובען אין צימער, האָט ער העפלעך זיך פאַרנייגט, זיך פאָרגעשטעלט און געזאָגט:

— דאָס טראָגט מען אַזאַ מין שיך דאָ אין די בערג, גנע־דיקע פרוי?

ער האָט דערזען די פּילנשאַכטל, וואָס האָט זיך אַרויסגע־זען פון אונטער פרוי רובענס קישן, האָט עס אַרויסגעצויגן, אי־בערגעלייענט די אויפשריפט, אויפגעעפנט און געזאָגט:

— צו וואָס נעמט איר עס?

די פרוי האָט געוואָלט אַרויסרייסן דאָס שאַכטל פון די־הענט און געענטפערט מיט כעס:

— איך נעם עס נישט... כמעט קיינמאָל נישט...

דער דאָקטאָר האָט זיך אויפגעהויבן און אָן אַ וואָרט צו־רעדן פאַרשלאָסן די טיר; ער האָט אַראָפּגענומען די קאָלדרע פון דער פרוי און געזאָגט: קערט זיך אַ ביסל אום. ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט דעם אונטערזוכן, האָט ער געפרעגט:

— איר האָט נאָך אַזעלכע שאַכטעלעך?

— איך ווייס נישט. ניין, מסתמא נישט. וואָס איז דען?

— איך בין נישט קיין בעמיקער, אָבער איך גלויב נישט, אַז אַזעלכע פילן קאָנען גראָד דעם אַפּעטיט פאַרגרעסערן.

— איך עס, וויפל איך קאָן — האָט די פרוי געענטפערט.

— געוויס, אָבער איר דאַרפט מער עסן. מען דאַרף נישט נעמען קיין מיטלען קעגן אַפּעטיט — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט, און האָט די פּילנשאַכטל אַריינגעלייגט צו זיך אין קעשענע.

## XII

דער דאָקטאָר האָט זיך באַקענט מיט אַלע געסט אײנעם נאָך דעם אַנדערן און נאָכגעפרעגט זיך אויף זײערע מחלות. בערטעלסענען האָט גאָרנישט נישט געפעלט, ער איז דאָ נאָר אַלס גאַסט, און ער האָט זיך נאָכגעפרעגט מיט אינטערעס װעגן פרוי רובען. די פרוי און ער, האָט ער דערקלערט, זענען צוזאַמען אַהער געקומען, און אָן איר איז אים נישט אָנגענעם אַװעקצופאָרן. דאָס האָט דערהערט פרײלין עלינגסען און אויף אים אַ בליק געטון; דאָס האָט אָבער בערטעלסענען נישט גערירט, קײן האָר נישט.

— איך האָב געמײנט, אַז איר זענט מיט מיר אַהער געקומען. — האָט זי געשפּאַסט מיט טויטער ערנסטקײט.

— און איר װאָס טוט דאָ, גנעדיקע פרײלין? — האָט דער דאָקטאָר געפרעגט.

— איך בין געזונט. איבעריקנס, מאָרגן פאָר איך אַװעק.

— פאַרשטײט זיך, איך פאַרבלײב דאָ נישט נאָר צו װאַרטן אויף פרוי רובען, — האָט בערטעלסען נאָך דעם געזאָגט — איר הײסט דאָך, פרײלין עלינגסען, אַז איך בין אַ ביסל פאַראינטערעסירט אין דער טאָראַהוסער סאַנאַטאָריע. איך דאַרף דאָ פאַרשידענע זאַכן צו באַזאָרגן.

אין אַ טאָג אַרום איז פרײלין עלינגסען אַװעקגעפאָרן. אַלײן. זי האָט זיך, מסתּמא, אַרומגעזען, אַז עס איז נישטאָ צוליב װאָס נאָך לענגער דאָ צו װאַרטן.

— איך װעל אויך קומען תּיכּף — האָט בערטעלסען געזאָגט.

— איך דאַרף נאָר מאַכן פאַראָרדנונגען װעגן דער נײער בויאַרבעט אויף פרילינג.

צוליב עפּעס אַן אומבאַװוּסטן טעם האָט בערטעלסען הײנט אינדערפרי באַקומען די ערלויבניש אַרײנצוגײן און באַגריסן די פרוי רובען. ער האָט זי באַדויערט, געטרײסט און געגעבן אָנצו-

הערעניש, אז נישט זי אליין טראגט אירע ליידן. די פרוי האט אנגעהויבן אנצונעמען עפעס עסן, און האט שוין געשלאפן בעסער. זי האט געקאנט מיט בערטעלסענען לעבעדיק שמועסן, שפאסן און זיין ליבלעך. זיי האבן פארבראכט אן אנגענעמע שעה צוזאמען. ווען ער האט פארלאזן דאס צימער פון דער גנעדיקער פרוי, איז ער געווען אין דער בעסטער שטימונג. ער האט געפונען פריילין עלינגסענס טאשנטיכל אונטער דער טיר. זי איז געהען שני חיים און נישט גענוצט. ער האט עס אויפגעהויבן און אפגעטראגן.

— זעט איר, וואס איך האב געפונען — אייער טאשנטיכל, אייער מאנאגראם. עס איז אזוי חיים און אומשולדיק — מען קאן נישט חושד זיין, אז עס איז בכיוון אונטערגעווארפן אונטער מיינע פיס.

— וואס עפעס בכיוון?

— איך לאך עס, פריילין עלינגסען! נו, זענט איר שוין פארטיק אין וועג אריין. איך מוז זען, ווי איר וועט זיך זעצן אין שליטן. גריסט די שטאט!

זי איז געווען אזוי הילפלאז. אפשר האט זי באמת מיט א כיוון פארלוירן דאס טאשנטיכל הינטער פרוי רובענס טיר. עפעס בעסערס איז איר אויפן זינען נישט געקומען, ווען זי האט דער־הערט בערטעלסענס שטים אינעווייניק. נאטירלעך, זי האט איבער זיך געדארפט אנטון א כוח צו פארלאזן איצט בערטעלסענען אזוי פעסט, איינמאל פאר אלעמאל. פון דער אנדערער זייט, וואס האט זי, אפנים, נאך געקאנט ווארטן פון דער דאזיקער געשיכטע מיט אים? זי האט דען נישט געזען זיין אומצופרידנהייט, זיין גלייכ־גילטיקייט? אזוי האט זיך דער עפיזאד פון איר לעבן געענדיקט פונקט אזוי פלוצלינג און פרוכטלאז, ווי אירע דערעקטיוו־געשיכ־טעס. פריילין עלינגסען איז געווען הויך און שיין, געהען כמעט א מהות, געהאט געפיל און פאנטאזיע, זי האט אבער מיסגעברויכט דערמיט: זי האט איר געפיל פארשווענדט ווי א נאר, און איר פאנטאזיע אויסגעבראכט אין דערציילונגען, דיכטונגען און בלאנ־דזשעניש. זי האט דעם האלצהענדלער נישט געקאנט פארהאלטן און לסוף פון אים געמוזט זיך אפזאגן. וואס זשע האט זי געקאנט

טון? זי וואָלט אים אויף טויט פאַרלאַנגווייליקט, צו ביסעלעך יעדן טאָג, צו ביסעלעך יעדע נאַכט...

* *
*

דער דאָקטאָר איז, אַרומגייענדיק איבער דער סאַנאַטאָריע, געקומען צום זעלבסטמערדער. ער האָט, אפּנים, עפּעס וואָס געהערט וועגן דעם דאָזיקן משונה מענטשן, און האָט זיך געהאַלטן אין הסכם דערמיט. אפשר האָט ער אויך עפּעס געוווּסט וועגן זיין געשיכטע אין כריסטיאַניע. גאָט ווייסט.

דער זעלבסטמערדער האָט געמאַכט די סאַמע אומפאַרשעמטע מינע זיינע און געזאָגט:

— איר זענט, אפּנים, אַהער געקומען, כּדי אויסצוזוכן דאָ אַ בית עולם אין די בערג.

דער דאָקטאָר האָט געזאָגט:

— אַ שווערער ווינטער, איר זענט דאָ, ווי איך זע, דער איינציקער, וואָס טוט זיך אָן ווי געהעריק.

— עס איז אַ צו טייערער ביסן, שטענדיק אָפּצופירן די מתים פונדאַנען מיט דער באַן, — האָט דער זעלבסטמערדער ווייטער געזאָגט — איך קאָן אייך באַווייזן אַן אָרט, ווו מיר, די לעבן-געבליבענע, וואָלטן געקאָנט גיין אין דער ערד אַריין.

— אויב איר האָט צייט, וואָלט איך גערן תּיכּף געגאַנגען אַ קוק טון — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט.

זיי זענען גלייך אַוועק. אָבער דער זעלבסטמערדער איז, פאַרשטייט זיך, אויף אַזאַ וועגדונג נישט צוגעגרייט געווען, ער איז נישט זיכער געווען אין דער ריכטונג. ער איז געבליבן שטיין אין מיטן וואַלד און האָט געזאָגט:

— ס'איז פונדעסטוועגן אַ נאַרישקייט פון אייער זייט, וואָס איר גייט מיט מיר. לאָמיר זיך אומקערן.

דער זעלבסטמערדער איז געווען באַליידיקט, און האָט ווייטער געזאָגט:

— איר האָט זיך פאַרגעניגט אויסצושטיין פון מיר אַלץ, וואָס מיר וועט קומען אויפן זינען.

דער דאָקטאָר האָט אויף אים אַ קוק געטון און געלאָזן רעדן.

— איצט קוקט איר אויף מיר און פאָרשט מיך אויס. לאָמיר גיין אַהיים, האָב איך געזאָגט.

צוריקגייענדיק אַהיים, האָט דער דאָקטאָר געזאָגט:

— ווי לאַנג זענט איר דאָ?

— פון ששת ימי בראשית אָן. זינט די סאַנאַטאָריע האָט זיך געעפנט.

— און וואָס וואַרט איר דאָ אין די בערג אַזוי לאַנג?

— איך וואַרט נישט לאַנג, איך וואַרט דאָ גאָר נישט לאַנג. וואָס זענט איר אַליין אַהער געקומען?

פויזע.

דער זעלבסטמערדער האָט ווייטער געזאָגט:

— איך האָב נישט געפרעגט, כדי צו פאָרשאַפן אייך אומאַנגענעמלעכקייט, נאָר כדי צו באַטראַכטן די זאַך. דער טויט אַרבעט דאָ גאַנץ גוט אָן אייער הילף.

— וואָס בלאָזט איר אויף דער האַנט?

— איר האָט עס באַמערקט? אַן אָנגענעמע באַאָבאַכטונגספעיקייט. יאָ, איך בלאָז אויף דער האַנט, כדי זי אָנצוּוואַרעמען.

אפשר ווילט איר אַריין צו מיר אין צימער אויסטרינקען אַ גלעזל קאָניאַק מיט זעלצער? — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט.

דער זעלבסטמערדער האָט זיך פאַרווּנדערט.

ווי? יאָ, גערן.

זיי זענען יעדער מיט זיין קאָניאַק און זעלצער געזעסן אין ביורא, האָט דער זעלבסטמערדער אָנגעהויבן גוט זיך צו פילן און מיושבדיק צו רעדן. דער דאָקטאָר האָט זיך ביי אים נאָכגעפרעגט אויף דער סאַנאַטאָריע און אויף די געסט, דער זעלבסטמערדער האָט אויסגעמיידט צו געבן באַשטימטע ענטפערן. פלוצלינג האָט דער זעלבסטמערדער אויסגעשטרעקט די האַנט און געזאָגט:

— איר האָט געפרעגט, וואָס בלאָז איך אויף דער האַנט? מיט אַ בליק — וואָס זאָגט איר צו דער דאָזיקער וווּנד?

— דאָס איז נישט קיין װוּנד—האָט דער דאָקטאָר געזאָגט.

— װאָס זשע איז עס?

— גאָרנישט.

דער זעלבסטמערדער: — איך גיי אין געװעט, אַז דאָס איז אַ צרעת.

דער דאָקטאָר האָט געשמייכלט: — נאַרישקייט. איר האָט זיך בלויז אָפּגעקראַצט די הויט.

— קאָן מען עפּעס דערצו באַקומען אַ רפואה?

— יאָ, נאָך אַ גלעזל קאָניאַק מיט זעלצער!

עס איז, אפנים, דעם זעלבסטמערדער לייכטער געװאָרן דערפון, װאָס װעגן זיין װוּנד איז אפילו נישטאָ װאָס צו רעדן, און נאָך דעם צװייטן גלאָז איז זיין שטימונג אַזאַ גוטע, װי זי איז שוין לאַנג ביי אים נישט געװען. דער דאָקטאָר האָט דערציילט מעשות, ער איז געװען אַזאַ יונגער דאָקטאָר, אַז ער האָט נאָך געדענקט באַזונדערע געשעענישן פון זיין פּראַקטיק. אַזוי האָט ער דערציילט, װי ער איז איינגעלאַדן געװאָרן צו אַ פרוי, װעלכע האָט באַקומען מיט אַ שטעקן, און דער רוקן איז ביי איר געװען ברוין און בלאָ פון די קלעפּ.

— אַזוי! — האָט דער זעלבסטמערדער געזאָגט.

— דאָס איז געװען אַ יונגע פרוי, אַ שיינע אויך, און אַביסל אַ לייכטזיניקע. דער מאַן איז געװען דערביי, װען איך האָב זי אונטערזוכט. ער האָט דערקלערט, װי אַזוי דאָס איז צוגעגאַנגען און באַװיזן דעם ים־שטאָק, װאָס ער האָט דערצו געברויכט.

— האָט עס איר דער מאַן?..

— געשלאָגן, יאָ. זי איז געװאָרן צו האָפערדיק, האָט געװאָלט הערשן, האָט אים באַהאַנדלט, װי אַ שמאַטע און גענומען אַ געליבטן.

דער זעלבסטמערדער האָט אָנגעהויבן הערן מיט אומצופרידנקייט: װאָס גייען מיך אָן דער מאַן מיט דער פרוי?

— װאָס הייסט?

— צו װאָס דערציילט איר מיר עס?

— דאָס איז געװען אַ קאָמישער פאַל. איך האָב געמוזט

דער פרוי היילן דעם רוקן, און דער מאַן האָט איר געהיילט איר ניִיציקייט נאָך מאכט. יאָ, איר זענט גערעכט, וואָס גייען אונז אָן דער מאַן מיט דער פרוי, אָבער, ווי געזאָגט...

פויזע.

— פונדעסטוועגן איז עס נישט אומאינטערעסאַנט. — האָט דער זעלבסטמערדער שוין אַרויסגעזאָגט. — האָט ער זי אויסגע-היילט, זאָגט איר?

— גרינדלעך! איך האָב די דאָזיקע מענטשן שפּעטער גע-זען. זיי זענען גליקלעך, זיי האָבן שוין זינט דעמאָלט צוויי קינ-דער. זונטיק גייען זיי צוזאַמען שפּאַצירן.

— גרויסאַרטיק! — האָט דער זעלבסטמערדער אויסגעשריגן.— פאַר זייער געזונט!

— ביי מיר טרעפן פיל אַזעלכע געשעענישן. — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט שטיל, ווי פאַר זיך. — ווען נישט זיי, וואָלט אומעטיק געווען צו באַזוכן די קראַנקע.

ווייזט זיך אַרויס, אַז דער זעלבסטמערדער האָט זיך מער נישט געקאָנט באַהערשן. ער ווערט נייגיריק און נאַיוו.

— איך קאָן דעם מאַן מיט דער פרוי נישט פאַרגעסן. וואָס פאַראַ מענטשן זענען זיי געווען?

— בעל-מלאכות. דער מאַן איז אַ שמיד.

— אַך. אַזוי! — זאָגט דער זעלבסטמערדער אַנטוישט. — אַ שמיד מיט זיין ווייב.

— נו, יאָ. פאַרשטייט זיך, אַ ים-שטאָק איז נישט אַזאַ מיטל, וואָס פּאַסט פאַר יעדן אַרט לעבן. די מיטלען דאַרפן געברויכט ווערן אינדיווידועל, אָפטמאָל זענען בלומען אַ מיטל דערצו.

— יאָ. יעדער איינציקער קאָן געפּלאָגט ווערן פון צופיל דעספּאָט-זם אין זיין הויז. — האָט דער זעלבסטמערדער שטיל גע-זאָגט און באַטראַכט די וואַנט און דעם דאַך.

דער דאָקטאָר האָט געענטפערט צעשטריִיט, ווי פאַרזונקען אין זכרונות:

— יאָ, אַזוי איז עס. איך אַליין בין איינמאָל געווען נאָענט דערפון, אַז איך זאָל מיך נעמען פאַר דעם ים-שטאָק.

— איר האָט חתונה געהאַט? — פרעגט דער זעלבסטמער־דער שטאַרק פאַראינטערעסירט.

— ניין — שמייכלט דער דאָקטאָר און שווייגט.

אָבער דער זעלבסטמערדער ווערט אומגעדולדיק און קוקט מיט פאָרשנדיקע אויגן.

— ניין, — זאָגט דער דאָקטאָר — דאָס איז געווען מיין עקאָ־נאָמקע. זי איז פונדעסטוועגן נישט געווען קיין געווינלעכע שמי־דעכע, אָבער אויך אַ מיידל פון פאָלק, אויך אַ ביסל נאַריש, אָבער מיט פיל גוטע מעלות.

— נאָר אַן עקאָנאָמקע! — זאָגט דער זעלבסטמערדער ווידער אנטוישט.

— זי איז געווען אַ יונגע און אַ שיינע, געהאַט אַ פּראַכט־פולן קערפּער, אויסגעצייכנט געשפּילט קלאַוויר און גיטאַרע, זי איז געווען אַ מוזיקאַלישע.

— פונדעסטוועגן...

— איך בין אין איר געווען פאַרליבט.

— נו, דאָס איז עפּעס אַנדערש. און די האָט אייך געקאָנט ברענגען דערצו, איר זאָלט וועלן אויספּרווון דעם ים־שטאָק?

— יאָ, נאָכדעם ווי בלומען און מתנות האָבן נישט געהאָלפן. עפּעס וואָס אַ מיטל דאַרף מען דאָך געפינען, נישט אמת?

— איך פאַרשטיי זיך דערויף נישט.

— נו יאָ, ווען מען קאָן זיך קיין עצה נישט געבן, מוז מען דאָך פּרוּוון עפּעס כאַפּן זיך. ניין, פאַרשטייט זיך, עס איז אַן אונ־טערשיד, ווען דאָס איז די אייגענע פרוי, אַ מענטש פון אונזער אייגע־נעם גראַד. מיט איר קאָן מען, מסתמא, דורכקומען מיט גוטן. אָבער אַן עקאָנאָמקע! איר זענט נאָך, מסתמא, אויך נישט קיין באַווייב־טער? — האָט דער דאָקטאָר אַ פרעג געטון.

— איך? באַווייבט? ניין.

— איך האָב טאַקע אַזוי גערעכנט

— וואָס זשע, אַ נאַר וועל איך זיין? — האָט דער זעלבסט־מערדער געזאָגט.

דער דאָקטאָר גיט אים ביז אַ געוויסן גראַד גערעכט. און

זיי רעדן ווייטער וועגן דעם, זיי זענען אָבער ביידע מסכים, אַז עס איז אָפּטמאָל שווער אויסצומיידן חתונה צו האָבן.

— וואָס זשע איז געוואָרן דער סוף מיט דעם מיידל? — האָט דער זעלבסטמערדער געפרעגט. — האָט איר דערגרייכט, וואָס איר האָט געוואָלט אָן דער הילף פון דעם ים-שמאָק?

— ניין, — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט — איך האָב נישט דערגרייכט. נאָך נישט. איך האָב אָנשטאָט דעם געטון עפּעס אַנ-דערש. איך בין אַהעקגעפאָרן אַהער. איך האָב דאָ אָנגענומען די שטעלע פון אַ דאָקטאָר.

אַ לאַנגע פאַרוואונדערונג און שטיל.

— דאָס איז זייער אינטערעסאַנט, — האָט דער זעלבסטמער-דער געזאָגט שאָקלענדיק מיטן קאָפּ — אָבער ווי וועט זיין, אויב דאָס וועט אייך נישט העלפן?

— דאַן וועל איך טון, וואָס דער שמיד האָט געטון. — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט באַשטימט.

* *

*

דער שמועס מיטן דאָקטאָר האָט, אפנים, געטאַכט אויף דעם זעלבסטמערדער אַן איינדרוק. ער האָט וועגן דעם געטראַכט און צייטנווייז פאַר זיך געלאַכט. אָבער עס האָט נישט לאַנג געדויערט, ביז עס איז אָנגעקומען אַ רעאַקציע, און ער איז צוריק געוואָרן דער זעלביקער מרה שחורה ווי פריער. ער האָט אויפגעזוכט פרייליין ד'עספאַר. ער האָט זי אָבער, ווי אויף צו להכעיס, גע-טראָפן צוזאַמען מיטן דירעקטאָר אָליווער אין רויכערצימער, און עס איז אומפאַרמיידלעך געווען אַ שמועס מיט דעם דאָזיקן מענטשן. פריער פאַר אַלץ האָט ער געזאָגט, כדי צו זיין פריינטלעך:

— איך גריס די קאָלעגיע!

זיי זענען ביידע נישט געוויינט געווען, ער זאָל שפּאַסן און האָבן געשוויגן.

— מיט אַ פּאָר טעג צוריק בין איך מיט דער דאָזיקער הונד געווען ביי אונזער נייעם דאָקטאָר. — זאָגט ער צו דער פריילין.

— האָט איר עפּעס פון אים באַקומען אַ מיטל? — פרעגט זי·
— יאָ, צוויי גלעזער קאָניאַק מיט זעלצער.
— צוויי וואָס?
— קאָניאַק מיט זעלצער. ער ווענדט אָן זעלטענע מעדיקאַ-מענטן, ציטנוויז ברויכט ער אַ שפּאַנישן ים-שטאָק.
— שפּאַנישע פליגן, מיינט איר, — פאַריכט דער דירעקטאָר — אָבער דאָס איז גאָרנישט קיין אומגעוויינלעכער מיטל
דער זעלבסטמערדער פאַראַכט אים און ענטפערט אויף זיינע רייד גאָרנישט.
— ציטנוויז געברויכט ער אָבער אויך בלומען. ער איז אַן אָריגינעלער מענטש.
דער דירעקטאָר חיל זיין פריינטלעך און ענטפערט:
— יאָ, בלומען קאָנען אַמאָל גוט ווירקן. בלומען פאַר די קראַנקע.
דער זעלבסטמערדער פאַראַכט אים אַלץ. די פריילין שאָקלט מיטן קאָפּ און זאָגט:
— יאָ, דאָס איז זיכער.
— דאָס איז זיכער, — פרעגט דער זעלבסטמערדער — אַז בלומען ווירקן גוט? אפשר קאָן מען פּונקט אַזוי גוט שיקן, למשל, קנעפּ — פּערלמוטערנע קנעפּ, האָרנקנעפּ, צינקענע קנעפּ.
מען לאַכט.
דער דירעקטאָר ווערט ווידער אַ ביסל פול מיט ווערדע און וויל נישט מער רעדן קיין נאַרישקייטן.
— יאָ, מאָרגן נעם איך מיך מאַכן אַ סוף צו מיין פאַר-ווילן דאָ.
די פריילין זאָגט:—שוין אַזוי גיך — מאָרגן?
— מאָרגן פאָר איך, ווען פאָרט איר אָפּ, גנעדיקע פריילין?
— די טעג, אין איינעם פון די נאָענטסטע טעג.
— און איר יונגערמאַן?
אויף דער דאָזיקער דירעקטער פראַגע האָט דער זעלבסט-מערדער געענטפערט אָן חשק:—איך פאָר נישט אַוועק.

— אזוי? איר האָט גאָרנישט קיין פליכטן, וואָס זאָלן אייך רופן פונדאַנען?

— דערפאַר האָט איר זיי, אויב איך פאַרשטיי אייך ריכטיק.

— יאָ, איך האָב. דאָס וועט איר נישט אָפּלייקענען, — האָט דער דירעקטאָר געזאָגט שמייכלענדיק — מיר, לערער, האָבן שולן, מיר טיילן זיך מיט מענטשן, לויט אונזערע אָרעמע כוחות, דערמיט, וואָס מיר האָבן אליין געלערנט.

— גלויבט אים נישט, פרײַלין ד׳עספאַר, — האָט דער זעלבסט־מערדער געזאָגט — דאָס איז נישט אַזוי אומשולדיק.

דער פרײַלין ווערט אַ ביסל אומאָנגענעם, וואָס זי ווערט אַרײַנגעמישט אין דער זאַך, און זי פרעגט, ווי זי וואָלט וועלן מאַכן אַ פּשרה:

— אָבער, נישט אמת — די שול איז דאָך אַן אומשולדיקע זאַך?

— שול הייסט: טון קעגן דער נאַטור, אַרויספירן דעם שילער אויף אַ זײַטיקן וועג, וואָס גייט אין אַ גאַנץ אַנדער ריכטונג, איידער דער ערשטער גלײַכער וועג. שול הייסט: איבער דעם דאָזיקן זײַטיקן וועג אַרײַנקומען אין מדבר.

דער דירעקטאָר איז פרײַלעך; אגב, וואָס קאָן ער דען אַנ־דערש טון?

— און איך האָב געמיינט, — זאָגט ער — פון דעם מדבר אַרויסצוקומען.

— יאָ, — האָט די פרײַלין געלאַכט — ניין, איר מוזט דאָך, הער מאַגנוס, מודה זײַן, דער דירעקטאָר איז אַ גרויסער געלערנטער, אַ דאָקטאָר!

— ווי דען, דער דירעקטאָר האַלט זיך געוויס פאַר זייער אַ געלונגענעם עקזעמפּלאַר פונעם מענטשלעכן מין. — ענטפערט דער זעלבסטמערדער גלײַכגילטיק.—אַלע שולדירעקטאָרן מוזן זיך, מסתמא, אַזוי האַלטן, אַז נישט וואָלטן זיי נישט אויסגעהאַלטן אויף דער קאַטעדרע.

— נו, די קאַטעדרע איז פאַר אונז נישט קיין עשאַפאָט, זי איז אונזער פרייד.

פּויזע.

— אַזוי, פאַרט איר אויך אַוועק, פרײַלין ד'עספּאַר? — זאָגט דער זעלבסטמערדער. — יאָ, מיר זענען וואַנדערער אויף דער ערד. מיר וואַנדערן אַרום הין און הער. מאַנכע פון אונז בלײַבן אין אַ סאַנאַטאָריע! מיר זענען ערשט געגאַנגען צוזאַמען מיטן דאָקטאָר אויפזוכן אַן אָרט פאַר אַ בית־הקברות פאַר די, וואָס זענען לעבן געבליבן.

קיינער ענטפערט נישט אויף די דאָזיקע אומפאַרשטענד־לעכע רייד.

— איך האָב אײַך אפשר נישט פאַרשטאַנען, — זאָגט דער דירעקטאָר, באַמיענדיק זיך צו זײַן זייער דעליקאַט, — אונזער אַר־בעט אויף דער קאַטעדרע געפעלט אײַך נישט?

פּויזע.

— דער הער דירעקטאָר פרעגט אײַך! — דערמאָנט די פרײַלין.

— יעדער שולדירעקטאָר גלויבט מיטן גאַנצן הארצן, — זאָגט דער זעלבסטמערדער — אַז זײַן שול לערנט די קינדער אויס אַלע חכמות אין דער וועלט. די קינדער גייען פון דער שול אַרויס, נאָך אַ לאַנגער, לאַנגער צײַט ענדיקן זיי די שול, גאַנץ ריכטיק, אָבער געגאַנגען אין איר זענען זיי דאָך נאָך אַלס קליינע זשערעבעטשיקלעך און קעלבעלעך. עס איז אוממעגלעך, אַז בײַ זיי זאָל אין קאָפּ נאַרבלײַבן אַלץ, וואָס זיי האָבן אין איר געלערנט. און ווען אפילו עס זאָל בײַ זיי אין קאָפּ פאַרבלײַבן — וואָס פאַרא באַדײַטונג האָט עס? זיי פאַרגעסן, ווו איז די גרענעץ פון דער אָזערע עיערען אויף מערב, אַז געוויסע פלאַנצן דאַרפן קיין בע־כערל נישט האָבן. „שול" איז לכתחילה געווען פרייע צײַט, צײַט־פאַרטרײַב פאַר דערוואַקסענע. און איצט איז געוואָרן אַ גהינום פאַר קינדער. ווען מען ווערט פון דעם דאָזיקן גיהנום אויסגע־לייזט, איז מען שוין אַלט, אַנדערע האָבן שוין קיין האָר אויפן קאָפּ נישט, אַנדערע זענען האַלב־בלינד. אָבער אַנדערע פאַרלאָזן נישט דעם פלאַץ.—קינדער דאַרפן קיין שול נישט האָבן.

— אינטערעסאַנט, זייער אינטערעסאַנט! — האָט דער דירעק־טאָר געזאָגט.

די פריילין פרעגט: — אָבער ליבער מענטש, ווי זאָלן מענטשן שפּעטער אין לעבן אויסקומען אָן אַ שול?

— די שול מאַכט סיי ווי קיינעם פאַר קיין מענטשן נישט. אין די רייפערע יאָרן, ווען דער מענטש איז שוין אין אַ געווי-סער הינזיכט ווי געהעריק אָפּגעטויט, ערשט דעמאָלט וואָלט גע-קאָנט זיין אַ רייד וועגן דער נויטיקייט פון אַזאַ שול.

— אָבער דעמאָלט אויך אויף וויפל מעגלעך ווייניקער? — האָט דער דירעקטאָר געפרעגט און האָט זיך אויפגעהויבן, כּדי צו מאַכן אַ סוף צו דעם שמועס. פאַר אים האָט שוין געקלעקט.

אייגנטלעך, וואָלט דירעקטאָר אָליווער דאָ געקאָנט וואָס זאָגן אין זיגן. אַלץ איז געווען אויף זיין זייט, ער האָט געקאָנט שפּראַכן און איז געזעסן אין זיין פאַך געלערנט און באַרימט. אָבער דיס-קוטירן קעגן אַזאַ אומזין, דאָס האָט דירעקטאָר אָליווער נישט געקאָנט, דאָס האָט ער נישט געוואָלט.

ווען ער האָט געוואָלט אַוועקגיין, האָט זיך, אַפּנים, אַ טייוול אין דעם זעלבסטמערדער אַריינגעכאַפּט; ער האָט זיך געווענדט דירעקט צו אים און געזאָגט:

— איך ווייס, אַז מיינע רייד אינטערעסירן אייך.

— ניין, איך קאָן עס נישט זאָגן. — האָט דער דירעקטאָר קאַלט געענטפערט.

— אָבער דאָס איז דאָך פאָרט אַן אמת.

— אַזוי? אַלנפאַלס האָב איך מיך מיט אייער — ווי זאָל איך עס אָנרופן — גאַלימאַטיע, שוין פריער באַגעגנט. אפילו אין מיין אייגענער פאַמיליע. הגם זי איז דאָרט נישט געגאַנגען אַזוי ווייט, נישט דערגרייכט צו אַזאַ משוגעת. צום באַדויערן, זענען פאַראַן מענטשן, וואָס זענען שטאָלץ מיט זייער אומוויסן, ווילן גאָרנישט נישט קענען, קיין לאַנד, קיין שפּראַך. ניין, באמת, דאָס אינטערעסירט מיך נישט. העכסטנס אַלס קוריאָז, אַלס עפּעס אַזוינס,וואָס איז זייער משוגע, זייער צעדרייט — ווי זאָל איך עס אָנרופן?

— ברעכט אייך נישט דעם קאָפּ איבער דעם, איך וועל מיך שוין דאָס רעשט אַליין דערטראַכטן. — רייסט אים דער-

זעלבסטמערדער איבער מיט איר אָנישער הילפסגרייטקייט.

— דאָס איז, ווי דער שוועדישער פּראָפעסאָר, וואָס איך האָב אייך וועגן אים דערציילט. — האָט דער דירעקטאָר געזאָגט, ווענדנדיק זיך צו דער פריילין. — איך האָב דאָך ווירקלעך אָפּגעענטפערט אויף אַלע זיינע טעותים און פונאַנדערגעקליבן זיי פונקט נאָך פונקט. אָבער דאָך האָט עט, אפנים, קיין נוצן נישט געבראַכט. פאַראַן אַזעלכע זאַכן, וואָס די געמער אַליין קאָנען זיי נישט באַקעמפן דאָ אויף דער ערד.

דעם דירעקטאָרס צער איז דעם זעלבסטמערדער זייער געפעלן געוואָרן, עס האָט אים אויסגעוויזן זייער שיין אַפילו.

— אָט האָט איר דערמאָנט די ערד, די ערדקויל, — האָט ער געזאָגט — אין אייערע שולן פאַר קליינע קינדער לייגט מען זיבער פיל אַכט אויף דעם נייגונגסווינקל פון דער ערד. צום באַדויערן אָבער טאַפּמשען זיך די מענטשן אַרום אויף דער ערד, כּלל נישט טראַכטנדיק וועגן דעם דאָזיקן ווינקל, אייערע קינדער לערנען שפּראַכן און קונסט; לערנען וועגן שיפן און שטערן, וועגן געלט און מלחמות, וועגן עלעקטריציטעט און קאַלאָריעס, מאַטעמאַטיק, בוימער און שפּראַכן. און שפּראַכן — דער עיקר. אָבער דאָס אַלץ האָט דאָך אַליין פאַר זיך קיין רעאַלן אינהאַלט נישט, דאָס זענען נאָר פאַקטן. דאָס איז נאָר מעכאַנישע דרעסירונג אָן אַ שום עטישן ווערט. אָבער דאָס, וואָס געפינט זיך אין דעם מענטשן אינווייניק, ווי האַלט עס דערמיט, — מיט דער נשמה, מיט דער נאַטור אַליין? אונזער נשמה איז נישט רייך לגבי דעם, וואָס מיר האָבן זיך אויסגעלערנט פון די ביכער, אָבער גראָד לגבי דער נשמה וואָלטן מיר זיך געקאָנט באַגיין אָן דער געלערנטקייט פון די ביכער. אונזער נשמה איז דער מענטש גופא, און איז אַליין פאַר זיך אַ זאַך.

אפנים, אַז דעם דירעקטאָרס אומגעדולד האָט דעם זעלבסטמערדער וואָס ווייטער אַלץ מער צעהיצט; עס האָט אויסגעוויזן, ווי די צוקעניש אויף דעם געלערנטנס פּנים האָט אים פאַרשאַפט תענוג און ער האָט געזאָגט:

— איך האָב געהערט, אַז די אוניווערסיטעט האָט אייך פאַריקן יאָר געשענקט אויפמערקזאַמקייט.

— וואס ווילט איר זאגן?

— איר זענט באשטימט געווארן פאר א שול־רעוויזאר.

— הא הא! — האט זיך דירעקטאר אליהער דאס מאל פו־נאנדערגעלאכט. — יא, די אוניווערסיטעט האט מיר ווירקלעך פא־ריקן יאר געשענקט איר אויפמערקזאמקייט, באשטימט פאר א שול רעוויזאר. הא הא! מיין ליבער, איר זענט א ווילער יונגערמאן.

— איך אויף אייער ארט — האט דער זעלבסטמערדער גע־זאגט — וואלט די דאזיקע שטעלע פון א קינדער־תלין נישט אנ־גענומען. א שול־רעוויזאר איז דאך מער נישט, ווי א געוויסע הויך־מאס פאר די פלייסיקייט פון די שילער. ער זיצט זיך און פרעגט, ווי האבן די איטאליענער די אדער יענע זאך אנגערופן מיט צוויי טויזנט יאר צוריק. פאר אים שטייט דער קליינער אויטאמאט. דער רעוויזאר הארפט אים אריין אין אויער א פאסנדיק־שווערע פראגע. און די מאשין הויבט אן צו סקריפען און צו לויפן — און דאן האט ער אויסגעהאלטן דעם עגזאמען. א מענטש מיט אייער נאמען, מיט אייער באדייטונג, אן אפיציר פון דער וויסנ־שאפט האט נישט געדארפט מסכים צו זיין אויף אזעלכע זאכן.

— נו, — שרייט די פריילין ווידער אויס, ווענלנדיק שלום מאכן צווישן די מאנסביל—זאל גענוג זיין צו שפאסן.

אבער דעם דירעקטארס שטימונג איז, אפנים, אזא, וואס ער האט נישט קיין צוטרויען צו קיינעם.—ער זאגט:

— זאל עס זיין שפאס, אדער ערנסט, ס'מיר אלץ איינס, איך ווער דערפון נישט גרעסער, נישט קלענער.

אין דער זעלבער רגע איז אריינגעקומען דאס דינסטמיידל, און מעלדעט פריילין ד'עספאר, אז א מענטש שטייט אין דרויסן און וויל מיט איר רעדן, דאס איז דניאל פון דער לאנקע.

עס טוט זיך עפעס א רוק איבער דער פריילינס געזיכט, ווען זי שטייט אויף און גייט ארויס. דער דירעקטאר האט זיך אויך אויפגעהויבן און פארלאזן דאס צימער.

דניאל איז געשטאנען לעבן די טרעפ מיט א קליינעם שליטל. ער האט דאס היטל נישט אראפגענומען, ער האט נאר געזאגט פריינטלעך און פארטרויעלעך:

— גוט מאָרגן! ווי גייט עס? איך מיין, אַז כ'וואָלט דיך איצט געקאָנט אַריבערפירן?

— מיך אַריבערפירן?

— די זאַכן אַריבערפירן. דו ווילסט נישט?

אַך גאָט! ער רעדט אַזוי הויך, דער בחור! זי טוט קרום אַ בליק אַרויף, צום שטוב. דאָרט זענען, פאַרשטייט זיך, די געסט געשטאַנען ביי די פענסטער. אפילו פרוי רובען האָט זיך גע-שטעלט אויף די פיס, שטייט און קוקט דורך דער שויב.

— געהיים וויל איך. געוויס. — האָט די פריילין געזאָגט. — נאָר איך האָב מיך נאָך נישט פאַרפּאַקט.

— קאָן איך וואַרטן. — האָט דניאל געזאָגט.

ער איז, איבעריקנס, געווען זייער ליבלעך און חוץ אַלע-מען, איז ער דער, וואָס זי דאַרף מיט אים חתונה האָבן. נו, און אַזוי ווייטער.

— לאָמיר עס אָפּלייגן אויף מאָרגן. מיין ליבער דניאל. — האָט זי געזאָגט

— זאָל זיין מאָרגן, — האָט דניאל געזאָגט — איך האָב אַהער געבראַכט אַ קאַלב. האָב איך אַ טראַכט געטון, אַז איך קאָן דיך איצט אַריבערפירן. נאָר דאָס קאַלב מוזטו זען. אַ פיין קעלבל. עס שטייט אין שטאַל, קום, וועל איך דיר ווייזן.

— ניין, נישט איצט, איך בין גראָד איצט פאַרנומען.

— מילא. אָבער דאָס איז אַן אויסגעצייכנט קאַלב, דער שווייצער אַליין זאָגט אויך אַזוי.

— איך וועל מיך צוגרייטן און מאָרגן קומען. — האָט די פריילין געזאָגט.

זי איז צוריק אַריין. דער ווייזט איז איר נישט געווען צום האַרצן, זי איז צופרידן געווען, וואָס זי האָט נאָך דעם זעלבסט-מערדער געפונען זיצנדיק אין רויכערצימער: זי האָט איצט גע-דאַרפט עמעצן האָבן.

— דאָס איז געווען דניאל, ער האָט געוואָלט נעמען מיין קופערט, — האָט זי געזאָגט וועדליק דער אמת איז געווען—אָבער

איך קאָן דאָך נישט לויפן פונדאַנען אָט אַזוי פּלוצלינג. נישט אמת?

— דניאל וויל אייך, מסתמא, וואָס גיבער ביי זיך האָבן. ער טראַכט וועגן דעם חודש-געלט.

— יאָ, דאָס זענט איר גערעכט.

— דניאל האָט זיינע זאָרגן, מיר — אונזערע. דניאלן איז זיכער גוט. ער איז אַ היגער. ער וווינט אין די בערג, ער אַר-בעט דאָ, דאָ לעבט ער און דאָ וועט ער שטאַרבן, ווען ס'וועט קומען די צייט. מען דאַרף זיך אַזוי ראַטעווען, ווי ער. ער דאַרף ערגעץ נישט אַנטלויפן. ער ווערט אפשר פון ליבע אפילו אויך נישט געפּייניקט.

— געוויס נישט.

— אָט אַ גליקלעכער מענטש!

— איר מיינט, אַז דאָס איז גליק?

— נישט פון אייגענער דערפאַרונג.—האָט זיך דער זעלבסט-מערדער געאיילט צו ענטפערן. — דאָס איינציקע, וואָס מענטשן דאַרפן טייער האַלטן, דאָס איז די פרייד פון לעבן, דאַנקבאַר-קייט פאַרן לעבן. אָבער דאָס באַקומט מען נישט דורך ליבע. פאַרקערט, ליבע איז אַ ביטש.

— אָפטמאָל איז עס געוויס אַזוי.

— אַזאַ מענטש, ווי מאָס, צום בײַשפּיל. איך האָב מיך נאָר צופעליק דערמאָנט אָן אים, אָבער ער געהערט נישט אַהער, ער האָט זיינע זאָרגן, יעדער פון אונז האָט זיך דאָס זייניקע.

— איר האָט מאָסן געשיקט אַן ענטפער אויף זיין בריוו? — פרעגט די פריילין.

— אויף דעם אומפאַרשעמטן בריוו? ניין, דאָס האָב איך נישט געטון, אָבער ער וועט נאָך קריגן אַן ענטפער, דערויף קאָן ער זיך פאַרלאָזן. פאַרוואָס זאָל עפּעס זיין וואָרט זיין דאָס לעצטע.

— ער איז דאָך אָבער אַזאַ אומגליקלעכער מענטש.

— איך ווייס נישט,—זאָגט דער זעלבסטמערדער פאַרטראַכט.— אפשר איז ער געווען אומגליקלעך

פּלוצלינג הויבט ער אָן צו כיכיקן און שאָקלען מיטן קאָפּ.

— אָבער דאָס װעװערקעלע, װאָס איך האָב אים אװעקגע־שיקט, איבער דעם װעט ער זיך אַ ביסל ברעכן דעם קאָפּ. דע־דין בין איך זיכער.

נאָר װי גיך װי ער איז אױפגעלעבט געװאָרן, אַזױ גיך איז ער צוריק אַרײַנגעפאַלן אין אַ געדריקטער שטימונג.

— איר זעט די דאָזיקע װונד. — האָט ער געזאָגט — דאָס איז געװען דיזעלביקע קלײנע װונד, װאָס ער האָט באַװיזן דעם דאָקטאָר.

דער דאָזיקער קלײנער ראַנק, דאָס בלאָטערל האָט באַהערשט זײַנע געדאַנקען. ער האָט בסדר געקראַצט אַרום דעם, אָן אױפ־הער געבלאָזן דערױף און נישט ערלױבט עס צו הײלן. — װאָס זאָל איך דערמיט טון? — האָט ער געפרעגט.

— איך מײן, אַז ס'איז גאָרנישט. װאָס זאָגט דער דאָקטאָר?

- דער דאָקטאָר, דער נאַר! פאַרשטײט איר, איך האָב מורא, אַז דאָס האָב איך מיך אָנגעשמעקט.

— ס'קאָן נישט זײַן.

— אַ גרױס געפאַר. איך האָב צוריק באַקומען מײַן סװעטער, און ער איז, מסתמא, געװיס נישט װי געהעריק אױסגערײניקט געװען. חוץ דעם האָב איך פון אים באַקומען דעם צרעתדיקן בריװ. אַזאַ חזיר, אַזאַ פּאַסקודנע פליג. איז ער דען נישט אַרומגעגאַנגען דאָ, געאָטעמט מיט אונזער לופט, גערעדט מיט אונז און געגעסן מיט אונז בײַ אײן טיש? מען װאָלט אים דערשיסן געדאַרפט. און נאָך דעם האָט ער נאָך געהאַט די העזה מיר צו שיקן אַ בריװ.

— אַ נײַעם בריװ?

— אַ נײַעם בריװ, אָנגעקומען מיט אַ פּאָר טעג פריער.

— װעגן דעם האָט איר גאָרנישט דערצײלט.

— איך האָב דעם בריװ, פאַרשטײט זיך, נישט געעפנט, נישט אָנגערירט.

— האָט איר אים נישט געלײענט? — האָט די פרײַלין גע־ברענגט פאַרװונדערט.

— דער דאָקטאָר האָט אים געלייענט. וואָס, מיינט איר, איז אין אים געהען? קיין איין וואָר וואָרט נישט, דורכוים ליגן. ער זאָגט, אַז ער האָט גאָרנישט קיין צרעת; ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען אַ טעות, זאָגט ער.

די פרײַלין איז נאָך אַלץ פאַרוווּנדערט; אַזוינס האָט זי נאָך קיינמאָל נישט געהערט.

— אַן אמתער שווינדל. ער דערציילט נאָך, אַז ער קאָן שוין ווידער עפּעס זען און אַליין אַרומגיין.

די פרײַלין שרייט אויס: — גוט, וואָס כאָטש עפּעס ווערט צוריק בעסער אויף דער וועלט.

* *
*

דאָס איז נישט געווען די איינציקע איבעראַשונג, וואָס פרײַלין ד'עספּאַר האָט אינם דאָזיקן נאָכמיטאָג איבערגעלעבט.

איינע פון די דאַמען איז צו איר געקומען... אײַנגעטלעך זענען עס געווען צוויי דאַמען, נאָר איינע איז געבליבן שטיין אין קאָרידאָר. די דאָזיקע דאַמען, וואָס האָבן זי פריער געהאַט אויסגעשלאָסן פון זייער געזעלשאַפט, זענען איצט צו איר געקומען מיט אַן אויפטראָג: אפשר וואָלט זי בײַ זיי אָפּגעקויפט אָט דאָס טישטוך.

פרײַלין ד'עספּאַר האָט קיין וואָרט נישט געקאָנט אויסרעדן.

די מעשה איז געווען אַזוי: זיי האָבן עס פריער אָנגעבאָטן פרוי רובען, איר איז עס אָבער נישט געפעלן געוואָרן, דעם מוסטער האָט זי נישט געוואָלט. אָך, די פרוי רובען — אויף קיין זאַך פאַרשטייט זי זיך נישט, אויסער אויף געלט! און דאָ האָט פרוי רובען אָנגעהויזן אויף פרײַלין ד'עספּאַר: זי קלויבט זיך אַרויס אין פאָסטוך-שטיבל, קאָן איר אפשר דאָס טישטוך דאָרט צונויף קומען.

דאָס איז געווען דאָקטאָר עיענס טישטוך. די ווייַנאַכט-מתּנה פון די דאַמען, פאַר וועלכער ער האָט זיי געדאַנקט, און פאַר פרייד שיר נישט געוויינט.

— יאָ, אפשר וונדערט עס די פרײַלין?

— יאָ, — ענטפערט די פרײלין — דאָס הײסט עס איז זיך אפשר גאָרנישטאָ װאָס צו װוּנדערן.

אין תּוך גענומען — נישטאָ. די דאַמען האָבן געהאַט פּיל מי און הוצאות אַרום דעם טישטוך, און עס האָט דעם ציל דער־גרײכט: אין דעם געהעריקן מאָמענט דעם דאָקטאָר פאַרשאַפט פרײד, אָבער איצט איז דער דאָקטאָר עיען טויט; באַלד װעלן, מסתמא, קומען זײנע קרובים, װעלן אַװעקפירן זײנע זאַכן און צע־טײלן זיך מיט זײ. יאָ, דאָס װאָלט שײן אויסגעזען. עס איז קײן דאַמע אויפן רעיון נישט געקומען צו מאַכן אַ געשענק דאָקטאָר עיענס קרובים. דעריבער האָבן זײ דאָס טישטוך צוריקגענומען.

די דאָזיקע באַגרינדונג איז געװען אַזאַ קלאָרע, אַז פרײלין ד׳עספּאַר האָט מסכים געװען. זי האָט גענומען דאָס טישטוך אין די הענט, אויסגעשפּרײט און באַטראַכט. אַביסל האָט עס איר אויך הנאה געטון, װאָס די דאַמען זענען אין דער דאָזיקער אָנגעלעגנ־הײט געקומען צו איר.

— נײן, — האָט די פאַרקויפערין װײטער געזאָגט—עס װאָלט געװען גאָר אַנדערש, װען דאָס טישטוך װאָלט געקאָנט איר באַ־זיצער אין קבר אַרײן באַגלײטן און מיט אים צוזאַמען באַער־דיקט װערן.

— װאָס װילט איר פאַרן טישטוך? — פרעגט די פרײלין.

די דאַמע רופט אַרײן פון קאָרידאָר די אַנדערע דאַמע, זי איז געװען די סעקרעטאַרין פון דער אונטערנעמונג, װעלכע האָט פאַרצײכנט די פּרײזן פון געװאַנט, זײד און פּרענדז. בײדע דאַמען האָבן זיך מישב געװען. די סעקרעטאַרין האָט דערקלערט, אַז דאָס, װאָס מען װעט אָפּלײזן פאַרן טישטוך, װעט מען מוזן צע־טײלן צװישן פּיל מענטשן. אַזױ אַז אויף יעדן אײנציקנס חלק װעט נישט פּיל אָנקומען.

פרײלין ד׳עספּאַר האָט אָפּגעקויפט דאָס טישטוך.

אַזױ גיך איז אויסגעלאָשן געװאָרן דער זכר פון דאָקטאָר עיען. דאָקטאָר עיען האָט נאָך זיך בײ קײנעם נישט איבערגע־לאָזן קײן פוסטקײט אין הארצן. ער האָט געהאַט צו װײניק באַ־דײטונג. מענטשן האָבן שוין גענומען קריכן אַריבער זײן טויטן

קערפּער. ווען עס האָט זיך אַפילו אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט אין זיין דיאַגנאָז ביי אַנטאָן מאָס אַ טעות געהאַט, איז... יאָ, עס איז געווען נישט קיין יושר דעם גוטן מענטשן אַזוי שנעל צו פאַר־געסן, אָבער אַ פאַרדינטע אומגערעכטיקייט. עפּעס האָט אויסגע־זעען, ווי עיען וואָלט גאָרנישט געוווּסט, גאָרנישט געשפּירט. ער איז געווען, ווי אַ פיש אויף דער יבשה. אָבער אויך ער האָט געמאַכט די נסיעה צו דער ערד. די נסיעה אַהער, און די נסיעה ווידער אויף צוריק...

* *

*

אויף מאָרגן אינדערפרי האָט דירעקטאָר אָליווער זיך אָנגע־נומען מיט כוח און איז אַוועקגעפאָרן אַהיים. מיט דעם זעלביקן צוג זענען אָפּגעפאָרן פרוי רובען, בערטעלסען און דער אַדוואָ־קאַט. פרוי רובען איז איצט געווען פיל בעסער. זי האָט געגעסן און געשלאָפן, באַקומען אַ פרישערע פאַרב אין פנים און ווידער אַביסל פעטקייט אונטער דער אָראָפּגעהאָנגענער הויט. זי איז ווי־דער געוואָרן געזונט און שיין. עס איז אַ וווּנדער, ווי די דאָזיקע זעלטענע דאַמע האָט זיך געקאָנט פאַר אַ קורצער צייט אַזוי אומ־בייטן. אַ גוטע ראַסע, אַ פעסטע ראַסע.

שפּעט נאָך מיטאָג האָט פרײַלין ד׳עספּאַר באַצאָלט איר חשבון אין דער סאַנאַטאָריע און איז גאַנץ שטיל אַוועק אויף דער מאָראַהוסער לאָנקע. זי האָט געוואָלט קומען אין אָוונט, אין בין־השמשות צייט. זי האָט נישט געפּישטשעט, נישט געפרייט זיך; איר איז, פאַרקערט, אַביסל פריקרע געווען פאַר זיך אַליין און פאַר איר וואַנדערן, די אויגן אָבער זענען ביי איר געווען טרו־קענע. פאַרשטייט זיך, עס איז געווען נישט גוט, אָבער פאַר דער לעצטער צייט האָט זי איר גורל איבערגעטראָגן אָן געבעטן און תחנונים. טרערן און תפילות האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר צוועק־לאָז, און זי האָט שוין מער נישט געוואָלט פרווון צו לאָזן אין גאַנג די געטלעכע מאַשינעריע. אַוועקגעוואַנדערט אָן אַ זייט? ריכ־טיק. אָבער זי איז געגאַנגען מיט געהויבנקייט, זי האָט געטראָגן דאָס באַרימטע טישטוך אונטערן אָרעם, זי האָט עס געוואָלט

אַוועקלייגן אויפֿן טיש און צוזאַמען דערמיט ווי אָנצינדן אַ פּאַקעל אין דניאלס נייער שטוב. איז עס דען נישט געווען אין אַ געוויסער מאָס אַ גוטער איינפֿאַל? זי האָט געמוזט שמייכלען — אפשר כּדי נישט צו וויינען. אַך, ווען זי וואָלט געקוקט מיט נאַסע אויגן, וואָלט איר גורל איר אויסגעוויזן אַ סך חושכדיקער.

די לעצטע וואָכן אין סאַנאַטאָריע זענען פֿאַר איר געווען נישט קיין אָנגענעמע. זי האָט זיך געמוזט לאָזן אויף פֿאַרשידענע קונצן; זי האָט געדאַרפֿט אונטערשטאָפּן זיך אין איינע ערטער, אין אַנדערע — איינציען זיך; האָט געשפּרונגען ווי אַ באַכשטעלצע אויף די טרעפּ. האָט זיך פֿאַר אַלעמען געוויזן מיט געלעכטער און זאָרגלאָזיקייט, זאָלן די איבעריקע דאַמען, די מכשפֿות, זען, צי קאָן מען אויף איר געפּינען עפּעס אַ חשד! דאָס איז אָבער געווען אַ מאַטערניש שטענדיק אַזוי צו זיין אויף דער וואַך, אָפּזאָגנדיק זיך אין פֿיל אַנדערע באַציונגען פֿון אירע געוווינהייטן. איצט האָט זי שוין מער נישט אויסגענוצט איר אָנציונגסקראַפֿט אויף די מאַנסביל, האָט שוין מער נישט געפּרווּט פֿאַרבאָרגן דאָס אָפֿענע לאָך צווישן די ציינער אין איר מויל. איר יונגער קערפּער האָט פֿאַרלוירן די פֿאָרמען, זי האָט מער נישט געטאָרט שטיין אינמיטן צימער איינע אַליין און בלייבן דער מיטלפּונקט פֿון אַלעמענס אויפֿמערקזאַמקייט.

און נעכטן איז דניאל געקומען. ער האָט שיר נישט אַלץ איבערגעפֿירט, און זי האָט געטראַכט מיט באַפֿרידיקונג וועגן דעם, וואָס זי האָט אים באַגעגנט אָן שום כּעס. ער איז פּלוצלינג געקומען, ווי אַ גנליבטער, האָט זי אַריינגעבראַכט אין פֿאַרלעגנהייט, האָט געשיקט אַראָפּרופֿן זי און צוגעצויגן פֿנימער צו די פֿענסטער. נאָר זי איז געבליבן געטריי פֿריינטלעך און פֿרעמד קעגן אים, האָט אים גערופֿן „מיין ליבער דניאל", פּשוט, ווי ער וואָלט געווען נאָר אַ שכן.

זי טראַכט וועגן דעם און וועגן נאָך אַזעלכע זאַכן, און איז שוין מער ערנסט און טרויעריק. לעבן דעם קליינעם שפּייכלער אין וואַלד באַווייזט זיך דניאל. ער גייט איר אַנטקעגן.

— איך האָב טאַקע אַזוי גערעכנט, אַז דו וועסט אַרום דער צייט קומען, בין איך אַרויס דיך צו באַגעגענען. — זאָגט ער.

ער האָט מיט זיך געהאַט דעם שליטן און געוואָלט תיכּף גיין נאָך איר קופערט.

— וואָס טראָגסטו אונטערן אָרעם? — פרעגט ער, כּדי עפּעס צו זאָגן.

— ווען דו וואָלסט נאָר וויסן! — ענטפערט זי.

דאָס, וואָס זי שפּאַסט, גיט אים צו מוט. ער טאַפּט אַרום דעם פּאַקעט, קוקט אפילו אין אים אַריין. פּלוצלינג נעמט ער זי אויף די הענט און טראָגט זי אַריין אין שפּייכלערל.

— אַזאַ יונגאַטש! גיי! דו ביסט משוגע!

אָבער דאָס איז נישט אומאָנגענעם געווען, אויף אַ רגע אויפגעהויבן צו ווערן איבער דער ערד מיט אַלע אירע צרות.

* *
*

זי איז אָן שום פאָרבערייטונג אַריינגעטראָטן אין איר נייעם לעבן אין דעם שטיבל אויף דער באַרג-לאָנקע, אָבער זי האָט אין זיך דערשטיקט איר פאַרוווּנדערונג איבער דער אומגעוויינלעכער סביבה. קיינע איבעריקע רייד. קיינע פראַגן. זי האָט באמת גוט געשלאָפן די גאַנצע נאַכט ביז שפּעט אין מאָרגנדיקן טאָג אַריין. מען האָט נישט געקאָנט אָפּלייקענען — זי איז ווי אָנגעקומען אין אַ מין רויקן האַפן.

זי האָט באַטראַכט די עטלעכע זאַכן, וואָס זענען געווען אין שטוב: אויסער איר קופערט איז דאָ געווען אַ בעט, אַ טיש מיט עטלעכע בענקלעך, לעבן אויוון — אַ הייסע שיסל מיט אַן אוזאָר אַרום די ברעגן, דאָס איז געווען צום וואַשן זיך. אַ לעבערלעכע אויסשטאַטונג. אָבער אינגאַנצן ריין און נישט אָן פיינקייט. אַזוי האָט מען געלעבט אויף דער לאָנקע. און אַרום הויז איז דאָ געווען אַ פּולקאָמע שטילקייט. דניאל איז, מסתמא, אַוועקגעגאַנגען, און אויב מאַרטע איז געווען אין קיך ביים קאָך-אויוון, האָט זי זיך אַזוי שטיל באַוועגט, אַז מען האָט זי נישט געהערט. ווען די פרייליין האָט זיך איינגעוואַשן אין דער שיסל מיט די אוזאָרן, האָט זי באַמערקט, אַז די טראָפּנס וואַסער, וואָס פאַרשפּריצן זיך אויפן אויוון, זידן. יאָ, דער אויוון איז געווען אָנגע-

הייצט און אין צימער — וואַרעם. אַזאַ ווײַכע איז זי מאַרטע! פֿאַר דער דאָזיקער אויפֿמערקזאַמקייט האָט די פֿרײַלין איר געוואָלט תּיכּף אין דעם ערשטן פֿרימאָרגן פֿײַן באַדאַנקען.

דניאל האָט זיך באַוויזן הינטערן פֿענסטער, און די פֿרײַלין האָט אים אַ ווונק געטון. ער זאָל אַרײַנגיין.

— דניאל! — האָט זי געזאָגט. — וואָס פֿאַר אַ מיינונג וועסטו וועגן מיר האָבן, ווײַבאַלד אַז איך שטיי אויף אַזוי שפּעט?

— וואָס האָסטו דען צו טון, וואָס דו זאָלסט אויפֿשטיין פֿריער? איך בין געווען צופֿרידן, וואָס דו ליגסט נאָך. — האָט דניאל געזאָגט. — האָסט גוט געשלאָפֿן?

— ווי אַ שטיין.

— מיר האָבן געזען צו מאַכן דאָ פֿאַר דיר געמיטלעך, וויפֿל ס'איז נאָר געווען מעגלעך, — האָט דניאל געזאָגט — מיר האָבן דאָ אַרײַנגעשטעלט פֿאַרשידענע זאַכן, וועלכע דו וועסט אפֿשר דאַרפֿן האָבן. — ער האָט זיך שטאָלץ אַרומגעקוקט, גלײַך ווי אין שטוב וואָלט געווען אַ מאַסע מעבל און חפֿצים. — און, — האָט ער שטיל צוגעגעבן — אויב איר פֿעלט נאָך עפּעס, זאָל זי נאָר זאָגן.

אַ פּראַקטיקער יונג! אַ דאָרפֿישער, נאַיוו און ווייסט ווייניק, אָבער אַ סימפּאַטישער. זי איז געווען אַ ביסל גערירט פֿון אים, און האָט אַזוי געמאַכט, אַז ער האָט זי אַ קוש געטון.

— איך האָב דיך ליב, און איך מוז דיך האָבן. — האָט ער געזאָגט שיין און אויפֿריכטיק.

— אָט האָסטו דאָך מיך — האָט זי געענטפֿערט.

און זי האָט ווידער אַ טראַכט געטון, אַז ווען דער דאָזיקער דניאל וואָלט זיך, ווי ס'דאַרף צו זײַן אויסגעוואַשן, וואָלט ער געווען גאָר נישט קיין מיאוסער.

— יאָ, דאָ איז איצט דײַן אָרט—האָט ער געזאָגט.

— וואָס הייסט?

— דײַן היים — די טאַראַהוס־לאָנקע, דער באַרג און דער וואַלד. עס געפֿעלט דיר דאָ?

זי האָט אַ שמייכל געטון און געענטפֿערט, אַז זי איז דאָ

נאָך אזוי נישט לאַנג, זי ווייסט נאָך נישט.

— פרעג מיך אין אַ יאָר אַרום.

מען האָט איר דערלאַנגט עסן אין איר צימער, און זי האָט אויפגעגעסן פיל מער, איידער זי האָט געהאַלטן פאַר מעג־לעך. דאָס זענען נישט געווען קיין קאָנסערוון, נאָר געזונטע באַרג־שפייז, געריוכערטס.

— וויפל זאָל איך דיר צאָלן אַ חודש? — האָט זי געפרעגט.

דאָס האָט זיך בײַ איר פּלוצלינג אַרויסגעריסן פון מויל און באַוויזן, ווי תּמיד זי האָט זיך איינגעלעבט מיט איר נייער ראָלע אַלס ווירטין פון דער שטוב.

דניאל האָט עס אָנגענומען פאַר אַ שפּאַס.

— הא הא! אַ פראַגע אַביסל!

און מאַרטע, וועלכע איז, אפנים, געווען פּאַרטרויט אין זייערע באַציונגען, האָט שטילינקערהייט געשמייכלט.

זיי זענען אַוועק אין דעם קליינעם און וואַרעמען שטאַל; קי און שאָף האָבן צו זיי אויסגעדרייט די קעפּ און געקוקט אויף זיי.

— פון דעם־אָ אָקס וועט ביז הערבסט אויסוואַקסן אַ פיינער בחור, — האָט דניאל געזאָגט און אַ גלעט געטון דאָס עקסל — ער איז נישט אַזאַ, ווי דער רוצח, וואָס איז געווען זומער; דו קאָנסט אים אַרונטערקריכן אונטערן בויך, אויב דו ווילסט.

זיי זענען אַריין צום פערד. דניאל האָט זיך גרויס געהאַלטן מיט דעם פערדל, אַ קליאַטשע מיט שכל פון אַ מענטשן און מיט אַ מעכטיקן כּוח. ס'איז נישט צו דערציילן, ס'אַרא משאות זי קאָן שלעפּן.

— זע, ווי די אויגן גלאַנצן בײַ איר — מען קאָן זיך אין זיי שפּיגלען. אָרעמע חיהלע, באַלד וועל איך דיר געבן ברויט.— און אַז ער האָט דאָס געזאָגט, האָט ער פּלוצלינג אַ טראַכט גע־טון: — בלייב דאָ פריילין, וואַרט אַביסל, איך וועל נאָר ברענגען ברויט, איך וויל זי נישט אָפּנאַרן, נעבעך.

ער איז אויף אַ רגע פאַרשוווּנדן און זיך באַלד צוריקגע־

קערט מיט ברויט, וואָס ער האָט דעם פערד אָפּגעגעבן שטיק־לעכווייז.

— גיב דו איר אויך, פרײַלין. — האָט ער געזאָגט.

— יוליע. — האָט די פרײַלין אים פאַרריכט.

— גיב איר, ווערסטו זען, ווי ווייך איר מויל איז.

ערשט ווען זיי זענען אַרויסגעגאַנגען, האָט ער אָנגעהויבן רעדן וועגן דער פרײַלינס נאָמען.

— יוליע, — האָט ער געזאָגט — רופט מען דיך יוליע? זייער אַ שיינער נאָמען, קיינער אין דאָרף האָט נישט אַזאַ נאָמען.

זיי זענען אַרומגעגאַנגען. ער האָט איר אַלץ באַוויזן, ער האָט אַפילו אויפגעהויבן די דעקן פון די קאַסטנס און געזאָגט:

— דאָ זענען לײַלעכער, דאָ עסנוואַרג. און דאָ איז, אגב, וואָל. דאַנקען גאָט. מיר האָבן אין די בערג אויך פאַרשידענע זאַכן. דאָ איז וואָל פאַר דיר.

— יאָ, איך זע.

ער האָט איר באַוויזן זײַנע צוויי ביקסן אויף דער וואַנט. און האָט איר דערקלערט, אַז איינע איז אויף שרויט, די אַנדערע אויף קוילן. ער האָט איר באַוויזן פעקלעך שמאָף און ווייסצייג אויף אונטערוועש.

— יוליע! — האָט ער געזאָגט. — איך קאָן עס גאָרנישט פאַרגעסן. ס'איז במעט ווי סאַמעט, ווען מען רעדט עס אַרויס.

— אויף פראַנצויזיש הייס איך זשולי. — האָט זי געזאָגט.

— אַלץ קענסטו! — האָט ער זיך אָפּגערופן, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ. — אויך דעם פערד האָסטו דאָך מיר אײַנגעשאַפט.

— דו וואָלסט, מסתמא, אָן מיר אויך אַ פערד געקראָגן.

— נו יאָ, געוויס; מען וואָלט מיר געטרויט, וויפל אַ פערד איז ווערט, און נאָך מער. ס'איז אָבער בעסער געווען, אַז איך בין געקומען מיט מזומן געלט.

אַזוי איז יוליע ד'עספּאַר אַרײַנגעטראָטן אין איר צוקונפט.

## XIII

אלק איז געגאנגען גוט עטלעכע וואָכן נאָכאנאנד, און ס׳וואָלט געקאָנט ווייטער גוט גיין. אָבער פּלוצלינג איז עפּעס געשען אזוינס, וואָס האָט צעשטערט די אָרדנונג.

דאָך איז נאָך אַלק גוט געווען. פריילין ד׳עספּאר איז געלעגן ווי אַ בער אין נאָרע — גאָרנישט געטון. פונדעסטוועגן האָט זי אויסגעמיידט צו טרינקען קאווע אין בעט. היות ווי זי האָט נישט געהאט צוליב וואָס צו זיצן אין אָוונט, האָט זי זיך געלייגט שלאָפן פרי, און היות ווי זי האָט זיך געלייגט באצייטנס, איז זי אויפגעשטאַנען פרי פארטאָג. עס איז אפשר געווען נישט נאָרמאַל, וואָס זי פלעגט אויפשטיין זעקס און נישט עלף דעם זייגער. שפּעטער האָט זי אָבער אָנגעהויבן גרויס האַלטן זיך דערמיט, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען עפּעס אַ קונדסערייִ, און מארטע האָט זי זייער געלויבט און נביאות געזאָגט, אַז מיט דער צייט וועט פון איר ווערן אַ גרויסארטיקע הויזווירטין אויף דער לאַנקע.

דערווייל האָט זי במעט קיין שטוביקע ארבעט נישט געטון, חוץ וואָס זי האָט געהאָלפן די וועש וואַשן. זי האָט אָנגעטון מארטעס אַ קלייד, געוואַשן אירע אייגענע אונטערוועש, אירע טאַשנטיכלעך, קראַגנס און בלוזעס. די טעג פון געוועש זענען פאר איר געווען נישט די לאַנגווייליקסטע. פארקערט, דאַ, איבערן וואַשצימער האָט זי מיט מארטען געקאָנט שמועסן וועגן וואָס זי האָט געדארפט.

— ער איז אזא חוילער, אַז בעסער קאָן מען זיך נישט ווינשן, — האָט מארטע דערציילט — איך קען אים, זינט ער איז געבוירן געוואָרן. עס איז אַ חרפּה פאר העלענען, וואָס זי האָט אים נישט גענומען.

אַ מאָדנע זאַך: פריילין ד׳עספּאר איז געווען אויפגערייצט קעגן העלענען. זי האָט זי נישט ליב געהאט, זי איז אפילו ווי

איִפּערזיכטיק געווען אויף איר. אויף וויפל זי האָט געוווּסט, איז נאָך קיין סימן נישט געווען, אַז העלענע זאָל האָבן אַ קינד, הגם זי האָט שוין גאַנץ לאַנג חתונה געהאַט מיט דעם זשאַנדאַרם. אַזוי אַרום איז זי נאָך אַלץ געבליבן אַ יונג מיידל, געווען שיין און אומגעענדערט. נישט גלייך צו אַנדערע אומגליקלעכע מענטשן.

— זי איז אַ שיינע, העלענע? — האָט זי געפרעגט.

— יאָ, — האָט מאַרטע געענטפערט — אַ בלאָנדע, אַ ליבלעכע. אַ פויערשע טאָכטער.

— אַ הויכע?

— אַ הויכע אויך.

עס האָט פריילין ד'עספּאַר פּלוצלינג זיך פאַרוואָלט אויפזוכן דניאלן, ער האָט דעמאָלט גראָד געטראָגן אַ וואָלן קאַפּטל מיט בלויע קאַנטן. דאָס האָט מאַרטע אויסגעשטריקט. דאָס קאַפּטל איז בלענדנד ווייס אויסגעבלייכט און האָט דניאלן פּרעכטיק געקליידט.

— הער, דניאל! — האָט פריילין ד'עספּאַר געזאָגט. — עס איז שוין צייט, מיר זאָלן חתונה האָבן.

— ריכטיק! — האָט דניאל געזאָגט. — איך האָב שוין לאַנג וועגן דעם געטראַכט, האָב עס אָבער נישט געוואָלט זאָגן. ווען האָסטו חשק דערצו?

— דאָס זאָג דו.

— די קינפטיקע וואָך האָבן מיר פּאַסכע. דריי וואָכן דאַרף געדויערן דאָס אויסרופן אין דער קירכע. פון פּאַסכע ביז דעם גרינעם יום־טוב איז זיבן וואָכן. עס וועט קלעקן צייט. שרייב נאָר אויס דיינע דאָקומענטן, אַז אַלץ זאָל זיין אין אָרדנונג.

— דער וואָלענער קאַפּטל קליידט דיר. — זאָגט די פריילין.

— דו געפינסט? — ס'איז פון מיין אייגענעם וואָל, מיר האָבן פיינעם וואָל אין טאָראַהוס.

— און אַזוי ווייך. — זאָגט די פריילין און טוט אַ טאַפּ דעם קאַפּטל.

— דו וועסט אויך האָבן אַזאַ קאַפּטל.

— דו וואָלסט עס, מסתּמא, בעסער העלענען אַוועקגעשענקט?

— העלענען? — פרעגט דניאל פארוואונדערט.

— אפנים, נישט אַזוי האָט מען גערופן דאָס מיידל, מיט וועל־כער דו האָסט געהאָלט חתונה האָבן? איך געדענק נישט גוט.

— העלענע! איך טראַכט אפילו וועגן איר נישט. קיין האָר נישט.

און פרייילין ד'עספאַר איז דאָ פאַר אים געשטאַנען גאָר נישט קיין שיינע; איר האָט געפעלט אַ צאָן, דאָס געזיכט מיט אַ שניט, דער בויך אָנגעשוואָלן. זי האָט זיך, מסתמא, געפילט נישט זיכער און אָנגעהויבן צו פרעגן און צו פאָרשן. אַ וועלכע איז זי? אפשר קאָן איך זי זען? האָסטו זי אָפט געקושט?

— גאָר אַ נייעס! — זאָגט ער. — צוליב וואָס פרעגסטו עס? איך האָב מיך ביי איר נישט געבעטן און נישט גערופן, זי זאָל צו מיר אַהער אַריבערפאָרן. איך האָב עס נאָר געזאָגט ביי אַ געלעגנהייט. איך שטאַם פון אַזאַ פיינער משפחה, ווי זי. איך בין אַ זון פון אַ דאָרפס־ווירט, און מיין זאַך קען איך גרינדלעך. איך האָב אַליין אַ הויף און אַ הויז. איך האָב פעסער און קאַסטנס מיט אַלדאָס גוטס, ווי דו האָסט געזען. און אַז ס'וועט קומען די צייט, האָב איך נאָך אַזעלכע פּלענער, וואָס העלענע האָט וועגן זיי קיין פאָרשטעלונג נישט. ניין, איך דאַנק איר, וואָס זי איז אַוועק פון מיר. און איך טראַכט וועגן איר קיינמאָל נישט.

ער האָט די פרייילין באַרויִקט מיט אַ לאַנגן געשפּרעך און געפונען פיינע ערלעכע ווערטער אַרויסצוזאָגן, אַז זי, יוליע, איז עס די, וואָס גאָט האָט אים באַשערט און וואָס מיט איר וועט ער גליק־לעך זיין. פאַרשטייט זיך, אַז אין דעם איז געווען אויך גאווה, וואָס ער האָט זיך איצט קיין אַנדערע נישט געקאָנט ווינשן און וואָס אין זיינע אויגן, ווי אין די אויגן פון אַלע דאָרפסלייט, איז זי געשטאַנען פיל העכער פאַר דעם דאָרפישן מיידל. זי איז געווען איידל און פאָרנעם, און האָט מיט איר קעפל און מיט אירע הענט געקאָנט מאַכן אַלץ אין דער וועלט.

באמת, פרייילין דעספאַר האָט נישט געהאַט קיין גרונד פאַר אייפערזוכט, גאָר קיין גרונד נישט, דניאל האָט זיך געפרייט מיט דער חתונה און זיך געפילט גוט. ער האָט זיך אַ ביסל צוגעלאָזט

צו זיין דאַמע, אָבער אין דעם איז שולדיק געווען דאָס, וואָס ער איז געווען פאַרליבט. חוץ דעם האָט ער זיך געהאַלטן גאַנץ אָנשטענדיק.

— דער קרעמער האָט מיר באַוויזן גאַרדינען פאַר דיינע פענסטער, אָבער איך האָב זיי נישט מיטגענומען, — האָט ער געזאָגט.

— גיי און קויף זיי, — האָט די פרייַלין געענטפערט — געלט וועל איך דיר געבן. נאָר קלויב אויס דיקערע, מען זאָל דורך זיי נישט קאָנען אַריינקוקן.

— אַהאַ, פאַר דער צייט, ווען דו וועסט ליגן אין קימפּעט.

יאָ, די פרייַלין האָט נישט געמאַכט קיין סוד דערפון, אַז זי דאַרף די גאַרדינען פאַר דער צייט, ווען זי וועט ליגן אין קימפּעט.

— און ברענג אַ שפּיגל אויך, אַ גרעסערן שפּיגל אויף דער וואַנט. איך האָב נאָר אַ האַנט־שפּיגל.

— זאָג נאָר, וואָס דו ווילסט, — האָט דניאל געענטפערט — דו דאַרפסט מיר נאָר זאָגן. — האָט ער געזאָגט...

אויף פּאַסכע זענען ווידער אָנגעקומען פאַרשידענע מענטשן אין דער סאַנאַטאָריע. און אייניקע פון די געסט פלעגן זיך קומען צו שלעפן אויף דער לאָנקע צו דניאלס שטיבל. זיי האָבן אַוודאי געהערט וועגן דער יונגער דאַמע, דער שטאָטישער, וואָס האָט זיך דאָ באַזעצט. זיי האָבן זי, מסתמא, געוואָלט זען, אָבער אומזיסט, זי האָט זיך נישט באַוויזן. זי האָט אַראָפּגעלאָזן אירע גאַרדינען און פון הינטער זיי געקוקט אויף די נייגיריקע יום־טוב־געסט, די לוידיקגייער און סקי־לויפער. צווישן זיי איז קיינער נישט געווען פון די ערשטע געסט, קיין באַקאַנטער.

אָבער איינמאָל איז אַראָפּגעקומען פרייַלין עלינגסען. זי איז גלייך אַריין אין דער נייער שטוב און האָט זיך געגריסט. דיזעלביקע פרייַלין עלינגסען פון אַמאָל, גוט אָנגעטון, הויך, ענלעך צו אַ לעדי און שיין. דאָס איז געווען אַן איבעראַשונג. פרייַלין ד'עספּאַר איז צופרידן געווען, וואָס זי קאָן זי זען, זי איז געקומען, אַזוי צו זאָגן, פון איר אייגענעם לאַנד און פאָלק, פון איר אַלטער סביבה, וואָס איז פאַר איר איצט געוואָרן ניי און פרעמד.

— איז בערטעלסען אויך געקומען? — האָט זי אויסגעשאָסן.

אָ, זי איז געוואָרן אַזוי אומטאַקטיש, פאַרגרעבט. זי האָט

גלייך חרטה געהאט אויף איר פראגע.

פרײלין עלינגסען האט געענטפערט פשוט:

— ניין, — האט זי געזאגט שטיל, נאר נישט געזיפצט — ער האט זיך פארקנסט מיט פרוי רובען.

— ס'איז אוממעגלעך!

— איר האט נישט געלייענט די מעלדונג וועגן דעם אין דער צייטונג?

— ניין, איך לייען דא נישט קיין צייטונגען.

פויזע.

— יא, דאס איז דער סוף! — האט פרײלין עלינגסען געזאגט.

— איך האב נאך אזוינס קיינמאל נישט געהערט. איר מאן איז דאך ערשט נישט לאנג געשטארבן.

— יא. און גאט ווייסט, פון וואס ער איז דעמאלט גע-שטארבן.

— וואס מיינט איר דערמיט?

— איך מיין גארנישט. — האט פרײלין עלינגסען געזאגט. אבער זי האט אויסגעזען, גלייך ווי זי וואלט געהאט א חשד, אז דא שטעקט א פארברעכן מיט כלאראפארם, — איך וועל נאך אפשר די דאמע אמאל באווייזן...

— אבער בערטעלסען איז דאך נאך ערגער. — האט פריי-לין ד'עספאר געזאגט.

— ניין. בערטעלסען איז נישט שולדיק. פרוי רובען איז אין אים פארליבט ביז משוגעת.

פרײלין עלינגסען האט עטלעכע מאל א טרייסל געטון מיטן קאפ און געזאגט:—אבער איך וועל אייך שוין אמאל באווייזן!...

— בערטעלסען האט דאך אייך אפגענארט?

— יא, — האט די פרײלין געענטפערט טרויעריק. אבער צופיל אפגעבן זיך דעם טרויער האט זי זיך, אפנים, נישט גע-קליבן.

— איר ווייסט? — האט פרײלין ד'עספאר אויסגעשריגן. — איר זעגט געהון צופיל גוט פאר אים.

זיי האָבן וועגן דעם גערעדט אַ ווײַלע, נאָר זאָגן וועגן דעם האָט מען געקאָנט פּיל. פרײַלין עלינגסען איז אַלנפאַלס מיט איר נישט מסכּים געווען. ניין, זי איז נישט צו גוט געווען פאַר אים, בשום אופן נישט. און לסוף האָט זי אויף אַ דירעקטער פראַגע מצד פרײַלין ד'עספּאַר געמאָלדן, אַז דער האָלצהענדלער האָט איר קיינמאָל נישט געמאַכט קיין פאָרשלאַג מיט אים חתונה צו האָבן.

— דאָס איז עפּעס אַנדערש. האָט ער אײַך נאָר אַזוי זיך געהאַלטן לעבן זיך, כּדי אָן אַ דאַמע נישט צו בלײַבן?

— ניין, — האָט פרײַלין עלינגסען געענטפערט אמתלעך—ער וואָלט געקאָנט האָבן יעדע דאַמע, וועלכע ער וואָלט וועלן, דער זון פון „בערטעלסען עט זון”, דער מיליאָנער. אָבער אים האָט זיך בעסער געוואָלט מיט מיר אַרומשפּאַצירן. — האָט זי געזאָגט.

— איך וואָלט אויף אים געפּײַפט! — האָט פרײַלין ד'עספּאַר געזאָגט שטאַרק אין כּעס.

פרײַלין עלינגסען האָט געהאַט אַזוי פּיל גלײַכגעוויכט, אַז זי האָט זיך נישט געאײַלט און אויף קיינעם נישט געפּײַפט. דערפאַר האָט זי פּרוּוו רובען קיין גוטס נישט פאָרויסגעזאָגט.

— זאָל זי נאָר וואַרטן, — האָט זי געסטראַשעט — איך האָב נאָך מיט איר נישט געענדיקט.

— וואָס ווילט איר טון?

— גאָרנישט, — האָט זי געענטפערט און ווײַטער געשמועסט — איך וועל עס שוין איבערקומען. איך האָב נאָך גאַנץ גענוג, פאַרוואָס צו לעבן אויף דער וועלט: דאָס איז מײַן באַרוף און מײַנע סקיצן. ווען איך גיי פון דער שטעלע, קום איך אַהיים און דאָ איז פראַכטפול. עס איז גלײַך, ווי מײַן צימער וואָלט געווען פול מיט מענטשן.

אַלץ דיזעלביקע נאַרישקייטן אין דעם שיינעם קעפּל. פרײַלין עלינגסען, דער רויקער מענטש מיט דער צעהיצטער פאַנטאַזיע, איז געווען ווי אין דער מאַכט פון אַ נאַרקאָז, פון שיכּרות; און דערפאַר איז זי געווען אַזעלכע, ווי זי איז געווען, ווידער-

שפּרעכנדיק אין איר נאַטור, געשלעכטלעך אינדיפערענט, לאַנגווײ־
ליק און אומפּרוכטבאַר.

— אויב איר לייענט קיין צייטונגען נישט, ווייסט איר אוודאי
אויך נישט, אַז איך גיב אַרויס אַ זאַמלונג? — האָט זי געפרעגט.

— אַ זאַמלונג? ניין, איך ווייס נישט.

— מיינע סקיצן. עס איז איצט ווענן דעם געשטאַנען אין
די בלעטער. סקיצן, אָדער ווי זיי ווילן עס אָנרופן — געשיכטעס.
זיי זענען געבויט אויף אמתע געשעענישן.

— ווירקלעך!

— אַלע, וועמ ס׳האָט זיי נאָר געלייענט, זאָגן, אַז זיי זענען
אינטערעסאַנט. איך זאָל זיי נאָר דערפירן ביזן סוף, זאָגן זיי.

— איך פאַרשטיי נישט, ווי קאָנט איר עס.

— אַלע וואונדערן זיך טאַקע. אָבער דאָס קומט דער עיקר
דערפון, וואָס מען איז דערצו באַרופן. וואָס מען האָט דעם טאַ־
לענט. און דערנאָך דאַרף מען זיך איבן.

— יאָ, געוויס, מען דאַרף האָבן איבונג! — האָט פרייליין
ד׳עספּפאַר אויסגעשריגן. — דאָס זע איך יעדעס מאָל, ווען איך לייען
פראַנצויזיש, ס׳קאָן דאָך נישט זיין, אַז איך זאָל די שפּראַך פאַר־
געסן. נישט ריכטיק?

— איך שרייב שוין צען יאָר. — זאָגט פרייליין עלינגסען. —
איך גיב מיין ערשטע זאַמלונג אַרויס צום טאָג פון מיין יובילײ.

און אפשר איז זי דער עיקר צוליב דעם געקומען, כדי
די דאָזיקע נייעס צו דערציילן. זי האָט אַזוי לאַנג ווענן דעם גע־
רעדט, ווי לאַנג פרייליין דעספּפאַר האָט זי געהערט. דאָס, וואָס עס
איז געווען אָפּגעדרוקט אין דער צייטונג, האָט זי באַשעפטיקט
מער ווי אַלץ, וואָס זי האָט איבערגעלעבט ביזן היינטיקן טאָג,
אפילו מער איידער דאָס, וואָס זי האָט פאַרלוירן בערטעלסענען.
ערשט פאַרן אוועקגיין האָט זי זיך דערמאָנט, אַז זי דאַרף איינ־
לאַדן פרייליין ד׳עספּפאַר אין דער סאַנאַטאָריע.

— אין דער סאַנאַטאָריע? טאַקע?

— עס זענען געקומען עטלעכע חשובע געסט, וואָס וואָלטן
אפשר גערן גערעדט פראַנצויזיש, אַ גענעראַל־קאָנסול מיט דער

פרוי מיט צוויי דערוואַקסענע טעכטער.

— איך קאָן נישט קומען, — האָט פרייליין ד'עספּאַר הילפֿלאָז געענטפערט.

— פאַרוואָס נישט? — האָט פרייליין עלינגסען אַ פאַרווונדערטע געפרעגט — דער דירעקטאָר בעט איך קומען, אַדוואָקאַט רופֿרעכט.

פרייליין ד'עספּאַר האָט אַ טראַכט געטון און געפרעגט, צי זענען פאַראַן אַ פולע געסט אין דער סאַנאַטאָריע.

— יאָ, אַ מאַסע, אַזוי פיל, ווי נאָך קיינמאָל נישט. אַ מאָדנע זאַך אָבער, עס זענען געקומען אַזוי פיל דיקע מענטשן. ווו איר קערט און ווענדט זיך, קאָן מען צוליב די בייכער כמעט נישט דורכגיין. די סקי-לויפער זענען געוויינלעך דינע און מאָגערע, אָבער די איבעריקע — עס כאַפּט איבלען קוקנדיק. פרייליין ד'עספּאַרס אַמאָליקער שעף פון דעם געשעפט איז אויך דאָ.

— אַנדערסען? — האָט פרייליין ד'עספּאַר געפרעגט.

— יאָ, און אַ מאַסע אַנדערע פעטע מענטשן, דאַמען און הערן.

אַפּנים, אַז דער אונטערהויו מיט פרוי רובען האָט עס אָנגעפולט די סאַנאַטאָריע. די אומגליקלעכע מענטשן זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן קיין טאַראַהוס, כדי פטור צו ווערן פון זייער פעטס. דאָס וווּנדערלעכע וואַסער פונם אָרט, האָט עס געהייסן, אַ געוויסע קור און אַ באַזונדערע באַהאַנדלונג פונם דאָקטאָר זאָל די דאָזיקע מענטשן ברענגען אַ ישועה פאַר גאָר אַ קורצער צייט.

— אַזוי. אַנדערסען. — האָט פרייליין ד'עספּאַר געזאָגט. זי האָט מער נישט געטראַכט, און ס'איז איר אפילו נישט איינגעפאַלן נאָך זיך מישב צו זיין. זי האָט געזאָגט: — גיט, זייט אַזוי גוט, איבער דעם אַדוואָקאַט, אַז איך קאָן נישט קומען.

ווען פרייליין עלינגסען האָט זיך געזעגנט, האָט זי די האַנט דערלאַנגט אָן אַ שמייכל, אָן געפיל, און געזאָגט: — איך וועל אייך צושיקן עטלעכע צייטונגען, אין וועלכע דאָס איז געווען אָפּגעדרוקט.

פרייליין ד'עספּאַר האָט געענטפערט: — זאָגט נישט, אַז איך

קאָן נישט קומען, נאָר אז איך בין פארנומען, הייסט עס, נישט, אז איך קאָן נישט קומען.

ביידע דאמען זענען זיך פונאנדערגעגאנגען, יעדע פארנומען מיט אירע געדאנקען.

פארשטייט זיך, פריילין ד'עספאר האָט זיך איצט נישט גע־קאָנט באווייזן אין דער סאנאטאָריע, ווו עס איז געווען איר אל־טער שעף. וועגן דעם האָט מען נישט געטאָרט אפילו טראכטן. אזוי ארום האָט זי פארלוירן די גוטע געלעגנהייט דורכצושמועסן זיך מיט מענטשן פון איר גראד און דורכצורעדן זיך אויף פראנ־צויזיש. דאָס איז געווען נישט פריילעך, זי האָט אָבער דניאלן נישט גע־קאָנט פאראנטוואָרטלעך מאכן דערפאר, אזא מזל האָט זי געהאט, און ווען זי האָט דניאלן אויפגעזוכט, האָט זי אויך צו אים איר בעס נישט אויסגעלאָזן. זי האָט אים נאָר דערציילט, וואָס עס איז גע־שען, און אז זי האָט די איינלאדונג נישט אָנגענומען.

— דו דארפסט גיין! — האָט ער געזאָגט.

— דו מיינסט עס, מסתמא, נישט ערנסט. איך זאָל גיין אזוי, ווי דו האָסט מיך צוגעריכט?

— וויים איך וואָס! — האָט דניאל געזאָגט לייכטזיניק.

עס האָט נישט געהאט קיין זין מיט אים צו דיסקוטירן. ער האָט אויף דער זאך געקוקט גאָר אנדערש פון איר. דערצו איז ער געווען שטארק פארנומען און האָט געטראכט וועגן זיין ארבעט. ער איז געזעסן אין קיך און האָט אויסגעשניטן א לע־דערנעם הויזנהאלטער, הגם עס איז געווען חגא. ער האָט שטאָלץ געזאָגט:

— לעדער פון מיין אייגענער פי.

— וואָס וועט דערפון זיין?

— הויזנהאלטערס.

— דאָס גאָר! — האָט זי אויסגעשריגן ווי פון הימל אראָפ־געפאלן.

זי האָט, אפנים, געטראכט וועגן אן אנדערע פאָר הויזנהאל־טערס, וועלכע זענען געווען פון זייד און פון גומע, איידעלע, הער פלעמינגס הויזנהאלטערס. אָבער דניאל האָט, מסתמא, אנדערש

געטראַכט: אַלע ווייסן גוט, אַז הויזנהאַלטערס דאַרפן זיין פון לעדער, אויב מען וויל, זיי זאָלן גוט דינען. און ווי ער איז אַזוי געזעסן, די הויזנהאַלטערס צוגעשניטן און גענוי אויסגעמאָסטן, האָט זי אָנגעהויבן פּלוצלינג צו לאַכן, און דניאל האָט אויף איר מיט פרעגנדיקע אויגן אַ קוק געטון: דאָס איז גוטע, דיקע לעדער, רינדלעדער, גוט אויסגעאַרבעט, דאָס איז נישט קיין אַבי לעדער, וואָס זשע איז דאָ צו לאַכן? זיינע הענט זענען נישט געווען קיין ריינע, אָבער שטאַרקע און פעסטע און האָבן געקאָנט אַ נעם טון. מיט די זעלביקע הענט אָבער האָט ער געקאָנט מאַכן אויך פאַרשידענע איידעלע זאַכן — מיט אַ מעסער און מיט אַ דלאָטע. ער האָט איר באַוויזן אַ בענקל, וואָס ער האָט פאַרענדיקט, מיט אַ קליינע שניצעריי ביים סוף פון דעם אָנלען. ער האָט איר באַוויזן דעם מעלקאַסטן, וואָס איז געהאָנגען אויפן וואַנט. דעם דאָזיקן קאַסטן האָט ער צוגעפּוצט מיט אַ גוט געלונגענעם פערד, וואָס שטייט דיבאָם. ער איז געווען אַ טאַלענט פון דער פאַרגאַנגענהייט, ווען אַ סטאָלער איז נאָך געווען פאַררעכנט פאַר אַ קינסטלער, און אָנגעזען מער איידער אַ באַאַמטער.

דניאל איז זייער פאַרנומען. ער זעצט זיך ווידער פאַר זיינע הויזנהאַלטערס און טוט יעדעס מאָל פריער אַ גלעט איבערן לעדער, איידער ער נעמט זיך פאַרן מעסער, דערוויילן רעדט ער און דערקלערט, אַז דער גאַנצער רימען מוז זיין אַ גוטער און אַ שטאַרקער און דער עיקר ביי די קנאָפּלעכער. דניאל איז געווען דער זעלביקער היינט, ווי נעכטן. פלייסיק און באַפרידיקט מיט דעם, וואָס ער האָט; צופרידן מיט זיך און שטאָלץ מיט זיך. ער האָט געאַרבעט אפילו אין דער פרייער צייט פון זונטיק. ער האָט שטענדיק זיך געפונען אַלץ נייע און נייע באַשעפטיקונגען. איז ארומגעגאַנגען און באַטראַכט אַלץ, האָט אויפגעהויבן איינגעפאַלענע זאַכן, אריינגעשלאָגן ערגעץ אַ משוּאָק, ווו ער איז נויטיק געווען, אָדער אָנגעשניטן זיך ריטער. ער האָט זיינע זאַכן נישט פאַרוואָרפן און האָט זיי נישט געלאָזן קאַליע ווערן. פאַרקערט, ער איז געווען שפּאָרזאַם און פּינקטלעך. דאָס איז אים געווען איינגעבוירן פון דער נאַטור, און דערצו איז ער דערצויגן געוואָרן. ער

איז נישט געווען קיין גרויסער קענער פון קריסטאַל און פּאָרצעלאַן, און ווען אַ טעלער פלעגט זיך — גאַנץ זעלטן — צעברעכן אויפן קיך, פלעגט ער לאַנג שטיין און שאָקלען מיטן קאָפּ אויף דעם היזק, וואָס דאָ איז אָפּגעטון געוואָרן.

פריילין ד'עספּאַר האָט געלעבט מיט אַ לעבן פון אַ געוויקס. זי האָט אַמאָל געפּרוווט אַביסל נייען, אַז ס'פלעגט זיך מאַכן. זי פלעגט אָבער גלייך באַהאַלטן איר אַרבעט, ווי נאָר עמעצער איז אַריינגעגאַנגען. דאָס איז, מסתמא, געווען, ווייל זי האָט נישט געקאָנט גוט באַגיין זיך מיט נאָדל און פאָדעם. חוץ דעם פלעגט זי אַרומוואַנדערן פון דער נייער שטוב אויפן קיך און ווידער צוריק. איז געלעגן אויסגעצויגן אין בעט, איז געזעסן לעבן דניאלן, ווען ער האָט עפּעס געמייסטרעוועט. צייטנווייז האָט זי אים פאָרגעלייענט פון אירע פראַנצויזישע ראָמאַנען, און דאָס האָט אים פאַרשאַפט אַ פולע פאַרגעניגן. ער איז געזעסן כסדר מיט אַ פאַרוווּנדערטן שמייכל און האָט געקוקט אויף איר. עס איז געגאַנגען ווי געשמירט, וואָרום וויבאַלד ער האָט קיין וואָרט נישט פאַרשטאַנען, האָט ער, ווען עס איז צוגעגאַנגען שנעל, נישט געקאָנט וויסן, צי זי לייענט ריכטיק. ער האָט גאָר נישט געדאַרפט האָבן דעם איינדרוק, אַז זי בעקעט.

— אָבער דאָ איז עפּעס, — פלעגט זי אַמאָל זאָגן — ווען דו וואָלסט וויסן דניאלן!—דאָ זאָגט ער איר, אַז ער האָט זי ליב.

— אַהאַ! — פלעגט ער ענטפערן. — זיי ברויכן עס אויך?

אָ, גאָט! קיינער קאָן זיך נישט פאָרשטעלן, ווי שיין די פראַנצויזן זאָגן אַזעלכע זאַכן!

אָבער איצט איז דער פרילינג געקומען, די טעג זענען געוואָרן לאַנגע. די זון פון האַלבן טאָג איז געווען ווייס, שאַרף און האָט געברענט אין די אויגן. מאַרטע האָט אַרויסגעלייגט געוועבטע וואָלנס צום בלייכן, אַזאַ מנהג איז דאָ אין דעם אָרט: אין דער דאָזיקער צייט פון יאָר צו בלייכן אויף דער פרילינג-זון דאָס אָנגעוועבטע וואָלנס. די צייט איז געגאַנגען, די זון האָט אָנגעהויבן צו וואַרעמען, דאָס אייז אויף די אָזערעס איז געוואָרן בלוי און ברעכיק ביי די ברעגן, דער שניי איז צעגאַנגען אויף די וועגן,

די הינער פלעגן אַריינפאַלן אין דעם צעקראַכענעם שני און האָבן באַקומען רעוומאַטיזם.

ס'וואָלט געקאָנט זיין אַ ציים פאַר אויפגעוואַכטע האָפנונגען און פאַר ליבמיקע רעיונות, אָבער פריילין ד'עספּאַר איז דער פרילינג אין די בערג זיכער נישט ווויל באַקומען. זי איז געוואָרן אומרויק, האָט שלעכט געשלאָפן, געגעסן ווייניקער ווי פריער און פאַרלוירן דעם גלויבן אין זיך. וואָס איז אַזוינס פאָרגעקומען מיט דער פריילין? איז, אפנים, דאָ נישט געווען וואַרעם און פרידלעך און ליבלעך דערצו? ניין. און זי האָט זיך געקלאָגט פאַר דניאלן, וועלכער האָט עס בשום אופן נישט פאַרשטאַנען.

— זאָל איך אפשר גיין אין דאָרף און באַזאָרגן דאָס אויסרופן אין דער קירך? — האָט ער געפרעגט.

— יאָ, — האָט זי געענטפערט — וויבאַלד עס מוז אַזוי זיין, טאָ זאָל שוין זיין.

— גלייך טו איך עס. די פּאַפּירן האָבן מיר דאָך. איך וועל מיך נאָר אַ ביסל אַרומוואַשן.

ווען ער האָט זיך אַרומגעוואַשן און צוגעפּוצט, האָט זי געזאָגט:

— ניין, גיי נישט, וואַרט נאָך אַ ביסל.

— וואָס עפּעס?

— וואַרט נאָך אַ ביסל, נישטאָ זיך וואָס צו איילן.

— אַזוינס האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געהערט!

— דו קאָנסט נישט אַ ביסל צוואַרטן? — האָט זי אויסגעשריגן צערייצט.

דניאל האָט עס אָנגענומען פאַר אַ שפּאַס און געזאָגט: צו וואָסערע זשע טייוואָלים האָב איך מיך געדאַרפט אײנוואַשן? אין מיטן דער וואָך גענומען וואַשן זיך.

אָבער מיט דעם אָפּלייגן איז איר נישט בעסער געוואָרן. עפּעס אַ דרוק האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער פריילין און זי געמאַכט חושך און אומגעדולדיק. זי האָט אָנגעהויבן וועלן אליין צו פאַרבלייבן, האָט פאַרלאָזן די נייע שטוב און איז אַוועק אין וואַלד, האָט זיך געזעצט אויף אַ שטיין און איבערגעגעבן זיך די

געדאנקען. זי האָט מורא געהאַט אין אָוונט, ווען מ'האָט געדאַרפט גיין שלאָפן. די לעצטע נעכט זענען געווען פול מיט חלומות און מיט אימה; דאָקטאָר עיען איז געקומען נאַכט אויף נאַכט און גע־וואָלט אָפּנעמען זיין טישטוך. זי פלעגט זיך אויפכאַפּן אין אימה, פון וועלכער דאָס האַרץ האָט ביי איר שטאַרק געקלאַפּט. פריער פלעגט פרייליין ד'עספּאַר זיין מוטיק און אָנטשלאָסן, ווען ס'פלעגט זיך טרעפן עפּעס אַ שלעכטע צייט; איצט איז זי געוואָרן שוואַך און נעבעכדיק. זי האָט נישט געוואַגט אָנצוצינדן דעם לאָמפּ, נישט געוואָגט די הענט אַרויסצושטעקן פון אונטער דער פעלצענער קאָלדרע, אַ טאָמער און אַ מת איז דאָך פּאָרט נישט דאָס, וואָס אַ אינזעקט.

זי האָט געקרעכצט און ווידער געקלאָגט זיך פאַר דניאלן.

— וואָס עפּעס? — האָט ער געפרעגט. — מיר האָבן נישט קיין וואַסער אין טייכל?

— וואַסער? — האָט זי איבערגעפרעגט.

— און ברענהאָלץ סאַמע ביי דער טיר. גוטע לופט, וואַ־רעמקייט אין שטוב, פלייש און אייער. גראָד איצט קאָנסטו הערן די קוקאַווקע.

— אַך, דו ביסט נישט אויסצוהאַלטן. אומזין, אומזין! —

— וואָס פעלט דיר דען?

— איך ווייס נישט.

— איך ווייס אויך נישט.

— מיר חלומען זיך אַזעלכע שרעקלעכע חלומות יעדע נאַכט.

— לאָמיך שלאָפן ביי דיר אין צימער, — האָט דניאל גע־זאָגט — דעמאָלט וועסטו ווידער שלאָפן ווי אַ שטיין.

די פרייליין האָט אַ פאַרשקע געטון: דו טראַכסט נאָר וועגן זיך!

דניאל האָט ווידער פאַרגעלייגט באַשטעלן דאָס אויסרופן אין דער קירך און מעלדן וועגן דער חופה. די פרייליין האָט אַ טראַכט געטון און צוגעשטימט, זאָל ער עס איצט טון. אָבער ווי האָט זי בוח דערצו? זי איז געווען שוואַך און מיד, זי האָט זיך

קוים געזען אימשטאַנד צו מאַכן דעם ווייטן וועג אין דער קירך און פון דער קירך צוריק אַהיים. דניאל האָט פאַרגעלייגט לייען ביי העלמערן אַ וואָגן און איינשפּאַנען די קליאַטשע, — זי וועט שוין דערפירן, אַהאַ, אפילו ווען דו האָסט צען צעגעטער די וואָג! אָבער די פרייליין איז געווען מוטלאָז און האָט אים געבעטן נאָך אַביסל צוצוואַרטן, אפשר וועט איר באַלד בעסער ווערן.

דניאל האָט אַריינגעשטעקט די פּאַפּירן אין קעשענע און איז אַוועק אין דאָרף אַריין. ער האָט געטראָפן חברים און באַקאַנטע, האָט מיט זיי אויסגעטרונקען אַ גלעזעלע און איז אַוועק אויף אייגענער אחריות גלייך צו דעם פּאַסטאָר. ס'וועט יעדנפאַלס נישט שאַדן, וואָס מען וועט אים אין דער קירכע מעלדן אַלס חתן; ער האָט גענוג לאַנג געוואַרט אויף דער צייט, ווען ער וועט קאָנען דעם גאַנצן דאָרף איבעראַשן. ס'פאַרשטייט זיך, ער האָט שוין דעם עולם לאַנג געגעבן אָנצוהערעניש, אַז ער איז פאַרקנסט, אָבער באַשטימט האָט ער גאָרנישט געזאָגט, איצט וועט עס דער פּאַסטאָר אַליין טון. דאָס האָט נישט געהייסן טון עפּעס קעגן דעם ווילן פון דער פרייליין, קעגן יוליעס ווילן, די צייט פאַר דער חתונה קאָן זי שפּעטער אַליין באַשטימען, ווען זי וועט צוריק ווערן אַ מונטערע און אַ פרייליכע.

ער האָט דעם ענין מיט דעם פּאַסטאָר איינגעאָרדנט. ער האָט וועגן אַלץ, וואָס נוגע דעם וואָגן, אָפּגערעדט מיט העלמערן, וואָס האָט דעם גאַנצן טאָג פאַרבראַכט מיט אים צוזאַמען און האָט אים אויך באַגלייט אַהיים. זיי זענען ביידע געווען גאַנץ פריילעך, חוץ דעם האָבן זיי מיט זיך געהאַט אַ פלאַש, און דניאל האָט זיך געוואָלט אויסבאַרימען און דעם חבר באַווייזן די פרייליין, יוליען. אָבער ווו איז זי געווען?

מאַרטע האָט געמיינט, אַז זי איז ערגעץ דאָ נישט ווייט.

זיי האָבן אַ ווײַלע געוואַרט אין קיך, אָבער דניאל האָט דערקלערט, אַז ווען די פרייליין וועט קומען אַהיים, וועלן זיי אַריבערגיין אין דער נייער שטוב. זי זיצט, מסתמא, אויף אַ שטיין אין וואַלד, ווי זי טוט עס אַלע מאָל.

העלמער האָט לסוף גענומען רעדן וועגן דעם, אַז ער מוז

זיך שוין אומקערן אין דאָרף. אפשר קאָן אים דניאל איצט באַהייזן די נייע שטוב? ער האָט זי נישט געזען, זינט מ'האָט זי אויסגעבויט.

זיי האָבן זיך אונטערגעלענט מיט אַ נייעם טרונק בראָנפן און זענען אַוועק אין דער נייער שטוב.

דאָרט איז טאַקע געווען געמיטלעך. מיט גאַרדינען און אַ שפּיגל, מיט פראַנצויזישע ביכער און אַ טישטוך און אַ פולע פאַרבן. העלמער האָט געזאָגט, אַז ס'איז גרויסאַרטיק.

— יאָ, איך האָב מיך טאַקע געמיט צו מאַכן עס וואָס איידעלער. — האָט דניאל געזאָגט. און פילנדיק זיך גרויס, און זייענדיק אַביסל שיכורלעך, האָט ער זיך גענומען באַרימען און רעדן מיט אַ געבילדעטן לשון און האָט דאָס וואָרט „פּאַרטרעפלעך" באַנוצט בנוגע צו מער איידער איין זאַך. און העלמערן איז עס געפעלן געווען.

דניאל האָט געזאָגט: זע דאָס טישטוך. אַזאַ זאַך מאַכט זי גאָר אַליין. דאָס איז פאַר איר אַ קלייניקייט!

העלמער האָט עס געגוי באַטראַכט און זיך נישט צוגערירט מיט די הענט.

— טו נאָר אַ טאַפּ, — האָט דניאל געזאָגט — דו דאַרפסט נישט מורא האָבן. וואָס נוגע מיר, טאַפּ איך איבער אַלץ, וואָס דאָ איז פאַראַן.

ער האָט זיך אויסגעגלייכט און שטאַלץ אַ רוק געטון די ראָמאַנען, מיט גאווה אָפּגעשטויסן אַ שטול.

— וואָס האָב איך מורא? — האָט ער געזאָגט. — דאָס בייסט זיך נישט.

— נו. האָט עס דיר אָפּגעגאָלטן, דניאל! — האָט העלמער געזאָגט.

דניאל האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און מסכים געווען.

— מען רופט זי יוליע, — האָט ער געזאָגט און שטאָלץ אַ קוק געטון אויף זיין פריינט — איך האָב פאַרגעסן, ווי הייסט עס אויף פראַנצויזיש.

— זייער אַ פיינער קופערט, — האָט העלמער געלויבט —

מעשענע רייפן אין דער לענג און אין דער ברייט.

אָבער דניאל האָט זיך נאָך מער באַרימט: — און איך װיל שוין נישט רעדן װעגן דעם, װאָס אינעװייניק איז דאָ. דו מעגסט מיר גלויבן, עס איז ביז אויבן פול מיט די שענסטע זאַכן, קליידער און זעלטענע זאַכן פון שטאָט. װען זי װאָלט נאָר געקומען, װאָלט איך שוין ביי איר געפּועלט, זי זאָל עס דיר אַלץ באַװייזן.

— זי איז צו דיר גוט? — האָט העלמער געפרעגט.

— גוט? װי אַ קינד, איך מאַך מיט איר, װאָס איך װיל. אַ טייערער מענטש, גיט אַװעק אַלץ, װאָס דו פאַרלאַנגסט פון איר. גיי און קויף דיר אַ פערד, גיי און קויף דיר דאָס און יענץ, איך גיב דיר געלט דערויף, זאָגט זי.

— זי האָט געלט? — האָט העלמער געפרעגט פאַראינטערעסירט.

— געלט? ס'איז קיין װוּנדער נישט, װאָס דו פרעגסט, װייל דו קענסט זי נישט. אָבער איך האָב געזען, װי זי האָט אַרויסגענומען אַ פּאַקעט מיט געלט פון אונטער דער בלוזע. װען דו װאָלסט זען דעם פּאַקעט, װאָלסטו שוין נישט פרעגן. דאָס איז געװען דער דיקסטער געלטפּאַקעט, װאָס איך האָב װען אויף מיין לעבן געזען.

— ס'איז, װי איך זאָג, דיר האָט אָפּגעגאָלטן! — האָט העלמער איבערגעחזרט פול פאַרװוּנדערונג איבער דעם מעשהלע, װאָס ער הערט. — איך װאָלט זי װעלן זען פון דער נאָענט.

דניאל זאָגט: דו מיינסט אפשר, אַז דאָס איז אַן אַלטע מיאוסע פרוי, װאָס קיינער װיל אויף איר נישט קוקן? האַ־האַ! נו, װעל איך דיר עפּעס זאָגן, העלמער: אויף פּאַסכע האָט מען נאָך איר געשיקט פון דער סאַנאַטאָריע. יאָ. דאָרט איז געװען פול מיט רייזנדער און פיינע הערן, װאָס האָבן נאָך איר געשיקט, כּדי מיט איר צו שמועסן. יאָ, אָבער איר האָט עס גאָר נישט געאַרט, איז זי נישט געגאַנגען. נו, איצט לאָמיר גיין אין דרויסן, מיר װעלן זי רופן.

זיי זענען אַרויס אין דרויסן, און דניאל האָט אַ רוף געטון. באַלד נאָך דעם, איז זי אַרויס פון װאַלד.

— דו ביסט אזוי לאנג נישט געווען, אז איך האב שוין אנגעהויבן מורא צו האבן, טאמער איז מיט דיר עפעס געשען. — האט דניאל צו איר געזאגט.

א מאדנע, א מאדנע איז די יונגנט! זי האט זיך דערמאנט, אז זי האט העלמערן אמאל געזען צווישן אנדערע, וועלכע האבן ווינטער אפגעקערט דעם שניי פונם גלימש. איצט האט זי געענט־פערט אויף זיין באגריסן זיך און האט אפילו גלייך באוויזן א פריינטלעך פנים. דניאל האט געמעגט צופרידן בלייבן.

— איך זע, דו האסט געבראכט געסט. — האט זי געזאגט.

— דאס איז העלמער. ער האט מיר די גאנצע צייט בא־גלייט. מיר זענען געוועןביים פאסטאר און האבן באשטעלט די מעלדונג. העלמער האט מיר צוגעזאגט לייען דעם וואגן. איצט האט ער דיך געוואלט זען.

— מיך, מיך זען? וואס אייך קאן איינפאלן, משוגענע יונגען.

— שווייג בעסער, איך האב אנדערש נישט געקאנט. ער האט נישט געוואלט אוועקגיין, איידער ער האט דיך געזען.

דאס איז איר געווען צום הארצן, צי נישט, יעדנפאלס האט זי געשמייכלט זייער פריינטלעך און נישט באוויזנדיק דעם לאך צווישן די ציינער. צום גליק איז זי אויך געווען ווי געהעריק אנגעטון: אין א ברייטן מאנטל, וואס האט געגרייכט פון מויל ביז די קנעכלעך און האט פארבארגן די פארמעס פון איר קערפער.

— מיר האבן אריינגעקוקט אין דיין צימער, — האט זיך דניאל מודה געווען—העלמער האט געוואלט זען די נייע שטוב.

— אויב אזוי, — האט זי געענטפערט אלץ מיט דער זעל־ביקער פריינטלעכקייט — האט ער שוין געזען אי מיך, אי די שטוב.

העלמער איז געווען איינגעהאלטן און האט גארנישט געזאגט.

— האט מארטע באטש העלמערן מכבד געווען מיט קא־ווע? — האט זי געפרעגט און געוואלט שפילן די ראלע פון א ווירטין.

דניאל האט געענטפערט: — ניין, אבער ער האט עפעס בעסערס געקראגן. מיר האבן עפעס אזוינס אין א פלאש.

— אהאַ, איר האָט געהוליעט, פֿיינע יונגעלייט!

— נו, דאָס איז נישט קיין גרויסע הוליאַנקע. — האָט העלמער געענטפֿערט און איז רויט געוואָרן איבער די אויערן.

עס האָט גענומען פֿינסטער ווערן, און דער אָוונט איז צוגע־פֿאַלן. זיי האָבן געשמועסט אַ ווײַלע, די פֿרײַלין האָט העלמערן נישט אַרײַנגעבעטן, נײַן, וואָרום דעמאָלט וואָלט זי געמוזט אַראָפּנעמען דעם מאַנטל, און דאָס האָט זי נישט געוואָלט.

ווען העלמער איז אַוועק, האָט דניאל געזאָגט: — קום איבער ווידער, באַזוך אונז, דו ווייסט שוין דעם וועג צו אונז.

— יאָ. — האָט די פֿרײַלין אויך געזאָגט און אים צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

דניאל האָט איצט מורא געהאַט, אַז עס שטייט אים פֿאָר אַ שווערער מאָמענט, ווײַל ער האָט באַשטעלט די מעלדונג וועגן דער חתונה אָן דעם הסכם פֿון זײַן כּלה, און ווען זי האָט אים געבעטן אַרײַנגיין אין שטוב, האָט ער אַרויסגעשלעפּט אַ ציגאַר, וועלכן ער האָט שוין פֿון פֿריער אָנגעגרייט. עס איז אָבער אַלץ אַריבער בשלום. די כּלה האָט אים קיין סימנים פֿון אומצופֿרידנקייט נישט באַוויזן, זי האָט נאָר איראָניש געפֿרעגט, צי רעכנט ער אויך אויף אייגענעם אַחריות גיין צו דער חופּה, אָן איר הסכּמה, דאָ האָט דניאל גענו־מען נעצן זײַן ציגאַר, גוט אַרומצונעצן אים מיט שפּײַעכץ.

— וואָס שאַדט עס, וואָס מען וועט וועגן אונז אויסרופֿן אין דער קירך, — האָט ער געזאָגט — די חתונה וועט זײַן דעמאָלט, ווען דו וועסט אַליין באַשטימען.

אין תּוך גענומען, איז ער אויך איצט גערעכט געווען. זי איז ווײַבער געוואָרן און האָט אים מיט אינטערעס אויסגעפֿרעגט וועגן אַלץ, וואָס דער פּאַסטאָר האָט געזאָגט, און צי ער האָט איר פֿראַנ־צויזישן נאָמען ריכטיק אַרײַנגעשריבן אין בוך.

— יאָ, דער פּאַסטאָר האָט זיך זייער געוווּנדערט און האָט זיך נאָכגעפֿרעגט, צי זי שטאַמט פֿון אדל.

זי האָט געוואָלט וויסן, וואָס נעצט ער אַזוי זײַן ציגאַר אַרום מיט שפּײַעכץ.

זי ווייסט עס גאָרנישט? אַ ציגאַר דאַרף מען פֿון דרויסן אָנ־

נעצן און אַ ביסל אויסדרייען צווישן די פינגער, אויב נישט, ברענט ער גיך אויס. ער האָט זיך דעם ציגאַר בביזון געקויפט און געבראַכט, כדי צו זיצן און רויכערן ביי איר אין צימער.

— אויב אַזוי, טאָ פאַרויכער אים! — האָט זי געזאָגט.

דניאל האָט פאַרויכערט און געלאָזן אַ געשמאַקן רויך איבערן צימער. די פריילין האָט מיט אים געאָטעמט און האָט זיך געמאַכט באַקוועם. זיי זענען ביידע אַוועק אין קיך און געגעסן אָונטברויט, און אַזוי ווי די פריילין האָט מורא געהאַט פאַר דער פינסטערניש און האָט זיך געמאַטערט מיט אירע אומעטיקע געדאַנקען, האָט זי ווידער גענומען דניאלן צו זיך אין דער נייער שטוב. און די נאַכט האָט זי ווירקלעך געשלאָפן רויק, ווייל דניאל האָט זי געהיט.

* *

*

מאָנטיק אינדערפרי איז דניאל ווידער אַוועק אין דאָרף אריין. ער איז געלאָפן ווי אַ משוגענער, האָט זיך געאיילט, ער איז געווען זייער נייגיריק: סוף כל סוף איז שוין די זאַך געשען. מען האָט אין דער קירך אויסגערופן וועגן זייער התונה. וואָס וועט איצט דאָס דאָרף זאָגן? אָ, דאָס דאָרף וועט איצט שטום בלייבן פון פאַרוואונדערונג. און עס איז דאָך טאַקי דאָ, אויף וואָס צו וואונדערן זיך.

ער איז אַוועק אין קליטל, דאָ זענען שטענדיק געווען פיל מענטשן, באַקאַנטע און גוטע פריינט, בײַ וועלכע ער האָט זיך געקאָנט דערוויסן אַלץ, וואָס ער דאַרף. ער האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, כלומרשט ער דאַרף עפּעס אַ נויטיקע זאַך באַזאָרגן און איז גלייך צוגעגאַנגען צום טיש. ווען דער עולם האָט דערזען, ווער דאָס איז, האָבן זיי אים אָפּגעטראָטן דעם וועג און דורכגעלאָזן; קיינמאָל האָט מען אים נאָך אַזאַ כבוד נישט אָנגעטון. ער האָט זיך געהאַלטן, ווי אַן עכטער מאַנסביל, מיט גרויס ווערדע. דאַן האָט איינער אים דערלאַנגט די האַנט און געווונשן גליק. נאָך דעם ערשטן האָט אים נאָך איינער אָפּגעגעבן מזל טוב, און דאַן אַלע איבעריקע. דניאל האָט געהאַט נחת פון דעם

מאָמענט און איז געווען גליקלעך. איין פרוי האָט געזאָגט:

— איך האָב אַלע מאָל געזאָגט, אַז פון דיר וועט נאָך אַמאָל אַרויסקומען אַ לייט, דניאל. דו ביסט פון אַ פיינער משפחה. דיין מוטער און איך זענען געווען פון איין עלטער, און מיר האָבן זיך צוזאַמען קאָנפירמירט. אַך־אַך, זי רוט, נעבעך, איצט אין איר אייביקער רו.

דער עולם האָט זיך אַרומגעקליבן פון אַלע זייטן, אַלע האָבן אים געווונטשן גליק, ס'איז קלאָר געווען: דאָס דאָרף האָט פאַרשטאַנען, אַז דניאלן האָט שטאַרק אָפּגעגאָלטן. עס האָט אין דער קירכע געמאַכט אַ געוואַלדיקן איינדרוק, וואָס דער פּאַס־טאָר האָט אויסגערופן פ ר י י ל י ן יוליע ד'עספּאַר. דניאל האָט אויך באַמערקט, אַז העלמער האָט זיינס געטון און נאָך זיין באַ־זוך אין דעם שטיבל אויף דער באַרג־לאָנקע האָט ער דערציילט נסים סיי וועגן דער נייער שטוב, סיי וועגן דער פריילין.

אָן שום נויטווענדיקייט איז דניאל פון קלייטל אַוועק צום לענסמאַן. ער האָט געוואָלט אַריינטראָגן עפּעס אַ קלייניקייט שטיי־ער, צי עפּעס אַנדערש. אינדערהאַמתן האָט ער, מסתמא, געהאַט די כוונה צו באַווייזן זיך פאַר העלענען און אויספיינען זיך פאַר איר. אַך, די יוגנט און דאָס לעבעדיקע האַרץ! עס איז קנאַפּ צו זיין דער באַזיצער פון אַ לאָנקע, אַ שטוב, חיות, אַ כלה און האָבן עסן פאַר אַלעמען. נאָך עפּעס אַנדערש איז אין אים אַרויפ־געשווומען און האָט געפּאָדערט שפּייז. דער סאַמע פּשוטער יונג האָט זיך זיין אינערלעכן לעבן, וואָס ער מוז עס געדענקען, אָ, אַ שטאַרק פאַרוויקלט לעבן, וואָס זיינע פאָדערונגען מוז מען נאָכ־געבן. דאָס איז אייטלקייט? פאַרוואָס אָבער נישט? העלענע האָט אים אַמאָל נישט געוואָלט.

זי האָט זיך נישט באַוויזן, איז נישט געקומען צו לויפן, איז צו אים נישט צוגעגאַנגען מיט נאַסע אויגן און חרטה, דורכויס נישט, מען האָט זי גאָרנישט געזען. דער טייוול ווייסט... אָבער — זי׳ געזונט!

ער האָט אין ביורא באַצאָלט, וואָס ער האָט געדאַרפט, און דעם זשאַנדאַרמס קוויטאַנציע אַריינגעשטעקט אין קעשענע, גלייך

ווי דאָס איז גאָרנישט, גלייך ווי ער קאָן מיט אזא פּאפּירל אָנ־צינדן אַ ציגאַר. ער האָט זיך אין דער מאָס פאַרנויגט און אין דער מאָס געזאָגט — היינטיקס מאָל — „אדיע“ אָנשטאָט „אויף ווי־דערזען“, און ווען ער איז אַרויס אין הויף, האָט ער זיך אפילו איינמאָל נישט ארומגעקוקט.

פּאַרטיק.

אָבער איצט איז עס געשען: ער האָט זי געטראָפן אין וואַלד, העלענען האָט ער געטראָפן. זי גייט אים אַנטקעגן, דער־נענטערט זיך און טוט אַ שאָקל מיטן קאָפּ. ביידע בלייבן שטיין, ביידע ווערן רויט. און איצט האָבן זיי מיטן גאַנצן אמת אַ וויכּוח צווישן זיך, מיט משונה טענות און אויף אַ משונה שפּראַך, יעדער אויף זיין אופן. אויך זי, דעם זשאַנדאַרמס פרוי, האָט גע־האַט איר אינערלעך לעבן, און אויב ס'דאַזיקע לעבן איז געווען אַ שטילס און אַ באַגרענעצטס, אָבער פאַר איר אויך אַזוי וויכטיק און גילטיק. זי איז גלייך אַריבער צום עצם ענין; זי דערלאַנגט אים די האַנט און גיט אָפּ מזל טוב. יאָ, דאָס איז געווען אַ גרוי־סע נייעס, מיינט זי. און ווען דער פּאַסטאָר אַליין וואָלט עס נישט אַרויסגעזאָגט, וואָלט מען עס נישט געקאָנט גלויבן, האָט זי נאָכדעם צוגעגעבן.

— איך האָב, אפשר, ביי דיר פריער געדאַרפט אָנפרעגן? — האָט ער געזאָגט מיט אַ שמאָך.

זי האָט שוין מאַקע פאַר אים קיין שום באַדייטונג נישט געהאַט. און אויב ער איז רויט געוואָרן, איז עס געווען נאָר מחמת אָנשטרענגונג.

זיין ענטפער האָט זי צעמישט געמאַכט.

— איך האָב דיך שוין לאַנג נישט געזען. — האָט זי דע־מאָלט דערקלערט.

דניאל, וואָס האָט דערוואַרט פון איר זייט חרטה און צער, האָט פּעסט געענטפערט:

— יאָ, שוין אַ לאַנגע צייט, אַז דו ביסט פאַרשוווּנדן גע־וואָרן.

— אָ, — האָט זי געזאָגט און פאַרשעמט געשמייכלט — איך

בין גאָרנישט פאַרשוווּנדן געוואָרן. איך וווין אין דאָרף.

— ס'קאָן זיין, אָבער איך גיי קיינמאָל נישט אין דאָרף, סיידן איך האָב דאָרט עפּעס נויטיק. און מיט דיר האָב איך מער קיין עסקים נישט געהאַט.

— אמת, אַזוי איז עס.

— יאָ, אַזוי איז עס און אַזוי וועט עס בלייבן. — האָט דניאל געזאָגט.

אָ, ער איז געווען אַ פאַרביסענער יונג. ער האָט נישט געברויכט קיין זיסע רייד און קיין איידלקייט. ער האָט איר שוין געוואָלט אַריינזאָגן, ווי ס'דאַרף צו זיין, זי זאָל וויסן.

אָבער איצט האָט זי זיך שוין אויך מער נישט געוואָלט אונטערגעבן; זי האָט פּלוצלינג געטון אַ פרעג:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ פריילין, וואָס דו האָסט דערטאַפּט.

דניאל זאָגט אַ בלייבער און אַ צעקאָכטער: — דו דאַרפסט עס וויסן? ס'קלעקט נישט, אַז איך ווייס, ווער זי איז?

— יאָ, אָבער דו ווייסט דען, ווער זי איז?

— ווען איך וועל וועלן וויסן וועגן איר מער, וועל איך דעמאָלט קומען צו דיר. — האָט ער געזאָגט, און געמאַכט אַ מינע, ווי ער וואָלט וועלן פאַרבייגיין און אַוועק. — דו האָסט באַקומען אַזאַ חוש־הריח, זינט דו ביסט געוואָרן דעם לענסמאַנס ווייב.

— ווי זשע אַנדערש? — האָט זי געענטפערט. — דער לענסמאַן מוז יעדן נעמען אויפן פאַרהער. אַנדערש קאָן עס נישט זיין.

— אַזוי גאָר? — פרעגט ער מיט חוזק. — האָט ער אפשר זי אויך גענומען אויפן פאַרהער?

— זי אויך. — האָט זי געענטפערט.

דניאל קוקט אויף איר מיט אַן אָפן מויל, אויך זי איז בלאַס, און אירע ליפּן ציטערן אַביסל. אפשר זענען אים דורכן קאָפּ דורכגעפלויגן עטלעכע געדאַנקען: אַזוי, אַזוי... דער לענסמאַן האָט אויפן פאַרהער גענומען די פריילין, יוליען... ווען? ער ווייסט גאָרנישט וועגן דעם. ער איז דערביי נישט געווען. אַז נישט, וואָלט

ער אים שוין געגעבן א חלק, ער וואָלט פון אים גאָר א קליין-לענסטאַנדל געמאַכט.

— איך האָב געטראַכט, אַז איך דאַרף עס דיר דערציילן. — האָט העלענע געזאָגט.

— דו האָסט געטראַכט. און צוליב וואָס האָט ער זי פאַר-הערט? זי איז דען נישט די, פאַר וועלכער זי גיט זיך אַרויס? דו ווילסט אפשר זען אירע פּאַפּירן? — האָט ער געפרעגט און זיך פונאַנדערגעשפּיליעט. — איר פּאָקן-שיין, טויף-שיין, קאָנפירמאַציע-שיין? איך האָב אַלץ מיט זיך.

— נישט דעם גייט עס. — זאָגט העלענע.

וואָס איז דער וווּנדער, וואָס ער האָט זיך אָנגעהויבן זיד-לען, וואָס ער האָט געשאָטן שוואַרצן מאָן אויף איר און אויף דעם זשאַנדאַרם. זאָל זי זיך גיין אַהיים און אָרנטלעכע מענטשן צורו לאָזן, אָט וואָס ער גיט איר אַן עצה. אָט וואָס פון איר איז געוואָרן, מער פעלט נישט, זי זאָל אים נאָך איצט נעמען פאַרפאָלגן? — דאָ האָט ער זיך איינגעהאַלטן. מחמת דעם פיינ-לעכן אויסדרוק פון איר געזיכט האָט ער זי אָנגעהויבן אַנדערש צו פאַרשטיין: זי איז אייפערזיכטיק אויף דער פרײַלין, זי וויל נישט לײַדן, וואָס ער האָט זיין טרויער פון זיך אַראָפּגעוואָרפן, ליבט אַן אַנדערע און וויל חתונה האָבן. ער וואָלט געדאַרפט אין זיין פאַסטוך-שטיבל בלייבן און ביז אין טויט אַרײַן קלאָגן, וואָס עפּעס א העלענע האָט אים נישט געוואָלט! יאָ, ער דאַרף עס שוין טון. פאַרקערט, ער וועט זי נאָך א רעכט ביסל אָנמאַטערן.

— קימער זיך נאָר נישט וועגן איר, — האָט ער געזאָגט — זי איז די איינציקע, וועמען איך האָב ווען עס איז געליבט. אָט וואָס איך וועל דיר זאָגן.

— רעכט, — זאָגט העלענע — אַזוי... איך קימער מיך גאָר-נישט וועגן איר, דו זאָלסט עס גאָרנישט מיינען, און דאָס, וואָס מען האָט זי גענומען אויפן פאַרהער וועגן געלט, וואָס איז פאַר-פאַלן געוואָרן, דאָס הייסט נישט, אַז איך קימער מיך וועגן איר.

— געלט? וואָס פאַר געלט? זי האָט צוגענומען געלט?

— דאָס זאָג איך נישט.

אין דעם מאָמענט איז העלענע אויפן פערד. דניאל איז א ביסל אומרויק, ער דערפילט א שטאָך: וואָס אַזוינס? געלט פאַרפאַלן געוואָרן, א מעשה מיט געלט? ער זאָגט:

— דאָס איז אַן אומזין, וואָס דיין מאַן האָט פאַרקאָכט.

— אַזוי מיינסטו? מיין מאַן האָט גאָרנישט אויסגעטראַכט. ער האָט באַקומען א באַפעל זי צו פאַרהערן, און ער האָט דעם באַפעל דערפולט. זי איז געווען די געליבטע, אָדער עפּעס וואָס אַנדערש פון איינעם א פינער, און דער דאָזיקער פינער האָט א גרויסע סומע געלט אַרויסגעגנבעט פון א באַנק. האָט מען אים אַרעסטירט. אָבער ער האָט ביי זיך געהאַט נאָר עטלעכע הונדערט קראָן. ווו זשע איז אַהינגעקומען דאָס איבעריקע?

— הייסט עס, לויט דיין מיינונג, אַז דאָס האָט די פרייליין, ס'הייסט יוליע...

— ניין, דאָס זאָג איך נישט, דאָס זאָגט מיין מאַן אויך נישט.

הגם דניאל האָט עפּעס דערשפּירט, אַז ס'איז נישט גלאַט, פונדעסטוועגן האָט ער שטרענג געזאָגט:

— דיין מאַן זאָגט עס אויך נישט? טוט ער גוט, וואָס ער זאָגט נישט.

— אָבער ער זאָגט, אַז זי, דיין פרייליין ווייסט זיכער וועגן דעם געלט מער, איידער זי וויל זיך מודה זיין. דאָס זאָגט ער.

— איך וועל זי פרעגן. — זאָגט דניאל א טראַכט טוענדיק. פּויזע.

— איך האָב נאָר געמיינט, אַז איך דאַרף דיר וועגן דעם דערציילן. — זאָגט העלענע ווידער.

— זי איז א גוטער און אַן ערלעכער מענטש. איך וועל זי פרעגן, — זאָגט דניאל נאָך אַמאָל — ניין, זי איז נישט געווען יענעם מענטשנס כלה, ער איז געווען א גרויסער גראַף, און ס'איז מער נישט ווי א ליגן, אַז ער האָט געגנבעט געלט אין א באַנק. ער האָט א שלאָס ביי זיך אין דער היים. דו וואָלסט נאָר געזען דעם רינג אויף זיין פינגער, יאָ, פאַר דעם רינג האָלסטו געקאָנט אָפּקויפן דעם גאַנצן דאָרף מיט אַלע הויפן. אָבער דער גראַף

איז געווען קראַנק, ער האָט געהאַט שווינדזוכט, און האָט געשפּייט מיט בלוט, און די פרײַלין איז געווען בײַ אים — זי האָט אים געגעבן די רפואות און די טראָפּנס. און ס'פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט איר דערפאַר גוט געגעלט, פיל געלט געגעבן. ער האָט עס זיך געקאָנט ערלויבן. זי האָט עס מיר דערציילט. זיי פלעגן קו־מען צו מיר אין שטוב עסן זויערמילך. און וויפל מאָל האָט דער גראַף זיך געלייגט אויף מײַן בעט, דורכגעשלאָפן זיך אַ שעה, איידער ער איז צוריקגעגאַנגען אַהיים אין דער סאַנאַטאָריע. איך ווייס יעדעס פּיצעלע וועגן דעם גראַף און איר, זי האָט מיר דער־ציילט גלײַך אין דעם ערשטן טאָג. און געווען איז עס שוין לאַנג, איידער זי איז צו מיר געקומען און בײַ מיר זיך באַזעצט. איך האָב זי נאָך דעמאָלט גאַרנישט געקענט. דאָס איז די מעשה פון אָנהויב ביזן סוף, און טראַכט דו מיט דײַן מאַן נישט אויס קיין געשיכטעס. — האָט דניאל פאַרענדיקט.

ער האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און איז אַוועקגעגאַנגען.

דאָ ווײנט זיך העלענע פונאַנדער און זי שרײַט אים נאָך: דניאל!

— וואָס איז?

זי איז לאַנגזאַם צוגעגאַנגען צו אים אויף די פּאָר טריט, וואָס ער האָט זיך דערווײַטערט, איז ווידער געבליבן שטיין, אויס־געווישט די אויגן מיטן טאַשנטיכל און געשוויגן.

— וואָס זשע ווילסטו?

— גאָרנישט, עס איז מיר נאָר אַ רחמנות אויף דיר.

— זאָרג זיך נישט וועגן מיר.

— ניין, אָבער אויב זי האָט פיל געלט, ווייסטו שוין איצט, פונוואַנען דאָס נעמט זיך.

דניאל האָט זיך פאַרטראַכט: פיל געלט? מער איידער איך ווייס?

— העלמער האָט אַזוי דערציילט, ווען ער איז פון דיר געקומען.

דניאל ווערט צעמישט און אין כעס:

— יאָ. פאַרשטייט זיך, ס'איז שוין אַזוי, ווי איך האָב גע־

זאָגט: דו האָסט באַקומען אַ חוש הריח. איך וויל מיט דיר מער נישט רעדן.

ער איז אַ פאַרטראַכטער אַוועק אַהיים. פאַרשטייט זיך, ער דאַרף ערנסט איבעררעדן מיט דער כלה, טאַקע גלייך, מען טאָר עס נישט אָפּלייגן.

נאָר עס איז אויסגעקומען עפּעס אַנדערש, נישט ווי ער האָט געטראַכט.

ווען ער איז געקומען אַהיים, איז מאַרטע נישט געווען. ער האָט פאָרזיכטיק אַריינגעקוקט אין דער נייער שטוב. דאָ איז די פריילין געלעגן אין בעט מיט אַן אויסדרוק פון פּיין און געזוכט אַרום זיך מיט משוגענע אויגן. וואָס איז מיט איר? זי גייט שוין צו קינד? ניין, אַ גיפטיקע שלאַנג האָט זי איינגעביסן. אַ שלאַנג? וווּ? — דאָ. זי האָט צו אים אויסגעשטרעקט די הענט, און אויפן אָרעם האָט זיך געזען אַ בלויער לאַנגער צייכן. מאַרטע האָט איר די האַנט פאַרבונדן. די פינגער זענען געווען ווייס און אויפגעלאָפן פון דעם שטייפן באַנדאַזש, און איצט איז מאַרטע אַוועקגעלאָפן אין דער סאַנאַטאָריע נאָכן דאָקטאָר

— ווייז, וועל איך דיר די ווונד אויסזויגן! — האָט ער געזאָגט.

אָבער ס'איז שוין געווען צו שפּעט. ער האָט די ווונד צעשטאָכן מיט אַ נאָדל און גענומען זויגן מיטן גאַנצן כוח, אָבער ס'האָט גאָרנישט נישט געהאָלפן, ביז דער דאָקטאָר איז געקומען. דער צושטאַנד איז געווען אַ שווערער. די פריילין איז געווען אויסער זיך. זי האָט אָנגעהויבן שרייען. פון מורא האָט זי אָנגעהויבן ציטערן. ווען דער דאָקטאָר האָט געענדיקט און אַרויפגעלייגט אַ באַנדאַזש אויף דער האַנט, האָט ער געהייסן, זי זאָל זיך אויסטון און ווי געהעריק אַריינלייגן אין בעט. — צוליב פאַרשידענע טעמים. — האָט ער געזאָגט.

— אָ, גאָט מיינער, וואָס איז מיט מיר? — האָט די פריילין געפרעגט, — גייט נישט אַוועק!

ער איז נישט אַוועקגעגאַנגען, ער איז געבליבן אַ קורצע תּילע, ביז אַלץ איז אַריבער. עס איז אַפילו קיין צייט נישט גע-

ווען דניאלן אריבערצושייקן אין סאנאטאריע, מען זאל טעלעפאנירן נאך הילף פון פאכלייט. ס'איז געווען א וואונדער, ווי שנעל עס איז צוגעגאנגען. אט אזוי האט עס, אפנים, א שלאנג אלץ אין אָרדנונג געבראכט.

ווען דער דאָקטאָר האט געענדיקט, איז ער ארויס אויף די טרעפ, וווּ ס'איז געשטאנען דניאל, א בלאסער און אן אָנגע־שטרענגטער.

— איך מיין, אז ס'איז שוין אלץ אריבער? ווי האלט עס? — האט ער געפרעגט.

— יאָ, — האט דער דאָקטאָר געענטפערט — דאָס איז פאר־געקומען פלוצלינג. אָבער איצט וועלן מיר שוין זען.

— ס'שטייט עפּעס פאר א סכנה?

— ס'איז אלע מאָל געפערלעך, ווען דאָס טרעפט פאר דער צייט.

— יאָ... און נאָך אזוי ווייט פאר דער צייט! אָבער דאָס קינד שרייט דאָך, — האט דניאל געזאָגט — וואָס איז עס — א יינגל, צי א מיידל?

— א יינגל, — האט דער דאָקטאָר געזאָגט און א שאָקל גע־טון מיטן קאָפּ — א גוטן. איך וועל אָונטצייט ווידער אריינגיין. אייער אלטע דינסט איז א טיכטיקע פרוי, אָבער איך וויל דאָך פאָרט טעלעפאָנירן, אז מיין העלפערין זאָל קומען.

דאָס קינד, דאָס יינגל, האט טאקע געשריגן. דניאל האט געפונען, אז ער שרייט גאָרנישט שלעכט, און וואָלט עס גערן ארויסגעזאָגט פאר דער מוטער. — מעג ער אריינגיין? — דאָס קינד איז אנטשוויגן געוואָרן, ס'האט זיך בארויקט לעבן דער מוטער. דניאל האט זיך אריינגעלאָזן.

— אָהאָ, דער יונגאטש קאָן שרייען! — האט ער געזאָגט אביסל פארלעגן.

— יאָ, אָבער אזא ברעקעלע, אזוי צו פרי געבוירן. — הערט ער אן ענטפער פון בעט.

אָרעמע, קליינע, פריילין ד'עספאר! זי איז געלעגן און גע־היט איר סוד, קיינער זאָל זיך נישט דערוויסן. דאָס איז איר

נישט לייכט אָנגעקומען, אָבער זי איז געווען אַ מענטש מיט שכל. זי האָט אויך בסוד פאַר די לעצטע פּאָר וואָכן אויסגעאַרבעט אייניקע קלייניקייטן פון קינדערשן טואַלעט, אַזוי אַז זי איז געווען אַביסל צוגעגרייט, אָבער ווייל זי האָט מיט נאָדל און פאָדעם נישט גוט געקאָנט אַרבעטן, האָט זי זיך מיט די קליינע העמדע-לעך נישט געקאָנט אויסבאַרימען. מילא, וואָס מאַכט עס אויס? אַבי דאָס זענען געווען פיינע זאַכן, אייניקע זענען געווען פון זיידנס און ווייכע, ווי פוך. חוץ דעם, האָט מאַרטע געהאַט גענוג דיקערע צייג אויף וויקעלעך און אויף אַ קאָלדרע, און אפילו גייער שנייוויסער וואָלענער שטאָף.

דניאל האָט זיך אַרומגעקוקט בלומרשט תמעוואַטע: ער ווייסט נישט, ווייסט עס, וו איז דער קליינער אַהינגעקומען:

— ער איז אַוועק? — האָט ער געפרעגט.

— ווער?

— דאָס קינד, דאָס יינגל, איך האָב דאָך אַליין געהערט, ווי ער האָט געוויינט?

די יונגע מוטער האָט געמוזט אַ שמייכל טון. זי האָט אָפּ-געדעקט אַ ברעג פון דער פעלצענער קאָלדרע און באַוויזן דאָס וונדער.

— נאָר ער איז אַזוי פיל פאַר דער צייט געבוירן געוואָרן.— האָט זי געזאָגט און שטאַרק אונטערגעשטראָכן די ווערטער.

— מילא, — מאַכט דניאל — ער איז גאָרנישט אַזא קליינ-קער, ווי איך זע. בשעת איך בין געבוירן געוואָרן, בין איך גע-ווען נאָך קלענער. נישט אמת, מאַרטע?

מאַרטע האָט אויסגעמיטן צו ענטפערן אויף דער פראַגע און געזאָגט:

— גאָט צו דאַנקען, אַ געזונט קינד.

די פריילין האָט זיך באַרויקט. זי האָט שוין מער נישט געטראַכט וועגן דעם ביס פונם שלאַנג. ווען ס'וואָלט זיך וועגדן אָן איר, וואָלט זי גלייך דעם באַנדאַזש אַראָפּגעריסן פון האַנט, וואָרום איר איז אַזוי נישט באַקוועם צו ליגן מיטן קינד, — האָט זי געזאָגט. זי איז שוין געווען אימשטאַנד צו דערציילן, ווי אַזוי

די שלאַנג האָט זי איינגעביסן: יאָ, זי איז געזעסן, ווי געוויינלעך, אויף אַ שטיין אויף דער לאָנקע. די זון האָט געשיינט, און זי האָט גענומען דרימלען. פּלוצלינג האָט זי דערשפּירט עפּעס קאַלטס אויף דער האַנט און זי האָט אַ שפּרונג געטון אַ דער־שראָקענע. אין דער זעלביקער רגע האָט זיך שוין די שלאַנג אַוועקגעגליטשט. גלייך האָט זי דערשפּירט דעם ווייטיק פונם ביס, און האָט זיך געלאָזט לויפן אַהיים.

— ס׳איז אַ מיאוסע זאַך מיט די שלאַנגען, — האָט דניאל געזאָגט — איינמאָל איז מיר אַ שלאַנג אַריינגעקראָכן אין דער קע־שענע פון די הויזן, ווען איך בין געשלאָפן אויף דער לאָנקע.

— האָסטו זי געטויט?

— דאָס איז די מעשה, וואָס איך האָב זי נישט געטויט, און דאָס פאַרדריסט מיך נאָך עד היום. — ס׳אַרא מאָדנע קליינע פינגערלעך ער האָט, לאָז מיך נאָך אַ בליק טון. זע נאָר! ער באַוועגט זיי.

— איצט גיי דיר. — האָט מאַרטע געזאָגט.

אָבער די געשיכטע מיטן געלט און מיט דעם גראַף האָט ער נישט פאַרגעסן און אין משך פון דער וואָך האָט ער גענו־מען רעדן וועגן דעם. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דערפון, וואָס זי האָט חרטה געהאַט, למאי האָבן זיי קיין חתונה נישט געהאַט, איידער דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן. ס׳איז נישט גוט אַרויסגעקומען. אָבער דניאל האָט געמיינט, אַז דאָס איז אַלץ איינס. פאַרקערט, האָט ער געזאָגט, עס איז פאַראַן עפּעס אַנדערש וויכטיקערס. ער וויל נאָר פרעגן, כדי וועגן דעם מער נישט צו טראַכטן, ס׳האַנדלט זיך וועגן דעם גראַף, וואָס מיט דער זויערמילך. ער איז אַן אָשוסט?

— דער גראַף? וואָס הייסט? ניין, ניין, מען קאָן אויף אים קיין שלעכטס נישט זאָגן.

— אַזוי. אָבער געלט האָט ער דאָרט געגנבעט און זיצט אין תפיסה?

די פרייליין האָט אַ טראַכט געטון:

— און אפשר איז ער אַן אָשוסט, זי ווייסט נישט, זי קען אים נישט אַזוי גוט...

— וואָס זשע פאַר עסקים האָסטו מיט אים געהאַט?

— איך? גאָרנישט. Rien du tout.

— און וועגן דעם געלט, וואָס ער האָט געגנבעט, ווייסטו? דו האָלסט עס ביי זיך?

— איך? — האָט די פריילין אַ געשריי געטון. — דו ביסט פון זינען אַראָפּ?

— איך האָב טאַקע געוווּסט, אַז דו ווייסט דערפון נישט. — האָט דניאל געזאָגט, און אים איז לייכטער געוואָרן אויפן הארצן.

— איך האָב ביי זיך דאָס געלט, וואָס ער האָט מיר געגעבן. יאָ, איך האָב אַ ביסל געלט, איך האָב דיר, אפנים, נישט דערציילט?

— געוויס, דערציילט. אָבער אויב דאָס איז געווען אַ גרעסערע סומע, האָסטו עס בעסער געדאַרפט אָפּגעבן דעם לענסמאַן.

— וואָס? דעם לענסמאַן? קיינמאָל אין דער וועלט נישט.

— ער איז טאַקע געקומען נעמען דיך אויפן פאַרהער?

— דער לענסמאַן? יאָ. איך האָב דיר נאָך נישט דערציילט?

— מסתמא האָסטו מיר אַמאָל עפּעס געזאָגט.

— ער האָט אַלעמען אין דער סאַנאַטאָריע אויסגעפאָרשט, און מיך אויך. צו וואָס פרעגסטו עס אַלץ אויס?

— ביים לענסמאַן זאָגט מען, אַז דו ווייסט וועגן דעם גראַף און דעם געלט מער, איידער דו זאָגסט.

— מיר דאַכט זיך, אַז אַלע מענטשן זענען משוגע, — האָט די פריילין געזאָגט — וואָס זאָל איך וויסן? איבעריקנס, האָט דער גראַף קיין געלט נישט געגנבעט און מען האָט אים נישט ריכטיק פאַרזעצט. אַזוי האָט מיר דערציילט דער אַדוואָקאַט פון דער סאַנאַטאָריע. די פּאָליציי האָט אַ טעות געהאַט, און איצט האָט מען אים אַריינגעלייגט אין שפּיטאָל, ווייל ער איז שווינדזיכטיק. דו קאָנסט אַליין פרעגן ביים אַדוואָקאַט.

דניאל האָט נישט געקאָנט זיין איבערצייגט, מער ווי ער-

איז געווען. זיין איינענער גלויבן און זיין צוטרויען צו דער פריי־לין זענען באשטעטיקט געווארן, און ער איז פולקאם באפרידיקט מיט דער פרייליינס דערקלערונגען. ניין, ס'וועט זיך העלענען נישט איינגעבן נאך אמאל אים דעם קאפ צו פארדרייען. איבעריקנס, די אומגליקלעכע העלענע נעבעך — זי האט געווים חרפה און איז פארצווייפלט. זי וועט נאך אמאל אוועק צו די אזערעס און זיך דערטרינקען. אבער דאס וועט ער פונדעסטוועגן גלייכגילטיק צוזען נישט קאנען, ער וועט זי ראטעווען.

* *

*

איצט האט דער שניי גערונען פון די דעכער. אויף די הענן איז ער צעגאנגען און מאכטלאזיקער געווארן פון טאג צו טאג. די טויבע קלעפ, וואס הערן זיך ארום די הייזער — דאס איז דער פייכטער שניי, וואס זעצט זיך אראפ. אויף די פעלדער און אויף דעם „פעלז" ווערט אלץ נאקעטער און נאקעטער.

סאמע ערב שבועות האט אויסגעבראכן א שטורם. און א רעגן איז אוועק. ס'איז דעמאלט גוט געווען צו זיצן אין שטוב, ווען ס'איז געווען געגנוג עסן פאר זיך און פאר די פי. ס'האט געדונערט די גאנצע נאכט, דונערן און פאנפארן האבן געדרודערט אין הימל, און די דאזיקע אומגעהויערע מוזיק האט נישט אויפ־געהערט ביז פיר פארטאג. דעמאלט האבן זיך הימל און ערד ביסלעכווייז בארויקט און נאכדעם אינדערפרי איז געווארן פרי־לינג.

און וואס פאר א פרילינג איז געווארן אין די בערג! עס איז נישט געקומען ווי עפעס גוט דורכגעטראכטס; נאר ווי א ווונ־דערבארער געדאנק, פלוצלינג און משוגענערהייז אראפגעווארפן. מארטע האט אפגעקליבן פארשידענע זאכן פון קליידונג.

ווען פריילין ד'עספאר איז אויפגעשטאנען און ארויסגעגאנ־גען, איז עס איר באמת אויסגעקומען וונדערלעך. די ווייטע וועלט אראפצו ביז סאמע דארף איז געלייגן גאנץ אנדערש ווי פריער. אלץ גרין, זוניק און רייך. דער וואלד ארום שטיבל מיט יונגע בלעטלעך אנגעטון, אויף די פעלדער האט זיך שוין דורכגע.

שלאָגן גרין גראָז, און פון דער ערד האָט אַזוי שטאַרק גע־שמעקט. עס האָט נישט לאַנג געדויערט, ביז די פרײלין איז ווי־דער איינגאַנצן געזונט געוואָרן. זי האָט דאָס קינד אַרויסגעטראָגן, זיך געזעצט מיט אים אויפן שוועל און געגעבן אים די ברוסט. און דניאל איז געזעסן לעבן איר.

— ווען ס׳זאָל נאָר נישט זיין אַזאַ קליינטשיקס, — האָט זי געזאָגט, און ווידער אַמאָל אונטערגעשטראָכן — ווען מיר וואָלטן עס נאָר קאָנען דערהאַלטן ביים לעבן. דער דאָקטאָר האָט דיר נישט געזאָגט, אַז עס איז געבוירן פאַר דער צייט?

— יאָ, ער האָט עפּעס אַזוינס געזאָגט.

— זעסטו! ס׳איז געווען מיט היפּשע עטלעכע וואָכן פאַר דער צייט. דו געדענקסט דאָך אַליין, ווען מיר האָבן זיך גע־טראָפן.

אין דער אמתן האָט די פרײלין געדאַרפט דאַנקבאַר זיין דער שלאַנג: קיין בעסערע סיבה צו געבוירן פאַר דער צייט וואָלט זי דאָך בשום אופן נישט געפונען.

— ער איז גאָר נישט קיין קליינינקער, — האָט דניאל גע־זאָגט, און האָט זיך געשפּיגלט אינם קינד — דיר דאַכט זיך עס נאָר. — האָט ער געזאָגט.

אַלץ אין אָרדענונג. קיין שפּור פון מחלוקת אין דער קליי־נער משפּחה. איז דאָס ייִנגל געווען נישט געראָטן? זענען צוליב אים געווען קריגערייען פון אינדערפרי ביז ביינאַכט? קיינמאָל נישט! ווען דניאל איז דאָס נעכסטע מאָל געווען אין דאָרף, האָט ער פאַר דעם קליינעם געקויפט אַ טאַשנטיכל מיט חיות ביי די ברעגן און פון גאַנצן האַרצן אים אַוועקגעשענקט. וואָס זשע אַזוינס איז געשטאַנען אין וועג? גאָרנישט. אַ באַרמהאַרציקע בליגדקייט האָט זיך אויסגעלייגט איבער דניאלן, ער האָט געקוקט אויף זיך און אויף די אַרומיקע — און האָט גאָרנישט געזען. זיינע באַדער־פעניש זענען געווען קליינע, זיין פאַמיליענלעבן געבויט אויף ליגן, אָבער זיין צופרידנהייט איז געווען גרויס און פול.

פרײלין ד׳עספּאַר האָט אים טאַקע אָפּגעשאַצט, און ווי האָט מען אים געקאָנט נישט שעצן? ווען אַלץ זאָל נאָר בלייבן אַזוי,

ווי עס איז איצט, וואָלט עס געווען אזא גליק! זי האָט זיך גע־פּאָרעט מיטן קינד, איז ווידער געוואָרן פריש אין געזונט. דניאל וועט שוין פון איר מער קיין בייז וואָרט נישט הערן.

— ווי מיינסטו, דניאל, ער וועט ביי אונז לעבן בלייבן? מיר האָבן עס אפשר נישט פארדינט, אָבער פונדעסטוועגן...

זי האָט זיך געפילט זייער מוטיק און ווי נייגעבוירן. זי האָט געזאָגט: ווען מען שיקט נאָך מיר היינט פון דער סאנאטאָ־ריע, וואָלט איך גענומען דאָס קינד אויף די הענט און געגאנגען!

א לעבן געבויט אויף ליגנס? ריכטיק. פיל שיינע אמתן קאָנען זיך איינלעבן מיט ליגן. ווען דאָס לעבן וואָלט געמאכט, אז דער ליגן זאָל נישט נויטיק זיין, וואָלט דער ליגן קיין קיום נישט געהאַט.

די חופה האָט מען אלץ ווייטער אָפּגעלייגט. דאָס איז אזוי געווען נישט מחמת וועלכער עס איז צד האָט קיין חשק נישט געהאַט; די אומשטענדן זענען אין דעם שולדיק געווען, נישט די פריילין. ווי וואָלט זי דען געקאָנט נעמען דאָס קינד מיט זיך אין וועג? עס קאָן גאָר קיין רייד נישט זיין, מען זאָל דאָס קינד ביי אזא געלעגנהייט באַווייזן און דורך דעם צו שאנד און צו שפּאָט ווערן. און ווידער — ווי וואָלט מען עס געקאָנט איבערלאָזן איני־דערהיים, ווען עס איז נאָך אזוי קליין? אוממעגלעך. מארטע קאָן דאָך אים נישט געבן זויגן די ברוסט. וואָס האָט מען דאָ גע־קאָנט טון?

ווען ס'איז אָנגעשטאנען דער זומער, האָט יעדנפאלס מארטע אוועקגעטראָגן דאָס קינד טויפן. די יונגע מוטער מיט דעם קינד האָבן זיך לעת־עתה צוזאמען נישט געקאָנט ווייזן פאר פרעמדע אויף די אויגן.

## XIV

אלץ וואָלט געווען גוט און שיין.

ווידער זענען אָנגעקומען די פעריען, אויף די וועגן, וואָס פירן

צו דער סאַנאַטאָריע, האָט מען געזען מענטשן, וואָס זענען געגאַנגען צופוס און געפאָרן אויף פורן, פעריענגעסט, אייסגעמאָגערטע, וואָס האָבן געוואָלט קומען צו די כוחות, און דיקע מענטשן, וואָס האָבן געוואָלט מאָגערער ווערן. דער אינספּעקטאָר און די ווירטשאַפטערין האָבן די געסט אויפגענומען, דער דאָקטאָר איז געקומען, ווען מען האָט אים גערופן. די בעסטע אָרדנונג האָט געהערשט אין דער דאָזיקער הייל־אַנשטאַלט מיט וועטער־אָנווייזערס, מיט פּלאַקאַטן און מיט דינערשאַפט אומעטום. און דער דירעקטאָר, אַדוואָקאַט רופּרעכט, האט אויך געפונען, אַז עס גייט גוט.

די אַרבעט ביים דורכפירן די עלעקטרישע באַלויכטונג איז שוין צייט עטלעכע וואָכן געווען אין גאַנג. האָט זיך אָבער, נאַטירלעך, ווי אַלע אַרבעט פון דעם מין פאַרצויגן, און האָט זיך נאָך לאַנגזאַם געצויגן. עס זענען אַנטשטאַנען אַלץ נייע און נייע שוועריקייטן, מען האָט געמוזט פעלזן אויפרייסן, דינערנדיקע שאָסן האָבן זיך געלאָזט הערן. מען האָט געמוזט אין אַכט נעמען די רו פון די פּאַציענטן צווישן געוויסע צייטן פון איין גלעקל ביזן צווייטן.

— אָבער עלעקטרישע באַלויכטונג וועט זיין, — האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט — און אַ גוואַלטיקע ווּאַסערלייטונג אויך. — האָט ער צוגעגעבן.

עס זענען אָנגעקומען פורן מיט עסנוואַרג, וועגענער מיט אויסשטאַטונג פאַר די נאָך נישט פאַרענדיקטע צימערן אין הויז, מיט מאַטעריאַלן פאַר דעם נייעם בנין, וואָס האָט דעם אַלטן בנין געזאָלט פאַרגרעסערן אומגעפער צוויי מאָל אַזוי פיל. עס זענען געקומען פורלייט מיט אייזן און צעמענט, ברעטער מאַטראַצן, גרויסע שפּיגלען אויוונס, פעק מיט טאַפּעטן.

און איינמאָל איז אַראָפּגעקומען פון דער באַן אַ הער, יאָ, איינמאָל איז ער געקומען...

ער איז געפאָרן אין אַן עקיפּאַזש, אָבער קיין פיל פעק האָט ער נישט געהאַט, נאָר אַ שיינעם האַנט־טשעמאָדאַן. ער אַליין האָט געטראָגן שיינע קליידער, הגם זיי זענען נישט געווען שפּאָגל ניי. ער האָט געהאַט אַ בריליאַנטן־רינג אויפן פינגער, און אַ קליינעם בריליאַנט אין קראַוואַט־נאָדל. העלמער האָט אים געבראַכט צו פירן

דער הער איז אַרויס פון וואָגן לעבן דער גרויסער וועראַנדע, איז אַדורכגעגאַנגען פאַרביי פיל געסט, האָט פריינטלעך געגריסט די ווירטשאַפטערין און געזאָגט:

— איך וואָלט גערן ווידער האָבן מיין אַמאָליקן צימער, אויב ס'איז נאָר מעגלעך. איך בין שוין פריער איינמאָל געווען. מיין נאָמען איז פלעמינג.

די ווירטשאַפטערין איז אַביסל צעמישט געוואָרן:

— איך ווייס נישט... איר זענט הער פלעמינג?...

דער מענטש האָט געשמייכלט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— ווילט איר אייער צימער... איך וועל זען...

דער אינספּעקטאָר איז צוגעגאַנגען, האָט באַגריסט און גענומען דעם הערנס טשעמאָדאַן. זיי זענען אַוועק אין רויבערצימער, און די ווירטשאַפטערין האָט אים אין וועג אַריינגעשעפּטשעט:

— דאָס איז הער פלעמינג...

אַדוואָקאַט רופּרעכט איז אויך געקומען. מ'האָט זיך אָנגעהויבן פּייערלעך ווידער דערקענען.

— אַך, סאַר אַן איבעראַשונג! — האָט ער אויסגעשריגן. — גייט אייך גוט, הער גראַף? איר האָט דעם הער גראַף נישט דערקענט? — האָט ער געפרעגט ביי דער ווירטשאַפטערין.

— וואָס איז דער וואונדער, — האָט פאַר איר פלעמינג געענטפערט, — איך האָב זיך פאַר דער צייט פאַרלאָזן א באָרד.

— איך וואָלט אייך צווישן טויזנטער דערקענט. וואָס פאַראַ צימער האָבן מיר פאַרן גראַף פלעמינג?

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיין אַלט צימער איז פאַרנומען, אָבער מען קאָן עס איינאָרדנען. דער אַדוואָקאַט האָט אויף זיך גענומען איינצואָרדנען עס. ער האָט זיך אַלס ווירט שטאַרק געמיט, האָט אָנגעקלונגען צו דער דינסט, געהייסן דערלאַנגען פּאַרטוויין און פאָרגעלייגט דעם גאַסט א גלאָז, נישט אַרויסלאָזנדיק פון מויל „הער גראַף", אַז אַנדערע געסט זאָלן עס הערן. ס'האָט שטאַרק געטומלט.

און אַלץ איז איינגעאָרדנט געוואָרן אויפן בעסטן אופן, הער פלעמינג האָט באַקומען זיין פריערדיקן צימער, און דער אינ-

ספּעקטאָר האָט אים אַראָפּגעטראָגן זיין משעמאָדאַן פון בוידעם, די שליסלען זענען געהאָנגען אויף אים אין אַ פאַרחתמעטן קאָנווערט. הער פלעמינג האָט די חתימה צעבראָכן מיט אַזאַ גלייכגילטיקייט, ווי זי וואָלט געווען זיין אייגענע און נישט דעם לענסמאַנס. געוויינלעך האַלט מען עס פאַר אַ געפערלעכע זאַך, צו צעברעכן די חתימה פון דער פאָליציי. אָבער ניין, הער פלעמינג האָט אַנדערש געטראַכט.

דער אינספּעקטאָר האָט געזאָגט אַביסל נישט זיכער: — דער זשאַנדאַרם איז געקומען און עפּעס צוגעלייגט אַ חתימה.

הער פלעמינג האָט געענטפערט: — דאָס איז לגמרי נישט נייטיק געווען. קיינער וואָלט דאָ אין דער סאַנאַטאָריע סיי ווי נישט געגאַנגען צו מיינע זאַכן.

ער האָט זיך איינגעוואַשן און אויסגעפּוצט אויף זיין אַמאָליקן שטייגער, נאָכדעם איז ער אַראָפּ און האָט זיך אויסגעמישט צווישן די געסט. עטלעכע פון זיי האָט ער געקענט. ער האָט זיך אויף אַ רגע צוגעזעצט אויף דער וועראַנדע לעבן דעם זעלבסטמערדער און האָט אים פאַרגעלייגט אַ פּאַפּיראָס.

דער זעלבסטמערדער האָט זיך אָפּגעזאָגט. ער האָט ווידער געהאַט אַ שווערע צייט, איז געגאַנגען איינגעהויקערט און האָט כמעט אויף קיינעם און אויף גאָרנישט נישט געקוקט. האָט כסדר געבלאָזן אויף דער ווונד, וואָס ער האָט געהאַט אויף דער האַנט, און האָט געשוויגן.

— דאָ זענען, ווייזט אויס, פאַראַן פיל געסט? — האָט הער פלעמינג געזאָגט.

דער זעלבסטמערדער האָט אויסגעשעפּסן: — יאָ, פיל נאַרישע באַשעפעניש. די דיקע קומען אַהער, כדי פאַרלירן פון דער גרעב, און גאָט איז אַן עדות, אַז דאָס גיט זיך זיי איין, וואָרום מיר לעבן דאָ בלויז מיט מאַראַהוס-וואַסער און מיט קאָנסערוון.

הער פלעמינג האָט אַ שמייכל געטון. ער האָט דערקענט דעם זעלבסטמערדערס אומצופרידענעם טאָן פון פאַריקן מאָל.

— און די דינע? — האָט ער געפרעגט.

— די דינע לעבן מיט דער האָפענונג.

פויזע.

ווען הער פלעמינג מאכט די באמערקונג: „איר זענט די גאנצע צייט געטריי געבליבן דער טאראהוסער סאנאטאריע”, ענט־פערט דער זעלבסטמערדער: „איך בין דא, כדי נישט צו זיין ערגעץ אנדערש ווו”. אבער ווען הער פלעמינג האט געוואלט פאר־לענגערן דעם שמועס, האט אים דער זעלבסטמערדער מער נישט געענטפערט; ער האט אים שוין אלץ געזאגט.

ארום זיי האט געשוויבלט און געגריבלט מיט מענטשן. ניין, לויטן אויסזען זענען עס נישט געווען קיין איבעריק נארישע באַ־שעפענישן, נאר יעדער אויף זיין שטייגער מיאוס, אייניקע, ווייל זיי זענען געווען מאגער, אנדערע, ווייל זיי זענען געווען פעט, פארמלאזע פעסער אויף פיס, פארמארעטע פון לייענען און שרייבן לערערינס, קאנטאריסטינס מיט דינע גלידער, ווי ביי אינ־זעקטן. עס זענען אויך געווען שיינע קעפ מיט הילפלאזע גוטע אויגן אונטער זיי. איין דאמע זיצט און דערציילט באריכות וועגן דעם גראנדיעזן געשעפט, אין וועלכן זי פארנעמט א שטעלע, וואס פאר א רעכענונגען איר פלעגט אמאל אויסקומען צו שרייבן, אויף וואס פאר א גרויסע סומען, און די טויזנטער בלויז פאר דענישע אייער און דענישע שינקע. און ס'האט אויסגעוויזן, אז אירע מאגע־רע צוהערער האבן גארנישט קעגן דעם, זיי זאלן הערן וועגן אזוי פיל גוטע זאכן צום עסן.

הער פלעמינג הויבט זיך אויף און באגריסט דירעקטאר אליווערן. — צוליב דער בארד, וואס ער האט פארלאזן, מוז ער יעדעס מאל פון ס'ניי אנרופן זיין נאמען. דער אלטער שול־מענטש איז פונקט דער זעלבער ווי געווען, אין די זעלביקע קליידער, מיט דעם זעלביקן גרויסן מידן פנים, געבנדיק לעקציעס אלעמען, מיט וועמען ער רעדט. עפעס אזוינס, וואס איז האפנונגסלאז, איז געלייגן אויף דעם דאזיקן מענטשן, עס דאכט זיך, אז ער האט קיינמאל אפילו זיין שווארצן שניפס נישט געביטן. זיינע הענט זע־נען געווען פונקט אזעלכע לאנגע און ביינערדיקע, זיינע שטיוול אלץ די זעלביקע. א שטענדיקע געשטאלט אין טאראהוס.

— Voila un homme! — האט ער געזאגט, גריסנדיק הער

פֿלעמינגן — אייך איז באַקאַנט דאָס וואָרט? נאַפּאָלעאָן האָט עס געזאָגט, ווען ער האָט זיך באַגעגנט מיט געטען.

דער דירעקטאָר האָט געמאָלדן, אַז ער האָט נאָך דאָ קיינעם נישט געפֿונען, מיט וועלכן ער זאָל קאָנען אַ וואָרט אויסרעדן. ער האָט דערמיט בשום אופֿן נישט געוואָלט זאָגן, אַז אַלע די דאָזיקע געסט האָבן קיין אינטערעסן נישט, ניין, ער האָט נאָר נישט געטראָפֿן קיין גייסטיקן קרוב. נאָר פֿאַר איינעם מאַכט ער אַן אויסנאַם: דאָס איז דער אינזשיניער, וואָס פֿירט דורך די אַרבעטן אַרום דער עלעקטרישער באַלייכטונג, אַ גרויסער שוישפּילערישער טאַלענט! מיט דעם מוזט איר זיך ווירקלעך באַקענען.

דער שול־דירעקטאָר איז געווען זייער צופֿרידן, וואָס ער האָט זיך ווידער באַגעגנט מיט הער פֿלעמינגען. דאָס איז דאָך געווען אַ מענטש, מיט וועלכן מען קאָן זיך צונויפֿרעדן און פֿאַרשטיין איינער דעם אַנדערן, אַ מענטש מיט דערציִונג און מיט פֿאַרשטאַנד פֿאַר פֿיינערע זאַכן. ער האָט זיך נאָכגעפֿרעגט אויף דעם דירעקטאָרס פֿאַמיליע, וועגן זיינע ווילע זין. יאָ, היינטיקס מאָל זענען זיי אויך מיט אים אַהער געקומען. זיי קריכן אָבער אין הויבענישן און די טיפֿענישן, און גאָט אַליין ווייסט, ווו זיי קאָנען זיך איצט געפֿינען. דער דירעקטאָר איז קיינמאָל נישט געווען אינגאַנצן צופֿרידן מיט זיינע זין. זיי האָבן נישט אַרויסגעוויזן אַזאַ התמדה און אַזעלכע פֿעיקייטן צום לערנען, ווי ער אַליין האָט געהאַט אין זייער עלטער. און וואָס זאָל ער מיט זיי אָנהויבן צו טון? נאַטירלעך, קאָנען זיי עפּעס. עס וואָלט דאָך געווען אַ חרפּה און אַ בושה, די זין פֿונעם שולדירעקטאָר, קינדער פֿון דעם לויכטער פֿון דער שטאָט, אויב עס איז אים דערלויבט אַליין זיך אַזוי אויסצודריקן. אָבער זיי שטייען אָפּ אין שפּראַכן, אין גראַמאַטיק. אַ מאָדנע זאַך: גראָד אין דער זאַך, וועלכע איז אים אַליין לייבטער געווען פֿאַר אַלע אַנדערע. אָבער ווען מען שיקט זיי אין עפּעס אַ שליחות, אָדער עפּעס צו באַזאָרגן אין שטאָט, געפֿינט מען זיי גלייך אין אַ שמידעריי, אָדער אויפֿן סאַמע שפּיץ פֿון אַ שטוב, וואָס האַלט זיך גראָד אין בויען.

— דאָס איז אַזוי ייִנגליש. — שמייכלט פֿלעמינג.

– אָבער מיר געפעלט עס נישט. איך וויל, זיי זאָלן אר־בעטן אין לערנען און קאָנען ווייטער גיין.

דער דירעקטאָר האָט עס ברייטער ארומגערעדט. אזוי אז עס איז ארויסגעקומען א פיינער שמועס. עס איז געווען אזוי אָנ־גענעם צו רעדן מיט הער פלעמינגען, ער איז געווען אזוי העפלעך, אזוי פארשטייענדיק. ער האלט פון דער העכערער געלערנטקייט.

הער פלעמינג האָט געפרעגט: – איך שטערט עס גאָרנישט, הער דירעקטאָר, וואָס דאָ זענען אזוי פיל פרעמדע, וואָס דאָ איז אזוי פול מיט מענטשן?

– אביסל שטערט, דעם אמת זאָגנדיק. יאָ. מיר קאָנען דאָך נישט אַלע שטיין אויף דעם זעלביקן ניווא. דאָ מוז זיך אין אַלע הינזיכטן יעדער איינער צופּאסן צו דעם צווייטן, און דאָס איז אביסל שווערלעך. אָבער אין אַלגעמיין בין איך צופרידן. דאָס אָרט איז אַן אויסגעצייכנט.

אָ, דער דירעקטאָר אַליוועך איז געווען א מענטש מיט באַ־שיידענע פאָדערונגען. ער האָט דאָס גאַנצע לעבן זיינס פארבראכט אין גענוגזאמקייט און אין אָרעמקייט. ער האָט געגעסן, וואָס מען האָט אים געגעבן, און האָט נישט געוואַרט מען זאָל אים אויס־פוצן זיינע שיך. איצט איז אים, אפנים, געפעלן געווען צו לעבן אומזיסט, בעת די פעריען, אין דער דאָזיקער גרויסער סאנאַ־טאָריע, און כּל זמן ער האָט געקאָנט, האָט ער דערפון גענאָסן. ער האָט אויסגערעכנט, אז ער איז שוין דאָ דאָס דריטע מאָל, דאָ געפעלט אים, און צו וואָס דען זאָל ער פאָרן ערגעץ אַנ־דערש? ער האָט פיינט צו בייטן די ערטער

נאָכדעם, ווי הער פלעמינג האָט זיך באגריסט מיט די אַל־טע באַקאַנטע, האָט ער גענומען ארומקריכן איבערן וואלד. דער קליינער שפּייכלער איז נאָך דאָ געשטאַנען, ווי פריער און איז ווי־דער אָנגעפולט געווען מיט פרישן היי. דניאלס הויפל איז געלייגן דערביי שיין און פרידלעך. ער איז דערגאַנגען כמעט ביז סאַמע צו די הייזער. ער האָט באמערקט, אז גארדינען הענגען אויף די פענסטער אין דער נייער שטוב. איינמאָל האָט ער באמערקט, ווי פרייליין ד'עספּאַר זיצט מיטן קינד אויף דער שוועל.

צי זי האָט אים דערוואַרט, צי ער האָט איר נישט ווילנ-דיק אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, נאָר זי האָט זיך תיכּף ומיד אויפגעהויבן און איז מיטן קינד אַריין אין שטוב. באַלד נאָך דעם איז זי צוריק אַרויס און זיך אַוועקגעלאָזט צו אים אַנטקעגן.

אַ באַגעגעניש אין וואַלד, אַ געהיימע באַגעגעניש. עס איז שוין אַזוי פיל צייט אַריבער, זינט זיי האָבן זיך דאָס לעצטע מאָל געזען. זיי זענען ביידע רויט געוואָרן. גאָט ווייסט, דאָס איז, מסתמא, געווען פון צערודערטקייט, און אפשר פון עפּעס אַנדערש. זיי האָבן דערלאַנגט איינע די אַנדערע די הענט און נישט געוווּסט, וועגן וואָס צו רעדן. ער האָט דערזען דאָס לאָך צווישן אירע ציין, ער האָט אָבער באַמערקט, אַז זי באַמיט זיך עס פון אים צו פאַר-באָרגן. ער האָט אָנגעוויזן אויף דעם שניט לעבן דער גאָמבע און געפרעגט:

— איר האָט זיך, אפּנים, גוט צומזיקט!

— אָ, דאָס איז שוין אַן אַלטע מעשה. ס'איז נאָך געווען ווינטער, איר זעט גוט אויס. איר הוסט נישט?

— ניין. איר האָט געוווּסט, אַז איך שטיי עס דאָ?

— איך האָב פאַרשטאַנען. אָ, דאָ איז קיין איבערנאַטירלעכע זאַך נישטאָ. איך האָב געוווּסט פון העלמערן, אַז איר זענט געקו-מען, — פון דעם, וואָס האָט אייך געבראַכט צו פירן.

הער פלעמינג האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ: — ער האָט מיר אויך געגעבן אייניקע ידיעות.

— אַזוי. — האָט זי געזאָגט מיט אַ זיפץ. — ווייסט איר דאָך, ווי עס האַלט.

פּויזע.

— איר זעט גוט אויס, אָבער פרעמדלעך. צו וואָס טראָגט איר אַ באָרד?

— די מעשה איז... פאַרשטייט איר, איך בין אַ ביסל אויס-געמאָגערט. איר דאַרפט קיין טעות נישט האָבן. איך בין גוט אָפּ-געצערט. אָבער איך מיין, אַז דאָ וועל איך מיך צוריק פאַריכטן. איך האָב מיך דערמאָנט אין טאַראַהוס, אָן דעם פאַסטוך-הויפל, אָן דער זויערמילך. חוץ דעם האָב איך געטראַכט, אַז אויב איך

וועל קומען אהער מיט א באָרד צו דעם דאָזיקן מענטשן, צו דניאלן, אָדער ווי ער הייסט דאָרט, וועט ער מיך אָננעמען פאַר אַן אַנדערן. דאָס איז מיר נויטיק געווען צוליב פאַרשידענע טעמים.

— איך וואָלט אייך גלייך דערקענען, אויך ער און מאַרטע וועלן אייך באַלד דערקענען.

— יאָ, דאָס איז טאַקע געווען אַ קינדערשער געדאַנק. נאָר לאָמיר רעדן וועגן אייך.

— מען דאַרף נישט וועגן מיר. איר זעט דאָך, אַ וועלכע איך בין געוואָרן.

און גלייך ווי זי וואָלט וועלן גיכער מאַכן אַ סוף דערצו, האָט זי צוגעגעבן פּלוצלינג:

— זעט איר, איך האָב אַ צאָן אויך פאַרלוירן!

— איז וואָס?

— יעדנפאַלס איז עס נישט שיין.

ער האָט אַ שמייכל געטון: — ווען אויף דעם אָרט וואָלט אויסגעוואַקסן אַ שנייד-צאָן, וואָלט געווען נאָך ערגער. זאָגט מיר אָבער: ס׳איז אמת, אַז איר האָט חתונה?

פּויזע.

— איך האָב געבוירן אַ קינד. — האָט זי געזאָגט.

— אַ קינד? אַזוי...

— מ׳האָט עס אַ נאָמען געגעבן יוליוש, אַ גרויס, אַ שיין יינגל, איר מעגט מיר גלויבן. ער האָט געזאָגט מען זאָל אים אַ נאָמען געבן נאָך מיר.

— ווער האָט געזאָגט?

— דניאל, פאַרשטייט זיך.

פּויזע, יעדער איז געווען פאַרטון אין די אייגענע מחשבות.

— און איצט ווילט איר חתונה האָבן? — האָט ער געזאָגט ווי אין חלום.

— דערציילט מיר וועגן זיך, — האָט זי געזאָגט — ווי גייט אייך? זענט איר שוין ווידער געזונט?

— איך האַלט מיך נאָך. איך האָב, איבעריקנס, געלייגט גע-

ווײַסע האָפענונגען אויף טאָראַהוס, אָבער איצט ווייס איך נישט, אַלץ האָט זיך דאָ אַזוי געענדערט.

— איר וועט זיך דאָ פאַריכטן, איר וועט זען. איר האָט דאָ געהאַט אַזוי פיל אומאָנגענעמלעכקייט, ווען איר זענט דאָ געווען דאָס ערשטע מאָל, איך מיין דאָס ערשטע מאָל פון אייער פאַרבּרענגען דאָ. דאָס האָט אייך געוויס פאַרשאַדט. אָבער דאָס איז אַלץ געווען נאַרישקייטן, ווי איך האָב געהערט.

— לויטער נאַרישקייט. אין כריסטיאַניע בין איך אָנגעקומען אין אַ שפּיטאָל. און מיר איז געווען גוט. אָ, איך האָב אין זיך לעבּן. און מיין קראַנקהייט איז זייער אַ קאַפּריזע. די נסיעה איבערן ים קיין פינלאַנד האָט מיך גאָר געווען אויסגעהיילט, און איך האָב אויפגעהערט צו שפּייען מיט בּלוט. דאָס איז געווען אַ וווּנדערלעכע רייזע: קאַטעגאַט, אסטזע, ענדערונג פון דער לופט. איך וואָלט קיין בּעסערן היילמיטל נישט געקאָנט געפינען.

— און נאָכדעם, אַז איר זענט געקומען קיין פינלאַנד? — האָט זי געפרעגט און האָט אפשר געטראַכט דערבּיי וועגן תּפיסה און אַרעסט.

— אַלץ ווי געווען, — האָט ער געמאָלדן — נו, פאַרשטייט זיך, עס זענען פאָרגעקומען ענדערונגען: זיין מוטער האָט פאַרקויפט דעם הויף, אַזוי, אַז ער קאָן שוין נישט פאָרן אַהיים און זיין בּיי איר.

- האָט זי פאַרקויפט דעם הויף?

— יאָ, וואָס זשע דען האָט זי געקאָנט טון? ער האָט אים נישט געקאָנט איבּערנעמען, ער איז געווען קראַנק, האָט זי פאַרקויפט, געמאַכט צו געלט.

— און ווו איז איצט זיין מוטער?

זי איז דאָך געווען אַזאַ אַלטינקע, זי האָט געקראָגן אַ לונגען-אַנטצינדונג...

פּויזע.

- ווי טרויעריק דאָס איז! — זאָגט די פרייליין.

— לאָמיר וועגן דעם נישט רעדן. דאָס איז געשען, נאָך איידער איך בּין געקומען אַהיים, ווען איך בּין געלעגן אין כרי-

סטיאַניע אין שפּיטאָל. איך האָב דערהאַלטן אַ בריוו וועגן דעם, און אפשר איז דאָס גאָרנישט געווען קיין לונגען־אַנטצינדונג. זי האָט געהאַט אַ האַרצפעלער. איך האָב נישט געהאַט קיין מוט צו הערן וועגן דעם, אפשר איז עס געווען אַ שלאַג־אָנפאַל.

ער האָט גענומען איר האַנט, שוואַך אַ דרוק געטון, כמעט ווי גאָרנישט פון אַ פאַרליבטן. ביי דניאלן פלעגט עס אַנדערש אַרויסקומען, זיין דרוק איז געווען גאַר פון אַן אַנדער מין. אָבער די ברעכעוודיקע, מאָגערע האַנט פון אַ קאָנטאָריסט האָט אויף איר געמאַכט אַן איינדרוק. זי איז געווען דינהויטיק, וואַרעם פון אַ לייכטן פיבער, אָנגענעם צו האַלטן. עס איז איר אַריבער אַ ציטער. זי האָט אַזוי לאַנג געשטיקט אין זיך די בענקשאַפט נאָך איר פריערדיקן לעבן, נאָך איר אַלטער סביבה, אַז פּלוצלינג האָט זי זיך געלאָזט באַצווינגען און איז הער פלעמינגן אַרויפגעפאַלן אויפן האַלז. דאָס האָט אים צוגעגעבן מוט, ער איז געוואָרן פריי־ער, האָט זי געקושט און איז געוואָרן צערטלעך.

— מיר דאַרפן זיין אַביסל פאָרזיכטיק, — האָט זי געזאָגט — ער קאָן זיך אומקערן מיט דעם וועג.

דאָס האָט פלעמינגען ווידער געמאַכט אומעטיק און שווייגנדיק.

— עס איז אַזוי מאָדנע ווידער צו זיצן דאָ צוזאַמען, — האָט זי געזאָגט — וויפל צייט איז עס, אייגנטלעך, זינט מיר זענען גע־ווען צוזאַמען דאָס לעצטע מאָל?

— איך ווייס נישט, איך וויל וועגן דעם נישט טראַכטן. שוין זייער לאַנג.

זי האָט אים באַטראַכט פון דער זייט. ער איז געוואָרן מאַגער, ער איז זייער אָפּגעצערט, די שלייפן זענען ביי אים איינגעפאַלן, די נעגל בלוי. גאָט ווייסט, וואָס פאַר אַ צרות ער האָט דורכגעלעבט. אוודאי עסן נאָך באַקומען אין אין אַ בלעכענער שיסל דורך אַ לאָך אין דער טיר.* ער האָט אויך נישט אויסגעזען אַזוי רייך, הגם ער האָט געהאַט דעם בריליאַנטן־רינג אויפן האַנט און געטראָגן די עלעגאַנטע קאָסטיומען פון זיין קופערט. ס'האָט אָבער נעהאַט אַ פנים, ווי ער וואָלט עפּעס פאַרלוירן אין זיין האַלטן זיך, ווי ער

האָלט נישט געהאַט יענע גוטע אויסקומעניש, אויף וועלכער ער זאָל זיך קאָנען שטיצן.

פּלוצלינג איז זי געוואָרן אויפמערקזאַם

— דאָס איז נישט... דאָס איז נישט דערזועלביקער רינג?

— געהיס. — האָט ער געענטפערט, אים אויפגעהויבן און געלאָזן בליצן אויף דער זון.

— מיר דאַכט, ער פינקלט נישט אַזוי שטאַרק ווי אַמאָל.

— דאָס איז דער שטויב, דער שטויב פון וועג. איבעריקנס, וויל איך מער קיין רינג נישט טראָגן. — האָט ער געזאָגט און אַריינגעלייגט דעם רינג אין קעשענע פון דער קאַמיזעלקע.

— אַ דאַנק אייך, — האָט זי געזאָגט — פאַר אַלץ, פאַר דעם געלט.

ער האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, אָפּשטופּנדיק דעם דאַנק, און געפרעגט שמייכלענדיק:

— אייך האָט זיך איינגעגעבן דאָס צו דערהאַלטן?

— געוויס.

— איר האָט עס נישט געדאַרפט פאַרברענגען?

— דאָס וואָלט איך בשום אופן נישט געטון. איך האָב נאָר אַ ביסל פאַרנוצט. אַ ביסל פאַר דניאלן, אַ ביסל פאַר מיר אַליין, געקויפט אַ פערד און פאַרשידענע זאַכן אין שטוב

— רעכט, לאָמיר וועגן דעם נישט רעדן.

— אפשר ווילט איר אַ ביסל פון דעם געלט צוריק באַקומען?

— וואָס רעדט איר! ניין.

— נו, כאָטש, וויפל עס איז?

ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף נישט.

— אָבער אַלץ האָט זיך אַזוי געענדערט! איך ווייס נישט, וואָס וועט איצט זיין מיט מיר. איך בין אַהער געקומען, ווייל איר זענט דאָ, און ווייל מיר איז דאָ געווען גוט; השגחה, באַזאָרגונג, איך האָב דאָ געהאַט זווערמילך אין פאַסטוך-הויפל, אַ גוטן שלאָף און אַ פעל צוצודעקן זיך. איך האָב איך געזען אַלע

טאָג. איך האָב נאָך אייך געבענקט. איך האָב וועגן גאָרנישט געטראַכט, נאָר וועגן אייך.

— איר קאָנט מיך איצט אויך זען יעדן טאָג. — האָט זי געזאָגט.

— ניין, ווי קאָן עס דען זיין.

— איך וועל קומען אין דער סאַנאַטאָריע, אויב איר ווילט. ער וועט גאָרנישט האָבן קעגן דעם.

ער האָט ווידער געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין

— דאָס איז נישט דאָסזעלביקע וואָס פריער. ס'איז דען נישט אמת, אַז איר ווילט שטעלן אַ חופּה?

זי ענטפערט נישט תּיכּף: יאָ...

זעט איר! ווי זשע קאָנט איר דעמאָלט צו מיר קומען? ניין. ס'איז אַלץ פאַרלוירן.

ער שווייגט, ביידע שווייגן. נאָכדעם רעדט ער ווייטער:

— געלט, זאָגט איר? נו, יאָ, איך וואָלט וועלן, אַז אין אַ נויטפאַל זאָלן מיר עס האָבן צוזאַמען. איך האָב געטראַכט, מיר זאָלן עפּעס ווידער אונטערנעמען. דערפאַר בין איך געקומען צו פאָרן, כּדי מיט אייך וועגן דעם צו רעדן. אָבער איצט איז אַלץ פאַרביי. קיין באָדן איז דערפאַר נישטאָ. איר האָט מיך מער נישט ליב.

— ניין, דאָס איז נישט ריכטיק. זאָגט עס נישט, איך האָב אייך ליב.

— אָבער נישט אויף דעם אופן ווי פריער.

איך זאָג אייך זיכער: אויף דעמזעלביקן אופן. אָבער וואָס האָב איך געקאָנט טון? איך בין געוועזן אַליין, און כּמעט ווי פאַרצווייפלט. דאָס קינד האָט געדאַרפט געבוירן ווערן, איך האָב געמוזט אַרויספאָרן פון דער סאַנאַטאָריע, געפינען זיך אַ היים...

— ריכטיק.

אַ לאַנגע פּויזע, יעדער איז פאַרנומען מיט זיינע מחשבות.

— די אומשטענדן. — האָט ער געזאָגט. — די אומשטענדן האָבן עס געמאַכט, אַז איך זאָל פאַר אייך נישט קאָנען טון דאָס, וואָס איך האָב באַדאַרפט צו טון.

— פֿאַרקערט, — האָט זי אים איבערגעריסן און געטרייסט — איר האָט געטון אַלץ, וואָס איר האָט געקאָנט טון, און נאָך מער, ווי איר האָט געקאָנט. איר זענט זיך באַגאַנגען אויסגעצייכנט פֿיין. וואָס וואָלט מיט מיר געווען, ווען איר וואָלט מיר נישט געגעבן אייער הילף, איך זאָל קאָנען לעבן, נישט דינענדיק אויף דער שטעלע אין שטאָט.

— דאָס איז אַלץ, וואָס איך האָב געטון פֿאַר אייך.

— איר האָט מיר געגעבן אַ מענגע מיט געלט. איר ווייסט נישט, וואָס פֿאַר אַ באַדייטונג דאָס האָט פֿאַר מיר געהאַט.

— רעכט, אָבער די אומשטענדן זענען שולדיק אין דעם, וואָס איך האָב אייך נישט געקאָנט מיטנעמען. איר וואָלט דעמאָלט אפשר מיט מיר מיטגעפֿאָרן?

— יאָ.

— זעט איר, אָבער איצט קאָנט איר נישט.

— איך מוז גיין, — האָט זי געזאָגט און איז אויפֿגעשטאַנען — דאָס קינד קאָן זיך נאָך אויפֿכאַפּן, און איך וועל נישט זיין.

— זאָל איך ווידער קומען אַהער?

— רעכט. — האָט זי געזאָגט נישט זיכער.

— אָדער קאָנט איר אפשר צו מיר קומען?

— אפשר.

— איך וואָלט נאָך וועלן מיט אייך רעדן און אַלץ וויסן.

* * *

און זי האָט אָנגעהויבן פֿון צייט צו צייט גיין אין דער סאַנאַטאָריע. דאָס פֿלעגט גרעסטן טייל פֿאָרקומען אינדערפֿרי. זי פֿלעגט אויפֿשטיין אַרום זעקס און אים געפֿינען נאָך ליגנדיק אין בעט. אַזוי איז עס פֿאָרגעקומען אַ פּאָר מאָל, נאָכדעם האָט מען אין דער סאַנאַטאָריע גענומען קוקן אויף דעם קרום. דינסטמיידלעך פֿאַרדריסן אַזעלכע זאַכן, ווען זיי אַליין האָבן דערפֿון גאָרנישט. איינמאָל אינדערפֿרי, ווען זי האָט זיך געוואָלט אַריינגנבענען, האָט זי זיך אין קאָרידאָר אָנגעשטויסן אויפֿן דירעקטאָר, אַדוואָקאַט רופּרעכט.

ער האָט זי באַגריסט, צעגאָסן זיך מיט אַ שמייכל איבערן גאַנצן פּנים און זייער דערפרייט זיך, ווען ער האָט זי דערקענט.

— שוין אַ גאַנצע אייביקייט איז אַוועק, זינט איך האָב אייך געזען, גנעדיקע פרייליין. דאָס איז גאָרנישט שיין פון אייער זייט, וואָס איר האָט אונז אינגאַנצן פאַרלאָזן. וואָס האָבן מיר אייך אַזוינס געטון? קומט אַריין אַהער, ביטע, פרייליין, מיר וועלן אויסטרונקען אַ גלעזל קאַווע. איך וועל אייך סיי-ווי נישט אָפּלאָזן, ביז איר וועט מיר נישט דערציילן, ווי גייט עס אייך. נו, לאָמיר זיך זעצן, אָט-אָ-דאָ. איר ווילט, אפשר, רעדן מיט הער פלעמינגן? ער איז נאָך נישט אויפגעשטאַנען. ער איז גראָד נישט אַזאַ מאָרגנ-פויגל, ווי איר און ווי איך. נאָר מיר וועלן נאָך אים שיקן. און דערווייל וועלן מיר טרינקען קאַווע. לויזע, זייט אַזוי גוט, דער-לאַנגט קאַווע פאַר מיר און פאַר פרייליין ד'עספּאַר. נאָכדעם גייט אַרויף און קלאַפּט אָן שטילינקערהייט אין דער טיר פון דעם גראַף, און זאָגט אים, אַז אַ יונגע דאַמע וואַרט אויף אים אונטן.

אַזוי אַרום האָבן זיך די פרימאָרגנדיקע באַגעגענישן פון איצט אָן איבערגעריסן.

איצט האָט די פרייליין גענומען פאָרזיכטיק צוגרייטן דניאלן און מאַרטען, אַז דער גראַף איז ווידער אין דער סאַנאַטאָריע — זיי געדענקען, מסתמא, דעם פיינעם רייכן גראַף? נו, איז ער ווי-דער דאָ און וויל באַקומען זויער-מילך.

דניאל האָט מיט פאַרגעניגן אַ שמייכל געטון, און מאַרטע האָט צעטומלט גענומען פאַרריכטן אויף זיך דאָס קלייד. אָבער איך זאָג, — האָט זי אַרויסגעזאָגט איר ווונטש — ער זאָל איצט עסן אין דער נייער שטוב. מען קאָן אים נישט האַלטן אין קיך.

און דאָס, וואָס דער גראַף דאַרף זיין אין דער נייער שטוב, האָט אויסגעזעהן, איז דער פרייליין שטאַרק נישט צום האַרצן, אָבער זי מוז נאָכגעבן.

און דעמאָלט איז דער גראַף געקומען; ער האָט אָנגעהויבן קומען אַלע טאָג, האָט באַקומען זויער-מילך, און האָט זיך באמת פאַרריכט, ער איז ווידער געוואָרן געזונט, ס'וואָלט אַלץ געווען אויסגעצייכנט, ווען דאָס האָלט געווען אַן ערלעכע שפּיל אָנשטאָט

רמאות. זיי האָבן אָפּט אַפילו אַראָפּגעלאָזן די געדיכטע גאַרדינען איבער די פענסטער, אַזוי אַז קיינער האָט פון דרויסן נישט גע־קאָנט אַריינקוקן, און דאָס האָבן זיי געטון צוליב דער שיין פון דער זון. און נאָכדעם, ווען הער פלעמינג האָט שוין געהאַט אָפּגע־געסן, אַוועקגעלייגט צוויי גרויסע קראָניקע מטבע, און דאָס קינד איז גע־שלאָפן, האָט די פריילין געקאָנט אים גיין באַגלייטן אַהיים און אָפּטמאָל פלעגט זי אַריין אין דער סאַנאַטאָריע און פאַרברענגען דאָרט אַ ווײַלע מיט די געסט.

זי האָט באַגעגנט דעם זעלבסטמערדער און ס׳איז איר גע־לונגען צו מאַכן, ער זאָל זיך פונאַנדעררעדן. יאָ, פריילין ד׳עס־פּאַר האָט געמאַכט ער זאָל רעדן מיט מענטשן און דערציילן.

— איך האָב געהערט, אַז צוויי פון אונזערע דינסטמיידלעך זענען קראַנק געוואָרן, — זאָגט ער גאַנץ באַלעבעט — איר דאַרפט זיך פרייען, וואָס איר זענט דאָ מער נישטאָ, פריילין ד׳עספּאַר.

— דערציילט, וואָס איז געשען?

— דאָס זענען נייע מיידלעך, נאָר וואָס פון דאָרף אָנגעקומען. זענען זיי נישט געוווינט צום היגן עסן, און זיי האָבן זיך אַוועק־געלייגט, איינע, זאָגט מען, האָלט שוין גאָר שמאָל. קיין בעסערס האָט מען נישט געקאָנט דערוואַרטן. די קאָנסערוון, וואָס מען גיט דאָ, דאָס איז ריינער סם המות. אפשר וואָלט אונז דניאל ווידער פאַרקויפן אַן אָקס?

— איך ווייס נישט. — האָט די פריילין געענטפערט שמייכ־לענדיק.

— ער וואָלט אונז דערמיט פון טויט געראַטעוועט.

— איר זעט אָבער גאָרנישט שלעכט אויס, הער מאַגנוס.

— איך באַמי זיך נישט אָפּצולאָזן זיך, אָבער איך בין שוין לאַנג נישט דער, וואָס איך בין געווען. ווען איך עס, איז אַן אַפּעטיט, ווען איך זעץ מיך אויף אַ שטול, היט איך מיך, איך זאָל נישט פאַלן. די אָוונטן גייען אַוועק מיט דעם, וואָס איך שפּיל מיט די מענטשן אין זעקס און זעכציק. וואָס זאָגט איר דערויף?

— ליבער הער מאַגנוס, מיר דאַרפן זיך באַמיען אָנצונעמען אַלץ פון דער בעסערער זייט.

— ווּ שטייט עס געשריבן?

- איך ווייס נישט, אין אונזער גורל.

— זעט איר אָט דעם דאָרט אין דרויסן? — האָט דער זעלבסטמערדער געפרעגט אָנווייזנדיק מיט די אויגן. — דעם שול־דירעקטאָר, דעם „ביכער־וואָרעם". ער נעמט אַלץ אָן פון דער גוטער זייט. ער קען „שפּראַכן" און איז אַ גאָרנישט. ער איז פאַר־זונקען מיט דער גרעסטער התמדה אין זיין בוכגעלערנטקייט און לערנט מעכאַניש, כּדי די מעכאַנישקייט אויף די קינדער אַרויפצו־וואַרפן. ער זעט נישט די קאָמישקייט דערפון, ער פרעגט נישט: צי איז דאָס לעבן? פאַרקערט, ווען ער רייסט זיך אָפּ פון זיינע מעשים, דאַכט זיך אים, איז ער אומגעוויינלעך. ער האָט ווידער עפּעס נייעס צוגעלערנט. ער נעמט עס אַלץ פון דער בעסטער זייט. ביי זיך אינדערהיים לייענט ער אויסלענדישע צייטונגען אין קלוב, מענטשן אויף דער גאַס גריסן אים, און ער איז צופרידן. דאָס איז זיין לעבן. ער האָט קיינמאָל קיין רעספּעקט נישט פאַר די גרויסע שפּראַכגייסטער, ער זעט זיי נישט, האָט קיין אַנונג נישט, אַז זיי עקזיסטירן, די זעער, די פאָרשער צווישן עפּאָכעס און פעלקער

— אפשר האָט איר עפּעס געהערט וועגן אונזער פריינט מאָס? — האָט די פריילין געפרעגט.

— מאָס, דער שווינדלער? זעט נאַר, וואָס ער האָט מיט מיר אָפּגעטון. — האָט דער זעלבסטמערדער געזאָגט און אויסגעשטרעקט זיין האַנט מיט דער וווּנד צו דער פריילין. — דאָס לאָזט זיך נישט אויסהיילן. איך האָב עס געפּרוּווט אויסברענגען, אָבער אומזיסט, ער האָט מיך אָנגעשטעקט, און דערביי האָט ער נאָך געוואָלט זיין אַ רעליגיעזער מענטש! אָבער איך וועל אים איינגיבן אַוועקשיקן אַ בריוו. איך וועל אים וויזן.

— ער שרייבט אייך אַמאָל, — פרעגט די פריילין — אָדער ער איז שוין געשטאָרבן?

— געשטאָרבן? דער? געוויס שרייבט ער. איר זאָלט נישט מיינען, אַז איך ריר מיך צו צו זיינע בריוו. דער דאָקטאָר לייענט זיי. אָבער ער שרייבט און שרייבט. און שעמט זיך גאָרנישט. ער

זעט וואָס ווייטער אַלץ בעסער. זאָגט ער, און דעם לעצטן בריוו האָט ער שוין אַליין אָנגעשריבן.

— אַזוי! — האָט די פריילין אויסגעשריגן העכסט פאַרוווּנדערט.

— גלויבט איר אים, הייסט עס, אויך? — פרעגט דער זעלבסטמערדער מיט פאַרדרוס. — אָבער רעכט, זאָל זיין, אַז ער האָט עס אַליין אָנגעשריבן, איר זאָלט אָבער נישט מיינען, אַז די שורות זענען גלייכע און שיינע. איך וואָלט פונקט אַזוי געקענט שרייבן מיט אַ טאַשנטיכל איבער די אויגן. נאָר דאָס איז נאָך נישט דאָס ערגסטע, איצט וויל ער אונז איינשמועסן, אַז דאָס, וואָס ער האָט געהאַט אויפן פּנים איז געווען פּשוט עקזעמע פון אַן אומריינעם גאָלמעסער. וואָס זאָגט איר דערצו?

— איך פאַרשטיי מיך נישט אויף אַזעלכע זאַכן.

— רעכט, זאָל זיין, אַז אויפן פּנים איז ביי אים געווען עקזעמע פון ראַזירן זיך, אָבער ווי קומט עקזעמע פון ראַזירן זיך אויף די איבעריקע טיילן קערפּער?

— ער האָט דען אויף אַנדערע טיילן קערפּער אויך געהאַט וווּנדן?

— איך ווייס נישט, אָבער ער האָט זיכער געהאַט. ער איז איבערהויפּט געווען אַן אומריינע באַשעפעניש מיט ביילן און מיט געשווירן אומעטום. איך האַלט נישט פאַר אוממעגלעך, אַז ער האָט געקאָנט אָנהייבן צו זען בעסער, ווען מען האָט אים די אויגן גוט אויסגערייניקט. אָבער ווי זשע וועט איר דערקלערן דאָס, וואָס ער האָט מיך מיט דעם סוועטער אָנגעשטעקט?

— באַווייזט מיר נאָר אייער וווּנד? — בעט די פריילין.

— לאָזט, — ענטפערט דער זעלבסטמערדער — איך ווייס שוין, וואָס דאָס איז.

— וואָס זאָגט דערויף דער דאָקטאָר?

— דער דאָקטאָר! — האָט דער זעלבסטמערדער אַ הייזשע געטון. — ער ראָט צו נעמען פּראָשקעס. דאָקטאָר עיען איז אויך געווען אַ דאָקטאָר, און ער האָט געזאָגט, אַז מאַס האָט צרעת.

ס'איז אומזיסט געווען דאָס רעדן מיט אים. די פריילין האָט

זיך אָנגעבויגן צו אים און שטיל געפרעגט:

— האָט איר עפּעס ידיעות וועגן דער היים?

— צו וואָס פרעגט איר עס? שווייגט בעסער

— אנטשולדיקט. איך מיין וועגן דעם קליינעם מיידעלע, וועגן קינד האָט איר עפּעס געהערט?

— פאַרוואָס זאָל איך עפּעס הערן? איך ווייס אפילו נישט, ווי זי הייסט, איך בין דאָ, און זי איז דאָרט. וואָס האָב איך מיט איר פאַר עסקים?

— דאָס איז זייער טרויעריק.

— איך רעכן ביי דער ערשטער געלעגנהייט צו פאָרן קיין כריסטיאַניע און מאַכן אַ סוף צו אַלע פראַגן. עס זאָל מער קיין ספק נישט בלייבן, ווען אפילו מאָרד און זעלבסטמאָרד און אונטערגאַנג זאָל אַרויסקומען דערפון. מיר איז אַלץ איינס. — און נאָך די דאָזיקע פינסטערע ווערטער, האָט דער זעלבסטמערדער ווייטער געזאָגט — זייט אַזוי גוט, פרייליין ד'עספּאַר, פרעגט ביי דניאלן, צי האָט ער נישט קיין אָקס אונז צו פאַרקויפן. דאָס איז פשוט אַ פראַגע פון לעבן אָדער טויט.

* * *

דניאל האָט ווידעראַמאָל אויפגעהויבן די פראַגע וועגן חופּה.

יאָ, געוויס, די פרייילין איז צו יעדער צייט גרייט. אָבער צי דען וויל ער גיין צו דער חופּה אין דעם וואַלענעם קאַפּטן?

וועגן דעם האָט ער נישט געטראַכט. אָבער זי איז, אפנים, גערעכט. ער האָט אפילו זיין זונטאָג-אַנצוג. אָבער צו אַזאַ פייערלעכקייט דאַרף מען געוויס האָבן אַ נייען בגד. נאָר דער טייוול ווייסט, אויף שבועות האָט מען גאַרנישטגע קאָנט רעכענען, אַז מען זאָל באַווייזן עפּעס אַזוינס אויפצונייען.

און די חופּה איז אָפּגעלייגט געוואָרן.

נאָך שבועות האָט ער ווידער אָנגעהויבן רעדן וועגן דעם. די פרייילין האָט אמת טאַקע איצט אויך נישט געזאָגט „ניין." אָבער זי האָט זיך אָפּגעהאַלטן פאַרצולייגן אים געלט אויף אַ נייעם אַנצוג. אַ מאָדנע זאַך! דניאל האָט, מסתמא, דערויף געוואַרט, זי

פלעגט דאָך פריער שטענדיק זאָגן: גיי און קויף דאָס, יענץ, אָט האָסטו געלט. ער איז געווען צעלאָזן און האָט בשום אופן נישט פאַרשטאַנען איר קאַרגשאַפט. ער איז געווען אַביסל גע־קרענקט, האָט זיך אָפּגערוקט אָן אַ זייט און אַ לענגערע צייט וועגן הופּה נישט דערמאָנט.

און דערווייל פלעגט הער פלעמינג קומען אין דער נייער שטוב, און די פרייליין האָט אים באַגלייט אין דער סאַנאַטאָריע. דאָס האָט געדויערט ביז ווייט אין זומער אַריין. אָבער איינמאָל, ווען זי האָט געוואָלט מיט אים אַרויסגיין, האָט זיך דניאל גע־שטעלט אין דער טיר פון קיך און האָט זי אַ רוף געטון צוריק: דאָס קינד האָט זיך צוריק אויפגעכאַפּט. איך הער עס שרייען.

— אויפגעכאַפּט?

— יוליוס, ער וויינט, איך הער אים.

יאָ, זי האָט זיך ביי די ווערטער אומגעקערט און געלאָזן הער פלעמינגן גיין איינעם אַליין. אָבער זי איז געגאַנגען צוריק אַזוי אָן השק. מער נישט, ווי כדי צו דערפילן אַ חוב, און האָט געזאָגט:

דאָס איז אַ מאָדנע זאַך. ער איז דאָך געשלאָפן אַזוי שטאַרק.

דניאל איז נאָך איר אַריין אין דער נייער שטוב, כלומרשט אַ קוק צו טון, צי דאָס יינגל איז באמת וואַך, און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז גאָרנישט וואַך, נאָר ער שלאָפט גאַנץ רויק.

— וואָס באַדייט עס? — האָט זי געפרעגט.

דניאל האָט געענטפערט שטאַמלענדיק, ער האָט זיך כלומרשט אַליין געוווּנדערט: ער האָט דייטלעך געהערט, ווי דאָס יינגל האָט געוויינט. ווי זשע קאָן מען עס פאַרשטיין? ער האָט זיך דערשראָקן? אָ, ער איז דאָך קיין פּחדן בשום אופן נישט געווען.

זיי האָבן אַביסל גערעדט וועגן דעם. זי איז געווען נישט זייער צופרידן, האָט עס אָבער געקאָנט באַהאַלטן. נאָר ווען דניאל איז געוואָרן ליב און צערטלעך, האָט זי שוין פאַרשטאַנען אַלץ, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, האָט זי אים אָפּגעשטופּט, זיך אַנטקעגנגע־

שטעלט; האָט זיך אָבער נישט געקאָנט אָפּוּוערן. אָט צו וואָס ער האָט זי גערופן! ווי איז אים נישט מיאוס! ווען זי וואָלט עס פריער געוווּסט, וואָלט זי בשום אופן נישט געגאַנגען צוריק. פונדעסטוועגן האָט זי נישט געוואַגט צו ווייט צו גיין מיט איר אומצופרידנהייט, נאָר זי האָט זיך געזידלט האַלב אויפצופלייסן, און אויפגעהויבן אויף אים אַ האַנט, כלומרשט צו שלאָגן. ער האָט זיך אַזוי פאַרגעסן, ער איז אַזוי נישט איינגעהאַלטן, זי האָט זיך פאַר אים שיר נישט דערשראָקן, ער האָט כמעט ווי געברומט. דניאל האָט געהאַט זיינע אייגענע פּאָסטעמקעס, ער איז געווען גראָב און היציק. ער האָט געהאַט חסרונות, וואָס האָבן געהאַט זייערע מעלות. זיינע באַזוכן אין דער נייער שטוב זענען פאַר דער לעצטער צייט געוואָרן זעלטענער. זי האָט מער פאַר דער פינסטערניש קיין מורא נישט געהאַט, עס איז געקומען די ליכטיקע צייט פון יאָר, און זי האָט אים שוין נישט געדאַרפט, ער זאָל זי היטן ביידערנאַכט. אַזוי אַז ס'איז געווען גלייך, ווי מ'וואָלט אים הינטער דער טיר אַרויסגעשטעלט.

— יאָ, איצט קאָנסטו גיין, שד! — האָט זי געזאָגט.

זי האָט זיך גענומען טראַכטן וועגן אים אָן פּניות. ווען עס וואָלט אַלץ געגאַנגען כּשורה, וואָלט זי שוין אפשר לאַנג חתונה געהאַט פאַר אים, און געווען די באַלעבאָסטע פון דעם טאָראַהויסער פּאָסטוך-הויפל. מען קאָן דניאלן נישט גרינגשעצן. געגעסן האָט ער טאַקע גרונדלעך, אָבער ער האָט אויך געאַרבעט, ווי ס'געהער צו זיין. איינמאָל ווינטערצייט איז ער געקומען פון וואַלד מיט אַ וווּנד, וואָס ער האָט זיך געמאַכט מיט דער האַק אויפן פוס, האָט ער זיך פריער פאַר אַלץ אָוועקגעזעצט עסן. ערשט ווען עס איז אויף דער פּאָדלאָגע אָנגערונען אַ לוזשע מיט בלוט, האָט זי ענדלעך באַמערקט בלוט רינט, ביי אים פון שטיוול.

— דאָס איז גאָרנישט, נאָר אַ פינגער פאַרטשעפּעט! — האָט ער געזאָגט און אַרומגעוויקלט דעם פינגער מיט אַ שמאַטע, גלייך ווי ס'וואָלט געווען מער נישט ווי אַ שטיקל האָלץ.

הגם ער איז געווען אַ מענטש מיט אַ היציקער נאַטור, איז ער פונדעסטוועגן נישט געווען געפערלעך, ער איז אויף קיינעם

נישט אָנגעפֿאַלן מיט קיין מעסער און איז פֿרייִנטלעך געווען צו חיות און צו מענטשן. ער האָט געקאָנט, ווי, למשל, היינט נאָכמיטאָג אָנהענדן זיין קראַפּט, אָבער ווען טרעפֿט אַזוינס? עס איז פֿאַר אים אפֿשר געווען אַ פֿראַגע פֿון כּבֿוד, אַז ער זאָל מנצח זיין, אפֿשר האָט ער זיך שוין צולאַנג געפּייניקט פֿון אייפֿערזוכט. אָבער בכלל איז ער געווען גוט און שטיל און נאָכדעם אַליין זיך געשעמט פֿאַר זיין היציקייט.

וואָס האָט ער געטון, למשל, ווען ער איז אין פֿרילינג אַראָפּגעפֿאַלן פֿון שפּייכלער-דאַך? דער שפּייכלער אויף דער לאָנקע איז טאַקע געווים נישט געווען קיין וואָלקנקראַצער, אָבער ער איז געשטאַנען אויף אַ שרעקלעך הויכן פֿעלז, וואָס פֿאַרביי אים איז אַדורכגעגאַנגען דער שליאַך. און גראָד אַהער איז דניאל אַראָפּגעפֿאַלן. עס קאָן זיין, אַז די פֿריילין איז אין דעם אַ ביסל שולדיק געווען. ער איז געלייגן אויפֿן שפּיץ דאַך און פֿאַרשטאָפּט אַ לאָך, וואָס דער רעגן פֿלעגט דורך דעם אַריינרינען. זי האָט צו אים אַ געשריי געטון, האָט ער זיך געמוזט אומדרייען, כּדי צו הערן, וואָס זי זאָגט. דעמאָלט איז עס געשען. און זי איז געשטאַנען דערביי און האָט עס צוגעזען. ער האָט קיין צייט נישט געהאַט צו זיין שטאַרק פֿאָרזיכטיק, זי האָט גוט געזען, ווי ער לאָזט זיך אַראָפּ נישט לאַנגזאַם, ווי אויף אַ וואָלקן פֿון הימל, נאָר ער פֿאַלט, ווי אַ זעקל; זיין קערפּער האָט זיך אין פֿליען צעוואָרפֿן און ער איז מיט איין אַקסל פֿאָרויס, געפֿאַלן אין דער ערד. ער האָט קיין געשריי נישט געטון. אויב עמעצער האָט געשריגן, איז עס געווען די פֿריילין. ער האָט זיך אויפֿגעהויבן און נישט געקאָנט באַגרייפֿן: וואָס איז דאָ אַזוינס, צום טייוול! ער האָט אומגלויביק געגלאָצט אַרום זיך, זיין געזיכט איז געווען פֿולקאָם פֿאַרשטיינערט פֿון פֿאַרוווּנדערטקייט, וואָס האָט קיין גלייכן נישט. ערשט שפּעטער האָט ער עפּעס דערפֿילט, ווי אַ ווייטיק.

— דו האָסט זיך זייער צעשלאָגן, דניאל? — האָט זי געפֿרעגט.

— דאַכט זיך, אַז נישט, — האָט ער געענטפֿערט — אָבער איך דאַרף דאָך פֿון אַנשטענדיקייט וועגן אַ ביסל קרעכצן.

די פֿריילין טראַכט ווייטער.

און אָט איז דער אַנדערער. אַ קראַנקער מענטש פֿון קינדהייט

אָן, אָבער אַזאַ איידעלער און דעליקאַטער, ער דערוויסט זיך פריער, ער בעט, ער דערהויבט זי מיט זיין רעדן און מיט זיין אופן פון פילן. ער באַדאַרף, מען זאָל אַרום אים גיין און אים העלפן, אָבער ער איז עס ווערט. אויב ער איז נישט קיין גראַף, וואָלט ער עס דאָך געקאָנט זיין מיט זיין האַלטונג, מיט זיין שיינעם שמייכל, מיט די לאַקירטע שיך, מיט די זיידענע וועש און מיט דעם בריליאַנטענעם רינג אין דער קעשענע פון דער קאַמיזעלקע — און ער איז געווען איר ערשטע ליבע!

ווי האָט זיך עס אָנגעהויבן? אָ, גאָט! זי ווייסט אַליין נישט. דאָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט עפּעס גאָרנישט. דאָס איז געווען איינמאָל אין אָוונט אין דער סאַנאַטאָריע. ער האָט נאָר צוגערוקט זיין שטול נענטער צו אירן און זיך אוועקגעזעצט. דאָס איז אפשר געווען זיין אָטעם, אָדער דער ריח פון זיינע האָר, אָבער אין איר האָט זיך אָפּגעעפנט אַ קוואַל, עס האָט זי דורכגענומען. וואָס איז אַזוינס פאַרליבטקייט? זי האָט זיך אינערלעך פאַרדרייטלט און געשמייכלט. ער האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף דעם אָגלען פון איר שטול, און דאָס איז געווען, ווי ער וואָלט זי אַרומגענומען, עס האָט נישט פיל געפעלט, זי זאָל ווערן צו לייטישע געלעכטער און פאַלן אין חלשות. ער איז אָבער געווען דער איידעלער מאַן, און האָט געזאָגט: דאָ איז קאַלט, איך וועל גיין נעמען מיין מאַנטל, און זי איז נאָך אים נאָכגעגאַנגען און געזאָגט: יאָ, עס איז קאַלט, לאָמיר בעסער אַריין אין שטוב.

און מיט יעדן טאָג איז עס אַלץ מער אָנגעוואַקסן, אַלץ מער פאַרטרוילעכקייט, מער נאָענטקייט; מען האָט אָנגעהויבן שפּילן אין בעזיק, נאָכדעם—ליבע, גיין אַרום אים צוליב זיין קראַנקהייט, און לסוף—דער קריזיס.

איצט איז שוין אַריבער אַ לאַנגע צייט, פיל חדשים. זי האָט זיך געמוזט איינאָרדנען אָן אים. און די צייט האָט דאָס אירקע געטון. אָבער דער קוואַל איז אין איר נישט טרוקן געוואָרן, נישט פאַרשאָטן געוואָרן, ער האָט אַלץ געשטראָמט ביסלעכווייז, פאַמעלעך.

עס האָט איר געשניטן איבערן האַרצן, וואָס ער האָט אַזוי פיל געהאַט אויסצושטיין, און אויך איצט איז זיין לאַגע נישט אַמבעסטן. ער טראָגט זיידענע וועש, אמת, אָבער שוין נישט אַזעלבע נייע און

דייבע, און אַ מאָדנע זאַך, אַלץ אָפטער פאַרגעסט ער אויסקוצולייגן אַ צווייקראָנענשטיק פאַר די וויערמילך. וואָס זאָל עס באַטייטן? די פרײַלין האָט זיך געמוטשט שמײַכלענקערהייט אַרײַנמישן און געבן מאַרטען פון איר אייגן געלט צוויי קראָנען. — פלומרשט פון אים.

דניאל קומט ווידער אַרײַן, ער האָט, אַפּנים, פאַר דער צייט געטראַכט און איצט האָט ער עפּעס אויפן האַרצן.

— איך גיי מאָרגן אין דאָרף אַרײַן און באַשטעל דעם אַנצוג. — האָט ער געזאָגט.

— רעכט, רעכט. — זאָגט זי.

און אַזוי ווי מער זאָגט זי גאָרנישט, מאַכט ער:

— איך האָב נאָר געוואָלט וויסן, צי דאַרפסטו עפּעס אויך אין דאָרף, וועל איך באַזאָרגן.

— ניין.

— איך קאָן דעם אַנצוג נעמען אויף קרעדיט. — זאָגט ער.

— יאָ, אַוודאי קאָנסטו. — ענטפערט זי.

דניאל איז צוריק אַוועק.

נו, איז עס געווען איידל פון זיין זייט, צו רעדן נאָר וועגן זיינע קליידער? און זי דאַרף קיין קליידער נישט האָבן? אין דער אמתן וואָלט זי דאָך געדאַרפט האָבן אַ זיידן קלייד, ווייסע שיך. עטלעכע מעטער שלייער און אַ שלעפּ, וואָס די חופּה-חברטעס זאָלן טראָגן. נאָר אויך אין דער הינזיכט וועט ער זיך אַרויסווייזן פאַר אַ פּויער, אין אירע ראָמאַנען ווערן באַשריבן חתונה-רייזעס — דאָס וועט זי נישט האָבן, דאָרט זענען פאַראַן בלומען, ווײַן און רעדעס — דאָס אַלץ וועט ביי איר נישט זיין. זי וועט האָבן אַ צווייגראָשנדיקע חתונה. דער איינציקער גאַסט וועט זיין העלמער. זי קאָן דאָך, אַפּנים, איינלאַדן הער פלעמינגן? די גאַנצע זאַך הויבט איר אָן אויסצווייזן אַלס אַן אומגעגלעבע. זי האָט דעם געדאַנק וועגן חופּה נישט אַוועקגעוואָרפן, דאָס איז אָבער ביי איר געווען דער עיקר אַ זאַך פון פאָרם. אַ מנהג אַזאַ, וואָס מ'וואָלט אים שוין בעסער וואָס פריער אָפּגעפּטרט. און וואָס נאָכדעם וועט זיין — דאָס איז שוין אַ מזל-זאַך. לויט אירע פראַנצויזישע ראָמאַנען קאָן זי גוט זינדיקן קעגן די געזעצן פון חתונה, נאָר

נישט קענען דער ליבע. אַ סוף דערמיט. איר אויסשטייער קאָן זי אויסשרייבן פון שטאָט. מצד דעם וועט קיין מניעה נישט זיין. אָבער ווי קאָן זי גיין צו דער חופה אונטער דער נאָז ביי דעם, וואָס האָט דאָס גרעסטע רעכט סיי אויף איר, סיי אויפן קינד? אמת טאַקע איר טוגנד האָט די בלעטער פאַרלוירן, אָפּגעבליט; אָבער אפילו ווען עס פעלט איר די ריינקייט פון איר פאַרגאַנגענהייט — אַנשטענדיקייט דאַרף זי דאָך היטן; צו וואָס דען האָט זי זיך געפּייניקט און געלערנט פראַנצויזיש? זי קאָן נישט לאָזן דעם מענטשן זיצן אין דער סאַנאַטאָריע ביים פענסטער, ער זאָל קוקן, ווי זי גייט מיט אַן אַנדערן אין קלויסטער. איבעריקנס — צו וואָס אַזאַ טאַראַראַם מאַכן פון דער חופה? אין אייניקע ערטער גייט מען נאָר און מען פאַרשרייבט זיך ביים בירגערמייסטער. אין אַנדערע — ביים קאָנסולאַט.

אויף דער נאַכט האָט זי די טיר פאַרשלאָסן, כדי אויסצומיידן יעדע געפאַר.

אויף מאָרגן איז געקומען הער פלעמינג און געפרעגט:

— איך בין נישט צו פרי געקומען?

— ניין — און זי האָט צוגעגעבן: — דניאל איז אַוועק אין דאָרף.

— צוויי זאַכן האָבן מיט מיר געטראָפן, — האָט ער געזאָגט און גענומען דערציילן. דער לענסמאַן איז נעכטן געקומען און האָט פאָרגעלייגט אַראָפּצונעמען די חתימות פון מיינע טשעמאָדאַנעס. איך האָב געזאָגט, אַז איך האָב אים די אַרבעט געוואָלט פאַרשפּאָרן, און דעריבער האָב איך עס אַליין געטון. דאָס איז אים נישט גאַנץ געפעלן געוואָרן, און ער האָט געזאָגט, אַז ער אַליין האָט די חתימות געדאַרפט אַראָפּנעמען. איך האָב אים באַוויזן אייניקע פּאַפּירן פון דער פינישער מאַכט מיט דער באַשטעטיקונג פון דער מאַכט אין כריסטיאַניע, לויט וועלכע איך בין פריי צו באַנוצן זיך מיט מיין האָב און גוטס, ווי איך וויל. יאָ. דאָס האָט געשטימט מיט די פּאַפּירן, וואָס מען האָט אים אַליין צוגעשיקט, האָט ער געזאָגט, אָבער פאָרט איז אַראָפּנעמען די חתימות זיין זאַך. אין אַ געוויסער מאָס איז ער גערעכט געווען,

דעריבער האָב איך אים געבעטן אַנטשולדיקונג, איך האָב געזאָגט, אַז איך האָב זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן. איז ער געוואָרן ווײַ-בער, האָט צוגעגעבן, אַז ער האָט שוין מיט עטלעכע טעג פֿרי-ער זײַנע פּאַפּירן דערהאַלטן, און שוין לאַנג געוואָלט קומען צו מיר, אָבער ער האָט קײן צײַט נישט געהאַט. מיר זענען געוואָרן גוטעפֿרײַנד. „און די געשיכטע מיטן געלט, — האָט ער געזאָגט — איז בלויז אַ פּלאָנטער. די באַנק האָט, ווײַזט זיך אַרויס, אַ טעות געהאַט". — „פֿאַרשטײט זיך, — האָב איך געזאָגט — דאָס געלט, וואָס די באַנק האָט מיר געליען, האָב איך באַצאָלט". דער לענס-מאַן האָט מיר געראַטן, איך זאָל אָנגעבן אין געריכט און פֿאָ-דערן אַנטשעדיקונג פֿאַר דער עוולה, וואָס מען איז קעגן מיר באַגאַנגען.

הער פֿלעמינג האָט זיך אויפֿגעשטעלט, צוליב וואָס האָט ער דער פֿרײַלין דערצײלט די אַלע זאַכן? ער האָט זיך, אַפּנים, געוואָלט פֿאַר איר רײניקן און מאַכן גאָרנישט פֿון דעם אײנ-דרוק, וואָס עס איז געבליבן פֿון זײַן אָפֿנהאַרציקן מודה זײַן זיך אין הערבסט, איידער ער איז אַנטלאָפֿן. ער האָט קײן געלט נישט פֿאַרכאַפּט, ער האָט געליען. און נאָך מער: ער האָט עס צוריק אומגעקערט.

פֿרײַלין ד'עספּאַר האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, ווי די דאָזי-קע ידיעה האָט זי שטאַרק דערפֿרײט און באַפֿרײט פֿון אַ שווע-רער משא. אָבער זײַן זינד האָט זי, מסתמא, פֿריער נישט מצער געווען. זי האָט זיך אַלײן געמוזט אויף פֿאַרשידענע אופֿנים און מיט אַלערלײ מיטלען אָפֿט אַרויסדרײען פֿון שווערע לאַגעם — דאָס איז איר אַלץ גוט באַקאַנט געווען.

— זעט איר, — האָט זי געזאָגט — איך האָב דעמאָלט נאָך געוווסט, אַז איר זענט מגזם.

— אפֿשר האָב איך אַ ביסל מגזם געווען. אָבער איך האָב דע-מאָלט נישט געוואָלט די זאַך פֿאַרשטעלן בעסער ווי זי איז. פֿאַרשטײט זיך, איך בין מיך באַגאַנגען נישט גאַנץ קאָרעקט: איך בין גע-ווען קראַנק, האָב געשפּיגן מיט בלוט, און איך האָב נישט גע-וואָלט שטאַרבן. האָב איך דען געקאָנט וואַרטן, ביז די באַנק

וועט באוויליקן מיר צו באשטימען א הלוואה? האָב איך אַליין געגומען.
דאָס איז די גאַנצע געשיכטע. אָבער איצט בין איך פולקאָם
פריי און ריין. און איצט בין איך צו אייך געקומען.

זי האָט זיך נישט געוואָלט פאַרהאַלטן אויף דעם און האָט
געפרעגט:

— און וואָס איז דאָס צווייטע, וואָס האָט מיט אייך פּאַסירט?

— דאָס צווייטע איז דאָס, וואָס איך קום איצט פון דאָק-
טאָר. ער האָט מיך באַטראַכט און געפונען, אַז איך האָב מיך
שטאַרק פאַרבעסערט. איין לונג האָט זיך שוין ביי מיר אינ-
גאַנצן פאַרהיילט, אין דער צווייטער האַלט זיך שוין די וווּנד ביים
פאַרציען. נאָר איך מוז זיין פאָרזיכטיק.

— גרויסאַרטיק!

— יאָ. און איצט דאַרף איך אייך האָבן, מער איידער, ווען
אַנדערש.

רעכט, אָבער וואָס האָט זי דערויף געקאָנט זאָגן?

פויזע.

זי האָט, מסתמא, גראָד קיין שום זאַך נישט געהאַט קעגן
דעם, אַז נישט איינער, נאָר צוויי זאָלן זיך אין איר ליבן. אָבער
איינמאָל וועט זי דאָך מוזן זיך אַנטשיידן. און זי האָט קורץ און
שאַרף א פרעג געטון:

— איר קאָנט דערלאָזן, איך זאָל חתונה האָבן מיט דניאלן?

הער פלעמינג האָט געענטפערט מיט א הייזעריקער שטימע:

יאָ — דאָס — און וואָס טראַכט איר אַליין וועגן דעם?

— רעכט, אָבער איר?

ער האָט זיך פאַרטראַכט.

— מיר האָבן אַזוי פיל צוזאַמען איבערגעלעבט; מיר דאַכט
זיך, אַז איר קאָנט מיך נישט פאַרלאָזן.

— ניין, — האָט זי געזאָגט — אָבער ווי קאָן איך דעם אַנ-
דערן פאַרלאָזן? מען האָט אונז שוין געמאָלדן פאַר חתן-כלה.

זיי האָבן מער וועגן דעם נישט גערעדט. ער איז געווען
זייער א פינסטערער און האָט געוואָלט אַוועקגיין, זי האָט אים באַ-
גלייט אַהיים. אָבער ווען זיי זענען דערגאַנגען ביז דעם קליינעם

היי-שפּייכלער האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. זיי זענען ביידע געווען פאַרצווייפלטע. זי האָט אַזוי פיל צייט געפּטרט, איצט מוז זי שוין אומקערן זיך אַהיים צום קינד, אָבער פּדי אַ ביסל אים צו טרייסטן ביים זעגענען זיך, האָט זי אים אַרומגענומען, אַ קוש געטון און מיט ווייטיק אַרויסגעזאָגט:

— איר ווייסט גאַנץ גוט, ווען איך האָב ליב און מיט וועמען איך וויל לעבן, אָבער דאָס איז אַזוי שווער, ער וועט מיך נישט אָפּלאָזן.

— דעמאָלט בלייבט אייך נאָר איין וועג: מיט מיר צו גיין.

— ניין, וואָס רעדט איר! מיר וועלן שוין עפּעס צוטראַכטן. מען דאַרף זיך גוט באַטראַכטן.

זיי האָבן זיך צעשיידט, און יעדער איז אַוועק מיט זיין וועג.

באַלד נאָך דעם האָט זיך דניאל אויפגעהויבן פונם היי אין שפּייכלער און איז אַרויסגעגאַנגען, ער האָט זיך אַפילו נישט גענומען קיין צייט אַראָפּצוטרייסלען פון זיך די שטרויעלעך, נאָר ער איז אַוועק אַזוי ווי ער איז געווען, געלאָפן. אָנגעיאָגט די פריילין און אָפּגעשטעלט זי.

ער איז געווען בלאַס און האָט קוים געאָטעמט. ער האָט איר גאָרנישט געזאָגט, האָט זיך נישט געהיצט, נישט געשריגן, אָבער זי איז געווען זייער דערשראָקן, און האָט אויף אים געקוקט, ווי אַ פאַרגליווערטע. זיינע אויגן, זיינע צונויפגעדריקטע ליפּן האָבן גערעדט זייער קלאָר אָן ווערטער.

— מיט דעם וועג ביסטו געקומען פון דאָרף? — האָט זי געפרעגט.

— איך בין נישט געווען אין דאָרף, איך בין געווען אין היי-שפּייכלער. — האָט ער געענטפערט.

זי האָט עס שוין אַליין געוווסט. נאָר זי האָט זיך געמאַכט, פּלומרשט זי איז פאַרוווּנדערט. אָבער אַזוי ווי ער האָט זיך נישט געשלאָגן, נישט געביסן, איז זי געקומען צו זיך און האָט שוין ווידער געקאָנט טראַכטן. אייגנטלעך האָט זי דאָך מער גאָרנישט געטון, ווי דאָס, וואָס זי איז געשטאַנען נעבן היי-שפּייכלער און פריינטלעך געווען צו אַ קראַנקן מענטשן.

— אַזוי, דו גייסט פון שפּייכלער, האָסטו דאָך, מסתּמא, גע־הערט, וואָס מיר האָבן גערעדט.

— יאָ.

— ער איז אַ קראַנקער מענטש, איך האָב דאָך געמוזט ווי־נישט איז טרייסטן אים.

— דו מוזט מאַכן אַ סוף דערצו. — האָט דניאל געזאָגט און אַ טרייסל געטון מיטן קאָפּ.

— צו וואָס אַ סוף? יאָ. פונמיינעטוועגן זייער גערן. זאָל ער זיך צוריק אַוועקפאָרן. איך חיים נישט.

זי האָט זיך קלוג אַרויסגעדרייט: דניאלן איז געוואָרן לייכ־טער פון אירע רייד, און ער האָט געזאָגט:

— יאָ, זאָל ער זיך פאָרן.

ניין, דניאל איז נישט געווען געפערלעך. עס איז דאָך אין תּוך געווען קיין ווונדער נישט, וואָס ער איז נישט צופרידן. אָבער אויב ער האָט אַפילו צונויפגעדריקט די ליפּן און באַוויזט מיטן גראָבן פינגער אַ ביסל אָן אַ זייט, הייסט עס נאָך נישט, אַז עמע־צער, וואָס איז פאַרמשפּט צום טויט, דאַרף שוין שטאַרבן. ווען זי איז אַוועק ווייטער, איז ער נאָך איר נאָכגעגאַנגען און האָט איר שוין מער פאַר דער האַנט נישט געהאַלטן. זי האָט גענומען אָנפאַלן.

— איך קאָן נישט פאַרגעסן, אַז דו ביסט געלעגן אין שפּייכ־לער, — האָט זי געזאָגט — מ׳דאַרף זיך נאָר פאָרשטעלן, אַז דו האָסט בגנבה אונטערגעהערט!

דאָס האָט ער, פּשוט גערעדט, נישט פאַרשטאַנען, דאָס מוז מען אַזוי, מסתּמא, רעדן אין שטאָט, אָדער דאָס איז חכמה פון די ביכער. דער דאָזיקער איינפאַל אונטערצוהערן באַווייזט גראָד, אַז ער איז נישט קיין גולם. ניין, זי וועט אים נישט אָפּ־נאַרן, קיינער וועט אים נישט אָפּנאַרן. ער האָט געענטפערט מיט ווירדע:

— איך דאַרף דיר נאָר זאָגן, אַז ווער עס וויל דניאלן אָפּ־נאַרן, יענער מוז זיין אַ ביסל ביטערער!

יאָ, עס האָט זי איצט אַ ביסל באַליידיקט, וואָס ער האָט

צו איר נישט קיין צוטרויען, נאָר ער האָלט פאַר נויטיק צו היטן אירע טריט. זי האָט באַשלאָסן אים צו מאַכן אַ שאַרפע באַמער־קונג:

— און איך וועל דיר נאָר זאָגן, אַז דו זאָלסט מער זיך נישט דערוועגן אונטערצוהערן. איך וויל עס נישט ליידן. און דער־מיט וועסטו גאָרנישט דערגרייכן.

— זעט נאָר! און וואָס אַזוינס ווילסטו דערגרייכן? — האָט ער געזאָגט און ווידער פאַרדריקט די ליפּן.

זי איז געווען געבונדן. מען האָט שוין וועגן זייער חתונה געמאָלדן אין קלויסטער, און פאַר דניאלן האָט עס געקלעקט. דאָס האָט אים געגעבן דאָס רעכט צו רעדן אַזוי, ווי ער האָט גערעדט, ער איז געווען זיכער אין זיך. אָבער גראָד דאָס, וואָס זי האָט זיך געפילט ווי אין אַ נעץ, האָט געמאַכט, אַז זי זאָל זיך צאַפּלען. קאָן מען דען נישט איבערמאַכן דאָס אַלץ, וואָס איז ביז איצט געווען? זי האָט די זאַך געוואָלט באַטראַכטן צוזאַמען מיט הער פלעמינגן.

עס איז אַלץ אַוועק מיטן געוויינלעכן גאַנג. הער פלעמינג איז געקומען עסן זיין זויערמילך, און דניאל האָט עס געדולדעט, אָדער ער האָט זיך געמאַכט, פלומרשט ער באַמערקט עס נישט. אָבער פרייליין ד׳עספּאַר איז געווען אַזוי קלוג, אַז זי האָט אויפ־געהערט באַזוכן די סאַנאַטאָריע און האָט קיינעם מער נישט גע־שמאָכן די אויגן.

איינמאָל האָט דניאל געזאָגט:

— איצט געפין איך, אַז ס׳איז שוין צייט, ער זאָל אַוועק־פאָרן.

— אַזוי. — האָט זי געזאָגט.

— דו וועסט אים וועגן דעם זאָגן, אָדער איך זאָל מיט אים רעדן?

— רעכט, איך וועל אים זאָגן, — האָט זי געענטפערט — אָבער איך גלויב נישט, אַז דאָס זאָל העלפן.

— איך וועל שוין זען, אַז דאָס זאָל העלפן. — האָט ער געזאָגט.

זי האָט עס געהאַלטן פאַר זיין געוויינלעכע באַרימערייַ און געפרעגט:

— וואָס טוען מיר אַזוינס פאַר שלעכטס, וואָס ברוססטו? ער קומט אַהער עסן זויערמילך, כדי צו פאַריכטן זיך אין געזונט.

— מער זאָל ער אַהער נישט קומען.

— אויב אַזוי, הייסט עס, האָב איך דאָ גאָר קיין דעה נישט. גוט, וואָס איך וויים עס.

דניאל האָט אַ געשריי געטון:

—דו האָסט דאָ אַ דעה, אָבער ער דאַרף אַוועקפאָרן.

— דו קאָנסט פון דער סאַנאַטאָריע קיין געסט נישט פאַרטרייבן.

— דאָס קאָן מען נישט וויסן, איך האָב שוין מיט עמעצן גערעדט; איך קאָן אויף אים מסרן ביים לענסמאַן.

— כאַ-כאַ-כאַ! — האָט זי זיך פונאַנדערגעלאַכט. — אויף וואָס מסרן? גאָט מיינער, ווי נאַריש דו ביסט!

איצט איז שוין דניאלן געוואָרן איינערליי, און ער האָט איר אַ ביסל געגעבן צו פאַרשטיין, וואָס ער מיינט:

— ער האָט דאָס געלט געגנבעט אין אַ באַנק, און דו באַהאַלטסט עס ביי זיך.

— אַן אַלטע געשיכטע! — האָט זי געגעבן אַן אויסמיידלעכן ענטפער. — דו וואָלסט נאָר זען זיינע פאַפירן, מיט שטעמפּלען, מיט קרוינען און מיט אַלץ, וואָס דו ווילסט. די פּאָליציי האָט זיך פאַר אים אַנטשולדיקט, דער מיניסטער אין פינלאַנד האָט אים אַלץ צוריק אָפּגעגעבן, וואָס אים האָט געהערט, זיין שלאָס און דאָס גאַנצע געלט. שווייג בעסער, דו ווייסט נישט, וואָס דו רעדסט!

— דו ועסט שוין זען, — האָט ער געמורמלט דראָענדיק — דער לענסמאַן האָט געזוכט דאָס געלט, און דאָס געלט איז געווען ביי דיר.

זי איז אויפגעשטאַנען, האָט אָפּגעפּנט איר קופערט, אַרויסגענומען דעם קאָנווערט מיטן געלט און אים באַוויזן. אַ דיקער קאָנווערט, מיט פיל געלט!

— אָט איז עס, — האָט זי געזאָגט — זאָל דער לענסמאַן קומען, בּיטע, און זאָל ער עס אויך זען. איך וועל עס פאַר אים אין די אויגן איבּערצײלן. דאָס איז געווען דעם גראַפס געלט, אָבּער ער האָט עס מיר געשענקט און ס׳געהערט מיר. שעמען מעגסטו זיך!

זי האָט דעם פּאַקעט צוריק אַרײַנגעוואָרפן אין קופערט. פאַרהאַקט מיטן דעקל און פאַרשלאָסן.

דניאל האָט געזאָגט, שוין אַ פולע ווײַבער.

— לויט דעם, וואָס די פאָרשטייער פון דער מאַכט זאָגן, איז דאָס געלט צו אים אַרײַנגעפאַלן נישט אויף אַן ערלעכן אופן, — זאָג זיך, וואָס דו הילסט, און דו האָסט עס געהאַט בּײַ זיך, ווען דער לענסמאַן האָט עס געזוכט. און דאָס ליגט נאָך איצט אויך דאָ אין מאַראַהוס-הויפל.

— מאָראַהוסער הויף. בּערג און וואַלד! — האָט זי מיט גע-לעכטער איבּערגעקרימט. — דאָס געלט! — האָט זי אַ געשריי גע-געטון. — דו וואָלסט עס, אפנים, גאַרנישט געוואָלט באַקומען אין דײַנע הענט אַרײַן?

דאָס האָט אים געהעריק אַ בּויג געטון, צעטומלט. עס האָט געהאַלטן דערבּײַ, ער זאָל זיך פונאַנדערוויינען. בּעצם איז זי דאָך גערעכט, זי האָט אים געזען אויף דורך און דורך; און דאָס איז אים געווען פאַרדראָסיק, וואָס ער אַליין האָט זיך אַרײַנגעבּראַכט אין דער קלעם.

ער איז, דאַכט זיך, צו איר קופערט נישט געגאַנגען און האָט בּײַ איר גאַרנישט צוגענומען. — האָט ער געזאָגט, גע-רירט פון דער אייגענער ערלעכקייט.

דאָס האָט זי נישט געזאָגט.

גאָט האָט אים בּיז אַהער אָן איר געלט אויך געהאָלפן און געגעבּן אים בּרויט, וויפל ער האָט געדאַרפט פאַר זײַן לעבּן, און גאָט וועט, מסתמא, אויך אויף ווײַטער פון אים זײַן חסד נישט אָפּטון.

און אַזוי ווײַטער

פּונקט אָט דער מין רעדן, וואָס האָט דערצו געפּאַסט,

האָט איר הארץ דערוויבט און אויף איר געווירקט.

— הער! — האָט זי אויסגעשריגן. — לאָמיר זיך נישט קריגן!

און ווען דאָס דאָזיקע מיידל, די דאָזיקע טייוולשע פּרוויני־צימער האָט אים אַרומגענומען מיט די הענט און צוגעדריקט זיך צו אים, האָט ער געמוזט פריינטלעכער ווערן. ער האָט דער־קלערט:

דאָס האָט זיך ביי אים אָפּגעריסן פון דער צונג, ער וואָלט דאָס גע׳לט נישט דערמאָנט, ער האָט נאָר געוואָלט זאָגן, אַז דער דאָזיקער גראַף האָט מיט זיך געבראַכט אַ פולע צרות, און זי האָט דערפירט צו חשד, אויספאָרשונג און שלעכטס.

— ריכטיק. אָבער איצט זאָל עס אַלץ פאַרגעסן ווערן. מער קיין וואָרט נישט וועגן דעם.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס זיי האָבן זיך אַזוי צעהערטלט, און זי האָט אים גוט צוגעדריקט צום וואַנט. אָבער דערמיט האָט זיך עס אפשר נאָך נישט געענדיקט. די סצענעס האָבן זיך נאָך געקאָנט איבערחזרן. זי האָט ערנסט זיך פאַרטראַכט וועגן איר לאַגע, וועלכע איז געווען נישט קיין זי־בערע.

זי וואָלט געקאָנט זאָגן: גיי און באַזאָרג דיר דיינע חתונה־קליידער, דניאל, און אָט האָסטו געלט דערויף. נאַטירלעך, וואָלט אַזאַ באַגיין זיך געקאָנט ווידער אויפשטעלן דעם שלום און די אחדות אין דער משפחה, אָבער אויף ווי לאַנג וואָלט עס גע־קלעקט? זי איז נישט געווען קיין נאַריש מיידל, די דאָזיקע יוליע ד׳עספּאַר, זי האָט געהאַט פאַרשטאַנד. איז עס, אַפּנים, דערגאַנגען דערצו, אַז זי האָט איינגאַנצן אויף זיך גענדאַרפט איבערנעמען דאָס צאָלן פאַר דער זויער־מילך? „יאָ — האָט זי געזאָגט צו הער פלעמינגן — וואָס איז עס ?פאַר אַ נאַרישקייט, וואָס איר דאַרפט צאָלן פאַר אַ טראָפּן מילך? אַ ביסל בין איך דאָך נאָך דאָ אין הויז אויף דער לאַנקע עפּעס אַ באַלעבאָסטע, און איר זענט מיין גאַסט“.

זי האָט עס געמוזט זאָגן, זי איז געווען גענייט עס צו זאָגן. ס׳איז קלאָר געווען, אַז ער איז שוין נישט רייך. דאָס געלט, וואָס

ער האָט באַקומען פאַרן הויף איז אפשר אַוועק אויף צו באַצאָלן די חובות. וואָס האָט זי געוווסט? און מיט אַ פּאָר טעג צוריק איז ער געקומען מיט דעם חשבון פון דער סאַנאַטאָריע און האָט זי געבעטן „דערווייל אויסצולייגן פאַר אים”. וואָס האָט עס געקאָנט באַדייטן? נאָר איינס. רעכט, זי האָט אויסגעלייגט, אַ היפּשע סומע אויסגעלייגט, אָבער אין אַ קורצער צייט אַרום וועט ער דאָך מוזן קומען מיט אַ נייעם חשבון.

זי איז באמת נישט געווען קיין נאַר. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז זי קאָן נישט בסדר פאַר צוויי מענער געלט „אויסלייגן”, זי מוז איינמאָל מאַכן אַן אויסוואַל.

העד פלעמינג איז אפשר גערעכט געווען, אַז מען וואָלט מיטן איבערגעבליבענעם געלט געדאַרפט עפּעס אונטערנעמען. דאָס וואָלט זי אויך מיטאַמאָל צוריקגעקערט צו דעם לעבן און צו דער וועלט, פון וועלכע זי איז אַרויסגעשטויסן. מען קאָן עס נישט פאַרלייקענען, זי האָט שוין געבענקט. זי האָט נישט געהערט צו דעם פאַסטוך-הויפל, זי האָט זיך דאָ געפילט אויף דער גרענעץ צווישן צוויי שיכטן פון דער געזעלשאַפט, אַ לעבערלעך און אין תוך גענומען אומדערטרעגלעך לעבן, אַ פרעמד לעבן, כאָטש זי האָט זיך געפּרוווט אין דעם איינצוואָרצלען זיך. דאָס וועט זיך איר איינגעבן? דאָס קאָן זיך איר באמת איינגעבן? איינמאָל, ווען זי האָט זיך אויפן קיך געוואַשן די הענט, האָט איר מאַרטע אין פולער תמימות דערלאַנגט אַ זאַק די הענט אָפּצווישן.

זי מוז זיך אָפּשטעלן אויף איינעם. העד פלעמינג איז זיכער נישט געווען קיין העלד. ניין, קיין העלד איז ער נישט געווען, אָבער עס איז איר איינמאָל אַ ציטער אַריבער איבערן לייב, ווען ער האָט געשמייכלט און אַרויפגעלייגט די האַנט אויף דעם אָנלען פון איר שטול. ווי שיין דאָס איז געווען. אַ העלד? ער? גאָט מיינער! פּשוט אַ קראַנק יינגל, נישט קיין פּעיקער, קיינע באַזונדערע מעלות, נאָר אַ קליינער און אַ געוויינלעכער, ווי אַלע מענטשן זענען אויף דער וועלט קליינע און געוויינלעכע, פונדעסטוועגן איז אָבער העד פלעמינג געווען אַן איידעלער מענטש, ער האָט זי מיט זיין געזעלשאַפט געמאַכט דערהויבן. אין דעם איז באַשטאַנען

זיין מהות. ווען ער איז געקומען מיטן חשבון פון דער סאנאטאָ־ריע, האָט ער אויף די הענט אפילו הענטשקעס געהאַט, אמת, אַ ביסל אָפּגעטראָגענע, אָבער נאָך אָנשטענדיקע הענטשקעס, מיט וועלכע ער האָט געהאַלטן דעם חשבון, וואָס פאַר אים האָט זי געדאַרפט אויסלייגן.

דער רעזולטאַט פון די דאָזיקע מחשבות איז געווען דאָס, וואָס זי האָט ווידער אָנגעהויבן טון אַזוינס, וואָס זי האָט שוין לאַנג געווען אַוועקגעוואָרפן — זי האָט פון ס'ניי אָנגעהויבן צו מאַסירן דאָס געזיכט, כּדי שענער צו ווערן

— הער, — האָט זי געזאָגט צו דניאלן — איך האָב דיך עפּעס געוואָלט פרעגן: אפשר קאָנען מיר זיך צוריק פונאנדער־גיין?

דניאל האָט אויף איר אויסגעגלאָצט די אויגן:

— הע?

— צווישן דיר און מיר — זאָל זיין ווידער אויס?

לכתחילה האָט ער געמיינט, אַז זי לאַכט, און ער איז געווען פון די מענטשן, וואָס האָבן גאָרנישט קעגן אַ שפּאַס, קעגן אַן אומשולדיקן שפּאַס. אָבער ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז דאָס איז ערנסט, איז ביי אים דאָס פּנים געוואָרן אַ ביסל לאַנג און חושך, און ער האָט אָנגעהויבן צו טאַפּן זיך ביי דער ברוסט, דעם וואָלענעם קאַפּטן פונאנדערגעשפּיליעט און צוריק פאַרשפּיליעט. זי האָט געזען, אַז עס וועט מיט אים זיין אויסצושטיין אַ שווערן קאַמף, און האָט געזאָגט:

— לאָמיר זיך נישט קריגן, דניאל, קום, לאָמיר גיין צום ברעג וואַלד און זעצן זיך.

זיי זענען אַוועק, יאָ, דניאל איז נאָך איר געגאַנגען, וואָרום ער איז געווען אַ ביסל צעטומלט, אַ ביסל מטושטש. ער האָט זיך נישט אַנטקעגנגעשטעלט.

— דו קאָנסט זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, אַז מיר זאָלן זיך שיידן?

ניין, דאָס האָט ער געהאַלטן פאַר אוממעגלעך, לגמרי אוממעג־

לעך. און ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געלאַכט. אַזוי אומגע-
לעך איז עס געווען.

— האָסטו עפּעס אַזוינס געזען? — האָט זי געזאָגט. — איך
האָב דעם טייסטער מיט זיך גענומען אין וואַלד. ביי מיר האָט
זיך אין קאָפּ צעמישט!

זי האָט דעם טייסטער געעפנט. אַך, דאָס איז נישט געווען
דער קאָנווערט, בלויז דער טייסטער, ס'האָט זיך אָבער אַרויסגע-
וויזן, אַז אין אים איז דאָ אַ היפּש ביסל געלט, אַסיגנאַציעס אויך.
אפשר וואָלט ער זיין אַזוי פריינטלעך נעמען עס צו זיך, באַ-
האַלטן, זי קאָן עס נאָך פאַרלירן דאָ אין גראָז.

דאָס איז געווען אַ ביטערער פאַרשלאַג, און ער באַווייזט, ווי
קלוג דאָס יונגע מיידל איז געווען. אָבער קעגן איר ערוואַרטונג
האָט ער דעם פאַרשלאַג נישט אָנגענומען. דאָס האָט, אפנים, ביי
אים אַרויסגערופן אפילו אַ חשד, ער האָט אויף איר אַ בליק גע-
טון מיט אויספאָרשנדיקע בליקן, און אפילו פון איר זיך אָפּגע-
רוקט אַ ביסל.

זי האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט און געזאָגט:

— דאָ איז נישט אַזוי פיל, אַז דו זאָלסט דאַרפן מורא
האָבן! איך האָב געמיינט, דו זאָלסט עס נעמען צו זיך, ביז מיר
וועלן קומען אהיים, אָבער איך קאָן עס ביי זיך אַליין באַהאַלטן.

— הייסט עס, דו מיינסט, אַז מיר דאַרפן זיך שיידן? —
האָט ער געפרעגט.

— יאָ, אַזוי ווי איצט קאָן עס ווייטער נישט גיין. איך האָב
מיך אין דעם איבערצייגט.

— מיר קאָנען זיך נישט שיידן. — האָט ער געזאָגט פעסט

זי האָט אַ טראַכט געטון, נאָכדעם געפרעגט:

— פאַרוואָס, אייגנטלעך, נישט?

דאָ האָט ער איר דערלאַנגט אַ מאָטיוו, וואָס זי, די שטאָ-
טישע, האָט לגמרי נישט געקאָנט פאַרשטיין: ער האָט אָנגעוויזן
דערויף, וואָס ער איז אַ זון פון אַ דאָרפישן באַלעבאָס.

— איז וואָס? — האָט זי תמימותדיק געפרעגט

— אַלץ איינס, אויב דו פאַרשטייסט עס נישט, — האָט ער

געזאָגט — אָבער איך וויל דיר דאָך זאָגן, אַז איך בין דיר נישט קיין שטאָטישער פראַנט, ביי מיר גייען אַזעלכע זאַכן נישט אָן.

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער דאָזיקער שפּאַציר אין וואַלד אַריין האָט זיך איר נישט איינגעגעבן. זיי האָבן נאָך אַ ווייַלע אַרומגערעדט דעם ענין, אָבער דניאל האָט איבערגעריסן דעם שמועס און זיך אויפגעהויבן פונם גראָז אַוועקצוגיין.

— זאָלסט מיר וועגן דעם מער נישט דערמאָנען! — האָט ער געזאָגט.

דאָס האָט נאָר די באַציונגען צווישן זיי געמאַכט נאָך מער אָנגעצויגן. קיין אויסזיכט אויף אויסצוגלייכן זיך בנוגע זייער שיידן זיך מיט גוטן איז נישט געווען. אָבער איצט האָט זי אויף אַן אמת אָנגעהויבן צו רייסן זיך אויף דער פרייהייט, זיין ווידערשטאַנד האָט זי געצייצט. זי האָט געברענט, פאַר זיך אַליין מגזם געווען איר ליבע צו הער פלעמינגן און געוויינט, וואָס זי קאָן אים נישט האָבן.

דער בריווטרעגער פון דער סאַנאַטאָריע האָט פאַר איר געבראַכט אַ צעטעלע: עס איז אָנגעקומען זייער אַ פיינע געזעלשאַפט פון ענגלענדער, וואָס שאָקלען נאָר מיט די קעפּ איבער דעם אינספּעקטאָר סווענדסענס ענגליש רעדן, און וואָלטן גערן בעסער געהערט פראַנצויזיש — אפשר קאָן פרייליין ד'עספּאַר דער סאַנאַטאָריע פאַרשאַפן די פרייד און דעם פאַרגעניגן צו קומען. דאָס איז, אפשר, נישט געווען אַדוואָקאַט רופּרעכטס אייגענער איינפאַל, אָבער דאָס צעטעלע איז געווען אונטערגעשריבן מיט זיין אייגענער חתימה: „מיט גרוס און איבערגעגעבנקייט, רופּרעכט".

דניאל האָט גאָרנישט געקאָנט זאָגן קעגן דער דאָזיקער איינלאַדונג, בפרט אַז פריער האָט ער זיך דערצו באַצויגן גאַנץ טאָלעראַנט. ער האָט נאָר געבעטן די פרייליין, זי זאָל זיך נישט זאַמען צוליב דעם קינדס וועגן. אין איר פרייד האָט זי אויך אים געוואָלט דערפרייען און זי האָט געזאָגט:

— זיי מיך אין גאָרנישט חושד, דניאל, איך וועל קומען צוריק, ווען איך וועל קאָנען. חוץ דעם איז שוין דער גראַף אַוועקגעפאָרן, ווי איך האָב געהערט.

דניאל האָט אויסגעשריגן:

— דער גראַף איז שוין אַוועקגעפאָרן?

— איך האָב געהערט, אַז ער האָט געוואָלט אַוועקפאָרן.

— אויב אַזוי, וועל איך דיר אָט וואָס זאָגן, — האָט דניאל אויסגעשריגן באַגייסטערט — איך בין דיך אין קיין זאַך נישט חושד בנוגע צו עמעצן דאָרט אויבן. וועמען זאָל איך דען חושד זיין? דעם אינספּעקטאָר? דעם שווייצער? דעם בריוועטרעגער? און פון די געסט אפשר יענעם, וואָס זיי רופן זעלבסטמערדער? האַ האַ האַ! גיי זיך און פאַרבלייב דאָרט, ווי לאַנג דו ווילסט.

דער ערשטער, וואָס איז געקומען אַנטקעגן לעבן דעם פּאַרקאַן פון דער סאַנאַטאָריע, איז געווען דער זעלבסטמערדער. ער איז געווען אָנגעטון בעסער ווי אַלע מאָל, גרייט אין וועג אַריין, און האָט געהאַלטן אַ שטעקל אין האַנט. ער האָט געזאָגט:

— איינע פון די מיידלעך, וואָס איך האָב אייך וועגן זיי דערציילט, איז שוין געשטאָרבן.

— שוין געשטאָרבן? — האָט די פריילין געפרעגט גלייכגילטיק.

— נעכטן געשטאָרבן, לויט איך האָב געהערט. — יאָ אַזוי גייט עס, פריילין ד׳עספּאַר. מיר זענען וואַנדערער. מיר וואַנדערן אין קורערטער, קריכן אַרויף אויף די בערג, און בלייבן דאָ ליגן.

— דאָס איז אָבער טרויעריק.

— זייער טרויעריק. נאָר וואָס געקומען פונם דאָרף, און שוין געמוזט פון דער וועלט אַוועק. זי האָט געוויס באַקומען צום עסן עפּעס אַ סם-המות, וואָס זי האָט נישט געקאָנט פאַרדייען. איך האַלט, אַז אין דעם איז דורכאויס שולדיק נאָר דער היגער עסן.

— דער עסן. — האָט די פריילין איבערגעחזרט פונקט אַזוי גלייכגילטיק.

— נאַטירלעך, דאָס איז פון מאָגן, אפשר באַלערע. דאָס צווייטע מיידל לעבט נאָך, אָבער ווי לאַנג וועט זי נאָך לעבן, קאָן מען נישט וויסן.

— מען זאָגט, אַז אַהער איז אָנגעקומען אַ געזעלשאַפט פון אַמעריקאַנער? — האָט די פריילין אַ פרעג געטון.

— ניין.

— אפשר א פראנצויזישע, וואס רעדט פראנצויזיש?

— דאכט מיר, אז נישט, איך האב וועגן דעם גארנישט געהערט. ניין, ביי אונז איז נישטא קיין נייעס, נאר עמעצער שטארבט אוועק פון צייט צו צייט. א פאר טוריסטן קומען, וועלכע ווילן גיין איבער די בערג; א משפחה קומט געניסן א וואך אפרו. מער גאר נישט. נאר, כ'האב שיר נישט פארגעסן — דער אינזשיניער, וואס האט געארבעט ביים דורכפירן די עלעקטריע, איז געשטארבן.

— וואס רעדט איר!

— אן אומגליקלעכער צופאל. איך האב די גאנצע צייט געזאגט, אז די דאזיקע אייפרייסן אין די בערג זענען געפערלעך, אבער דא קוקט מען נישט אויף קיין סכנות. א שטיק פעלז איז אויף אים געפאלן און האט אים צעטאלן.

— ווען איז עס פארגעקומען?

— היינט אינדערפרי, ווערליק איך האב געהערט. ביים ערשטן אויפרייס.

אזוי פיל מענטשן זענען דא געשטארבן, אז מען איז שוין דערצו געוווינט געווארן. דער אינטערעס צו טויטפאלן איז דא גאר אפגעשוואכט געווארן, אבער דער זעלבסטמערדער האט נאך אלץ געפירט דעם חשבון פון די מתים. ער האט וועגן דעם דינסטמיידל פון דארף גערעדט דעמאנסטראטיוו אויספירלעך, ווייל דער עסן איז בלומרשט שולדיק געווען אין איר טויט. אנדערע האבן וועגן איר פארגעסן, ווייל דער אינזשיניער איז געשטארבן תיכף נאך איר און פון איר אפגעצויגן די נייגיריקייט פון די מענטשן אויף זיך.

— יא, — האט דער זעלבסטמערדער געזאגט — איז שוין דער אינזשיניער אויך געשטארבן. נאך איין מת צוגעקומען. אבער אין זיין טויט איז שולדיק לפחות אן אומגליקספאל, וואס האט געקאנט אומעטום פאסירן, מיט דעם מיידלס טויט איז עס נישט אזוי פשוט, ווי זשע האלט עס? אפשר קאן אונז דניאל פארקויפן זיין אקס?

— ניין, פאר הערבסט וויל ער אים נישט פארקויפן.

— אויב אזוי דארף מען זען, פון ערגעץ אנדערש צו באקומען אזוינס, וואס מען זאל קאנען עסן. אנישט קאן מען דאך דא שטארבן פון הונגער.

— איר קלויבט זיך, דאַכט זיך, אַוועקצופֿאָרן?
— ניין, נאָר אַ שפּאַציר קיין כריסטיאַניע.

# XV

די פֿאָן איז געווען אויף דער העלפֿט אַראָפּגעלאָזן. אין דער סאַנאַטאָריע האָט געהערשט אַ סומאַטאָכע. זינט עס האָבן זיך אָנגעהויבן די פֿעריען, איז דאָ געווען אַ גרויסער עולם, יאָ, און מען איז אַרומגעלאָפֿן און מען האָט געטומלט. דער אַדוואָקאַט האָט שוין די פֿריילין באַגעגנט אין קאָרידאָר; ער איז געווען זייער באַשעפֿטיקט און זייער אומעטיק.

— גוטן טאָג, פֿריילין ד'עספּאַר! איר וואָלט בעסער געקומען אין אַ מזלדיקערער שעה. היינט איז בײַ אונז אַלץ טרויער און פֿאַרצווייפֿלונג.

— איך האָב שוין געהערט. צווײַ טויטפֿאַלן.

- שרעקלעך צו זאָגן! דאָס איז געווען אַן אומגעווײנלעכער אײַדעלער מאַן. מיר האָבן זיך דאָ אַזוי צו אים צוגעוווינט, אַז מיר קאָנען אָן אים נישט אויסקומען. יעדן אָוונט האָט ער אויסגעטראַכט עפּעס אַזוינס, מיט וואָס פֿריילעך צו מאַכן די געסט. אומעטום איז מיט אים פֿול געווען. אינזשעניער אַהין, אינזשעניער אַהער. לויט דער מיינונג פֿון מבֿינים איז אין אים פֿאַרלוירן געגאַנגען אַ גרויסער סצענישער טאַלענט. און אָט — אַזאַ סוף!

— כ'האָב געוואָלט פֿרעגן.

—איר ווילט רעדן מיט הער פֿלעמינגן? ער איז געווען בײַ זיך אין צימער. איך וועל נאָך אים שיקן.

— און די אַמעריקאַנער פֿאַמיליע?

— וועלכע?

— די אַמעריקאַנער פֿאַמיליע, וואָס האָט געוואָלט רעדן פֿראַנצויזיש?

— אָ, יאָ. זי איז נאָך נישט געקומען, נאָר מיר וואַרטן אויף איר איינגיכן. עס וועט זיין אפֿשר מער ווי אַ פֿאַמיליע, אַ

פולע פאמיליעס, א גאנצע געזעלשאפט. דאס לעבן און די קור וועלן, פארשטייט זיך, גיין ווי געווײנלעך, נאר אזא פארלוסט ווי דער אינזשיניער—דאס איז שרעקלעך. איך קלינג גראד איצט אין טע־לעפאן, מען זאל אונז ארויסשיקן א נייעם אנפירער מיט דער ארבעט.

— הייסט עס, אז די פאמיליע איז נאך נישט געקומען?

— לואיזע! — האט דער אדוואקאט א רוף געטון. — גייט, זייט אזוי גוט, און זאגט דעם גראף, אז די פרײלין איז שוין דא, און זי ווארט אויף אים. ביטע, פרײלין, גייט דערווייל אריין אין זייענזאל. אנטשולדיקט, איך בין אזוי פארנומען.

הער פלעמינג איז געקומען, און זיי זענען ביידע אוועק אין וואלד, כדי צו זיין אליין. אפילו ער אליין איז אויך געווען צע־רודערט פון דעם אינזשיניערס טויט, און האט אנגעהויבן וועגן דעם צו רעדן. אבער די פרײלין האט איבערגעשלאגן:

— רעכט, אבער איצט לאמיר רעדן וועגן זיך.

— יא. וועגן זיך. מיר דארפן אויסזוכן עפעס א וועג.

— איר טארט מער נישט קומען צו דניאלן אין שטוב, — האט זי געזאגט — איך האב מורא פאר אייך.

— ער האט עפעס געזאגט?

— יא.

— איך קום דאך גארנישט צוליב אים, — האט הער פלע־מינג געזאגט מיט ישוב הדעת — איך גיי דאך פארביי אים דורך און גלייך צו אייך. פארשטייט ער עס נישט?

— גראד דאס פארשטייט ער, און מער וויל ער עס נישט ליידן.

— טא וואס זשע זאלן מיר טון?

— ער פארלאנגט, איר זאלט אוועקפארן.

— איך פאר נישט אוועק, — האט הער פלעמינג געזאגט מיט פעסטקייט און ווירדע.

— איך האב געזאגט, אז איר זענט שוין אוועקגעפארן.

פויזע. ביידע זיצן מיט דעם געפיל, גלייך ווי זיי זענען אין דער קלעם.

— מיר דאַרפֿן אַנטלויפֿן. — האָט ער געזאָגט.

די פֿרייליין האָט געהאַט מער שכל. זי האָט גלייך פֿאַר־שטאַנען די אוממעגלעכקייט אויסצופֿירן אַזאַ פּלאַן און האָט געזאָגט:

— איך האָב שוין וועגן דעם געטראַכט, אָבער ער וועט אונדז דעריאָגן און כאַפּן, איידער מיר וועלן אַ האַלבן וועג צו דער סטאַציע באַוויזן דורכצומאַכן. דאָס קינד.

— דאָס קינד — פֿאַרשטייט זיך, דאָס קינד נעמט מיט.

— מען מוז עס טראָגן אויף די הענט, עס איז צו קליין, מען קאָן עס אויף קיין רגע נישט לאָזן אַליין. ניין, לאָמיר רעדן ערנסטער. אפֿשר קאָן מען מאַכן דערצו אַ סוף, איינמאָל אַ סוף?

— יאָ, — האָט ער געזאָגט — דער לענסמאַן איז מיט מיר געוויזן זייער פֿריינטלעך, אפֿשר וואָלט ער אונדז קאָנען העלפֿן.

זי האָט אים איבערגעריסן:

— ניין, נישט דער לענסמאַן. איר ווייסט וואָס? איר דאַרפֿט גיין צום פּאַסטאָר. דער לענסמאַן — וואָס קאָן ער טון? אָבער דער פּאַסטאָר — ער קאָן. איך האָב באַשטימט געהערט, אַז דאָס וועט העלפֿן. איר דאַרפֿט נישט דערלאָזן, אַז איך זאָל חתונה האָבן מיט אַן אַנדערן. איר זענט דער פֿאָטער פֿון קינד, איך בין די מוטער. איך וועל עס אונטערשרייבן.

- רעכט, איך וועל גיין צום פּאַסטאָר.

זי האָט אויך איצט אַרויסגעוויזן פֿאַרשטאַנד, און דאָך האָט זי זיך נישט געפֿילט גאָר זיכער, צי איז נישטאָ קיין געפֿאַר צו לאָזן זיך אויף דעם וועג. דאָס געזעץ וועט אפֿשר זיי גערעכט געבן, אָבער דער צווייטער צד, דניאל — וואָס וועט ער טון?

הער פֿלעמינג איז געווען שוואַך אין קרעפֿטן, אָבער קיין פּחדן איז ער נישט געווען; אים האָט נישט אָפּגעשראָקן דאָס, וואָס דניאל קאָן אפֿשר טון.

— מען קאָן מיט אים איבעררעדן און געבן אים צו פֿאַר־שטיין. — האָט ער געזאָגט.

די פֿרייליין האָט אין דעם געצווייפֿלט, זי האָט שוין פּרוּ־בירט מיט אים רעדן

— אויב אַזוי, טאָ זאָל ער טון, וואָס ער וויל.

— איר האָט נישט קיין מורא? — האָט זי געפרעגט. — ער איז דאָך פּעיק אויף אַלץ.

ער האָט נאָר אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ אויף ניין, — אָן באַרימעריי. און זיין איינגעהאַלטנקייט האָט ביי איר אַרויסגערופן צוטרויען. און ווען ער האָט גענומען איר האַנט און געזאָגט: „דער עיקר איז, וואָס איר ווילט מיך, וואָס איר ווילט זיין מיינע", — איז שוין דער גורל באַשטימט געוואָרן. זי האָט זיך שוין מער נישט געוואַקלט. ניין, קיינמאָל וועט זי נישט זיין די ווירטין אויף דער לאָנקע.

זיי זענען צוריק אַוועק אין דער סאַנאַטאָריע און האָבן זיך געזעצט אין רויכערצימער. ס'איז געוואָרן באַשלאָסן, אַז זי בלייבט אויף מיטאָג אין דער סאַנאַטאָריע. דניאל האָט זיך דאָך אַרויסגעוויזן אַזוי איידל און זי אָפּגעלאָזן, אויף וויפל צייט זי וויל. אַפּנים, אַז זי האָט געהאַט אַ נאָמען צווישן די נייע געסט אויך, זיי האָבן אָנגעבויגן איינער צום אַנדערן די קעפּ, ווען זי איז פאַרבייגעגאַנגען, האָבן זי באַטראַכט און אויסגעמאָסטן מיט די בליקן. גאָט ווייסט, וואָס מען האָט דאָ וועגן איר גערעדט. קיין ספק נישט, אַז הער פלעמינג, דער גראַף, איז דאָ געווען זייער געאַכט, און צוליב אים האָט מען זי אויך געשוינט; נאָר ווען נישט ער, וואָלט מען אויף איר געקוקט, ווי אויף אַ גאָרנישט, און מען וואָלט זי אפשר דורכגעטריבן.

פרייליין ד'עספּאַר האָט זיך נוקם געווען דערמיט, וואָס זי האָט סיי אויף באַקאַנטע, סיי אויף אומבאַקאַנטע געקוקט פון אויבן אַראָפּ. די דאָזיקע מלאכה האָט זי גוט געקאָנט, ווען זי האָט געוואָלט. צו וואָס דאַרף מען דאָ די דאָזיקע דיקע מענטשן, די בירפּעסער, די מיאוסקייטן? זיי זענען געווען קראַנקע, לויטער פּאַציענטן. די פרייליין האָט נישט געדאַרפט האָבן דאָס וואַסער פון טאָראַהוס, כדי צו פאַרהיטן די שיינקייט פון איר קערפּער.

אַזוי ווי הער פלעמינג האָט זיך אָפּגעזאָגט צו רעדן פראַנצויזיש, האָט זי נישט געקאָנט ווייזן, ווער זי איז. אָבער דירעקטאָר אָליווער האָט מיט איר פאַרבראַכט גערנער ווי מיט אַלעמען; איז דער טיש, וווּ זי איז געזעסן, געוואָרן דער צענטער פון דער

אַלגעמיינער אויפמערקזאַמקייט. אַ מאַסע געסט, וואָס זענען געזעסן בײַ די אַרומיקע קליינע טישלעך, האָבן פאַרגעסן אָן זייערע צײַטונגען און צוגעהערט זיך צום שמועס, וואָס קומט פאָר אַרום איר.

צו מיטאָג איז צו איר דער דאָקטאָר אויך צוגעגאַנגען; דער נייער דאָקטאָר, וואָס האָט קיינעם נישט ערלויבט, נישט צו באַמערקן אים, יאָ, ער איז צוגעגאַנגען מיט אויסגעשטרעקטע הענט צו דער פרײַלין, האָט זיך מיט איר געגריסט און אַ ווײַלע מיט איר פאַרבראַכט: וואָס מאַכט מען? עס זענען קיינע קאָמפּליקאַציעס נישט פאָרגעקומען פון דעם שלאַנגען־ביס? ניין? אָבער די פרײַלין דאַרף זיך היטן פאַר שלאַנגען — אַ צווייט מאָל בײַ ענלעכע אומשטענדן. דער דאָקטאָר איז אַוועק. אָבער זיינס האָט ער אָפּגעטון. די פרײַלין האָט געקאָנט טריומפירן. זי איז געווען אַזאַ שיינע, אַ צאַרטע, פון דעם ווײַן און פון דער לעבהאַפטיקייט איז זי געוואָרן נאָך שענער. בײַ אַ טיש אָן אַ זײַט איז געזעסן אַ גרופּע דאַמען, און מ'האָט קלאָר געזען, אַז זיי זענען איר מקנא.

דער אַדוואָקאַט האָט דורכגעקוקט די טישן און נישט געפונען דעם זעלבסטמערדער. ווו איז אַהינגעקומען הער מאַגנוס? קיינער האָט נישט געענטפערט. איינע פון די דינסטמיידלעך איז אַרויף צו אים אין צימער, אַ קוק טון, אפשר איז ער דאָרט, אָבער זי האָט אים נישט געפונען. פרײַלין ד'עספּאַר האָט געהאַט די מעגלעכקייט מיטצוטיילן, אַז זי האָט היינט אינדערפרי געזען הער מאַגנוסן אָנגעטון צום וועג. ער האָט געזאָגט, אַז ער פאָרט זיך דורך אין כריסטיאַניע.

— איך האָב אַלע מאָל געזאָגט, אַז אָן אייך קאָן מען דאָ נישט אויסקומען, פרײַלין ד'עספּאַר! פאַר אײַער געזונט!

נאָך מער טריומף און נאָך מער קנאה.

אָבער בײַם טיש איז געווען נישט פרײלעך. די גאַנצע סאַנאַטאָריע איז געווען געדריקט פון טרויער. דער אַדוואָקאַט האָט פון צײַט צו צײַט אָנגעוויזן אויף דעם אינזשעניערס ליידיק אָרט און געשאָקלט מיטן קאָפּ, קיינער האָט הויך נישט גערעדט. פאַרשטייט זיך, אַז אַלס ווירט און פאַראַנטוואָרטלעכע פּערזאָן האָט דער אַדוואָקאַט געמוזט דאַנקבאַר זײַן, וואָס פרײַלין ד'עספּאַר האָט

אריינגעטראָגן אַ ביסל לעבן. זי האָט זיך נישט געלאָזט בויגן פון די דאַמען, וואָס ביים זייטיקן טישל.

נאָך מיטאָג האָט זי זיך אָוועקגעזעצט אין אַ זייטיקן צימער, וווּ זי האָט געשריבן איר דערקלערונג. זי האָט עס געטון זייער פשוט און אָפן געזאָגט, אַז הער פלעמינג איז דער פאָטער פון איר קינד. עס איז איר אויך קלאָר געוואָרן, אַז זי דאַרף נעמען פון דאָקטאָר אַ שיין, אַז דאָס קינד איז אויסגעטראָגן און געבוירן געוואָרן צו דער צייט. זי האָט די שיין באַקומען. יאָ, ס׳איז גע-גאַנגען גלענצנד, זי איז געווען פראַכטפול, נאָכדעם איז זי אָן ווי-טערע מחזקות אַוועק מיט הער פלעמינגען אין זיין צימער. עס האָט אויסגעזען, ווי זי האָט באַקומען, אָדער אַליין זיך גענומען, באַלוינונג פאַר איר מי. אַ ביסל האָט אויף איר, אגב, געווירקט דער חיין.

הער פלעמינג האָט זי באַגלייט אַהיים.

זיי זענען נאָך נישט ווייט אַוועק, האָבן זיי באַגעגנט צוויי דאַמען פון דער סאַנאַטאָריע, וועלכע האָבן שוין באַוויזן נאָך מי-טאָג דורכצושפּאַצירן זיך. הער פלעמינג האָט זיך מיט זיי העפ-לעך געגריסט, און זיי זענען אַוועק פאַרביי.

פרײַלין ד׳עספּאַר האָט געזאָגט, נישט שפּירנדיק קיין צרה פאַר זיך:

— גאָט, ווי זיי פאַרגינען מיר אייך נישט.

לעבן הויישפּייכלער האָט זי זיך געשיידט מיט הער פלע-מינגען. זיי האָבן באַשטימט, ער זאָל אין די נאָענטסטע טעג גיין צום פּאַסטאָר. זי האָט אים נאָך אַמאָל דערמאָנט, וואָס ער דאַרף דאָרט רעדן און באַזונדער אונטערשטרייכן.

— טוט נאָר אַלץ, וואָס איר קאָנט, — האָט זי געזאָגט — אויף ווידערזען!

זיי האָבן זיך אויף עטלעכע טריט דערווייטערט איינער פון דעם אַנדערן. פּלוצלינג איז דניאל אַרויסגעשפּרונגען פונם שפּייכלער.

— וואַרט נאָר, דער רוח וועט דיך שוין נעמען! — האָט ער געשריגן און אין דערזעלביקער רגע האָט זיך זיין שווערע האַנט אַראָפּגעלאָזן אויף פלעמינגס רוקן.

דניאלס געזיכט איז געווען אַן אַ טראָפּן בלוט: הער פלעמינג איז אויך בלאַס געווען. דניאל האָט גענומען רעדן, פאַרבליענדיק זיך מיט די ווערטער פון כעס.

— איצט פאָרט אַוועק, צו וואָסערע רוחות דרייט איר זיך דאָ אַרום? וואָס דאַרפט איר דאָ? איר זאָלט מיר תיכף ומיד אַוועקפאָרן, און אייער פוס זאָל דאָ מער נישט זיין. איר פאַרשטייט, וואָס איך זאָג?

- רויקער אַ ביסל! — האָט פלעמינג אָנגעהויבן.

דניאל האָט זיך נישט באַרויקט, ער רעוועט ווי אַן אָקס און טרייסלט הער פלעמינגן. די פריילין איז גיכער צוגעגאַנגען, זי האָט געהערט אַ שטראָם פון זידלערייַ און אומגעהויערע סטראַשונקעס.

- איך וועל דיך צונויפדרייען, ווי אַ בייגל! איך וועל דיר אַריינזעצן אַ קויל סאַמע אין מאַרך אַריין!

נאָך דעם האָט הער פלעמינג מער גאָר נישט געהאַט צו טון, סיידן אַוועקצוגיין. דניאל האָט אים נאָכגעקוקט, איז געשפּרונגען, געדריקט די פויסטן און נאָכגעשריגן:

— תיכף ומיד זאָלסטו מיר אַוועקפאָרן, היינטיקן טאָג! פאַרגעס עס נישט!

ער האָט זיך אומגעקערט און דערזען די פריילין. ס'האָט אויסגעוויזן, אַז ער איז שטאַלץ דערמיט, וואָס ער האָט אָפּגעטון און ער האָט געזאָגט:

— זאָל ער אָקאָרשט פּרוּוון נאָך אַמאָל קומען!...

הייסט עס, ער שלאָגט זיך נישט און בייסט זיך נישט, ער רעדט צו איר, ווי אַ מענטש. נעמט זי זיך אָן מיט מוט:

— ווי באַגייסטו זיך אַזוי מיט אַ קראַנקן מענטשן. — רעדט זי אויס.

— דו האָסט דאָך געזאָגט, אַז ער איז אַוועקגעפאָרן.

— און דו ליגסט דאָ אין שפּייכלער און שפּירסט מיר נאָך!

— האָט זי געענטפערט אַראָפּנעמענדיק די שטרויעלעך פון זיינע קליידער. זי האָט געוווּסט פון דער ערפאַרונג, אַז זי דאַרף זיך אין אַזאַ מאָמענט צו אים צורירן.

ער האָט זי אָפּגעווענדט; דאָס האָט ער געטון, אָבער ער איז געוואָרן ווייכער און האָט דערקלערט, אַז ער האָט כּלל נישט געהאַט קיין מיין נאָכצושפּירן. אָבער דאָ האָט מען אים עפּעס געגעבן צו וויסן, אַ מין דערקלערונג...

— יאָ, דאָ זענען געווען צוויי דאַמען, וואָס האָבן אָנגערעדט. איך ווייס שוין, מיר האָבן זיי באַגעגנט.

— עס וועט נאָך דערגיין דערצו, אַז איך וועל אים עפּעס אָנטון. — האָט ער געזאָגט.

די פרײַלין האָט פּלוצלינג אויסגעשריגן:

— ניין, דו דאַרפסט אונז מוחל זיין!

דאָס איז געווען אַזוי אומדערוואַרט, אַז ער איז צעמישט געוואָרן און האָט נאָר געזאָגט:

— נו, איצט דאַרפסטו וואָס גיכער גיין אַהיים, צום קינד. מאַרטע האָט אים געגעבן מילך, אָבער...

— פאַרצײַ! — האָט זי נאָך אַמאָל געזאָגט, ווען זיי זענען געגאַנגען אַהיים.

זיי האָבן געשוויגן, ביז זיי זענען געקומען אַהיים און ווידער אַוועקגעזעצט זיך צוזאַמען. אָבער זי האָט די זאַך בשום אופן נישט פאַרגעסן.

ער האָט מיך געבעטן, איך זאָל דיך פרעגן, אפשר ווילסטו נאָך צובויען צום שטוב, אָדער אויסבויען אַ נײַ גרויס הויז מיט פיל צימערן?

— בויען?

— יאָ. דעמאָלט וואָלסטו אויך געקאָנט אָננעמען געסט אין פאַרדינען געלט.

דניאל איז שטאַרק צעמישט געוואָרן.

— דאָס האָסטו מיט אים אַזוי אָפּגעמאַכט?

— יאָ, דעמאָלט וואָלט ער דיר געגעבן געלט אויף בויען זיך.

— איך ווייס נאָר איינס, — האָט דניאל געזאָגט, באַטראַכטנדיק זיך — ער מוז נעלם ווערן, אַוועקפאָרן.

— רעכט, דעמאָלט וועט ער אַוועקפאָרן.

דניאל האָט דאָ גאָרנישט נישט פֿאַרשטאַנען. ער האָט ווײַ־טער געפֿרעגט:

— דאָס וויל ער פֿון דײַנעט וועגן טון?

— יאָ.

— און נאָכדעם וועט ער אָװעקפֿאָרן?

— יאָ.

— און דו ווילסט, אַז מיר זאָלן דאָ האַלטן געסט?

— יאָ, — האָט די פֿרײַלין געענטפֿערט — דאָס הייסט, ער מיינט עס, אַז דעמאָלט זאָל איך מיט אים צוזאַמען אָװעקפֿאָרן.

— וואָס? — האָט דניאל אַ געשריי געטון.

— דו זאָלסט זיך פֿון מיר אָפּזאָגן, פֿאַרשטייסטו? ס'איז אומ־זיסט, וואָס דו שרײַסט אַזוי.

דניאל האָט די הענט הויך אויפֿגעהויבן און געלאָזן זיי אַראָפּפֿאַלן.

איך מיין, אַז איר זענט בײדע פֿון זינען אַראָפּ.

- איך ווייס נישט, פֿאַרוואָס רעדסטו אַזוי, — האָט זי זיך אַלץ בײַ איריקס געהאַלטן — דו קאָנסט חתונה האָבן מיט אַן אַנדערער, ווען דו וועסט האָבן אַ קליינע סאַנאַטאָריע. דאַן ביסטו אַ רײַכער מאַן.

ער איז אויפֿגעשפּרונגען און האָט זיך אַוועקגעשטעלט לעבן איר, קאָרטשענדיק זיך פֿון צאָרן. איין רגע האָט זיך געדאַכט, אַז וואַרפֿט ער זיך אויף איר. נאָכדעם האָט ער געזאָגט:

— מיר דאַכט, אַז איך האָב דיך שוין איינמאָל געוואָרנט, דו זאָלסט מיר אַזוינס נישט רעדן.

— יאָ. — האָט זי געזאָגט.

ער איז נאָך געשטאַנען אַ ווײַלע, נאָכדעם איז ער אַרויס פֿון שטוב.

ער האָט געמאַכט אַ קרײַז, זי האָט געזען, ווי ער איז פֿאַר־בײַ פֿענסטער אַראָפּ צום טײַכל. אין אַ ווײַלע אַרום איז ער צו־ריקגעקומען און גלײַך אַרײַן אין שטוב.

— באַשטימען מיר די חופּה אויף דינסטאָג פֿון דער נאָענט־סטער וואָך? — האָט ער געפֿרעגט.

זי האָט פאַרשטאַנען, אַז אַלע אירע רייד זענען אומזיסט, און עס איז איר געוואָרן אַלץ איינס: זאָל ער שלאָגן, זאָל ער בייסן, זאָל ער זי טויטן.

— מיר קאָנען באַשטימען אויף דינסטאָג, — האָט זי געזאָגט אַ צעקאָכטע — אָבער ס'וועט דערפון גאָרנישט אַרויס.

ער האָט זי געפּרוּווט איינרעדן, מיט ערנסט און מיט כעס, מיט סטראַשונקעס און זידלערייַ און האָט גאָרנישט דערגרייכט. דאַן איז ער אַרייַנגעפאַלן אין יאוש און איז שטום געבליבן. ער איז אַנידערגעפאַלן אויף אַ בענקל און פאַרמאַכט דאָס געזיכט מיט די הענט.

— דו מוזט דאָך פאַרשטיין, — האָט זי געזאָגט — אַז אַזוי וועט אוממעגלעך זיין פאַר אונז אַלעמען.

— וואָס זאָל איך פאַרשטיין? — האָט ער געפרעגט. — פאַר מיר הייסט עס דאָך' געקוילעט.

זי האָט געפונען, אַז עס איז פאַר אים גאָרנישט אַזוי שרעקלעך. ס'איז נישט דאָס ערשטע מאָל, וואָס געליבטע צעשיידן זיך. אָבער צי האָט זי דען גאָר קיין פאַרשטאַנד נישט? איינמאָל האָט מען אים שוין אָפּגענאַרט, און אַ צווייטן מאָל קאָן זיך עס נישט איבערחזרן. וואָס וועלן לייט דערויף זאָגן? ער שטאַמט פון פיינעם אָרט, ער פאַרדינט נישט, אַז זי זאָל אויף אים וואַרפן אַזאַ שאַנד.

ווען זי האָט דערזען, אַז ער איז אַזוי צעבראָכן, ער זיפצט און טרויערט, האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז זי האָט עפּעס וואָס שוין אויסגעשפּילט, און האָט אים איצט מער נישט געוואָלט רייצן. אָבער זי וואָלט גראָד דערויף געקאָנט גוט ענטפערן. פון אַ פייַנעם אָרט, — האָט זי פאַר זיך געטראַכט — צי דען איז דאָס עפּעס אַ וויכטיקער טעם? אויב עמעצער קאָן שוין יאָ רעדן וועגן פיינעם, שטאָלצן יחוס, איז דאָס גיכער זי, יוליע, געבוירענע ד'עספּאַר. אַפילו דער פּאַסטאָר האָט אויך גלייך פאַרשטאַנען, אַז זי איז אַ דאַמע פון אַדל.

— זעסטו, — האָט ער ווידער געזאָגט — איך האָב די גאַנצע צייט געהאַט איין זאַך אין זינען: מיר וואָלטן געקאָנט אויס-

קויפן דעם הויף. וואָס זאָגסטו דערצו?

— וואָס פאַר אַ הויף?

מיין פאָטערס הויף. מיר קאָנען אים צוריק אָפּקויפן, ווען מיר האָבן נאָר מיטלען דערצו. דעמאָלט וואָלטן מיר איבערגעפאָרן, דאָרט וואָלט דיר געווען פיל פרייליכער.

— ניין, — האָט זי געענטפערט — דאָס איז אַלץ נישט דאָס.

— אָבער עפּעס אַזוינס איז געווען אין זייגע ווערטער. וואָס האָט זי פאַראינטערעסירט, און זי האָט געפרעגט נייגיריק:

— ווען זשע וועסטו האָבן מיטלען דערויף?

— איך וועל האָבן. דאָס רעכט אויפן הויף האָב איך נאָך גאַנצע צוואַנציק יאָר נישט פאַרלוירן, האָבן מיר נאָך, הייסט עס, צייט. איינס וועל איך דיר נאָר זאָגן: ביסלעכווייז קומט מיר יעדן טאָג צו.

— אויב אַזוי, פאַר וואָס זשע האָסטו די לאָנקע נישט געוואָלט פאַרקויפן פאַר דער סאַנאַטאָריע? דעמאָלט וואָלסטו דאָך פאַראַמאָל באַקומען אַ סומע געלט.

דניאל האָט קרום אַ שמייכל געטון:

— ניין, אַזאַ נאַר בין איך נאָך נישט. אַ סומע פאַראַמאָל — ריכטיק, אָבער וויפל געלט? נישט קיין פיל. דו ווייסט, וויפל האָט העלמערס פאָטער באַקומען פאַר זיין לאָנקע פון דער סאַנאַטאָריע? — עטלעכע הונדערט קראָן. איך וואָלט אפשר באַקומען עפּעס מער, אָבער איך האָב געדאַרפט נישט עטלעכע הונדערט קראָן, נאָר פיל, פיל מער. און ווען איך וואָלט פאַרקויפט די לאָנקע, ווי וואָלט איך דאָס איבעריקע געלט באַקומען? ניין, אַ דאַנק. איך האָב מיך נישט געלאָזט אָפּנאַרן. דאָ וועל איך מיך מיט דער צייט אַרויספאַרבעטן. איך פאַרקויף אָקסן, און פעל, און וואָל. און באַלד וועל איך אָנהויבן פוטער אויך פאַרקויפן, ווארט נאָר אַביסל. און די לאָנקע, וואָס ליגט דאָ, איז אויך נישט אַרויסגעוואָרפן, איר ווערט שטייגט פון יאָר צו יאָר.

— איך פאַרשטיי מיך נישט אויף אַזעלכע זאַכן. און זיי גייען מיר נישט אָן. — האָט זי געזאָגט, אָבער אַזוי ווי די פריילין איז נישט געווען קיין נאַר, האָט זי פאַר זיך געהאַט אירע

מחשבות: צי רעכנט ער אָפּטמאָל נישט אריין אין זיינע חשבונות איר געלט אויך?

— יאָ, מיר װעלן שוין ארויספאָרן אין דאָרף, — האָט ער זיך געטרייסט — אַ פיינער הויף, װאלד. אוטבי, הייסט ער, שװאַרצע ערד און ליים-באָדן... אַ מיל איז אויך דאָ.

די פרײלין חזרט איבער צערייצט: — מיר גייט עס נישט אָן, דו הערסט דאָך!

— אָבער דו מוזט װעגן דעם טראַכטן, יוליע; באַטראַכט זיך איצט װעגן דעם, דאָס איז אַ גרויסער הויף — אַ גאַנצע גוט, איך װעל זי ברענגען אין אָרדנונג, דיר װעט דאָרט זיין גוט. און יוליוס װעט באַקומען דעם הויף, פון װאַנען ער שטאַמט.

- יוליוס, — האָט זי געזאָגט פאַרטראַכט — ניין, ער שטאַמט נישט פון דאָרט.

— טו װעגן דעם אַ טראַכט, — האָט ער געזאָגט און אַ גלעט געטון איר האַנט — זיי אַזוי פריינטלעך און זאָג יאָ.

זי האָט זיך אָפּגערוקט פון זיין צערטלעכקייט װאָס װייטער, מורא האָבנדיק, דאָס זאָל זיך װידער אַמאָל נישט ענדיקן מיט פאַרגװאַלדיקונג.

— גיי אַװעק! — האָט זי געזאָגט.

ער האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַװעק צו דער טיר

— אַלזאָ, דינסטיק די קומענדיקע װאָך. דאָס איז אַ פּאַסיקער טאָג. זאָג נישט ניין.

זי איז געבליבן זיצן פאַרזונקען אין געדאַנקען. ניין, איר פּראָיעקט װעגן בויען זיך האָט אים נישט גערירט, איר פאַרשטענדיק קעפּל האָט װידער פאַרשפּילט. אָפּזאָגן זיך פון דער חתונה מיט איר נאָכדעם, װי זיי זענען געװאָרן חתן-כלה — דאָס װייזט אים אויס אוממעגלעך: װאָס װעט דער דאָרף זאָגן! זי האָט אים געקענט: ער האָט אַביסל אויסגעטרונקען און גענומען אַ ביסל באַרימען זיך, געלאָזט פאַלן אַ װאָרט װעגן געלט, װאָס ער האָט ערגעץ, האָט גערעדט װעגן דעם, אַז העלענע װעט נאָך חרטה האָבן, װאָס זי האָט אים נישט געװאָלט, לסוף האָט ער דורך דעם פּאַסטאָר געלאָזט מעלדן װעגן דער חתונה. איצט איז פאַר-

אים אומגעגלעך געווען פון דעם אַלעמען זיך אָפּצוזאָגן. וואָס האָט ער דאָ דערציילט? ער וויל אויסקויפן דעם פּאַטערס הויז? כסתמא לייגט ער נישט. די דאָזיקע אידעע איז זיכער געלייגן אין דעם גרונט פון דער גאַנצער פּלייסיקער אַרבעט זיינער אויף דער לאָנקע. ער האָט זיך געוואָלט אַרויפאַרבעטן, און דאָ האָט זי אים איבערגעהאַקט זיין וועג. ער האָט געוווסט, אַז זי האָט ביי זיך א פולע גילט פאַרבאָרגן. פאַר איר געלט וואָלט מען אפשר גלייך פאַראַמאָל דעם גאַנצן הויף זיין פאָטערס געקאָנט אויסקויפן.

ניין, ער וועט זיך געווים פון איר נישט אָפּזאָגן.

* *

*

דניאל האָט זיך גאָר קיין אָרט נישט געפונען פון צרות און פאַרביטערונג. זי האָט אים געהאַלטן גאַנץ ווייט פון זיך, ער האָט זיך צו איר נישט געטאָרט צורירן. צוליב וואָס זשע זאָל ער זיך פוצן, אויף די שפּיצן פינגער גיין, אָנקלאַפּן אין טיר, איידער ער גייט צו איר אריין? צוליב וואָס זאָל ער אין חגאות בייטן די קליידער? ער האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעלאָזן און איז אַרומגעגאַנגען א שמוציקער. זיי זענען ביידע גלייך געווען אומוויסנד און נישט אַנטוויקלט. אָבער אין ווילדקייט און שמוציקייט איז זי דאָך פון אים אָפּגעשטאַנען. ער וואָלט ווייטער געקאָנט פוצן זיך פון אי־רעטוועגן, זיין ליבלעך און רויבערן פאַר איר א ציגאַר. אָבער דאָס וואָלט געווען אומזיסט זיין דערנענטערן זיך צו איר האָט באַגעגנט אַלע מאָל ביי׳ע אויגן: גיי אַוועק!

די השגחה אויף דער לאָנקע איז פאַר דער לעצטער צייט געפאַלן. דניאל האָט געקאָנט אין סאַמע ברען פון דער אַרבעט אַזעקגיין, די קאַרטאָפל און די ריבן האָבן געמעגט אַליין פאַר זיך זאָרגן. ער איז געגאַנגען אין דאָרף.

רעכט, ער האָט אויף זיין אייגענער אחריות באַשטימט די מעלדונג און ער קאָן אויך די חופה אויף אייגענער אחריות באַ־שטעלן!

אָבער ביים פאַסטאָר אין בּיורא האָט ער זיך דערוווסט גאָר אומדערוואַרטע נייעס: מען האָט אים געמאָלדן, אַז עס איז

אָנגעקומען אַ פּראָטעסט קעגן דער חתונה; איינער אַ הער, וואָס רופט זיך פלעמינג, האָט אַרויסגעשטעלט זיין רעכט אויף דער כּלה.

ביי דניאלן האָט זיך דאָס פּנים אויסגעצויגן.

— אַך. גאָר אַזוי...

און וויבאַלד אַזוי, קאָן שוין דער פּאַסטאָר נישט...

— יאָ, אָבער דאָס איז דאָך מער נישט ווי אַ פאַנטאַזיע און אַן אויסגעטראַכטע זאַך פון זיי ביידן!

— אַזוי? דאָס איז טאַקע נישט זייער שיין, — האָט דער פּאַסטאָר געזאָגט — אָבער יעדנפאַלס איז די זאַך נישט קלאָר.

- ניין, אַלץ איז קלאָר, עס פעלט נאָר די חופּה צו שטעלן. ליבער גאָט! — האָט דניאל געזאָגט. — עס איז דאָך שוין אַלץ געווען באַשלאָסן, ביז דער פרעמדער איז געקומען און האָט זי געגומען אָפּרעדן. דעמאָלט זענען זיי ביידע פון זינען אַראָפּ, און ווילן דעם שידוך צעשטערן.

— יאָ. — האָט דער פּאַסטאָר געזאָגט און געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— יאָ, — האָט דניאל אויך געזאָגט — און דערצו איז נאָך דער מענטש אַ קראַנקער, שטייט מיט איין פוס אין קבר, ער שפייט מיט בלוט, איז שוין געווען ביי דער פּאָליציי אין די הענט און אַלץ מיט אַנאַנדער. ער האָט, זאָגט מען, געגנבעט געלט.

— ניין, דאָס איז געווען אַ טעות. ער האָט מיר באַוויזן זיינע פּאַפּירן. די זאַך איז אין אָרדנונג.

— אפשר אַ טעות, — האָט דניאל געזאָגט — יאָ, יאָ. — האָט ער געזאָגט און געשוויגן אַ ווײַלע. — אָבער מיר זענען דאָך שוין פאַרקנסט!

יאָ, — האָט דער פּאַסטאָר געזאָגט און ווידער געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— און מיר האָבן שוין אַ קינד.

— יאָ, מיטן קינד איז עפּעס אויך נישט גאָר גלאַט.

— מיטן קינד אויך נישט גלאַט?

— דער דאָזיקער פלעמינג זאָגט, אַז ער איז דער פֿאָטער פונם קינד.

— וואָס? — האָט דניאל אויסגעשריגן און געבליבן זיצן מיט אַן אָפענעם מויל.

דער פּאַסטאָר איז אינגאַנצן מטושטש געוואָרן פון דעם גוטן גלויבן, פון דער נישט פֿאַרשטעלטער פֿאַרוווּנדערטקייט, וואָס דניאל האָט אַרויסגעוויזן. עס איז עפּעס געווען אין דער גאַנצער געשיכטע אַזוינס נישט ריינס, נישט שיינס. אָבער דער דאָזיקער בחור דניאל האָט אַרויסגערופן מיטגעפיל ביים פּאַסטאָר

— איך ווייס נישט, וואָס דאָ קומט פאָר, — האָט ער געזאָגט — אָבער איר שטייט יעדנפאַלס פאַרשריבן ביי אונז אין די ביכער אַלס פאָטער פונם קינד. — ער האָט אָפּגעעפנט דעם בוך און מיט אַ פינגער אָנגעטייטלט אויף די רובריקן איינער נאָך דער אַנדערער

דניאל איז געקומען צו זיך.

— יאָ, אַז איך בין דער פאָטער, דאָס איז זיכער. ער איז דאָ נישט געווען, אַפילו אין לאַנד נישט געווען דעמאָלט, איך האָב נאָך קיינמאָל אַזאַ משוגעת נישט געהערט.

— אָבער ער זאָגט, אַז די מוטער איז מיטן קינד פאַרנומען געוואָרן, איידער ער איז אַרויסגעפאָרן פון דער סאַנאַטאָריע. און דאָס שטימט, אַפּנים, מיט דער צייט אויך.

— מיט דער צייט, יאָ, דאָס קאָן זיין. אָבער דאָס קינד איז געבוירן פאַר דער צייט.

— המממ... ניין, איר מוזט אַ טעות האָבן? — האָט דער פּאַסטאָר ווייך געפרעגט. — ער האָט צוגעשטעלט אַ שיין פונם דאָקטאָר, וואָס אין דער סאַנאַטאָריע, אַז דאָס קינד איז אינגאַנצן אויסגעטראָגן.

דאָס איז דאָך נישט מעגלעך. ער האָט עס אַליין פון קאָפּ אויסגעטראַכט. ער האָט די שיין אַליין אָנגעשריבן. זי איז איינגעביסן געוואָרן פון אַ שלאַנג, און האָט געבוירן פאַר דער צייט.

— יאָ, אויף אַ טאָג פריער, אפשר אויף עטלעכע טעג, אָבער דאָס קינד איז אויסגעטראָגן.

דניאל זיצט א ווײַלע שטארק צעטומלט, נאָכדעם שרייַט ער אויס: אָבער די מוטער ווייסט דאָך מסתּמא.

— יאָ, זי מוז אוודאי וויסן.

— און זי זאָגט די גאַנצע צייט, אַז איך בין דער פאָטער. איך האָב פון איר קיינמאָל עפּעס אַנדערש נישט געהערט. זי האָט עס געזאָגט אפילו אין דער נייער שטוב פאַר דעם קוואַטער אין די אויגן.

דער פאַסטאָר האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— איצט, יעדנפאַלס, זאָגט זי, אַז דער דאָזיקער פלעמינג איז דער פאָטער. ער האָט פון איר אויך א שריפטלעכע באַשטעטיקונג.

פּויזע.

— יאָ, זיי זענען משוגע געוואָרן. — זאָגט נאָכדעם דניאל אַ פארלוירענער.

דער פאַסטאָר וואָלט אים וועלן העלפן, ער האָט אָבער נישט געקאָנט.

— א שאָדן, וואָס די מוטער איז נישט געווען, בשעת מען האָט דאָס קינד פאַרשריבן. איצט קאָן זי אָפּלייקענען, וואָס איר האָט געזאָגט.

— אַז זי לייקנט גאָרנישט. — האָט דניאל געענטפערט. — דאָס איז נישט מעגלעך. אָט וועל איך נאָר מיט איר איבעררעדן.

— נו, יאָ, אפשר וועט זיך אַלץ איינאָרדנען, לאָמיר דערויף האָפן. דאָס איז פאַר אייך נישט שיין, איך פאַרשטיי עס גאַנץ גוט. אויף יעדן פאַל שטייט איר, נישט קיין אַנדערער פאַרשריבן אין בוך אַלס פאָטער פונם קינד.

דניאל גייט צו דער טיר.

— אפשר וועט איר אונז דערווייל געבן חופּה?

— הממ... ניין, דניאל, מען קאָן נישט, מען מוז פריער די זאַך קלאָר מאַכן. נאָר איר פּרוווט מיט איר איבעררעדן, און אַמ־בעסטן פּרוווט מיט אים אויך איבעררעדן, דעמאָלט וועט זיך אפשר אַלץ איינאָרדענען, לאָמיר האָפן.

— אָבער מיט יענעם וועט איר אויך קיין חופּה נישט געבן.

— ניין. אים האָב איך עס אויך געזאָגט, נאָר ער פאַרלאַנגט עס גאָרנישט.

דניאל איז אַוועק אין קלייטל, האָט איינגעקויפט פאַרשידענע זאַכן; ער איז געווען זייער פאַרטראַכט, האָט געקויפט עטלעכע זאַכן, אָן וועלכע ער האָט זיך דערמאָנט, און פאַרגעסן אַזוינע זאַכן קויפן, וואָס זענען אפשר געווען מער נויטיק פאַרן שטוב, איז געשטאַנען ווי אין חלום, געענטפערט נישט צו דער זאַך. צוריקגייענדיק אַהיים, האָט ער פון ס'ניי דעם ענין גרינדלעך דורכגעטראַכט. עטלעכע מאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און שטאַר געקוקט צו דער ערד, נאָכדעם האָט ער זיך אומגעדרייט און איז צוריק אַוועק אין קלייטל.

ניין, מיט כּעס און מיט סטראַשונקעס וועט ער גאָרנישט נישט מאַכן. פאַרקערט, ער דאַרף עפּעס טון פאַר איר, לויט זיין פאַרמעגן, וואָס ער קאָן. ער האָט זיך געווענדט צום וואַרשטאַט און געבעטן מען זאָל אים ווייזן זיידענע סטענגע. וואָס קאָסט עס? ער האָט אויסגעקליבן אַ ברייטערע. וואָס קאָסט דאָס? רעכט, אַ מעטער!

אָבער זי וועט עס אַוודאי נישט אָננעמען, וועט עס אַוועקוואַרפן אין אַ ווינקל. אפשר זאָל ער זיין ביטרע און זאָגן, אַז ער האָט עס געקויפט פאַר דעם קליינעם יוליוס?

די פריילין איז נישט געווען אינדערהיים, אָבער מאַרטע האָט געמיינט, אַז באַלד וועט זי קומען.

דניאל איז אַריין אין דער נייער שטוב. ווי אויף צו להכעיס איז דאָס קינד געשלאָפן, אַנישט וואָלט ער עס קאָנען אַרומבינדן. דעם קינד אַרום דעם האַלז. נישט זיין קינד? נאַרישקייט. דאָס וועלן מיר נאָך זען. יוליוס! — האָט ער אַ רוף געטון. ניין, עס איז געשלאָפן. דניאל האָט אַרויסגענומען די זיידענע סטענגע פונם פּאַפּיר און האָט עס פאַר אַ ברעג אין דער גאַנצער לענג אויפגעהויבן הויך; זי איז געווען אַ בלויע און זייער אַ שיינע, ער האָט גענומען אַרומבינדן זי אַרום שפּיגל, ער האָט אָבער נישט געקאָנט אויסבינדן קיין שלייף מיט לאַנגע עקן. ער האָט אַלע מאָל גוט געקאָנט אויסבינדן אַ שלייף, — נאַריש, וואָס איצט גיט זיך

עס אים נישט איין. און נאָכדעם, ווי ער האָט די סטענגע גוט צעקניימשט, האָט ער געמוזט אַ רוף טון מאַרטען, זי זאָל אים העלפן. סוף כל סוף איז זיין בלויע מתנה געהאָנגען אויפן שפיגל.

— זי האָט געזאָגט, אַז זי דאַרף עס האָבן? — האָט מאַרטע אַ פרעג געטון.

און דניאל האָט געענטפערט: — יאָ, אַזוי האָב איך פאַרשטאַנען פון אירע רייד.

— זי וועט, מסתמא, באַלד קומען. — האָט מאַרטע געזאָגט און איז אַרויס.

אָבער די פריילין איז נישט געקומען. דניאל איז אַרויס און ווידער אַריין. האָט עפּעס צוגעזונגען צוליב מאַרטען, זי זאָל נישט זיין אומרויִק. איז געגאַנגען נאָך האָלץ, און צום טייכל און איז סוף כל סוף אין פאַרצווייפלונג אַוועק אין גאָרטן און גענומען אַרומגראָבן די קאַרטאָפל. ער האָט גיך געענדיקט די אַרבעט, איצט האָט ער דערפילט, אַז זיין קערפּער איז געוואָרן לייכט און באַוועגט זיך פלינק, ער וואָלט געקאָנט די גאַנצע משפחה זיינע אַוועקטראָגן אויף די הענט. נאָכדעם האָט ער זיך אַוועקגעשלעפּט אין וואַלד איבער דער שמאָלער סטעזשקע, וואָס פירט צו דער סאַנאַטאָריע.

ער איז גוט צעבראָכן געוואָרן ביים פּאַסטאָר, און האָט שוין נישט געוואָלט נאָכשפּירן, נאָר גיין זי באַגעגענען, און ער האָט לייכט אונטערגעפּייפט פאַר זיך, כדי צו ווייזן זיין פרידלעכקייט, אפשר אויך כדי ווער עס דאַרף, זאָל וויסן, אַז ער גייט. ער האָט זיך געקאָנט פאָרשטעלן, וווהין זי איז געגאַנגען. זי האָט דאָך געשיקט צום פּאַסטאָר, און איז איצט געגאַנגען דערוויסן זיך די רעזולטאַטן. אַך, קליינע יוליע דו. ס׳העט גאָרנישט נישט אַרויסקומען, כל זמן אַ פונק פון לעבן טליעט נאָך אין דניאלן.

ער האָט זי באַגעגנט אַ פולע פריער נאָך, איידער ער איז דערגאַנגען צום שפּייכלער. זיי זענען געווען אַליין.

— דו ביסט געגאַנגען שפּאַצירן? — האָט ער געזאָגט פרידלעך.

— יאָ, אין דער סאַנאַטאַריע. — האָט זי געענטפערט מיט שטירדעס.

— אַזוי, אין דער סאַנאַטאָריע. — האָט ער געזאָגט.

זי האָט געמיינט, עס וועלן ווידער זיין קריגערייען, און האָט אַ געשריי געטון.

— גאָט מיינער, איך טאָר שוין קיין טריט נישט מאַכן?

— איך מיין, אַז דו האָסט באַקומען שלעכטע ידיעות. — האָט ער געזאָגט נאָך פרידלעכער, ער האָט זיך גוט באַהערשט.

— ניין, איך האָב באַקומען גוטע ידיעות.

— דער גראַף איז אַוועקגעפאָרן?

— גיי און פרעג אים!

דניאל האָט געשוויגן אַ ווײַלע, נאָכדעם האָט ער געזאָגט:

— דו האָסט נישט קיין מורא, אַז איינמאָל קאָן זיך עס שלעכט ענדיקן?

- וואָס וועט זיך שלעכט ענדיקן?

— אַלץ. איך הער, אַז דו ווילסט ביי מיר דאָס קינד אויך אָפּנעמען?

— דאָס קינד? ביי דיר?

מיט דעם דאָזיקן צווייִדייטיקן אויסרוף איז זי געבליבן שטיין און האָט אַפילו נישט געוואַגט גלייך אים דעם אמת צו זאָגן, ווייל דניאל איז געווען זייער פרידלעך אין דעם אויגנבליק, אַזוי שרעק-לעך רויק.

- יוליוס האָט זיך אויפגעכאַפּט? — האָט זי געפרעגט.

— איך וואָלט דיך געוואָרנט, — האָט ער ווייטער גערעדט — אָבער איך האָב דיך שוין איינמאָל געוואָרנט, און דאָס איז גע-ווען אַרויסגעוואָרפן, דעריבער טו איך עס נישט מער. אָבער דו זאָלסט וויסן, אַז איך וועל נישט איינגיין אויף דיינע נאַרישקייטן מיט דעם פינער, דעם גראַף. און אויב דו מיינסט, אַז דו קאָנסט ביי מיר צונעמען דאָס קינד, וועל איך דיר זאָגן, אַז איך און נישט קיין אַנדערער שטיי פאַרשריבן ביים פּאַסטאָר אין בוך. אַלזאָ וועסטו דערמיט אויך גאָרנישט נישט מאַכן. און מיר זענען ביידע אין דער קירכע געמאָלדן אַלס חתן כלה.

ווען דניאלס שטימע וואָלט איצט נישט אַזוי משונה געצי-טערט, וואָלט די פרײַלין, מסתמא, נאָר געפייפט דערויף, און וואָלט

ווידער געזאָגט, אַז דאָס איז נאָר פּאַרימעריי. זי האָט שוין גראָד געוווּסט און געהאַט אירע באַווייזן, און וואָלט אים אַלץ געקאָנט דערוויזן, אָבער גראָד איצט האָט זי עס נישט געוואָגט, מען האָט עס איצט געדאַרפט אָפּלייגן.

— אַזוי גאָר, — האָט זי נאָר געזאָגט — דו ביסט געווען ביים פּאַסטאָר.

ער האָט פאַרענדיקט מיט דער דערקלערונג:

— מער וואָרן איך דיך נישט, זאָלסט געדענקען.

— אַך, — האָט זי געזאָגט — מיר איז שוין אַזוי מיאוס געוואָרן די פּאַרימעריי.

* *
*

די טעג זענען געגאַנגען. דער דינסטיק, וואָס איז געווען באַשטימט אויף חופּה, איז אַריבער, און אַלץ איז געבליבן אָן ענדערונג. די פריילין האָט ווייטער מאַסירט דאָס געזיכט, זי איז אויך ביסלעכווייז געגאַנגען שפּאַצירן אין וואַלד, אָפטמאָל פלעגט זי יוליוסן אויך מיט זיך נעמען. אויף וויפל דניאל האָט געוווּסט, האָט זי אין וואַלד קיינע באַגעגענישן נישט געהאַט.

וואָס האָט זי זיך געטראַכט? צי האָט זי אויסגעקוקט דערויף, אַז עפּעס נייעס זאָל אַרויסשווימען, אָדער זי האָט געוואָלט איינמאַטערן דניאלן? פאַר דער פריילין איז עס אויך נישט געווען קיין גוטע צייט. זי איז געווען פון דער גאַנצער זאַך אויסגעפּייניקט, שלאָפלאָז, איז אָפט אַריינגעפאַלן אין יאוש. דניאל ווידערשטאַנד האָט זי אַרויסגעבראַכט פון די כלים. ווען ער וואָלט איר ערלויבט אַוועקצוגיין, וואָלט זי אפשר גאָר נישט אַוועקגעגאַנגען, ווער ווייסט; אפשר וואָלט זי אויף אַ קורצער צייט אַוועק, כדי נאָכדעם צוריק צו קומען, גאָט ווייסט. זיין עקשנות האָט זי ווילד געמאַכט. זי האָט געוויינט היסטעריש און געסקריפּעט מיט די ציין. זי האָט זיך געפילט ווי צוגעשמידט צו אים.

דניאל האָט גענומען אָפטער גיין אין דאָרף אַריין. ניין. ער האָט שוין מער נישט געקויפט קיין זיידענע סטענגעס. דער מעטער סטענגע, וועלכן ער האָט איינמאָל געבראַכט אַהיים, האָט נישט

קיין נוצן, נישט קיין שאָדן געבראַכט, ער איז געהאָנגען איבערן שפּיגל אין דער נייער שטוב און איז געווען בלוי און שיין, אויף איר האָבן אָבער אָנגעהויבן צו ווערן פלעקן פון פליגן. די פריילין האָט גאָרנישט געזאָגט, האָט אפילו נישט באַדאַנקט פאַר דעם.

דניאל איז געגאַנגען אין דאָרף, כדי צו באַגעגענען באַקאַנטע און זיין מיט מענטשן. דאָס האָט ער דאַרט געטון. ער איז געווען געבראָכן און קאַרג אויף ווערטער. וואָס איז געוואָרן פון דעם טריומף איבערן דאָרף? אפילו דעם קליינעם יוליוס ווילן זיי ביי אים אָפּנעמען. אָבער דניאל האָט שוין געוווּסט, אַז אין דעם דאָזיקן וויכטיקן פּונקט וועט ער בשום אופן נישט נאָכגעבן. ער איז איינגעשריבן אַלס פאָטער מיט דער גאַנצער הסכמה פון דער פריילין פאַר מאַרטען און דער קוואַטערין אין די אויגן אין דער נייער שטוב. דאָס קאָן זי נישט אָפּלייקענען, נישט אמת?

די פריינט האָבן אָנגענומען אַ בסודותדיקן אויסזען, צו זייענען, אפנים, דערגאַנגען קלאַנגען, אַז אויף דער טאָראַהוסער לאָנקע איז נישט אַלץ, ווי עס באַדאַרף צו זיין. אגב, איז דניאל גופא געוואָרן פאַרענדערט.

– ווען האָסטו חתונה, דניאל. — האָט מען אים געפרעגט.

און דניאל האָט געענטפערט:

— פאַרשטייסטו מיך, איך ווייס נאָך אַליין נישט אויף ריכטיק.

— אַזוי, דו ווייסט נאָך אַליין נישט?

— יעדעס מאָל ווייזט זיך אַרויס עפּעס אַ מניעה. דאָ פּאַסט די צייט נישט, דאָ האָבן מיר קיין פּאַסיקע קליידער נישט, אין וועלכע מען זאָל קאָנען גיין צו דער חופּה. אַזוי בסדר.

— דו רעדסט עפּעס מאָדנע.

—אָ, דאָס איז גאָר נישט מאָדנע,—פלעגט דניאל ענטפערן— ס'איז דאָך נישט אַזוי פּשוט, ווי ווען אַן אַנדער מיידל איז אַ כלה. יוליע דאַרף צו דער חופּה האָבן אַן עקסטרע קלייד פון שטאָף מיט פיל זיידענע סטענגעס און פאַצערקעס.

די פריינט האָבן געלאַכט און חוזק געמאַכט פון אים.

— איך האָב עס געזאָגט אויף געלעכטער, — וויל זיך דניאל

ארויסדרייען — א פּרויענצימער מוז דאָך אַלע מאָל האָבן עפּעס באַזונדערס, דאָס האָב איך געמיינט. אָבער איך קאָן דאָך אויך נישט גיין צום אַלטאַר, אַזוי ווי איך שטיי און גיי. און דאָס איז כּמעט מיין בעסטער אַנצוג.

— האָסטו דען אַזוי ווייניק זאַכן?

— יאָ. אַזוי ווייניק.

— קאָן מען זיך דאָך אַן עצה געבן!

— איך האָב זיך געוואָלט באַשטעלן אַן אַנצוג, איז אָבער געוואָרן פּאַסכע, און דעמאָלט האָט מען בשום אופן גאָרנישט געקאָנט נייען.

— יאָ, מיר האָבן קיין שלעכטס נישט געמיינט.

און זיי זיצן ביים קרעמער אין הינטערצימער, הייסן זיך דערלאַנגען ביר און טרינקען, ווערן פריילעך און טומלדיק, זע־נען איינע די אַנדערע מוחל די זינד, וואָס זיי האָבן אָנגעפּלוי־דערט און פאַרגעסן אַלע סכסוכים, עס האָט אָבער קיין צווייפל נישט געקאָנט זיין, אַז די פריינט האָבן עפּעס געהערט וועגן דניאלס אומגליק. ער איז ווידער אַריין צו לייטן אין די מיילער.

— איך וואָלט וועלן מיט דיר וועגן עפּעס רעדן, העלמער — האָט ער געזאָגט.

— רעכט.

זיי גייען אַרויס פון צימער און לאָזן זיך איבערן וועג צו העל־מערס היים. און וואָס האָט אים האָט דניאל געוואָלט זאָגן? — אַז היינט וועט ער אפנים עמעצן דערשיסן.

— הע? ניין, דאָס זאָלסטו נישט טון. — זאָגט העלמער און שאָקלט לאַכנדיק מיטן קאָפּ.

— אָבער אַז איך בין דערצו געצוווּנגען.

— ווער איז עס אַזוינער?

— דאָס איז אַלץ איינס. נאָר אפשר האָסטו שוין וועגן דעם געהערט?

— ניין, וואָס האָב איך דען געהאַט צו הערן? און אפשר האָב איך עפּעס אַזוינס יאָ געהערט, אָבער... און ווי מיינסטו, וואָס

וועלן זיי מיט דיר נאָכדעם טון? זיי וועלן דיך נעמען און אַרעס-
טירן.

— דאָס איז מיר אַלץ איינס.

— נו, זיי נישט קיין נאַר, — זאָגט העלמער — אָט וואָס איך וועל דיך בעטן, — זאָגט ער — דאָס איז נישט דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך פאַרלאַנג פון דיר אַזוינס. געווען אַ צייט, ווען דו האָסט געוואָלט העלענען פאַרברענען, און איך האָב נישט דערלאָזן.

— יאָ, וואָס נוגע דעם...

— מער וויל איך נישט הערן, פאַרשטייסטו? און איצט קאָנען מיר אַריין צו מיר, וועסטו אויסטרינקען אַ גלעזל הייסע קאַווע און ווידער קומען צו זיך.

דניאל איז אַריינגעגאַנגען, האָט אויסגעטרונקען הייסע קאַווע און איז אויף אַ רגע געוואָרן שטייפער ביי זיך. ווען ער האָט געדאַרפט אַוועקגיין האָט ער ווידער פאַרלוירן דעם מוט. העלמער איז אַרויס באַגלייטן אים, און דניאל האָט געפרעגט:

— דו דערמאָנסט זיך, וואָס זי האָט געזאָגט אין דעם טאָג, ווען מען האָט דאָס קינד געטויפט? — אַז דאָס קינד איז מיינס?

— יאָ, אַז דאָס קינד איז דיינס

— טראָג דיין קינד ווי ס'דאַרף צו זיין, האָט זי געזאָגט. דריק דיין קינד נישט, דניאל, — האָט זי געזאָגט. דאָס איז געווען אין דער נייער שטוב ביי אונז. יאָ, דו האָסט עס געהערט?

איך קאָן דערויף שווערן.

יאָ. און איצט גיי איך גלייך אַהיים, כ'וועל מיט איר רעדן און קלאָר מאַכן. עס ווערט שוין באַלד אָוונט, איך דאַרף מיך צואיילן.

העלמער האָט אים נאָך אַמאָל דערמאָנט, ער זאָל זיין אַ קלוגער, און געלאָזן גיין. ער האָט זיין חבר ווידער געזען ערשט אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, נאָר דעמאָלט איז שוין געוואָרן אַלץ אַנדערש...

קומענדיק אַהיים, איז דניאל גלייך אין דער נייער שטוב אַריין.

— איך בין שוין אין דאָרף געוואָרן צו שאַנד און צו שפּאָט. — האָט ער געזאָגט.

— אַזוי. — האָט די פריילין געזאָגט.

— איצט וויל איך וויסן, אין וועלכן טאָג גייען מיר צו דער חופּה.

דאָס, וואָס איז נאָך קיינמאָל ביז היינט נישט געשען, איז איצט געשען. אָ, זי איז שוין, מסתמא, געווען אַזוי אויסגעפּייניקט, אַזוי צעבראָכן, זי האָט אָנגעהויבן וויינען.

— איך וויל אהיים, — האָט זי געשריגן — איך וויל אַוועק פונדאַנען, אהיים! וואָס האָב איך דאָ צו טון. גאָט מיינער! קיין מענטש נישטאָ, קיין לעבעדיקער נפש! קיינע געשעפטן, אפילו קיין פענסטער נישט, דורך וועלכן מען זאָל עפּעס קאָנען זען, קיין גאַסן, קיין שיפן לעבן בריק. אין אָוונט איז אַ חושך, קיינער פאָרט נישט פאַרביי, גאָרנישט...

זי האָט זיך געוואָרפן אין היסטעריע און דורך יאָמערן געפרעגט, צי געפינט ער, אַז דאָס האָט אַ זינען.

— דו האָסט אפילו דעם אַקוריסטעלוו אין כריסטיאַניע נישט געזען, — האָט זי געזאָגט — דאָרט איז פאַראַן אַזוי פיל שיפלעך, מיר האָבן זיך דאָרט געשיפט מיט יינגלעך, מיר האָבן די שיפלעך גענומען אָן ערלויבניש, כאַ כאַ כאַ! זיי זשע אַ גוטער, דניאל, עס וועט דאָך דערפון סיי ווי גאָרנישט אַרויסקומען! איך קאָן עס נישט אַריבערטראָגן. חופּה שטעלן? הער נאָר ווי דו ביסט נאַדיש: ער וואַרט דאָך אויף מיר, מיר זאָלן צוזאַמען אַוועקפאָרן, און דו זאָגסט אַלץ: חופּה, חופּה! דו זעסט אויס, ווי דו וואָלסט עס נישט פאַרשטאַנען, אָבער דער גראַף וואַרט דאָך! הערסטו — איך האָב אים ליב, איך האָב זיין געלט ביז היינטיקן טאָג ביי זיך באַהאַלטן. נאָר מיר וועלן דיר אויך העלפן...

— שווייג איצט, און לאָז מיר נאָר צוויי ווערטער אויסרעדן!

— האָט דניאל אויסגעשריגן. — אין וועלכן טאָג ביסטו גרייט צו גיין מיט מיר צו דער חופּה?

— צו דער חופּה?...

— יאָ, נאָר דאָס וויל איך וויסן.

— ניין, איך וועל נעמען דאָס קינד און אַנטלויפן פונדאַ־נען! — האָט זי געשריגן מיט בלישטשענדיקע אויגן. — דו העסט זיך נאָך מיר נישט יאָגן, ווען איך וועל האַלטן דאָס קינד, וואָרום מיר קאָנען נאָך פאַלן און צעשלאָגן זיך, דאַן וועט זיך יוליוס צעמזיקן.

דניאל האָט אַ טופּע געטון מיטן פוס און אַ געשריי געגעבן:

— שווייג, שטיל!

— זיי מיר מוחל. — האָט זי געזאָגט שפּאָטיש.

— דו ביסט אויסן זיגען, — האָט דניאל געזאָגט — און איך וויל מיט דיר מער נישט רעדן. איצט וויל איך דיר נאָר איין איינציקע זאַך זאָגן, דו זאָלסט געדענקען: מער זאָלסטו אין דער סאַנאַטאָריע נישט גיין, ביז מיר וועלן נישט חתונה האָבן — דו פאַרשטייסט? און מער גייסטו קיין שום מענטשן נישט באַגעגענען אין וואַלד, איידער מיר וועלן חתונה האָבן. ניין. אָט וואָס איך וויל נאָר דיר זאָגן!

עס האָט אויסגעוויזן, ווי זי וואָלט זיך איבער דעם אָדער איבער עפּעס אַנדערש פאַרטראַכט! פּלוצלינג ווענדט זי זיך צו אים מיט אַ צאַרטן און באַצויבערנדיקן שמייכל:

— זיי מיר מוחל, דניאל, זיי מיר אַלץ מוחל! איך בין נישט געווען, ווי איך וואָלט באַדאַרפט צו זיין. דאָס איז אַלץ ריכטיק, ווי דו זאָגסט. איך האָב דיך געטריבן און נישט געוואָלט פון דיר וויסן. אָבער איצט ווייס איך נישט. איצט וואָלט איך זייער וועלן זיין אַזאַ, ווי דו ווילסט. זיי נאָר אַ גוטער, דניאל! איך בין גרייט אַלץ, אַלץ פאַר דיר צו טון—ווילסטו, איצט, שוין?

זי האָט אים, פאַרשטייט זיך, דערמיט געוואָלט איינשטילן, ער זאָל ווערן שוואַכער, און מען זאָל מיט אים קאָנען רעדן. זי האָט זיך געפילט ווי אין דעם קלעם, אויסערגעוויינלעך צערודערט.

זי האָט שווער געאָטעמט און אָפּגעקערט דעם קאָפּ צום פענסטער; אפשר האָט זי זיך פאַרשעמט און געוואָלט עס באַהאַלטן. אָבער ער האָט אין דעם זעלביקן מאָן און פונקט אַזוי אויסגעהאַלטן ווי פריער אַ פרעג געטון:

— איך פרעג דאָס לעצטע מאָל, די חתונה וועט זיין דינסטיק, אָדער...

איצט האָט זי פאַרלוירן יעדע האָפנונג מיט אים צונויפצורעדן זיך, און זי איז געזעסן, אַראָפּגעלאָזן די אויגן צו אייגענעם שויס.

— גענוג רעדט מען שוין וועגן מיר אין דאָרף, — האָט ער דערקלערט — איך שטאַם נישט פון עפּעס אַבי וועמען. איך שטאַם פון אוטבין. אַלע קענען מיך. אַלזאָ, וואָס טראַכסטו וועגן דינסטיק?

— איך וועל אים גיין זאָגן. — האָט זי געענטפערט אינגאַנצן אַ פאַרלוירענע.

— ניין! — האָט דניאל אַ געשריי געטון. — איך האָב דיר דען נישט געזאָגט, אַז דו זאָלסט מער אַהין נישט גיין?

— זאָגן אים, ער זאָל אַוועקפאָרן... איך האָב נאָר געמיינט...

דניאל זאָגט: — דאָס האָב איך אים שוין געזאָגט. מער דאַרף מען אים גאָרנישט זאָגן. אָ, גאָט מיינער, איך האָב עס אים, דאַכט זיך, גאַנץ קלאָר דערקלערט!

פון איצט אָן האָט זי שוין מער גאָרנישט געזאָגט און נישט געענטפערט דערויף, וואָס ער האָט גערעדט. ער האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, אַז די קליידער, וועלכע זי האָט, זענען גענוג שיין, און ער וועט פאַר זיך לייען אַן אַנצוג ביי העלמערן. ער פאָדערט, זי זאָל אָפּנעמען צוריק אַלע פאַפּירן, וואָס זי האָט געשיקט צום פּאַסטאָר, אַלע מעלדונגען, די אַלע אויסטראַכטענישן. זי שווייגט און שווייגט — ענטפערט קיין וואָרט נישט.

* * *

אויף מאָרגן נאָך דעם.

אוודאי האָט זי געמוזט רעדן מיט הער פלעמינגן, נאַטירלעך, האָט זי עס געמוזט, וואָרענען אים, ער זאָל זיין פאָרזיכטיק, וואָרום איצט איז די סכנה געווען גרעסער ווי פריער. דניאל איז גאָר פון זינען אַראָפּ.

זי האָט זיך צוגעקליבן צו גיין. ווו איז געווען דניאל, האָט זי נישט געוווסט, אפשר אונטן אין דאָרף. מאַרטע איז געווען פאַרנומען אין שטאַל ביים פי. קיינער איז אין קיך נישט געווען.

אוודאי האָט זי געמוזט גיין. זי האָט שוין פריער דערויף געוואַגט פיל מאָל, און ווי האָט זי עס געקאָנט נישט טון איצט, ווען דאָס איז געווען נויטיקער ווי אַלע מאָל, אַ שיין פּנים וואָלט עס געהאַט, ווען זי וואָלט נישט געגאַנגען. און אגב, מיט וואָס איז דאָס געווען אַזוי שלעכט? זי האָט געוואָלט נישט דערלאָזן, עס זאָל עפּעס געשען, אַן אָנפאַל אין די קוסטעס, אַן אומגליק, זי ווייסט דען וואָס? אַ געבילדעטער מענטש וואָלט געווען דאַנקבאַר דערפאַר, וואָס מען דערלאָזט נישט צו קיין שלעכטס. אַ מענטש פון הער פלעמינגס שניט, וואָלט אין דעם איינגעזען אַ פאַרדינסט, אָבער וואָס האָט זי געקאָנט וואַרטן פון דניאלן? אָ, ער איז געווען אַזוי ווילד, אַזוי פאַרצווייפלט. ווען ער וואָלט געקומען, וואָלט ער זי אפשר דערוואָרגן. וואָס טוט אַ מאַן אין די וווּנדערלעכע פראַנצויזישע ראָמאַנען, ווען ער קומט אהיים און געפינט דעם געליבטן פון זיין פרוי אין שלאָפצימער? פריער באַגריסט ער זיך, נאָכדעם לייכט ער דעם געליבטן צו מיט אַ לאָמפּ אויף די טרעפּ. „היט אייך", זאָגט ער, „איין טרעפּ איז אַ שלעכטע, פאַלט נישט, מיין הער". אָט אַזוי באַגייט זיך אַ וועלטלעכער מענטש: שיין, פיין, געשליפן. וואָלט דניאל כאָטש אַ ביסל ענלעך געווען דערצו!

זי האָט די שרעקלעכע צערודערונג פון נעכטן גובר געווען, און האָט שוין געקאָנט טראַכטן. חוץ דעם איז דאָס וועטער געווען שיין, דער וועג טרוקן, פול דער וואַלד מיט פויגלגעזאַנג און מיט ריחות פון גרינס. זי איז געגאַנגען שנעל און לייכט, זי האָט נישט אויף לאַנג געקאָנט איבערלאָזן יוליוסן איינעם אַליין.

לעבן דעם הייזשפּייכלער האָט זי אָנגעטראָפן הער פלעמינגן. ס'האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט געוווּסט, אַז זי וועט קומען. ער האָט געפּרוּווט ווירקן אויף איר, זי זאָל זיך אומקערן, אָבער זי האָט נישט געוואָלט, נישט געוואַגט.

— ניין, ניין, ער שפּירט אונז אפשר נאָך. ער האָט שלעכטע געדאַנקען. — האָט זי געזאָגט.

און אָנשטאָט צו לאָזן הער פלעמינגן אַריבערגיין אויף דניאלס ערד, האָט זי מיט זעלבסטאָפּפערונג אויף זיך גענומען די גאַנצע ריזיקע און אַוועקגעפירט אים וואָס ווייטער פון דניאלס גרענעץ-סלופּקעס. זיי זענען אַוועק אין דער ריכטונג פון דער סאַנאַטאָריע און

האָבן זיך אוועקגעזעצט נישט ווייט פון איר אין גראָז.

זי האָט אים דערציילט אַלץ, וואָס זי האָט געוווּסט: דניאל איז געווען ביים פּאַסטאָר. נעכטן איז ער געקומען פון דאָרף ביז און אַנטשלאָפן. לייט האָבן אים ווידער גענומען אין די מיילער, און ער וויל עס נישט ליידן, זי האָט פלוצלינג געפרעגט ביי הער פלעמינגן:

— איר קאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס איז עס פאַר דניאלן אַזוי וויכטיק, וואָס דער דאָרף רעדט וועגן אים?

אָ, יאָ, הער פלעמינג האָט עס גוט געקאָנט פאַרשטיין. אַזוי איז עס אַלע מאָל אין דאָרף, ווו איינער קען דעם צווייטן.

— און וואָס ער רעדט אַלע מאָל וועגן דעם, אַז ער שטאַמט פון אַ שיינער משפּחה — קאָנט איר אויך פאַרשטיין?

— געוויס, יאָ. זיי האַלטן זייער דערפון, זיי זענען שטאָלץ דערמיט, וואָס זיי שטאַמען פון עלטערן, וואָס האָבן געהאַט הויפן. איך ווייס עס פון דערהיים. דער יושר פון אַזאַ הויף מוז זיך מער איידער אַנדערע רעכענען מיט דער מיינונג פון לייטן וועגן אים.

— פונקט, ווי דער אַדל! — האָט זי געזאָגט שמייכלענדיק.

הער פלעמינג האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— ווען אַ זון פון אַזאַ משפחה גייט אַראָפּ פונם וועג, קאָן עס די עלטערן אַמאָל אַריינטרייבן אין קבר... צום באַדויערן.

— וואָס זאָגט איר עפּעס צום באַדויערן? — האָט זי אַ פרעג געטון און פלוצלינג איבערגעריסן. — וואָס זשע זאָלן מיר טון?

— ער וויל דינסטאָג מאַכן די חתונה.

— נאָך מיין מעלדונג איז עס אוממעגלעך.

— אָבער איצט איז עס פון דניאלס זייט מער ווי סתם גערעדט. איך האָב איצט מורא פאַר אים.

הער פלעמינג האָט פאַרגעלייגט, זיי זאָלן ביידע אַנטלויפן, און דאָס קינד אפשר דאָ איבערלאָזן דערווייל

— ניין. — האָט זי געזאָגט און געשאָקלט מיט קאָפּ.

— נאָר אויף אַ קורצער צייט, ביז אַלץ וועט איינגעאָרדנט ווערן, און מען וועט עפּעס אָנהויבן צו טון.

— ניין, דאָס טויג נישט. איר האָט, מסתמא, יוליוסן נישט געזען, ווי ס'געהער צו זיין. ווי?

— א טייער קינד! געווים געזען

— וואָס איז עס אַזוינס? — האָט זי פּלוצלינג אַ פרעג געטון. — מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז איך הער עפּעס.

זיי האָבן זיך ביידע אַרומגעקוקט — ניין, גאָרנישט. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי געזאָגט:

— איך האָב געטראַכט, אפשר זאָל איך מיך אַמאָל אַרויסגנבענען מיטן קינד אויף די הענט און אַוועק אין דער סאַנאַטאָריע.

— אין דער סאַנאַטאָריע?

— און דאָרט בלייבן. און מיר זאָלן דאָרט זיין אַלע דריי צוזאַמען

הער פלעמינג האָט זיך פאַרטראַכט: דירעקטאָר רופּרעכט איז גאָר אַ ווײַלער מענטש, אפשר וועט ער דערויף מסכים זיין. ער וועט געווים דערלויבן.

— דאָ וואָלטן מיר געקאָנט זיין זיכער, — האָט זי געזאָגט — קיינער וואָלט אונז פונדאַנען נישט געקאָנט אַוועקנעמען. און דאָ וואָלטן מיר ביז אַ צייט געבליבן.

— אָבער אייך וואָלט דאָרט געווען אומדערטרעגלעך, — די דינערשאַפט, די געסט... איך מיין אומדערטרעגלעך פאַר אייך מיטן קינד...

— אָך, יאָ, איך האָב שוין אויך וועגן דעם געטראַכט. אָבער ב'וואָלט עס שוין ווי עס איז איבערגעטראָגן.

הער פלעמינג האָט אויפגעלעבט: איך וועל איבעררעדן מיטן דירעקטאָר!

זיי האָבן זיך גענומען גענויער באַטראַכטן דעם פּלאַן. דאָס איז געווען דער איינציקער אויסגאַנג פון דער שלעכטער לאַגע. נאָר אים האָט דאָס הארץ ווי געטון, וואָס זי דאַרף אויף זיך נעמען אַזאַ שווערע לאַסט.

— איצט דאַרף איך שוין גיין, — האָט זי געזאָגט און אויפגעהויבן זיך פון אָרט — איך בין אַרויס אָן דניאלס דערלויבניש.

ער האָט זיך אויך אויפגעהויבן: — איך וועל אייך באַגלייטן.

אין איין אויגנבליק איז די פריילין בלייך געוואָרן און שטיין געבליבן ווי אַ פאַרשטיינערטע: דניאל זיצט דאָ, אויבן ביים וועג. אויף אַ קליינעם בערגל, האַלב פאַרבאָרגן אין די קוסטעס. אויך הער פלעמינג האָט אים איצט דערזען, און זיין געזיכט האָט באַקומען אַן אָנגעשטרענגטן אויסדרוק.

די פריילין הויבט פלוצלינג אָן צו שרייען:

— דניאל! איך בין געקומען אַהער נאָר זאָגן אים, וואָס מען האָט געדאַרפט, איצט לויף איך שוין צוריק אַהיים!

קיין ענטפער. דניאל זיצט אויף די ציפּקעס און קוקט פאַרגליווערט. ער איז צוזאַמענגעצויגן ווי אַ רויב־טיר צום שפּרינגען. די פריילין קאָן מער נישט אויסהאַלטן און זי באַקומט ווידער אַן אָנפאַל פון אימה

— וואָס טוסטו דאָ, דניאל? — שרייט זי מיט אַ געוויין און פאַרבלינעטן אָטעם. — איך האָב אים געזאָגט, ער זאָל אַוועקפאָרן. אָבער ער וויל נישט. איר זענטביידע משוגע געוואָרן, איר פּייניקט מיך. ער וויל מיך נישט פאַרלאָזן, דו הערסט? און איצט וועל איך, איך וועל איינמאָל, ווען דו וועסט נישט זען... איך וועל נעמען יוליוסן, יוליוסן וועל איך נעמען...

און זי האָט גענומען רעדן אָפּגעהאַקט, שטאַמלענדיק טראַפּנווייז.

— דערלויבט מיר, איך וועל אייך אָפּפירן אַהיים. — לייגט הער פלעמינג פאָר.

— ניין, ניין! — האָט זי אויסגעשריגן. — זאָרגט בעסער פאַר זיך אַליין!

דניאל האָט פון זיי די אויגן נישט אַראָפּגענומען.

אומבאַמערקט, גנבענענדיק זיך האָט ער געענדערט זיין לאַגע. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער רעכטער קני. נאָכדעם מיט דער האַנט עפּעס געטאַפּט אויף דער ערד, און אין אַ רגע אַרום צוגעדריקט די ביקס צו דער באַק.

די פרײלין האָט זיך אַנידערגעוואָרפן מיט אַ געשריי אויפן גראָז.

— נישט שרעקט זיך, מיין טייערע, האָט נישט קיין מורא.— האָט הער פלעמינג זי געטרייסט.

— גיבער, לייגט זיך אויף דער ערד! — הערט ער ווי די פרײלין שרייט צו אים.

אָבער ער האָט נישט פאַרלוירן זיין זעלבסטווירדע, זיך נישט דערשראָקן, נאָר גענומען איילן זיך, נישט אָפּגעשפּרונגען אָן אַ זייט. אָ, דניאל וואָלט אפשר גאָרנישט געטון, נאָר אים האָט, אפנים, צערייצט די רויקייט פון דעם יונגנמאַן. וואָס הייסט! ער האָט אים געכאַפּט ביי דער באַגעגעניש, ווי דעם ערגסטן ליגנער אויף דער וועלט, און ער שטייט נאָך דאָ מיט אַזאַ חשיבות, ווי עפּעס אַ העלד!

ווען דער שאָס האָט געטון אַ קנאַל, זענען נאָך אַריבער עטלעכע סעקונדעס, איידער הער פלעמינג איז געפאַלן אויף דער ערד. ער האָט אַ דריי געטון מיט די פינגער. אַ ביסל צונויפגעצויגן איין קני און דאַן געבליבן ליגן שטיל.

דאָס ערשטע, וואָס די פרײלין האָט נאָכדעם באַמערקט, איז געווען, וואָס דניאל האָט זיך אַראָפּגעלאָזן פון בערגל און אַוועקגעלאָזן גלייך צו איר. זי האָט אים מער געהערט איידער געזען. די גראָזן האָבן געשאָרכט אַרום זיינע שטיוול, אַ ציטערל איז איר אַדורך איבערן לייב. זי האָט זיך הויך אויפגעהויבן אויפן עלנבויגן און פרעגט:

— וואָס ווילסטו?

זי זעט, ווי זיינע אויגן בייטן דעם בליק אַמאָל אויף איר, אַמאָל אויפן טויטן קערפּער. זיין געזיכט איז נישט צו דערקענען. זי זעט, ווי ער באַוועגט מיט די ליפּן, און אפשר זאָגט ער עפּעס.

— דו הערסט, — וואָס ווילסטו טון מיט מיר? — פרעגט זי יאָמערדיק.

ווען ער ענטפערט נישט, שפּרינגט זי אויף און לאָזט זיך לויפן. נאָר צום לעצטן האָט זי געזען, ווי דניאל שטייט און באַ-

טראכט דעם טויטן, צי ער באַהעגט זיך אפשר.

זי איז געלאָפן אין דער ריכטונג צו דער סאַנאַטאָריע. ווען זי איז צו זיך געקומען, איז זי געבליבן שטיין און האָט זיך פאַרטראַכט אויף אַ רגע. נאָכדעם איז זי אַוועק ווייט אַרום דורכן וואַלד און געקומען אַהיים אין דעם פּאַסטוך־שטיבל.

דניאל איז דאָרט געבליבן שטיין, האָט באַטראַכט די אַר־בעט פון זיינע הענט, אפשר מיט אַ ביסל נייגיריקייט, מיט אַ ביכל פאַרוווּנדערונג. ער איז דאָך אויך געווען אַ מענטש; ער האָט פאַרגעסן צו גיין אויף פיר פיס און זיין שונא צו רייסן אויף שטיקער. דערפאַר אָבער האָט ער זיך אויסגעלערנט שיסן. ניין, ער איז נישט געווען קיין גדול, קיין העלד, ער איז געווען פשוט אַ מענטש, ווי אַלע מענטשן.

## XVI

אונטערזוכן, אויספאָרשונגען און פאַרהערן. אין דאָרף רוישט פון פאַרשידענע געשיכטעס. שרעקעדיקע מענטשן פאַרשפּאַרן טיר און טויער אויף דער נאַכט — וואָס אַנדערש האָט מען געקאָנט דערוואַרטן? עטלעכע מענטשן האָט מען אַרויסגעשיקט, זיי זאָלן שפּילן די ראָלע פון דער פּאָליציי און אויפזוכן דניאלן. אָ, יאָ, זיי האָבן אויסגעאַקערט דעם וואַלד אַרום דעם פּאַסטוך־שטיבל, האָבן לסוף איינגעאָרדנט אַ פּאָליעוואַניע און דורכגענישטערט דעם גאַנצן אָרט אונטער יעדן קוסט. אָבער דניאל איז געווען אין די בערג. און דאָס האָבן זיי אפשר אַליין אויך געוווּסט. לאָזט אים צורו, — האָבן זיי, מסתמא, געטראַכט, און אַ טיפער מיטגעפיל צו דעם אומגליקלעכן האָט דורכגעשיינט אויף זייערע פּנימער. ער וועט שוין, מסתמא, אַליין אַמאָל אַראָפּגיין. אַזאַ שלעכטער מענטש איז ער דאָך נישט. דאָס איז דאָך פאָרט דניאל אוטביו, מיר קענען אים דען נישט? — האָבן זיי, מסתמא, געטראַכט. חוץ דעם איז אפשר איצט געווען אַ סכנה צו נאָענט צו אים צוצוגיין, גאָט ווייסט. יעדנפאַלס דאַרף מען מיט אים קיין מחוקות נישט מאַכן, מיט

דעם דאָזיקן יונג, — ער האָט דאָך אַמאָל העלענען אויך געוואָלט פאַרברענגען.

פרײַלין ד'עספּאַר גיט איר עדות-זאָגן וועגן דעם געשעעניש, אויף וויפל זי קאָן, אָבער זי האָט נישט, גאָט ווייסט, וואָס פאַר אַ זכרון, ביי איר אין קאָפּ האָט זיך אַ ביסל צעפּלאָנטערט, און וואָס נוגע די וויכטיקסטע מאָמענטן פון דער קאַטאַסטראָפע, קאָן זי זיך לגמרי גאָרנישט דערמאָנען. דער זשאַנדאַרם טוט אַלץ, וואָס ער קאָן, ער פרעגט זי אויס, פאַרשרייבט אין פּראָטאָקאָל, אָבער די זאַך רירט זיך נישט פון אָרט. ער האָט אָנגעהויבן מיט דער פראַגע, צי איז עס געווען אַ מאָרד, וואָס איז געמאַכט בכיוון, הייל אויב אַזוי קומט דערפאַר טויטשטראָף, יאָ. און דאָס מאַכט, אַז די פרײַלין זאָל אַ פולע טראַכטן און לעשט ביי איר דעם זכרון אויף גאַנצע שעהן. בכלל איז אָבער די דאָזיקע פרײַלין געווען עפּעס אַ מין טייוול, אַ פּרוי, דער זשאַנדאַרם האָט שוין אַמאָל מיט איר געהאַט אַן עסק און גאָרנישט געקאָנט פון איר אַרויסבאַקומען.

— ווי זשע איז פאָרגעקומען דאָס פאַרברעכן גופא?

דאָס האָט זי נישט געוווּסט. זי האָט גלייך אין אָנהויב פאַרלוירן דעם זינען, און ווען זי איז צו זיך געקומען, האָט זי קיין זאַך באַזונדערס נישט באַמערקט. איז נאָר אויפגעשטאַנען און אַוועקגעלאָפן. ס'איז דען אַ וווּנדער?

— האָט האָט דניאל געזאָגט, איידער ער האָט געשאָסן?

— קיין וואָרט נישט.

— הייסט עס, ער האָט נישט געוואָרנט, אַז ער וועט שיסן?

— ניין, ער האָט געשריגן.

— הייסט עס, אַז ער האָט יאָ עפּעס געזאָגט.

— ניין, קיין ווערטער האָט ער נישט געזאָגט, ער האָט געשריגן און געוואָרנט.

— האָט דניאל פריער שוין אַמאָל העלענען געדראָהט צו שיסן?

ניין, די פרײַלין האָט קיינמאָל אַזוינס נישט געהערט.

— קיינמאָל נישט געדראָט, זיבער קיינמאָל נישט?

— ניין, ער האָט אים נאָר געבעטן, ער זאָל אַוועקפאָרן.

— אין יענעם פרימאָרגן — האָט ער די ביקס גענומען, כדי צו דערשיסן הער פלעמינגגן?

— וואָס הייסט, — ער האָט דען די ביקס גענומען מיט דעם ציל?

— איך שטעל אייך די פראַגע! — זאָגט דער זשאַנדאַרם.

די פרייילין טוט אים אַ קוק אין פּנים אַריין און ענטפערט:

— איך קאָן נישט ענטפערן מער, איידער איך ווייס

— אָבער ווי מיינט איר? וועלכע איינדרוקן האָט איר?

די פרייילין באַטראַכט זיך אָנגעשטרענגט: — ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער קלויבט זיך גיין אויף יאַגד.

דער זשאַנדאַרם בלעטערט דעם פּראָטאָקאָל-בוך אויף צוריק און זאָגט: — איר האָט דאָך פריער געזאָגט, אַז איר האָט מיט אים יענעם פרימאָרגן נישט גערעדט.

די פרייילין: — דאָס איז געווען אויף דער נאַכט פאַר יענעם פרימאָרגן.

— אַז ער קלויבט זיך מאָרגן אינדערפרי צו גיין אויף דער יאַגד?

— יאָ.

— אָבער מיט דער ביקס? אין דער צייט פון יאָר? וואָס האָט ער געוואָלט מיטן ביקס שיסן?

די פרייילין האָט געשוויגן. זי האָט זיך געבאַפּט פאַרן שטערן: זי קאָן נישט אַלץ אויף דער וועלט וויסן, דעריבער ענטפערט זי נישט. דערצו איז זי אַזוי אויסגעמאַטערט פון דעם אַלעמען, וואָס זי האָט איבערגעטראָגן פאַר דער לעצטער צייט. און וואָס איז דער וווּנדער? זי האָט הילפלאָז אַ בליק געטון אויף מאַרטען.

ווען עס דערגייט די ריי צו מאַרטען, מעלדעט זי, אַז דניאל האָט געוואָלט שיסן הירשן. דערצו האָט ער געדאַרפט די ביקס, — שיסן ווילדע הירשן אין די בערג.

ביי דער פרייילין האָט זיך ווידער געעפנט דאָס מויל.

— אמת, ווילדע הירשן, ער האָט טאַקע אַזוי געזאָגט.

— אָבער די צייט איז דאָך דערצו גאָרנישט געווען קיין פּאַסיקע. — האָט דער זשאַנדאַרם געזאָגט.

פון מאַרטעס ענטפערן איז געווען צו דרינגען, אַז דניאל האָט קיינמאָל נישט זייער געקוקט אויף דער צייט פון יאָר.

דער זשאַנדאַרם זאָגט: — ער האָט, הייסט עס, געוואָלט גיין אויף יאַגד אין דער צייט, ווען דאָס איז פאַרבאָטן?

מאַרטע האָט אַ רגע זיך געוואַקלט און נאָכדעם געענטפערט אויף אַ געהעריקן אופן, אונטערשטרייכנדיק אירע רייד:

— יאָ, דניאל האָט געשאָסן, וואָס עס האָט זיך געמאַכט אין אַ קיילעכיקן יאָר.

— דאָס איז קעגן דעם געזעץ! — האָט דער זשאַנדאַרם געמאָלדן.

געוויס. פאַראַן אַ פולע זאַכן, וואָס זענען קעגן דעם געזעץ; שיסן מענטשן איז אויך קעגן דעם געזעץ. אַז מען האָט דניאלן געזען אין דער הויך אויף די בערג, און מענטשן האָבן צו אים פּאַמעלעך געקלעטערט, ווינקנדיק צו אים, האָט ער צו זיי אַראָפּגעשריגן, אַז דער, וואָס וועט זיך צו אים דערנענטערן, וועט בלייבן אַ טויטער אויפן אָרט. זעט איר — דאָס איז אויך געווען קעגן די געזעצן. אַזוי אַז די מענטשן האָבן צוריק געקלעטערט אַראָפּ און געלאָזן אים צורו.

אָבער דער זשאַנדאַרם איז דערמיט געבליבן נישט צופרידן. ער האָט זיינע לייט אויך באַזאָרגט מיט ביקסן און געהייסן זיי מאַכן נאָך אַ פּראָבע, אָבער דאָס האָט צו גאָרנישט געבראַכט. זיי האָבן געפּרוווט מאַכן אַ קרייז אַרום און פון דער זייט צו פאַרנעמען דעם משוגענעם יונג, אָבער אומזיסט, זיי האָבן נישט געקאָנט צוגיין גענוג נאָענט: זיין ביקס האָט געשאָסן ווייטער פאַר זייערע. אָ, זיי האָבן געטון אַלץ, וואָס זיי האָבן געקאָנט.

דעמאָלט איז דניאל באמת געווען דער הערשער איבער די טאָראַהוסער בערג, קיינער האָט נישט געוואַגט נאָענט צו אים צוצוגיין.

אָבער איינמאָל אין אַ פרימאָרגן האָט ער דערזען צוויי פינטלעך דערנענטערן זיך צו אים דרייסט פון דער זייט; צוויי

יינגלעך. זיי זענען אָנגעקומען פון דער זייט, ווו דער „פעלז", און האָבן געטראָגן אַ ווייס טיכל אויף אַ שטעקן. זיי זענען געווען פּאַרלאַמענטאַרן, זיי האָבן געוואָלט מיט דעם העלדישן רויבער־הויפּטמאַן דורכרעדן זיך. דניאל האָט גאָרנישט געלעזן און האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען אין אַזעלכע זאַכן, אָבער עס איז דאָך נישט כּדאַי געווען צו שיסן צוויי יינגלעך — ווי קאָן מען; און ער האָט זיי צוגעלאָזן נאָענט.

פריער פאַר אַלץ האָט זיך דניאל אויפמערקזאַם אַרומגעקוקט. נאָכדעם האָט ער אַוועקגעלייגט די ביקס אויף דער ערד, כּדי אויף זיי נישט אָנצוּוואַרפן קיין מורא. דעמאָלט זענען זיי צוגעגאַנגען צו אים. יאָ, זיי זענען געווען אַ ביסל בלאַס, אָנגעשטרענגט, האָבן געאָטעמט שנעל, נאָר דער, וואָס האָט געהאַלטן דעם שטעקן מיטן פאָן איז צוגעגאַנגען דער ערשטער, און דער צווייטער האָט אים דערלאַנגט אַ פּאַקעט מיט דער האַנט, וועלכע ער האָט אויסגעצויגן ווי לאַנג ער האָט געקאָנט, און געזאָגט:

— ביטע, נעמט!

דניאל פאַרוווּנדערט: — וואָס איז עס?

— אַ ביסל עסנוואַרג, — האָט דער יינגל געענטפערט — אָנבייסן!

— מיר האָבן עס גענומען פון טיש, — האָט דער צווייטער געמאָלדן.

— פונוואַנען קומט איר אַהער?

— מיר וווינען אין דער סאַנאַטאָריע.

— אין דער סאַנאַטאָריע? און איר זענט אַהער געקומען?

— יאָ, מיר האָבן עס פאַרטראַכט פון נעכטן אָוונט. דאָס איז נאָר אַ ביסל עסנוואַרג. עטלעכע פוטערברויטן.

דניאל האָט פונאַנדערגעוויקלט דעם פּאַקעט און אָנגעהויבן עסן. דערבײַ האָט ער זיך אָפּגעקערט אָן אַ זייט, און האָט אויף זיי נישט געקוקט. ער האָט אַ פּאָר מאָל אַ כליפּע געטאָן, ער איז, אַפּנים, געווען שטאַרק גערירט פון דער דאָזיקער טובה, הגם ער איז געווען אַ פאַרברעכער.

— עמעצער ווייסט, אַז איר זענט אַהער געגאַנגען? — האָט ער געפרעגט.

— ניין, קיינער ווייסט נישט.

— איר זאָלט קיינעם נישט דערציילן, — האָט ער געזאָגט.

זיי האָבן אַ ביסל געשמועסט, ער האָט זיך דערוווּסט, ווי אַלט זיי זענען, און זייער פֿאָטער הייסט שולדירעקטאָר אַליוועך. ער איז אויך אין דער סאַנאַטאָריע. די גאַנצע צייט פֿון דעם שמועס איז דניאל געשטאַנען אָפּגעקערט מיטן פּנים אָן אַ זייט, און זיי האָבן ווידער געהערט דיזעלביקע מאָדנע קלאַנגען, וואָס זענען געווען ענלעך צו כליפּען. ווען ער האָט אָפּגעגעסן, האָט ער זיך אויסגעדרייט צו זיי מיטן פּנים, דערלאַנגט ביידע די יינגלעך די האַנט און געזאָגט:

— אַ דאַנק אייך!

— נישטאָ פֿאַר וואָס, — האָבן זיי געזאָגט — דאָ איז געווען הייניק, מאָרגן וועלן מיר ווידער קומען און ברענגען מער.

דניאל האָט זיך פּלוצלינג אָנגעברוגזט.

— ניין, מער זאָלט איר נישט קומען! איך וועל דאָ מער נישט בלייבן, — האָט ער צוגעגעבן—מער זאָלט איר נישט קומען.

— רעכט. — האָבן זיי געענטפֿערט.

דניאל האָט באַוויזן מיט דער האַנט אַראָפּ:

— קוקט אַהער, זעט איר, צוריק זאָלט איר גיין דורך דעם יונגן וועלדל, און נישט איבער די הויכע בערג, מען זאָל אייך קאָנען זען. זייט קלוגע יינגלעך און גייט דעם גאַנצן וועג לענג-אויס דעם יונגן וואַלד.

— רעכט.

— און אַ דאַנק אייך! — האָט דניאל געזאָגט און ווידער אָפּגעקערט דאָס פּנים.

די יינגלעך זענען אַוועק. זיי האָבן זייערס אָפּגעטון און דעם פֿאַרלאַמענטאַרישן פֿאַן צונויפֿגעוויקלט. זיי זענען, מסתּמא, פֿול געווען מיט דעם באַוווּסטזיין פֿון דער מיסיע, וואָס זיי האָבן דער-פֿולט, און שטאָלץ, וואָס דער רויבערהויפּטמאַן האָט זיי די האַנט דערלאַנגט.

און דניאל האָט ווייטער געהערשט איבער די בערג. דאָס האָט שוין געדויערט דעם דריטן טאָג. איצט האָט ער קיין מורא נישט געהאַט אַראָפּצולאָזן זיך נידעריקער צו די לאָנקעס און צו

די הייזער, האַלטנדיק שטענדיק גרייט די לאַנגע ביקס זייגע. די מענטשן, וואָס האָבן אים געוואָלט כאַפּן האָבן גאָרנישט געקאָנט מאַכן; לסוף זענען זיי אַוועק אין דאָרף אַריין צו העלמערן און האָבן געזאָגט:

— העלמער, פּרוּוו דו אים נעמען מיט גוטן.

אָבער העלמער האָט נישט געוואָלט, ער האָט נישט גע־קאָנט, ער האָט קיין האַרץ נישט געהאַט צו זען דניאלן אין אַזאַ שרעקלעכן צושטאַנד. און דניאל האָט ווייטער געהערשט איבער די בערג. ער האָט אויפגעהויבן די ביקס אין דער הויך און גע־שריגן, אַז ער וועט דערשיסן יעדן, וואָס וועט זיך דערנענטערן צו אים אויף אַ שאָס. ער האָט זיך געפירט כמעט ווי אַ מענטש, וואָס פאַרטיידיקט זיין הויז און זיין היים.

די ביידע ווייבער אין דעם פּאַסטוך־שטיבל זענען די גאַנ־צע צייט געווען אומרויק, האָבן פיל געטראַכט און געהאָפט צו גאָט אַפילו, אַז דניאל וועט געפינען אַ געלעגנהייט אַראָפּצוקומען אַהיים און נעמען עפּעס עסן אין אַ קאָשיק, אַליין האָבן זיי צו־ליב דער פּאָליציי און אַנדערע מענטשן נישט געוואַגט צו אים אַרויפגיין אין די בערג. צייטנווייז האָבן זיי געהערט שיסן אין די בערג, מסתמא האָט ער עס אויף עמעצן געשאָסן. דער זשאַנ־דאַרם האָט געפאָדערט, אַז זיי זאָלן פאַר אים אַרויסשטעלן עסן הינטערן טיר. יאָ, דאָס האָבן זיי געטון.

— און איצט זאָל איינע פון אייך גיין און אים זאָגן, וו דאָס עסן שטייט. — האָט ער דאַן געזאָגט.

ניין, דאָס וואַגן זיי נישט, — האָבן דערויף געענטפערט אי מאַרטע, אי די פריילין — ניין, אַפילו ווען ס'זאָל גיין אום דעם לעבן.

פונדעסטוועגן איז דער זשאַנדאַרם אַרויף אויפן בוידים און האָט דורכן פענסטערל אַ גאַנצע נאַכט אַכטונג געגעבן אויף דער טיר, אפשר וועט דניאל אַראָפּקומען; אויך די צווייטע נאַכט איז ער אַזוי געזעסן אויפן בוידים, אָבער דניאל איז נישט געקו־מען. דעמאָלט האָט ער אויפגעהערט צו מאַכן ווייטער די אוט־

שולדיקע עקספּערימענטן, און דאָס עסנוואַרג האָט מען צוריק אַרייַנגענומען אין שטוב.

אָבער איינמאָל אין אַ רעגנדיקן אָוונט איז ער געקומען.

מאַרטע און די פרייַלין זענען געשטאַנען אין קיך און האָבן שטיל געשמועסט. פּלוצלינג האָט זיך געעפנט די טיר, און ער האָט זיך אַרייַנגעכאַפּט. די פרייַלין האָט אַ געשריי געטון און איז געפאַלן, ווען זי האָט אים דערזען. ער איז געווען נאַס און דורכגעפרוירן, ס'איז געווען אַ רחמנות צו קוקן, ווי ער האָט אויסגעזען, איבערן פּנים זענען בייַ אים געריננען רימשקעס פונם רעגן, די אויגן — איינגעגראָבן פון נישט שלאָפן. ער האָט אויף זיי נישט געקוקט־נאָר צוגעטראָגן די בלויע האַנט צום מויל און פאַרשעמט גע־שמייכלט. נאָכדעם האָט ער זיך אַ וואָרף געטון צום טיש, גע־כאַפּט אַ ברויט און גענומען בייַסן. די ביקס האָט ער אַוועקגע־שטעלט לעבן זיך.

מאַרטע איז די ערשטע געקומען צו זיך:

— גוט, וואָס דו ביסט געקומען. אָט איז פּונקט פאַראַן הייַ־סע קאַווע. — האָט זי געזאָגט.

ער בייַסט און בייַסט אַרום און אַרום פונם גאַנצן לאַבן, ערשט נאָכדעם האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ס'איז דאָ אַ מעסער. די קאַווע איז פאַר אים געשטאַנען און פון איר איז געגאַנגען אַ פּאַרע

— איך קאָן עס נעמען מיט זיך? — האָט ער געפרעגט און איז אויפגעשטאַנען, נעמענדיק דאָס רעשט ברויט אונטערן אָרעם.

— און קיין קאַווע ווילסטו נישט טרינקען?

— ניין, ס'איז שוין אַלץ איינס... זי איז אַזוי הייס.

— און מיר האָבן דאָ אָפּגעגעבן אונזער עדות־זאָגן, — האָט מאַרטע געזאָגט — מיר האָבן געזאָגט, אַז דו האָסט יענעם פרי־מאָרגן געוואָלט שיסן ווילדע הירשן, אַז צוליב דעם האָסטו גע־נומען די ביקס, — האָבן מיר געזאָגט.

— רעכט. — האָט ער געזאָגט.

— און נישט כּדי צו שיסן עפּעס אַנדערש. זאָלסטו עס וויסן.

— מיר איז אלץ איינס.

— ניין, אויב נישט, וועט מען דיך פארמשפטן צום טויט. — זאָגט מארטע.

— רעכט, רעכט.

די פריילין שטייט פונדערווייטן.

— דו ווייסט, מסתמא, פרוון אנטלויפן, דניאל? — פרעגט זי נישט זיכער.

— איך ווייס נישט. — ענטפערט ער.

און ער קוקט באלכסון אויף אירע פיס און פרעגט:

— יוליוס שלאָפט?

— יאָ, ער שלאָפט.

— איך וואָלט וועלן אויף אים א בליק טון...

גאָט ווייסט, וואָס האָט ער דערמיט געמיינט, — צי האָט עס אים באמת געצויגן צום קינד, אָדער ער האָט פשוט געוואָלט באווייזן, אַז ער איילט זיך נישט און האָט נישט קיין מורא. ער האָט אראָפּגענומען א סוועטער פון דער וואַנט, געכאַפּט די ביקס און געלאָזן זיך צו דער טיר, די פריילין איז ארויס נאָך אים און אריין אין דער נייער שטוב. דאָס איז אַלץ פאָרגעקומען אין גרויסער איילעניש, ער האָט נאָר געטון א בליק אויפן קינד, א שאָקל מיטן קאָפּ און אַוועק צו דער טיר.

די פריילין:—הער נאָר. וואַרט א ביסעלע.

פון דעם געדאנק, אַז ער איז פארפאָלגט און געיאָגט, האָט ביי איר דאָס הארץ פארקלעמט, און דערפאַר, וואָס ער האָט זיך אויף איר נישט באקלאָגט און קיין שלעכט וואָרט נישט געזאָגט, האָט זיך איר געוואָלט פאלן אים צו די פיס, זי האָט אָפּגעעפנט איר קופערט, ארויסגענומען, נישט איינגעקוקט זיך, עטלעכע אסיגנאציעס און אים דערלאַנגט, בעטנדיק ער זאָל אנטלויפן, אפשר דורך די בערג.

— שפּעטער וועלן מיר זיך ערגעץ באגעגענען...

ער האָט אויף איר דאָס ערשטע מאָל א בליק געטון און געזאָגט:

— רעכט, רעכט, א דאַנק.

מאַרטע איז געקומען. זי האָט אָנגעגאָסן קאַווע אין אַ פלאַש און אים דערלאַנגט. אָבער ווען ער האָט די פלאַש גענומען, איז זי ביי אים אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט אויף דער פאָדלאָגע און האָט זיך צעבראָכן. פון אַלעמער געוווינהייט האָט ער גענומען בורטשען, וואָס מען האָט געפּטרט אַ כּלי.

— נאַ, אָט איז די פלאַש געפּטרט, אָך, סאַר אַן אומגעלומפּערטער איך בין.

נאָכדעם האָט ער געטון אַ ריס די טיר און איז אַרויסגעלאָפן.

ער האָט באַהערשט די בערג נאָך אַ פּאָר טעג כּסדר. דער זשאַנדאַרם איז געווען אויסער זיך. ער האָט געחלשט דערפירן די זאַך ביז אַ סוף מיט אייגענע כּוחות. איז ער געקומען מיט דער ווייב אויף דער טאָראַהוסער לאָנקע, קיין ביקסן האָבן זיי מיט זיך נישט געהאַט, און האָבן גאָרנישט אויסגעזען ווי פּאָליציי, נאָר זיי זענען געגאַנגען אַזוי זיך, פּשוט. ווען זיי זענען דערגאַנגען אויף אַ שאָס ווייט פון דעם אָרט, פונוואַנען דניאל פלעגט וואָרענען, מען זאָל ווייטער נישט גיין, אויב נישט, וועט ער שיסן, איז דער זשאַנדאַרם געבליבן שטיין, און זיין פרוי האָט ער געלאָזן ווייטער גיין. אַ מאָדנער שליח אין אַזאַ ענין. — די, וואָס האָט דניאלן אָפּגענאַרט! מסתמא האָט עס העלענע אַזוי געזאָגט, אַז זי וועט אים פרווון איינעמען מיט גוטן.

דיביידע ווייבער אין פּאַסטוך־שטיבל האָבן די פּאָר באַמערקט און זיך צוגעקוקט, ווי ווייט זי וועט וואַגן ווייטער צו גיין. אָבער העלענע האָט, אפנים, גאָר קיין מורא נישט געהאַט, הגם דניאל האָט צו איר געשריגן און האָט איר געוואָרנט.

— ניין, ער וועט העלענען נישט דערשיסן. — האָט מאַרטע געזאָגט.

— אָבער וואָס איז דאָס פאַר אַ קונץ אַרויפגיין צו אים! — האָט די פרייליין געזאָגט מיט קנאה. — איך וואָלט עס אויך געטון. אָבער אונז, דיר און מיר איז עס נישט ערלויבט.

העלענע איז געגאַנגען אַלץ העכער.

— וואָס דאַרף זי, די זשאַנדאַרמעבע? — האָט יוליע געשריי־

פעט. — זי אינטערעסירט אים קיין האָר נישט!

פלוצלינג טוט דניאל עפּעס אַזוינס, וואָס מ'האָט גאָרנישט געקאָנט דערוואַרטן, ער הויבט זיך אָן אַראָפּצולאָזן, ער גייט איר אַנטקעגן, זיי טרעפן זיך, שטייען און רעדן איינער מיטן אַנדערן. העלענע און ער.

אָרעמע פרייליין ד'עספאַר! צייטנווייז איז זי אַזוי צעמישט, גאָר אַ קינד, אַ נאַרעלע. איצט אין דעם אויגנבליק פילט זי אַ שטאַרקן צאָרן, וואָס ער איז נאָך אַלץ אויף די בערג; פאַרוואָס איז ער נישט אַנטלאָפן, ווי זי האָט אים געבעטן? זיי וואָלטן זיך שוין שפּעטער צוזאַמענגעטראָפן! זי וואָלט אים שוין געפונען.

— קוק נאָר אָן, מאַרטע, ווי זי שטייט און פּלוידערט! שאַ, אָט האָט ער זי אַוועקגעטריבן, שוין טאַקע צייט געווען.

העלענע לאָזט זיך צוריק אַראָפּ פון באַרג, זי גייט אַלץ ווייטער, דניאל בלייבט פון אונטן און קוקט איר נאָך. אונטן גייט זי צו צו איר מאַן, און דאָס פּאָר לאָזט זיך צוריק אַוועק אַהיים אין דאָרף אַריין. וואָס אַזוינס זאָל עס באַטייטן?

די פרייליין נעמט אויך גיין אויפן באַרג אַרויף, זי אויך, הערט נישט דעם פאַרבאָט און גייט. דניאל דערזעט זי און גייט איר אַנטקעגן.

— דו ביסט נאָך דאָ! — זאָגט זי. — פאַרוואָס האָסטו נישט געפּרוּווט אַנטלויפן?

ניין. דניאל האָט, מסתּמא, פאַרשטאַנען, ווי אוממעגלעך עס איז דער דאָזיקער פּלאַן, דעריבער שאָקלט ער נאָר מיטן קאָפּ און ענטפערט גאָרנישט. ווי ווייט וואָלט ער אַנטלאָפן, ביז מען וועט אים כאַפּן? נישט ווייט, אפשר אין עפּעס אַ קליין שטעטל, וואָס וועט ער דאָרט טון? אפשר קיין כריסטיאַניע — וואָס וועט ער דאָרט טון? ער האָט פאַרשטאַנען, אַז פריער אָדער שפּעטער וועט ער זיך מוזן אונטערגעבן. אפשר האָט ער אויך פאַרשטאַנען דעם אומזין פון זיין גאַנצן באַנעמען זיך: פאַרטיידיקן זיך מיט אַ ביקס קעגן געזעץ. ס'איז פאַרשטענדלעך, אויב אין דער ערשטער צייט נאָכן פאַרברעכן, ווען ער איז געווען צעמישט, איז אים קיין בעסערע זאַך נישט געקומען אויפן זינען; אָבער ווייטער ציען די

דאָזיקע קאָמעדיע, נאָך אַ פולע טעג און נעכט, דאָס נישט. ס׳וועט שוין קלעקן פאַר אים. איצט איז ער שוואַך געוואָרן און אַראָפּגעפאַלן ביי זיך. דערצו דאַרף מען נאָך זען דער פריילינס געלט איינשפּאָרן, מען וואָלט זיי געקאָנט צולייגן צו די אַנדערע מיטלען, וואָס ער האָט אויף אויסצוקויפן דעם פּאַטערס הויף. ס׳וועט זיין אַ פיינעד צושטייער, ווען די צייט וועט קומען. אויב נישט פאַר אים אַליין, איז פאַר דעם קליינעם יוליוסן.

און ער גייט מיט דער פריילין אַהיים.

— דו האָסט נישט קיין מורא מיך צו באַגלייטן? — פרעגט זי.

— ניין. — ענטפערט ער געפאַלן.

— וואָס האָט זי געוואָלט, די העלענע?

— זי איז געקומען מיט אַן אויפטראַג.

— אַזוי גאָר, און איך האָב געמיינט די גאַנצע צייט, אַז אָט נעמסטו זי אַרום און האַלזט זי.

— העלענען?—האָט ער אַ געשריי געטון.—איך וואָלט אין איר געדאַרפט צחיי קוילן אַריינלאָזן! זי איז געקומען מיט אַ בריוו פונם פּאַסטאָר. טו אַ בליק, לייען איבער.

דאָס זענען געווען בלויז עטלעכע ווערטער, אַ האַרציק קליין בריוול. דניאל זאָל אַראָפּ פון די בערג און ווידער ווערן אַ פיינער מאַן, דעמאָלט וועט פאַר אים אפשר זיין פיל בעסער. אַלץ איז אין גאָטס מאַכט. ער מאַכט דעם ענין זיינעם ערגער, ווען ער באַנוצט זיך מיט געוואַלד-מיטלען און מיט סטראַשונקעס. דער פּאַסטאָר וועט זיך אַליין פאַר אים משתדל זיין און גוטס רעדן וועגן אים פאַר דער מאַכט. דאָס זעלביקע וועלן אויך פיל אַנדערע טון. ער וועט שוין אַליין זען; גאָט און מענטשן וועלן צו אים גנעדיק זיין.

— וואָס וועסטו איצט טון? — האָט די פריילין געפרעגט.

— איך וועל נאָר גיין אַהיים עפּעסן, אויסשלאָפן זיך, און דאַן — וועלן זיי מיך נעמען.

— דאַן וועלן זיי דיך נעמען? — האָט די פריילין געפרעגט שעפּטשענדיק.

— יאָ, דריי דעם זייגער. — האָט ער אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

ער איז געקומען אַהיים און האָט גלייך אַרויסגענומען די קוילן פון ביקס, אָפּגעגעסן און געלייגט זיך שלאָפן. ווען ער איז אויפגעשטאַנען האָט ער זיך איינגעוואַשן, אָנגעטון די בעסטע קליידער. ער האָט מיט מאַרטען זיך דורכגערעדט וועגן די פעלדער, וועגן די לאָנקעס, ווי מען זאָל זיי באַאַרבעטן אויף ווייטער. נאָכדעם איז געקומען דער זשאַנדאַרם מיט נאָך אַ מענטשן.

די פריילין איז געווען אינגאַנצן אַ צעמישטע. זי האָט אַרומגעבלאָנזשעט פון קיך אין דער נייער שטוב, און פון דער נייער שטוב אין דער קיך, האָט זיך געבראָכן די הענט און נאָר געשעפּטשעט, כּסדר געשעפּטשעט מיט אַ גרויען פּנים. אָך, גאָט אין הימל! אין אַלץ איז זי שולדיק. דניאל איז נאָך ווי פאַרבייגייענדיק אַרייַנגעשפּרונגען, אַ בליק געטון אויפן קינד. נאָכדעם האָבן ביידע פרויען געגעבן די הענט און געזעגנט זיך, מיטביידן גלייך, גאַנץ רויק.

נאָכדעם זענען אַלע דריי מאַנסביל אַוועק.

פונדעסטוועגן האָט דניאל מונטערער געמאַכט די פריילין מיט די לעצטע ווערטער זיינע. ער האָט זיך אויסגעדרייט צו מאַרטען און געזאָגט:

— זיי האָבן אין דער סאַנאַטאָריע געוואָלט קויפן דעם גרויסן אָקס, אָבער פאַר הערבסט זאָלסטו אים נישט פאַרקויפן. געדענקט עס.

* *

*

אַלץ וואָלט געקאָנט גיין גוט, אָבער ס'איז דאָך נישט גוט געגאַנגען.

כאָטש דאָס: איצט האָט פריילין ד'עספּאַר גאָר אָפן געקאָנט גיין אין דער סאַנאַטאָריע, וויפל איר האַרץ האָט געגלוסט, אָבער זי האָט קיין חשק דערצו נישט געהאַט. וואָס זאָל זי דאָרט טון? טרעפן זיך דאָרט מיט די זעלביקע זומער-און-פּעריען-געסט, מיט דעם אַדוואָקאַט, מיט דעם שולדירעקטאָר, אפשר מיט פריילין

עלינגסען, אפשר מיט דעם ערשט-חתונה-געהאַט בערטעלסען און מיט זיין פרוי, די פריערדיקע פרוי רובען — וועגן וואָס וועט זי מיט זיי רעדן? אָדער פלירטן מיט די יונגעלייט, וואָס מיט די געקרייזלטע קעפּ, מיט דער „יונג-נאָרוועגיע", וואָס מיט די איינגע-צוויגענע ליטקעס און מיט די הויזן, וועלבע זענען וואָס קירצער, אַלץ בעסער? זי איז נישט קיין קאָקעטקע. חוץ דעם, איז זי נאָך נישט פאַרטיק מיט דעם ענין, מיט דעם געריכט, מיט די אדוואָ-קאַטן. די פרייליין האָט געהאַט גענוג וועגן וואָס צו טראַכטן.

מען האָט זיך צו איר געווענדט וועגן דעם טויטן קערפּער, הער פלעמינגס טויטן קערפּער. מען האָט אים אונטערזוכט און געפּאַלמעסט, אַלץ איז געווען אין אָרדנונג, אָבער ווי און ווו זאָל מען אים מקבר זיין? אפשר זאָל מען דעם טויטן קערפּער אָפּ-שיקן קיין פינלאַנד?

די פרייליין האָט שוין וועגן דעם געטראַכט. אָ, דער פריי-לינס קעפּעלע איז נישט אַלע מאָל געווען צעמישט. זי איז גאָר-נישט געווען אַזוי אומפאַרשטענדיק. פאַרשטייט זיך, זי וואָלט באַ-צאָלט פאַר דער קבורה פון דעם אומגליקלעכן הער פלעמינג, אין דעם קאָן קיין שום ספק נישט זיין, אָבער צי האָט זי זיך געדאַרפט אין דעם ענין אַריינמישן? די פאָרזיכטיקייט האָט געפאָ-דערט, זי זאָל זיך האַלטן אָן אַ זייט. ווען זי וואָלט באַצאָלט, וואָלט דאָך אַרויסגעשווומען די פראַגע, ווו האָט זי גענומען געלט צו באַצאָלן? אַלץ איינס איז ער שוין טויט, וואָס זי זאָל נישט טון.

— וואָס האָט עס צו מיר פאַר אַ שייכות? — האָט זי גע-פרעגט דעם שליח און זיך אָפּגעזאָגט.

אמת, אָבער די מעשה איז, וואָס הער פלעמינג האָט נאָך זיך נישט איבערגעלאָזן קיין גראָשן. דאָס איז אַזוי משונה.

— ריכטיק, אָבער וואָס גייט עס מיך אָן? — האָט זי נער-וועז אויסגעשריגן. — איך בין נישט זיין מוטער. איך האָב אים אפילו נישט גוט געקענט.

— נו, אויב אַזוי וועט מען אים מוזן צו קבורה ברענגען אויפן חשבון פון דער געמיינדע.

— פאַרוואָס עפּעס? — האָט זי געפרעגט. — ער האָט דאָך, מסתמא, איבערגעלאָזן גענוג זאַכן, וואָס וועלן קלעקן צו דעקן די הוצאות פון דער קבורה? מיר דאַכט זיך, ער האָט געהאַט עט־לעכע טשעמאָדאַנעס, ער האָט מיר באַוויזן טייערע מלבושים, ער האָט געהאַט אַ בריליאַנטענעם רינג אין קעשענע פון דער וועסט, דער רינג איז אפשר ווערט געווען אַ פאַרמעגן

— ניין, — האָט דער שליח איר דערקלערט — מען האָט דעם רינג באַטראַכט, ער איז נישט קיין עכטער, גאָרנישט ווערט.

די פרײַלין: — דאָס איז אוממעגלעך! אָבער גלייך האָט זי צוגעגעבן, נישט פאַרלירנדיק זיך: — נו, און זיינע קליידער? פרעגט זיך נאָך אין דער סאַנאַטאָריע.

אַזוי אַז איר חשד האָט זיך באַשטעטיקט. דאָס איז טאַקע נישט געווען יענער טייערער רינג, וואָס זי האָט ביי אים דעם ערשטן מאָל געזען. אפנים, אַז יענעם האָט ער געמוזט פאַרקויפן און נאָכדעם האָט ער זיך צוריק אומגעקערט מיט אַן אַנדערן, וואָס האָט קיין ווערט נישט געהאַט. זי האָט עס טאַקע זומער נאָך, גלייך ביי דער ערשטער באַגעגעניש באַמערקט: דער רינג פינקלט נישט. אָ, אָרעמער הער פלעמינג! אויך אים האָט דער גורל נישט געשווינט, כאָטש ער האָט זיך געהאַלטן גלייך, אָבער דער גורל האָט אים צעבראָכן. דאָס האָט איר געגעבן נאָך מער שטאָף צו טראַכטן, איר קעפעלע איז שיר נישט צעשפּרונגען.

די טעג זענען געגאַנגען. די פרײַלין האָט גענומען אַרבעטן מער איידער פריער און מאַרטען העלפן אויף וויפל זי האָט גע־קאָנט. חוץ דעם איז פאַר איר די אַרבעט געווען אַ היילמיטל.

עס איז געווען די צייט פון היי־שניט. איינמאָל איז העלמער געקומען גאַנץ פרי און האָט מיט אַ מאַשין אָפּגעשניטן די לאָנ־קעס; ביידע פרויען האָבן דאָס היי געשפּרייט, געטריקנט און אַריינגעפירט אין די היי־שפייכלערס, בשעת דער קליינער יוליוס איז געלייגן אויפן פעלד. די פרײַלין האָט געפונען, אַז דאָס איז גאָרנישט אַזוי שלעכט: וואָס וואָלט געווען מיט איר קעפעלע, ווען נישט די אַרבעט אונטערן פרייען הימל? דעם אמת זאָגנדיק, איז איר פיל מאָל אין לעבן אומעטיקער געווען, איידער איצט. ווען

זי איז, למשל, געזעסן אין איר שטיבעלע אין כריסטיאַניע, איז איר געווען ערגער; און ווען זי האָט זיך פּוסטעפּאַס אַרומגע־דרייט איבער די גאַסן — אויך. נאָך דעם פאַרהער און דעם משפּט האָט זי אָנגעהויבן ווידער צו באַקומען מוט און גוטע שטי־מונג. דער משפּט איבער דניאלן איז געווען באמת אַ הערצלעך־מילדער און גערעכטיקער: ער איז פאַרמשפּט געוואָרן נאָר אויף זיבן יאָר קאַטאָרגע; דאָס איז געווען אַ חסד פון גאָט און פון מענטשן, און פרייליין ד'עספּאַר, וועלכע האָט פריער פון פאַרדרוס איבער דעם אומגליק געוויינט, האָט איצט געוויינט פון פרייד אי־בער דעם גליק. פאַרשטייט זיך, זיבן יאָר קאַטאָרגע איז נישט קיין מתנה, אָבער דאָס איז אויך נישט קיין אונטערגאַנג און קיין טויט. אַ דאַנק און אַ לויב צו גאָט.

טעג זענען געקומען און אַוועק, אַזעלכע פרידלעכע און לויטערע. יוליוס איז געוואַקסן, זיינע אויגן האָבן זיך אויסגעלערנט צו זען, און האָבן נאָך איר נאָכגעשפּירט; ער האָט געשמייכלט, געשריגן, געטרונקען און געשלאָפן. דאָס גאַנצע פאַרגאַנגענע יאָר איז פאַר איר פול געווען מיט אויפרודערנדיקע געשעענישן, אין אַרומיקן לעבן האָט זי קיין פעסטן באָדן אונטער די פיס נישט געהאַט, אַלץ האָט זיך כסדר געביטן און האָט זי אַרומגעשליי־דערט פון איין זייט צו דער צווייטער, און דער גורל אירער האָט זיך געוואָרפן אויף פאַרשידענע וועגן אין משך פון דעם יאָר. ווען זי פלעגט זיך נעמען דערמאָנען, זענען שוין פאַרשידענע מאָ־מענטן געווען אָפּגעווישט פון זכרון, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז די זאַכן זענען געשען שוין אַ לאַנגע, לאַנגע צייט צוריק. פאַר די לעצטע צייט האָט זי דערפילט אַ פעסטערן באָדן אונטער די פיס. איצט האָט זי זיך געקאָנט אויפריכטיק אינטערעסירן, למשל, מיט דעם, צי וועט זי מיט מאַרטען באַווייזן אַריינצופירן דאָס היי, איידער עס וועט אָנהויבן רעגענען.

אין דער סאַנאַטאָריע האָט מען זי נישט פאַרגעסן, ניין. אין דעם גרויסן אָרט פון היילונג און אָפּרו האָט מען איר מיטגע־פילט. די מענטשן ,וואָס זענען צו איר געווען פריינטלעך געשטימט, האָבן איר צוגעשיקט אַ בריוו. מען האָט זי, מסתמא, געהאַלט

אויפמונטערן אין איר עלנטקייט, און דאָס איז זיכער געווען אַדוואָקאַט רופּרעכטס אידעע. נאָר דער בריוו איז געווען געחתמעט פון אַנדרעסען, איר אַמאָליקן שעף.

אָבער וועגן וואָס האָט זי געהאַט מיט אים צו רעדן? האָט ער זי שוין געזען מיט דעם אויסגעבראָכענעם צאָן און מיט דעם שניט איבער דער גאָמבע? חוץ דעם האָט זי שוין באַקומען אויסגעהאָרעוועטע הענט און האָט אויסגעזען אַ פאַרגרעבטע. דער עיקר, וואָס די ברוסט איז ביי איר געוואָרן אַ פלאַכע.

זי איז נישט געגאַנגען.

אָבער איינמאָל האָט זי באַקומען אַ חשבון צוגעשיקט, הערפלעמינגס חשבון פאַר די לעצטע וואָכן אין דער סאַנאַטאָריע. יאָ, צו איר איז עס אָנגעקומען, און וואָס האָט זי איצט געזאָלט טון? האָט זי דען אויך איצט געקאָנט אָפּשיקן דעם שליח מיט גאָרנישט? און חוץ דעם האָט זי דאָך אַ ביסל געהאַט אַ חלק אין דעם רעכענונג. זי האָט ביי אים געגעסן, געטרונקען טייערן וויין. זי האָט גענומען אַריינקוקן אין חשבון און דורכקוקן אים, שענדלעכע פרייזן! פשוט רויבעריי.

איר שפּאָרזאַמקייט האָט אין איר דערוואַכט, זי איז געוואָרן צאָרנדיק און אַוועק מיט אַ בלאַסן פּנים צו מאַרטען!

— דו ווילסט הערן, וואָס דאָרט אין סאַנאַטאָריע נעמט מען פאַר אַ פלאַש וויין און אַ מאָלצייט? — צוואַנציק קראָן! דאָס איז געווען פראַנצויזישער וויין — זאָל איך נישט ויסן וויפל קאָסט רויטער פראַנצויזישער וויין? איך בין דאָך אַליין פון דאָרט!

מאַרטע איז מסכּים געווען מיט איר, זי האָט אויך קיינמאָל אַזוינס נישט געהערט. זאָלן זיי דאָרט אין דער סאַנאַטאָריע טון אַלץ וואָס זיי ווילן?

— ניין, — זאָגט די פריילין — דו גיב דאָ אַ ביסל אַכטונג אויף יוליוסן, און איך וועל אַריבערגיין דורכרעדן זיך מיט זיי.

זי האָט זיך אַ ביסל צוגעפּוצט און איז אַוועק.

עס האָט איר אָפּגעגליקט. זי האָט דעם דירעקטאָר אַליין געטראָפן אויף דער גרויסער וועראַנדע. ער איז געווען אַנטציקט, האָט זי הויך באַגריסט און געזאָגט:

— הער אַנדרעסען וואָלט וואָלט אייך וועלן באַגריסן, ער איז דאָך אַמאָל געווען אייער שעף, נישט אמת? קומט אַהער, ביטע גנע־דיקע פרײַלין!

זי האָט אים אָפּגעשטעלט:

— ניין, איך דאַנק, איך האָב נאָר מיט אייך געוואָלט אַ פּאָר ווערטער רעדן. אָט האָב איך פון אייך באַקומען אַ חשבון.

אַדוואָקאַט רופּרעכט האָט אַרויפגעזעצט די ברילן אויף דער נאָז און גענומען לייענען.

— יאָ, יאָ, אַזוי גאָר... — זאָגט ער אַ צעמישטער.

די פרײַלין: — דאָס האָט איר מיר בכיוון צוגעשיקט הער פלעמינגס חשבון?

— אַ טעות. — זאָגט דער אַדוואָקאַט.

— איך קאָן באַצאָלן פאַר דעם, וואָס איך האָב געגעסן, אויב איר ווילט.

דאָ האָט דער אַדוואָקאַט אויסגעשריגן:

— אַך, ס'איז דאָך נישט אויסצוהאַלטן. דאָ ווערן אָפּגעטון אַזוי פיל נאַרישקייטן! ס'איז נאָר אַ טעות, גנעדיקע פרײַלין!

— איך האָב אַליין אויך אַזוי גערעכנט, וואָרום איר קאָנט דאָך זיינע זאַכן האָבן פאַר דעם חוב.

— ניין, זיינע זאַכן — לאָמיר בעסער דערפון נישט רעדן. זיינע זאַכן — זיי האָט די מאַכט צוגענומען. נו, ס'איז גוט, וואָס איך האָב דעם דאָזיקן רעכענונג באַקומען אין מיינע הענט. איצט איז ער מיינער! — זאָגט ער אַריינלייגנדיק דעם חשבון אין קע־שענע. — ווי האָט איר עס געקאָנט כאָטש איין רגע גלויבן, אַז די מאַראַהוסער סאַנאַטאָריע איז פעיק אָפּשיקן דעם חשבון צו אייך. נאָר לאָמיר רעדן וועגן עפּעס אַנדערש. ווען באַזעצט איר זיך צוריק ביי אונז, פרײַלין ד'עספּאַר? מיר בענקען נאָך אייך, און מיר וועלן אייך מער קיין פרעמדע חשבונות נישט שיקן. איך וועל שוין נעמען אין די הענט, ווען מ'דאַרף... אייער צימער איז גרייט פאַר אייך...

פון דער הערצלעכקייט איז די פרײַלין ווייכער געוואָרן. מען האָט זי נישט לייכט געקאָנט נאַרן, דער אַדוואָקאַט האָט

זיבער געוווּסט וועגן דעם חשבון, אָבער דאָס אייגנטלעך האָט איר אפילו נישט געוווּנדערט. דער עיקר איז דאָך, וואָס זי האָט פאַרשפּאָרט צו צאָלן פון איר געלט.

— איך דאַנק אייך, — האָט זי געזאָגט — איך מוז בלייבן דאָרט, ווו איך בין.

דער אַדוואָקאַט:

— אייניקע פריינד אייערע זענען נאָך דאָ, פרייליין עלינגסען איז, אמת, נישט געקומען, און דירעקטאָר אָליווער איז אַוועקגעפאָרן, אָבער הער בערטעלסען איז דאָ מיט זיין פרוי — איר האָט דאָך נאָך גאָרנישט געזען דאָס יונגע פּאָרפאָלק. פרייליין עלינגסען שרייבט, אַז זי וועט שפּעטער קומען, זי קאָן דאָך נישט קומען כל זמן געוויסע אַנדערע מענטשן זענען דאָ — איר פאַרשטייט? נאָכדעם וואַרטן מיר אויפן קאָמפּאָזיטאָר עידע — איר קענט דאָך אים: סעלמער עידע, דער קאָמפּאָזיטאָר, זיין שטודיום אין פּאַריז האָט זיך געענדיקט, און מיר פרייען זיך פאַר אונזערע ווינטערדיקע געסט, וואָס ער וועט דאָ זיין. חוץ דעם האָבן מיר אַ נייעם אינזשיניער, אַן אמתן ספּאָרטסמען, אַ נייעם דאָקטאָר, דעם קענט איר שוין, נייע מענטשן, ווילדע יונגעלייט. נו, ווייטער האָט איר דאָך מסתמא געזען, אַז מיר בויען און פאַרברייטערן זיך, אָ, מיר ווילן טאָראַהוס מאַכן פאַר דער ערשטער סאַנאַטאָריע אין לאַנד! איר רעכנט אייך פאָרשטעלן אויף וויפל מיר זענען שוין פאַרסטראַבירט? איר וועט נישט טרעפן: אויף הונדערטטויזנטער! איצט שטרענגען מיר אָן אַלע כוחות איינצואָרדנען וואַסערלייטונג און עלעקטרישע באַלייכטונג.

דער אַדוואָקאַט האָט ווייטער גערעדט. ער איז געווען פול מיט די אַלע מעשיות, האָט אָבער נישט פאַרגעסן אַרויפצושיקן אַ מיידל צו אַנדרעסען.

— איר מוזט הער אַנדרעסען ערלויבן אייך צו באַגריסן, גנעדיקע פרייליין! ער האָט געוואָלט גיין צו אייך אין פּאָסטוף-שטיבל, איך האָב אָבער נישט געוווּסט, צי וועט איר אים וועלן אויפנעמען.

אַנדרעסען איז געקומען. וואָס דאַרף ער זי אַזוי נויטיק? זי זאָל זיך צוריק אומקערן צו דער שרייבמאַשין?

אַ דיקער הער, מיט שיטערע האָר, זייער בלאַס און זייער

פּעט, ער איז אַהער געקומען טרינקען טאָראַהוסער וואַסער, און דורכמאַכן אַ קור. ביי אים זענען שוין געהאָנגען פּוסטע זעקלעך אויפן געזיכט פון אָפּצערונג. ער איז געווען זייער פריינטלעך, אָבער די פרײלין האָט גוט באַמערקט זיין אַנטוישונג, ווען ער האָט זי דערזען. אָ, יאָ, זי איז שוין מער נישט געווען דאָס, וואָס פריער! און פּלוצלינג איז איר אַריבער עפּעס ווי אַ ציטער: עס האָט זיך איר פאַרוואָלט צוריק אַהיים, צום קינד, צום קליינעם יוליוסן, תיכף אַהיים!

ער: — איך האָב אייך געוואָלט באַגריסן, וויבאַלד אַז איך בין דאָ אין דער געגנט.

זי: — זייער פיין פון אייער זייט.

— וואָס זשע מאַכט איר פרײלין ד'עספּאַר? אין דערהיים אין קאָנטאָר האָבן מיר פיל נייע מענטשן באַקומען. איר מוזט צוזאָגן, אַז איר וועט צו אונז אַריין, ווען איר וועט זיין אין שטאָט.

רייד און רייד; ס'איז נישט געווען, ווי אַמאָליקע צייטן, ווען דערזעלביקער העַר פלעגט זיך איבער איר אָנבויגן, כלומרשט ער וויל זען, וואָס זי האָט אָנגעשריבן, און קושן ווי אַ משוגענער. ניין איצט דאַרף ער פון איר גאָרנישט, נאָכדעם ווי ער האָט זי דערזען, איז ער אַוועק אויף צוריק. ער האָט זיך אפילו געהאַלטן מיט גרויסער חשיבות, געלאָזט דורכשיינען דעם פריערדיקן שעף אירן, און האָט אויף איר געקוקט פון אויבן אַראָפּ פריינטלעך.

— מיר דאַכט זיך, אַז ס'איז שוין אַזאַ לאַנגע צייט, זינט איר האָט ביי אונז געדינט, וואַרט נאָר: דעמאָלט זענען שוין געווען שרייבמאַשינען און שטאָלענע פּעדערן אויף דער וועלט?

די פרײלין האָט געהאַט דעם חוב אויך פריינטלעך צו זיין, און האָט געלאַכט פון זיין וויץ, אָבער ווען ער האָט געוואָלט ווייטער שמועסן מיט איר וועגן דעם אַמאָליקן לעבן ביי דער שרייבמאַשין, וואָס זי האָט שוין כמעט פאַרגעסן, איז איר געוואָרן לאַנגווייליק, און זי האָט גאָרנישט געהאַט קעגן דעם, וואָס שעף אַנדרעסען האָט זיך אויפגעהויבן און גענומען זעגענען זיך.

— פאַרגעסט נאָר נישט אייער פראַנצויזיש, פרײלין ד'עספּאַר! אייער נאָכפאָלגערין ביי אונז איז טאַקע נישט אַזאַ מאַדים אויף שפּראַכן ווי איר, אָבער זי האָט אַנדערע מעלות. יאָ, צום ווידערזען! זייער

אַנגענעם געווען אייך צו באַגריסן און צו הערן, אַז אייך גייט גוט.

זי האָט נישט געקאָנט אויסמיידן די צווייטע באַגעגעניש מיטן אַדוואָקאַט.

— נו, אַנדרעסען איז צופרידן? איך האָב געזען, אַז ער איז געווען אַנטציקט. איר ווייסט, פרייליין, אַז הער מאַגנוס איז דאָך טאַקע אַוועקגעפאָרן קיין כריסטיאַניע. אָבער ער איז צוריק נישט געקומען. שוין באַלד אַזוראי אַ חודש. איר זענט די לעצטע, וואָס האָט מיט אים גערעדט פאַרן פאָרן. נאָר עפּעס איז עמעצער דאָ געווען און אויף אים זיך נאָכגעפרעגט — אַ דאַמע, ווער קאָן עס זיין? איך האָב זי נישט געזען, אָבער זי איז שוין דאָ צוויי מאָל געווען. דאָס באַווייזט, אַז ס'איז, אַפּנים, עפּעס אַ וויכטיקער ענין. זי האָט צו אים טעלעפאָנירט אויך. איך ווייס באמת נישט, וואָס זאָלן מיר טון? ווי מיינט איר?

— איך ווייס נישט. ער וועט, מסתמא, צוריקקומען.

— אַזוי מיינט איר? אָבער שטעלט אייך פאָר, ווען איר זענט דאָ איצט ביי אונז! איר האָט אים אונז איינמאָל שוין געפונען, איר זענט אַזאַ טיכטיקע! קאָן מען טאַקע אויף אייך נישט ווירקן, אַז איר זאָלט זיך צו אונז אומקערן? מיר בענקען נאָך אייך

וואָס האָט דער דאָזיקער מענטש געמיינט מיט זיינע חניפות? גאָרנישט. ער איז געווען ליבלעך מיט דער פרייליין און מיט אַלע אַנדערע מענטשן און אויך דערביי גאָרנישט געמיינט. ער האָט זיך נאָר אינטערעסירט צו האָבן וואָס מער געסט, דאָס הויז זאָל זיין פול, די צימערן פאַרנומען, און ביי דעם מאָמענט איז גראָד אין דער הינזיכט נישט געווען גאָר ווויל, ניין, אַדוואָקאַט רופּרעכט האָט נישט געהאַט קיינע באַזונדערע כוונות בנוגע צו איר, ער האָט קיינמאָל נישט געטראַכט צו גרינדן אַ היים, האָט זיך נישט געליבט, דאָס וואָס ער האָט דעם יונגמאַן סעלמער עידע צוריק באַקומען, איז פאַר אים געווען פונקט אַזוי שטאַרק וויכטיק, ווי באַזעצן די יונגע דאַמע אין דער סאַנאַטאָריע, און אפשר נאָך אַביסל וויכטיקער.

— אַלזאָ, וועלן אייך היינט די איבעריקע פריינד אייערע

נישט זען? — האָט ער געזאָגט. — הער בערטעלסען מיט דער פרוי וועלן אויף מיר דערפאַר ברוגז זיין, יאָ, זיי וועלן געוויס ברוגז זיין. זיי ווינען נומער 107, אויב איר ווילט אפשר צו זיי אַריינבליקן. וואָס, ניין?

נומער 107! וואָס זאָגט איר צו דירעקטאָר רופּרעכט? ער האָט צו אַלע נומערן אין דער סאַנאַטאָריע צוגעגעבן אַ הונדערט, אַזוי אַז אויף די טירן האָט עס אויסגעזען גרויסאַרטיק.

ווען נישט דאָס, וואָס שעף אַנדרעסען האָט געקאָנט ווייני-קער אַרויסווייזן זיין אַנטוישונג פון איר, וואָלט דער גאַנג אין דער סאַנאַטאָריע געווען גאָר אַ געלונגענער פאַר דער פרייליין. עס האָט זי נאָר אַביסל געשטאָכן, וואָס זי האָט שוין אַזוי אָפּגע-בליט. וואָס זשע וועט מיט איר זיין אין זיבן יאָר אַרום? יאָ, אָבער זי וועט שוין זען ווידער צו ווערן געזונט און שיין. נישטאָ אַזוינס, וואָס זי וועט נישט טון, אַבי ווידער צו ווערן אַ שיינע, און ווען די צייט וועט קומען, וועט זי זיך פריער פאַר אַלץ לאָזן אַריינשטעלן אַ שטיפטצאָן.

אָבער חוץ דעם איז דער שפּאַציר געווען גאָר אַ געלונגע-נער. אַלע האָבן זי געשווינט, קיינער האָט נישט געגעבן קיין אָנ-צוהערעניש דערויף, וואָס זי ווינט אין דער שטוב פון אַ מער-דער. הער פלעמינגס נאָמען איז גאָר נישט דערמאָנט געוואָרן. און בכלל האָט דעם שפּאַציר געלוינט צו מאַכן, זי האָט דורך אים איינגעשפּאָרט געלט.

בכן גייט זי צוריק אַהיים אין דעם פּאַסטוך-שטיבל, זי איילט זיך, זי האָט מורא מער ווי אַלע מאָל, אפשר האָט זיך דער קליינער יוליוס אויפגעכאַפּט און וואַרט אויף איר. אַזאַ קליין ברעקעלע, און ער האָט אַזעלכע פיינע הענטעלעך.

מאַרטע באַגעגנט זי אין דרויסן און שעפּטשעט איר אַריין:

— עמעצער איז דאָ פאַראַן.

— עמעצער?

אַ מאַנסביל. ער זיצט אין האַלצשפּייכלער און וואַרט אויף דיר.

— איך ווייס גאָרנישט. יוליוס האָט זיך אויפגעכאַפּט?

— ער האָט זיך געווען אויפגעכאַפּט, האָט ער באַקומען

מילך און איז צוריק איינגעשלאָפֿן. אָט איז ער, דער מענטש, — שעפּטשעט מאַרטע.

דאָס איז געווען דער זעלבסטמערדער.

— דאָס זענט איר, הער מאַגנוס? מיר האָבן גראָד אין דער סאַנאַטאָריע גערעדט וועגן אייך, אַז איר זענט אַוועקגעפֿאָרן און צוריק נישט געקומען.

דער זעלבסטמערדער האָט נישט געענטפֿערט.

# XVII

דער זעלבסטמערדער האָט מאָדנע פֿאַרלוירן אויסגעזען. עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט שוין אַ לאַנגע צייט קיין דאַך איבערן קאָפּ נישט געהאַט. ער האָט געטראָגן אַ נייעם אַנצוג, אָבער נישט קיין ריינעם, אַ צעקנייטשטן און אַ פֿולן מיט סבך־נאָדלען. נאָר די וווּנד אויף דער האַנט איז שוין געווען פֿאַרהיילט.

— פֿונוואַנען קומט איר? — האָט די פֿרײַלין געפֿרעגט.

— פֿונוואַנען איך קום? ווי זאָל איך אייך זאָגן... — האָט דער זעלבסטמערדער געענטפֿערט און זיך אַרומגעקוקט — קיינער וועט דאָ נישט הערן, וואָס מיר רעדן?

— קיינער נישט.

— איך קום פֿונדערהיים. איך בין אַהין געפֿאָרן, כּדי עפּעס צו ברענגען אין אָרדנונג און אויסצוגלייכן אַ סכסוך. זייט מיר מוחל, אויב אייך איז נישט אָנגענעם. — האָט ער פּלוצלינג צו־געגעבן.

— מיר איז גאָרנישט אומאַנגענעם. וואָס פֿאַלט אייך איין! איר האָט פֿאַר עפּעס מורא?

— יאָ.

— אפֿשר וועט איר אַריין אינעווייניק?

— יאָ, אַ דאַנק אייך.

מאַרטע האָט זיי געגעבן איר קאַמער, און זיי האָבן זיך דאָרט אַוועקגעזעצט. דאָס האָט אים, אפֿנים, עטוואָס באַרויקט, אָבער

ער האָט די גאַנצע צייט געקוקט דורכן פֿענסטער. פּונאָנהייב האָט מען פֿון זיינע רייד גאָרנישט פֿאַרשטאַנען. „איך האָב היינטיקע נאַכט פֿאַרבראַכט ערגעץ אין אַ וואַלד", האָט ער געזאָגט און פֿאַר־לייגן געלאַכט. און תּיכּף נאָך דעם האָט ער דער פֿרייליין דער־קלערט איבערצייגנדיק, אַז די דאָקטוירים, „מיר דאָקטוירים", זע־נען מער נישט ווי שאַרלאַטאַנעס: אין דעם האָט ער זיך איצט נאָך אַמאָל איבערצייגט. „אַך, ס'איז ריכטיק, פֿרייליין ד'עספּאַר. איר האָט אַזוי פֿיל איבערגעלעבט פֿאַר דער לעצטער צייט. איך האָב וועגן דעם געלייענט אין די צייטונגען. וויפֿל זענען מיר אין דעם אַליין שולדיק. און וויפֿל — אַנדערע? יעדער פֿון אונז האָט זיין פּעקל צו שלעפּן. מיר אַלע מאַכן פֿעלערן, און מיר אַלע זענען מענטשן."

זי האָט אפשר מורא געהאַט, טאָמער וועט ער אָנהייבן איי־נע פֿון זיינע לאַנגע דערקלערונגען, און דעריבער האָט זי אַ פֿרעג געטון:

— איר זענט שוין אוודאי אַ חודש דאָ נישט געווען, אמת?

— איין חודש, צוויי חדשים, איך ווייס נישט. איך האָב גע־דאַרפֿט אויספּרובירן דעם נייעם מיטל, ס'איז אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז איך בין דער מענטש, וואָס קאָן אים. אָנווענדן! כ'האָב עס אָפּגעלייגט פֿון איין טאָג אויפֿן צווייטן, נישט געקאָנט זיך באַשליסן און גאָרנישט נישט געטון. אויב אַזוי, וועט איר זאָגן, איז דאָך נישט דער מיטל שולדיק? און איר זענט ביז אַ געוויסן גראַד גערעכט. אָבער צו וואָס טויג מיר אַ מיטל, וואָס איך קאָן אים נישט אָנווענדן?

— וואָס איז דאָס געווען פֿאַר אַ מיטל?

— דער ים־שטאָק. איך האָב אייך דען נישט דערציילט וועגן דעם?

— דער ים־שטאָק?

— איך האָב אייך קיינמאָל נישט דערציילט וועגן דעם ים־שטאָק? איך געדענק שוין מער גאָרנישט. מיין זכּרון איז געוואָרן זייער אַ שלעכטער. יאָ, דער דאָקטאָר האָט זייער געלויבט דעם דאָזיקן מעדיקאַמענט: דאָס ווירקט גוט, עס היילט. וואָס טוט מען

אָבער, אויב מען איז נישט דער מענטש, וואָס קאָן אים אָנ־ווענדן? שוין צוויי חדשים, זאָגט איר? הייסט עס, צוויי חדשים אַרומגעלאָפן און נישט אויסגעפירט, און לסוף אַזעקגעפאָרן, גאָר־נישט אויפטוענדיק! אַנדערש איז עס געווען מיט דעם שמיד. איך האָב אייך דערציילט וועגן דעם שמיד?

— ניין.

— דאָס איז געווען גאָרנישט, בלויז פּלוידערייִ פון אַ דאָק־טאָר, וואָס באַוועגט זיך דאָרט אונטן? איר האָט געזען?

די פרייליין האָט געוואָרפן אַ בליק דורכן פענסטער.

— מסתּמא, גאָרנישט. אָבער מיר איז געקומען אויפן זינען, הער מאַגנוס: איר האָט עפּעס געגעסן?

— געגעסן? ניין.

זי האָט געוווּסט, סאַר אַן אויסקלויבער ער איז אויף עסן, פונדעסטוועגן איז זי אַרויס צו מאַרטען און געבעטן ברענגען עפּעס צו עסן, וואָס זי האָט גרייט אונטער דער האַנט. ווען זי איז צוריק אַריין, האָט דער זעלבסטמערדער געבורטשעט ווי אַ הונט, און געגלאָצט די אויגן דורכן פענסטער.

— אַ קוסט באַוועגט זיך דאָרט ביים ברעג וואַלד. — האָט ער געזאָגט.

די פרייליין: — דאָס איז, מסתּמא, דער ווינט. פאַרוואָס האָט איר אַזוי מורא?

ער האָט געשוויגן.

פאַרשטייט זיך, דער מענטש איז געווען אַביסל גערירט פון זינען, אָבער פרייליין ד׳עספאַר האָט נישט געקאָנט גלייכגילטיק בלייבן צו דעם, וואָס מיט אים איז. זי האָט נישט געקאָנט פאַר־געסן, אַז איינמאָל האָט ער צוזאַמען מיט נאָך אַ מענטשן געראַ־טעוועט אויף אַ פיינעם אופן זי און אַ געהיסן געלט־פּאַקעט. אויך שפּעטער האָט דער אומגליקלעכער זעלבסטמערדער פיל מאָל זי געשטיצט, ווען זי האָט איבערגעלעבט שווערע צייטן.

— ווען איר וואָלט מיר זאָגן, פאַרוואָס האָט איר מורא, — איך ווייס נישט, אָבער אפשר וואָלטן מיר מיט מאַרטען געפונען אַן עצה.

— וואָס קאָן איך זאָגן. איך וואָלט מיך געדאַרפט באַהאַלטן און נישט באַווייזן זיך פאַר דער שיין פון טאָג. ניין. איר וועט אויך זאָגן, אַז דאָס איז גאָרנישט. אָבער לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז זי איז הינטער אייך.

— ווער?

— איך האָב וועגן דעם געהערט אויפן וואָקזאַל. איך בין נעכטן געקומען אויפן וואָקזאַל, און דער פאָרשטעער פון דער סטאַציע האָט מיך געפרעגט, ווי איך הייס. ער האָט געזאָגט, אַז עמעצער איז געקומען צופאָרן מיט דער באַן און האָט זיך אויף מיר נאָכגעפרעגט. זי האָט אויך טעלעפאָנירט אין דער סאַנאַטאָריע. זי איז געקומען מיט אַ פּאָר טעג פריער פאַר מיר, איז נאָך דאָ און שפּירט מיר נאָך.

— איר ווילט זי נישט זען? — פרעגט שטיל די פרײלין.

— צי איך וויל? — האָט דער זעלבסטמערדער אויסגעשריגן.— אָבער ווייסט איר דען, וואָס איר פרעגט מיך? — צי וויל איך ווידער לעבן ווי פריער, צי בין איך באמת אַזוי נידעריק געפאַלן, צי האָב איך קיין חרפּה און קיין בושה נישט. אָט וועגן וואָס דאָ רעדט זיך. אָבער צי וויל איך זי זען? יאָ, פרײלין ד׳עספּאַר! אויף דער רגע האָב איך דאָ שוין פופצן חדשים טאָג און נאַכט געוואַרט. נאָר איצט בין איך שוואַך געוואָרן. איך האָב מיך אָנגעוואַרט, ביז פון מיר איז גאָרנישט געוואָרן, און איצט קאָן איך מיך אויף גאָרנישט באַשליסן. זי האָט צו לאַנג געלאָזן אויף זיך וואַרטן.

פּויזע.

די פרײלין: אפשר וואָלט פאָרט בעסער געווען, ווען איר וואָלט מיט איר זיך דורכגערעדט?

— אַ שיינע געשיכטע. — האָט דער זעלבסטמערדער ווייטער גערעדט. — מען קאָן זיך דען צוטראַכטן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל זיין ציינישער און פרעכער? נאָך פופצן חדשים שווייגן, נישט אָנשרייבנדיק קיין וואָרט, נישט שיקנדיק קיין באַגריסונג צו ווייַנאַכטן פּלוצלינג קומט זי אַליין אַראָפּ אין מיטן טאָג, פאַר דער שיין

פון דער זון. מיט דער באן! איר איז, אפנים, מער געפעלן צו פארן איידער צו שרייבן. זי באלאגערט די סאנאטאריע. איך בין אין מיין אייגענעם צימער נישט זיכער.

— איך ווייס נישט, הער מאגנוס, אבער מיר דאכט זיך, איר מוזט מיט איר רעדן.

— קיינמאל נישט! — האט ער אויסגעשריגן. — אזוי מיינט איר? קיינמאל נישט. איך זאג אייך!

אומגליקלעכער זעלבסטמערדער. לסוף האט ער דערגרייכט דאס, וואס ער האט געוואלט, טרעט ער גאר א דערשראקענער אפ אויף צוריק. קאן מען זיך דען פארשטעלן א גרעסערן פיין?— פארפאלגט פון דעם, נאך וואס ער חלשט; פארפאלגט פון דעם, און ער לויפט פון דעם! פארוואס מאכט ער נישט א סוף צו דעם אלעמען און פארט נישט אוועק קיין אויסטראליע? אפנים, ער האט דערויף אויך קיין מוט נישט געהאט. ער איז ארומגע־פלויגן, ווי א פלאטערל ארום א ליכט. דא האט ער דאך געהאט דאס איינציקע, וואס האט אים אינטערעסירט, דאס איינציקע, פון וואס ער האט אלע זיינע פיינען ביזן סוף ארויסגעפרעסט; ער האט דאס לעבן געזען נאר דורך דער דאזיקער שפארע. מער האט ער גארנישט נישט געזען; אבער אפשר איז דאס אויך גע־ווען גאנץ גענוג. ווען מען קוקט אויף א זאך דורך א שפארע, ווערט זי שטארק, קלאר און בולט.

מארטע איז ארייננעקומען מיט עסן. דער זעלבסטמערדער ווערט א פארציטערטער און קאן זיך א לאנגע צייט נישט צורירן צום עסן.

— איך פארשאף אייך צופיל טרחא. — זאגט ער מיט אן אומגליקלעכן אויסזען.

די פריילין: — וואס איז דאס געווען פאר א קוסט, וואס איר האט געזאגט, אז ער רירט זיך. איך וועל אכטונג געבן בשעת איר וועט עסן.

ער האט אנגעוויזן אויף דעם קוסט, וואס האט זיך בא־וועגט.

— מען דארף אבער אכטונג געבן נישט בלויז אויף דעם

קוסט, — האָט ער געזאָגט — נאָר אויפֿן גאַנצן וואַלד, אויפֿן גאַנצן ברעג פֿון וואַלד. דאָרט איז פֿאַראַן אַ סטעזשקע, איבער וועלכער עס גייען די בהמות.

נאָכדעם האָט ער זיך גלייך גענומען צום עסן. ער האָט שנעל און מיט אַפּעטיט אויפֿגעגעסן עטלעכע וואַרעמע אייער, ברויט, פּלעצלעך אין פּוטער, און האָט אויסגעטרונקען אַ פֿולע מילך. ס'איז זיכער געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער האָט גע־געסן נאָך אַ לאַנגער צייט פֿון הונגערן.

די פֿרײַלין האָט אַבטונג געגעבן פֿון פֿענסטער. ריכטיק, איצט זעט זי גוט, אַז עס באַוועגט זיך, עס שטימט. זי זעט, ווי אַ דאַמע דערנענטערט זיך לאַנגזאַם צו די הײַזער. זי גייט מיט מורא, אַביסל וואַקלענדיק זיך, מיט פֿעדערן אין הוט און אין אַ ברייטן וועג־מאַנטל, פֿאַרשפּיליעט אויף אַלע קנעפּ. דאָס איז גע־ווען זייער אינטערעסאַנט. די דאַמע איז צוגעגאַנגען גאָר נאָענט, נאָר די פֿרײַלין האָט זיך געמאַכט, כּלומרשט זי באַמערקט זי נישט.

— אַ דאַנק! — זאָגט דער זעלבסטמערדער און הייבט זיך אויף. — דאָס איז געווען דאָס בעסטע עסן, וואָס איך האָב, ווען עס איז, באַקומען דאָ אין די בערג. שטעלט אייך פֿאָר — פּלעצלעך!

די פֿרײַלין: — זעצט זיך צוריק אויף דעם אָרט, תּו איר זענט געזעסן, פֿאַררויכערט די ליולקע.

— איך האָב נישט קיין ליולקע, איך האָב נישט, וואָס צו רויכערן. ווי גייט עס אײַך, אייגנטלעך, פֿרײַלין ד'עספּאַר? אפֿנים, איר פֿאַרלירט נישט קיין מוט?

— ניין, איך פֿאַרליר נישט קיין מוט, אָבער מער ווי דאָס קאָן איך וועגן זיך נישט זאָגן.

— איר האָט זיכער אויסגעקליבן אַ בעסערן טייל, פֿאַרלאָזנ־דיק די סאַנאַטאָריע.

— איך ווייס נישט, — האָט זי געענטפֿערט, און כּדי נאָך עפּעס צו זאָגן און די צייט צו פֿאַרציען, האָט זי צוגעגעבן: — זיי בויען זיך דאָרט עפּעס אין דער סאַנאַטאָריע.

— יאָ, און דערווייל שטאַרבן מיר דאָרט.

די פרײלין שאָקלט מיטן קאָפּ: — פיל טויטפאַלן געהען, דאָס איז ריכטיק.

— איינער נאָכן אַנדערן. איך האָב שוין די צאָל פאַרגעסן. יאָ, דער טויט שאַנעוועט אונז נישט. מיר טויגן נישט צום לעבן. מיר זענען צו קליין פאַר די שטיורל, אין וועלכע מיר גייען, און דעריבער הינקען מיר אין זיי

מאַרטע האָט פּלוצלינג אָפּגעעפנט די טיר און אַרויסגערופן די פרײלין. ווען זי איז אַרויס, האָט דער זעלבסטמערדער פאַר־נומען איר אָרט בײם פענסטער. איצט איז ער רויקער, דאָס עסן האָט אים געשטאַרקט, זיין קאָפּ איז איצט קלערער, און ער טראַכט וועגן דעם, אַז ער וועט אויפן טיש איבערלאָזן געלט פאַר מאַרטען. נאָכדעם האָט ער ווידער דעם גאַנצן וואַלד באַ־טראַכט מיט שאַרפן בליק.

פרײלין ד'עספּאַר קומט אַריין און זאָגט:

— יאָ, אָט איז זי דאָ.

דער זעלבסטמערדער פאַרשטייט, נאַטירלעך, גלייך, וועגן וועמען עס רעדט זיך, און ער שרייט אויס:

— וואָס רעדט איר!

— דאָ אין דרויסן. מאַרטע האָט מיט איר גערעדט. זי איז, מסתמא, געקומען פון דער זייט, מיט דעם וועג, וואָס פירט צו דער סאַנאַטאָריע.

דער זעלבסטמערדער טוט עפּעס ווי אַ שלינג און זאָגט:

— גוט, זאָל זי אַריין: זאָל זי אַריין, גאָט איז מיין עדות, איך וועל...

ס'איז אַריין אַ דאַמע אין אַ ברייטן וועג־מאַנטל מיט אַ שטרויספעדער אויף דעם הוט. זי איז טונקל־בלאָנד און יונג, אַ שלאַנקע, אַן איידעלע לויט איר גאַנג, מיט אַן אָפענעם געזיכט. נאָר אַ פאָר שניידציין זענען אַרויסגערוקט פאָרויס, אַביסל איינער איבער דעם אַנדערן. אין טיר בלייבט זי שטיין און זאָגט גאָר־נישט, אָבער דאָס מויל באַוועגט זיך ביי איר.

אויף דער וואַנט איז געהאָנגען אַ קליין זייגערל מיט מעשע־

נע געוויכט. דער זעלבסטמערדער האָט פּלוצלינג אָנגעכאַפּט די קיטלעך און צום אַרויף די וואָג ביז סאַמע אינדערהויך מיט אַ לאַנגן סקריפּעדיקן קלאַנג — אינמיטן טאָג און אין אַ פרעמדער שטוב. נאָכדעם דרייט ער זיך אויס אויף דער העלפט און פאַרשטעלט עירשט איצט האָט ער זי באַמערקט.

— דאָס ביסטו? — האָט ער געזאָגט און צוריק זיך אָפּגע-קערט צום זייגער, פלומרשט ער איז נאָך מיט אים נישט פאַר-טיק: „איך זע, — זאָגט ער — אַז דער זייגער גייט נישט ריכטיק.“

און ביי די ווערטער לאָזט ער דעם זייגער צורו און גייט צו צום פענסטער, גלעטנדיק די גאָמבע, גלייך ווי ער וואָלט גע-האַט אַ באָרד.

— וואָס הערט זיך אינדערהיים? — האָט ער געפרעגט זייער אַ צעמישטער און צערודערטער. — פאַרוואָס נעמסטו נישט אַראָפּ דעם מאַנטל און זעצט זיך נישט? אָט שטייט דאָך אַ בענקל.

— מיר איז קאַלט, — האָט זי געענטפערט און אָנגעוויקלט זיך, ווי זי איז געווען — אין הוט און אין מאַנטל.

ער: — זי, די קליינע, לעבט? איך פרעג, צי זי לעבט?

— יאָ, זי לעבט, זי איז געזונט, און רעדט, ווי אַ גרויסער. יאָ, זי וועט לעבן.

— זי רעדט? ס'קאָן נישט זיין.

— אָבער זי רעדט פאָרט, פּלאַפּלט אויף איר לשון.

— ווי הייסט זי?

— לעאָנאָרע רופט מען זי, נאָך דיר.

— נאַרישקייט! דו וואָלסט געקאָנט צוטראַכטן עפּעס אַן אַנדערן נאָמען. — זאָגט ער און ווערט שטאַרק רויט איבער די אויערן.

זי שווייגט.

— איך זאָג, דו וואָלסט געקאָנט צוטראַכטן עפּעס אַן אַנ-דערן נאָמען.

— יאָ. — ענטפערט זי נאָר

אָ, זי איז אַזוי הכנעהדיק, און דאָך וואָלט זי אים געקאָנט אַרומדרייען אַרום פינגער.

און ער, מחמת ער איז צעמישט, האלט אין איין רעדן.

— לעאָנאָרע! הע! עפּעס אַ ציגײַנער נאָמען! און דו ווילסט מיר אײַנרעדן, אַז זי קאָן שוין רעדן?

— זי איז אַזאַ קליגינקע..

— נו, רעכט, רעכט. איך האָב עפּעס אַנדערש אין קאָפּ, ס'איז שוין גוט. אָבער — לעאָנאָרע! — ווו וווינסטו דאָ? — פרעגט ער פּלוצלינג.

— אין דאָרף, בײַם קרעמער. איך האָב די נאַכט בײַ אים גענעכטיקט

— מסתמא, די פאַבריקע נאַכט אויך.

— יאָ, אפשר די פאַבריקע נאַכט אויך, יאָ, איך דערמאָן מיך, די פאַבריקע נאַכט אויך, צוויי נעכט.

— פאַרוואָס האָסטו זיך נישט אָפּגעשטעלט אין דער סאַנאַטאָריע?

זי האָט אַרויסגעשעפּטשעט, קוים וואָס מען האָט געקאָנט הערן: — אַ דאַנק...

— דאָס איז אַ מאָדנער אײַנפאַל, נעכטיקן בײַ דעם קרעמער, אין עפּעס אַ לאָך. מען האָט דיך, מסתמא, אַוועקגעלייגט צוזאַמען מיט דער דינסט.

— ניין אויף אַ סאָפע. מען האָט פאַר מיר אויסגעבעט אויף אַ סאָפע.

— אַזאַ משוגעת האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געהערט! יאָ, דו האָסט דאָך שטענדיק זייער שטאַרק געזאָרגט פאַר דײַן געזונט! — האָט ער געזאָגט און, אפּנים, געמיינט, אַז דאָס איז זייער גיפטיק. — דו האָסט נאָך אוודאי נישט געגעסן אויך?

— הײַנט — נאָך נישט. אָבער דאָס איז גאָרנישט.

— יאָ, — האָט ער איבערגעקרומט — דאָס איז גאָרנישט. — פאַרשטייט זיך. נו, און נעכטן, לאָמיך דיך פרעגן, האָסטו עפּעס געגעסן?

— יאָ.

— אַזוי. אָבער דאָס איז שוין יעדנפאַלס געווען מיט אַכצן שעה צוריק. יאָ, דער זייגער לויפט דאָרט, אָבער כמעט אַ גאַנצן

מעת-לעת אין מויל נישט געהאַט — סאַר אַ שכל! נו, שטיי אויף גיכער, און מיר װעלן גײן אין דער סאַנאַטאָריע. דאָרט װעלן מיר פֿאַר דיר עפּעס באַקומען. ס'איז איצט מיטאָגצייט.

זיי גייען ביידע אַרויס פֿון צימער, און דער זעלבסטמער־דער מאַכט אַ שטרענג און מוטיק פּנים, אין דער אמתן איז ער אָבער זייער צעמישט, ער זאָגט צו מאַרטען:

— מיין פרוי האָט מורא פֿאַר דעם אָקס. ער איז איצט אין פֿעלד?

— יאָ, — ענטפֿערט מאַרטע אָבער אין די בערג, װייט פֿונדאַנען.

— און פֿרײלין ד'עספּאַר איז אַװעק?

— זי איז אין דער נייער שטוב.

— גיט איר איבער אַ גרוס!

זיי זענען אַװעק אין דער סאַנאַטאָריע, אין װעג רעדן זיי װייניק, נאָר עפּעס װערט דאָך געזאָגט, געפֿרעגט און געענטפֿערט.

— דו ביסט מיט אַ װאָך צוריק געװען אין כריסטיאַניע? — פֿרעגט זי מיט מורא.

— פֿונװאַנען װייסטו דאָס?

— עמעצער האָט דיך געזען. דאָס דינסטמיידל.

— איך בין געװען און האָב געקױפֿט אָט דעם אַנצוג, אויב דו װילסט װיסן דעם אמת

— אַזוי...

— װאָס זשע דען? — פֿרעגט ער האַסטיק.

— ניין, גאָרנישט.

— דו ביסט נאַטירלעך אַרומגעגאַנגען זוכן מיך, װען דו האָסט זיך דערװוסט, אַז איך בין אין שטאָט.

— אַרומגעגאַנגען?

— האַ האַ האַ! — לאַכט דער זעלבסטמערדער.

— יאָ, לעאָנאַרד, איך האָב דיך אַרומגעזוכט. צװיי טעג לאַנג. כ'האָב מיך נאָכגעפֿרעגט אין די האָטעלן

— אַך, הער אויף צו רעדן די נאַרישקייטן. יאָ, װאָס האָב איך נאָך געװאָלט פֿרעגן?

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, גלייך ווי געוואָלט זיך דערמאָנען, אָבער ער האָט זיבער גאָרנישט פאַרגעסן. ער האָט נאָר געוואָלט זיין צערייצטקייט פאַררעדן.

זיי קומען אין דער סאַנאַטאָריע, מען זעט קיין מענטשן נישט. דער זעלבסטמערדער האָט געוווסט, וואָס איז די סיבה, דאָס ביסעלע געסט איז איצט ביים מיטאָג אין עסצימער. אין קאָרידאָר קלינגט ער אָן און בעט דאָס דינסטמיידל, מען זאָל אים געבן אַ צימער פאַר זיין פרוי.

אין דעמזעלביקן אויגנבליק גייט דער אַדוואָקאַט אַרויס פון עסצימער, ער טוט אַ פּאַטש מיט די הענט און גריסט.

— איך הער, מען קלינגט, בין איך אַרויס זען, ווער עס איז. גוט מאָרגן, הער מאַגנוס! איר זענט אַ לאַנגע צייט נישט געווען. און דאָס איז, אויב כ'האָב קיין טעות נישט, אייער פרוי? איך האָב גלייך פאַרשטאַנען. מיט גליק, גנעדיקע פרוי, גרייט צו דעם נומער 106 פאַר פרוי מאַגנוס! — זאָגט ער צו דעם דינסטמיידל. און ער ווענדט זיך צו דעם זעלבסטמערדער און דערקלערט: — דאָס איז מיט איין גאָרן נידעריקער פאַר אייער צימער, אָבער מיר וועלן אייך אַריבערפירן אין נומער 105 — אַ צימער פאַר צווייען. איך ווייס נישט, איר האָט שוין געגעסן מיטאָג?

דער זעלבסטמערדער: — ניין, און מיין פרוי איז זייער הונגעריק.

— טאָ קומט גיכער, מיין טייערער, מיר האָבן זיך נאָר וואָס געזעצט צום טיש. אָ, איר זענט שיין אָנגעטון, ווי איר גייט, גנעדיקע פרוי. אין דעם אויגנבליק האָבן מיר נישט קיין סך געסט, אָבער איינגיכן דאַרף אָנקומען אַ גאַנצע מענגע, אפשר ווילט איר אויסטון דעם מאַנטל און דעם הוט? ניין?

— ניין, מיין פרוי איז אַ דערפרוירענע. — זאָגט דער זעלבסטמערדער.

— יאָ, עס הויבט אָן ווערן קאַלט אין די בערג, סאַמע הערבסטיקע היילונג-לופט. אָבער מען דאַרף זיך נאָר וואַרעמער אָנטון. אָט דאָ, ביטע.

דער אַדוואָקאַט האָט דאָס פּאָר אַריינגעפירט אין עס-זאַל. זיין

מינע איז געווען אַ גליקלעכע, געקומען מיט געסט. טאַקע מער נישט ווי מיט צוויי, אָבער דאָך איז גרעסער געוואָרן די קליינע געזעל־שאַפט אַרום טיש.

* *
*

נאָכן עסן האָט דער זעלבסטמערדער געשיקט אָפּנעמען זיין פרויס טשעמאָדאַן ביי דעם קרעמער. דער אַדוואָקאַט איז ווידער צו־געגאַנגען און האָט געזאָגט:

— איך האָב געהייסן ברענגען פאַר אייך קאַווע אין אייער פרויס צימער, מסתמא, האָב איך דאָך גוט געטון?

דער זעלבסטמערדער האָט גאָרנישט געענטפערט. אפנים, אַז ער וואָלט בעסער וועלן אויסמיידן צו בלייבן מיט איר אַליין. אפשר האָט ער געמיינט, אַז ער איז שוין צו ווייט אַוועק. ווען דער אַדוואָ־קאַט האָט אים געפרעגט, צי זאָל מען גלייך איבערטראָגן זיינע זאַכן אין נומער 105 האָט ער קורץ געענטפערט: ניין.

דער אַדוואָקאַט האָט אים פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט.

— איך בלייב אויבן, — האָט דער זעלבסטמערדער געזאָגט. מיין פרוי דאַרף זיין אינדערהיים, זי פאָרט גלייך אַוועק.

דער אַדוואָקאַט: — אָ, סאַר אַ פאַרדרוס! דערפאַר אָבער, גנע־דיקע פרוי, וועלן מיר אָננעמען אַלע מיטלען, אַז די קורצע צייט, וואָס איר בלייבט דאָ, זאָל אייך זיין וואָס אָנגענעמער. ליידער מוז איך אַליין מיך איילן אין מיין ביוראָ אין שטאָט, אָבער איך וועל שוין מאַכן די געהעריקע פאַראָרדנונגען.

אין דעם צימער ביי דער גנעדיקער פרוי זענען אַלע פאָר־האַנגען געווען אַראָפּגעלאָזן. דער זעלבסטמערדער האָט זיך אַ לאָז גע־טון ווי אַ שטורם צום פענסטער און אַרויפגעצויגן די גאַרדינען אינ־דערהויך.

— זיי מיינען, אפנים, אַז דו קאָנסט די זון נישט פאַרטראָגן, — האָט ער אויסגעברומט — אָבער וואָס איז מיט דיר? דו האָסט גע־זאָגט, אַז דיר איז קאַלט? דו ביסט קראַנק?

— ניין, ס'איז מיר נאָר אַ ביסל קאַלט, ס'איז גאָרנישט.

— ווי דען! מען קומט נישט צופאָרן אין די בערג אין זיי־

דענע זאָקן און אויסגעשניטענע שיכלעך.

ער האָט אויף גיך אויסגעטרונקען זיין קאַפע און געזאָגט:

— דו ביסט צוויי נעכט געשלאָפן אויף אַ סאָפע, װאָלט דיר נישט שאַדן בייטאָג צוצולייגן זיך. װאַרט, איך האָב ערשט אויסגערעכנט, נישט צוויי, נאָר דריי נעכט?

— איך וויים נישט, אפשר דריי.

ער האָט מיט אמתן יאוש אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

— נו, טו זיך אויס און לייג זיך! — האָט ער געזאָגט שיידנדיק זיך.

זי האָט הינטער אים אַ הוסט געטון, אַזוי אַז ער האָט זיך געמוזט אומדרייען.

— ניין, — האָט זי געזאָגט — דאָס איז גאָרנישט. אָבער זיי אויף מיר נישט בייז. זיי מיר מוחל דעם לעצטן מאָל!

— אַלע מאָל די זעלביקע נאַרישקייט! — האָט ער געענטפערט, אַ זיפּץ טוענדיק הויך

— ער איז איצט אַוועק פון מיר.

— אַוועק?

ער האָט, פאַרשטייט זיך, גוט געוווּסט, וועגן וועמען זי רעדט, און געענטפערט שפּאָטיש:

— סאַר אַן אומגליק, שטעל דיר פאָר — ער אַוועק!

— קיין אומגליק נישט. איך האָב אים אַליין אַוועקגעטריבן.

— האַהאַהאַ! — האָט דער זעלבסטמערדער זיך פונאַנדערגעלאַכט.

— יאָ, איך האָב אים אַוועקגעטריבן. שוין מיט עטלעכע חדשים צוריק. איך וואָלט עס דיר שוין לאַנג דערציילט, אָבער...

— אָבער דו האָסט מיר נישט פאַרגינען די פרייד?

— איך האָב מורא געהאַט.

— אין דיר איז, אפנים, נאָך פאַרבליבן אַזוי פיל חרפה און ערע, וואָס דו האָסט נאָך מורא?

— יאָ, יאָ, איך האָב מורא געהאַט. איך האָב צו דיר געשריבן הונדערט בריוו און נישט אָפּגעשיקט.

— אָ, גאָט מיינער! ס'אַרא ליגן דאָס איז! — האָט ער אויס-

געשריגן. — איך האָב דיר געשיקט אַ קאַרטל מיט אַ ווונש צו ווייַנאַכט, און דו האָסט מיר אַפילו נישט געענטפערט.

— ניין, דאָס איז אמת, דאָס איז אמת! אָבער דעמאָלט... דעמאָלט בין איך נאָך נישט געקומען צו זיך... עס איז דאָך שוין אַכט חדשים נאָך ווייַנאַכט. אָבער שוין באַלד אַ האַלב יאָר, אַז איך האָב אים אַוועקגעטריבן...

— וווהין זשע האָסטו אים אַוועקגעטריבן?

— וווהין? איך ווייס נישט. ער איז אַוועקגעפאָרן. זינט דעמאָלט האָב איך אים נישט געזען. דאָס איז געווען זומער. אפשר איז ער אין אַמעריקע. איך וואָלט בעסער וועלן, ער זאָל זיין טויט.

— האַהאַהאַ! — האָט זיך דער זעלבסטמערדער ווידער פונאַנדערגעלאַכט.

— יאָ, ער זאָל שטאַרבן, ליגן טיף אין דער ערד.

— צו וואָס, אייגנמלעך, אַזאַ אכזריות? דער געליבטער, די ערשטע ליבע און אַזוי ווייטער.

— מיר האָבן טאַקע געדאַרפט חתונה האָבן, — האָט זי געזאָגט — יאָ, אַזוי איז עס געווען אָפּגעמאַכט, איך האָב דיך געוואָלט בעטן, דו זאָלסט מיר געבן גט, און דעמאָלט וואָלטן מיר חתונה געהאַט. אַזוי האָבן מיר אָפּגערעדט.

- איך וויל מער גאָרנישט הערן! — האָט איר דער זעלבסטמערדער פּלוצלינג איבערגעריסן.

— ער האָט מיך פאַרפירט.

— איך וויל מער גאָרנישט הערן, זאָג איך דיר.

— רעכט. — האָט זי געענטפערט און גערהאָרכזאַם אָפּגעריסן.

— און איצט דערלויב מיר אַוועקצוגיין: — האָט ער געזאָגט.

אַ מאָדנע זאַך! ער איז שוין נישט געווען אויפגערעגט, נישט פאַרביסן. די ידיעה, אַז אַ געוויסע פּערזאָן איז אַוועקגעפאָרן און מער נישטאָ, האָט אויף אים קיין אומאַנגענעמע ווירקונג נישט געהאַט. אַרויסגייענדיק, האָט ער זיך אַפילו אין דער טיר אויסגעדרייט און געזאָגט:

— איך ראָט דיר אַ ווײַלע צולייגן זיך. זיי נישט אַזוי איינ-געשפּאַרט.

זי איז גאָרנישט געווען איינגעשפּאַרט. ווען ער איז אַרויס, האָט זי תּיפף גענומען צוגרייטן דאָס בעט. דער זעלבסטמערדער האָט איצט געהאַט ווענן וואָס צו טראַכטן און ער איז אַוועק צו זיך אין צימער. דאָ איז אַלץ געווען אומגעענדערט, נאָר אַביסל שטויביקער. ווען ער איז נישט געווען, האָט מען דעם צימער נישט צוגעקליבן — מען האָט אים גאַנץ אומזיסט געהאַלטן פאַר אַ שגעון, וואָס קאָן נישט איבערטראָגן קיין געווּעש, און די דינסט-מיידלעך האָבן מיטגעפילט זיין ליבע צו שמוץ. ער האָט אַ בליק געטון דורכן פענסטער: איינער פון די בנינים אין הויף איז שוין פאַרגרעסערט געווען אויף דער העלפט, און חוץ דעם האָט מען אויף אים אויסגעבויט אַ נייעם גאָרן. די בעלי מלאכות האָבן גע-זעגט, געקלאַפּט און געשלאָגן טשוועקעס מיט אַ מוראַדיקן ליאַרם, ערגעץ ווייט ביי די אָזערעס האָבן געקנאַלט שאָסן — דאָס האָט מען מיט מינעס אויפגעריסן די בערג. אָבער דאָס אַלץ איז אים קנאַפּ אָנגעגאַנגען.

ס'דאָזיקע צימער איז אין משך פון פופצן חדשים לאַנג גע-ווען זיין היים, ער קאָן עס איר באַווייזן, זי קאָן אַרויפגיין און זען, ווי ער האָט געלעבט. ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געהערט, אַז איר זאָל זיין אַ רחמנות אויף אים, וואָס ער האָט אַזוי שלעכט געלעבט, קיין איין וואָרט נישט. וואָס אייגנטלעך דאַרף זי דאָ? כּדי ווידער צו בעטן פאַרצייונג „דעם לעצטן מאָל”? דער זעלבסטמערדער האָט אַ קרעכץ געטון. גלייך ווי אים וואָלט שוין באמת מיאוס געוואָרן די דאָזיקע טראַגיקאָמעדיע. ער האָט גע-מאַכט דעם אָנשטעל, כּאָטש פאַר זיך אַליין, אַז ס'קלעקט שוין, כּלומרשט, פאַר אים, אָבער ער וואָלט זיכער געווען זייער אומ-צופרידן, ווען זי וואָלט ביי אים קיין פאַרצייונג נישט געבעטן. ס'איז, אפנים, געווען אַזאַ פּיין פאַר זיינע אויערן צו הערן איר ביטע.

יאָ, דאַכט זיך אַזוי. יאָ, געוויס. אים איז שוין, איבעריקנס, בכלל מיאוס געוואָרן פונאַנדערצוקלייבן זיך אין דער געשיכטע.

הוץ דעם האָט זיך אים אָנגעהויבן װעלן שלאָפן, ער האָט דאָך אויך נישט איבעריק גוט געשלאָפן די נאַכט, װאָס ער איז אָפּגע־לייגן אין װאַלד אונטערן פרייען הימל.

ער איז אַנטשלאָפן געװאָרן מיט אַ טיפן, שטאַרקן שלאָף און האָט זיך נישט אויפגעכאַפּט נישט פון די אויפרייסן אין די בערג, נישט פון דעם טומל פון די בויאַרבעטער, נאָר פון אַ פיל לייכ־טערן גערויש. ער האָט דערהערט, װי אַ װאָגן איז אַריינגעפאָרן אין הויף, און עמעצער האָט אַ פערד אָפּגעשטעלט „טפּרו".

ער איז צוגעגאַנגען צום פענסטער און אָפּגעעפנט עס. טיף אונטן זעט ער: עמעצער איז געקומען. פריילין עלינגסען איז אַרויסגעקראָכן פון װאָגן. װאָס דאַרף זי דאָ װידער? דאָס גייט אים נישט אָן, אָבער, מסתּמא, האָט דאָך אויך די פריילין עפּעס אַ מיין מיט איר רייזע. אַלע קומען זיי און פאָרן צוריק אַװעק, אַלע איילן זיך אַהין און אַהער, האָבן עסקים און זענען אַריינגע־טון אין זייערע ליידן און פריידן, און צו װאָס דאַרף מען דאָס אַלץ?

אים איז קאַלט און ער טרייסלט זיך! עס איז שוין שפּעט. אין אַ טיף נידערגעשלאָגענער שטימונג גייט ער אַראָפּ פון די טרעפּ און בלייבט שטיין פאַר דעם צימער פון זיין פרוי. אפשר שלאָפט זי נאָך. ער הערט, װי אינעװייניק װיינט עמעצער און ער גייט שנעל אַריין.

— האָס איז אַזוינס? — פרעגט ער בלומרשט פאַרװוּנדערט.

— אַנטשולדיק, — זאָגט זי — איך װעל באַלד..

— װאָס װעסטו באַלד? בלייב רויק ליגן, אויב דו װילסט, עסן קאָן מען דיר דערלאַנגען אַהער. דו ביסט דען נישט גע־שלאָפן?

— יאָ. ס'הייסט, ניין, איך װייס נישט. — ס'האָט אויסגעװיזן, אַז זי זוכט אַן ענטפער, װאָס זאָל אים װאָס מער געפעלן זיין. לסוף האָט זי זיך באַשלאָסן: יאָ, איך בין, מסתּמא, געשלאָפן, פון אָנהויב, אַ היפּשע צייט. ס'איז געװען גוט צו שלאָפן. און דו?

— איך. — האָט ער אַ פאַרשקע געטון.

— יאָ, לעאָנאַרד, דו דאַרפסט זיך אויסשלאָפן, דו ביסט אַזוי אויסגעמאַטערט, איך זע דאָך.

— לאָמיר נישט רעדן וועגן מיר.

— נו, נישט רעדן, אָבער דו ביסט גרוי געוואָרן. ווען איך בין דאָ געלעגן, האָב איך וועגן דעם געטראַכט.

דער זעלבסטמערדער האָט אַ דונער געטון

— איך וויל נישט, מען זאָל רעדן וועגן מיר, הערסטו?

— יאָ.

וויבאַלד אַז אים איז געווען אַזוי דערווידער, וואָס מען האָט אויף אים רחמנות, טאָ וואָס זשע איז ער געווען אַזוי גערירט און האָט פאַרלוירן די גאַנצע פעסטקייט זיינע? אפילו אַ כוואַליע פון נאַרישער זיסקייט איז איבער אים אַדורך. ווי זאָל מען עס דערקלערן, וואָס פריער האָט זי אים נישט אַרויסגעוויזן איר מיטלייד? אפשר האָט זי פשוט נישט געוואַגט, גאָט ווייסט. פאַר זיך האָט ער זי אַנטשולדיקט: אויב דאָס איז נאָר געווען פאַרגעסלעכקייט פון איר זייט, קאָן מען עס מוחל זיין. פון דער אַנדער זייט אָבער האָט ער דאָך נישט געקאָנט זיין קיין שמאַטע און שמייכלען און מסכים זיין אויף אַלץ, וואָס זי וועט זאָגן. טאָ זאָל וועגן דעם קיין רייד נישט זיין!

אויף דעם, וואָס זי האָט תיכף נאָך דעם געזאָגט, האָט ער זיך זייער פאַרוואונדערט.

— איך וויים, פאַרוואָס דו ווילסט נישט אַריבער אין דעם צימער, וואָס לעבן מיר...

— דו ווייסט עס? פאַר וואָס?

— פשוט, ווייל דו ווילסט נישט. און דאָס וואונדערט מיך נישט. ווייל — איך האָב פאַרלוירן...

ער פאַרשטייט נישט: — דו האָסט פאַרלוירן? דו מיינסט, מסתמא — דו ביסט פאַרלוירן.

— דו האָסט באַמערקט אַ פאַרענדערונג אין מיר. — זאָגט זי.

דאָ האָט זיך ווי אַ שיין אַדורכגעטראָגן איבער זיין מוח, און ער האָט געטון דאָס, וואָס זי האָט נישט געטון: ער איז רויט געוואָרן און האָט אַראָפּגעלאָזן די אויגן.

קיינער פון זיי האָט מער נישט גערעדט.

ער איז צוגעגאַנגען צום פענסטער און גענומען קוקן אין הויף אַריין.

— נו, דער אַדוואָקאַט פּאַרט, אפנים, אַוועק, — האָט ער געמורמלט, און זיין שטים האָט געציטערט — המם, איך זע, ער וויל זיך באַנוצן מיט פּריילין עלינגסענס פור — פּריילין עלינגסען איז נאָר וואָס געקומען. יאָ. דאָס מאָל האָט ער זיך דאָ לאַנג פאַרזעסן. דער דאָקטאָר שטייט דאָרט אויך. המם, אין תוך גענומען, האָב איך געדאַרפט מיטן דאָקטאָר וועגן עפּעס איבעררעדן. ס'איז ווידער אָנגעקומען אַ בריוו פון מאָסן, פון אַנטאָן מאָסן, און דער דאָקטאָר האָט געלייענט. יאָ, איז וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן?

אַ לאַנגע פּויזע.

דעמאָלט האָט ער זיך אומגעקערט און איז אָפּגעטראָטן פון פענסטער.

— וואָס זשע ווילסטו נאָך דעם פון מיר האָבן? — האָט ער געפרעגט גאַנץ רויק. — צוליב וואָס ביסטו געקומען?

— צוליב וואָס? — האָט זי נאָר געענטפערט און געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— איך פאַרשטיי נישט — דאָס הייסט, דו האָסט דאָך, מסתמא, עפּעס אַ מיין?

— דו ווייסט דאָך, מסתמא, ווערן גטן זיך... זעלבסטפאַרשטענדלעך.

— יאָ, פאַרשטייט זיך, מען קאָן זיך גטן. אַט פּאָרט שוין, אפנים, דער אַדוואָקאַט אַוועק, יאָ, מען קאָן זיך גטן. טו וועגן דעם אַ טראַכט. וואָס פאַר אַ טאָג האָבן מיר הייַנט?

זיי האָבן ביידע פאַרקנייטשט די שטערנס און גענומען דערמאָנען זיך.

דעם אמת זאָגנדיק, איז אים איצט אַלץ איינס, צו וואָס דאַרף ער עס וויסן? די פראַגע האָט זיך ביי אים גאַנץ צופעליק ארויסגעריסן פון מויל. ס'איז נישט לייכט צו זיין אויף זיין אָרט.

עס איז אפשר אויך נישט לייכט געווען צו זיין אויף איר אָרט.

*    *
*

ער האָט זיך אַוועקגעשלעפּט איבער דעם באַקאַנטן וועג צום „פּעלז”. אָט זענען דאָ די קוסטעס, אָט דער ווייסער שטיין, און דאָ — דער שפּאַלט, אַלץ ווי אַמאָל. אין תּוך גענומען, איז ער נישט געווען צעבראָכן, אין תּוך גענומען, איז פאַר אים קיין זאַך נישט געווען אומדערוואַרט, מער נישט, וואָס איצט איז אַלץ קלאָר געוואָרן. און איצט, נאָך דער קאַטאַסטראָפע, געפינט זי אַז ס'איז די פּאַסיקע צייט זיך צו גטן? ריכטיק, אָבער וואָס וועט זיין מיטן קינד, מיט דער קליינער לעאָנאָרע? זי רעדט שוין, זי איז אַזוי ליב. נאַטירלעך, זי האָט זיך שוין לאַנג אויסגעלערנט גיין, זי קאָן אפילו שפּרינגען, האָט שיכלעך אויף די פיס, קליידע־לעך... האַ! סאַר אַ וואונדער! זי זאָגט שוין, מסתמא, מאַמאַ און פּאַפּאַ. המם. גענוג וועגן דעם צו טראַכטן. אַזוי, צוליב דעם זע־נען מיר עס געקומען, דערפאַר דאַרפן מיר עס האָבן אַ וועג־מאַנטל און זענען געקומען. מיר האָבן זיך אַזוי געענדערט. אַך, דאָס איז אַלץ גאָר נישט שיין. און וואָס זאָלן מיר טון? ווו זאָלן מיר אונזער פּנים פאַרבאָרגן? און די קליינע לעאָנאָרע זאָגט גאָר נישט פּאַפּאַ. נאַרישקייט, ווי האָט זי זיך עס געקאָנט אויסלערנען? מען דאַרף זיך נישט נאַריש מאַכן. דאָס איז אַלץ נישט שיין... געווים... פונדעסטוועגן... פונדעסטוועגן...

אָט גייט זי — זי גייט שיין, זי וויגט זיך אַ ביסל גייענדיק און זי זעט אויס פיין. אַ גרויסער הוט, קליינע שיכלעך, הענטשקעס. היט זיך! דאָרט איז אַ שפּאַלט! נישט פאַר דאַמען! בראַוואָ! זי שפּרינגט אַריבער דעם שפּאַלט לייכט—אַ וואונדערלעכע פרוי! ווי זאָל ער זי באַגעגענען? זיצנדיק דאָ אויבן אויפן „פּעלז” און פון שפּיץ אַראָפּקוקנדיק? נאַרישקייט. מיר שטייען אויף און וואַרטן, ביז זי קומט אַהער, און דאַן זאָל זיין, וואָס ס'וועט זיין. אַז מען טוט אַ ביסל טיפער אַ טראַכט וועגן דער געשיכטע, וועגן איר ראָמאַן, איז גאָר קיין וואונדער נישט, וואָס זי האָט נאָכגעגעבן יענעם מנוול, ווען ער האָט איר צוגעזאָגט, אַז ער וועט מיט איר חתונה האָבן... מען דאַרף נאָר רויק קוקן דעם אמת אין די אויגן.

ער שרייט צו איר: — צו וואָס גייסטו אַהער אין די בער־ אין דיינע דינע שיך?

— איך גיי מיט אַ שליחות. — האָט זי געענטפערט, כדי אים גלייך צו אַנטוואָפענען. — איך האָב באַגעגנט דעם דאָקטאָר, האָט ער מיך געבעטן, איך זאָל דיר זאָגן, אַז פאַר דיר איז אָנ־ געקומען אַ בריוו.

זי האָט דאָס, פאַרשטייט זיך, געקומען מער נישט, ווי פאַר אַן אויסרייד, וואָרום ער האָט דאָך שוין געוווּסט וועגן בריוו.

— דאָס איז פון מאַסן, — האָט ער געזאָגט — נישטאָ זיך וואָס צו איילן.

— דאָס פלעגסטו אַהערצו גיין שפּאַצירן? — האָט זי גע־ פרעגט.

— יאָ, אַהער.

— אינטערעסאַנט צו זען, ווו דו גייסט אַרום, — האָט זי גע־ זאָגט און נייגיריק זיך אַרומגעקוקט — און דו פלעגסט אַלע מאָל זיצן אָט אויף דעם שטיין?

— יאָ, דאָ פלעג איך זיצן.

— דאָ פלעגסטו זיצן און קוקן אין דער ווייטן. יאָ, יאָ...

ער: הייסט עס, דו האָסט נישט געשלאָפן?

— ניין, געשלאָפן. נאָר ס'איז געוואָרן אַזוי איינזאַם, און אין דעם דערבייאיקן צימער האָט מען אַזוי פיל און הויך גערעדט.

— אין נומער 107? דאָס איז בערטעלסען. דאָס איז זיין צימער. ער הייסט בערטעלסען.

— איך האָב געטראַכט, אפשר זאָל איך פאָרן אַהיים און קומען צו דיר מיט לעאַנאַרען?...

— אַהער?

— און אפשר נישט. ניין, ניין, אָבער דו ווילסט, מסתמא, נישט קומען אַהין אַ קוק טון אויף איר. דאָס ווילסטו נישט. אָבער דו ביסט אַזוי לאַנג געווען אַליין. איך האָב געמיינט, אפשר וואָלט דיר מיט איר פרייליכער געווען...

— וועגן דעם וועט מען נאָך קאָנען אַ טראַכט טון, אפשר ווילסטו זיך צווועצן און אָפּרוען?

— יאָ, אַ דאַנק.

לויטער הכנעה. דאָס האָט אויף אים געווירקט. זיין פעסט־קייט איז דערווייכט, בויגעוודיק געוואָרן. ער האָט געפרעגט:

— דו האָסט, הייסט עס, געוואָלט אהער אַראָפּקומען מיטן קינד און דאָ בלייבן?

— ניין, נישט איך, דאָס האָב איך נישט פאַרלאַנגט, נישט געזאָגט!

— אָבער זי קאָן דאָך דאָ מיט מיר אַליין נישט בלייבן.

— יאָ, וועגן דעם האָב איך נישט געטראַכט, גאָר קיין טראַכט נישט געטון, ניין.

— איבעריקנס, דאָ טויג בכלל נישט צו בלייבן, — זאָגט ער מיט דער גאַנצער אומצופרידנהייט פון דער סאַנאַטאָריע — דאָ איז קיינמאָל קיין פלייש נישטאָ. מיר לעבן דאָ מיט פאָרעלן און מיט קאָנסערוון. דאָס קינד וואָלט דאָ פון שלעכטער דערנערונג גע־שטאָרבן.

— איך ווייס נישט, וואָס מיר זאָלן טון. דו דאַרפסט אַליין באַשליסן.

— איך האָב געזאָגט, אַז מען דאַרף וועגן דעם אַ טראַכט טון, — האָט ער געזאָגט און זיך אויפגעהויבן — ס'ווערט אַ ווינט, צו קאַלט פאַר דיר, לאָמיר גיין אַהיים.

— ס'איז מיר נישט קאַלט. איך טראָג אַזאַ דיקן מאַנטל.

— שטיי אויף, דאָס איז אַ בערג־ווינט. דו פאַרשטייסט עס נישט.

זי האָט זיך אויפגעהויבן נאָך פריער, איידער ער האָט גע־ענדיקט רעדן, און איז ווייטער געווען לויטער געהאָרכזאַמקייט. דאַן האָבן זיי זיך גענומען אַראָפּלאָזן פון די בערג. לעבן דעם שפּאַלט האָט ער איר דערלאַנגט די האַנט, און נאָכדעם, כּדי די הילף זאָל זיין אַן אמתע, האָט ער איר געמוזט געבן ביידע הענט, און אויפנעמען זי אין די אָרעמס. דאָס איז, מסתּמא, געווען מער, ווי זי האָט געקאָנט דערוואַרטן. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזן, דער קאָפּ האָט זיך ביי איר פאַרדרייט. ווען זיי זענען אַריבער, האָט

זי געפֿילט אַ שוואַכקייט אין די קני און האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד.

— נו, רו זיך אַביסל אָפּ, — האָט ער געזאָגט.

— ניין, נישט דאָס איז עס... איך בין אַזוי פֿאַרצווייפֿלט. אַט גייסטו מיט מיר אַזאַ פֿריינטלעכער און אַ גוטער... ווען איך וואָלט נאָך געווען אַזאַ, ווי איך בין פֿריער געווען... אָבער איך בין געוואָרן אַזאַ מיאוסע און אַ פֿאַרענדערטע. און חוץ דעם האָב איך די אַלע נאַרישקייטן אָפּגעטון...

— נו, גענוג, גענוג. עס ווערט טונקל. מען דאַרף זיך צו־איילן...

* *
*

דעם אָוונטברויט האָט מען זיי דערלאַנגט אין צימער. אין נומער 107 איז מען נאָך אַלץ געזעסן און מען האָט געלאַכט.

— דו ווילסט, איך זאָל מאָרגן אינדערפֿרי אַוועקפֿאָרן? — האָט זי געפֿרעגט.

— וואָס פֿרעגסטו מיך וועגן דעם?

— יאָ, דו דאַרפֿסט באַשליסן.

— ניין, ענטפֿערט ער קורץ.

— ווען גייט אָפּ דער צוג מאָרגן אינדערפֿרי?

— שרעקלעך פֿרי. דו וואָלסט געדאַרפֿט אויפֿשטיין פֿיר דעם זייגער, איך מיין, אַז דאָס האָט נישט קיין זינען.

— רעכט, אַדאַנק דיר.

זיי האָבן נאָך אַ ווײַלע געשמועסט, זיי זענען איצט ביידע געווען רויק. און ער האָט איר געגעבן אָנצוהערעניש, אַז ס'איז נישט גוט, אַ דאַמע זאָל איינע אַליין פֿאָרן מיט דער באַן, אַזוי איז עס. מ'קאָן נישט זאָגן, אַז ער האָט איר אָנגעבאָטן צו באַגלייטן זי אַהיים, אָבער ס'האָט אויסגעוויזן, אַז דאָס איז אויך נישט גאָר אוממעגלעך, ווען ער האָט איר שוין געזאָגט: אַ גוטע נאַכט, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אַזוי ווי אומאַנטשלאָסן, באַטראַכנדיק די וואַנט.

— הייסט עס, וועלן מיר זיך מאָרגן זען.

זי האָט אים אָנגענומען פאַר דער האַנט און באַדאַנקט, הייס געדאַנקט. זי האָט זיך געטרייסלט, און ווען ער האָט געפרעגט, צי איר איז קאַלט, האָט זי געענטפערט: יאָ.

— דאָס איז דיין שפּאַציר אין די בערג צו דעם „פעלז", לייג זיך, דו דאַרפסט זיך אויסשלאָפן.

זי האָט זיך גלייך גענומען פונאַנדערשפּיליען, און איידער ער איז נאָך דערגאַנגען ביז דער טיר, האָט זי שוין אויסגעטון דעם מאַנטל. ער איז געווען אַ ביסל פאַרוואונדערט און איז געבליבן שטיין.

- איך וועל טון, ווי דו זאָגסט. — האָט זי זיך געאיילט צו דערקלערן.

איר איז געווען קאַלט, עס האָט איר געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן, און זי האָט זיך פונאַנדערגעשפּיליעט, אַלץ ווייטער פונאַנדער-געשפּיליעט.

אים האָט געוואונדערט, וואָס זי איז נישט דיק, זי איז געווען ווי אַלע מאָל. פאַרוואָס זשע האָט זי געטראָגן דעם מאַנטל?

— גוט אַזוי, טו זיך גיכער אויס און לייג זיך, וועט דיר וואַרעם ווערן. — האָט ער געזאָגט, אַבי עפּעס צו זאָגן.

און זי איז געווען געהאָרבזאַם און נאָכגיביק, האָט געאַרבעט מיט די קליידער, געריסן זיי פון זיך איינס נאָכן אַנדערן און צונויפ-געוואָרפן אין איין קופּע אויף אַ שטול.

— פאַרוואָס זשע האָסטו דעם גאַנצן טאָג דעם מאַנטל נישט אויסגעטון? — האָט ער פלוצלינג אַ פרעג געטון פאַרוואונדערט.

— דעם מאַנטל? מיר איז געווען קאַלט. — האָט זי געענטפערט.

— דאָס איז, מסתמא, די באַרגלופט, ווי דו האָסט געזאָגט. דיר וואָלט דען אָנגענעמער געווען, ווען איך וואָלט דעם מאַנטל אויסגעטון?

— ניין, אָבער, פאַרוואָס... איך פאַרשטיי נישט.

— ניין. — האָט זי אויך געזאָגט, און געשאָקלט מיטן קאָפּ. — איך בין דאָך אַזוי פאַרענדערט, אַז איך קאָן מיך באַגיין מיט דעם מאַנטל פון אַן אַלטער פרוי, ס'איז אַלץ איינס.

— וואָס הייסט דו ביסט פאַרענדערט?

— אַך גאָט מיינער! דו זעסט נישט, די הויט איז געוואָרן מיאוס, די ברוסט — אַ פלאַכע. — פלוצלינג האָט זי אויף אים אַ בליק

געטון מיט גרויסע אויגן: וואָס האָסטו דען געמיינט?

— איך? גאָרנישט.

— דו קוקסט מיך אָן אזוי פאַרוואונדערט. זאָג, וואָס האָסטו געמיינט?

— איך זע נישט, דו זאָלסט זיין אַזוי פאַרענדערט. — האָט ער געזאָגט.

— אָ, איך פאַרשטיי! — האָט זיך ביי איר אַרויסגעריסן. — דו האָסט געמיינט, אַז איך בין... יאָ, אַז איך דאַרף עפּעס באַהאַלטן אונטערן מאַנטל?

— ניין, גאָר אַ נייעס! — האָט ער אַ צעמישטער געגומען אָפּ-לייקענען.

— ניין, ניין, ניין! דו האָסט געטראַכט! אָבער ס'איז דאָך אַזוי אויך גענוג שלעכט, איך בין דאָך שולדיק, וואָס דו ביסט פון דער היים אַנטלאָפן.

— גענוג, לייג זיך אַוועק! — האָט ער געהייסן, אויפגעהויבן די קאָלדרע, און איינגעדעקט זי. ער האָט נאָך נישט באַוויזן דאָס צו ענדיקן, ווי זי האָט זיך שוין ווידער אַוועקגעזעצט.

— ניין, לעאָנאַרד, איך בין דעמאָלט געווען פאַרליבט, — האָט זי געגומען קדחתדיק רעדן — איך בין געווען לייכטזיניק און נאַריש, אָט וואָס איך בין געווען. און דעמאָלט האָב איך געטרונקען וויין אָבער פון דעמאָלט אָן האָב איך עס מער נישט געטון. ניין, אַז איך בין נישט געווען אַזאַ שלעכטע, ווי דו מיינסט.

— איך זאָג נאָר, אַז דו דאַרפסט זיך לייגן שלאָפן, — האָט ער געזאָגט פאַרלעגן און זי ווידער איינגעדעקט אין דער קאָלדרע. אַ שטאַרקע פרייד האָט אין אים אויפגעפלאַמט. ער האָט זי ווידער, זיין אייגענע פרוי געהערט ווידער צו אים. פון דאַנקבאַרקייט וויל ער פאַר איר עפּעס טון און ער זאָגט:

— איך וועל דאָ זיצן, ביז דו וועסט איינשלאָפן.

— יאָ, דו וועסט עס טון? — האָט זי אויסגעשריגן מיט שמחה און דאַנק. דאָס איז פאַר איר געווען ווי אַן אמתע מתנה. זי האָט אים אַזוי געדאַנקט, ווי ער וואָלט פאַר איר גאָט ווייסט וואָס גע-

טון. — אָבער דו זאָלסט מיך אויפוועקן, בשעת מען וועט דאַרפן די טיר פאַרשליסן.

ער האָט א טראַכט געטון. יאָ, דאָס וועט ער, אפנים, מוזן טון. אָבער סאַר א נאַרישקייט דאָס איז, צו וועקן זי נאָכדעם ווי זי וועט איינשלאָפן. עס איז פאַר איר אַזוי נייטיק דער שלאָף. וואָס וועט זיין, אז ער וועט זי פאַרשליסן פון דרויסן און דעם שליסל נעמען מיט זיך?

— יאָ. — איז זי דאַנקבאַר מספים און דריקט אים די האַנט ווינשנדיק א גוטע נאַכט.

— און מאָרגן אינדערפרי וועל איך באַצייטנס עפענען. — זאָגט ער צו.

ווען זי איז אַנטשלאָפן געוואָרן, האָט ער זיך אָן א שיעור פאָרזיכטיק אַרויסגעגנבעט, פאַרשלאָסן די טיר און דעם שליסל מיט זיך גענומען. ער איז געווען אויסער זיך פון אַנטציקונג, האָט זיך אַראָפּגעלאָזן איבער די טרעפּ אויף דער גרויסער וועראַנדע און איז אַוועק ווייטער איבערן הויף. ער האָט געשמייכלט און פאַר זיך גערעדט נאַרישע ווערטער.

— אין תוך גענומען, איז עס משונה, וואָס אויף דער וועלט קאָנען זיין אַזעלכע גליקלעכע רגעס.

ער האָט איצט באַמערקט, אַז ס'איז א פייכטער אָוונט, פון די בערג לאָזן זיך אַראָפּ נעפּלען, אין דער לופט טראָגט זיך דער טעם פון הערבסט. אויפן הימל זענען ווייניק שטערן, און זיי זעען אוים ווי ס'וואָלט זיי געווען טרויעריק. וואָס זאָל עס באַטייטן? אָפּטמאָל ליגט עפּעס אַן אומעט איבער די שטערן, נישט אַלע מאָל איז זייער אויסדרוק א פרייל־עכער און א פריינט־לעכער.

ביים דאָקטאָר אין ביוראָ איז געווען ליכטיק. ער קאָן תיכף אַריינגיין און הערן, וואָס שרייבט מאַמע אין זיין בריוו. מען קאָן נישט זאָגן, אַז דאָס זאָל נאָך פאַר אים זיין אינטערעסאַנט. א בריוו פון מאַמען איז פאַר אים איצט געווען א זייטיקע זאַך. אָבער איצט, ווען ער געפינט זיך אין א געהויבענער שטימונג, קאָן ער דעם אַלטן חבר, מסתמא, פאַרגינען א ביסל שפּאַטן און בייז

זיין. זאָל ער, נעבעך! מאָס האָט דעם בריוו געשריבן אַליין מיט פיינע גלייבע שורות, מיט שיינע אותיות, מיט אָפּשטעל-צייכנס, ס'האָט אויסגעזען, אַז ער האָט אינגאַנצן צוריק באַקומען די שיין פון די אויגן. ער האָט מודיע געווען, אַז פון דער עקזעמע האָט ער זיך אינגאַנצן אויסגעהיילט און איצט קלייבט ער זיך אַהיים; עס וועט אים זייער פרייען צו געפינען אויך דעם זעלבסטמערדער מאַגנוס אין כריסטיאַניע אַן אויסגעהיילטן ווי ער אַליין.

— איך וועל אים די פרייער פאַרשאַפן, — האָט דער זעלבסט-מערדער געזאָגט: איך וועל טאָקע צו אים אַריינגיין, ווען איך וועל איצט צוריקקומען אַהיים.

— איר קלייבט זיך פאָרן אַהיים? — האָט דער דאָקטאָר געפרעגט.

- יאָ, מאָרגן.

דער דאָקטאָר האָט גאָרנישט נישט דערמאָנט וועגן זייער אַמאָליקן שמועס, נישט דערמאָנט וועגן זיין פרוי, נישט געגעבן צו מערקן, אַז ער געדענקט עפּעס וואָס. ער האָט נאָר געזאָגט:

— עס איז פיל געשען, זינט איר האָט אונז פאַרלאָזן. גרויסע זאַכן, אַ מאָרד

דער זעלבסטמערדער האָט נישט געענטפערט.

— איר זענט געווען באַקאַנט מיט די פּערזאָנען פון דער דראַמע?

— וואָס נוגע מאַסן, — האָט דער זעלבסטמערדער געזאָגט— איז עס אַ דערפרייענדיק געשעעניש.

דער דאָקטאָר האָט אַ טראַכט געטון: — איך ווייס נישט.

— איר ווייסט נישט?

— איך מיין, אַז איר דאַרפט אים נישט זוכן אין כריסטיאַניע

— פאַרוואָס נישט?

— ער איז זיכער נישטאָ אין כריסטיאַניע. — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט.

דער זעלבסטמערדער ווערט צעמישט.

— אַך, אַלץ וואָלט איצט געקאָנט זיין אַזוי גוט, — האָט ער

אויסגעשריגן — און איר רופט בײַ מיר ווידער אַרויס אַ ספק. פאַרוואָס איז קײנמאָל נישט אַלץ גוט? אַלע מאָל דאַרף זיך עפּעס שלעכטס אַרײַנמישן!

איצט האָט דער דאָקטאָר געשוויגן.

— פאַרוואָס ענטפערט איר נישט? — האָט דער זעלבסט־מערדער געפרעגט.

— ווײַל איך ווייס נישט, פאַרשטייט זיך, — האָט דער דאָקטאָר געשמייכלט — איר מיינט דען נישט, הער מאַגנוס, אַז גוט און שלעכטס זענען רעלאַטיווע באַגריפן?

— ניין! — האָט דער זעלבסטמערדער אויסגעשריגן — דאָס זענען נישט קײן רעלאַטיווע באַגריפן.

— רעכט, זאָל זײַן אַזוי. אײַער פרײַנט מאָס האָט ווידער געזונטע אויגן, און דאָס איז שוין אויך פיל.

— הייסט עס, אַז ס'איז נישט געווען קײן פּשוטע עקזעמע?

— כּסתמא נישט.

דער זעלבסטמערדער האָט זיך אויפגעהויבן.

— ס'איז מיר געוואָרן אומהיימלעך מיט אײַך, דאָקטאָר. איך גיי אַוועק. ס'הייסט, גראָד הײַנטיקן אָוונט וועל איך מער וועגן דעם נישט טראַכטן.

מער האָבן זיי נישט גערעדט, נישט פאַרבראַכט, קײן ווערטער מיט קאָניאַק נישט געטרונקען.

— אַ גוטע נאַכט! — האָט דער זעלבסטמערדער געזאָגט.

ער איז צוריק אַוועק אויף דער גרויסער וועראַנדע.

אַ מאָדנע זאַך, ווי די לופט איז געוואָרן שווער מיט עפּעס אַ ווערגנדיקער משא, פון וועלכער האָט געטריבן אַראָפּ מיט אַ קעלט. דער נעפּל האָט זיך געקנוילט, ס'האָט איבעריקנס אויסגעזען, אַז ער וועט באַלד זיך פונאַנדערגיין, ווײַל אַ ווינט האָט אָנגעהויבן בלאָזן. לעבן דער ווינונג פון דער דינערשאַפט האָט ער דער־זען ליכט: אַ מענטשן מיט אַ לאַמטערנע גייט. אין נעפּל זעט עס אויס ווי אַ קלײנע רונדע שײַן. די לאַמטערנע האָט, דאַכט זיך, מער נישט געקאָנט באַלויכטן, ווי זיך אַליין. ס'האָט אויסגעזען משונה.

ער איז נענטער צוגעגאַנגען און דערזען, אַז דאָס איז דער בריוו־טרעגער.

— איר זוכט עפּעס?

— דער בריווטרעגער ענטפערט: — אוודאי זוך איך.

— וואָס האָט איר פאַרלוירן?

— איך האָב פאַרלוירן אַן אַסיגנאַציע פון פינף קראָן. איך בין פריער אַרויס אויף אַ רגע אין דרויסן און האָב זי דאָ געמוזט פאַרלירן. אָבער עס הויבט אָן צו ווערן ווינטיק, און ס׳וועט נאָך פאַרטראָגן ווערן. דאָס זענען געווען פינף קראָן.

— גייט נישט אין אַזאַ שלעכטן וועטער אָן אַ היטל און זוכט נישט אַזאַ נאַרישקייט. נאָט אייך פינף קראָן.

— מיר? פאַרוואָס?

— אייך, איר האָט מיר פיל מאָל געבראַכט בריוו און קאַרטלעך, און איך פאָר מאָרגן אַוועק.

ער האָט דעם אָרעמען מענטשן זיכער דערפרייט, און איצט גייט ער אַוועק אין אַ געהויבענער שטימונג. ס׳איז קאַלט, פייכט, פינסטער, אָבער אַ ווונדערלעכע זאַך, הײַנט אַרט עס אים נישט. אַרום דעם פּעלץ הויבט אָן סומנע צו רוישן, דאָס איז דער ווינט. עס ווערט קאַלט, אָבער העלער. דער נעפּל ציט זיך אַראָפּ שטיקערווייז אין וואַלד אַרײַן. זאָל נישט זײַן אומעטיק, ער וויל נישט. ער קנעפּלט אָפּ דעם סוועטער, שטייט, די הענט אין די הויזנקע־שענעס, און קוקט אויף דעם שווימענדיקן נעפּל. דאָס איז אינטערעסאַנט און שיין. דער באַרג־פּליין ווערט געזויבערט, די געביידעס פון דער סאַנאַטאָריע הויבן זיך ווידער אָן צו זען פון דער פינסטערניש. וואָס זאָל עס אַלץ באַדייטן? אַ שטורם? מסתמא אַ שטורם.

אין דעם בנין פון דער סאַנאַטאָריע איז אַלץ אויסגעלאָשן, נאָר אין נומער 107 איז נאָך ליכטיק, און גראָד אין דער רגע האָט געמוזט געשען די נאַרישקייט, וואָס בערטעלסען האָט געעפנט די פענסטער און אַ רוף געטון דעם זעלבסטמערדער, ער זאָל צו אים אַרײַן.

— ביטע, הער מאגנוס, אויף אַ גלעזעלע שנאַפּס מיט אונז צוזאַמען.

דער זעלבסטמערדער ענטפערט נישט. אַ שיינע מעשה, דער דאָזיקער האַלב־שיכורער מענטש קאָן נאָך אויפוועקן פון שלאָף אַלע געסט. ווי איז, אויב זי האָט זיך שוין אויפגעכאַפּט און קאָן ווידער נישט אַנטשלאָפן ווערן?

איידער ער איז אַריין צו זיך, איז ער צוגעגאַנגען צו דעם ווייבס טיר, ער שטייט אַ לאַנגע צייט און הערט זיך שטילינקער־הייט צו. ניין, דאַנקען גאָט, ס'איז שטיל. אָ, זי איז אַוודאי טויט־מיד. אַ גוטע נאַכט! — שעפּטשעט ער און גייט אויף די טרעפּ אַרויף צו זיין צימער. ער איז אַליין אויך מיד.

דאָס איז געווען דער סוף פון אַ באַדייטונגספולן טאָג. און אַלץ וואָלט געקאָנט זיין גוט, נאָר דער טויט האָט זיך אַריינגעמישט.

# XVIII

ס'איז געווען נישט גוט, וואָס דער אַדוואָקאַט איז אַוועקגעפאָרן. ער וואָלט שוין געווען געזאָרגט פאַר דער אָרדנונג.

בערטעלסען איז געווען אין פרייליעכער שטימונג. תיכף נאָך מיטאָג האָט ער שוין גענומען טרינקען וויין: האָט פאַררופן צו זיך פריילין עלינגסען און געוואָלט זיך פאַר איר אויספּיינען, ווייזן, אַז ער איז דער זעלבער, וואָס פריער, נאָך בעסער, ווי פריער; ער האָט געוואָלט טרינקען פאַרן געזונט פון פריילין עלינגסען און זיין צו איר גוט.

און זי פון איר זייט האָט דאָך נישט געקאָנט אָפּשטיין. פרוי בערטעלסען, די פריערדיקע פרוי רובען, איז עס נישט זייער געפעלן געווען, אָבער זי האָט עס נישט אויפגענומען טראַגיש, זי איז געווען צו קלוג דערפאַר, און האָט געהאַט אַ צו גוט קעפּל, ווען דאָס איז איר נויטיק געווען. זי האָט זיך צופיל צוגעאיילט חתונה האָבן מיט בערטעלסענען, דאָס איז געווען אפשר די אמ־

וויניקסטן גליקלעכע געשעעניש אין איר לעבן, אָבער זי איז נישט געווען פּאַראומערט, זי איז געבליבן דאָס, וואָס זי איז געווען, און איר פּריוואַטן אייגנטום האָט זי געהאַט אין אָרדנונג.

אָ, דער דאָזיקער פּריוואַטער אייגנטום! גאָט ווייסט, צי איז ער שוין נישט פיל מאָל געווען דער קעגנשטאַנד פאַר אַטאַקעס מצד איר מאַן!

אויסער פרייליין עלינגסען און בערטעלסען מיט דער פרוי איז נאָך אַ פערטע פּערזאָן געווען אויף דער הוליאַנקע, אַן אלמנה פון אַ קליינעם באַאַמטן, אָדער וואָס זי איז איצט געווען–סעקרעטאַרין אין אַ געוויסער אונטערנעמונג פון אויסנייעכץ און טישטוכער. זי איז איינגעלאַדן געוואָרן, כּדי די פערטע שטול זאָל נישט בלייבן קיין ליידיקע, און די צאָל זאָל זיין אַ פולע; און זי האָט עס אַליין אויך זייער גוט פאַרשטאַנען. לכתחילה האָט זי זיך געוואָלט באַווייזן און גענומען לויבן פרוי בערטעלסענס גוטן אויסזען. אָבער מיט דעם אויסזען איז נישט געווען וואָס גרויס צו האַלטן זיך, און פרוי בערטעלסען האָט נאָר געענטפערט: „אַזוי? טאַקע?" זי האָט אַליין געוווסט, ווי איר אויסזען איז -- מיטלמעסיק. זי האָט ווידער געגעסן וויניק און פּאַרזיכטיק, כּדי נישט דיק צו ווערן, אָבער גענוג, כּדי אונטערצוהאַלטן דאָס געזונט. פון דעם ווערט מען נישט שיין און מען בליט נישט. אָבער פרוי בערטעלסען האָט דאָך, יעדנפאַלס, געהאַט אירע אויגן, אַ בליק, וואָס האָט געקאָנט זיין טיפער און שענער, ווי יעדער אַנדערער.

-- יאָ, – האָט די אלמנה געזאָגט – ס'איז אַ וווּנדער, ווי גוט איר זעט אויס, פרוי בערטעלסען. איך געדענק נאָך, ווי איר זענט געווען פאַריקן יאָר, אין דער ערשטער צייט, ווען איר זענט אַהער געקומען.

פרוי בערטעלסען האָט ווידער געזאָגט נאָר „טאַקע"?

נאָך דעם איז די אלמנה געוואָרן זייער באַשיידן, ווי עס פּאַסט אין אַ רייכערער געזעלשאַפט, נאָר קיין וואָרט נישט דורכ-געלאָזן פון דעם, וואָס פרוי בערטעלסען אַליין האָט גערעדט.

פאַרקערט, האָט פרייליין עלינגסען דער גנעדיקער פרוי נישט אַרויסגעוויזן קיין אויפמערקזאַמקייט. זי האָט, מסתמא, געהאַט

איר גרונד דערצו. זי איז געווען פארנומען מיט אירע אייגענע גע-דאנקען. ווען זי האט אויסגעטרונקען א ביסל ווייז, האט זי גע-נומען אליין פון זיך רעדן וועגן איר בוך, וועגן דער זאמלונג פע-ליעטאָנען, וואָס דאַרף ערשיינען צו ווייַנאַכט. זי האט אייגנטלעך איר אורלויב איצט באַקומען, כדי דאָס בוך פאַרטיק צו מאַכן.

בערטעלסען האט שוין גענוג געהערט וועגן דער זאמלונג, נאָר די דאמען האָבן פון איידלקייט וועגן געפרעגט, ווי וועט דאָס בוך הייסן.

— „אַ געשריי אין דער נאַכט". — האט פרייליין עלינגסען גע-ענטפערט.

— הערט נאָר — „אַ געשריי אין דער נאַכט."

זי האט זיך נאָך נישט אויסגעקליבן קיין פאַרלאַג, אָבער זי האט שוין געוואוסט, ווי גרויס דאָס בוך וועט זיין, און דעם גאַנצן אינהאַלט געהאַט אין קאָפּ.

— ווי קאָנט איר עס? — האָבן די דאַמען געפרעגט.

— אַלע וואונדערן זיך טאַקע, —האט די פרייליין געענטפערט— אָבער דאָס שטאַמט דערפון, וואָס מען האט אַ באַרוף דערצו. דאָס קומט מיר אַליין אין קאָפּ אַריין, איך דאַרף מיך גאַרנישט מא-טערן אויסצוטראַכטן דעם שטאָף. איר ווילט הערן, צום ביישפּיל, אַ צופאַל, וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין באַן פאָרנדיק איצט אַהער?

— יאָ. — האָבן די דאַמען געזאָגט.

— פאַר אייער געזונט, פרייליין עלינגסען. — האט בערטעל-סען געזאָגט.

— יאָ. אויף דער באַנק, פונקט אַנטקעגן מיר, איז געזעסן אַ מענטש. איך וואָלט אים ווידער דערקענט אין דעם גרעסטן עולם, אַזאַ איינדרוק האט ער געמאַכט אויף מיר. ער איז געזעסן און אַלץ האט ער געטון מיט דער לינקער האַנט.

— נו? — האָבן די דאַמען געפרעגט נייגיריק.

— מיט דער לינקער האַנט. — שטעלט די פרייליין פעסט.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ וואונדער?

— דער מענטש, — האט די פרייליין געזאָגט — האט געוויס

עפּעס אַזוינס אָפּגעמוֹן, וואָס מען קאָן מאַכן נאָר מיט דער רעכ־מער האַנט.

די דאַמען האָבן גאָרנישט פאַרשטאַנען.

די פרייליין האָט דערקלערט אונטערשטרייכנדיק די ווערטער:

— ער האָט סימולירט אַ געלינקטן.

— סימולירט אַ געלינקטן? — האָט פרוי בערטעלסען געזאָגט.

— אַזוי גאָר. אָבער פונוואַנען ווייסט איר עס? איך פאַרשטיי בשום אופן נישט.

פרייליין עלינגסען האָט זיך ווידער אָנגעהויבן צו פאַרלירן. זי האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן קיין קשיות, מען האָט זי נישט געטאָרט פרעגן וועגן פּרטים. און ווען פרוי בערטעלסען האָט געפרעגט: אָבער וואָס ווייטער? — האָט די פרייליין געטון אַ שאָקל מיטן קאָפּ און געענטפערט: — מער גאָרנישט, — דערווייל — גאָר־נישט...

בערטעלסען האָט זיך אַריינגעמישט. גאָט ווייסט, צי דער דאָזיקער בערטעלסען האָט נישט געהאַט זיך אַליין אין זינען, און נישט געוואָלט כאַפּן די פרוי זיינע אויף דער ווענטקע, זי זאָל ווערן נאָכגיביק אין אַנדערע ענינים; ער האָט געזאָגט: — איך פאַרשטיי נישט, צו וואָס טויגן די שאלות און צו וואָס אַזוי גרינד־לעך וועגן אַלץ זיך נאָכצופרעגן. פרייליין עלינגסען האָט אַ חוש פאַר נאָכשפּירן, דעם פיינסטן פון אַלע, וואָס איך קען נאָר. זי ווייסט שוין, וואָס זי זאָגט. פאַר אייער געזונט, שיינע דאַמען!

— מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז נאַרישקייט. — האָט פרוי בערטעלסען געזאָגט. — אַנטשולדיקט מיר, וואָס איך זאָג עס.

פרייליין עלינגסען איז געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן צו דער ערד, אָבער די דאָזיקע אַלעמאָל רויקע דאַמע, האָט אַ ביסל אַ ציטער געטון, דערהערנדיק אַזעלכע ווערטער, און אין דעם בליק פון איר אַלבסינדיקע אויגן, וועלכע האָבן זיך לאַנג־זאַם אָפּגעטיילט פון דער פּאָדלאָגע און אויפגעהויבן צו פרוי בערטעלסענס קני, האָט אַ בליק געטון אַ שמאָל פלעמל.

— איך האָב אַ סך דערצו פון טעלעגראַפן־טיש, - האָט זי געזאָגט — עס קאָן זיין, אַז איך האָב שוין אַ ביסל וועגן דעם

מענטשן אין צוג פריער געוווסט. אָבער איך טאָר מער נישט זאָגן. איך בין געבונדן מיט אַ שבועה.

— אָט הערסטו? — האָט בערטעלסען געזאָגט צו דער פרוי. נאָכדעם האָט ער זיך אויפגעהויבן, אַ געניץ געטון און געזאָגט: — דאָ איז אַזוי פיל רויך, אַז מיר קאָנען איינע די אַנדערע נישט זען. האָבן די דאַמען גאָרנישט קעגן דעם, איך זאָל אַ ביסל עפענען אַ פענסטער?

אמת, אין צימער איז געווען אַזוי אָנגערויכערט, דער אלמנה פונם באַאַמטן האָט אַזש אויסגעגעסן די אויגן. סיי דער הויכער הענג־לאָמפּ איבערן טיש, און סיי די סטעאַרין־ליכט, וואָס האָט גע־ברענט לעבן טיר, האָבן ביידע נישט געקאָנט ווי געהעריק באַ־לייכטן דאָס צימער.

דאָס איז געווען פונקט דער מאָמענט, ווען בערטעלסען האָט געעפנט די פענסטער, דערזען דעם זעלבסטמערדער און אים גערופן צו זיך.

אין צימער האָט זיך דערהערט אַ פילשטימיקער אויסגעשריי, און פרוי בערטעלסענס קול האָט זיך געהערט:

— מאַך צו דאָס פענסטער, דו זעסט דען נישט, אַז די לאָמפּ לעשט זיך אויס?

ער האָט מיט מאַטערניש צוריק פאַרמאַכט דאָס פענסטער און אַ ביסל זיך אויסגעזידלט צוליבן שטאַרקן ווינט. איצט האָט נאָר די סטעאַרין־ליכט געלויכטן אין צימער. די אלמנה האָט גע־וואָלט ווידער אָנצינדן די לאָמפּ, אָבער זי האָט זיך אָפּגעבררענט די פינגער אָן דער גלאָז, און זיך דערפון אָפּגעזאָגט. זיי האָבן באַשלאָסן, אַז עס איז זיי אָן דעם אויך גענוג ליכטיק, און ווי־טער פאַרבראַכט אין האַלבפינסטערניש. בערטעלסען האָט אַ ביסל געבורטשעט אויף דעם זעלבסטמערדער, וואָס האָט קיין וואָרט נישט געענטפערט אויף דער איינלאַדונג, אויף דעם ווינט, וואָס האָט אים שיר נישט אַרויסגעריסן דאָס פענסטער פון האַנט, און אויף דער אומגליקלעכער סטעאַרין־ליכט, וואָס לייכט שלעכט אַזוי, אַז ער קאָן זיין גלאָז נישט געפינען — אַזוי פיל פאַרדרוס, אַזוי

פיל ערגערניש. און אין אַ ווײַלע אַרום האָט שוין בערטעלסע געשלאָפן.

יאָ, דער דאָזיקער געזונטער, שטאַרקער מענטש, האָט אַלע מאָל געמוזט כאַפּן אַ דרימל, ווען די הוליאַנקע האָט זיך אַביסל פאַרצויגן. די דאַמען האָבן דערויף קיין אַכטונג נישט געלייגט, זיי האָבן זיך ווײַטער געשמועסט, און עס האָט אויסגעוויזן, אַז איצט, ווען זיי זענען געווען אַליין, האָבן זיי ערשט געפונען וועגן וואָס צו רעדן. פרוי בערטעלסען איז, דער עיקר, קלאָר געווען אין ענינים פון טעאַטער און מוזיק, האָט זי זיך געשפּילט מיט איינעם פון אירע טײַערע רינגען און אינטערעסאַנט דערציילט וועגן אַ זינגערין, אַ גרויסן שטערן, וועלכע האָט איצט, בשעת איר לעצטן קאָנצערט אין כריסטיאַניע, קיין קול נישט געקאָנט אַרויסלאָזן פון האַלז, אַזוי אַז זי איז דורכגעפאַלן מיט אַ סקאַנדאַל.

די אַלמנה האָט זיך געוווּנדערט, וואָס די זינגערין האָט זיך נישט געכאַפּט באַצײַטנס אויפצוהערן.

פרוי בערטעלסען ענטפערט: ס'איז אַ טרויעריקע געשיכטע. זי איז געווען געצוווּנגען צו דער לעצטער טורנע. אין די גוטע יאָרן האָט זי מיט איר זינגען אָנגעקליבן עשירות, אָבער זי האָט עס געפּטרט; נאָכדעם אויף דער עלטער איז זי געבליבן בײַ גאָרנישט.

— יאָ, אַזוי איז עס מיט אַלעמען. — האָט אויך פרײַלין עלינגסען געזאָגט, כּדי פאַרייניטלעך צו זײַן און נישט שווײַגן.

און די דאַמען האָבן אַלץ גערעדט און גערעדט; בערטעלסען איז געשלאָפן. ס'זענען אַריבער אַ פּאָר שעה, אָדער מער. די אַלמנה האָט אַלץ אַכטונג געגעבן, ווען וועט פרוי בערטעלסען געבן אַ סימן, אַז ס'איז שוין צײַט זיך פונאַנדערצוגיין, ווײַל דע־מאָלט וואָלט זי גלײַך באַוויזן, אַז זי פאַרשטייט ווי זיך צו פירן, און וואָלט זיך אויפגעהויבן אַוועקצוגיין.

לסוף האָט בערטעלסען הויך גענומען שנאָרכן אויף זײַן שטול, און פרוי בערטעלסען האָט געזאָגט:

— איך ווייס נישט, דאַכט זיך, אַז ס'איז שוין שפּעט. איך זאָג עס, פאַרשטייט זיך, נישט כּדי צו פאַרטרײַבן די דאַמען.

אַלע האָבן זיך אויפגעהויבן.

אָבער דערווייל האָט פרוי בערטעלסען ארויסגעלאָזן דעם רינג פון האנט, זי האָט זיך אָנגעבויגן צו דער פאָדלאָגע, און די איבעריקע דאַמען האָבן איר געהאָלפן זוכן. פרײלין עלינגסען האָט גענומען דאָס ליכט און צוגעלויכטן. זי האָט געמאַכט אַ קרייז ארום פרוי בערטעלסען. ס'איז געווען מאָדנע, ווּהין האָט דער רינג געקאָנט פארשווינדן ווערן? זי האָט זיך געשטעלט הינטער פרוי בערטעלסען און צוגעלויכטן.

— אָט איז ער! — האָט זי געזאָגט, אָנבויגנדיק זיך צו דער פאָדלאָגע.

און אין דעם זעלביקן אויגנבליק איז פרוי בערטעלסען שוין געשטאַנען אין אַ העלן פלאַם.

אין אַ רגע ארום איז שוין אַלץ געווען פארוואַנדלט אין אַ געמיש פון פייער און געשריי. די גנעדיקע פרוי וויל, מסתמא, באַפּן וואַסער אָדער אַ קאָלדרע, זי פליט געשווינט אריין אין שלאָפצימער און אונטערוועגס צינדט זי אָן די פאָרטיערע. אומעטום, ווּ זי ווענדט זיך, הויבט אָן צו פלאַמען: אומעטום איז געשריי און פלאַם, געשריי און פלאַם.

לסוף כאַפּט זיך בערטעלסען אויף און שרייט האַלב־שיכור נאָך העכער פאַר אַלעמען: — שרייט נישט אַזוי! זייט רויקער! נאָר ווען ער לויפט אריין אין אַלקיר העלפן דער פרוי, באַפּט ער זיך אַליין אָן פון דער פאָרטיערע. ער לויפט אויף צוריק און וויל ארויסשפּרינגען פון פענסטער, צינדט ער אָן די גאַרדינען, ער קערט זיך צוריק אום צום טיש און גיסט אויף זיך אויס דאָס רעשט פונם ווין — אָבער דאָס איז אינגאַנצן אומזיסט. פרײלין עלינגסען טוט עפּעס אַזוינס פארשטענדיקס, זי רייסט אראָפּ דאָס טישטוך פונם טיש, אַזוי אַז די גלעזער און די פלעשער ווערן צעדרוזגעט אָן דער פאָדלאָגע, און וויקלט אין דעם איין דעם ברענענדיקן מענטשן. אָבער דאָס קלעקט נישט. דער טוך באַדעקט אים נישט אינגאַנצן. און חוץ דעם שטייט ער נישט רויק, ער וואַרפט זיך ארום. לסוף באַמערקט פרײלין עלינגסען, אַז זי ברענט אויך. זי וואַרפט זיך אויף דער פאָדלאָגע און קייקלט זיך, שרייט, הײלט, וואַרפט אום דעם טיש. די איינציקע, וואָס וואָלט

איצט געקאָנט עפּעס טון, די אלמנה, שטייט ווי א סלופּ און בלי-
פעט. זי טוט גאָרנישט, נאָר זי שטייט ווי פאַרשטיינערט און בלי-
פעט. פּלוצלינג באַפרייט זיך בערטעלסען פון דעם ברענענדיקן טיש-
טוך, רייסט עס ווי א לאַנגע פייערצונג אַראָפּ פון זיך, שליידערט
אַוועק אַזוי ווייט ווי ער קאָן, אין דער זייט פון דער אלמנה;
דאָס טישטוך פאַלט לעבן אירע פיס און צינדט זי אויך אָן.

איצט ברענען אַלע און אַלץ.

אַנטקעגן, אין דעם בנין, וווּ די דינערשאַפט וווינט, באַ-
מערקט מען, אַז אין דער סאַנאַטאָריע איז עפּעס זייער ליכטיק.
ווען זיי לויפן אַרויס און דערזען דעם רויך, פאַרשטייען זיי, אַז
ס'איז געשען אַן אומגליק. עס איז געוואָרן א שטורעם, ס'איז
שווער צו גיין, מען פאַלט פון די פיס, זיי מוזן איינבויגן די קעפּ.
זיי שרייען מיט אַלע כוחות: „עס ברענט"! כדי אויפצווועקן אַלע-
מען. בלייבן אָבער שטיין לעבן דער טיר פון דער וועראַנדע: זי
איז פאַרשלאָסן פון אינעווייניק; זיי וואַרטן, עמעצער זאָל זי פון
יענער זייט עפענען. אָבער קיינער גייט נישט עפענען. אַזוי דוי-
ערט א לאַנגע צייט, ביז דער שווייצער ברענגט א האַק און זעצט
אַרויס די טיר. דער שווייצער, דער אינספּעקטאָר און דער בריוו-
טרעגער לאָזן זיך לויפן איבערן קאָרידאָר און איבער די טרעפּ
אַרויף און רעווען: עס ברענט. נאָר דער ווינט נויט זיי סוף-כל-
סוף אומצוקערן זיך, און זיי לויפן צוריק אַרויס אויף דער וועַ-
ראַנדע.

איצט שלאָגן די פלאַמען פון דאַך הויך אין דער לופט,
דער שטורם פאַרברייטערט דאָס פייער אויף אויבן און אויף
אונטן. דער גרויסער בנין, וועלכער שטייט אויף זיילן און אויף
סלופּקעס ברענט ווי פּאַפּיר. וואָס האָבן די מענטשן געקאָנט טון?
צושטעלן צוויי לייטערס צו צופעליקע צוויי פענסטער און וואַרטן.
וואָס וועט זיין? זיי זענען הילפלאָז, זיי קאָנען נאָר שרייען, עמערס
מיט וואַסער העלפן אויך נישט. נאַקעטע געסט עפענען אויף אַלע
גאָרנס אָפּ די פענסטער, שרייען אַרונטער, אָבער אין שטורם קאָן
מען נישט הערן וואָס. עטלעכע געסט שפּרינגען משוגענערהייי

ארויס פון די פענסטער, זייערע פלאַטערנדיקע העמדער באַפּן זיך אונטערהויגס אָן און זיי פאַלן אַראָפּ אויף דער ערד ווי מעטעאָרן. די דינערשאַפט קלעטערט מוטיק אויף די לייטערס און וויל באַטש איין קרבן ארויסנעמען פון פייער, אָבער דאָס גיט זיך נישט איין. איין דאַמע, מיט אַ פּאַק קליידער אין די הענט, גיט זיי פריער איבער די זאַכן, אָבער זי באַשליסט זיך נישט צו קריכן איבערן לייטער. עס איז דורכויס הוראַגאַן און אונטערגאַנג. איצט ברענען שוין די ווענט. די לייטערס האָבן זיך אָנגעכאַפּט, די מענטשן מוזן שטאַפּל נאָך שטאַפּל אָפּטרעטן.

— אַהער די לייטערס! אַהער! — דער אינזשעניער פון דער עלעקטרישער סטאַציע מיט זיינע מענטשן נעמט איבער די קאָמאַנדע. ריכטיק, די לייטערס ווערן איבערגעטראָגן פון איין פענסטער צום צווייטן, פון איין אָרט אויפן צווייטן, און אויפן שפּיץ פון יעדן לייטער שטייט אַ מוטיקער מענטש, וואָס האָט פאַרן טויט קיין מורא נישט. דאַנקען גאָט! זיי זענען אַרויף ביזן סאַמע שפּיץ. זיי קוקן אַריין אין אַ צימער פול מיט פייער און מיט רויך, אָבער קיין מענטשן זעט מען נישט. די מענטשן זענען געוואָרן איינס מיטן פייער און מיטן רויך, און זיי אַליין פאַר זיך זענען שוין נישטאָ. די אומדערשראָקענע מענטשן איילן צוריק אַראָפּ. אויף זיי אַליין האָבן זיך אָנגעצונדן די קליידער, אפילו די לייטערס ברענען.

דער דאָקטאָר האָט זיך באַוויזן, ער איז אין אונטערוועש, מיט אַ הויכן קאָפּ, ער קאָן אויך גאָרנישט נישט טון, פּונקט ווי אַלע אַנדערע, נאָר ער שרייט נישט, ער שווייגט. פּלוצלינג לויפן ארויס עטלעכע מאַן געסט אויף דער וועראַנדע, אַנטרונענע, אַלע נישט אָנגעטאָנענע, אייניקע מיט די קליידער אין די הענט. זיי לויפן מיט אַ געשריי און ברענען, אָבער זיי גיט זיך איין ארויסצולויפן. זיי האָבן זיך ארויסגעכאַפּט פּונקט אין דער צייט, איצט האָט דער פלאַם גענומען רייסן זיך אויך דורך דער טיר פון דער וועראַנדע.

אין ווינקל, גאַנץ אויבן, אונטערן דאַך, האָט זיך אין פענ-

בטער באַוויזן אַן אָנגעקליידטער מענטש. עד טוט אַ בליק אַרונטער און איז זיך קיין רגע נישט מיישב, נאָר ער כאַפּט זיך גלייך פאַר דער רעגנטרויב און וואַרפט זיך אַרויס פון פענסטער. ער וואַלט זיך אויף אַ לייטער געקאָנט ראַטעווען, אָבער קיין לייטערס זענען שוין מער נישטאָ. ער הויבט אָן אַראָפּצולאָזן זיך אַלץ נידעריקער, נידעריקער, פעסט האַלטנדיק זיך פאַר דער טרויב, ער ווערט אַלץ נענטער צו דער ערד. ווען דאָס פייער פונם צווייטן גאָרן פאַרצוימט אים דעם וועג, ווייזט אויס, אַז ער איז פאַרפאַלן. ער קלאַמערט זיך איין מיט די הענט און בלייבט עטלעכע סעקונדעס הענגען, גלייך ווי ער וואָלט זיך פאַרטראַכט, אפנים, וועגן דעם, צי זאָל ער אַרויסלאָזן די טרויב פון דער האַנט. פּלוצלינג פאַרשווינדט ער. רויך און פייער דעקן אים איין... אָבער אָט ליגט ער שוין אונטן אויפן הויף. צעשמעטערט? נישט צעשמעטערט, אָבער ער ברענט אינגאַנצן, ער קאַטשעט זיך איבער דער ערד, רייסט פון זיך אַראָפּ דעם כוועטער און פאַרלעשט אים, פאַטשט מיטן הוט און מיט די בלויזע הענט איבערן קערפּער און לעשט, לעשט...

אָט איז ער. דאָס איז דער זעלבסטמערדער.

ער האָט זיך געראַטעוועט דערמיט, וואָס ער האָט זיך מיט די פיס אָפּגעשטופּט פון דעם רעגנטרויב. דער דאָזיקער שטופּ האָט אים אָפּגעשליידערט אויף אַ באַלקאָן פון צווייטן גאָרן. פון דאַנען איז ער אמת געפאַלן ווייטער, אָבער דאָס איז געווען אַ פאַל אין צוויי מאָל, און דער איבעררייס אינמיטן פאַלן האָט אים געראַטעוועט. אַ גליק! אַ וווּנדער! דער זעלבסטמערדער, וואָס האָט געזאָרגט פאַר זיין לעבן, האָט געוואָגט צו ראַטעווען זיך פון אַזאַ הויך דורך אַ ים פון פייער.

ער וויל דורך דער ווערענדע אַריין אין אינעווייניק, אָבער ער מוז זיך צוריק אומקערן

— איך האָב זי פאַרשפּאַרט! — שרייט ער — ביי מיר איז דער שליסל! זי קאָן נישט אַרויס! זי איז אין נומער 106!

אָבער וווּ איז 106? דער נומער 106 איז שוין לאַנג פאַרברענט.

קיינער העלפט אים נישט. קיין לייטער־ס זענען שוין נישטא. נישטא קיין וואנט, צו וועלכער מען זאל א לייטער צושטעלן, קיין פענסטער, גארנישט, נאר א ים פון פייער. „נומער 106" רעוועט ער. ער האלט א שליסל אויסגעשטרעקט מיט זיינע ביידע פארברענטע הענט און וויל ווידער אריינדרינגען דורך דער ווערענדע, אבער דאס איז שוין נישט קיין ווערענדע, נאר א הייס־פלאמענדיקער פייער.

עס האט זיך נאך אויבן באוויזן א געזיכט, א פאר אויפגעהויבענע הענט, ברענענדיקע האר פון א פרוי, און דאס בילד איז פארשוואונדן.

אלץ פארשווינדט.

דער שטורם האט עס פארוואנדלט אין א שרעקלעכע שרפה, דאס פייער איז פון הויפט־בנין אריבער אויף די פליגלען, אויף די שפייכלערס, אויף דער שטאל פאר די קי. פון די פינף בנינים מיט דעם, וואס אין און ארום זיי, שטייט אלץ אין פלאם, אויסער דעם האלצשפייכלער. מען האט גארנישט געקאנט ראטעווען, דער אינזשעניער מיט זיינע מענטשן זענען ארויפגעקראכן אויפן דאך פון איינעם פון די פליגלען און האבן געפרוווט לעשן אומעטום, ווו עס האט זיך אנגעצונדן. אבער ווען דער שטורם האט גענומען האגלען מיט גרויסע שטיקער האלצוועשקעס פונם הויפט־בנין, האט דער אינזשעניער געמוזט אפטרעטן. עס איז אויך אנגעקומען א קאמפאניע מענטשן פון דארף, אבער זיי האבן אויך גארנישט געקאנט טון. דער גוטער ווילן פון מענטשן האט נישט געהאלפן. מען האט געטון נאר דאס, וואס עס איז מעגלעך געווען: דער שווייצער האט באצייטנס ארויסגעלאזן די קי פון שטאל און אוועקגעטריבן אין וואלד אריין. און דער דאקטאר האט די דארפסלייט צוריק אפגעשיקט אהיים נאך פורן, איבערצופירן די עטלעכע, וואס זענען לעבן געבליבן.

* *

*

ס'איז געווען פיר דער זייגער פארטאג.

דער שטורם האט זיך איינגעלייגט. ער האט זיין זאך אפ־

געטון. אויף דעם אָרט פון דער שרפה איז שטיל. די פאַרוווּנדעטע אָפּגעפירט, בלויז צוויי פון דעם אינזשעניערס מענטשן זענען געבליבן אַלס שומרים. פון וואַלד האָט זיך פון צייט צו צייט געהערט דאָס קלינגעדיקע רעווען פון די סאַנאַטאָרישע קי.

דאָס אָרט פון דער שרפה ליגט אין פינסטערניש, אין געדיכטן רויך.

דער זעלבסטמערדער גייט אַרום איבער דעם חורבן אַרום אַהין און אַהער, ער האָט מיט די פאַרוווּנדעטע נישט געוואָלט פאָרן. ער גייט אַרום הין און צוריק פאַר דעם פאַסאַד פון דער סאַנאַטאָריע, וועלכע איז שוין נישטאָ, קוקט אויף דער וואַנט, וועלכע ער זעט אין דמיון, בלייבט אַ ווײַלע שטיין און מורמלט עפּעס פאַר זיך, און גייט ווידער, האַלטנדיק כסדר אַ שליסל אין דער האַנט, וועלכע איז ביי אים פאַרגליווערט געוואָרן, ווי אַ שטיק אײַזן. די שומרים וואָלט זיך וועלן, ער זאָל אַוועק פון דאַנען, זיי פּרוּוון אים עטלעכע מאָל אָפּצוטרייבן, אָבער ער גייט נישט.

— וואָס זוכט איר דאָ? — פרעגן זיי — אויף וואָס וואַרט איר דאָ?

— איך וואַרט נישט, — ענטפערט ער — איך גיי אַזוי אַרום, איך וואַרט נישט. מיין פרוי איז געשלאָפן אין נומער 106.

— אַזוי, הייסט עס, אייער פרוי איז דאָרט געווען?

— יאָ, פאַרשפאַרט. אָט איז דער שליסל.

ביי די מענטשן ווערט דאָס האַרץ ווייך, און זיי שאָקלען מיט די קעפּ. זיי לאָזן דעם וואַנדערנדיקן מענטשן צורו. ער וועט נישט גנבענען, דאָ איז נישטאָ, וואָס צו גנבענען. זיי זעצן זיך און רעדן שטיל צווישן זיך. זיי וווּנדערן זיך, ווער האָט עס געקאָנט אונטערצינדן אַזאַ שרפה. זיי רעדן וועגן דער פּרעמיע פון דער אַסעקוראַציע און זאָגן נביאות, אַז די סאַנאַטאָריע וועט זיך פון ס'ניי אויפבויען. און דאָס איז דען נישט קיין האַרצווייטיק? אין איין חודש אַרום וואָלט דער אינזשיניער געענדיקט די וואַסערלייטונג, און דאַן וואָלט געווען גענוג וואַסער צו לעשן די שרפה. אָבער ס'איז נישט באַשערט געווען.

דער זעלבסטמערדער וואַנדערט אַלץ אַרום.

— וואָלט דען נישט געווען בעסער פאַר אייך, — זאָגן זיי צו אים, און עס טוט זיי ווי דאָס האַרץ אויף אים, וואָס ער איז אַזוי אויסער זיך, — וואָלט דען נישט געווען בעסער, ווען איר גייט אַוועק אויף דער לאַנקע אין פאַסטוך־שטיבל. לפּחות וועט איר דאָרט האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ.

— יאָ, — ענטפערט ער.

— איר וואָלט דאָרט באַקומען קאַווע, איר וואָלט זיך דער־וואַרעמט.

— יאָ.

אָבער ער איז נישט געגאַנגען, ער איז ווייטער אַרומגע־קראָכן. ווען עס איז געוואָרן אַן ערך פינף דער זייגער, איז ער אַליין אַוועק. עס האָט אָנגעהויבן העלן. די מענטשן האָבן געקוקט, וווהין ער גייט, ער איז אַוועק צום האָלצשפּייכלער, דעם איינ־ציקן געבליבענעם בנין.

ער האָט זיך נישט אַרומגעקוקט, נאָר ער איז צוגעגאַנגען צו אַ קליין שליטנדל, וואָס איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט צום וואַנט, דאָס איז געווען דאָס שליטל, וואָס מען איז אויף אים ווינטער געפאָרן פון די בערג, יאָ, און איצט האָט דער זעלבסטמערדער גענומען אָפּבינדן פון אים דעם שטריק.

די שומרים גייען צו און זאָגן:

— וואָס טוט איר דאָ?

ער טוט זיין זאַך און ענטפערט נישט.

—משפּעט דאָ גאָרנישט, צו וואָס דאַרפט איר דעם שטריק?

— פרעגן זיי.

— צו וואָס דאַרף איך אים?

— איר ווילט עפּעס פאַרפּאַקן?

— יאָ, — מורמלט ער — איך וויל עפּעס פאַרפּאַקן.

— וווּ איז עס?

ער ענטפערט נישט, נאָר ער רייסט די אַרבעט זיינע אי־בער. עס האָט אָבער אויסגעוויזן, אַז ער האָט באַשטימט צו נע־מען דעם שטריק, און וועט זיך פון אים נישט אָפּזאָגן.

די מענטשן האָבן מסתמא אויך נישט פיל געטראַכט וועגן

דעם, זיי האָבן מסתּמא באַשטימט מקריב צו זיין דאָס שטיקל שטריק, אַבי פון אים פּטור צו ווערן. „מילא נעמט זיך דאָס שטריקל", — האָבן זיי געזאָגט. און דער זעלבסטמערדער איז אַוועק מיט זיין רויב.

ער איז געגאַנגען פאַרביי דעם אָרט פון דער שׂרפה, פאַרביי די ווילן מיט די ווייסע פלאַקאַטן, מיט דעם וועגווייזער און די לעצטע מעלדונגען וועגן דעם וועטער, — די דאָזיקע קליינע נישטיקע רעשטן פון דער טאָראַהוסער סאַנאַטאָריע; איז אַרויף אויף דעם באַקאַנטן וועג צו דעם פאַסטוך-שטיבל און איז אַוועק שנעל און פעסט, גלייך ווי ער האָט פאַר זיך געהאַט עפּעס באַשטימטעס. ווען ער איז דערגאַנגען ביזן היישפּייכלער, האָט ער זיך אָפּגעקערט אין וואַלד אַריין.

אַ מאָדנע זאַך: ערשט איצט האָט ער אָנגעהויבן צו פילן דעם שטאַרקן ווייטיק פון די ברענען, וואָס ער האָט באַקומען, און גייענדיק האָט ער געבלאָזן אויף די פאַרוווּנדעטע הענט, כּדי זיי אָפּצוקילן. אַריינגייענדיק טיף אין וואַלד, הויבט ער אָן צו זוכן אַ בוים. ער שעפּטשעט אַלץ און שעפּטשעט: 106, זאָגט ער, 106. אין משך פון דער נאַכט איז ער שוין אַזוי געוווינט געוואָרן אַרויסצורעדן די צאָל 106, אַז ער חזרט עס איבער נישט טראַכטנדיק אָן אויפהער. דעם שליסל האַלט ער אין האַנט.

עס איז נישט אַזוי לייכט צו געפינען אַ פּאַסיקן בוים, און ער זוכט לאַנג. אָבער אַ בוים מוז מען געפינען. דאָס, וואָס ער האָט אין זינען, איז דאָס איינציקע, וואָס מוז געטון ווערן, און דאָס מוז שוין, תּיכּף געשען. וואָס וועט אַרויסקומען פון אָפּלייגן? לויערט דען נישט אַלץ איינס דער טויט אויף אים, ליגט ער דען נישט הינטער יעדן קוסט, שטייט נישט הינטער יעדן בוים, גרייט אויף אים אָנצופאַלן?

עפּעס דריקט אים אין שטיוול, ס'שטעכט ביי יעדן טריט, און לסוף זעצט ער זיך אַוועק אויף דער ערד און טוט אויס דעם שטיוול. דאָס איז אַ נאָדל פון אַ סאָסנע, וועלכע שטעקט אין דעם זאָק. ווען ער האָט זי אַרויסגענומען, טוט ער צוריק אָן דעם שטיוול און פאַרשנורעוועט אים ווי געוויינלעך.

העכער, אויבן, איז זיכער לייכטער צו געפינען אַ פּאַסיקן סוק. ער איז פאַרבייגעגאַנגען עטלעכע, וואָס זענען גאָרנישט געווען אַזוי שלעכט, ער קערט זיך אום און גייט ווידער אַוועק גלייך. ניין, ער דאַרף נישט זיין אַזאַ אויסקלייבער: אָט שטייט אַ טרוקענע סאָסנע מיט אַ צווייג, ער פאַרוואַרפט דעם שטריק איבער דער צווייג און לייגט זיך אויף איר אָן מיט דער גאַנצער וואָג פון זיין קערפּער. די צווייג ברעכט זיך אָפּ. ער זוכט אַ ביסל העכער און געפינט אַן אַנדער סאָסנע, מאַכט אַ פּראָבע, ווי ביי דער טרוקענער סאָסנע, און ס'ווייזט אויס, אַז איצט האָט ער געפונען, וואָס ער דאַרף: די צווייג האַלט אויס. ער סטאַרעט זיך אפילו אָפּצוברעכן זי, אָבער די צווייג איז שטאַרק. וואָס זשע שטערט אים דען? זאָל ער האָבן אומזיסט אַזוי אָנגעשטרענגט די כוחות? ער איז נישט פאָרזיכטיק געווען מיט זיינע פאַרוווּנדעטע הענט, זיי האָבן די אָנשטרענגונג נישט פאַרטראָגן, פון זיי איז געגאַנגען בלוט, זיי האָבן געשמאַרצט, גלייך ווי זיי וואָלטן אים אָנגעריסן. נאָר וואָס מאַכט עס אויס? ער מאַכט די שטריק צערעכט, פאַרבינדט דעם שלייף: 106, 106.

— אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט זיין אַ געשריי פון ראָבן אַרום דער דאָזיקער סאָסנע, מענטשן וועלן קומען אויפן געשריי און געפונען אים אַ הענגענדיקן. די פיס וועלן ביי אים גרייכן ביזן באָדן, ער האָט זיך אויסגעצויגן, דער האַלז איז געוואָרן אומגעוויינלעך לאַנג און דין...

ווען ער טוט עס נישט איצט, וועט אים דער טויט אַלץ איינס נעמען, נישט היינט איז אַן אַנדער טאָג. פון טויט קאָן מען נישט אַוועק, פאַרוואָס זשע זאָל מען פון אים אַנטלויפן, פאַרוואָס נישט גלייך אויסשטרעקן דעם האַלז? ער דערשרעקט אַ פויגל, אַ דראָסט, אַזאַ קליינער, אַן אומשולדיקער, אַ קאָמישער... אָבער דאָס הייסט אַלעמען זאָגן „זייט געזונט”, דער קליינער לעאָנאָרע אין שטאָט אויך...

און נאָך דעם האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט עס נישט געטון. ניין, ער האָט עס נישט געטון. ער זיצט אין גראָז, בלאָזט אויף די הענט און וויינט. גאָט, העלף אונז! מיר זענען אַזוי אומגליקלעך, מיר

זענען מענטשן. און אַז מען קאָן זיך נישט טשעפּען פאַרן טויט, טשעפּעט מען זיך פאַרן לעבן, הגם דער זעלבסטמערדער האָט גאָרנישט אַזוינס, פאַרוואָס ער זאָל קאָנען לעבן. ער זעט נישט די זון, קיין זאַך אויף דער ערד מאַכט אים נישט פריילעך. 106. 106. די הענט ברענען ביי אים, ער איז טויטמיד. ער איז גאָרנישט. ער ציטערט פון קעלט. ער פאַלט אויף דער ערד און ווערט אַנשלאָפן.

אָבער דער ווייטיק פון די וווּנדן וועקן אים אויף כמעט אין דער זעלביקער רגע, און ער הויבט זיך אויף. ער קוקט זיך אַרום אַ דערשראָקענער, גלייך ווי עמעצער וואָלט געשטאַנען הינטער אים. ער לאָזט דעם שטריק הענגען און פאַרנעמט זיך אויפן וועג צו דעם פאַסטוך-שטיבל. הענט, — זאָגט ער צו זיך אַליין — הענט! הענט!...

* *
*

אין פאַסטוך-שטיבל איז מען שוין אויפגעשטאַנען. פרייליין ד'עספּאַר האָט שוין איר קינד באַזאָרגט און זי שטייט אין הויף און וואַשט גרעט. ווען דער זעלבסטמערדער קומט אָן, גלייכט זי זיך אויס און בלייבט פאַרוווּנדערט שטיין. ער זאָגט קיין גוטמאָרגן נישט, זיינע קליידער הענגען שטיקערווייז, זיינע הענט בליטן. גאָט מיינער, וואָס איז געשען?

אין דעם קליינעם אָן אַ זייט שטייענדיקן פאַסטוך-שטיבל האָט מען גאָרנישט נישט געוווּסט וועגן די נאַכט-געשעענישן אין דער סאַנאַטאָריע. זיי האָבן זיך נעכטן געלייגט שלאָפן און אַפילו נישט געהערט דעם הוראַגאַן; געשלאָפן ביז פאַרטאָג, דאַן זענען זיי אויפגעשטאַנען און געגאַנגען צו זייער אַרבעט. פרייליין ד'עספּאַר איז אויף דער לערע ביים לעבן, זי איז אויף איר שטייגער אַ מענטש.

דער זעלבסטמערדער זאָגט עטלעכע ווערטער, זיי זענען אַזעלכע מאָדנע און נישט פאַרשטענדלעכע.

— אַ שׂרפה, גאָרנישט געבליבן. נומער 106 איז פאַרברענט. זי איז געווען פאַרשפּאַרט און האָט נישט געקאָנט אַרויס. אָט איז דער שליסל.

— די סאנאטאָריע האָט אָפּגעברענט? מארטע! די סאנאַטאָריע האָט היינט ביידערנאַכט אָפּגעברענט!

מארטע גייט אַרויס פון קיך און בייט זיך אין געזיכט: דערהערנדיק די נייעס.

— און די מענטשן? — פרעגט זי.

— די מענטשן, — חזרט איבער דער זעלבסטמערדער — זיי זענען פאַרברענט. זי איז געשלאָפן אין נומער 106.

— אָט דאָס האָט מיר אויסגעוויזן, אַז איך הער אַ רויך, ווען איך בין היינט אינדערפרי אויפגעשטאַנען. דאכט זיך, איך האָב עס דיר געזאָגט? — פרעגט זי ביי דער פריילין.

— יאָ, דו האָסט געזאָגט. ביסט אריין און געזאָגט.

— אמת?

דיביידע פרויען האָבן אַלץ וועגן דעם גערעדט, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען וויכטיק, און הגם דער זעלבסטמערדער האָט זיך, אייגנטלעך, נישט צוגעהערט, ער איז צופיל פארנומען געווען מיט זיך אליין. אָבער די ווערטער דרינגען דאָך אריין אין זיינע אויערן און גיבן ביסלעכווייז זייגע געדאַנקען אַן אַנדער ריכטונג. דאָס אַלץ איז מער נישט, ווי פּלוידעריי פון מענטשן. די ביידע פרויען האַלטן זיך פאַר דער ערד און פאַר דעם טאָג. צייטנווייז לאָזט די פריילין אַראָפּ אַ שטיק וועש אין וואסער אריין. מען דאַרף דאָך אַרבעטן. דאָס איז ערדישע באַשעפטיקונג.

מען האָט דעם זעלבסטמערדער די הענט אַרומגעלייגט מיט שמאַטקעס און מיט מאַלק, און פאַרבונדן. מען האָט אים געגעבן עסן. ער ווערט שלעפעריק און דרימלט איין אויף עטלעכע מינוט זיצנדיק. נאָכדעם כאַפּט ער זיך אויף און פרעגט, איידער ער וויל אַוועקגיין; דער אָקס איז פריי?

— ער איז אין די בערג, — ענטפערט די פריילין — ער איז ווייט אַוועק. איר גייט, מסתמא, אויפן וואָקזאַל?

— איך ווייס נישט, — ענטפערט ער — אויפן וואָקזאַל?

— יאָ, און פאָרט אַהיים.

— אַזוי? יאָ, אפשר, — זאָגט ער און שאָקלט מיטן קאָפּ — איך ווייס נישט.

— דאָס איז דאָס בעסטע, איר וועט זען.

-- פאַרוואָס? וואָס וועל איך טון אין דער היים? — פרעגט ער פלוצלינג — דאָס פייער האָט אַלץ פאַרניכטעט, זי איז טויט, פאַלקאָם אויסגעלאָשן. איר געדענקט נישט? נעכטן איז זי געקומען צו מיר אויפן „פּעלז“, ארויפגעקראָכן צו מיר אַרויף, עס איז אפילו גאָר קיין צייט נישט אַוועק זינט דעמאָלט, בלויז עטלעכע שעה. מיר האָבן אַביסל גערעדט, און נאָכדעם צוריק אַוועק אַהיים. נעכטן אין אָוונט האָבן מיר נאָך מער גערעדט, איך האָב זי פריער נישט פאַרשטאַנען, זי האָט עפּעס געזאָגט, איך געדענק שוין נישט די ווערטער, אָבער אַלץ איז קלאָר געוואָרן, און איך האָב מיך זייער געפרייט. גאָט מיינער! ווי פאַרשטייט איר מיך נישט?— זאָגט ער אומעטיק.

— יאָ, נעבעך... — זאָגט די פרייליין.

— איך בין לעבן איר געזעסן, ביז זי איז אַנטשלאָפן געוואָרן, — אַזוי פריידיק איז מיר געווען. און נאָכדעם בין איך אַרויס. איצט איז זי נישטאָ. ס'איז נישט צו באַגרייפן, ניין, איך קאָן עס נישט פאַרשטיין, הערט איר

די פרייליין זאָגט פאָרזיכטיק:—איר האָט, דאַכט זיך, א קליינע מיידעלע.

— יאָ, לעאָנאָרע, יאָ.

— איר וועט דאָך אָן איר נישט פאַרגעסן. איר וועט זי, נאַטירלעך, נישט פאַרגעסן. מען האָט זי אפשר אַוועקגעשטעלט אין פענסטער, און זי שטייט און קוקט אַרויס, ווען וועט איר קומען. שטעלט אייך פאָר, ווי שיין דאָס וועט זיין! גאָט מיינער, איך פאַרשטיי זייער גוט, ווי שווער אייך איז, אָבער מיר דאַרפן נישט זיין פאַרצווייפלט! — האָט אים די פרייליין געמוטיקט, — יעדער פון אונז האָט זיך זיין פעקל צו טראָגן, ווי איר פלעגט אַמאָל זאָגן. אָט דאַרף איך אויף מיין חלק וואַרטן אַזוי פיל יאָרן.

— אַזוי?

— יאָ, א פולע יאָרן, זיבן יאָר.

עס איז שוין געוואָרן גאַנץ ליכטיק, און ס'האָט אויסגעוויזן,

אז ס׳וועט זיין א שיינער טאג נאך דער שטורמדיקער נאכט. ארום שטוב איז געווען שטיל, קיין קוסט האט זיך נישט באוועגט, נאר די הינער זענען ארומגעלאפן און געזוכט עסן, און דאס טייכל האט געפלייצט מיט זיינע לייבטע קלאנגען עטלעכע טריט הינטערן שטוב.

— איך בין א הונט! — האט דער זעלבסטמערדער איבערגע־ריסן און איז אנטשוויגן געווארן.

זי האט אויף אים א בליק געטון דערשראקן, ער האט אויסגעזען אזוי איבערצייגט; עס זעט אויס, ווי ער וואלט פלוצ־לינג פאר זיך אליין ארויסגעזאגט אן אומגעוויינלעכן אמת, און ער איז בלייך געווארן פון זיינע אייגענע ווערטער, גלייך ווי זיי האבן אים געטראפן מיט זייער טיפקייט.

כדי אים צו בארויקן, זאגט די פריילין שטיל און מיושבדיק:

— איך מיין, איר גייט איצט אויף דעם וואקזאל און פארט אהיים, הער מאגנוס. ניין, איר דארפט זיך נישט אזוי שרעקעוודיק ארומקוקן, דער אקס איז היינט ווי נעכטן אין די בערג, אויף בארג פאשע, ווי מיר רופן עס דא.

— זייט געזונט! — זאגט דער זעלבסטמערדער און גייט אוועק.

- אויב איר וועט גיין גלייך דורכן וואלד, קאנט איר נאך כאפן דעם אינדערפריענדיקן צוג! — שרייט זי אים נאך.

ער גייט דורכן וואלד, גייט פארביי דעם שטריק, וואס הענגט, שאקלענדיק זיך אראפ פון דער צווייג, ער גייט פארביי, גייט און גייט און פארשווינדט.

פריילין ד׳עספאר באגלייט אים אזוי לאנג, ווי זי קאן, מיט די אויגן, נאכדעם שטעלט זי זיך ווידער צ ודער וועש.

ווי אין אלע מענטשן, איז אין איר פאראן גוטס און שלעכטס, און ווי אלע איז זי פארנומען מיט ערדישע זאכן. אזוי רופן מיר עס דא.